דר. הלל זאָלאָטאַראָוו

# געקליבענע שריפטען

דריטער באַנד

סאָציאַל-פילאָזאָפישעם
און פובליציסטישעם.

רעדאַגירט פון יואל ענטין

ארויסגעגעבען פון
Dr. H. Solotaroff Publication Committee
183 East Broadway, New York, N. Y.
1924.

# אינהאַלט פון דריטען באַנד

# פאָרוואָרט

די צונרייטונג פון דעם באַנד פון דר. זאָלאָטאַראָוו׳ס שריפטען איז געווען דער שווערסטער טייל פון דער איצטיגער אונטערנעמונג. דעם פאַרשטאָר־בענעמ׳ס סאָציאַל־פילאָזאָפישע און פּובליציסטישע אַפּהאַנדלונגען אין משך פון העכער דרייסיג יאָר, זיינען צעשפּרייט איבער אַ פּאָר צענדליג פּעריאָדישע אויסגאַבעס, אַזוי דאָס ניט נאָר האָב איך אַלץ ניט געקענט דורכשטודירען, נאָר איינינע זאַכען האָב איך אַפּילו ניט באַוויזען אַנצוקוקען. פונדעסטוועגען בין איך זיכער, אַז אין דער איצטיגער אויסגאַבע איז ניט אויסגעלאָזט געוואָרען קיין איין זאַך, וואָס וואָלט עפּעס געקענט צוגעבען צו דער גייסטיג־ליטעראַרישער פיזיאָגנאָמיע פונ׳ם פאַרשטאָרבענעם.

אין דעם איצטיגען באַנד, ווי אין די פריערינע צוויי בענדער, גייען אַריין בלויז אַזעלכע זאַכען, וואָס — אין מיינע אויגען לכל הפּחות — האָבען זיי אַן אינערלאַך בעלעטריסטישען, סאָציאַל־פילאָזאָפישען אָדער פּובליציסטישען ווערט, בלויז אַזעלכע זאַכען וואָס זיינען ווערט אַרויסגעגעבען צו ווערען אין בוך־פאָרם. דאָס איז געווען מיין כלל — שוין ניט ריידענדיג פון דעם פאַקט וואָס די איצטיגע אויסגאַבע האָט אויף קיין פאַל ניט געזאָלט זיין קיין אויס־שעפּלאַכע. דערפון איז קלאָר, אַז אין די איצטיגע דריי בענדער האָט קיין אָרט ניט געקענט זיין פאַר אַזעלכע זאַכען וואָס האָבען בלויז אַ ביאָגראַפיש־היסטאָרישען אָדער ביבליאָגראַפישען ווערט, אָדער וועלכע זיינען געווען צו צייטלאַד אָדער צייט־מאָסיג.

דאָ און דאָרט איז מיר אויסגעקומען אַ זאַך צו „רעדאַגירען“, צו מאַכען אין איר ענדערונגען. אָבער די ענדערונגען זיינען אַלע מאָל געווען נעגאַטיווע און ניט פּאָזיטיווע, ד. ה. איך האָב אויסגעלאָזט אָבער ניט צוגעגעבען, סאַידען עס האָט זיך מחמת דער ענדערונג גופא געפאָדערט צוצוגעבען אַ וואָרט אָדער אויסדרוק, צוליב דעם המשך. די ענדערונגען האָב איך געמאַכט אויס פאַרשיידענע טעמים, דהיינו: אין אַ פּאָר אַלטע אַנאַרכיסטישע שריפטען האָב איך געמילדערט דעם פּאָלעמישען טאָן; פון אַ פּאָר אַלטע וויסענ־שאַפטלאַכע אַרבעטען האָב איך באַזייטיגט געוויסע צו־היימישע, צו־פּאָפּו־לאַריזאַטאָרישע ווענדונגען, וועלכע, הגם כאַראַקטעריסטיש פאַר די ערשטע יאָרען פון דער אידישער פּובליציסטיק, וואָלטען זיי אָבער אין אונזער צייט געקלונגען ווי אַן אַנאַכראָניזם. וואָס איז שייך צייטונגס־אַרטיקלען, איבער־הויפּט געבונדענע סעריעס, האָב איך זיי געמוזט באַפרייען פון דער צוצווינגענקייט און איבער׳חזרונגען, וואָס, ערשיינענדיג מיט קירצערע אָדער

לייגגערע איבעררייסונגען אין די צייטונגען, זיינען זיי דארט געווען כמעט ווי אומפארמיידלאך. אנאנדערס מאל, הגם פיל זעלטענער, געדיינקענדיג דעם גרויסען חילוק צווישען דער איין־טאגיגער שריפט און דעם דויערהאפטען בוך, האב איך אין זיי אויך געענדערט אן אויסדרוק.

דערלויבענדיג מיר אזעלכע פרייקייטען, האב איך פונדעסטוועגען תמיד אין זינען געהאט, נים צו ענדערען מער איידער דער פארפאסער אליין, ווער־ליג איך האב אים געקענט, וואלט געענדערט, ווען ער וואלט זיינע זשורנאל־און צייטונגס־ארטיקלען, אין אזוי פיל יארען ארום, צוגעגרייט פאר א בוך. איך האב זיך געמיט אריין אין דעם פארפאסער'ס לאגע און זיך פארשטעלען, אז דאס באראט ער זיך מיט מיר אלס פריינד און אז, נאך געוויסע פריינדלאכע ישוב הדעת'ן, נעמט ער אן די מייסטע פון מיינע עצות.

א ווארט וועגען דעם אויסלייג פון די איצטיגע בענדער. בכלל האב איך זיך געהאלטען ביי דער „נייער ארטאגראפיע", אפווייכענדיג פון איר בלויז דארט וואו זי קומט מיר פאר שוין צופיל פארשאבלאנעוועט אדער צו עקסטרעם (די אזוי־גערופענע טטומע עין'ס אין סוף־ווערטער.

לסוף וויל איך באנוצען די געלעגענהייט און באדאנקען די פאלגענדע פערזאנען: מאדאם ווערא זאלאטאראוו, די פרוי פונ'ם פארשטארבענעם. וועל־כע איז נעווען באהילפיג מיט געוויסע ידיעות און מיט שאפען טיילען פונ'ם מאטעריאל; ה' ג. זעלדעס, דר. זאלאטאראוו'ס אן אלטער פריינד, וועלכער האט קאטאלאגירט דעם פארשטארבענעמ'ס כתבים און דעם גרעסטען טייל פון דעם געדרוקטען מאטעריאל; דר. יצחק אייזיק הורוויץ, וועלכער האט סאר־טירט שיינע עטלאכע צענדליג צייטונגס־אויסשניטען און אויף פיל פון זיי אנגעצייכענט ניצלאכע באמערקונגען און דר. י. א. מעריסאן, מיט וועמען איך האב זיך בעראטען מכח דער ערשטער און איינער פון די וויכטיגסטע ארבעטען אין איצטיגען באנד, „וועגען דער טעאריע פון פראגרעס".

יואל ענטין.

15 מערץ, 1923.

# וועגן דער טעאָריע פון פּראָגרעס *)

היינטיגע צייטן דאַרף מען מיט מענשען ניט איבעריג פיל איינטענה'ן, אַז די וועלט שטייט ניט אויף איין אָרט.

אַלע ווייסען, אַז די נאַטור איז ניט אימער דיזעלבע, אַז היינט איז זי ניט דאָס וואָס זי איז אַמאָל געווען און וועט אַמאָל זיין ניט דאָס וואָס זי איז היינט. אַקוראַט דאָס זעלבע ווייסען אַלע וועגען דער געשיכטע און וועגען לעבען. מען ווייסט, אַז די מענשליכע געשיכטע ענדערט זיך, אַז דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען בייט זיך און מען וואונדערט זיך אַפּילו ניט, וואָס די מענשען אַליין בייטען זיך אינאיינעם מיט אַלעם אַנדערע אויף דער וועלט.

אָבער וואָס זיינען דאָס פאַר ענדערונגען ?

אויף וויפיל נעמט יעדע זאַך אָדער יעדעס באַשעפעניש אַנטייל אין אירע פאַרענדערונגען ?

ווי פאַרהאַלט זיך יעדע זאַך אָדער יעדעס באַשעפעניש צו דידאָזיגע פאַרענדערונגען ?

מיט איין וואָרט, טראָגען די פאַרענדערונגען ביי צו דער דערהאַלטונג און צו דעם וואוילזיין פון דער זאַך אָדער באַשעפעניש וואָס פאַרענדערט זיך ? און זיינען אַלע פאַרענדערונגען צוזאַמען, אַלע באַוועגונגען פון דער וועלט און פון לעבען, פּראָגרעסיווע אָדער ניט ?

דאָס זיינען פראַגען אויף וועלכע עס איז גאָר ניט אַזוי לייכט צו ענטפערען און וועלכע פאָדערען דערפאַר, אַז מיר זאָלען זיי גענוי שטודירען. מיר וועלען דאַריבער דאָס איצטיגע געשפּרעך וועגען דער טעאָריע פון פּראָגרעס איינטיילען אין דריי טייל, וואו מיר וועלען, קודם כל, באַטראַכטען דעם ענין היסטאָריש, דערנאָך, אַנאַליזירענדיג די וויכטיגסטע טעאָריעס פון פּראָג־

*) די דאָזיגע אָפּהאַנדלונג איז געפונען געוואָרען צווישען דעם פאַרשטאָר־בענעמ'ס כתבים. לויט אַלע סימנים שטאַמט זי פון די נייַנציגער יאָרען. אַ הוץ דעם ווערט, וואָס זי האָט נאָך אַפּילו איצט, אַן־און־פאַר־זיך, איז זי אויך אַ גוט ביישפּיל פון דר. זאַלאַטאַראָוו'ס ברייטער ערודיציע און זעלבסטשטענדיגען דענקען דאַמאָלסט נאָך, ווען ער איז געווען גאָר אַ יונגער מענש. י. ע.

רעס, װעלען מיר זען, צי קען מען ניט, שטיצענדיג זיך אויף פאַרשיידענע גאַטירלאַכע. געשיכטלאַכע און געזעלשאַפטלאַכע דערשיינונגען, אַרויסוויקלען אַ טעאָריע פון פראַגרעס, וואָס זאָל זיין מער אין איינקלאַנג מיט דיזאַזיגע דערשיינונגען.

## א.

# די געשיכטע פון דעם באַגריף וועגען פּראָגרעס

אין די גאַנץ אַלטע צייטען, ווי אויך ביי די ווילדע, באַמערקען מיר ניט, אַז די מענשען זאָלען זיך אָפּשטעלען אויף די פאַרשיידענע דערשיינונגען פון זייער לעבען און זאָלען זיי באַטראַכטען אַלס פאַרענדערונגפעאיגע. פונ־דעסטוועגען געפינען מיר כמעט ביי אַלע ווילדע אַזעלכע מיפען, וועלכע דער־ציילען פון זייער אַנטשטייאונג. געוויינטלאַך דערציילען דיזאַזיגע זאַגעס פון אַ צייט, לאַנג־לאַנג צוריק, ווען די אָדער יענע חיה, דער אָדער יענער נאַטירלאַכער געגענשטאַנד האָט זיך אַזוי און אַזוי פאַרוואַנדעלט אין אַ באַ־שעפעניש פון וועלכען זיי אַלע שטאַמען. זייערע אורשטאַמען, דיינקען די ווילדע, לעבען ערגעץ דאָרט ווייט־ווייט און האָבען געוויסערמאַסען אַ וויר־קונג אויף די איינגעפירטע פאַרהעלטעניסען און מנהגים פון דעם ווילדען.

אמת, אין דעם באַגריף זעט זיך נאָך ניט קיין האָר באַוואוסטזיין פון די דערשיינונגען פון לעבען, נאָך וויניגער פון דער  ב א ו ו ע ג ל י כ ק י י ט  פון לעבען. פונדעסטוועגען איז דאָ שוין קלאָר פאַראַן דער באַגריף פון פּלאַץ און צייט אַלס עלעמענטען אין וועלכע דאָס לעבען פּאַסירט. לאַנג־לאַנג איז די צייט, וואָס איז פאַרפלאָסען פון דעם ווילדענ׳ס אור־עלטערען ביז דערדאַזיגער צייט אין וועלכער ער אַליין לעבט. ווייט־ווייט איז דער אָרט פון זיינע אור־עלטערען פון פּלאַץ וואָס ער איז דורכגעגאַנגען, זוכענדיג צו דערווערבען זיינע לעבנסמיטלען.

די באַגריפען פון צייט און פּלאַץ און פאַרהעלטניסען צו די פאַקטען פון לעבען זיינען דער פיזיק־פּסיכישער באַזיס פון דעם באַגריף פון דער פאַרענ־דערונג פון די לעבענס־דערשיינונגען און דערמיט הויבט דער מענשלאַכער פאַרשטאַנד אויך אָן זוכען דעם פאַרהעלטניסמעסיגען ווערט פון די פאַרענ־דערונגען. מיט איין וואָרט, ער זוכט אין אַלץ דעם פאָרטשריט אָדער דעם ריקשריט.

דאָך איז ביים ווילדען נאָך אַלץ ניטאָ קיין  ב א ו ו א ו ס ט ע ר  באַ־גריף פון לעבענס־פאַרענדערונגען. דערפאַר, ביי די אור־אַלטע גריכען גע־פינען מיר שוין קלאָר דעם געדאַנק, אַז דאָס מענשלאַכע לעבען ענדערט זיך. דער אַלטער גריכישער פּאָעט העזיאָד שטעלט פאָר די געשיכטלאַכע פאַרענ־דערונג פון לעבען, קלאָגענדיג דאַרויף, וואָס בעסערע צייטען און בעסערע

טאטען ווערען פארביטען פון ערגערע צייטען און ערגערע טאטען. נאר כדי אונז צו איבערצייגען אינ׳ם שטרעבען פון מענשלאכען פארשטאנד, דערציילט ער אונז די שיינע מעשה פון פראמעטעאוסען, וואס אין איר זעט ער דעם אוממיטעלבארען אויסדרוק פון דעם פראגרעס פון מענשלאכען געדאנק. די גריכישע פילאזאפען פון א שפעטערדיגער צייט, ווייניגסטענס די סאפיסטען, האבען פארשטאנען די פארענדערונג פון לעבען אלס פלאצמעסיג און פארהעלטעניסמעסיג צו געוויסע אומשטאנדען און אז אויף אזוי פיל זיינען זיי ניצלאך און פארטשריטלאך אדער אומניצלאך און ריקשריטענדיג. אזוי, צום ביישפיל, האט פראטאגאראס געלערנט, אז יעדער שטאט מאכט געזעצען און ענדערט פארהעלטעניסען נאר לטובת דידאזיגע וואס באהערשען דעם שטאט. פלאטא און נאך מער אריסטאטעל האבען בנוגע דעם ענין געלערנט א פילאזאפיע, וואס אן אפקלאנג פון איר הערט מען נאך ביז היינטיגען טאג אין דער פלאטשיגער באהויפטונג, אז די געשיכטע חזר׳ט זיך איבער. זיי האבען געגלויבט, אז די געשיכטע, אז דאס מענשלאכע טאן גייט עפעס ארום און ארום אין א מין פאר׳כישופ׳טען קרייז, אימער אויף דעמזעלבען וועג א ז א סוף, א ז אן אויפהער.

אזוי ווי העזיאד ביי די גריכען אזוי האט האראציאס ביי די רוימער באווינט דאס פאלען פון די מענשען אין פאקטישען לעבען; פונדעסטוועגען האט ער אנדערקענט דעם מענשענ׳ס גרויסען פארטשריט אין דעם אינטעלעקטועלען זין. ער ווייס, ווי העזיאד ווייס, אז פון דעם ווילדען ביז דעם גריך אדער רוימער פון זיין צייט איז א געוואלטיגער אונטערשייד און אז דער גריך אדער רוימער שטייט אין פארשטאנד פיל העכער פון דעם ווילדען. א גאנץ דייטלאכען באגריף פון פארטשריט באמערקט מען שוין ביי לוקרעציוס אין זיין "De Natura Rerum" ער רעדט שוין דייטלאך וועגען דעם מענשלאכען פראגרעס אין דעם זין, אז דאס מענשלאכע לעבען איצט, ד. ה. אין זיין צייט, איז בעסער איידער דאס — ווערליג ער האט פארשטאנען — אבשיילאכע לעבען פון די ווילדע. אין דעמזעלבען זין פארשטייט שוין דעם פראגרעס אויך ציצערא.

מיט איין ווארט, די אלטע גריכען און רוימער האבען פארמולירט דעם באגריף פון די ענדערונגען אין מענשלאכען לעבען אין א צווייענדיגען וועג. פון איין זייט האבען זיי באקלאגט דעם זיטלאכען ריקשריט פון דער מענשהייט, ליבענדיג דעם גוטען, אלטען דור, די גוטע, אלטע צייט, די גאלדענע פארגאנגענהייט; אבער, פון דער אנדער זייט, האבען זיי אנדערקענט דעם געוואלטיגען פארטשריט פון דעם מענשלאכען פארשטאנד, הגם זיי זיינען מיט אים ניט צופרידען געווען.

עס שיינט, דאס אין דעם באגריף פון לעבענס-ענדערונגען איז צום איינ־

זען פון דעם ווילדען, אז דארט ווייט זיינען זיינע אור־עלטערען, פון וועלכע ער קומט ארויס און וועלכע זיינען בעסער פון אים, אז צום דאזיגען איינזען איז צוגעקומען נאך עפעס — די ע מ פ י ר י ש ע באאבאכטונג פון די לעבענס־פאקטען, וועלכע מען קען ניט אפלייקענען. די עמפירישע באאב־אכטונג ברייננט די אלטע גריכען און רוימער צו דער אנדערקענונג פון דעם גרויסען אינטעלעקטועלען פארטשריט פון די מענשען פון זינט די ווילדע. דאך זיינען זיי ניט צופרידען מיט דעמדאזיגען צושטאנד און גערן וואלטען זיי אים געענדערט. ע פ ע ס איז זיי אפגעגאנגען.

וואס איז עס געווען?

ווען א מענש איז אומצופרידען מיט געוויסע אומשטענדען, זוכט ער א וועג ווי אזוי זיך צו העלפען. אמאל זיינען די אומשטאנדען אזוי שווער און אומדערטראגלאך, אז זיי דערדריקען אים; אבער אמאל, ניט זייענדיג אזוי שווער, באשאפען זיי אין אים אידעאלען, וועלכער ער שטעלט זיך פאר א ציל צו דערגרייכען אין לעבען.

אזוי מיט איינצעלנע מענשען, אזוי מיט א פאלק א גאנץ.

די אלטע גריכען און רוימער איז איינגעטלאך אפגעגאנגען א גרויסער, אלץ אומפאסענדיגער אידעאל, וועלכען זיי זאלען האבען געקענט אוועק־שטעלען פאר א ציל פאר אלע מענשען צו דערגרייכען עס און פון וועלכען עס זאל נויטינערווייז האבען געקענט ארויסקומען א בעסער לעבען. אזא מין אלץ אומפאסענדיגען אידעאל, צו וועלכען די גאנצע מענשהייט זאל שטרעבען, האט אין דער געשיכטע אריינגעבראכט דאס קריסטענטום, ניט אזוי דורך די לערען פון קריסטוסען אליין, נאר ספּעציעל דורך די לערען פון זיינע תלמידים. דער אידעאל איז געווען, ווי דער אפאסטאל פוילוס האט אים פארגעשטעלט אין א דרשה אין דעם אטענישען ארעאפאגוס, די פאראייניגונג פון אלע מענ־שען, אלס קינדער פון איין באשעפער, אין דער שטרעבונג צו דערקענען אים, אינ׳ם שטרעבען צו אים. וואס איז די העכסטע פאלקאמענהייט, דער העכסטער אידעאל פון מענשלאכען שטרעבען — ווייל ער איז גאט.

מיר ווילען זיך דא ניט אריינלאזען אין דער פראגע, צי האט דאס קריסטענ־טום טאקע דערגרייכט זיינע צילען. מיר ווייסען דירעקט אז ניט. אפילו די טענה, אז דאס קריסטענטום איז א פראטעסט קעגען דער שקלאפעריי און אז עס האט זי ווירקלאך פארניכטעט, אפילו די דאזיגע טענה קען אויך געשיכט־לאך באשטריטען ווערען, ווי מעטשניקאוו, צום ביישפיל, טוט עס. פונדעסט־וועגען מוזען מיר צוגעבען, אז אין דער געשיכטע פון מענשלאכען לעבען, אין פראגרעס, האט דאס קריסטענטום אריינגעטראגען דעם באגריף פון אן אידעאל (ד. ה. פון אן אלץ־אומפאסענדיגען, געזעלשאפטליכען אידעאל), וועל־

כער, ווי מיר ווען דאס שפעטער זען, ווערט אן אידעאל וואס קומט אוממי־טעלבאר ארויס פון די אומשטאנדען אין וועלכע די מענשען לעבען.

שוין אין די ערשטע יארהונדערטער פון קריסטענטום האט דער הייליגער אויגוסטין פארמולירט א גאנץ דייטלאכען באגריף פון מענשלאכען פראגרעס. פאר אים איז די געשיכטע איבערהויפט א פלאן, לויט וועלכען די מענשען קויפען זיך ביסלאכוויים אויס פון דעם ערטטען פאל פון אדם'ען: מענשען לעבען און שטרעבען ארויסצוקומען אלץ מער און מער ריין פון זייערע פריע־ריגע זינד און די גרויסע פארטשריטען וואס זיי מאכען אין דער אנטוויקלונג פון געדאנק פירט צו אן אלץ העכערער און העכערער מדרגה פון מאראל. דער־פון פארשטייט זיך אליין, אז דאס ציל פון דער גאנצער מענשהייט איז שוין פארויס באשטימט — צו ווערען פריי פון זינד, צו קומען אויף דער העכסטער שטופע פון זיטלאכקייט, און די גאנצע מענשהייט גייט דערצו מיט שנעלען פארטשריט.

ווי עס איז צו זען, איז אין דעמדאזיגען באגריף פון פראגרעס שוין אריינגעגאנגען ניט נאר די עמפירישע באאבאכטונג פון די לעבענס־פאקטען, וועלכע פארנעמען צייט און פלאץ, — ווי מיר האבען עס געזען ביי די דיינקער פון אלטערטום — נאר אויך אן אידעאל, א גרויסער, ברייטער אידעאל, וואס קען פאראייניגען די גאנצע מענשהייט אינ'ם שטרעבען צו דערגרייכען אים. דאך לעת־עתה נאר בלויז די מענשהייט.

דער באגריף פון פראגרעס איז אבער דערביי ניט געבליבען שטיין. שוין אין צוועלפטען יארהונדערט לערנט Hugo de Sancto Victore, אז פארפולקאמונג איז דער אלגעמיינער געזעץ פון אלע זאכען. דאס איז אייגענטלאך דאס ריינ־געלע וואס שליסט די קייט פון דעם באגריף, ווייל אונטער דאס ווארט „אלע" קען מען פארשטיין אלץ וואס מען וויל. דאך דער באגריף קען ניט קלאר ווערען, ביז מיר ווילען זיך ניט קלאר מאכען, וואס מיר דארפען פארשטיין אונטער דאס ווארט „אלעס".

אין דעם דרייצענטען יארהונדערט האט טאמאס אקווינאס, דער טיפער סכאלאסטישער דיינקער, אזוי קלאר פארגעשטעלט דעם באגריף פון פראג־רעס, דאס ער טרעפט זיך מיט זיינע געדאנקען צונויף מיט אזא געלערנטען ווי ראדזשערס בייקאן: ביידע פארמולירען אלס פראגרעס דעם איבערגאנג פון דעם מענשלאכען פארשטאנד פון אומפאלקאמענע זאכען צו פאלקאמענע; ביידע דיינקען אז יעדער באגריף, יעדע אנטדעקונג, יעדער געדאנק דארף פון־דאס־ניי איבערגעטראכט ווערן, איבערגעאנדערשט ווערן, ווייל ניט אלץ וואס די אלטע האבען געלערנט און געדיינקט, מוז זיין ריכטיג, ניט אלץ וואס אנדערע האבען באשאפען, מוז בלייבען ווי עס איז; ניין, מען מוז אלץ פארבעסערען, פארפולקאמען, ווייל דאס איז דער געזעץ פון דעם מענשלאכען פארשטאנד.

דורך דער צייט פון דער רענעסאנס ווארפען זיך דורך פארשיידענע באגריפען וועגען פראגרעס. זיי זיינען אבער אדער דיזעלבע אידייען ווי פון א פריערינער צייט אדער זיי קערען זיך אום צו די געדאנקען פון פלאטא און אריסטאטעל. אזוי, למשל, וויקא מיט זיין "Corsi e ricorsi" דאס אייביגע דרייען און ארומדרייען זיך אין דער געשיכטע. אפילו אזעלכע גרויסע דייגקער ווי דעקארט, מאלבראנש און בייקאן האבען זיך אויך נאר אינטערעסירט מיט'ן אינטעלעקטועלען פראגרעס פון מענשען. מערקווירדיג איז דאס, וואס די פראנצויזישע ענציקלאפעדיסטען, כאטש זיי האבען דאכט זיך דורכגעלופטערט דעם גאנצען מענשלאכען באגאזש פון חכמה, האבען פונדעסטוועגען קיין איין ווארט ניט וועגען פראגרעס אלס באגריף אין דער געשיכטע. אויך וואלטער מאכט זיך דערפון ניט וויסענדיג און שיינט גאר צו האבען זיך אומגעקערט וועגען דעם באגריף פון פראגרעס צו אדם הראשונ'ס צייטען. אזוי רופט ער אויס: "Le Monde ira toujours comme il va"„די וועלט וועט אימער זיין אזוי ווי זי איז איצט" — און טוט אים עפעס! דוסא, פונקט ווי דער אלטער גריכישער פאעט העזיאד, באוויינט די גוטע, אלטע צייטען, די גאלדענע פארגאנגענהייט.

אין 1750 האט פאר'ן פאקולטעט פון גאט־לערע אין פאריז געהאלטען צוויי פארטראגען א יונגער גלח, וואס איז שפעטער געווארען דער באוואוסטער פראנצויזישער מיניסטער טורגא. אין דידאזיגע פארטראגען האט טורגא מיט נייעם גלאנץ און גרויסער געלערזאמקייט אנטוויקעלט דעם באגריף פון פראגרעס. באטראכטענדיג דאס קריסטענטום אלס דעם הויפט־פאקטאר פון מענשלאכער פארברידערונג, האט ער געלערנט אז דורך דעם זיינען די מענשען בעסער געווארען, בשעת זייער לעבען איז געווארען גליקלאכער. דאס קריסטענטום האט בעסער געמאכט די רעגירונגען, מאכענדיג זיי מער הומאנע. דאס ציל פון די מענשען איז צו גיין נאך ווייטער אויפ'ן וועג פון דער פארפולקאמונג פון די געזעלשאפטען און זייערע מלוכות, ביז זיי וועלען דערגרייכען די העכסטע שטופע פון געזעלשאפטליכען און פאליטישען לעבען. געבענדיג אן איבערבליק איבער דער געשיכטע און דורכגייענדיג די פארשיידענע פאזען פון אנטוויקלונג, קומט ער צום שלוס, אז די היסטאריע פירט צו דער פאראייניגונג פון געזעלשאפטען און נאציאנען, צו אלץ העכערע זיטען און אלץ מער מענשלאכע פארהעלטעניסען צווישען מענשען—מיט איין ווארט, צום פראגרעס. ווערליג די פארהעלטעניסען שטעלען זיך די מענשען פאר די אידעאלען פון פארבעסערונג און דורך דער אנשטריינגונג פון מענשלאכען פארשטאנד און ווילען קענען זיי זיי דערגרייכען.

אט די נייע טעאריע פון פראגרעס האט פון דאס ניי געעפענט די אויגען פון די נאכקומענדיגע דיינקער און איבער דער גאנצער וועלט האבען זיך גע־

לאָזט הערען אַלץ נייע און נייע ענדערונגען און חידושים אין דער אידייע פון פּראָגרעס. אין פראַנקרייך גופא האָט קאָנדאָרסי, אונטער די הייסע אַפּלאָ־דיסמענטען פון די ביקסען און קאַנאָנען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע פילאָזאָפירט, אַז דער מענשלאַכער פּאָרטשריט איז אוממענדלאַך, אַז די מענשען וועלען אימער שטייגען אַלץ העכער און העכער אין דיינקען און אין לעבען. אין ענגלאַנד האָט אין דערזעלבער צייט פּריסטליי גערעדט פון אַ געזעל־שאַפטלאַכען (Social) פּראָגרעס. אויך דער גרויסער דייטשער פילאָזאָף קאַנט האָט צו באַטראַכטען די געשיכטע פון דער מענשהייט אַלס אַ פּלאַן פון דער נאַטור, וועלכער פירט צו דער פאַרפולקאָמונג פון דער מענשלאַכער געזעלשאַפט. קאַנט האָט אַלזאָ אַריינגעטראָגען אין דעם באַגריף פון פּראָג־רעס דאָס וואָס אים איז ווירקלאַך אָפּגעגאַנגען. די אַלטע האָבען געזען דעם פּראָגרעס פון מענשען אין זיין פאַרשטאַנד; דאָס קריסטענטום — די סכאָ־לאַסטיקער און מעטאַפיזיקער — האָבען דורכ'ן פאַרשטאַנד געזוכט צו דער־גרייכען דעם אידעאַל פון מאָראַלען פּראָגרעס; קאַנט אָבער האָט געזען אַז יעדער פאָרטשריט וואָס דער מענש מאַכט אינטעלעקטועל און מאָראַליש באַ־צוועקט גאָר אַ העכערע שטופע פון געזעלשאַפטלאַכקייט.

אין אָנהויב נייַנצענטען יאָרהונדערט הויבען זיך אָן דורכשלאָגען דורך דעם מענשלאַכען געדאַנק די גרויסע אידייען פון דער מאָדערנער נאַטור־וויסענשאַפט. לאַמאַרק ברייננגט שוין אַרוים די טעאָריע פון אַנטוויקלונג, אַז די לעבעדיגע וועלט דאַרף אויפגעפאַסט ווערן אַלס אייביג זיך באַ וועגענדיגע, אייביג זיך אַנטוויקלענדיגע גאַנצע. פאָן בער שטעלט אַוועק די אוממפאַרענדערלאַכע געזעצען פון דעם געבוי פון טירישע קערפּערס און פאַסט אויף גאָר אויף אַנאַנדער וועג דאָס געזעץ פון גאַנצקייט און אַנטוויק־לונג. עס וואָלט געווען אוממעגלאַך, אַז דיזאַזיגע נייע לערעס זאָלען ניט געווען האָבען קיין ווירקונג אויפ'ן באַגריף פון געשיכטע און פּראָגרעס.

דער דייטשער פילאָזאָף העגעל — ווי אויך צו להכעים אַן אידעאַליסט און אַ פאַרדרייטער דיאַלעקטיקער — פאַסט אויף די געשיכטע פון דער מענשהייט אַלס אַיין גאַנצע, וואָס איז אימער אין באַוועגונג. די מענשלאַכע געשיכטע, לויט העגעל'ן, איז אייגענטלאַך גאָר די אַנטוויקלונג פון דער אי־דייע (פון דעם גייסט). די דאָזיגע אַנטוויקלונג באַצוועקט פרייהייט, ווייל פרייהייט איז די אייגענשאַפט פון גייסט. אַלזאָ, פּראָגרעס דאָס איז די שטרעבונג פון דער גאַנצער מענשהייט און דער געשיכטע (דורך דעם „זיין, ניכט זיין און ווערדען") פריי צו ווערען. געזעלשאַפטען און שטאַטען עק־זיסטירען נאָר כדי צו דערגרייכען דעם אידעאַל פון פרייהייט (אַ געדאַנק, וועלכען שפינאָזא האָט שוין אויסגעדריקט); דער גייסט און די פרייהייט זיינען די פאַקטאָרען אויסער דער רעעלער מענשהייט; זיי זיינען דער מענש־

הייט׳ס פירער צום אידעאַל, וואָס קען דערגרייכט ווערען ערשט שפּעטער ווען מענשען וועלען ווערען פולקאָם („אין דעם ווערדען״).

אויך דער פראַנצויזישער היסטאָריקער גיזאָ האָט פאַרשטאַנען, אַז די פאַרפולקאָמונג פון דעם שטאַט און דער געזעלשאַפט איז צו גונסטען מער פרייהייט פאַר זייערע מיטגלידער (אָבער ער מיינט טאַקע די מ ע נ ש ע ן און ניט די גייסטער). ער איז פיליכט דער ערשטער, וואָס רעדט דייטלאַך וועגען פּראָגרעס אַלס אַן אַנטוויקלונג פון דער טעטיגקייט פון דעם אינדי־ווידואום און דער טעטיגקייט פון דער געזעלשאַפט. ער מישט אָבער צונויף די ציוויליזאַציע מיט׳ן פּראָגרעס (בשעת ווען די ציוויליזאַציע איז דער פּראָדוקט פון אַנטוויקלונג און פּראָגרעס, איז דער פּראָגרעס נאָר דער מאָס־שטאָב צי אַ זאַך, אין איר ענדערונג, האָט דערגרייכט אַ העכערע שטופע צי ניט. ביים מענשען, וואָס דאָס באַוואוסטזיין שפּילט ביי אים אַ גרויסע ראָליע, קען מען שוין אויך ריידען פון אַ בעסערער אָדער ערגערער שטופע פון עקזיסטענץ, דאָס הייסט פון ניצלאַכען פּראָגרעס. אָבער וועגען דעם אַלעמען שפּעטער).

מיט דער אַנטוויקלונג פון דער דאַרווינישער טעאָריע און ספּעציעל דער אַלגעמיינער עוואָלוציאָנס־טעאָריע הויבט זיך אָן אַ נייע, זייער וויכטיגע עפּאָכע פאַר דעם באַגריף פון פּראָגרעס. אויף דעם געביט פון מענשלאַכען דיינקען טרעטען אַרויס פינף גרויסע טעאָריעס פון פּראָגרעס:

1) די פּאָזיטיוויסטישע אָדער קאָמטישע.

2) די עוואָלוציאָניסטישע אָדער ספּענסערישע.

3) דער עקאָנאָמישער אָדער מאַרקסיסטישער באַגריף.

4) די פּסיכאָ־סאָציאָלאָגיש־סוביעקטיווע אָדער די לאַווראָוו־מיכאַי־לאָווסקי־קאַרעעווישע טעאָריע.

5) די פּסיכאָ־סאָציאָלאָגיש־אָביעקטיווע אָדער מעטשניקאָווישע טע־אָריע.

די דאָזיגע פינף טעאָריעס וועלען מיר איצט פאַרלייגען און באַטראַכ־טען.

ב.

# די וויכטיגסטע טעאָריעס פון פּראָגרעס

שוין אין דער רענעסאַנס-צייט, ווי מיר ווייסען אַלע, האָט דער מענש-לאַכער פאַרשטאַנד זיך אָפּגעקערט פון די סכאָלאַסטישע חקירות וועגען גאָט און דער ביבעל. אמת, נאָך אַלץ זוכען טיפע דיינקער דעם באַשייד פון נאַטירלאַכע און לעבענס-פראַגען אויף אַ מעטאַפיזישען וועג. פונדעסט-וועגען אַנטפּלעקען זיך ביסלאַכווייס אויך אַנדערע שטרעבונגען אין מענש-לאַכען דיינקען און פאָרשען. בייקאָן אין ענגלאַנד און דעקאַרט אין פראַנק-רייך האָבען געעפענט די וועגען פאַר נייע פאָרלאַנגען: זיי האָבען, יעדער אויף זיין שטייגער, געזוכט צו באַגרינדען דאָס מענשלאַכע וויסען אויף זי-כערקייט און איבערצייגונג, מיט איין וואָרט, זיי האָבען געזוכט צו פאַר-וואַנדלען דאָס מענשלאַכע וויסען אין עקזאַקטע קענטעניששען — אין וויסענ-שאַפט. בשעת בייקאָן האָט געשאַפען די אינדוקטיווע מעטאָדע פון פאָר-שונג, לערנענדיג ווי אַזוי פון פאַקטען וואָס זיינען באַוואוסט צו ציען שלי-סען און אַנטדעקען טאַטזאַכען אומבאַוואוסטע, האָט דעקאַרט געלערנט די דעדוקטיווע מעטאָדע, ד. ה. לאָגיש צו זוכען זיך צו איבערצייגען אין דעם וואָס מיר באַגרייפען אַלס דערשיינונג אָדער טאַטזאַך. די דאָזיגע מעטאָדען זיינען ביסלאַכווייס אָנגענומען געוואָרען פון פאַרשיידענע דיינקער און פאָר-שער, וועלכע האָבען מיט זייער הילף אויפגעדעקט אַלץ מער און מער סודות פון דער נאַטור. די קירכע האָט פאַרלוירען איר שרעקענס-הערשאַפט אי-בער דעם מענשלאַכען פאַרשטאַנד און די וועלטלאַכע ממשלה איז אַריבער אין די הענט פון שטאַט. אין משך פון אַכצענטען יאָרהונדערט האָט אַ גאַנצע רייע פאָרשער און דיינקער געזוכט צו דערגיין די נאַטור פון יעט-ווידער זאַך, אונטערזוכענדיג און שטודירענדיג שטריינג אויך די באַזונ-דערע רעכט פון די מענשען אין דער געזעלשאַפט. די עקאָנאָמישע לאַגע פון פאָלק איז אומדערטרעגלאַך געוואָרען אונטער דער אַלטער פעאָדאַלער אָר-דענונג.

נייע אומשטאַנדען האָבען זיך אַריינגעריסען אין לעבען און דער באַ-גריף פון פּערזענלאַכער פרייהייט האָט זיך אויסגעברייט. די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט געענדערט די לעבענס-אומשטאַנדען, האָט אָפּגעשוואַכט די הערשאַפט פון שטאַט און איבער איר אוועקגעזעצט אַנאַנדער מאַכט. די

אידעאַלען פון דער רעוואָלוציע זיינען אָבער געבליבען פאַרקערפּערט אין דעם מענשלאַכען דיינקען און פאַרשען און סט. סימאָן זוכט ווידער צו פאַר־איייניגען די מענשהייט אין אַן אַלוועלטלאַכען, אַלמענשלאַכען קריסטענ־טום, וואו ליבע און עקאָנאָמישע גלייכהייט זאָלען זיין די מאָס פון מענש־לאַכען פאָרטשריט.

אָגיוסט קאָמט, אַ תלמיד פון סט. סימאָן און דער גרינדער פון דער פּאָ־זיטיוויסטישער פילאָזאָפיע, איז געווען דער ערשטער דיינקער, וואָס האָט גע־זען דאָס מענשלאַכע לעבען אַלס טייל פון דער גאַנצער נאַטור. ער האָט דער ערשטער פאָרמולירט דעם געדאַנק, אַז די גאַנצע וועלט איז איין גאַנצע און נאָר אַלס אַזאַ דאַרף דער מענשלאַכער פאַרשטאַנד זי באַטראַכטען. קאָמט האָט די נאַטור און דעם מענשען איינגעטיילט אין פאַרשיידענע טיילען אויפ'ן יסוד פון פּאָזיטיווען וויסען און האָט די פאַרשיידענע דערשיינונגען קלאַסיפיצירט אין פאַרשיידענע, איינע פון דער צווייטער אָפּהייגענדע גרו־פּעס. יעדעס וויסען, האָט ער געלערענט, גייט דורך, אין פּראָצעס פון זיין אַנטוויקלונג, דריי שטופען:

די ערשטע שטופע איז די טעאָלאָגישע; דאָס איז יענע שטופע ווען דער געדאַנק וועגען דער זאַך איז טונקעל, ניט קלאָר, ווען מיר באַגרייפען די זאַך אין דער פאָרמע פון אַ פיקציע — אַ מעשה.

די צווייטע שטופע איז די מעטאַפיזישע. דאַמאָלס באַגרייפען מיר זאַכען אַבסטראַקט.

די דריטע שטופע איז די פּאָזיטיווע. דאַמאָלס באַגרייפען מיר די זאַכען קלאָר, זיכער און דייטלאַך.

אַט אין דער דאָזיגער לעצטער אַנטוויקלונג־שטופע פון מענשלאַכען דייני־קען האָבען מיר פון די זאַכען אַ וויסענשאַפטלאַכען באַגריף.

דריי שטופען — דריי פאַרשיידענע אַרטען דיינקען.

די ערשטע, די טעאָלאָגיע, זוכט די נאַטור, דעם יסוד פון יעדער זאַך און איר גרונט־אורזאַך — דעם באַשאַפער פון אַלע זאַכען. די צווייטע, די מעטאַפיזיקע, טוט דאָס אייגענע ווי די ערשטע, מער ניט וואָס זי פאַר־בייט דעם יסוד פון זאַכען, ווע‌לכען זי ווייס ניט, אויף קרעפטען, וועל־כע זי פאַרשטייט ניט און באַשאַפט דערקלערונגען וועגען דער אַרבעט פון דידאָזיגע קרעפטען. די דריטע, די וויסענשאַפט, באַאָבאַכטעט און שטודירט די דערשיינונגען פון נאַטור און לעבען און לערנט זייערע פאַרהעלטעניסען איינע צו דער צווייטער און צום גאַנצען וועלט־קערפּער און זוכט צו דערגייין די באַוועגונגען און אומענדערונגען פון דער וועלט.

אַט דאָס איז, נאָך קאָמט'ן נאָך, דער געזעץ פון דער אַנטוויקלונג פון

מענשלאכען פארשטאנד און אויף אים באגרינדעט זיך אויך די קאמטישע טעאריע פון מענשלאכען פראגרעס.

דער אינטעלעקטועלער פראגרעס פון דער מענשהייט גייט אלזא אן ערך דורך דעם מארשרוט פון אומבאשטימטקייט און אומקלארקייט צום פאזיטיווען וויסען און נאך די שפורען פון דעם אינטעלעקטועלען פראגרעס פאלגען שוין נאך אלע אנדערע ארטען פראגרעס, ווי דער מאראלישער, דער געזעלשאפטלאכער, א. א. וו. די געזעלשאפטס־פארמען פאלגען, לויט קאמט׳ן, איינע נאך דער צווייטער: פונקט ווי די איצטיגע געזעלשאפט איז א נויטיגער פועל יוצא פון דער פארגייענדער, פונקט אזוי וועט די קומענדיגע געזעלשאפט זיין אן אומפארמיידלאכער רעזולטאט פון דער איצטיגער; און אלע געזעלשאפטס־פארמען מוזען פאלגען איינע דער צווייטער ביז צו יענער הויכער שטופע, ווען די מענשען וועלען קומען צו דער מדרגה פון פאזיטיווען וויסען, וואס איז די העכסטע שטופע פון אינטעלעקטועלער אנטוויקלונג און פאלגלאך די העכסטע שטופע פון מענשלאכער געזעלשאפט.

אזוי ווי ביי העגלען פירט דער פרייער גייסט די מענשהייט צום גליקלאכען „ווערדען“, אזוי ביי קאמט׳ן דערהויבט זיך דאס געזעץ פון אינטעלעקטועלער אנטוויקלונג איבער דער מענשלאכער געזעלשאפט און פירט זי צום גליקלאכען לעבען דורך דעם פאזיטיווען וויסען. אזוי ווי ביים פאליטישען פילאזאף דזשאזעף דע מעסטער אינ׳ם שטאט, אזוי ווערט ביי קאמט׳ן דער מענש פארלארען אין דער גאנצער מענשהייט. אבער ניין, ניט דער מענש נאר יעדער א י י ן מענש ווערט פארלארען אין דער מענשהייט און אזוי האבען מיר א פראגרעס פון א מענשהייט, אין וועלכער עס הערשט א פול וויסען און גליקלאך לעבען. נאר די מענשהייט אליין באשטייט פון פארלארענע איינצעלנע מענשען. בשעת אין דער ווירקלאכקייט קען ניט וויסען און ניט גליק פארשפרייט ווערען איבער דער געזעלשאפט סאידען זיי ווערען ערארבערט און פארשפרייט דורך דעם אינדיווידום.

ווי מיר זעען, אלזא, איז ניט נאר גיט דער קאמטישער באגריף פון פראגרעס קיין מיטעל, קיין קריטעריום אויף אפצושאצען די וויכטיגקייט אדער ניט־וויכטיגקייט, די ניצלאכקייט אדער די אומניצלאכקייט פון פארשיידענע היסטארישע עפאכעס, נאר אפילו ווען דאס געזעץ פון אינטעלעקטועלען פראגרעס זאל זיין ריכטיג בשעת די מענשהייט האט זיך באוואוסטזיניג אנגעהויבען צו אנטוויקלען, לאזט אבער דאס דאזיגע געזעץ אוים די גאנצע פרימיטיווע עפאכע פון מענשלאך לעבען, די פרימיטיווע געזעלשאפט, וואס, ווי עס שיינט, האט זי פיל טויזענטער יארען געהאט געלעבט אומבאוואוסט און דאך פארהעלטניסמעסיג מיט ניט ווייניגער גליק, פאר יענע מענשען, איידער צום ביישפיל עס האבען אין דער געזעלשאפט פון שקלאפעריי אין

אַלטען רוים געהאַט די שקלאַפען. אַזוי פאַלט די קאָמטישע טעאָריע פון פּראָגרעס ניט נאָר אין ווידערשפּרוך מיט געוויסע היסטאָרישע עפּאָכעס, נאָר זי פאַרלירט אַפילו יענעם אַלוועלטלאַכען כאַראַקטער פון אַ פּסיכישען געזעץ פון אַנטוויקלונג, וועלכען קאָמט האָט איר געמיינט צו געבען.

גרעסער פון קאָמט'ן אין אַלע הינזיכטען, אַלס דיינקער און געלערנטער, אָנגעפילט מיט'ן גייסט פון דער מאָדערנער וויסענשאַפט און ספּעציעל פון דער נאַטור־וויסענשאַפט, דערהויבט זיך הערבערט ספּענסער, דער גרויסער ענגלישער דיינקער, וואָס האָט סינטעטיש דורכגעפירט דאָס גרויסע געזעץ פון אַנטוויקלונג אין אַלע צווייגען פון מענשלאַכען קענען. זיין טעאָריע פון פּראָגרעס איז אייגענטלאַך די טעאָריע פון עוואָלוציאָן און ער האָט טאַקע שפּעטער פאַרביטען דאָס וואָרט פּראָגרעס אויף עוואָלוציאָן, ווי מיר וועלען עס באַלד זען.

ספּענסער האָט זיך אוועקגעשטעלט אויף גאָר אַנאַנדער פונדאַמענט איי־דער אַלע פריערדיגע פאָרשער, וועלכע האָבען געזוכט צו שאַפען אַ טעאָריע פון פּראָגרעס. אַלע דיינקער האָבען געזוכט צו אַנטוויקלען אַ טעאָריע אָדער אויס דער אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג פונ'ם מענשען אָדער אויס די ווירק־לאַכע פאַקטען פון דער מענשלאַכער געשיכטע. ספּענסער זוכט צו שאַפען אַ טעאָריע פון פּראָגרעס וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע דערשיינונגען פון דער נאַטור, פון מענשלאַכען לעבען, פון מענשלאַכע געזעלשאַפטען, מיט איין וואָרט, פון אַלץ וואָס פּאַסירט אויף דער וועלט. ער טיילט אויך איין די גאַנצע נאַטור און קאַטעגאָריעס פון דערשיינונגען און דאָס מענשלאַכע לעבען אין סאָציאָלאָגישע דערשיינונגען און איבעראַל געפינט ער דעמזעלבען אָדט פאָרטשריט. די סומע פונ'ם גאַנצען פאָרטשריט רופט ספּענסער אָן פּראָג־רעס אָדער עוואָלוציאָן.

לאָמיר אַ ווײַלע נאָכגיין ספּענסער'ן. אַלץ אין דער נאַטור באַשטייט פון אַ פיל־פאַכיגער צוזאַמענשטעלונג פון עלעמענטען. פיל זאַכען באַשטייען פון איינצעלנע עלעמענטען, אַנדערע פון עטלאַכע עלעמענטען און נאָך אַנ־דערע פון פיל עלעמענטען, א. א. וו. דאָס וואָס מיר רופען אין דער כעמיע אָר־גאַנישע קאָמפּאָנענטען באַשטייען שוין פון איינציגע גרופּעס עלעמענטען און אַ ריכטיגע אָרגאַנישע צעלע באַשטייט שוין פון מערערע עלעמענטען אין אַ מערקווירדיג קינסטלאַכער צוזאַמענשטעלונג.

לעבעדיגע באַשעפענישען זיינען פאָראַן אַזעלכע, וועלכע באַשטייען נאָר פון איין לעבעדיגער צעל: אַנדערע באַשטייען פון פיל צעלען און גאָר אַנדערע באַשטייען שוין פון איינציגע גרופּעס צעלען, דאָס הייסט פון גאַנצע גע־וועבען, און ווידער זיינען פאָראַן באַשעפענישען, וואָס באַשטייען נאָר פון ווייניג געוועבען, בשעת אַנדערע באַשטייען פון מערערע געוועבען און אַנ־

דערע, ווידער, פון גאַנצע גרופּעס געוועבען אָדער אָרגאַנען. אייניגע באַ־שעפעניסען באַשטייען גאָר פון אַ פּאָר אָרגאַנען, אַנדערע פון מערערע אָר־גאַנען און נאָך אַנדערע פון פיל אָרגאַנען.

גייענדיג ווייטער זעען מיר, אַז איינצעלנע כעמישע עלעמענטען האָבען געוויסע אייגענשאַפטען און איבען אויס געוויסע קרעפטען אָדער ענערגיען; פאַרבינדונגען פון עלעמענטען האָבען מערערע אייגענשאַפטען און קענען אויסאיבען מערערע קרעפטען, בשעת די אָרגאַנישע צעלע האָט נאָך מערערע אייגענשאַפטען און איבט אויס נאָך מערערע קרעפטען. דאַן, ווערענד די אָרגאַנישע צעלע האָט געוויסע אייגענשאַפטען און איבט אויס געוויסע קרעפטען, האָבען שוין די באַשעפעניסען, וואָס באַשטייען פון מערערע צעלען אָדער גאָר פון געוועבען אָדער נאָכמער פון אָרגאַנען גאַנצע אַלץ מערערע און מערערע אייגענשאַפטען און איבען אויס מערערע און מערערע אייגענשאַפ־טען.

און פונקט דאָסזעלבע זעען מיר אין דעם פּסיכישען לעבען פון די באַ־שעפעניסען. די איינצעלנע אָרגאַנישע צעלע צייגט נאָר ווייניג פּסיכישע אייגענשאַפטען, בשעת אָבער באַשעפעניסען פון מערערע צעלען, פון מערערע געוועבען פון מערערע אָרגאַנען ווייזען פּאַפּאָרציאָנעל אַרויס אַלץ מערערע און מערערע פּסיכישע אייגענשאַפטען, אַלץ מערערע און מערערע פּסיכי־שע קרעפטען.

און פונקט אַזוי וויל עס ספּענסער האָבען בנוגע געזעלשאַפטען. פּרימי־טיווע געזעלשאַפטען באַשטייען פון ווייניגע אינסטיטוציעס און איבען אויס ווייניג סאָציאָלאָגישע פונקציעס. אָבער וואָס נענטער מיר קומען צו אונזער געזעלשאַפט, האָבען די געזעלשאַפטען אַלץ מער אינסטיטוציעס און פאָלג־לאָך איבען זיי אויס אַלץ מער סאָציאַלע פונקציעס.

און וואָס לערנט ספּענסער פון די אַלע פאַקטען אין דער נאַטור און אין לעבען ?

איינפאַך, אַז אַלץ אין דער וועלט אַנטוויקעלט זיך פונ׳ם איינפאַכען צום פילפאַכען. דאָס איז דאָס גרויסע געזעץ פון אַלגעמיינער אַנטוויקלונג און אויף דעם באַגרינדעט ספּענסער זיין טעאָריע פון פּראָגרעס. ער זאָגט:

„יעדער סאָרט פּראָגרעס איז פון דעם איינפאַכען צום פילפאַכען און דאָס איז דערפאַר וואָס יעדע ענדערונג רופט אַרויס פיל אַנדערע ענדערונ־גען . . . מען זעט אין יעדער זאַך, היינט און אַזוי איז עס אימער געווען, דאָס יעדע פאַנאַנדערפאַלונג פון אַ קראַפט אין פיל קרעפטען פירט צו העכ־ערע צוזאַמענשטעלונגען. אויך, אַז די פאַרפילפאַכונג וואָס קומט דערפון אַרויס גייט נאָך איצט פאָרווערטס. דאַריבער איז פּראָגרעס ניט קיין צו־

פאַל, ניט קיין זאך וואָס די מענשען קענען קאָנטראָלירען נאָר אַ וואָלטעטיגע נויטיגקייט".

ספּענסער באַטראַכט די מענשלאַכע געזעלשאַפט ווי אַן אָרגאַניזם, ווי אַ לעבעדיגען אָרגאַניזם און ווי אַן אָרגאַניזם אַנטוויקעלט זי זיך און פאַרפיל־פאַכט זיך. ספּענסער וויל בלויז, אַז מיר זאָלען אים גלויבען, דאָס דיזע געזעלשאַפטלאַכע אַנטוויקלונג און פאַרפילפאַכונג איז אַ „וואָלטעטיג נוי־טיגער" פּראָגרעס. ספּענסער, אַזוי ווי העגעל און קאָמט, פירט אַרויס אַ גרויס געזעץ, אַן אַנטוויקלונג־געזעץ, וואָס רעגירט אומבאַגרעניצט איבער דער מענשלאַכער געזעלשאַפט און די מענשען פון דער געזעלשאַפט קענען זיך קעגען דעם ניט העלפען.

מיר קענען זיך דאָ אַם פּלאַץ ניט אַריינלאָזען אין מיכאַילאָווסקי'ס פּראַכטפולער קריטיק איבער ספּענסער'ס טעאָריע פון פּראָגרעס. מיר ווע־לען זי ברייגנען אַ ביסעל שפּעטער. דאָ ווילען מיר נאָר דערמאָנען צוויי זייער וויכטיגע פונקטען. ערשטענס, קען מען ניט באַטראַכטען די מענשלאַכע געזעלשאַפט אין ליכט פון אַ ביאָלאָגישען אָרגאַניזם, שוין דערפאַר וואָס די מאָרפאָלאָגישע אַנאַלאָגיע, דער געבוי־פאַרגלייך — איז פאַקטיש ניט ריכ־טיג. דאַריבער מוז די פאַרפילפאַכונג פון דער מענשלאַכער געזעלשאַפט, אויב אַזאַ פאַרפילפאַכונג איז פאַראַן, זיין אַנדערש ווי פון די ביאָלאָגישע אָרגאַניז־מען. צווייטענס, דאַרף מען ערשט איבעצייגען אַז די פאַרפילפאַכונג אין דער געזעלשאַפט איז ווירקלאַך אַ וואָלטעטיגער נויטיגער פּראָגרעס פאַר אַלע טיי־לען פון דער געזעלשאַפט. לכל הפּחות די געשיכטע פון דער מענשהייט לייי־קענט דירעקט אָפּ אַזאַ פּראָגרעס, ווייניגסטענס פאַר פיל טיילען פון דער געזעלשאַפט. דעם ספּענסערישען קריטעריום פון פּראָגרעס קען מען, נייז, מוז מען אַנווענדען אויף דער אַנטוויקלונג פון דער אונאָרגאַנישער נאַטור; גייען מיר אָבער אַריבער אויפ'ן פעלד פון מענשלאַכען לעבען, וואו עס שפּילט די גרעסטע ראָליע דאָס מענשלאַכע באַוואוסטזיין, דאָ, ווען ניט יעדער מענש באַזונדער, אָבער די מענשען צוזאַמען דאַרפען קענען, אויב זיי ווילען נאָר, מיט אַ געוויסער מאָס אָפּמעסטען דעם פאַרטשריט פאַרהעלטעניסמעסיג מיט זייער אייגענעם וואוילזיין.

שוין אין די זיבעציגער יאָרען פון נייצענטען יאָר הונדערט האָט דער רוסישער דיינקער פּעטער לאַוראָוו געזוכט צו פאַרשטיין די ראָליע וואָס דער מענש שפּילט אין דער מענשלאַכער געשיכטע. אין זיינע „געשיכטלאַכע בריף" האָט ער גע'טענה'ט, אַז דער מענש און ספּעציעל די אינטעליגענץ האָט זייער אַ טיכטיגע אַרבעט, וואָס באַשטייט אין דעם וואָס זי דאַרף אויסאַרבעטען אידעאַלען, שטרעבונגען פאַר איר צייט. זי קען איבערמאַכען דאָס לעבען, די געשיכטע: זי דאַרף ברייגנען אַ ניי לעבען, נייע שטרעבונ־

גען אין לעבען. די פּאָליטישע אומשטאַנדען אין רוסלאַנד האָבען באַשאַ־פען דידאַזיגע וויכטיגע געדאַנקען, וועלכע האָבען אָנגענומען זייער אַ וויכ־טיגע פאָרמע, ווען מיכאַילאָווסקי האָט אַזוי מאַכטיג צעגלידערט ספּענ־סער׳ס אָביעקטיווען באַגריף פון פּראָגרעס, וועלכען מיר האָבען אָט ערשט געלערנט. מיכאַילאָווסקי האָט ניט נאָר געפּרואווט באַווייזען, אַז די ספּענ־סערישע פאָרמולירונג פון פּראָגרעס איז ניט וויכטיג, נאָר ער האָט אויך באַהויפּטעט אַז אין אַ מענשלאַכער געזעלשאַפט איז בלויז דאָס וואוילזיין פון דעם מענשען די ריכטיגע מאָס פון פּראָגרעס. נאָכמער, ער האָט געפּאָדערט, אַז די סאָציאָלאָגיע — די לערע וועגען דער געזעלשאַפט — זאָל אַנדערקענען דעם סוביעקטיווען עלעמענט, ד. ה. דאָס טאָן און ווירקען פון יעדען מיטגליד פון דער געזעלשאַפט אַלס דעם וויכטיגסטען פאַקטאָר פון סאָציאַלען לעבען. און אַרויסגייענדיג פון דאָזיגען שטאַנדפּונקט ענטפערט מיכאַילאָווסקי אַזוי אויף דער פראַגע וואָס איז פּראָגרעס:

„פּראָגרעס איז דאָס נענטער קומען צו דער דערהאַלטונג פון דעם אינ־דיווידום אין דער געזעלשאַפט און די מעגליך ווייטערע פּאַרטיילונג פון אַרבעט צווישען די פאַרשיידענע אָרגאַנען פון דעם איינצעלנעם מענשען גלייכצייטיג מיט דער מעגליך וויניגער צעטיילונג פון דער אַרבעט צווישען די מענשען גופא, כדי דער מענש זאָל קענען זיך אַלזייטיג אַנטוויקלען“.

דידאָזיגע טעאָריע פון פּראָגרעס, כאָטש זי האָט אַריינגעבראַכט זייער אַ וויכטיגען עלעמענט אין דעם באַגריף וועגען דער געזעלשאַפט און כאָטש יעדער מאָדערנער סאָציאָלאָג רעכענט זיך מיט דעם אינדיווידום, פונדעסט־וועגען האַלט זי ניט אויס קיין קריטיק. שוין דערפאַר וואָס זי איגנאָרירט אינגאַנצען די געזעלשאַפט, וואָס האָט דאָך אָן ספק אַ גרויסע ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון דעם אינדיווידועלען געדאַנק און מעשים. ניט רעכע־נענדיג זיך מיט די פאַקטען פון דער געשיכטע און סאָציאָלאָגיע, קען זי בלויז געבראַכט ווערן אַלס דער סוביעקטיווער וואונש פון אַ גוטען מענשען.

מיט די ווערטער פון פּראָפעסאָר קאַרעיעוו — דער דיינקער וואָס האָט אמבעסטען פאָרמולירט דעם סוביעקטיווען באַגריף פון פּראָגרעס — קען מען אין באַצוג צו מיכאַילאָווסקי׳ס טעאָריע זאָגען, אַז דער עוואָלוציאָניזם צווינגט אונז צו רעכענען זיך מיט געוויסע פאַקטען און געשיכטלאַכע מאַ־טעריאַלען און ניט פאָדערען דאָס וואָס איז אוממעגלאַך. מיר קענען אָבער — זאָגט פּראָפעסאָר קאַרעיעוו ווייטער — אין דער צייט וואָס מיר אַנערקענען די אַנטוויקלונג אויפ׳ן געביט פון דער מענשלאַכער געזעלשאַפט דער אַנטוויקלונג שטעלען געוויסע פּאָדערונגען, וועלכע ווערען אין אונז באַשאַ־פען טאַקע דורך דערדאָזיגער אַנטוויקלונג, אַרויסשטעלען זיי ווי אונזערע אידעאַלען. און מיר וועלען דאַמאָלס זאָגען, אַז, „פּראָגרעס איז אַזאַ אַנט־

ווירקלונג, וואָס פאַסט זיך אָמבעסטען צו צו אונזערע אידעאַלען. די פילאָזאָפיע פון פראָגרעס איז דער סינטעז פון גלויבען אין פראָגרעס און דאָס ערלערנען די געזעצען פון אַנטוויקלונג".

פראָפעסאָר קאַרעיעוו'ס טעאָריע פון פראָגרעס איז די ראַציאָנאַלסטע פון אַלע פסיכאָ־סאָציאָלאָגיש־סוביעקטיווע טעאָריעס און קען געוויסערמאָסען באַטראַכט ווערען אַלס נוצבאַרע. זי איז אָבער צו באַגרענעצט, צו סוביעקטיוו, קען מען מיט איר ניט מעסטען דעם פראָגרעס איבעראַל אין לעבען. און דאָס האָט, ווי עס שיינט, איינגעזען מעטשניקאָוו.

שנעל, ראַשיג שנעל האָט זיך אין ניינצענטען יאָרהונדערט אַנטוויקעלט די בורזשואַזיע. (דער „פרייער" אַרבעטער פילט דיזאַזיגע אַנטוויקלונג צו שטאַרק, אַז מען זאָל זיך אויף איר דאַרפען אָפשטעלען). די פאַרהעלטעניסען וועלכע האָבען אַוועקגעשטעלט דעם אַרבעטער אין זיין היינטיגער לאַגע, האָבען אַרויסגערופען נייע לערעס אין דער פאָליטישער עקאָנאָמיע און אויפ'ן געביט פון מענשלאַכען דיינקען האָט זיך באַוויזען קאַרל מאַרקס, אַ שילער פון דעם אַלטען העגעל. מאַרקס האָט איבערגענומען די לערעס פון זיין רבין אָבער ער האָט פאַרוואָרפען זיין אידעאַליסטישע פילאָזאָפיע. ער האָט איבערגענומען זיין לערע וועגען דער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט, אָבער אַנשטאָט דער אידייע, דעם פירענדען גייסט האָט ער דעם מענשענס עקאָנאָמישע אומשטאַנדען אַוועקגעשטעלט אַלס דעם פירענדען, הערשענדען פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פון דער מענשלאַכער געזעלשאַפט. מאַרקס און זיינע נאָכפאָלגער באַגייען דעם פעלער פון אַלע מעטאַפיזיקער דערמיט וואָס זיי זוכען אַן איין־איינציגע קראַפט, אַן איינציגען פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג, פונדעסטוועגען האָט דער מאַרקסיזם ניט אויסגעאַרבעט קיין טעאָריע פון פראָגרעס, וואָס זאָל זיין באַגרינדעט אויף דעם אַזוי־גערופענעם עקאָנאָמישען מאַטעריאַליזם. מען קען אָבער ניט לייקענען, אַז די אַנטוויקלונג פון די אידעען, וואָס זיינען באַגרינדעט אויפ'ן וואונש אומצוענדערען דעם מאָדערנעם סאָציאַלען סיסטעם, די שטרעבונג צו עטאַבלירען אַ געזעלשאַפט אויף די יסודות פון קאָאָפעראַטיווער פראָדוקציאָן, די שטרעבונג צו דער פאַרברידערונג פון דער גאַנצער מענשהייט, מיט איין וואָרט, די אַנטוויקלונג פון דעם אידעאַל פון סאָציאַלער סאָלידאַריטעט האָט אָן ספק באַאיינפלוסט די פאָרמולירונג פון ל. י. מעטשניקאָוו'ס טעאָריע פון פראָגרעס אין זיין ווערק: „די ציוויליזאַציע און די גרויסע היסטאָרישע טייכען".

מעטשניקאָוו האָט איינגעזען די פעלערען פון דער שטאַרק סוביעקטיווער טעאָריע פון פראָגרעס וואָס מיכאַילאָווסקי האָט אויפגעשטעלט. באַווירקט פון דעם מענשענס צושטאַנד אין אונזער געזעלשאַפט, האָט ער געוואָלט גע־

פינען אַ טעאָריע, וואָס זאָל ניט זיין איינזייטיג, וואָס מען זאָל מיט איר קענען מעסטען דעם פּראָגרעס אין דער געזעלשאַפט און וואָס זאָל אויך זיין אוניווערסאַל.

דורכקוקענדיג די פאַקטען פון לעבען צווישען די ברואים, מערקט מעטש־ניקאָוו צווישען זיי אַ שטענדיגע פּאָרגרעסערונג פון קאָאָפּעראַציאָן. ער צעטיילט אַלע לעבעדיגע באַשעפּענישען אין פיר גרויסע טיילען: 1) די לעבעדיגע צעלע, 2) די פאַראייניגונג פון צעלען אין געוועבען אָדער אָר־גאַנען, 3) די פאַראייניגונג פון אָרגאַנען אין אינדיווידומס, ד. ה. איינציגע לעבעדיגע חיות, וועלכע ער רופט אָן מיט העקעל'ס נאָמען — ביאָנטען און 4) די פאַראייניגונג פון צוויי פאַרשיידענע געשלעכטען אין אַ פאַמיליע, וועלכע ער רופט דעמען. און ער געפינט ביי זיי די ערשיינונג פון קאָאָפּע־ראַציאָן לויט די פאָלגענדע מדרגות: די צעלען, וועלכע קומען זיך צוזאַ־מען אין געוועבען אָדער אָרגאַנען — דאָס איז אַ מעכאַנישע שטופע פון קאָ־אָפּעראַציאָן. די פאַראייניגונג פון אָרגאַנען אין ביאָנטען אָדער לעבעדיגע באַשעפּענישען איז שוין אַ פיזיאָלאָגישע שטופע פון קאָאָפּעראַציאָן (די צעלען עקזיסטירען שוין ניט מער זעלבסטשטענדיג און די אָרגאַנען קענען אַליין גאָר ניט עקזיסטירען). און ווען ביאָנטען — באַשעפּענישען — קומען זיך צונויף אין דעמעס אָדער פאַמיליעס האָבען מיר שוין אַ פּסיכאָלאָגישע שטופע פון קאָאָפּעראַציאָן. די לעצטע בילדעט זיך פּריוויליג און אַלס פּריוויליגע קאָאָפּעראַציאָן אַנטוויקעלט זי זיך אין די פאַרשיידענע פאָר־מעס פון געזעלשאַפטלאַכען לעבען.

אַט ווי מעטשניקאָוו פאָרמולירט דעם באַגריף פון פּראָגרעס: לאָמיר זאָגען, ניט מאַכענדיג די נאַטור פאַר אַ גאָט, אַז זי האָט געדאַרפט האָבען אַז באַשעפּענישען זאָלען לעבען סאָלידאַריש, כדי זי זאָל קענען פאַרפולקאָ־מען די העכערע פאָרמעס פון לעבען. נו, האָט זי אין אָנפאַנג, דורך צוואַנג, צוגעלערנט באַשעפּענישען צו פירען אַ געזעלשאַפטלאַך לעבען (די צעלען און אָרגאַנען און ביאָנטען). דערנאָך ווען מענשען זיינען שוין געווען פאָרבאַ־רייטעט צו אַ פריי קאָאָפּעראַטיוו לעבען האָט די נאַטור זיי געלאָזט פירען אַזאַ לעבען. די מאָס פון פּראָגרעס איז, אַלזאָ, די שטופע פון קאָאָפּעראַטי־ווער סאָלידאַריטעט וואָס געפינט זיך צווישען די מיטגלידער פון אַ גע־זעלשאַפט.

די מעטשניקאָווישע טעאָריע פון פּראָגרעס ליידט פון דריי גרויסע פע־לערען, וועלכע נעמען אַוועק איר ווערט. דער ערשטער און וויכטיגסטער פעלער איז, וואָס זי איז באַגרינדעט אויף וויסענשאַפטלאַכע מיספאַרשטענ־דענישען פון די פאַקטען. למשל, די פיר סאָרטען לעבעדיגע באַשעפּענישען, וועלכע מעטשניקאָוו רעכענט אויס לויט זייער קאָאָפּעראַציאָן, געהערען

טאַטזאַכלאַך ניט צו די זעלבע קלאַסען לעבעדיגע וועזענס. די צעלע, דאָס געוועב, דער אָרגאַן און דער אינדיווידום זיינען ביאָלאָגישע גאַנצע, וואו די אונטעראָרדענונג פון דער צעלע אין דעם געוועב, פון דעם געוועב אין דעם אָרגאַן, פון דעם אָרגאַן אין דעם אינדיווידום ווערט אַלץ שטאַרקער און יעדע אינדיווידועלע גאַנצע פון אַ נידעריגערער שטופע פאַרלירט זיין זעלבסטשטענדיגקייט אין דער העכערער. פאַרקערט, די פאַמיליע איז גאָר אַ סאָציאָלאָגיש גאַנצע און דעם בשעת אין דעם ביאָלאָגישען גאַנצען גייט פאָר אַ שטענדיגער פאָרטשריט פון פיזיאָלאָגישער אונטעראָרדענונג (קיין מאָל ניט קיין מעכאַנישע, ווי מעטשניקאָוו מיינט), קומט אין דער אַנטוויקלונג פון סאָציאָלאָגיש גאַנצען גאָר פאָר אַ פאָרטשריטלאַכע סאָלידאַריטעט. דידאָזיגע סאָלידאַריטעט רופט מעטשניקאָוו אָן קאָאָפּעראַציאָן און דאָס איז זיין צווייטער פעלער. קען מען דאָך ניט מאַכען די קאָאָפּעראַציאָן, וואָס איז נאָר אַ טיילווייזער אויסדרוק פון סאָלידאַריטעט פאָר'ן באַזיס פון פראָגרעס. ווייל, קאָאָפּעראַציאָן דריקט בלויז אויס דאָס פאַרהעלטעניש פון די אינדיווידומס זי דערקלערט אָבער ניט אויף וויפיל איז די סאָלידאַרע אינדיווידומס איצט אַנדערש געוואָרען איידער עס איז זיי פריער געווען. און פילענדיג דידאָזיגע שווערקייט, באַגייט מעטשניקאָוו דעם דריטען פעלער. הפּנים נאָך אַלץ אונטער דער ווירקונג פון דעם אַלטען העגעל'ן, קען מעטשניקאָוו זיך ניט אָפּרייסען פון די „פרייהייט ליבענדע שטרעבונגען", פאַרבייטענדיג דערביי אונטערדריקונג אויף פרייהייט און מאַכענדיג פון דער קאָאָפּעראַציאָן אַ *פרייע* קאָאָפּעראַציאָן און אַ *פרייוויליגע* באַוואוסטע סאָלידאַריטעט.

ג.

# די טעאָריע פון פראַגרעס און איר אַנווענדונג

פון די פיר גרויסע איבערגעבראַכטע טעאָריעס פון פראָגרעס קענען מיר די ערשטע, די קאָמטישע טעאָריע, אינגאַנצן איצט אויסלאָזן. דער־פאַר וואָס זי, פּונקט ווי די אַלטע טעאָריעס, האָט אין זינען נאָר דעם אינ־טעלעקטועלן פאָרטשריט און די ערשיינונגען אין דער נאַטור און אין לע־בען פאַלגן שוין אויס דעם אינטעלעקטועלן פּראָגרעס. די איבעריגע דריי גרויסע טעאָריעס אַנטהאַלטן אין זיך זייער וויכטיגע און ריכטיגע עלעמענטן, וועלכע מיר מוזן איצט פון זיי אַרויסציען.

די איינציגע טעאָריע וואָס שליסט ניט אויס קיין טייל פון דער וועלט פון איר באַגריף, איז די ספּענסערישע און איז דערפאַר די ברייטסטע. זי איז באַגרינדעט אויף דער טעאָריע פון אַנטוויקלונג, וואָס איז איצט אָנגענומען אין דער גאַנצער געלערנטער וועלט אַלס די ריכטיגע דערקלערונג פון דעם בראשית, פון דער געשיכטע פון דער וועלט. איר הויפּט פּרינציפּ: די אַנטוויקלונג פון דעם איינפאַכען צום פילפאַכען איז טאַטזאַכלאַך ריכטיג און קען אין דער אומאָרגאַנישער, ד. ה. אין דער ניט־לעבעדיגער וועלט זיין די איינציגע מאָס פון פאָרטשריט. וויינינגסטענס אויף אַזוי פיל אויף וויפיל דידאָזיגע אַנטוויקלונג פאַרבערייטעט אַ באָדען פאַר דער עקזיסטענץ פון לע־בעדיגע באַשעפענישען מיט באַוואוסטזיין. דאָך הייסט עס נאָך ניט, אַז דאָס געזעץ פון אַנטוויקלונג, מאָסגעבענד ווי עס איז איבעראַל, קען אויך פאַר־בלייבן דער באַזיס פון אַ טעאָריע פון פּראָגרעס, אַז דעם אַז מען זאָל אַז אים אויך אָנשליסען דעם עלעמענט פון באַוואוסטזיין.

אין דער דאָזיגער הינזיכט, און נאָר אין איר, האָט די מיכאַילאָווסקי־קאַרעיעווישע טעאָריע פון פּראָגרעס זייער אַ וויכטיגע באַדייטונג, ווייל זי נעמט אין אַכט דעם באַוואוסטען אינדיווידום. אָבער אויך זי טוט עס נאָר אין אַ באַגרעניצטען זין, ווייל זי שליסט איין נאָר דעם באַוואוסטען מענשען און שטיצט זיך נאָר אויף דעם געביט פון דער מענשלאַכער געזעל־שאַפט און דער מענשלאַכער געשיכטע. אָבער דאָס באַוואוסטזיין אין אַל־געמיין באַווייזט זיך שוין אויף זייער אַ נידעריגער שטופע פון לעבעדיגע באַשעפענישען און, ווי עס שיינט, ווייזט זיך עס ביי זיי אַרויס סאַי אין דער פאָרמע פון באַוואוסטזיין פון זיך אַליין און סאַי אין דער פאָרמע פון

באַוואוסטזיין פון דעם מין צו וועלכן דאָס באַשעפעניש געהערט. אַט די לעצטע פאָרמע פון באַוואוסטזיין איז דער יסוד פון געזעלשאַפטלאַכן לעבן. און אין דער אַנטוויקלונג פון דעם געזעלשאַפטלאַכן לעבן געפינען מיר דעם וויכטיגסטן עלעמענט פון דער מעטשניקאָווישער טעאָריע פון פּראָג־רעס — די סאָלידאַריטעט צווישען אינדיווידומס.

האָבענדיג אויף אַזאַ אופן פאַרגעשטעלט די געשיכטע פון דעם באַגריף פון פּראָגרעס און אויך די באַגריפען און טאָריעס פון פּראָגרעס, וועלכע די גרויסע דיינקער פון נייצענטען יאָרהונדערט האָבען אויפגעבויט, ווילען מיר, האָף איך, איצט אימשטאַנד זיין אויפצובויען אונזער אייגענעם באַ־גריף, פאַרווענדענדיג צוליב דעם צוועק די גוטע עלעמענטען פון די אַלע טעאָריעס, וועלכע מיר האָבען ערשט געלערנט.

שטודירענדיג די אומאָרגאַנישע, ניט־לעבעדיגע, נאַטור אין איר פּיל־ערלייאיגער אַנטוויקלונג פון איינפאַכע זאַכען צו פילפאַכיגע, מערקען מיר, אַז אין יעדען איבערגאַנג פון אַן איינפאַכער צו אַ פילפאַכער זאַך האָבען אַנטייל גענומען די אייגענשאַפטען פון דער זאַך גופא, באַווירקט פון די ארומרינגלענדע אומשטאַנדען. דאָסזעלבע אויך אין דעם איבערגאַנג פון אַ פילפאַכיגען געגענשטאַנד צו נאָך אַ מער פילפאַכיגען צושטאַנד פון דעמ־זעלבען געגענשטאַנד נעמען אַנטייל די אייגענשאַפטען פון דעם ווייניגער פילפאַכיגען געגענשטאַנד, באַווירקט פון די ארומרינגלענדע אומשטאַנדען און אַזוי ווייטער. דאָס הייסט, אין יעדען איבערגאַנג ווירקען די אייגענשאַפ־טען פון דעם געגענשטאַנד אַזוי, אַז ער זאָל זיך אריינפּאַסען אין דער קאַטעגאָ־ריע פון גאַנצקייט, וואָס איז אַ פילפאַכיגערע שטופע פון עקזיסטענץ. אַלזאָ, אפילו אין דער אומאָרגאַנישער נאַטור נעמט דער געגענשטאַנד, דער אָב־יעקט, אַנטייל אין דער אַנטוויקלונג, זיך בייטענדיג דורך דער ווירקונג פון זיינע אייגענשאַפטען, כדי אַנצופּאַסען זיך צו אַ פילפאַכיגער גאַנצקייט.

אונטערזוכענדיג די פאַקטען אין דער אָרגאַנישער, לעבעדיגער וועלט, מערקען מיר צווייערליי זייער וויכטיגע ערשיינונגען. ערשטענס, אַ פאַר־אייניגונג פון די נידעריגסטע, איינפאַכע לעבעדיגע באַשעפענישען, ווי צעלען אין געוועבען, געוועבען אין אָרגאַנען און אָרגאַנען אין קערפּערס (אינדיווידומס). דידאָזיגע פאַראייניגונג מוז באַצייכענט ווערן אַלס אַ מאָרפאָ־פיזיאָלאָגישע אָדער געבוי־ און טעטיגע. צווייטענס, איז דאָ אַ פאַראייניגונג פון באַזונדערע אינדיווידומס. זיי, די אינדיווידומס, קענען, לאָמיר זאָגען, באַשטיין פון צעלען אליין (אין פּראָזאָריעס, מיקראָבען, א. א. וו.) זיי קענען אויך באַשטיין פון צעלען און געוועבען (שוואָמען, הידראָצאָען און פּאָליפּען) און, לעצטענס, קענען עס אויך זיין אינדיווידומס, וועלכע באַ־שטייען פון צעלען, געוועבען און אָרגאַנען (אַלע העכערע מעטאָצאָען, חיות

און מענשען). די לעצטע פאַראייניגונג איז אַ פּסיכאָ־סאָציאָלאָגישע אָדער גייסטיג־געזעלשאַפטלאַכע און האָט גאָר ניט צו טאָן מיט די פריערינע קאַטעגאָריעס פון פאַראייניגונג.

דאָס געזעץ אַבער, אַז דורך דער טעטיקייט פון זיינע איינענשאַפטען און באַווירקט פון די אַרומיגע אומשטאַנדען, נעמט דאָס באַשעפעניש אָדער געגענשטאַנד אַנטייל אין זיין אַנפּאַסונג צו אַ פילפאַכיגערער שטופע פון גאַנצקייט — האָסדראַזיגע געזעץ בלייבט אין אַלע פאַלען אמת. מעגען זיך צעלען פאַראייניגען אין געוועבען און דורך דעם טיילוויים אונטערגעאָרדענט ווערן: מעגען זיך געוועבען פאַראייניגען אין אָרגאַנען און דורך זייער פאַראייניגונג אונטערגעאָרדענט ווערן; און מעגען זיך, שליסלאַך, אָרגאַנען פאַראייניגען אין אינדיווידומס און אונטערגעאָרדענט ווערן דורך דעם — דאָס ציל פון זייער מאָרפאָ־פיזיאָלאָגישער אַנטוויקלונג איז צו מאַכען אינדיווידומס, גאַנצע איינהייטען מיט באַגאַבטע אייגענשאַפטען, אינדיווידומס, וועלכע קענען נאָר דאַמאָלס פאַרניכטעט ווערן, ווען דאָס לעבען וועט אויפהערען.

פונקט אַזוי, אַז מיר שטודירען די פסיכאָ־סאָציאָלאָגישע פאַראייניגונג, פון דער אַנטוויקלונג פון איינפאַכע טירישע געזעלשאַפטען ביז צו די פילפאַכע מענשלאַכע געזעלשאַפטען, מערקען מיר אויך דאָ דאָסזעלבע געזעץ פון פראָגרעס, דאָס דער אינדיווידום נעמט אַנטייל, דורך דער טעטיגקייט פון זיינע אייגענשאַפטען, באַווירקט פון די אַרומרינגלענדע אומשטאַנדען, אין דער אַנפּאַסונג צו די פאַרפילפאַכטע פאָרמעס פון גאַנצקייט, פון געזעלשאַפטען. פונקט ווי אין דער אומאָרגאַנישער וועלט אַנטוויקלען זיך די פיזיאָ־כעמישע קרעפטען צו מאַכען אַ צעלע, פונקט ווי אין דער אָרגאַנישער וועלט אַנטוויקלען זיך די מאָרפאָ־פיזיאָלאָגישע קרעפטען צו מאַכען אַן אינדיווידום, פונקט אַזוי אַנטוויקלען זיך די פסיכאָ־סאָציאָלאָגישע קרעפטען צו מאַכען אַ געזעלשאַפט. ביי חיות ווי ביי מענשען אַנטוויקלען זיך אַלזאַ די צוויי גרויסע ענערגיען: די אינדיווידואַליטעט אָדער די אויסאַיבונג פון די אייגענשאַפטען פון דעם ביאָלאָגיש גאַנצען און די סאָציאַליזירונג, ד. ה. די סאָלידאַרישע פאַראייניגונג פון די אויסגעאיבטע אייגענשאַפטען פון די אינדיווידומס אין דער געזעלשאַפט.

דאָס ציל פון דערדאָזיגער אַנטוויקלונג איז אַ פאַרפילפאַכטערע גאַנצקייט, צו אַזאַ אין וועלכער די מעגליכסט ברייטערע אויסאַיבונג פון די אייגענשאַפטען פון דעם אינדיווידום האָבען זיך אַנגעפּאַסט.

דער פּראָגרעס איז די דערנענטערונג צום דאָזיגען ציל.

דאָך ביי מענשען נעמט נאָך אַנטייל אַ ברייטער פּסיכיש לעבען, אַ פאַרפילפאַכטע אינטעלעקטועלע פונקציאָנירונג — און אין די אויסאַיבונגען

פון די אייגענשאַפטען פון זיין פאַרשטאַנד בויט דער מענש אויף אידעאַלען, וועלכע ווערען פאַרקערפּערט אין לעבען פון דער געזעלשאַפט. זי, די געזעלשאַפט, אין גאַנג פון איר אַנטוויקלונג אַנטוויקעלט זיינע אייגענשאַפטען אַלץ ווייטער, כדי ער זאָל נאָך ווייטער ווירקען אין דער געזעלשאַפט און אין איר אַנטוויקלונג פאַרקערפּערען זיינע אידעאַלען. די קאָאָרדינירונג פון געזעלשאַפטלאַכקייט און אינדיווידואַליטעט איז די אַנטוויקלונג פון דער מענשלאַכער געשיכטע.

די מענשלאַכע געשיכטע קען קורץ פאָרמולירט ווערן אַט אַזוי:

אַ פולשטענדיג אומבאַוואוסט לעבען דורך צייט און רוים ביי פּרימיטיווע גרופּעס. דאָס אומבאַוואוסטע לעבען דריקט זיך אויס אין אַן אומבאַוואוסטער אויסאיבונג פון אַלע אייגענשאַפטען פון אינדיווידום אין אַן אומבאַוואוסטער סאָלידאַריטעט פון די פונקציאָנירענדע אינדיווידומס. דאָס ערשטע גיט אַלס רעזולטאַט אַ פרייען אינדיווידום — דאָס צווייטע אַ האַרמאָנישע גרופּע.

אָבער אין דער ווייטערער אַנטוויקלונג טיילט זיך אַלץ מער און מער אויס דאָס אינדיווידועלע באַוואוסטזיין און דער באַוואוסטער אינדיווידום, אין דער ברייטערער פונקציאָנירונג פון זיינע אייגענשאַפטען, ווערט אַלץ אַ שטאַרקערער באַהערשער פון אומשטאַנדען און מענשען אין דער גרופּע. די פאָרמע פון סאָלידאַריטעט, וועלכע מוז שוין איצט איינשליסען די פאַרהעלטעניסען סאַי פון באַוואוסטע און סאַי פון אומבאַוואוסטע אינדיווידומס, ענדערט זיך. די אינדיווידועלע אַנטוויקלונג פון אייגצעלנע פּערזאָנען דריקט זיך אויס צוערשט אין דער הערשאַפט פון קליינע קיניגען איבער קליינע גרופּעס פון באַרבאַרישע פעלקער: שפּעטער צו אין דער געשיכטע — אין דעם אויפבויען פון יענע גרויסע טיראַנישע דינאַסטיעס פון מצרים, יענע דעספּאָטישע הערשאַפטען פון דעם מעסאָפּאָטאַמישען טאָל, ווי אשור, אקבאַד און בבל און די הערשאַפט פון אינדיע און כינאַ. יענע גרויסע הערשאַפטען און דעספּאָטיען זיינען געפאַלען אונטער דער אַנטוויקלונג פון זייערע אייגענע פעלקער. אין דער אַנטוויקלונג פון באַוואוסטזיין הערט ביסלאַכוויים אויף די אומבאַוואוסטע סאָלידאַריטעט און איר פּלאַץ פאַרנעמט אַ באַוואוסטע סאָלידאַריטעט.

די אַנטוויקלונג פון אַ באַוואוסטער סאָלידאַריטעט פּאַסירט דורך דער אַנטוויקלונג פון דעם באַוואוסטזיין פון אינדיווידום. די ערשטע פאָרמעס פון אַזאַ באַוואוסטזיין געפינען מיר אין די ערשטע עפּאָכעס פון דער אייראָפּייאישער געשיכטע. די גריכיש־רוימישע הערשאַפט איז טאַטזאַכלאַך אָליגאַרכיש — דאָס הייסט, אין דעם פּראָצעס פון געשיכטלאַכער אַנטוויקלונג האָבען שוין אַ גרעסערע צאָל אינדיווידומס דערגרייכט אַ פילפאַכע

באַוואוסטע אַנטוויקלונג. מערערע אינדיווידומס האָבען געזוכט אויסצו־איבען זייערע אייגענשאַפטען אַלס גאַנצע באַשעפּעניש|ען און פּראָפּאָרציאָנעל אויף אַזוי פיל האָט זיך געענדערט דער כאַראַקטער און די פאָרמע פון געזעלשאַפטלאַכער סאָלידאַריטעט.

דורך דער גאַנצער קריסטלאַכער ערא, ביז צום פאַל פון דעם פעאָדאַלען אַרט לעבען, גייט אַן אין דער געשיכטע נאָך אַ שטאַרקערע און אַ פילפאַכערע אַנטוויקלונג פון באַוואוסטער אינדיווידואַליטעט און נאָך אַ שטאַרקערע און פילפאַכערע אַנטוויקלונג פון געזעלשאַפטלאַכער סאָלידאַריטעט. די אי־דעאַלען, וועלכע דאָס קריסטענטום האָט אריינגעבראַכט אין דער געשיכטע זיינען גוטע עדות דערצו. און, צום סוף, די אַנטוויקלונג פון אַלץ ברייטערע און פילפאַכערע אייגענשאַפטען פון אינדיווידום און פון אַלץ ברייטערע און פילפאַכערער געזעלשאַפטלאַכער סאָלידאַריטעט אין דעם נייַנצענטען יאָרהונדערט זיינען צו אייגענשיינלאַך, אַז איך זאָל זיך דאַרפען דאָ אָפּ־שטעלען אויף זיי.

אין אַלע עפּאָכעס פון דער געשיכטע אַרבעט, אַלזאָ, דער אינדיווידום אַלץ מער און מער אויסצואיבען זיינע פאַרפילפאַכטע אייגענשאַפטען; דאָ אין דער פאָרמע פון דיינקען, דאָרט אין דער פאָרמע פון טאָן; דאָ אין דער פאָרמע פון רעליגיעס, פילאָזאָפיעס און וויסענשאַפטען, דאָרט אין דער פאָרמע פון אַרבעט, טעכניק און קונסט. און יעדער מאָמענט פון דיינקען און טאָן ברייננגט אים צו אַ פאַרפילפאַכטער שטופּע פון געזעלשאַפטלאַכ־קייט, וועלכע ווירקט אים ווייטער צו אַנטוויקלען.

איצט, גלויב איך, קענען מיר פאָרמולירען אונזער באַגריף פון פּראָג־רעס:

פּראָגרעס איז יענע באַוועגונג, דורך צייט און רוים, אין דעם פּראָצעס פון עוואָלוציאָן, וועלכע פירט יעדען געגענ־שטאַנד אָדער יעדע באַשעפעניש, דורך דער אויסאיבונג פון זיינע אייגענשאַפטען, צו אַן איבעראיינשטימונג אָדער סאָלידירונג מיט די צו אים ענלאַכע געגענשטאַנדען אָדער באַשעפּענישען, אין דער אויסאיבונג פון זייערע אייגענשאַפטען, אום אויסצו־בילדען אַ העכערע אָדער פאַרפילפאַכטערע גאַנצע.

פּראָגרעס, אַלזאָ, אין דער פיזיאָ־כעמישער וועלט, איז די באַוועגונג אין דעם פּראָצעס פון עוואָלוציאָן פון מאַטעריעלע עלעמענטען, וועלכע פּאָראַיי־

ניגען זיך דורך דער אויסאיבונג פֿון זייערע אייגנשאַפֿטן, באַווירקט פֿון די אַרומרינגלענדע אומשטאַנדן, כדי פֿון איינפֿאַכע געגנשטאַנדן אָדער קאָמפּאָנענטן צו פֿאַרמירן פֿילפֿאַכע. די באַזונדערע עלעמענטן אין די־דאָזיגע פֿאַראייניקונגען אינגאַנצן פֿאַרלירן זייער זעלבסטשטענדיקייט. די העכסטע שטופֿע אין דער פֿאַראייניקונג פֿון אָט דער סעריע איז די צעל. אַ דערנענטערונג צו דער דאָזיקער שטופֿע איז די מאָס פֿון פּראָגרעס אויף אָט דעם געביט.

פּראָגרעס אין דער מאָרפֿאָ־פֿיזיאָלאָגישער וועלט איז יענע באַוועגונג, דורך דעם פּראָצעס פֿון עוואָלוציאָן פֿון לעבעדיקע צעלן, וועלכע, דורך דער ווירקונג פֿון זייערע אייגנשאַפֿטן, באַווירקט פֿון די אַרומרינגלענדע אומשטאַנדן, פֿאַראייניקן זיי זיך אין פֿאַרפֿילפֿאַכטע איינהייטן ווי געוועבן, אָרגאַנען און אינדיווידומס. אין דער דאָזיקער פֿאַראייניקונג, כאָטש די צעלן זיינען אונטערגעאָרדנט דעם העכערן גראַד, פֿונדעסטוועגן פֿאַרלירן זיי ניט זייער זעלבסטשטענדיקייט אין דער אויסאיבונג פֿון פֿיל פֿון זייערע אייגענע אייגנשאַפֿטן. די העכסטע שטופֿע פֿון אָט דער סעריע איז דער אינדיווידום און די דערנענטערונג צו אָט דער שטופֿע איז די מאָס פֿון פּראָגרעס אויף אָט דעם געביט.

פּראָגרעס אין דער פּסיכאָ־סאָציאָלאָגישער וועלט איז יענע באַוועגונג פֿון אינדיווידומס, דורך דעם פּראָצעס פֿון עוואָלוציאָן, וועלכע, דורך דער אויסאיבונג פֿון זייערע אייגנשאַפֿטן, באַווירקט פֿון די אַרומרינגלענדע אומשטאַנדן, פֿאַראייניקט זי זיי אין פֿאַרשיידענע העכערע שטופֿעס פֿון געזעלשאַפֿטלעכקייט. אין אָט דער פֿאַראייניקונג פֿאַרלירן זיך די עלעמענטן ניט און עס איז ניטאָ קיין אונטעראָרדנונג פֿון די עלעמענטן — אינדיווידואַליטעט און געזעלשאַפֿטלעכקייט — ווייל ביידע זיינען אייגנשאַפֿטן פֿון דעם ביאָלאָגישן וועזן. דאָ איז דאָ בלויז אַ קאָאָרדינירונג פֿון די ביידע עלעמענטן. יעדע פֿאַרפֿילפֿאַכטע אויסאיבונג פֿון אינדיווידועלע אייגנשאַפֿטן אַנטהאַלט פֿאַרפֿילפֿאַכטע געזעלשאַפֿטלעכקייט; יעדע פֿאַרפֿילפֿאַכונג פֿון געזעלשאַפֿטלעכקייט אַנטהאַלט אַ ווייטערע פֿאַרפֿילפֿאַכונג פֿון אינדיווידום.

די מעגלאַכסט העכסטע און פֿילפֿאַכסטע אויסאיבונג פֿון אינדיווידועלע אייגנשאַפֿטן אין אַ מעגלאַך העכסטער און פֿילפֿאַכסטער געזעלשאַפֿטלאַכקייט איז די העכסטע שטופֿע פֿון דער סעריע. די דערנענטערונג צו אַזאַ צושטאַנד איז די מאָס פֿון פּראָגרעס אויף אָט דעם געביט.

# די סאָציאָלאָגיע *)

## (די פּרינציפּען פון דער געזעלשאַפט־לערע)

### א י נ ל י י ט ו נ ג

### א.

וואָס איז אַ געזעלשאַפט? וואָס זיינען די געזעלשאַפטלאַכע ערשיינונגען? צי קען מען די געזעלשאַפטלאַכע ערשיינונגען לערנען? וואָס איז סאָציאָלאָגיע?

וואס איז דער טייטש פון וואָרט סאָ־צי־אָ־לאָ־גיע? — געזעלשאַפט־לערע! אבער דאָך, קלינגט דאָס אַקוראַט, ווי ווען אַ שטייגער איר וואָלט מיך אַ פרעג טאָן, ווער איז מעפיסטאָפעל, און איך זאָל אייך ענטפערען, אז דאָס איז דער אַשמדאי! איך וואָלט געווען גערעכט, איר אָבער וואָלט אודאי אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסעל און וואָלט זיך געטראַכט: „מילא, לאָז זיין אַזוי, נאָר דעם אמת זאָגענדיג, האָב איך וועגען אשמדאי אויך ניט קיין גאַנץ קלאָרע ידיעה".

און דאָס איז פּונקט אַזוי ריכטיג ווי ווען מען פאַרטייטשט דאָס וואָרט סאָציאָלאָגיע מיט'ן וואָרט געזעלשאַפט־לערע. ווייל דאַמאָלס האָט מען נאָך אַלץ וועגען דעם עיקר ענין קיין ידיעה ניט; ערשטענס, דערפאַר ווייל דאָס וואָרט געזעלשאַפט־לערע פאָדערט פון אונז אַז מיר זאָלען זיך קלאָר מאַכען וואָס איז אַזוינס אַ געזעלשאַפט און, צווייטענס, דערפאַר, ווייל ווען מיר האָבען שוין יאָ פאַרשטאַנען וואָס איז אַ געזעלשאַפט, דאַרפען מיר נאָך ערשט פאַרשטיין אַז אַ געזעלשאַפט ל ע ב ט, ב אַ ו ו ע ג ט ז י ך און אַ נ ט ו ו י ק ע ל ט ז י ך, און אַז דאָס דאָזיגע לעבען, די דאָזיגע באַוועגונג און אַנטוויקלונג קומט ניט פאַר עפּעס אַזוי גלאַט אין דער וועלט

---

*) די פאָרליגענדע אַרבעט, איז ערשינען, פון יאַנואַר ביז אָקטאָבער, 1902, אין דער „צוקונפט". דאָס ווערק האָט געזאָלט באַשטיין פון דריי טייל, פאַרטיג געמאַכט און אָפּגעדרוקט איז אָבער נאָר געווען דער ערשטער טייל. פאַר די אַנדערע צוויי טייל האָט דער פאַרשטאָרבענער בלויז איבערגעלאָזט אַ פּלאַן.

דר. זאָלאָטאַראָוו האָט נעמלאַך געהאַט געפּלאַנעוועט אַרויסצוגעבען דאָס ווערק אין אַ בוך און פון פאַרשיידענע נאָטיצען איז קענטיג, אַז אין בוך־פאָרם האָט דאָס ווערק געזאָלט זיין באַדייטענט ברייטער ווי עס איז איצט. י. ע.

אַריין. נאָר אַז זי גייט זיך כדרך הטבע, בהדרגה און אַז טאַקע דאַריבער קען מען דאָס לעבען, די באַוועגונג און אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט גרינטלאַך דערלערנען.

בכן, לאָמיר־זשע גיין אַט אַזוי כסדר און דערקלערען זיך לכל־הפּחות וואָס איז אַ געזעלשאַפט איידער מיר פאַרמעסטען זיך צו גיין ווייטער.

טראַכט זיך נאָר איין אויף טשיקאַוועס אין אייער אייגענעם לעבען. איר האָט דאָך מסתמא אַ ווייב מיט קינדערלאַך, וועלכע איר דאַרפט מפרנס זיין, און איר האָט אודאי אַ בעל־הבית פאַר וועמען איר אַרבעט צו פאַרדי־נען אויף חיונה. אָדער אפשר זייט איר גאָר אַליין אַ געשעפטס־מאַן און האַנדעלט מיט אַנדערע מענשען. איר האָט דאָך מסתמא אַ קרייז פון גוטע ברידער און באַקאַנטע און געהערט אודאי צו קהל און האָט אַ „שטאָט“ אין מזרח־וואַנט, אָדער אפשר געהערט איר גאָר צו די „פרייע“, וואָס גלויב־בען אין גאָר־ניט. איר וואוינט מסתמא אין אַ לאַנד, וואו עס לעבען און האַנדלען מענשען פון אַ אַנדער אמונה און איר טרעפט זיך מיט זיי, פאַר־האַנדעלט מיט זיי אַן מחלוקות און אַן קריגערייען. איר וואוינט אודאי אויך אין אַ לאַנד וואו עס איז דאַ אַ קיסר, אַ פּאַרלאַמענט, אָדער אַ קאָנ־גרעס. וואו עס זיצען מענשען און מאַכען געזעצען פאַר'ן לאַנד און פאַר'ן פאָלק און איר מוזט דעם ווילען פון די געזעצמאַכער געהאָרכען, וכדומה און וואו עס זיינען דאַ נאָך אַנדערע מענשען מיט וועלכע איר באַגעגענט זיך, פּירט מסחורים, האַנדעלט און וואַנדעלט פון טאָג צו טאָג אייער גאַנצען לעבען. אַט צו די אַלע מענשען האָט איר אַ שייכות אין לעבען, — בלשון וויסענשאַפט הייסט דאָס, איר האָט מיט די אַלע מענשען געוויסע פאַר־העלטעניסען.

איבער דער שייכות וואָס איר האָט צו די מענשען, איבער דידאָזיגע פאַרהעלטעניסען האָט איר אַליין אַ שטיקעלע דעה. אמת, ניט קיין גרויסע אָבער דאָך אַ דעה. למשל, איר קענט דערציען אייער פאַמיליע ווי אייער האַרץ גלוסט, איר קענט אַרבעטען ביי דעם אָדער יענעם בעל־הבית אָדער פירען די אָדער יענע געשעפטען; איר קענט זיך אויסקלייבען די אָדער יענע גוטע ברידער און איינינע פון זיי ליב האָבען מער און אייניגע וויניגער; איר קענט, סוף כל סוף, אויב איר ווילט נאָר, אומבייטען דעם קהל און די מזרח־וואַנט פון אַ שול, אויף אַ קהל און אַ מזרח־וואַנט פון אַ קלויסטער, להבדיל, אָדער איר קענט שלאָגען כפרות מיט הכל בכל און אַלע אמונות און ווערען אַן אַטעאיסט; איר קענט אפילו, אויב עס איז אייך נוגע אין לעבען, פאַרלאָזען דאָס לאַנד וואו איר זייט געבוירען געוואָרען און דערצויגען גע־געוואָרען, בכדי איר זאָלט ניט דאַרפען געהאָרכען די געזעצען פון דער צורר פון דעם לאַנד אין וועלכען איר לעבט. דאָס אַלץ קענט איר טאָן אויב איר

וועלט. עס זיינען אָבער פאַראַן אַזעלכע מינים אַנשטאַלטען איבער וועלכע איר האָט גאָר קיין דעה ניט, פונדעסטוועגען פילט איר, אַז זיי שפּילען אין אייער לעבען זייער אַ גרויסע ראָלע. אָט, למשל, לאָמיר זאָגען, איר זייט געבוירען געוואָרען אַ איד אָדער אַ קריסט, און זייט דערצויגען געוואָרען אונטער דעם אָדער יענעם גלויבען. איר קענט ווערען אויס איד אָדער אויס קריסט. איר קענט אָבער א ל י י ן ניט אומבייטען ניט דאָס אידענטום מיט זיינע אַנשטאַלטען און אויך ניט דאָס קריסטענטום מיט די זייניגע. איר האָט די אמונה און די אַנשטאַלטען ניט באַשאַפען. איר זייט שוין גע־בוירען געוואָרען צו אַ פּאַרטיגער זאַך. אַקוראַט אַזוי קען מען טענה'ן מיט רעכט וועגען דעם, אַז מיר ווערען געבוירען אין אַ רבים פון מענשען, צווי־שען וועלכע עס זיינען שוין פאַראַן שטאַרקע, גרויסע עשירים און אָרימע פאַרוואָגעלטע קבצנים און אַז די לעצטע ווערען נעבאַך געבוירען צו זיין די משרתים פון די גדולים, די נגידים, און פונקט אַזוי, איז אויך אמת, אַז מיר ווערען געבוירען אין אַ פּאַרטיגער ממשלה פון מלכים און שופטים. מיר קענען אפילו אַנטלויפען פון אַ רעגירונג און פון די געזעצען פון אַ מדינה, מיר קענען אָבער א ל י י ן ניט איבערבייטען די רעגירונג און די געזעצען, ניט פון דער מדינה פון וועלכער מיר זיינען אַנטלאָפען און ניט פון דער מדינה צו וועלכער מיר זיינער געקומען. פאַרוואָס? פּשוט דערפאַר, ווייל די אַלע אומשטאַנדען און אַנשטאַלטען זיינען באַשאַפען געוואָרען דורך פיל הונדערטער יאָרען פון מענשלאַכען צוזאַמענלעבען.

אונזערע אייגענע אור־אַלטע אָבות, ווען זיי האָבען געלעבט און גע־האַנדעלט און געזאָרגט — און דאגות פּרנסה, דאגות חיונה, דאגות פון קינ־דער און קהל'שע דאגות איז ניט צו פאַרזינדיגען אַלע מאָל געוועזן, — האָבען אויסגעפּלאַכטען דאָס לעבען און די אַנשטאַלטען וואָס אונזערע טאַ־טעס האָבען געפונען; אונזערע טאַטעס האָבען אריינגעפלאָכטען אין דעמ־דאָזיגען לעבען זייער חלק עולם הזה און האָבען אונז איבערגעבען בירושה אָט דאָס דאָזיגע לעבען מיט די אַנשטאַלטען, וואָס מיר האָבען געפונען צווישען מענשען ווען מיר זיינען געבוירען געוואָרען און אויך מיר אַליין ווע־לען מסתמא עפּעס אויפטאָן, ווייל מיר לעבען דאָך און טוען און האַנדלען און זאָרגען צו מאַכען דאָס לעבען וואָס מיר האָבען געפונען אַנדערש ווי עס איז, בעסער פאַר אונז אַליין. אַזוי גייט זיך דאָס און אַזוי לעבט זיך דאָס צווישען מענשען. דאָס מענשלאַכע צוזאַמענלעבען באַשאַפט שייכות צווישען מענשען וועלכע ווערען פאַרהאַרטעוועט אין אַנשטאַלטען און די מענשלאַכע טעטיגקייט באַווירקט די באַשטענדיגע אומבייטונג פון דער שייכות פון די פאַרהעלטעניסען און אַנשטאַלטען. אַלץ איז איינעם געפלאָכטען ווי אין אַ נעץ איז די געזעלשאַפט פון לעבעדיגע ברואים.

די געזעלשאַפט, הייסט דאָס, איז אַ רבים פון שׂכל׳דיגע ברואים, וועלכע לעבען צוזאַמען, און זייער צוזאַמענלעבען בויט אויף, אין פאַרלויף פון דער צייט, אַ שטאַרקע און פילפאַכע אָרגאַניזאַציאָן צווישען זיי, וועלכע ווערט כסדר און שטענדיג באַווירקט און אומגעענדערט פון פיל סאַי אויסערלאַכע, סאַי אינערלאַכע פאַקטאָרען.

דאָס איז אָבער נאָך ניט אינגאַנצען, וואָס מען מוז פאַרשטיין ווען מען וויל זיך קלאָר מאַכען דעם טייטש פון דעם וואָרט געזעלשאַפט־לערע.

לכתחלה, אַז מען טראַכט זיך ניט אַריין אין דער באַדייטונג פון דעם וואָרט געזעלשאַפט, קען מען האָבען אַ ווילדען טעות און מיינען, אַז די מענשלאַכע געזעלשאַפט, אין וועלכער מענשען לעבען פון אייביגע יאָרען אָן, איז געוואָרען אַזוי, למשל, ווי מיר מאַכען אַ ביקור־חולים חברה, אָדער אַן אַרבעטער יוניאָן: עטלאַכע מענשען קומען זיך צונויף, זיינען זיך מיישב וועגען דעם אָדער יענעם ענין, וועלכער איז זיי שטאַרק נוגע, שלאָגען האַנט תקיעת כף און מאַכען זיך אַ חברה מיט דעם אָדער יענעם אויסזיכט, מיט דעם אָדער יענעם ציל אין אויג און זוכען נאָר פאַסענדיגע מיטלען אויסצופירען זייער באַגער.

אַזוי, קען מען נאָך מיינען, איז אויך געווען פאַרצייטענס. אונזערע ווילדע אָבות זיינען זיך צונויפגעקומען, האָבען זיך מיישב געווען צו מאַכען אַ מענשלאַכע געזעלשאַפט און כפי זייער רצון איז באַשאַפען געוואָרען די געזעלשאַפט. דאָס איז אָבער במחילה ניט אמת! ווייל, פאַרשטייט איר, עס איז דאָ אַ סברה, אַז די חיות, וועלכע שטייען אויף אַ נידעריגערער מדרגה אין שׂכל ווי דער מענש, און פון וועלכע ער שטאַמט אַרויס, לעבען אויך אין געזעלשאַפטען און אַז דידאָזיגע מידה האָבען די מענשען פשוט איבערגענומען פון זיי בירושה. און באמת קענען מיר גאָרניט דעם מענשען אויסער אין דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען. דאָס הייסט, וואו מיר געפינען נאָר אַ מענשען, געפינען מיר שוין אַז ער לעבט צווישען אַנדערע מענשען פון דעמזעלביגען סאָרט אין געזעלשאַפטלאַכער שייכות.

אין אָנהויב איז די מענשלאַכע געזעלשאַפט טאַקע גאָר אַ פּראָסטינקע, אַז איינפאַכע. הייסט דאָס: אַ קליינע צאָל ווילדע מענשען קומען זיך צונויף צו כאַפּען, לאָמיר זאָגען, אַ חיה אויף חיונה און אַז זיי האָבען זי געכאַפּט צעטיילט מען זי טאַקע דאָ אויפ׳ן אָרט אין אַ געוויסען שטייגער און מען צעגייט זיך. זיי קומען זיך ווידער צונויף, למשל, ווען זיי ווילען מלחמה

האַלטען מיט ווילדע פון אַנאַנדער שטאַם, אָדער אַז זיי וואַנדערען פון לאַנד צו לאַנד בכדי צו געפינען מער חיונה. אין תוך גענומען זיינען זיי אַלע פאַר־בונדען פשוט דורך דעם וואָס זיי זיינען אַלע קרובים פון איין משפחה, שוועסטער און ברידער, פעטערס און מומעס און גלאַט אַזוי אַלערליי גע־שוועסטערקינדער. מיט דער צייט ווערט די משפחה אַלץ גרעסער און די קרובה'שאַפט אַלץ קלענער און קלענער; עס בילדען זיך אין לעבען פאַר־שיידענע כללים, דינים און מנהגים, עס וואַקסען מיט דער צייט אויס נייע וועגען ווי אַזוי צו דערווערבען זיך חיונה, מען באַזעצט זיך אויפ'ן לאַנד וואו מען קען פּאַשען די פי וואָס גיבען מילך און פליייש, און ביסלאַכוויים, אַלץ מיט דער צייט, טיילען זיך אַרויס איינציקע מענשען — קליגערע פון דעם פּראָסטען עולם — וואָס ווערען די הייליגע, די כלי־קודש און זיי דער־קלערען די וואונדער פון דער נאַטור. אָדער אַנדערע וואָס ווערען די באַ־זיצער, די בעלי־הבתים פון די רייכטימער, וועלכע זאַמלען זיך אָן דורך דעם שטאַרקען, נייעם געפיל וואָס האָט זיך אויפגעוועקט ביים רויען, ווילדען מענשען צו פאַרזאָרגען זיך מיט חיונה אויף שפּעטער; אָדער גאָר אַנדערע וועלכע זוכען צו ווערען די הערשער איבער דעם המון דערפאַר, ווייל זיי זיי־נען געווען די אַנפירער פון פאָלק דורך די מלחמות מיט אַנדערע פעלקער. ביסלאַכוויים, אויף אַזאַ אופן, וואַקסט אויס די קליינע געזעלשאַפט פון אונ־זערע ווילדע אָבות, זי אַנטוויקעלט הונדערטערליי פאַרשיידענע פאַרהעלטע־ניסען און אַנשטאַלטען פון וועגען און מיטלען ווי אַזוי צו דערווערבען לע־בענסמיטלען, פון געדאַנקען און אידייען וועגען גלויבען און אָבערגלויבען, פון געזעצען און הערשאַפט איבער מענשען און קלאַסען. און די אַלע פאַר־שיידענע פאַרהעלטעניסען און אַנשטאַלטען בייטען זייער פּנים אין פאַרלויף פון טויזענדער יאָרען און עס אַנטוויקעלען זיך פאַרשיידענע מינים געזעל־שאַפטען — פאַרשיידענע פאָרמעס פון דער מענשלאַכער געזעלשאַפט.

אַלע צווייגען פון מענשלאַכען לעבען און דער מענשלאַכער טעטיגקייט קען מען גרינטלאַך דערלערנען און אַקוראַט ווי דאָס לעבען, די אומבייטונג און אַנטוויקלונג פון דער אור־אוראַלטער געזעלשאַפט פון אונזערע ווילדע אָבות דערלערנט די עטנאָלאָגיע; אַקוראַט ווי דאָס ווייטערדיגע, שפּעטער־דיגע לעבען פון דער מענשלאַכער געזעלשאַפט באַשרייבט און דערלערנט די היסטאָריע; אַקוראַט ווי דעם שווערען וועג פון טרחה און האָרעוואַניע פאַר לעבענס־חיונה, דערלערנט די עקאָנאָמיע; און אַקוראַט ווי די שטאַרקע אַנטוויקלונג פון דינים און מנהגים, פון געזעצען און הערשאַפט לערנען אונז די פּאָליטישע און עטישע וויסענשאַפטען, אַקוראַט אַזוי פאַראייניגט די גע־זעלשאַפט־לערע, די סאָציאָלאָגיע, די אַלע צווייגען פון מענשלאַכער טעטיגקייט און זוכט צו אַנטדעקען די יעניגע כללים, וועלכע דאַרפען דערקלערען דעם

גאַנצען גאַנג, דאָס גאַנצע לעבען, די וואונדערבאַרע פאַרענדערונג און אנטוויקלונג פון דער מענשלאַכער געזעלשאַפט.

די געזעלשאַפט־לערע, די סאָציאָלאָגיע, הייסט דאָס, זוכט צו פאַראייניגען אַלע דערשיינונגען אין דער געזעלשאַפט, אויסצופאָרשען די וועגען און די כּללים, אויף וועלכע שכל'־דיגע בּרואים, סאַי חיות סאַי מענשען, לעבען צוזאַמען און מאַכען פילפאַכע אָרגאַניזאַציאָנען דורך דער שייכות צווישען זיי און זי לערנט אונז די פאַרשיידענע ווירקונגען פון די פיל פאַרשיידענע פאַקטאָרען אין דער אומביטונג און דער אַנטוויקלונג פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען.

ב.

די סאָציאָלאָגיע באַנוצט זיך מיט דיזעלבע מיטלען ווי אַלע אַנדערע וויסענשאַפטען. — מעטאָדען אין דער סאָציאָלאָגיע, באָאָבאַכטונג, געשיכטלאַכער פאַרגלייך, אינדוקציע און דעדוקציע. — די געשיכטלאַכע אָדער אַנטוויקלונגס־מעטאָדע און די פסיכיש־סינטעטישע.

האָבענדיג זיך מער־אָדער־וויינינגער קלאָר געמאַכט דעם ענין און דעם עיקר פון דער סאָציאָלאָגיע, וואָלט איצט, דאַכט זיך, געווען אַ יושר, אַז מיר זאָלען פאַרשטיין ווי אַזוי מען לערנט דעמדאָזיגען ענין. האָבען מיר פאַרשטאַנען, אַז אַ רבים פון שכל'דיגע בּרואים, וועלכע האָבען אַ שייכות צווישען זיך און בויען אויף אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציאָן וואָס לעבט, ענדערט זיך און אַנטוויקעלט זיך — פשוט ווי אַ לעבעדיגע זאַך — קען מען גרינטלאַך דערלערנען. דאַרפען מיר זיך מטריח זיין און אויספאָרשען די וועגען ווי אַזוי מען טוט דאָס; ניט נאָר צוליב דעם אַז מיר זאָלען וויסען ווי אַזוי אַ רבים פון סתם שכל'־דיגע בּרואים לעבען אין אַ געזעלשאַפט, נאָר פשוט כּדי בעסער צו פאַרשטיין די שייכות צווישען אונז אַליין, בעסער צו פאַרשטיין, אונזער אייגענעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען. און עס פאַרשטייט זיך, אַז לערנען אַ זאַך מוז מען אין אַ געוויסען סדר, מיט אַ געוויסען וועג.

אַמאָליגע יאָרען האָבען אונזערע אָבות געגלויבט אַז די שייכות צווישען מענשען, אַלע מענשלאַכע פאַרהעלטעניסען און אַלע מענשלאַכע אַנשטאַלטען,

אקוראט ווי אלץ אין דער נאטור, אלץ אין דער גרויסער וועלט, זיינען אונטער דער גרויסער השגחה פון דעם רבונו של עולם. אז דער מענש קען ניט דעקלערען און קען ניט פארשטיין, מיט זיין קליינעם שכל, די וועגען פון דעם וואס לעבט אייביג.

ערשט שפעטער, אז דער מענשלאכער שכל איז א ביסעל לויטערער געווארען, אז עס האבען זיך ביים מענשען געעפענט די אויגען און ער האט אנגעהויבען ביסלאכוויים צו פארשען און דערקלערען די נאטור און האט זי אנגעהויבען פארשטיין, האט ער ביסלאכוויים ארויסגענומען די ממשלה איבער איר פון „זיין ליבען נאמען". דאמאלס האט ער אויך אנגעהויבען אריינצוקוקען אין דעם לעבען פון מענשען צווישען זיך. א לאנגע צייט האט ער זיך אבער דאסדאזיגע לעבען ניט געקענט דערקלערען, ווייל ער האט נאך ניט גענוג דערלערנט אלץ וואס האט ארומגערינגעלט דאס דאזיגע לעבען; ער האט געמיינט, אז די שייכות צווישען מענשען, אז דאס געזעלשאפטלאכע לעבען איז מאדנע קאפריזנע, איז משונה'דיג ווילד: היינט לעבען מענשען אין פרידען, מארגען שלאגען זיי זיך אין מלחמות; היינט איז אין א לאנד שלום ושלוה און מארגען שאלען דארטען טראמפיירטען פון א בלוטיגען אויפשטאנד פון דעם המון עם, הכלל, אין דעם געזעלשאפטלאכען לעבען איז אלץ הפקר א וועלט, טא ווי אזוי קען מען דאסדאזיגע לעבען דערלערנען?

דאס האט אבער נאר געדויערט אזוי לאנג ביז דער מענש האט גענומען אנווענדען זיין ביסעלע נייע תורה, דעם אמת'ן וויסענשאפטלאכען וועג, דורך וועלכען ער האט דערלערנט די נאטור, — אויך אויף צו לערנען זיין אייגען לעבען און דאס לעבען פון זיינע אלטע אבות. דאמאלט האט ער ערשט פארשטאנען, אז דאס לעבען פון דער מענשלאכער געזעלשאפט קען מען פונקט אזוי גוט דערלערנען ווי מען קען לערנען די גרויסע אויסערלאכע נאטור; פונקט אזוי גוט, ווי מען קען לערנען די ערד און אלץ וואס וואקסט אויף איר; פונקט אזוי גוט, ווי מען קען דערלערנען אלע חיות וואס לעבען אויף איר און פונקט אזוי גוט ווי מען קען דערלערנען אלץ וואס פרוכפערט זיך און מערט זיך אויף דער וועלט; און אקוראט ווי מען קען דערקלערען דעם מענשען אליין, דעם יחיד, אין זיין געבוי און אין זיין טעטיגקייט, אין זיין נארונג און באשיצונג, אין זיין ארבעטען און רוען, אין זיין באהעפטען זיך צו זיין פרוי און אין זיין ליבע צום דור וואס שפראצט פון אים ארויס, אין זיינע געפילען און דיינקען, אין זיין גאנצען לעבען — אקוראט אזוי קען מען דעם מענשען אויך דערלערנען אין זיין שייכות צו די חברים פון זיין אייגענעם מין, אין די הונדערט און טויזענט מינים פארהעלטעניסען צווישען וועלכע ער לעבט אין דער מענשלאכער געזעלשאפט.

כמעט אַט דאָ, אויף אונזערע אויגען, בילדעט זיך אויס די געזעלשאַפט־לערע, די סאָציאָלאָגיע, פאַר אַן אמת'ער וויסענשאַפט, דאָס הייסט, זי דערפאָרשט דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען, שטעלט אויף קלאָר פאַר אונזערע אויגען די זיכערסטע סאָציאַלע פאַקטען, סאָרטירט זיי און פּרואווט זיך יעדען סאָרט פון דידאָזיגע פאַקטען, דערשיינונגען אָדער שייכות צווישען מענשען, צו דערקלערען דורך אַ פעסטגעשטעלטען כּלל — דורך אַ סאָציאַלען געזעץ. דאָס קען מען אָבער נאָר אין אַ באַשטימטען שטייגער, אין אַ באַשטימטען וועג און די וועלכע פאָרשען דאָס לעבען פון דער געזעלשאַפט — די סאָציאָלאָגען, באַנוצען זיך מיט די מיטלען, וועגען און מעטאָדען מיט וועלכע עס באַנוצען זיך אַנדערע וויסענשאַפטלאַכע מענער אין אַנדערע וויסענשאַפטען.

וועלכע זיינען זיי — די מיטלען, וועגען און מעטאָדען?

ווען איר ווילט זיך, למשל, באַקאַנט מאַכען מיט דעם ווי אַזוי מען קלייבט אויס אַ פּרעזידענט אין די פאַראייניגטע שטאַטען, וואָס דאַרפט איר טאָן? צוקוקען זיך, באַטראַכטען די צייט ווען מען ווילט, באַאָבאַכטען דעם גאַנצען עסק. און אַז איר קוקט זיך גוט צו, זעט איר בחוש אַז מען וועט אויסקלייבען איינעם וואָס דער כּלל מענשען פון לאַנד איז אים גאָר ניט נוגע, אַז ער איז גאָר סך הכּל אַן עבד ביי אַ הייפעלע רייכע, מאַכטיגע מענשען, וועלכע זיינען די הערשער פון לאַנד, און אַז איר פרעגט זיך: „סטייטש, ווי קומט דאָס!“ — אויף דער קשיא וועט איר ערשט געפינען אַ ריכטיגען תירוץ ווען איר וועט עפענען דעם ספר הזכרונות, די היסטאָריע פון די פאַראייניגטע שטאַטען און וועט לערנען די געשיכטע פון פאָלק. דאַמאָלס וועט איר פאַרשטיין, אַז דאָס איז אַ פּשוטע מעשה, אַז דאָס גאַנצע פאָלק פון די פאַראייניגטע שטאַטען צעטיילט זיך אין פאַרשיידענע קלאַסען מענשען און אַז פון די אַלע קלאַסען מענשען איז דאָס קליינע הייפעלע רייכע דער מאַכטיגסטער אין דעם מענשלאַכען צוזאַמענלעבען. „וואָס הייסט, וועט איר פרעגען, איז דאָס נאָר אין די פאַראייניגטע שטאַטען אַזוי, צי אין אַנדערע לענדער אויך?“ יאָ, אָבער אום צו ענטפערען אויף דערדאָזיגער קשיא, מוזט איר שוין לערנען די היסטאָריע פון אַנדערע לענדער אויך און פאַרגלייכען איינע מיט דער אַנדערער. און, גייענדיג אַ טריט ווייטער, אַז איר טוט דאָס און איר לערנט און פאַרגלייכט די היסטאָריע פון פאַרשיידענע לענדער, וועט אייך, העכסט מעגלאַך, גאָר איינפאַלען די סברה אַז איבער דער גאַנצער ציוויליזירטער געזעלשאַפט פון אייראָפּע און אַמעריקע הערשט אַ קליין הייפעל מענשען, רייכע ווי קורח און מאַכטיגע טאַקע דערפאַר, ווייל זיי באַזיצען אַלע אוצרות פון דער וועלט.

זעט איר, אַז אייך האָט זיך געוואָלט וויסען אַ קליינינקייט, ווי אַזוי מען קלייבט אויס אַ פּרעזידענט, האָט איר געדאַרפט צו דעם צוקוקען זיך. באַאָבאַכטען דאָס. דאָס איז געווען פאַרגעקומען אויף אייערע אויגען. אַקוראַט אַזוי ווען דער סאָציאָלאָג וויל לערנען געזעלשאַפט־לאַכע דערשיינונגען, וועלכע טרעפען זיך אין דער געזעלשאַפט פאַר זיינע אויגען, קוקט ער זיך צו זיי צו, ער באַאָבאַכטעט זיי.

באַאָבאַכטונג איז איינע פון די מיטלען צו לערנען דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען.

אַז איר האָט אָבער געוואָלט וויסען פונוואַנען נעמען זיך קלאַסען און אַ הייפּעלע הערשענדע מענשען אין לאַנד און צי זיינען דאָ קלאַסען און הערשער אין אַנדערע לענדער אויך, האָט איר שוין געמוזט לערנען די היסטאָריע פון לאַנד און פאַרגלייכען זי מיט דער היסטאָריע פון אַנדערע לענדער.

לערנען די היסטאָריע פון דער מענשהייט און פאַרגלייכען היסטאָרישע צייטען פון פאַרשיידענע לענדער בכדי בעסער צו פאַרשטיין די שייכות פון מענשען צווישען זיך, וועגען זייער נויטיגע מיטלען צו דערלערנען דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען.

און אַז איר האָט זיך אַזוי פאַוואָלינקע געלערנט די היסטאָריע און עס איז אייך געקומען אויפ׳ן רעיון די סברה — די דעדוקציע, בלשון וויסענשאַפט — אַז אַ הייפּעלע רייכע און מאַכטיגע מענשען באַהערשען די פאַרעלטעניסען פון דעם היינטיגען מענשלאַכען צוזאַמענלעבען און איר האָט זיך דידאָזיגע סברה — די דעדוקציע — געפּרואווט איבערצייגען דורך פיל סאָציאַלע פאַקטען, זייט איר פשוט נישט וויסענדיג געווען אַ סאָציאָלאָג. ווייל אויפבויען געדאַנקען, סברות — דעדוקציעס — וועלכע האָבען אַ שייכות צו די דערשיינונגען אין דעם מענשלאַכען צוזאַמענלעבען און באַשטעטיגען זיי דורך סאָציאַלע פאַקטען, איז איינע פון די שטאַרקסטע און וויכטיגסטע מיטלען אין דער סאָציאָלער פאָרשונג.

גייענדיג ווייטער, לאָמיר זאָגען, אַז לערנענדיג דאָס לעבען פון פאַרשיידענע מינים חיות, באַקענט איר זיך מיט די סברות פון די געלערנטע, אַז צווישען אַלע לעבעדיגע באַשעפענישען הערשט אַ מורא׳דיגע מלחמה פאַר חיונה. וואָס דערפאַר, טענה׳ן יענע געלערנטע, איז צווישען מענשען אויך

אַ באַשטענדיגע מורא'דיגע מלחמה טאַקע אויך פאַר חיונה. פּלוצלונג אָבער דערזעט איר ביי די נידעריגסטע פון די שכל'דיגע חיות, ווי פיש, למשל, חברה'לאַד וואָס העלפען זיך איינע די אַנדערע, ווען זיי שווימען איבער פון איין וואַסער אין אַ צווייטען אין געוויסע צייטען פון יאָר. איר קוקט זיך בעסער צו צום לעבען פון חיות און באַמערקט דאָס נעמלאַכע אויך צווישען געוויסע מינים קריכעדיגע שרצים. זיי, לערנט איר, קלייבען זיך אויך צונויף אין אַ געוויסער צייט פון יאָר און וואַנדערען אינאיינעם צו אַ ברעג טייך, בכדי בשותפות צו לייגען דאָרט זייערע אייער. איר קוקט זיך ווייטער צו און געפינט דאָס זעלביגע צווישען די פויגעל פון דער לופט, זיי אויך מאַכען חברות בכדי אויסצופירען געוויסע לעבענס־באַדערפעניסען. ווער שמועסט צווישען פיר־פיסיגע חיות באַגעגענט איר זיך מיט חברות'דיגע פאַראייניגונגען אויף שריט און טריט און ניט נאָר איז די פאַראייניגונג אַ משכ'דיגע נאָר אָפטמאָל איז זי אויך אַ באַשטענדיגע. און אָט אַזוי פּאַוואַלינקע אַנטדעקט איר אַ פאַקט נאָך אַ פאַקט פון געזעלשאַפטלאַכען צוזאַמענלעבען צווישען חיות. דערנאָך, ווען איר קוקט זיך איין אין דעם לעבען פונ'ם מענשען, טרעפט איר שוין נאָר באַשטענדיגע חברות מיט דעם גאַנץ קלאָרען ציל צו העלפען איינער דעם צווייטען, צו פאַרבעסערען דאָס לעבען און די אומשטאַנדען פון דער געזעלשאַפטלאַכער פאַראייניגונג און איר פילט זיך ממש ווי ניי־געבוירען בשעת איר **ציט דעם גרויסען באַשלוס, אַז געזעלשאַפטלאַכע פאַראייניגונג צווישען מענשען איז אַזאַ רעעלע, נאַטירלאַכע דערשיינונג ווי די מלחמה פאַר חיונה.**

**דאָס האָט איר אויפגעבויט דעם וויסענשאַפטלאַכען שלוס — די אינדוקציע — וועלכע שטעלט פעסט דאָס געזעלשאַפטלאַכע צוזאַמענלעבען. דאָס הייסט פון אַ גרויסער צאָל זיכערע, באַשטימטע פאַקטען, וועלכע האָבען איינער נאָך דעם אַנדערען אויפגעוויזען אויף אַ געוויסען אמת. האָט איר דעמדאָזיגען אמת געצויגען ווי אַ שלוס פון אייערע פאַקטען.**

דאָס איז אין דער סאָציאָלאָגיע ווי אין אַלע נאַטור־וויסענשאַפטען דאָס מאַכטיגסטע מיטעל — די שטאַרקסטע און זיכערסטע מעטאָדע פון פאַרשונג.

דאָך זיינען דאָס נאָך אַלץ ניט אַלע מיטלען, אַלע מעטאָדען, מיט אָדער דורך וועלכע מיר קענען דערלערנען די שייכות צווישען מענשען פון דאָס געזעלשאַפטלאַכען לעבען. ווייל ווען מיר וויקלען פאַנאַנדער דעם גרויסען פאַרמעט אויף וועלכען עס איז פאַרשריבען די מענשלאַכע געשיכטע,

סאַי פון די אור־אוראַלטע צייטען, סאַי פון די נייערע און נייסטע צייטען, זעען מיר, אַז באַזונדערע מענשלאַכע געזעלשאַפטען ווערען געבוירען, אַנטוויקלען זיך און פאַר־גייען אין תהום פון דער צייט. און אַז יעדע פאָרמע פון די נייערע גע־זעלשאַפטען שיינט צו שטיין וויינציגסטענס אויף אַ וויטערער שטופע פון אַנטוויקלונג, ווען ניט אויף אַ העכערער שטופע פון פאָרטשריט. און ווען מיר נעמען זיך די גרויסע מי צו לערנען דאָס לעבען פון די אַלע פאַרגאַנגענע געזעלשאַפטען, צו פאַרגלייכען זייער לעבען בכדי צו באַשטימען זייער היסטאָרישען ווערט, קענען מיר דורך דעם אויסגעאַרבעטען דעם גאַנצען לאַנגען וועג פון דער גאַנצער אַנטוויקלונג פון מענשלאַכע געזעל־שאַפטען און לערנען די געזעצען פון דערדאַזיגער אַנטוויקלונג און אפשר אויך לערנען די געזעצען פון מענשלאַכען און געזעלשאַפטלאַכען פאָרט־שריט.

דאָס איז דער אַנטוויקלונג־היסטאָרישער וועג אָדער מעטאָדע אין דער סאָציאָלאָגיע. און מיט דעמדאָזיגען וועג, וועלכער זוכט דעם איינקלאַנג, די שטימונג צווישען דעם מענשען׳ס פיזישען לעבען, צווישען זיינע געפילען און געדאַנקען מיט די געזעלשאַפטלאַכע פאַרהעלטעניסען און אַנשטאַלטען אין וועלכע ער לעבט אין יעדען היסטאָרישען משך — די פּסיכיש־סינטע־טישע מעטאָדע, ווי די סאָציאָלאָגען רופען זי — האָבען מיר אויסגעשעפּט אַלע מיטלען, וועגען און מעטאָדען וועלכע מיר קענען באַנוצען אויב מיר ווילען לערנען די געזעלשאַפט־וויסענשאַפט.

עס מוז אויך באַמערקט ווערען, אַז אין דער לעצטער צייט האָט מען פיל געלערנט וועגען דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען פון אונזערע אַלטע אבות אויך דורך דעם פאַרגלייך פון לשונות, און וואָס מיט דער צייט וועט זיך פון דעמדאָזיגען וועג אויסבילדען אַ מאַכטיגער מיטעל צו לערנען די פאַרהעל־טעניסע צווישען מענשען. אָבער באמת גערעדט איז דאָס בלויז איינע פון די פאַרגלייכענדע מיטלען, וועלכע די סאָציאָלאָגיע באַנוצט צו דערפאָרשען איר פעלד פון דערשיינונגען און זונדערט זיך ניט אָפּ פון אַנדערע פאַר־גלייכונגען אין דער געזעלשאַפט־וויסענשאַפט.

אָט דאָס זיינען די מיטלען, וועגען און מעטאָדען, דורך וועלכע מיר קע־נען לערנען דאָס לעבען, די פאַרענדערונג און די אַנטוויקלונג פון דעם גע־זעלשאַפטלאַכען לעבען.

ג.

די היסטאָריע פון דער אידייע וועלכע פּרואווט זיך צו דער־קלערען די נאַטירלאַכקייט פון לעבען און די אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט. — די סאָפיסטען, פּלאַטאָן און אַריסטאָטעלס, די קריסט־לאַכע אידייע, האָבס און לאָק, שפּינאָזא, מאָנטעסקיעו, קאַנט, רוסאָ און העגעל. — די שטרעבונגען אין דער סאָציאָלאָגיע צו דערקלע־רען די קרעפטען וואָס טרייבען דאָס לעבען און אַנטוויקלונג פון געזעלשאַפטען — קאַנט, ספּענסער, מאַרקס און קאַרעיעוו.

לאָמיר נאָר דורכבלעטערען דעם ספר הזכרונות, די היסטאָריע, און לאָ־מיר זיך גוט צוקוקען ווי אַזוי איז עס צוגעגאַנגען מיט דעם געדאַנק וועגען דעם, ווי אַזוי ווערט און ווי אַזוי אַנטוויקעלט זיך דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען.

פּלאַטאָן דערציילט אונז, אַז נאָך פאַר אים האָבען זיך אַ קליינע כּתּה גריכישע תנאים, די סאָפיסטען, גע'חקירה'ט איבער דעם לעבען פון דער געזעלשאַפט: דער קהל, האָבען זיי גע'טענה'ט, איז טיילוויס אַ נאַטירלאַכע זאַך, דאָס הייסט, אַז די שייכות צווישען מענשען וואַקסט אוים עפּעס ווי פון זיך אַליין. טיילווייס אָבער זיינען די געזעצען באַשאַפען פון דעם ווילען פון מענשען. די ערשטע, דאָס הייסט, די נאַטירלאַכע שייכות צווישען מענשען איז סוף כּל סוף מנצח די צווייטע, דאָס הייסט, די קונסטלאַכע שייכות צווישען מענשען און מענשען. איז אַ געזעלשאַפט, לעבען אַ נאַטירלאַד לעבען. פּלאַטאָן אַליין האָט גע'ירשנ'ט דעמדאָזיגען געדאַנק, אַז די געזעלשאַפט איז אַ נאַטירלאַכע שייכות צווישען מענשען, טאַקע פון די סאָפיסטען גופא, ער האָט אָבער פיל ברייטער פאַרשטאַנען דעם גאַנצען עניין. ער האָט פאַרשטאַנען אַז אַלע געזעלשאַפטלאַכע דערשיינונגען שפּראַצען אַרויס פון דער שייכות צווישען מענשען און דערפאַר טאַקע זיינען אַלע דערשיינונגען און דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלאַכע לעבען אַ נאַטירלאַד לעבען. ער איז אָבער בשעת מעשה אַריינגע־פאַלען אין דעם טעות פון אַ סך אַלטע פילאָזאָפען און מחשבה'ניקעס; ער האָט גע'טענה'ט: יאָ, אמת די מענשלאַכע געזעלשאַפט איז טאַקע אַ נאַטירלאַכע, אָבער די נאַטור אַליין איז דאָך באַשאַפען בצלם אלהים; איבער דער נאַטור שטייט די קונסט, די געטלאַכקייט און די גאַנצע נאַטור ווערט אַלץ בעסער און שענער וואָס מער זי קומט צו נענטער צו דער

געטלאַכקייט און וואָס איז שייך צו דער געזעלשאַפט מוז מען זי זען מאַכען אַזוי, אַז זי זאָל צוקומען וואָס נענטער צו דער געטלאַכקייט. דערפאַר טאַקע דאַרפען די כללים און דינים פון דעם קהל׳שען צוזאַמענלעבען געמאַכט ווערען פון אַ תלמיד חכם אַזוי ווי די געטלאַכקייט געבאָט אים און ער וועט שוין איינאָרדענען דאָס לעבען פון מענשען ווי געהעריג איז. פלאַטאָן באַמערקט גאָר ניט, אַז דער געדאַנק, אַז דאָס קהל׳שע לעבען איז אַ נאַטירלאַך לעבען און עס שטאַמט ארויס פון דער נאַטירלאַכער שייכות צווישען מענשען איז פשוט סותר דעם געדאַנק אַז דאָס לעבען ווערט אַלץ בעסער און שענער, דערנענט זיך צו דער געטלאַכקייט דורך די געמאַכטע אָדער אויסגעקלערטע דינים און כללים פון אַ תלמיד חכם צו וועלכע די מענשלאַכע געזעלשאַפט דאַרף זיך צופאַסען. פלאַטאָן האָט פשוט צונויפגעמישט דאָס מענשלאַכע געזעלשאַפטלאַכע לעבען מיט דעם גרונטגעדאַנק פון זיין גאַנצער פילאָזאָפישער חקירה. ער האָט גערעכענט, בלי ספק, אַז די העכסטע שיינקייט און די מערסטע גוטסקייט און די גרעסטע גערעכטיקייט איז דער אוצר און דער געשאַנק פון די געטער און אַז מענשען קענען לעבען אַלץ גליקלאַכער, וואָס מער זייער לעבען וועט זיין בצלם פון דעם געטלאַכען לעבען. ניט אַזוי האָט פאַרשטאַנען דעם דאָזיגען עניין פלאַטאָנ׳ס תלמיד, דער גרויסער חכם אַריסטאָטעלעס.

פון אַלע אַלטע חכמים איז ער געוועזן דער איינציגער וואָס האָט פאַרשטאַנען דאָס קהל׳שע לעבען ווי מען באַדאַרף עס פאַרשטיין. דאָס לעבען פון דער געזעלשאַפט, לערנט אונז אַריסטאָטעלעס, דאָס קהל׳שע לעבען דאַרף מען פריער פון אַלץ דערלערנען אַזוי ווי עס איז און דאָס הייסט ביי אים, ווי ביי אַלע פאַרצייטיגע דיינקער, פאָליטיקע, זי — די פאָליטיקע — דערלערנט די מענשען ווי אַזוי זיי זיינען, ווי די נאַטור האָט זיי באַשאַפען. דורך די גוטע מעלות וואָס מענשען האָבען, בויען זיי זיך אויס דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען און דאָס ציל פון דעם קהל׳שען לעבען איז צו מאַכען יעדען יחיד וואָס לעבט אין דעם קהל גליקלאַכער, ווייל דאָס ציל פון יעדען יחיד איז צו מאַכען דאָס קהל׳שע לעבען בעסער. דאָס קהל׳שע לעבען איז דאַריבער אַ נאַטירלאַכע, אַ לעבעדיגע זאַך און ווי יעדעס לעבעדיגע באַשעפעניש ווערט עס געבוירען, עס לעבט, אַנטוויקעלט זיך און עס שטאַרבט. און אַקוראַט ווי יעדע לעבעדיגע זאַך באַשטייט פון פאַרשיידענע אברים אַזוי באַשטייט אויך קהל פון פאַרשיידענע חלקים, ווי למשל די פאַמיליע, די מלוכה, די קהל׳שע כלי־קודש, די שופטים וכדומה. און כאָטש יעדערער פון די דאָזיגע

געזעלשאַפטלאַכע טיילען האָט זיך זייער אייגען לעבען און כאַראַקטער, זיי־נען זיי אָבער, כל־זמן זיי זיינען אין קהל, פאַרבונדען צווישען זיך דורך הונ־דערטערליי שייכותען. דערפון דרינגט אַריסטאָטעלעס, אַז דאָס לעבען און די טעטיקייט פון דעם איינצעלנעם מענשען הייגגען אָפּ פון דעם לעבען פון דעם כלל און מען קען דעם מענשען בשום אופן ניט אָפּטיילען פון דעם כלל ווען מען וויל פאַרשטיין זיין לעבען און זיין טעטיקייט.

דאָס זיינען די גרויסע בריליאַנטענע געדאַנקען מכח דעם קהל'שען לעבען וועלכע די גריכישע פילאָזאָפיע האָט אונז איבערגעלאָזט בירושה. אָבער הפנים דער געזעלשאַפט־לערע איז ניט באַשערט געווען צו אַנטוויקלען זיך אַזוי גלאַט, גאָר אַ מניעות, אַ דריידלאַך, אַ דער השגחה פון רבנים און גלחים. וואָס האָבען זיך אַנגענומען דעם רבונו של עולם'ס קריוודע און האָבען צוליב דעם פאַרגאָסען טייכען מענשלאַך בלוט, פאַרשפּרייט גאַנצע וואָל־קענס פון צרות און אומגליקען און האָבען אויף לאַנגע יאָרען פאַר'חשכ'ט דעם מענשלאַכען שכל. כמעט צוויי טויזענט יאָר איז אין דעם פּרט געווען תוהו ובוהו אויף דער וועלט; ניט איין איינציגער ליכטיגער געדאַנק מכח דעם מענשלאַכען צוזאַמענלעבען איז געבוירען געוואָרען אין דער גאַנצער פינסטערער צייט.

די רוימער האָבען געפירט מלחמות, זיי האָבען איינגענומען די וועלט, האָבען געמאַכט קנעכט פון מענשען און פעלקער; די קריסטען האָבען אָנגע־האַנגען דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען פון מענשען — ווי אַלץ אין דער גרויסער וועלט — אַ זייער משיח'ן, אַ קריסטוסען און דער ה י י ל י ג ע ר פּ א ו ל אַליין, דער אַפּאָסטאָל, וויל איינריידען דעם עולם, אַז אַזוי ווי אין גוף ביי דעם מענשען זיינען פאַראַן אַ סך אברים, וואָס האָבען יעדערער זיין אַרבעט, אַזוי אויך ז י י נ ע ן ד י מ ע נ ש ע ן ב כ ל ל ד י א ב ר י ם פ ו ן ד ע ם ג ו ף פ ו ן ק ר י ס ט ו ס ע ן, און יעדער מענש בפּרט איז אַ אבר פאַר זיך. שפּעטער חקירה'ט זיך נאָך איבער דעם דער הייליגער א ו י ג ו ס ט י ן. ער טענה'ט, אַז לעבען נאַטירלאַך וואָלט געהייסען לעבען ווי אָדם הראשון האָט געלעבט און לעבען ווי אָדם הראשון האָט געלעבט, הייסט לעבען אַ ז י נ ד י ג ע ן לעבען. אָבער לעבען ווי איין גוף אין קרים־טוסען, אָט דאָס הייסט לעבען אַ ה י י ל י ג ע ן לעבען; בכן דאַרף דער גאַנצער כלל מענשען לעבען אינאַיינעם ווי דער גוף פון קריסטוסען. איר הערט עפּעס אַ סמיכת הפּרשה! ערשט שפּעטער, אַפשר 16—17 הונ־דערט יאָר נאָך קריסטוסען ווען די מענשלאַכע נשמה האָט זיך ווידער אויפ־געכאַפּט פון דעם טויזענט יאָריגען שלאָף און האָט אָנגעהויבען צו גאַרען נאָך ליכט און נאָך קענטניסע. ווען דער מענשלאַכער פאַרשטאַנד האָט זיך אָנגעהויבען צו גריבלען אין דער גאַנצער נאַטור, האָבען מענשען ווידער אָנ־

געהויבען צו טראַכטען וועגען דעם לעבען פון מענשען אין דער געזעלשאַפט. אַבער יענע אַלטע גאָלדענע געדאַנקען, פון די גריכישע חכמים, זיינען אַזוי ווי פאַרלאָרען געוואָרען און די נייע חכמים האָבען גאָר אויף דאָס ניי אָנ־געהויבען באַטראַכטען דאָס גאַנצע קהל׳שע לעבען אַקוראַט ווי עס וואָלט געווען עפּעס אַ מין אָפּגעמאַכטע זאַך צווישען מענשען.

די ערשטע וואָס קערען זיך ווידער אום צו דערלערנען דאָס געזעלשאַפט־לאַכע לעבען פון מענשען אין 17טען יאָרהונדערט, זיינען די ענגלישע חכמים האָבס און לאָק.ביידע באַטראַכטען דאָס קהל׳שע לעבען ווי אַן אָפּגעמאַכטע זאַך צווישען מענשען. האָבס טענה׳ט פּשוט, אַז מענשען מאַכען אָפּ צווישען זיך, אַז זיי זאָלען לעבען אין אַ געזעלשאַפט, אַזוי אָדער אַזוי, מחמת זייערע אינטערעסען זיינען איינע מיט די אַנדערע קידער־ווידער. מחמת צווישען זיי גייט כסדר אַן אַ מורא׳דיגע מלחמה; דאַרפען זיי האָבען די שטאַרקע מאַכט — די ממשלה פון אַ קיסר — צו האַלטען זיי אין שלום און שלוה. האָבס באַטראַכט אַלע מענשען אין דער געזעלשאַפט גאָר ווי קליינינקע חלקים׳לאַך פון איר, וועלכע האָבען בכלל ניט קיין דעה איבער זיך, ניט איבער דער שייכות צווי־שען זיך. די גאַנצע דעה איבער דער געזעלשאַפט האָט דער קעניג. ניט אַזוי פּשוט און פּראָסט פאַרשטייט דאָס געזעשאַפטלאַכע לעבען לאָק. ער פאַרשטייט, אַז דער יחיד קען ניט גאָר אינגאַנצען זיך פאַרלירען אין דעם קהל׳שען לעבען, אַז ווי ניט איז, וועט ער זיך אַרויסווייזען, נאָר אַזוי ווי די געזעלשאַפט איז פאָרט ניט מער ווי אַזאַ מין אָפּגעמאַכטע זאַך צווישען מענשען, איז זיך פּשוט דער יחיד מקריב, ווען ער טרעט אַריין אין דער געזעלשאַפט, צוליב זיינע אייגענע אינטערעסען און צוליב די אינטע־רעסען פון דעם גאַנצען כלל. ער קען אָבער צו יעדער צייט אַרויסטרעטען פון דער געזעלשאַפט ווען ער וויל. ביידע ענגלישע דיינקער רעכענען, אַז ווען מענשען טרעטען אַריין אין אַ געזעלשאַפטלאַכען לעבען, זיינען זיי שוין אויף אַ העכערער מדרגה פון שכל ווי דער נאַטירלאַכער מענש, וועלכער איז נאָך אין זיין נאַטור־מדרגה געגליכען צו אַ חיה.

כמעט אַלע דיינקער פון 17טען יאָרהונדערט האָבען זיך געדרייט אַרום דעמדאָזיגען געדאַנק, אַז די מענשלאַכע געזעלשאַפט, דאָס מענשלאַכע צו־זאַמענלעבען איז אַזאַ מין קינסטלאַכער קאָנטראַקט, וואָס מענשען מאַכען אָפּ צווישען זיך צוליב זייערע אייגענע אינטערעסען, ביז די ליכטיגע געדאַנקען פון אונזער אייגענעם גרויסען חכם, ברוך שפּי־נאָזאַ, און אין דעם פאָלגענדען יאָרהונדערט די גרויסע געדאַנקען פון דעם פראַנצויזישען געלערנטען און פילאָזאָף מאָנטעסקיעו האָבען

אונז ווידער אומגעקערט צום אמת'ן געדאַנק וועגען דעם לעבען און אַנט־וויקלונג פון דער געזעלשאַפט.

שפינאָזא פאַרשטייט די מענשלאַכע געזעלשאַפט ווי א נאַטירלאַכע זאַך, א נאַטירלאַכע שייכות צווישען מענשען אָדער צווישען קראַפטען (דאָס הייסט קראַפטען וואָס אַרבעטען, טוען, דיינקען, לעבען וכדומה) און אויף אַזוי פיל איז דאָס קהל'שע לעבען באמת תקיף און באמת רעעל אויף וויפיל יעדער איינצעלנער, יעדער יחיד אין דעם קהל קען אָפּגעבען זיינע לעבענס־קראַפטען פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט. א געזעלשאַפט וואָס לאָזט ניט אַנטוויקלען זיך די מענשען וואָס לעבען אין איר, מאַכט זיי פאַר קנעכט און באַהערשט זיי איז גאָר קיין געזעלשאַפט ניט, און פאַרקערט דער איינ־צעלנער מענש אָן דער געזעלשאַפט — אַליין — איז אויך א פשוט'ער גאָר־נישט. די געזעלשאַפט, דיינקט שפינאָזא, באַשטייט פון איינצעלנע פרייע מענשען (קראַפטען) וואָס לעבען אין אַחדות (אין גלייכגעוויכט) צווישען זיך און וואָס מער פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט דער יחיד האָט אין דער געזעלשאַפט, אַלץ מער אַחדות וועט זיין צווישען אַלע מענשען אין דער געזעלשאַפט.

ווי גרויס די דאָזיגע מחשבות זאָלען ניט זיין, און זיי זיינען באמת די גרעסטע וועלכע א מענש פון שפינאָזאס צייטען האָט געקענט באַקלערען, זיינען זיי אָבער נאָר חקירות, פילאָזאָפישע חקירות פון א גרויסען חכם. אין 18טען יאָרהונדערט, ווען מענשען האָבען אָנגעהויבען פאָרשען די נאַטור און טיפער אַריינדרינגען מיט זייער שכל אין אירע סודות, האָבען שוין חקירות און פילאָזאָפישע פּלפּולים מכח דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען בשום אופן ניט געקענט באַפרידיגען דעם מענשען'ס באַגער צו ווי־סען און פאַרשטיין זיין אייגען לעבען. די נייע וועגען, די מעטאָדען וועלכע מען האָט אָנגעהויבען באַנוצען צו דערלערנען די נאַטור בכלל, האָט מאַנטעס־קיעו זיך געפּרואווט באַנוצען אין דער געזעלשאַפט־לערער בפרט. און מען קען מיט רעכט זאָגען, אַז ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט געזוכט צו דערקלערען דעם עיקר פון דעם קהל'שען לעבען אויף א וויסענשאַפטלאַכען וועג. ער לערנט אונז אַז די געזעלשאַפט איז א נאַטור־שייכות צווישען מענ־שען דערפאַר ווייל זי איז א טייל פון דער גאַנצער נאַטור. מענשען פאַר־איינינגען זיך אין געזעלשאַפטען, ווייל ס'איז ביי זיי א נאַטירלאַכע פאָדערונג צו פאַראייניגען זיך, סאַי צוליב קריגען חיונה, סאַי צוליב דעם באַגער נאָך א פאַמיליע, סאַי גלאַט אַזוי צוליב קריגען אין חברות. די טבע צו לעבען אינאיינעם איז איינגעוואָרצעלט אין אונזער נפש.

זי איז, ווי ער מיינט, אונזערע אינסטינקטען, אונזער שטרעבונג. ערשט שפּע־טער איז דעם קהל׳שען לעבען ווערט אַ מלוכה. און כאָטש דער מקור פון די פאַרשיידענע געזעצען, וואָס פאַראייניגען אַלע חלקים פון דעם קהל אין איין גאַנצען קערפּער, איז דער מענשלאַכער שכל, האָבען זיי אָבער זייער שורש אין די מענשלאַכע נייגונגען. דאָס הייסט, אין די מענשלאַכע אינסטינקטען. יע־דעם פאָלק האָט זיך זיינע אייגענע מדות, זיינע אייגענע מעלות און חסרונות און טאָקע דערפאַר קען ניט פאַסען דאָס קהל׳שע לעבען פון איין פאָלק צו אַנאַנדער פאָלק. נאָך מער, די שייכות צווישען מענשען היינט קען ניט פאַר־בלייבען אויף שפּעטער, מחמת די מעלות און חסרונות פון מענשען בייטען זיך אויך. דאָס הייסט, בסך־הכל, אז יעדע געזעלשאַפט, אַקוראַט ווי דער לעבעדיגער מענש, ווערט געבוירען, אַנטוויקעלט זיך און שטאַרבט. מיר קומען, אַלזאָ, צוריק צום גרויסען געדאַנק פון דעם אַלטען גריכישען פילאָזאָף, אַריסטאָטעלעס. אָבער איצט לערנען מיר שוין, דורך דעם וואָס מיר פאַר־שען די גאַנצע נאַטור, דאָס מענשלאַכע און דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען. מיר חקירה׳ן זיך שוין ניט מער, נאָר מיר באַאָבאַכטען, מיר לערנען די היסטאָריע, מיר פאַרגלייכען דאָס קהל׳שע לעבען פון איין צייט מיט׳ן קהל־שען לעבען פון אַנאַנדער צייט און מיר באַ־שליסען וועגען דעם אָדער יענעם ענין ווי אונזער פאָרשונג ווייזט אונז אָן. אָט דאָס איז דער זיכערער — דער וויסענשאַפטלאַכער וועג.

איז משך פון גאַנצען 18טען יאָרהונדערט, כאָטש דער מענשלאַכער שכל האָט אַלץ בעסער און בעסער פאַרשטאַנען די גרויסע אויסערלאַכע נאַטור און האָט אַלץ מער און מער אויסגעפונען אירע כללים און געזעצען, האָבען זיך פונדעסטוועגען די געדאַנקען מכח דעם לעבען און שייכות צווישען מענ־שען און דער געזעלשאַפט אַלץ געדרייט אַרום דידאָזיגע צוויי השערות: צי איז דאָס קהל׳שע לעבען פשוט אַזאַ מין קינסטלאַכער אָפּ־געמאַכטער קאָנטראַקט צווישען מענשען, אָדער צי איז דאָס איז עצם אַ נאַטירלאַכער בנין, וואָס בויט זיך פּאַוואָלינקע אויף פון הונ־דערטערליי שייכות׳ען וועלכע געוועלטיגען צווישען מענשען. אַזוי, למשל, לערנט דער גרויסער דייטשער פילאָזאָף עמאַנועל קאַנט, אַז כאָטש מענשען קענען עס אפשר ניט פילען, פונדעסטוועגען געפינט זיך די שייכות צווישען זיי און זייער געזעלשאַפטלאַכען לעבען אונטער נאַטיר־לאַכע געזעצען, וועלכע אַרבעטען טאָקע אויס דאָסדאָזיגע לעבען; און פאַרקערט דער פראַנצויזישער דיינקער זשאַן זשאַק רוסאָ טענה׳ט: ניין, מענשען ווערען געבוירען פריי און טרעטען אריין אין אַ געזעלשאַפטלאַכען

לעבען נאָר דורך דעם וואָס זיי מאַכען אַפּ צווישען זיך אַזוי צו לעבען, אָבער יעדער מענש אין דער געזעלשאַפט ד א ר ף  א ל י י ן  נ ע מ ע ן  א נ ־ ט י י ל  א י ן  ד ע ם  ג ע ז ע ל ש א פ ט ל א כ ע ן  ל ע ב ע ן , ווייל קיינער קען ניט פאַרטרעטען אַ צווייטענס רעכט, אַ צווייטענס פרייהייט. עס זיינען אויך געווען גרויסע חכמים פשרה־מאַכערס, ווי למשל, דער דייטשער פילאָזאָף, העגעל, וועלכער האָט זיך אַפּילו שוין אין 19טען יאַרהונדערט נאָך אַלץ גע'חקירה'עט אויף דעמדאָזיגען שטייגער: די מענשלאַכע געזעלשאַפט איז אַ נאַטירלאַכע, זי שפּראָצט אַרויס פון אַלץ וואָס האָט געלעבט פאַר איר, זי אַנטוויקעלט זיך אימער און כסדר, יעדע העכערע מדרגה פון קהל'שען לעבען שטאַמט אַרויס פון אַ נידריגערער. און כאָטש יעדער יחיד פאַרלירט אויף אַזוי פיל זיין זעלבסטשטענדיקייט אויף וויפיל ער ווערט אַ חלק פון כלל, ווערט ער אָבער דורך דעם, ווי זאָגט מען עפּעס, אַ מער חשוב'ער מענש, מחמת עס ברייטערט אויס די מדרגה פון זיין באַוואוסטזיין, פון זיין אייגענעם ווילען דורך ווערען אייניק מיט דעם גאַנצען קהל.

אין סוף 18טען יאַרהונדערט הויבען זיך שוין אָן אַרויסצעווייזען די גרונט־שטיינער אויף וועלכע דער שפּעטערדיגער דור פון געלערנטע האָבען אויפגעבויט די געזעלשאַפט־לערע, און, כ'לעבען, מעג עס זיין ווי שווער, איז אָבער כדאי צו פאַרווײַלען אַביסעל אום צו לערנען די הויפּט־געדאַנקען, די הויפּט־שטרעבונגען וועגען דעם מקור פון געזעלשאַפטלאַכער שייכות ביי סאָציאָלאָגען און, אין איין וועג טאַקע, צו לערנען די נייערע היסטאָריע פון אונזער וויסענשאַפט.

כמעט אַלע חכמים, געלערנטע און פילאָזאָפען האָבען שוין אין סוף 18טען יאַרהונדערט עפּעס אַזוי ווי געפילט בלא ראיה די  א י י נ ה י י ט  פ ו ן  ד ע ר  ג א נ צ ע ר  נ א ט ו ר . פאַרשטייט זיך, אַז אין דער דאָזיגער איינהייט פון דער נאַטור איז אויך איינגערעכענט געוואָרען דער מענש און מיט אים די  מ ע נ ש ל א כ ע  ג ע ז ע ל ש א פ ט . אין פראַנקרייך, אפשר מער ווי אומעטום, האָט מען אין אָנהויב נײַנצענטען יאַרהונדערט געלערענט צו פאַרשטיין דעם מענשען און די געזעלשאַפט טאַקע אַזוי ווי אַ נאַטור־זאַך. די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן האָט אומגעביטען די גאַנצע אַלטע געזעלשאַפט. די נייע געזעלשאַפט און די נייע געזעלשאַפטלאַכע אומשטאַנדען צווישען מענשען האָבען אָבער אויך אַרויסגעבראַכט נייע מחשבות, נייע געדאַנקען, וואָס האָבען אָנגעהויבען אַריינדרינגען אין די מוחות פון די מענשען. צווישען די אַלע נייע מחשבות זיינען אויך געווען די גרויסע געדאַנקען פון דעם פראַנצויזישען געלערענטען און פילאָזאָף  א ו י ג ו ס ט  ק א מ ט , דער תלמיד פון  ס ע נ ט  ס י מ א ן . פון וועמען ער האָט איבערגענומען אַ סך גרויסע

געדאַנקען און האָט זיי אַריינגעפֿירט אין זיין אייגענער גרויסער לערע.

אויגוסט קאָמט, אַקוראַט ווי אַנדערע דיינקער פֿון זיין צייט, האָט אויך געפּרוּאווט דערקלערען די איינהייט פֿון דער גאַנצער נאַטור, ער האָט אויך באַטראַכט דעם מענשען און די מענשלאַכע געזעלשאַפֿט פֿאַר אַ נאַטירלאַכער זאַך, וואָס לעבט און אַנטוויקעלט זי און אַקוראַט ווי מאַנטעסקיע. וועלכער האָט דאָס שוין פֿריער געפּרוּאווט טאָן, האָט ער טאַקע באמת צוגלידערט דאָס קהל'שע לעבען פֿון מענשען און האָט אויסגעפֿונען וויניגסטענס עטלאַכע פֿון די כללים, די געזעצען, לויט וועלכע די מענשלאַכע געזעלשאַפֿט לעבט און אַנטוויקעלט זיך. ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל וויסענשאַפֿטלאַך באַגרינדעט דעם גרויסען כלל, אַז אַלע געזעלשאַפֿטען לעבען און אַנטוויקלען זיך אין אַ געוויסען סדר, ווי למשל, אַז די שייכות צווישען מענשען אין אַ געזעלשאַפֿט שפּראַצט אַרויס פֿון דער שייכות צווישען מענשען אין אַ פֿריערדיגער געזעלשאַפֿט און אַז דאָס געזעלשאַפֿטלאַכע לעבען אַנטוויקעלט זיך פֿון אַ פֿריערדיגען לעבען דורך דעם וואָס אין דעם פֿריערדיגען קהל'שען לעבען ווירקען סאַי פּערזענלאַכע סאַי געזעלשאַפֿטלאַכע קראַפֿטען וועלכע פֿירען צו דעם שפּעטערדיגען געזעלשאַפֿטלאַכען לעבען. פֿרעגט זיך, וועלכע זיינען די קראַפֿטען וואָס מאַכען אַז אַ געזעלשאַפֿט פֿון אַ נידעריגער מדרגה זאָל זיך אַנטוויקלען אין אַ געזעלשאַפֿט פֿון אַ העכערער? אויף דעם ענטפֿערט קאָמט פּשוט אַזוי: דאָס טוט דער מענשלאַכער שכל. דער מענשלאַכער פֿאַרשטאַנד באַווירקט די געזעלשאַפֿטלאַכע שייכות צווישען מענשען און דורך זיין ווירקונג אַנטוויקעלט זיך די געזעלשאַפֿט פֿון אַ נידעריגער צו אַ העכערער, פֿון אַן איינפֿאַכער צו אַ מער פֿולקאָמענער.

דער מענשלאַכער פֿאַרשטאַנד, טענה'ט קאָמט, גייט אַליין אויך דורך דריי מדרגות פֿון אַנטוויקלונג. אין דער ערשטער מדרגה, די נידעריגסטע, באַשעפֿטיגט זיך דער מענשלאַכער שכל מיט גאָט-זאַכען: ער זוכט די געטער אָדער דעם גאָט וואָס האָט אין זיינע הענט די ממשלה איבער דעם מענשען און איבער דער גאַנצער נאַטור; דאָס איז די טעאָלאָגישע מדרגה פֿון פֿאַרשטאַנד. אין דערדאָזיגער מדרגה פֿון מענשלאַכען שכל, געפֿינט זיך אויך די מענשלאַכע געזעלשאַפֿט אויף דער נידעריגסטער מדרגה פֿון געזעלשאַפֿטלאַכען לעבען. מענשען גלויבען דאַמאָלס אין אָפּגעטער, זיינען נאָך

ניט גוט אָרגאַניזירט צווישען זיך און דערפאַר טאַקע פירען זיי כסדר מלחמות. אין יענער צייט ווערן באַשאַפען די אַרבעט, די איינפאַכע קונסטען און אַלערליי פּראָסטע געצייג צו דער אַרבעט. דער עיקר אָבער זיינען די מלחמות צווישען מענשען, וועלכע מאַכען פון פרייע מענשען געפאַנגענע אין דער מלחמה, דאָס הייסט, קנעכט. דערפאַר רופט קאָמט דיזאָזיגע מדרגה פון מענשלאַכען צוזאַמענלעבען די מיליטערישע. ווען דער מענשלאַכער שכל אַנטוויקעלט זיך מער און דער מענש גייט איבער צו דער אמונה אין איין גאָט, הויבט זיך דער מענש אָן צו חקירה'ן איבער די פאַרשיידענע דערשיינונגען אין דער נאַטור — דער מענשלאַכער פאַרשטאַנד דערגרייכט די צווייטע מדרגה — די חקירה־מדרגה, דער מעטאַפיזישער צושטאַנד פון דעם מענשלאַכען פאַרשטאַנד. אויך דאָס קהל'שע לעבען ווערט אַנדערש: די אָרגאַניזאַציע פון דער געזעלשאַפט ווערט שטאַרקער, עס ווערט באַשאַפען אַ מלוכה מיט פאַרשיידענע געזעצען, וואָס באַפעלען ווי אַזוי די אונטערטעניגע דאַרפען זיך אויפפירען אין דער מלוכה, די פריערדיגע קנעכט ווערן לייב־אייגענע און די גדולים און גבורים ווערן פּריצים און אַדעל־לייט. דאָס איז די געזעלשאַפטלאַכע מדרגה פון כללים און געזעצען, וואָס איינציגע מענשען באַשאַפען צו געוועלטיגען איבער אַנדערע מענשען אין דער געזעלשאַפט. צום סוף קומט די העכסטע מדרגה פון מענשלאַכען שכל, ווען דער מענש הערט אויף צו גלויבען אין גאָט אָדער געטער, ווען ער זוכט שוין ניט מער אויסצופאָרשען די גרונט־יסודות פון זאַכען, נאָר זוכט צו לערנען די זאַכען אַליין — דעם מענשען, די געזעלשאַפט — אַקוראַט ווי זיי זיינען און וויל געפינען די כללים פון זייער עקזיסטענץ, פון זייער לעבען. דאָס איז די וויסענשאַפטלאַכע, די פּאָזיטיווע מדרגה פון דעם מענשלאַכען שכל. אויך דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען פון מענשען בייט זיך אום: די מלוכה — די רעגירונג אין דער געזעלשאַפט ווערט אַ פרייע; די לייב־אייגענע ווערען פרייע אַרבעטער, די געצייג צו דער אַרבעט, די מאַשינען אַנטוויקלען זיך ראַשיג און מיט זיי די פאַרשיידענע אינדוסטריעס, די קונסט, די וויסענשאַפט, וכדומה. אָט דאָס איז די איצטיגע — די אינדוסטריעלע — די פּראָדוקטיווע מדרגה פון דער געזעלשאַפט. אָט אַזוי, האָט קאָמט געלערנט, אַנטוויקעלט זיך די געזעלשאַפט דורך דער קראַפט פון דעם מענשלאַכען פאַרשטאַנד.

פון קאָמט'ס צייטען אָן האָבען אָבער אַנדערע סאָציאָלאָגען, ווי למשל, די רוסישע דיינקער לאַווראָוו און מיכאַילאָווסקי בפירוש איינגעזען, אַז ניט נאָר באַווירקט דער מענשלאַכער שכל די אַנטוויקלונג פון דעם קהל'שען לעבען, נאָר אויך זיינע געפילען און נאָכמער זיין ווילען באַווירקען דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען אַקוראַט ווי דער שכל; דאָס הייסט, די גאַנצע מענש־

לאכע נשמה, די געפילען, דער ווילען און דער שכל, זיי אלע אינאיינעם, דאס גאנצע פסיכישע לעבען פון דעם מענשען, טענה'ן יענע סאציאלאגען, זיינען די מאכטיגסטע מיטלען וועלכע באווירקען דאס לעבען און די אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט. און דאס איז דאך נאך ניט אינגאנצען. וואס מער מיר לערנען די מענשלאכע נשמה, אלץ בעסער פארשטייען מיר, ווי דער פראנצויזישער געלערנטער טארד האט דאס באוויזען, אז מענשען טוען נאך איינע די אנדערע בטבע אויף שריט און טריט, למשל, ווי קינדער טוען נאך די עלטערען אדער א שפעטערדיגער דור טוט נאך א פריערדיגען דור מענשען גאר אומבאוואוסטערהייט. און ניט נאר האט דידאזיגע טבע פון נאכטאן יענעם א שטארקע ווירקונג אויף דער אנטוויקלונג פון דעם קהל'שען לעבען. נאר זי בילדעט אויך אויס ביי דעם כלל מענשען, וואס לעבען אין איין לאנד, דעמזעלביגען קלימאט, אונטער דיזעלביגע אויסערלאכע נאטירלאכע אומשטאנדען, איין גייסט. דאס הייסט, מענשען טוען נאך איינע די אנדערע אויך אין דעם פילען און דעם וועלען און אין דעם דיינקען וועגען דעם אדער יענעם ענין, וועגען דעם אדער יע־נעם עיקר פון זייער געזעלשאפטלאכען לעבען. דידאזיגע אלגעמיינע געפי־לען, דער אלגעמיינער ווילען און דאסזעלביגע דיינקען ביי א גאנצען כלל מענשען, איז די נשמה פון פאלק, דער פאלק'ס גייסט און די קרעפטען וועלכע אנטוויקלען דאס געזעלשאפטלאכע לעבען, זיינען ניט נאר די געפילען, דער ווילען, דאס דיינקען פון דעם יחיד, נאר אויך די געפילען, דער ווילען און דאס דיינקען פון דעם גאנצען כלל. אט דאס רופט מען די פסיכישע דערקלערונג פון דער אנט־וויקלונג פון דעם געזעלשאפטלאכען לעבען.

ווייט ניט אלע, וואס לערנען דאס לעבען פון דער געזעלשאפט, זיינען מסכים מיט דערדאזיגער השערה, פשוט דערפאר ווייל באמת דערקלערט זי ניט אלע שייכותען און אלע אנשטאלטען פון דעם געזעלשאפטלאכען לעבען. אזוי, למשל, דערקלערט זי ניט, וואס פאר א ווירקונג עס האט אויף אונזער געזעלשאפטלאך לעבען אונזער ארבעט, אונזער מי צו דערווערבען זיך חיונה, דאס הייסט, אונזער עקאנאמישע אומשטאנדען. און כאטש זי לערנט אונז, אז די מענשלאכע געזעלשאפט אנטוויקעלט זיך, דערקלערט זי אונז אבער ניט דעם געבוי און ניט דעם וועג ווי אזוי די איינפאכע חברה'לאך פון אונ־זערע ווילדע אבות זיינען אויסגעוואקסען אין אזעלכע גרויסע, שטארקע און

פּילפאַכיגע געזעלשאַפטען אין וועלכע מיר אַליין לעבען. דאָס האָבען גע־
פּרואווט דערקלערען צוויי אַנדערע סאָציאַלע השערות.

שוין אין סוף 18טען און דורך דער ערשטער העלפט פון דעם 19טען יאָרהונדערט האָט די וויסענשאַפט וועגען לעבעדיגע באַשעפענישען, די ביאָלאָגיע, געמאַכט זייער גרויס פאָרטשריט. מען האָט דעם גוף פון אַלע מינים חיות גרינטלאַך דערלערנט און מען האָט זיך איבערצייגט, אַז דער גוף פון אַ חיה באַשטייט פון אברים: יעדער אבר, ווידער, באַשטייט פון אַזאַ מין לעבעדיגע געוועב, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט פון קליינינקע לעבעדיגע קייקעלאַך, וועלכע די ביאָלאָגען האָבען אָנגערופען צעלען. די ערשטע חיות אויף אונזער וועלט, האָט מען אויסגעפונען, זיינען באַשטאַנען פון אַן איינפאַכער, קליינינקער צעלע, אָדער פון עטלאַכע צעלען און דורך דער ווירקונג פון דער אויסערער נאַטור, ווי למשל, וואַרימקייט און ליכט, לופט און נאַרונג, וכדומה און דעם איינערלאַכען דראַנג צום לעבען, צו באַוועגען זיך, נערען זיך, פּרוכפּערען זיך און פּילען די ווירקונג פון דער אויסערער נאַטור, האָבען זיך אַט דידאָזיגע חיה'לאַך אַנטוויקעלט און פאַרפּילפאַכט, דאָס הייסט, זיי האָבען ביסלאַכוויים געקראָגען באַזונדערע אברים פאַר באַזונדערע לעבענס־באַדערפענישען. ווי, למשל, אַ מאָגען צו פאַרדייען, גלידער צו באַוועגען זיך, אברים צו פּרוכפּערען זיך, נערוועון צו פּילען, וכדומה. דאָס איז נאַטירלאַך געווען אַ העכערע מדרגה פון קערפּערלאַכער אַנטוויקלונג צו וועלכער עס פּאַסט זיך אַ ברייטערער סאָרט לעבען. אַט אַזוי פּאַוואָלינקע אַנטוויקעלט זיך יעדע חיה צו אַ העכערער מדרגה פון אַ פאַרפּילפאַכטען גוף מיט אַ סך אברים און באַזונדערער אַרבעט פאַר יעדען אבר. די גאַנצע חיה, אַלע אברים אינאיינעם, זיינען אַ לעבעדיגער אָרגאַניזם. דער מענש איז דער פּילפאַכסטער, דער העכסטער אָרגאַניזם וועלכען מיר קענען. דידאָזיגע אַנטוויקלונג פון לעבעדיגע באַשעפענישען ווערט גערופען — די אָרגאַנישע אַנטוויקלונג פון חיות.

לערנענדיג דאָס לעבען פון דעם מענשען און פון דער געזעלשאַפט, האָט איינער פון די גרעסטע דיינקער פון אונזער צייט, הערבערט ספּענסער, פאַרשטייט זיך ניט געקענט אויסמיידען צו פאַרגלייכען דעם געבוי פון דעם קהל'שען לעבען צווישען מענשען מיט דעם געבוי פון אַן אָרגאַניזם. און פאַרגלייכענדיג זיי האָט ער דערזען, אַז די געזעלשאַפט באַשטייט פון איינצעלנע מענשען, אַקוראַט ווי דער אָרגאַניזם באַשטייט פון איינצעלנע צעלען; ווידער געפינט מען אין דער געזעלשאַפט פאַרשיידענע קלאַסען מענשען וועלכע טוען אויף די וויכטיגסטע אַרבעט צו

דערהאַלטען דאָס לעבען פון דעם געזעלשאַפטלאַכען גוף, — אַזוי ווי די אברים אין דעם קערפּער פון אַ חיה; און אַלע אינאַיינעם, די פאַרשיידענע געזעלשאַפטלאַכע קלאַסען, זיינען דער געזעלשאַפטלאַכער אָרגאַניזם, אַזוי ווי אַלע אברים אינאַיינעם זיינען דער אָרגאַניזם פון אַ חיה. און די געזעלשאַפט אַנטוויקעלט זיך אַקוראַט ווי דער אָרגאַניזם. פאַרצייטענס, ווען די מענשלאַכע געזעלשאַפט איז געווען די איינפאַכסטע, זיינען אין איר געבוי, אין איר גוף נאָך גאָר ווייניג אברים געווען, נאָר אָבער אונטער דער טרייב־קראַפט פון די אויסערע אומשטאַנדען און דעם אינערלאַכען דראַנג פון לעבען אַנטוויקלען זיך אין דער געזעלשאַפט קלאַסען מענשען — אַרבעטער — וועלכע באַשעפטיגען זיך מיט אויסאַר־בעטען מיטלען פון חיונה פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט, ווי דער מאָגען, למשל, אין אָרגאַניזם. אַ קלאַס מענשען וואָס טראָגען פאַנאַנדער דידאָזיגע מיטלען פון חיונה צו אַלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט, דער סוחרים־קלאַס, אַקוראַט ווי דאָס בלוט, למשל, צעטראָגט די נאַרונג אין דעם גוף; און נאָך אַנדערע קלאַסען, ווי דער מיליטערישער קלאַס, וועלכער פאַרהיט אַלע אַנדערע מענשען און אַנשטאַלטען אין אַ געזעלשאַפט, פונקט ווי די הויט היט אָפּ אַלע אברים פון גוף, וכדומה. ספּענסער אַנדערקענט אויך, אַז דער ע ר ש ט ע ר, דער אַמאָליגער צושטאַנד פון דער געזעלשאַפט איז דער מ י ל י ט ע ר י ש ע ר, וועלכער גייט ביסלאַכווייס איבער אין דעם אינדוסטריעלען אין דעם איצטיגען צושטאַנד. דער וויכטיגסטער פונקט אָבער איז, אַז דאָס וואָס מאַכט די מענשלאַכע געזעלשאַפט אַנטוויקלען זיך, זיינען די נעמ־לאַכע קראַפטען וועלכע ווירקען אין דער אַל־געמיינער אַנטוויקלונג פון אַלע לעבעדיגע ברואים: דאָס הייסט, די אויסערלאַכע נאַטור און דער אינערלאַכער דראַנג פון דער געזעל־שאַפט צו לעבען. זיי אַנטוויקלען ביסלאַכ־ווייס אַז איינפאַך הייפעלע ווילדע מענשען מיט גאַנץ איינפאַכע שייכותען צווישען זיך אין אַ פילפאַכיגער געזעלשאַפט פון קלאַסען, וועלכע טוען יעדער זיין אַרבעט פאַר די נוי־צען פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, אַקוראַט ווי די אברים אין דעם גוף פון יעדער חיה. דאָס איז די אָרגאַנישע דערקלערונג פון דער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט.

די דייטשע שרייבער שעפלע און לילינפעלד האָבען געבראַכט דידאָזיגע

דערקלערונג דערצו, אַז זיי האָבען פאַרגליכען יעדען קלייניטשקען אבר'ל פון דעם גוף צו עפּעס אַ מין טעטיקייט פון אַ קלאַס מענשען אין דער גע־זעלשאַפט.

אויך דידאַזיגע טעאָריע איז, ווי עס ווייזט אויס, ניט גענוג צו דער קלערען באמת אַלע קראַפטען וואָס טרייבען דאַס מענשלאַכע געזעלשאַפט־לאַכע לעבען. אַ חוץ דעם איז זי נאָך, ווי פיל געלערנטע ביאָלאָגען און סאָציאָלאָגען דיינקען, פּשוט ניט גענוג באַוויזען געוואָרען. אַזוי, למשל, טענה'ן אייניגע, אַז האַלטען די מענשלאַכע געזעלשאַפט פאַר אַן אָרגאַניזם נאָר דערפאַר וואָס מען קען די געזעלשאַפט פון מענ־שען און דעם גוף פון אַ חיה פאַרגלייכען און געפינען צווישען זיי אַ סך גלייכקייטען, איז פּשוט ניט גענוג, מען מוז עס נאָך קענען אַנדערש באַווייזען. היינט איז נאָך אַ סברה, טענה'ן אַנדערע, אַז אין דעם גוף פון אַ חיה זיינען די צעלעם אַלץ מער און מער פאַרבונדען צווישען זיך, וואָס מער זי געהערט צו אַ העכערער מדרגה פון אַנטוויקלונג; פאַרקערט, אין דער מענשלאַכער געזעלשאַפט איז דאָס פּונקט קאַפּויר: וואָס מער אַנטוויקעלט איז די געזעלשאַפט אַלץ ווייניגער שיינען די מענשען צו זיין אָפּהיינגיג איינער פון דעם אַנדערען, אַ חוץ דער טענה וואָס ספּענסער אַליין האָט געהאַט צו דער טעאָריע: אין דער מענש־לאַכער געזעלשאַפט, באַמערקט ספּענסער, איז ניטאָ אַזאַ מין קלאַס מענשען וועלכע זאָלען, ווי, למשל, דער שכל, אָדער די נערווען, טראַכ־טען און פילען פאַר אַלע מענשען אין דער גע־זעלשאַפט. אין דעם אַלעמען איז די אָרגאַנישע טעאָ־ריע פעלערהאַפט: זי דערקלערט אָבער דעם גאַנג פון דער אַנט־וויקלונג פון דער געזעלשאַפט גאַנץ ריכטיג.

מיט די צוויי לעצטע השערות זיינען ניט געווען צופרידען די יעניגע וועלכע האָבען געלערנט דאָס לעבען פון דער געזעלשאַפט אַזוי ווי עס קומט פאָר פאַר אונזערע אויגען טאָג אויף טאָג. זיי האָבען אויסגעפונען, אַז די קראַפטען וואָס אַנטהאַלטען דאָס געזעלשאַפט־לאַכע לעבען, ליגען ניט אין דעם מענשען'ס געפילען און אידייען, נאָר אין די אומשטאַנדען אין וועלכע מענשען לעבען. אַזוי, למשל, האָט שוין דער ענגלישער היסטאָריקער באָקל גע'טענה'ט, אַז די קראַפטען וואָס אַנטוויקלען דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען, זיינען ניט די אידייען פון מענשען אַליין, נאָר אויך די אומשטאַנדען פון דער אויסערלאַכער נאַטור אין וועלכער זיי לעבען, ווי דער קלימאַט, די וואַ־רימקייט און קאַלטקייט פון דער געגענט, די פּרוכטבאַרקייט פון לאַנד, וכדומה. עס פאַרשטייט זיך אָבער, אַז דידאַזיגע אויסערלאַכע

אומשטאנדען אליין זיינען אויך ניט גענוג צו דערקלערען דעם גאנצען גאנג פון דעם געזעלשאפטלאכען לעבען. מיר מוזען זוכען די אינערלאכע אומשטאנדען אין דעם געזעלשאפטלאכען לעבען, וועלכע טרייבען און אנטוויקלען די געזעלשאפט. און וועלכע זיינען זיי?

דער גרויסער עקאנאם און דיינקער קארל מארקס און מיט אים פרידריך ענגעלס, לערנענדיג די שייכות צווישען מענשען אין דעם היינטיגען געזעלשאפטלאכען לעבען, האבען איינגעזען בחוש, אז דאס זיינען די אומשטאנדען דורך וועלכע די מענשען אין א געזעלשאפט זיינען געצוואונגען צו ארבעטען פאר זייער חיונה. וואס איז דער עיקר אין דעם מענש'ס לעבען? חיונה! און די אומשטאנדען דורך וועלכע דער מענש אין דער געזעלשאפט דערווערבט זיין לעבענסמיטעל — דאס הייסט, די עקאנאמישע אומשטאנדען — אט דאס זיינען די קראפטען וועלכע טרייבען און אנטוויקלען די געזעלשאפט. אין יעדער געזעלשאפט זיינען פאראן צוויי הויפט־קלאסען מענשען: פארצייטענס, למשל, איז די געזעלשאפט באשטאנען פון א סך קנעכט און א קליין ביסעל בעלי־בתים, די אייגענטימער פון די קנעכט; די קנעכט האבען געהארעוועט און באשאפען אלץ וואס איז נויטיג געווען צום לעבען אי פאר זיך אי פאר זייערע בעלי־בתים, וועלכע האבען געלעבט אין תענוג און אין פארגעניגען. און, לערנט אונז ווייטער קארל מארקס, אלע געזעצען פון דער מלוכה, אלע מאראלישע דינים פון דער אמונה און אלע געדאנקען און אידייען פון דעם מענשלאכען שכל פון יענער צייט, האבען זיך, אין תוך גענומען, באגרינדעט אויף דידאזיגע אומשטאנדען פון הארעוואניע, פון ארבעט, פון חיונה, אויף די עקאנאמישע אומשטאנדען פון יענער געזעלשאפט. פאסירט אבער אז טאקע דורך די מענשלאכע אידייען בייטען זיך אום די מיטלען מיט וועלכע דער מענש ארבעט, דאס הייסט, היינט גראבט דער מענש די ערד מיט די הענט, אדער מיט אזא מין סארט שטעקען, מארגען צעגראבט ער זי שוין מיט אן איינפאכען אקער; היינט האט ער גענוצט א שטיינערנעם האמער, מארגען באנוצט ער אן אייזערנעם; היינט, וועלען מיר זאגען, נייט ער מיט א ביינערנער אדער אייזערנער נאדעל, מארגען נייט ער שוין מיט א שטאלענער, וכדומה. אבער אז עס בייטען זיך ביסלאכווייס אום די געצייג מיט וועלכע מען ארבעט בפרט, בייט זיך אויך ביסלאכווייס אום דער ארט ווי אזוי מען ארבעט,

ווי אזוי מען האנדעלט און ווי אזוי מען לעבט בכלל. עס הייסט, אז דאמאלס פאסט זיך שוין ניט צו דאס לעבן פון דער געזעלשאפט צו די אומגעביטענע עקאנאמישע אומשטאנדען פון מענשען, און די פארמע פון דער געזעלשאפט — די שייכות צווישען מענשען — בייטען זיך אויך אום. אין דער נייער פארמע פון דער געזעלשאפט אנטוויקלען זיך ווייטער די עקאנאמישע אומשטאנדען פון לעבען זיי באשאפען נייע קלאסען פון ארבעטער און ליידיגגייער, נייע געזעצען, נייע דינים און מנהגים, נייע געדאנקען און אידייען וואס פאסען זיך מער אדער ווייניגער אן צו די נייע עקאנאמישע אומשטאנדען און אזוי בסדר, ביז וואנען די דאזיגע עקאנאמישע אומשטאנדען וואקסען זיך ווייטער פאנאנדער אלץ מער און מער ביז דאס איבעריגע געזעלשאפטלאכע לעבען פאסט זיך ווידער ניט אן צו זיי און א נייע פארמע פון דער געזעלשאפט מוז ווידער געבוירען ווערען. אזעלכע געזעלשאפטלאכע פארמעס זיינען געווען אין דער היסטארישער צייט דריי — די אלטע געזעלשאפט פון קנעכט און הארען, די מיטעלאלטלאכע געזעלשאפט פון לייב־אייגענע און פריצים און די היינטיגע געזעלשאפט פון ארבעטער און קאפיטאליסטען. די שפעטערדיגע פארמעס פון דער געזעלשאפט האבען זיך אנטוויקעלט פון די פריעריגע דורך דער קראפט פון די עקאנאמישע אומשטאנדען און יעדע פריעריגע פארמע האט שוין איז זיך געהאט צייכענס פון אנטוויקלונג פון די שפעטערדיגע פארמעס. אט דאס איז די עקאנאמישע אדער מאטעריאליסטישע דערקלערונג פון דער אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט און כמעט אלע סאציאליסטען, אייניגע דייטשע, רוסישע און פראנצויזישע עקאנאמען און סאציאלאגען באטראכטען דידאזיגע השערה פאר דער ריכטיגער.

דאך, כאטש עס איז אמת, אז מיר קענען זיך דורך עקאנאמישער טעאריע אליין דערקלערען זייער א סך דערשיינונגען, פון אונזער אייגענעם געזעלשאפטלאכען לעבען, איז אבער בשום אופן ניט אמת, אז מיר קענען זיך קלאר מאכען ווי אזוי, למשל, ביים מענשען זיינען באשאפען געווארען רעליגיעזע אידייען און רעליגיעזער עקסטאז, אדער די אור־אוראלטע שייכות צווישען מאן, פרוי און

קינדער דורך עקאנאמישע אומשטאנדען. ווען מיר ווילען ניט פאנטאזירען, קענען מיר כלל ניט דערקלערען זיך דורך עקאנאמישע אומשטאנדען יענע וואונדערבארע אבער ווייניגע צייטען פון דער היסטאריע, ווען דער מענשלאכער פארשטאנד שיינט אזוי ווי אויפצוכאפען זיך פון א הונדערטיאריגען שלאף און אין איין איילעניש האלט ער, א קורצע צייט, אין באשאפען גרויסע געדאנקען, וואונדערבארע קונסט און טיפע קענטניסען. אזעלכע צייטען, למשל, ווי די פעריקלישע פעריאדע אין דעם אלטען גריכענלאנד, ווען גרויסע געדאנקען און וואונדערבארע קונסט איז באשאפען געווארען; דאס אויפקומען פון קענטניסע און קונסט אין סוף פון די מיטעלע יארהונדערטער, וואס מען רופט אין דער היסטאריע די רענעסאנס, און צולעצט די וואונדערבארע אידייען און גדאנקען. די וויסענשאפטלאכע פארשונג און די גרויסע געזעלשאפטלאכע אידעאלען, וועלכע האבען באלויכטען דעם מענשלאכען פארשטאנד ארום די 50גער פון דעם 19טען יארהונדערט; אדער גאר די גייסטיג־קראנקע דערשיינונגען ביי גאנצע שבטים און פעלקער, ווי, למשל, דער רעליגיעזער עקסטאז ביי די ווילדע, די קרייצצוגען ביי די קריסטען אין מיטעלאלטער, וכדומה.—דאס אלץ דערקלערט זיך שווערלאך דורך די עקאנאמישע אומשטאנדען אליין. הייננט מוז מען ניט פארגעסען, אז א סאציאליסטישע טעאריע, וואס פרואווט דערקלערען דאס לעבען און די אנטוויקלונג פון געזעלשאפטען, מוז אויך קענען דערקלערען דאס לעבען און די אנטוויקלונג פון געזעלשאפטען ביי חיות און דאס קען שוין בשום אופן ניט דערקלערט ווערען דורך עקאנאמישע אומשטאנדען אליין. אפילו ווען מיר זאלען דיינקען ווי ליפערט דיינקט, אז עקאנאמישע אומשטאנדען הייסט די זארג אויפצוהאלטען דאס לעבען בכלל.

דערפאר טאקע שיינט צו זיין די ריכטיגסטע דערקלערונג פון די קראפטען וואס אנטוויקלען א געזעלשאפט די יעניגע, וועלכע דער רוסישער היסטאריקער און סאציאלאג קארעיעוו האט קלאר אויסגעטייטשט. ער טענה'ט, אז ווען מיר לערנען דאס לעבען פון געזעלשאפטען זעען מיר, אז צו יעדער צייט ווירקען אויף דער געזעלשאפט אלערליי קראפטען; אי די פון דער אויסערלאכער נאטור, אי די פון די אינערלאכע עקאנאמישע אומשטאנדען; אי די געפילען, דער ווילען און די אידייען פון דעם יחיד, אי די פון דעם גאנצען כלל, אלע אינ־

איינעם באַוווירקען זיי די שייכות צווישען שכל'דיגע ברואים און טרייבען אַנט־וויקלען דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען. אַמאָל ווירקט שטאַרקער איין קראַפט און אַמאָל אַנאַנדערע, אָבער באַשטענ־דיג ווירקען אַלע אינאיינעם. דאָס איז די סינטעטישע טעאָריע צו דערקלערען דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען. דאָס זיינען די פיר גרויסע השערות — די שטרעבונגען אין דער סאָציאָלאָגיע. לאָמיר לערנען דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען און מיר וועלען פאַרשטיין זייער באַ־דייטונג.

# דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען ביי חיות

## ערשטער קאַפּיטעל

די נוצען פון לערנען דאָס לעבען פון חיות. — חברות פון פאַרשיידענע מינים חיות. — חברות פון חיות פון דעמזעלבען מין. — סאָרטען חברות ביי חיות.

איידער מיר טרעטען צו צו לערנען דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען פון מענשען, איז כדאי, אַז מיר זאָלען זיך באַקאַנען כאָטש בקיצור מיט דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען פון חיות. ווייל חיות לעבען אויך ניט קיין הפקר־לעבען; זיי לעבען אויך ניט אָן אַ סדר און אָן אַ גאַנג. עס איז אַפילו אמת, אַז צווישען חיות געפינט זיך אַ קליינע צאָל מינים, ווי, למשל, לייבען אָדער טיגערען, וואָס לעבען איינזאַם, אָדער פּאַרוויים ווי אַ פאַמיליע, אָבער ניט ווי חברים פון אַ חברה פון דעמזעלבען מין. דערפאַר לעבען אָבער די מער צאָל מינים. יאָ, טאַקע כמעט אַלע חיות אין קלענערע אָדער גרעסערע חברות: דאָס הייסט, אַ קלענערע אָדער אַ גרעסערע צאָל **חיות פון דעמזעלבען מין** לעבען אינאיינעם, העלפען איינער דעם צווייטען ווי ווייט זיי קענען און פאַרהאַלטען זיך מער־אָדער־ווייניגער פריינטלאַך איינער צום אנדערען.

פאַר די לעצטע עטלאַכע צענדליג יאָר האָבען געלערנטע נאַטור־פאַרשער מיט גרויס חשק שטודירט דאָס לעבען פון דיזאַזיגע געזעלשאַפטען ביי חיות ניט נאָר דערפאַר, ווייל דאָס האָט אונז אויפגעדעקט גאָר נייע סודות פון דער נאַטור און פון לעבען, נאָר אויך דערפאַר, ווייל עס האָט געוואָרפען אַ שפּאָגעל נייע ליכט אויף די דערקלערונג פון געזעלשאַפטלאַכען לעבען צווישען מענשען. אַזוי, למשל, האָבען אַלע נאַטור־פאַרשער, אַקוראַט ווי **דאַרווין**, געהאַט געקלערט, אַז צווישען אַלע לעבעדיגע ברואים קומען פאַר באַשטענדי־גע מחלוקות צוליב חיונה, און אַזוי ווי דער מענש איז ניט אויסגענומען פון דעם כלל, האָט דאָס פּשוט באַטייט אַז מחלוקות צווישען מענשען, אין זייער געזעלשאַפטלאַכען לעבען, צוליב חיונה איז אַ נאַטור־זאַך. אַז מען האָט אָבער אָנגעהויבען לערנען דאָס לעבען פון חיות און פאַרשטיין זייער געזעל־שאַפטלאַך לעבען האָט מען באַלד דערזען אַז די גאַנצע מעשה וועגן מחלוקות צוליב חיונה איז גאָרניט אַזוי ווי מען האָט געדיינקט, אַז ניט נאָר איז צווי־שען חיות פון דעמזעלבען מין ניטאָ אַזעלכע שרעקלאַכע מחלוקות פאַר חיונה, ווי די נאַטור־פאַרשער האָבען געהאַט גערעכענט, נאָר פּונקט פאַר־

קערט, צווישען חיות פון דעמזעלבען מין געפינט מען גרויסע געזעלשאַפטען ביי וועלכע אחדות, פריינטשאַפט און געגענזייטיגע הילף איז דער תוך פון דעם גאַנצען לעבען *). און באמת באשטייט אין דעם זייער גאַנצע קראַפט.

עס זיינען פאַראַן אַ סך מינים חיות וואָס וואָלטען איינציגווייז גאָר ניט געקענט איבערטראָגען די הונדערטערליי שוועריקייטען וואָס די אויסערלאַכע נאַטור שטעלט זיי אין וועג פון זייער לעבען, און עס זיינען פאַראַן אַ סך אַנדערע מינים וואָס וואָלטען איינציגווייז ניט געקענט איבערטראָגען די הונדערטערליי באַגעגענישען וואָס זיי האָבען מיט שטאַרקע חיות, ניט פון זייער מין, וועלכע ווילען זיי פאַרצערען. עס איז אָבער די געגענזייטיגע הילף צווישען טויזענטער פון איין מין, עס איז דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען פון דידאָזיגע מינים וואָס מאַכט זיי שטאַרקער פון זייער שטאַרקסטען שונא. אמת, טאַקע, דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען איז ניט ביי אַלע חיות גלייך: ביי אייניגע איז עס שטאַרקער און ביי אַנדערע שוואַכער; אייניגע חיות לעבען אימער אין חברות און אַנדערע קומען זיך צונויף נאָר אויף אַ קורצער צייט, און ווען זיי האָבען דערגרייכט זייער ציל גייען זיי זיך פאַנאַנדער. דער עיקר אָבער פון אַלע געזעלשאַפטען ביי חיות איז איינער: צו קענען דערגרייכען דורך דער פאַראייניגטער קראַפט פון דעם גאַנצען כלל דאָס וואָס די קרעפטען פון דעם יחיד אַליין וואָלטען ניט געקענט דערגרייכען.

מיר וועלען דאָס קלאָר זען ווען מיר וועלען לערנען די פאַקטען פון געזעלשאַפטלאַכען לעבען ביי חיות.

געוויינלאַך פאַראייניגען זיך אין חברות אָדער אין געזעלשאַפטען חיות פון דעמזעלבען מין און נאָר זעלטען געפינט מען אין דער נאַטור פאַראייניגונג פון חיות פון פאַרשיידענע מינים.

די לעצטע קען מען דאָך בשום אופן ניט אָנרופען געזעלשאַפטען, ערשטענס, דערפאַר, ווייל זיי טרעפען זיך נאָר דורך אַ צופאַל און, צווייטענס, דערפאַר, ווייל, ווען עס פאַסירט, לעבט איין חיה אויף דעם רעכענונג פון אַ צווייטער. אַזוי, למשל, לעבען פאַרשיידענע סאָרטען ווערים (גלוסטען) הן אויסערלאַך אויף דעם קערפער, הן אינעווייניג אין די געדערים פון פאַרשיידענע חיות און מענשען. דאָס זיינען פשוט'ע פאַראַזיטען. זייער פאַראייניגונג מיט די חיות, אויף וועמעס רעכענונג זיי לעבען, טוט זייערע קרבנות גרויסען שאָדען, ווייל זיי רויבען אַוועק

*) זע פּ. קראָפּאָטקינ'ס „קעגענזייטיגע הילף ביי חיות און מענשען".

פון זיי א טייל פון זייער לעבנסמיטעל. אחוץ פּאַראַזיטען געפינט מען נאָך אין דער נאַטור חיות פון א י י ן מ י ן וואָס לעבען אויף דעם רע־כענונג פון א נ א נ ד ע ר מ י ן ווי קעסט־עסער (קאָמענסאַליסטען בלשון וויסענשאַפט), וועלכע ברייננען אבער זייערע בעלי־בתים וויפיל ניט איז נוצען. אזוי, למשל, געפינען מיר חברה׳לאַך פון דעם קליינעם ווייסען אפריקאַנישען פייגעלע בופאגא, וואָס זעצען זיך אוועק אויף דער פּאַטילניצע פון דעם גרויסען העלפאַנט און בשותפות פּיקען זיי אוים מיט זייערע שאַר־פע שנאָבעלאַך די פאַרשיידענע פּאַראַזיטען וואָס לעבען אויף דער הויט פון דעם העלפאַנט. זיי דערנערען זיך מיט דידאַזיגע פּאַראַזיטען פון זיין גוף. אנאַנדער מין קליינינקע פייגעלאַך רייניגען אוים די פעל פון דעם ווילדען אקס (בויוואַל) פון פאַרשיידענע פּאַראַזיטען אויף דעמזעלבען שטייגער, נאָר זיי טוען אים נאָך בשעת מעשה אנאַנדער טובה. זיי לאָזען אים וויסען, מיט זייער שאַרפען געשריי, יעדע געפאַר וואָס קען אים טרעפען פון א גרויסער ווילדע חיה *). פונדעסטוועגען ווערען די קעסט־עסער, וועלכע טוען א טובה זייערע בעלי בתים, אקוראַט ווי די פּאַראַזיטען, וועלכע טוען זייערע בעלי בתים א רעה, ג ע ט ר י ב ע ן צ ו ז י י ע ר פ א ר א י י־נ י ג ו נ ג מיט חיות ניט פון זייער אייגענעם מין, נאָר דורך דעם וואָס זיי זוכען א מיטעל צו דערהאַלטען זייער אייגענעם פּערזענלאַכען לעבען און ניט ווייל זיי האָבען עפּעס א קהל׳שען געפיל אין זיך.

אין דער נאַטור איז נאָך דאָ א דריטער סאָרט פאַראייניגונג צווישען חיות ניט פון דעמזעלביגען מין. אבער אין דעמדאָזיגען סאָרט פאַראייניגונג קען מען שוין זען א ביסעלע געגענזייטיגע פריינטשאַפט, וועלכע הייננט מסתמא אפּ פון אן אלטער איינגעוואָרצעלטער טבע צו דערקענען א געמיינשאַפטלאַכע געפאַר אָדער א געמיינשאַפטלאַכען נוצען. אזוי לעבען צווישען זיך אין דעם געדיכטען וואַלד גרויסע חברות פויגלען פון פאַרשיידענע מינים וואָס האָבען ביסלאַכוויים זיך צוגעוואוינט ניט מורא צו האָבען איינע פאַר די אַנדערע. אז א פויגעל פון איינער פון די פאַרשיידענע חברות דערזעט א שונא — א שלאַנג אָדער א רויב־פויגעל — לאָזט ער ארוים אזא מאָדנעם געשריי, וואָס איז גוט באַקאַנט די איבעריגע חברות און אלע ראַטעווען זיך פון דעם גרויסען אומגליק. דער געשריי פון דעם פויגעל איז טאַקע ניט מער ווי אן אויסדרוק פון זיין אייגענער פּערזענלאַכער מורא פאַר דעם שונא, פונדעסט־וועגען האָט ער געדינט פאַר אלע דידאָזיגע מינים פויגלען אלס מיטעל צו ראַטעווען זיך פון געפאַר און פונקט אזוי וועט דער געשריי פון א פויגעל פון אנאַנדער מין — אנאַנדערש מאָל — דינען פאַר זייז אייגענער חברה

*) זע א. עספּיאַנס „דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען ביי חיות“.

צו ראטעווען זיך פון א סיבה. אין דער נאטור געפינען מיר, למשל, נאך אזא מין סארט קליינע געזעלשאפט פון פארשיידענע חיות. דער קרעבס, „דער אפגעזונדערטער“, האט א ווייכיגען גוף, וואס איז ניט באדעקט מיט קיין פאנציר, ווי ביי אלע קרעבסען. ער זוכט זיך געוויינטלאך אפ א ליי־דיגען שאלאכץ פון א טשערעפאכע און רוקט זיך אריין אהין מיט זיין בייכעל און קערפער, בשעת דער קאפ און די פאדערשטע לאנגע פיסלאך שטעקען ארויס. אזוי האט ער זיך פארהיט פון זיינע שונאים און קען מיט די פא־דערשטע פיס כאפען זיינע קרבנות צו דערנערען זיך. אז ער באזעצט זיך שוין אזוי בכבוד'יג אין זיין דירה, באזעצט זיך אויך מיט אים, סאמע אויף דער עפענונג פון דעם שאלאכץ, ביים קרעבס מויל, אזא מין חיה וואס הייסט ים־ראזע און זי דערנערט זיך מיט דעם וואס בלייבט איבער פון דעם רייכען בעל־הבית. ווידער, אין שאלאכץ גופא קריכט זיך אריין א קליין פעדעמדיג ווערעמיל וואס לעבט אויך אויף דעם רעכענונג פון דעם רייכען קרעבס. דערפאר האלט ער דאס הויז אינעווייניג ריין פון שמוץ. אז די ים־ראזע ברייננגט דעם קרעבס אויך נוצען איז געדרונגען דערפון, וואס, ווי געלערנטע האבען באמערקט, ווען דער קרעבס קלייבט זיך איבער פון איין דירה אין דער אנדערער, טראגט ער זי אליין איבער פון דער אלטער אין דער נייער היים. *)

אין דידאזיגע דערשיינונגען צווישען חיות זעט מען קלאר די געגענזייטיגע הילף (מוטואליזם) פון איין חיה צו א צווייטער. דאך די הילף שפראצט נאך אלץ ארויס פון דער גרויסער נאטירלאכער זארג פון יעדער חיה זיך צו דערנערען און צו דערהאלטען זיך ביים לעבען און ניט פון א באוואוסטען וואונש צו העלפען א חבר. אחוץ דעם זיינען די אלע סארטען פאראייניגונגען צווישען חיות פון פארשיידענע מינים: אומזיסטע פרעסער (פאראזיטען), קעסט־עסער, (קאמענסאליסטען) און גע־געגזייטיגע העלפער (מוטואליסטען) נאר געזעלשאפטען על פי צופאל, דאס הייסט, היינט קען די אדער יענע חיה פון איין מין זיך פאראייניגען מיט דער אדער יענער חיה פון א צווייטען מין און מארגען קען דיזעלבע חיה פון דעם ערשטען מין זיך פאראייניגען גאר מיט אנאנדער חיה פון דעם צווייטען מין און אזוי כסדר — ווי אזוי דער צופאל וועט פירען מיט זיי אין לעבען !

ניט אזוי אבער זיינען די געזעלשאפטען ביי די חיות פון דעם זעלבען מין.

אויף דער נידעריגסטער מדרגה פון לעבעדיגע ברואים געפינען מיר

*) זע פראפ. פ. זשירא „געזעלשאפטען ביי חיות“.

אזעלכע קליינינקע חיה'לאך וועלכע מען קען ניט זען מיט דעם איינפאכען אויג. מערסטענטיילס מוז מען לערנען זייער לעבען דורך א פארגרעסערונג־גלאז — דורך א מיקראסקאפ. אט די קליינינקע חיה'לאך (מיקרא־ארגאניזמען) לעבען כמעט אימער אין געזעלשאפטען — אין קאלאניעס. געוויינטלאך היינגט אפ די פאראייניגונג פון די חיה'לאך אין דער קאלאניע פשוט פון זייער פרוכפערען זיך. דאס הייסט, אזוי ווי די נידעריגסטע חיות אין דער נאטור פרוכפערען זיך ניט דורך דער פארונג פון א זכר מיט א נקבה ווי די העכערע חיות, נאר זיי פארמערען זיך דורך דעם וואס דאס באשעפעניש צעטיילט זיך פשוט אין צוויי און די צוויי צעטיילען זיך ווידער אין צוויי נייע חיה'לאך, און אזוי ווייטער, ווערט מיט דער צייט א קליינע קאלאניע (פון די אלע קלייניטשקע חיה'לאך) וועלכע פירען א געזעלשאפטלאכען לעבען. אפטמאל פאסירט אז א חיה'לע טיילט זיך אפ פון דער „קאלאניע" און מיט אנדערע איינצעלנע חיה'לאך פון דעמזעלבען מין לעבט עס א געזעלשאפטלאך לעבען, דאס הייסט, אלע זוכען בשותפות חיונה, אלע ווערען זיך אינאיינעם אפ פון א שרעקלאכען פיינט, אדער אלע שפילען זיך אינאיינעם פאר דער צייט פון זייער פארמערונג *).

עס איז אודאי אמת, אז די געלערנטע האבען דאס לעבען פון דידאזיגע חברה'לאך נאך ניט גענוג אויסגעפארשט און זיי קענען אונז פיל נאך ניט דערציילען, ווי אזוי די חיה'לאך פירען זיך אין זייער געזעלשאפטלאכען לעבען. עס איז אויך ניט ווייניגער אמת, אז כאטש מיר זעען אין דעם געזעלשאפטלאכען לעבען פון דידאזיגע באשעפענישען באשטימטע דערשיינונגען פון געגענזייטיגע הילף, קענען מיר אבער בשום אופן ניט ריידען וועגען באוואוסטער פאראייניגונג און באוואוסטער געגענזייטיגער הילף צווישען זיי. דערפאר טאקע זיינען אייניגע געלערנטע נאטור־פארשער באַרעכטיגט צו דער מיינונג, אז די אלע גייסטיגע (פסיכישע) און געזעלשאפטלאכע (סאציאלע) דערשיינונגען ביי די קליינינקע באשעפענישען (מיקרא־ארגאניזמען) היינגען פשוט אפ פון דער ווירקונג פון די נאטירלאכע קרעפטען, ווי, למשל, ליכט, ווארימקייט און עלעקטריציטעט אויף זייער קערפער **). פונדעסטוועגען זיינען מיר דאך ניט ווייניגער ווי יענע געלערנטע בארעכטיגט צו גלויבען אז די פרייע איינצעלנע חיה'לאך, וועלכע קומען זיך צונויף אין א געזעלשאפט, זיינען אימשטאנד צו דערקענען חברים פון זייער

*) זע באלביאני'ס עקספערימענטען אין איבינע'ס „פסיכיש לעבען פון מיקרא־ארגאניזמען".

**) זע פראפ. דזשעק לאוב'ס ארטיקעל איבער טראפיזמען ביי איינצעלנע ארגאניזמען.

אייגענעם מין, און אז זיי לעבען מיט זיי בשלום. מיר וועלען נאָך האָבען א געלעגענהייט אָפּצושטעלען זיך אויף דעם אין דעם קומענדיגען קאַפּיטעל, ווען מיר וועלען ריידען וועגען דעם מקור פון געזעלשאַפטלאַכען לעבען ביי חיות. דערווייל וועלען מיר זיך באַגנוגענען, ערשטענס מיט דעם, וואָס מיר האָבען אַנגעוויזען אז דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען צווישען לעבעדיגע ברואים הויבט זיך שוין אַן ביי די נידעריגסטע באַשעפענישען און ציט זיך אַזוי דורך אַלע לעבעדיגע מינים און, צווייטענס, וואָס נענטער מיר קומען פון דעם קליינעם מיקראָסקאָפּישען חיה'לע צו דער קרוין פון אַלע לעבעדיגע ברואים — צום מענשען — אַלץ מער און מער אַנטוויקעלט זיך דאָס באַוואוסטזיין ביי חיות און אַלץ מער און מער טרעטען ארויס די באַוואוסטע צילען צוליב וועלכע חיות לעבען אין געזעלשאַפטען. נאַטירלאך, דאָס קענען מיר ערשט קלאָר ארויסזען ביי די העכערע, די מער אַנטוויקעלטע חיות.

די גרויסע לאַנד־קרעבסען, וועלכע לעבען אין נאָרד־אַמעריקע און אין וועסט אינדיען, דערציילט פּ. קראָפּאָטקין, קלויבען זיך צונויף אין גרויסע חברות און גייען צום ברעג ים. דאָרט לייגען זיי אָפּ זייערע אייער פון וועלכע עס קומט ארויס דער נייער דור קרעבסען. אויף דעם וועג זיינען זיי זייער פריינטלאַך איינער צו דעם אַנדערען און העלפען זיך טאַקע ווי גוטע ברידער אין חברותא. *) אזוי פּאַסירט עס אויך מיט אייניגע סאָרטען פיש ווי, למשל, העריננג און סאַרדינען. אין דער צייט פון זייער באַפרוכפּערונג קומען זיי זיך צונויף אין גרויסע חברות — זכרים און נקבות — נאָענט צום ברעג ים, דאָ שפּרינגען זיי און טאַנצען אויף דער אויבערפלאַך פון וואַסער ביז די פרויען געפינען א פּאַסענדען פּלאַץ באַדעקט מיט שטיינער און געוואוקס וואו זיי לייגען אָפּ זייער רויג (איקרע, אייעלאַך) באַפרוכטעט פון דער מילך פון די מענער **). ווי ביי די לאַנד־קרעבסען אזוי אויך ביי דידאָזיגע פיש, לעבען די קליינע ניי־געבוירענע אינאיינעם אָט דאָ אויף דעם אָרט פון זייער געבורט ביז זיי וואַקסען ביסלאַכוויים אויס און גייען זיך פאַנאַנדער. דאָ האָבען מיר א ביישפּיל פון צווייערליי פאַראייניגונגען: ערשטענס, פון די קליינע, וועלכע זיינען אומבאַוואוסט פאַראייניגט דורך דעם וואָס זיי זיינען געבוירען אויף איין פּלאַץ און, צווייטענס, פון די דער־וואַקסענע וועלכע פאַראייניגען זיך צוליב א באַשטימטען ציל, נעמלאַך: צו קענען איבערוואַנדערען צום פּלאַץ וואו זיי קענען זיכערער באַוואָרענען זייערע באַפרוכטעטע אייעלאַך, זייערע קומענדיגע דורות און דורך דעם אויפהאַלטען זייער אייגענעם מין.

*) זע קראָפּאָטקין, „קעגענזייטיגע הילף“.

**) זע פר. דזשירא, „געזעלשאַפטען ביי חיות“.

די בעסטע געזעלשאַפטען וואָס עמיגרירען פון איין לאַנד אין אַנדערען, ניט מיט דעם ציל צו פאַרזאָרגען די קומענדיגע דורות נאָר צוליב זיך גופא, געפינען מיר ביי פויגלען. כמעט יעדען זיינען באַקאַנט די גרויסע חברות שוועלבעלאַך, וואָס קלייבען זיך צונויף אין סוף זומער אום איבערצופליען פון די אייראָפּייאישע לענדער, וואו זיי לעבען, אין די וואַרימערע פלעצער אין אַפריקע, וואו זיי ווינטערען איבער. און כאָטש ניט יעדער האָט באַמערקט ווי דאָס פּאַסירט קען אָבער יעדערער זייער גרינג פאַרשטיין, אַז זיי טוען דאָס מיט דעם ציל אויסצומיידען די שטאַרקע קעלט, די שרעקלאַכע פרעסט וועלכע וואָלטען זיי געוויס דער׳הרג׳ט. שוין עטלאַכע טעג פאַר זייער אַוועקפליען פון אייראָפּע זעט מען ווי טויזענטער פון דידאָזיגע קליינע פייגעלאַך קומען זיך צוזאַמען, פישצען און טשיריקען און רופען איינע די אַנדערע אין וועג אַריין; זיי הויבען זיך אויף הויך אין דער לופט, פליען אַרום אין אַ קיילאַכדיגען ראָד און באַקוקען דעם שטח, אום אויסצוקלייבען דעם וועג. ווען זיי לאָזען זיך אין וועג אַריין, פליען די עלטערע פאָרויס און די אינגערע נאָך זיי. געוויינטלאַך לאָזט מען זיך אַראָפּ אויף דער ערד אַזוי אָפט ווי עס איז נויטיג, אום צו געפינען נאַרונג און ווען מען האָט זיך אַ ביסעלע אונטערגעפּאַשעט, הויבט מען זיך ווידער אויף אַלע אינאיינעם און מען פליט ווייטער. עס איז גאָר קיין רייד ניט, אַז אין דידאָזיגע פויגעלעמיגראַציעס זיינען די חברות פויגעל אַזעלכע געזעלשאַפטען, אין וועלכע די פאַראייניגונג איז אַ מער אָדער ווייניגער **באַוואוסטע**, מעג זיך אַפילו דער וועג אויף וועלכען זיי עמיגרירען ניט זיין באַוואוסטערהייט אויסגעקליבען *).

אויך צווישען די פיר־פיסיגע זיינען פאַראַן אַזעלכע וועלכע עמיגרירען אין גרויסע מאַסען. אַזוי, למשל, עמיגרירען מייז און לעמינגען (חיה׳לאַך ענלאַכע צו מייז) פון איין פלאַץ אויף דעם אַנדערען. אויסער דידאָזיגע חיות וואָס פאַראייניגען זיך אין חברות צוליב דער זיכערקייט פון זייערע

*) מערסטע פאָרשער דיינקען, אַז דער וועג וועלכען עמיגרירענדע פויגלען קלויבען אויס ווערט אויסגעוויילט דורך אַלטער איינגעוואָרצעלטער געוואוינהייט. אַזוי, למשל, טענה׳ען זיי, פליען פויגלען פון אייראָפּע נאָך אַפריקע איבער דער ברייטסטער ווייטקייט פון דעם מיטלאַנדישען ים, וואָס דאָס הייסט, דוכט זיך, אומזיסט פאַרלוירען אי צייט אי כח. שטעלט זיך אָבער אַרויס, אַז דאָרט וואו זיי פליען איבער איז דער ים גאָרניט טיף, וואָס דאָס ווייזט אַז די פלעצער האָבען זיך ערשט ניט לאַנג באַדעקט מיט וואַסער און די פויגעל פליען איבער יענעם פלאַץ פון אייביגע יאָרען אָן, ווען עס איז נאָך געווען יבשה. זע דר. ביילסאָן „פויגעל רייזעס“.

קומענדיגע דורות, און צוליב דער אומבייטונג פון די אויסערלאַכע קלימאַטישע באַדינגונגען, פאַראייניגען זיך נאָך אַנדערע חיות טאַקע באַוואוסטערהייט צוליב דער נויטיקייט פון חיונה. אזוי, למשל, איז אונז אַלעמען גוט באַקאַנט די פאַראייניגונג פון הונגעריגע וועלף, וועלכע לאָזען זיך בשותפות אין וועג אַריין צו זוכען אַ געשמאַקען ביסען.

אין די אַלע פאָרמעם פון געזעלשאַפטלאַכען לעבען וועלען זיך די איינצעלנע פערזאָנען — דער קרעבס און דער פיש, דער פויגעל און די פיר־פיסיגע חיה, באַלד פאַנאַנדערגיין נאָכדעם ווי זיי האָבען דערגרייכט דעם ציל פון זייער פאַראייניגונג. און אַפילו בשעת זיי האָבען געלעבט איינאיינעם, אין אַ געזעלשאַפט, אַ קורצע צייט, האָט זיך איינער פאַר דעם אַנדערען אויך ניט זייער שטאַרק געזאָרגט. אַ נאַטירלאַכער אינסטינקט האָט זיי עפּעס געצויגען צו פאַראייניגען זיך, צוליב קומענדיגע דורות, צוליב עמיגרירונג, צוליב חיונה — און שוין; קיין אמת'ע געגענזייטיגע הילף, קיין אמת'ע זאָרג ביי איינעם פאַר דעם צווייטען האָבען מיר נאָך אין דידאָזיגע חברות ניט באַמערקט. דידאָזיגע געזעלשאַפטען זיינען געזעלשאַפטען אויף אַ קורצען משך און די אינטערעסען פון איינעם גייען בכלל ווייניג אָן דעם צווייטען; דאָס זיינען צייטמאָסיגע אינדיפערענטע געזעלשאַפטען ביי חיות.

ניט אַזוי איז ביי אַנדערע חיות. וועלכע לעבען אין חברות טאַקע אויך אויף אַ קורצען משך, אָבער וואו דאָס לעבען אַרבעט אויס אַ באַמת געזעלשאַפטלאַכע שייכות צווישען די מיטגלידער פון דער חברה.

יעדער האָט מסתמא געהערט וועגען דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען פון בינען און האָט זיך אפשר אַמאָל פאַראינטערעסירט צו לייענען עטוואָס וועגען דעם וואונדערבאַרען לעבען פון די קלייניגקע מוראַשקעס. ניט אומזיסט ווערען זיי פאַררעכענט צווישען די קליגסטע חיה'לאַך פון זייער מין — פון די אינסעקטען. לאָמיר זיך בקיצור באַקענען מיט דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען פון דערדאָזיגער חיה'לע. אין יעדער געזעלשאַפט פון מוראַשקעס זיינען פאַראַן דרייערליי פאַרשוינען: אַ קליינע צאָל מוראַשקעס פרויען, וועלכע זיינען די מוטערס פון אַלע אין דער געזעלשאַפט; מוראַשקעס — אַרבעטער *), זיי זיינען די גרעסטע צאָל און צעטיילען זיך אויף דערציער פון די ניי־געבוירענע אין דער היים און אַרבעטער אויסער דער היים, וועלכע זאָרגען פאַר דער חיונה פון אַלע; וועכטער וואָס היטען

*) נאַטורפאָרשער אַנדערקענען אַז די אַרבעטער, וועלכע מען האָט ביז איצט באַטראַכט פאַר געשלעכטלאָזע באַשעפענישען, זיינען באמת נקבות, אָבער דורך ווייניג נאָרונג האָבען זיך ביי זיי די געשלעכטס־גלידער ניט גענוג אַנטוויקעלט.

די היים, און חיל וואָס פאַרהיטען די געזעלשאַפט פון פיינט — פון אַנדערע מינים מוראַשקעס, און מוראַשקעס מ ע נ ע ר — זייער אַ קליינע צאָל — וועלכע די אַרבעטער טרייבען אַרויס פון דער געזעלשאַפט באַלד נאָכדעם ווי זיי באַפרוכפּערען די פרויען.

אום צו קענען השגחה געבען אויף די טויזענטער אייעלאַך, וואָס די מוטער לייגט, מוז מען אויסבויען אַ הויז אָדער אַ נעסט; נעסטען בויען די מוראַשקעס, געוויינטלאַך, אין דער ערד, אָדער אין דער קאָרע פון אַ בוים, אַמאָל אויך אין די שפּאַלטען פון שטיינער. זיי מאַכען דעם נעסט אין איי־ניגע גאָרען (עטאַזשען) מיט גרויסע און קליינע חדרים, מיט פאַרשיידענע גאַלעריעס און קאָרידאָרען וואָס בליקען איבער איינע די אַנדערע און פירען צו די פאַרשיידענע חדרים פון גרויסען נעסט. דאָ, אין די טיפערע צימערען פון נעסט, איז פאַראַן געננג וואַרימקייט פאַר די אייעלאַך, פון וועלכע עס מוז אַרויסקומען דער נייער דור מוראַשקעס. חיונה פאַר די קלייניקע ברייגגען די אַרבעטער — זיי זאַמלען דאָס פון די פּלאַנצען פון דער גאַנצער געגענט און לייגען עס אָפּ ביי זיך אין נעסט אין קעמערלאַך. אַנדערע אַרבעטער — די דערציערינס — ברייגגען די נאַרונג צו די קליינינקע ווערמלאַך (לוטשינקאַ) וואָס ווערען פון די אייעלאַך און האָדעווען זיי און גיבען זיך די גרעסטע מי, אַז זיי זאָלען אויסוואַקסען געזונטע מוראַשקעס. ווען דאָס קליינע ווערמעל קומט אַרויס פון זיין הייטעל (קאָקון), אין וועלכען עס איז געווען איינגעהילט, שוין אַלס מוראַשקע, ווייזען די דערציערינס דעם נייעם מיטגליד פון דער געזעלשאַפט דעם גאַנצען נעסט און די אַרומיגע געגענט און לערנען אים טאָן זיין אַרבעט און גיבען אים צו פאַרשטיין זיין חוב צו דער גאַנצער געזעלשאַפט. ביי נאַכט, ווען אַלע אַרבעטען הערען אויף און די נעסט ווערט רואיק און שטיל, שטייט פונדעסטוועגען די וואַך (שומרים) און היטען אָפּ די ליבע היים, זייער אייגען ווינקעלע, אויף וועלכען עס איז אָוועקגעלייגט גע־וואָרען אַזוי פיל פלייסיגע מי און אין וועלכען עס רוט דאַמאָלט אַזוי פיל פריינטשאַפט, אַזוי פיל איבערגעבענע ליבע, אַזוי פיל גליק.

מוראַשקעס לעבען ניט נאָר אין איינצעלנע נעסטען, מען געפינט הונ־דערטער נעסטען פון דעמזעלבען מין אויף איין פּלאַץ, צווישען וועלכע עס איז קלאָר צו באַמערקען אמת'ע אחדות און געגענזייטיגע הילף *). אַמאָל טרעפט זיך, אַז עס ברעכט אויס אַ מלחמה צווישען נעסטען פון פאַרשיידענע מינים און דאַמאָלט טרעטען אַרויס די העלדען. די „אנשי חיל" פון ביידע זייטען און עס שפּילט זיך אָפּ אַ בלוטיגע סצענע. דאָס פעלד ווערט באַ־דעקט מיט הרוגים און די וואָס זיינען גובר פירען אָפּ זייערע געפאַנגענע

*) זע פאַררעל, „דאָס לעבען פון מוראַשקעס אין שווייצערלאַנד".

צו זיך אין נעסט אַריין *). אייניגע נאַטור־פאָרשער האָבען באָאָבאַכטעט
מוראשקעס אין אַמעריקע — אין טעקסעס און אין קאָלאָראַדאָ — וועלכע
פאַרנעמען זיך מיט ערד־אַרבעט: זיי האָבען מאָדנע וועגען ווי צו פאַר־
זייען אַזעלכע געוויקסען, וואָס גיבען זיי צוקער און זיי קלייבען צונויף האָניג
פון אַנדערע נאַטירלאַכע פלאַנצען. אַנדערע מינים מוראשקעס האָבען זיך
אויסגעלערנט צו מעלקען זייערע קי'לאַך — אַזאַ קליינינקע חיה'לע, וואָס
אַנטוויקעלט זיך אין גרויסע מאַסען אויף פאַרשיידענע פלאַנצען — און ציען
פון זיי אַרויס דעם גאַנצען זאַפט, וועלכער איז זיס און האָט דעם טעם פון
אונזער מילך. אַזוי לעבען זיך מוראַשקעס זומער. ווען עס ווערט קאַלט, באַ־
האַלטען זיי זיך אין זייערע נעסטען, וויקלען זיך צונויף אין איין גרויסען
קנויל — דאָס גיט זיי וואַרימקייטען און שלאָפען זיך אַזוי איבער דעם גאַנצען
ווינטער.

אויך ביי פיר־פיסיגע חיות געפינט מען געזעלשאַפטען, וועלכע פאַראיי־
גען זיך אויף אַ קורצען משך, ביי וועלכע דער עיקר איז אָבער די געגענזייטיגע
הילף. די וואונדערבאַרסטע געפינען מיר ביי די ביבערס. אונזער מענשלאַכע
ציוויליזאַציע, מיט וועלכער מיר באַרימען זיך אַזוי שטאַרק, האָט שוין כמעט
אַ תל געמאַכט פון די אָרימע קליינע חיה'לאַך און זייער וואונדערבאַרען
געזעלשאַפטלאַכען לעבען. דער מענש האָט זיי פאַרפאָלגט אויף שריט און
טריט, ער האָט זיי געיאָגט און געשאָסען נאָר צוליב זיין אייגען ביסעל
פאַרגעניגען: איז שווער צו געפינען איצט דאָסדאָזיגע קליינע חיה'לע אין
דעמדאָזיגען פרייאַכען און גליקלאַכען לעבען, אין וועלכען עס האָט אַמאָל
געלעבט. די וואָס מען קען נאָר באָאָבאַכטען לעבען אַזוי: אין מיטען זו־
מער לויפען זיך צונויף פון וואַלד צום ברעג פון אַ טייך אַ צוויי־דריי הונ־
דערט ביבערס — זכרים און נקבות. זיי האַקען אונטער מיט זייערע שאַרפע
ציינער הונדערטער קליינע בוימלאַך און מאַכען פון זיי דרוקעס, וועלכע זיי
שטעקען אַריין אין וואַסער אַזוי, אַז עס זאָל אַרומנעמען אַ האַלב־קיילאַכדיגען
פלאַץ. נאָכדעם גראָבען זיי בשותפות אונטער אַ גרויסען, דיקען בוים, וואָס
פאַלט אַריין אין טייך אויף דעמדאָזיגען פלאַץ; מיט קליינינקע דרוקלאַך
פלעכטען זיי אויס אַ גאַנצען פליט אויף דעם ברעג טייך און פאַרקלעפען
די שפאַלטען מיט קלעפיגען ליים און זאַמד אַזוי שטאַרק, אַז דער ווינט און
דאָס וואַסער קען זיי ניט שאַטען. אויף דעם פליט בויען זיי אויס זייערע
הייזלאַך פון דעמדאָזיגען מאַטעריאַל. די הייזלאַך באַשטייען פון עטלאַכע
צימערען און אין יעדען צימער וואוינען עטלאַכע פּאָר. נאָענט צום וואַסער
מאַכען זיי זיך קאַמערס פאַר פראָוויזיע און יעדער פון דער חברה ברייננגט
צו וויפיל ער איז בכח, כדי צו פאַרמערען די פראָוויאַנטען פון דער גאַנצער

*) זע בויטש, „דער נאַטוראַליסט אויף דעם אַמאַזאָן".

געזעלשאַפט. ווען אַלץ איז שוין פאַרטיג, לעבען זיי זיך אַלע בשלום און אַרום סוף זומער הויבען זיי אָן צו פאַרען זיך. איבער׳ן ווינטער לעבט די גאַנצע געזעלשאַפט גליקלאַך און צופרידען אין אחדות און אין פריינטשאַפט. אַט דאָ צווישען פריינט און אייגענע ווערען געבוירען און דערצויגען די יונגע ביבערלאַך. זיי ווערען באַזאָרגט פון פאָטער און מוטער און גוטע שכנים, ביז עס הויבט אָן ווערען וואַרם אין דרויסען, דאַמאָלט לויפען די זכרים אַוועק און די קליינע בלייבען איבער אין דאָרף מיט זייערע מוטערם. שפּע־טער אַ ביסעל, ווען די קליינע ווערען עלטער און קענען שוין אַליין אַכטונג געבען אויף זיך, צעלויפען זיך אויך די פרויען. אין אַ קורצער צייט אַרום פאַרלאָזט אויך דער יונגער דור זייער גליקלאַכע היים.

אין דעם לעבען פון די דאָזיגע געזעלשאַפטען איז קעגענזייטיגע הילף אפילו איינע פון די וויכטיגסטע דערשיינונגען, דאָך איז די פאַר־איינינונג פון די חיות נאָר אויף אַ קורצער צייט: זיי פאַראייניגען זיך צוליב דעם, אַז זיי זאָלען קענען באַשאַפען און דערציען נייע דורות און אויפהאַלטען דאָס לעבען פון גאַנצען מין; קוים אָבער האָבען זיי דערגרייכט זייער ציל, האָבען זיי ווידער גאָר ניט געמיינשאַפטלאַך צווי־שען זיך און זייער קהל׳שער געפיל ווערט פאַרשוואונדען. דאָס זיינען געזעלשאַפטען נאָר אויף אַ משך, ביי וועלכע, אין דעם משך, זיינען אָבער פריינטשאַפט, אחדות און קעגענזייטיגע הילף די הויפטזאַך.

אַז מיר גייען איבער צום לעבען פון די העכערע חיות, געפינען מיר צווישען זיי אויך העכערע סאָרטען פון פאַראייניגונג. אַפילו צווישען די פויגלען זעען מיר שויז ווי, למשל, גאַנצע סטאַיעס וואָראָנעס (ראָבען) פליען אַרום צוזאַמען אין דער לופט און ווען זיי לאָזען זיך אַראָפּ אויף דער ערד נאָך נאַרונג, צעשטעלען זיי שומרים איבער דעם פעלד צו פאַרהיטען די גאַנצע חברה פון אַן אומגליק. זאָלען די שומרים נאָר דערזען אַ יעגער, אַזוי וועלען זיי מאַכען אַ געשריי און די גאַנצע חברה וועט אַוועקפליען. אין די וואַרמערע געגענטען פון אזיע, אַפריקע און אַמעריקע פירען זיך די פּאַפּוגייעס אַקוראַט ווי די וואָראָנעס און נאָך מיט מער פריינטשאַפט איי־נער צום אַנדערען אין דער צייט פון אַן אומגליק. זאָל נאָר אַ פּאַפּוגיי פון דער חברה געשאָסען ווערען פון אַ יעגער, וועלען זיך זיינע חברים נע־מען אַרומדרייען אַרום אים, זיי וועלען אים העלפען, וועלען פּרואווען אַוועק־נעמען אים מיט זיך און וועלען טאַקע אַליין פאַלען קרבנות פאַר זייער אי־בערגעגעבענער פריינטשאַפט.

העכערע געזעלשאַפטלאַכע פאַראייניגונג געפינט מען דאָך ביי די פיר־פיסיגע חיות. די איינפאַכסטע פון די דאָזיגע איז געוויס די סטאַדע בהמות,

לאמען, הירשען וכדומה. די הויפט־פערזאן אין דידאזיגע חברות איז דער זכר. ער רינגעלט זיך ארום מיט פיל נקבות פון דעם מין — זיינע פרויען — און היט אפ זיין מענער־רעכט טאקע ווי אן אמת'ער דעספאט. געוויינטלאך איז ער דער פירער פון דער סטאדע, וועלכע באשטייט מערסטענטייל פון איין גרויסער משפחה. אמאל אבער פאראייניגען זיך אויך עטלאכע פאמיליעס און לעבען צוזאמען. די מדרגה פון *קעגענזייטיגע הילף* אין דער סטאדע איז אפילו א נידעריגע. די מיטגלידער *העלפען אבער דאך איינער דעם צווייטען* און, וואס איז נאך וויכטיגער, *זיי לעבען אימער געזעלשאפטלאך* — דורך דעם גאנצען לעבען. ביי די העלפאנטען, וועלכע לעבען אויך אין באשטענדיגע סטאדעס, איז די הילף פון חבר צו חבר פיל גרעסער. ווילדע פערד לעבען שוין טאקע אין געזעלשאפטען פון עטלאכע פאמיליעס און כאטש אין יעדער פאמיליע איז דער זכר דער הויפטמאן, האט אבער דער גאנצער טאבון באזונדערע פירער און וועג־ווייזער. די וויכטיגסטע פון אלע געזעלשאפטלאכע ארגאניזאציאנען צווישען חיות — א געזעלשאפט, וועלכע איז זייער ענלאך צו דער געזעלשאפט פון אור־אור ווילדע מענשען — געפינען מיר ביי די מענשען־ענלאכע אפעס. די מער אנטוויקעלטע פון זיי ווי, למשל, די שימפאנזי לעבט צווישען דער אויבערשטער און אונטערשטער גווינעא. זיי לעבען אין געזעלשאפטען פון א 5—10 פאמיליעס, אין די געדיכטע וועלדער, און מאכען זיך זייערע וואוינונגען פון די צווייגען און בלעטער פון גרויסע ביימער. עטלאכע אזעלכע הייזלאך, אין וועלכע עס לעבען די פארשיידענע מיטגלידער פון דער חברה מיט זייערע פאמיליעס, זיינען אן אפען־דארף. דער שטארקסטער צווישען די איינוואוינער פון דארף — דער שטארקסטער שימפאנזי — איז ניט נאר דער פירער פון גאנץ קהל, נאר ער איז אויך דער געטרייער שומר פון אלע. זאל חלילה עפעס פאסירען, לאזט ער ארויס אזא מין טרויעריגען, כמעט מענשלאכען געשריי, אז אלע פון דארף וועלען זיך אויפכאפען און, כאטש אין אנהויב וועלען זיי אפטרעטען פון שונא, וועלען זיך אבער די מענער באלד אפשטעלען און מיט זייערע שארפע ציין און לאנגע שטארקע הענט וועלען זיי מלחמה האלטען מיט אים, בשעת די פרויען וועלען מיט זייערע קערפערס פארהיטען די יונגע, די קינדער. די פריינטשאפט און אחדות צווישען די איינצעלנע מיטגלידער פון דער געזעלשאפט, די ליבע און מוטערלאכע באהאנדלונג פון די קינדער און די פאראייניגונג פון עטלאכע משפחות אין איין דארף און פון עטלאכע דערפער אין איין שבט שטעלט געוויס די אפע ניט אויף א נידעריגערער מדרגה פון שכל ווי די נעגערס אליין, וועלכע באוואוינען אויך דידאזיגע וועלדער. יא, די נעגערס זאגען טאקע, אז די שאמפאנזים זיינען

אזעלכע מענשען, וועלכע מען האָט, פאַר זייער שלעכטער אויפירונג, ארויס־געשטופט פון דעם מענשלאַכען מין. *)

---

אז מיר קוקען זיך גוט צו צום לעבען פון חברות ביי חיות, זעען מיר, אז די חיות פאַראייניגונגען זיינען פון צוויי גרויסע סאָרטען:

ערשטענס, חברים חיות ניט פון זעלבען מיר: וואָס זיינען ניט קיין אמת'ע געזעלשאַפטען, און צווייטענס, חברים חיות פון דעמזעלבען מין, וואָס זיינען אמת'ע געזעלשאַפטען. חברים חיות ניט פון זעלבען מין, האָבען מיר געלערענט, זיינען: 1) אומזיסטע פרעסער (פּאַראַזיטען); 2) קעסט־עסער (קאָמענסאַליסטען), און קעגענזייטיגע פריינט און העלפער (מוטו־אַליסטען).

חברים חיות פון זעלבען מין, האָבען מיר ווידער געלערנט, זיינען אויך פאַראַן צוויי גרויסע קלאַסען. 1) חברות וואָס קומען זיך צונויף נאָר אויף אַ קורצען משך (צייטמאָסיגע געזעלשאַפטען), און 2) חברות וואָס לעבען אימער אין געזעלשאַפטען (באַשטענדיגע געזעלשאַפטען).

פון די ערשטע חברות, וואָס קומען זיך צונויף נאָר אויף אַ קורצען משך, האָבען מיר געזען, זיינען פאַראַן: 1) אזעלכע, ביי וועלכע די איינצעלנע מיט־גלידער זאָרגען זיך ניט זייער שטאַרק איינער פאַר דעם אַנדערען (אינדיפּע־רענטנע צייטמאָסיגע געזעלשאַפטען), און אויך 2) אזעלכע, ביי וועלכע קעגענזייטיגע הילף צווישען די מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט איז די הויפּט זאַך (קעגענזייטיג באַהילפיגע צייטמאָסיגע געזולעשאַפטען).

פון די צווייטע חברות וואָס לעבען אימער אין געזעלשאַפטען, האָבען מיר ווייטער געזען, זיינען דאָ: 1) אזעלכע ביי וועלכע קעגענזייטיגע הילף איז נאָך שוואַך אַנטוויקעלט און וועלכע שטיצט זיך אָדער אויף דער פאַרמערונג פאַמיליע אליין (קאָלאָניע־מאָסיגע) אָדער אויף דער מאַכט פון אייניקייט צווישען פילע חיות (הערדען־מאָסיגע געזעלשאַפטען), און אויך 2) אזעלכע, וואו אחדות, פריינטשאַפט, קעגענזייטיגע הילף זיינען די דערשיינונגען פון לעבען אין דער געזעלשאַפט פון חיות. (מענשענענלאַכע געזעלשאַפטען).

אָט דאָס זיינען די פאַקטען און די פאָרמעס פון געזעלשאַפטלאַכען לעבען ביי חיות. זיי האָבען אונז באַלויכטען דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען פון מענשען בפרט און האָבען אונז געצוואונגען אריינטראַכטען זיך טיפער אין דעם מקור פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען בכלל.

---

*) זע פּר. זשירא, דאָרט.

## צווייטער קאפיטעל

די גרונט טבע'ס פון לעבען. — דער ציל פון געזעלשאפטלאכער פאראייניגונג. — אימפולסען, אינסטינקטען און באוואוסטזיין. — דער מקור פון געזעלשאפטלאכען לעבען ביי אלע חיות. — דער אינערלאכער (סוביעקטיווער) און אויסערלאכער (אביעקטיווער) עלעמענט אין גרונט פון געזעלשאפטלאכען לעבען.

יעדע זאך וואס מען וויל גרינטלאך פארשטיין מוז מען באטראכטען אויף עטלאכעערליי אופנים: — מען מוז, למשל, פארשטיין דעם אויסערלאכען בנין, די פארמע, און דעם אינערלאכען געבוי פון דער זאך; מען מוז אבער אויך האבען א קלארע ידיעה וועגען דעם אינעווייניגסטען לעבען — וועגען די אייגענשאפטען פון דער זאך און וועגען זייער ווירקונג. היינט מוז מען נאך פארשטיין ווי אזוי די אויסערלאכע פארמע און דאס אינערלאכע לעבען, די עקזיסטענץ, פון יעדער זאך פארהאלט זיך אין שייכות צו דער גאנצער ארומיגער נאטור. דאס איז גערעט געווארען אפילו ווען מיר ווילען גרינטלאך פארשטיין ניט קיין לעבעדיגע זאכען, ווער שמועסט ווען מיר לערנען לעבעדיגע באשעפענישען און נאך גאנצע חברות פון לעבעדיגע ברואים דערצו, זיינען מיר פשוט מחויב אויף אלע אופנים צו דערלערנען דעם ענין כדי צו קענען זיך קלאר מאכען דעם עיקר פון זייער לעבען.

ביז איצט האבען מיר זיך אפגעגעבען נאר מיט דעם אויסערלאכען בנין פון דעם געזעלשאפטלאכען לעבען ביי חיות, דאס הייסט, מיר האבען געזען ווי אזוי חיות פון איין מין קומען זיך צונויף און לעבען אין א געזעלשאפט אויף א קורצען משך, צוליב אן אלטער גיוואוינהייט, וואס זיי האבען גע'ירש'נט פון זייערע אבות צו העלפען איינע די אנדערע, ווי, למשל, די פויגלען וואס וואנדערען איבער פון לאנד צו לאנד, אדער אויף תמיד, צוליב דעם באוואוסטע ציל צו פארבעסערען זייער לעבען בכלל, דורך דעם וואס זיי העלפען איינע די אנדערע באוואוסטערהייט, ווי מיר האבען דאס געזען ביי די חברות פון חיות וואסשטייען אויף א העכערער מדרגה פון שכל און אנטוויקלונג.

אמת מאקע, אין אלע חברות פון דעמזעלבען מין האבען מיר אפילו

פאַרבייגייענדיג אַרויסגעזען אין גרויסען אינערלאַכען כלל פון לעבען — קעגענזייטיגע הילף פון חבר צו חבר אין אַ קלענערער אָדער גרעסערער מדרגה. — און דאָס איז בלי ספק איינע פון די גרונט־דערשיינונגען פון דעם חברות׳דיגען צוזאַמענ־לעבען. אָבער מיט דעם זיינען כלל ניט אויסגעשעפּט אַלע אינערלאַכע שייכותען וואָס שפּראָצען אַרויס פון דער נשמה פון דעם יחיד און פלעכטען אויס דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען פון חיות. לאָמיר זיך איצט צוקוקען צו דידאָזיגע שייכותען און זיי גוט פאַרשטיין.

אָבער, קודם כל, לאָמיר געדיינקען אַז יעדע געזעלשאַפט סאַי פון חיות סאַי פון מענשען באַשטייט פון איינצעלנע לעבעדיגע ברואים און יעדע לעבעדיגע באַשעפעניש שטרעבט בטבע מיט אַלע אירע כוחות אויפצוהאַלטען איר לעבען. ערשטענס, זוכט זי חיונה פאַר זיך, נאַרונג, כדי צו קענען לעבען, און צווייטענס זוכט זי צו פאַר־מערען איר אייגענעם מין דורך דעם וואָס זי באַשאַפט יונגע דורות, זי זוכט צו פּרוכפּערען און מערען זיך. דידאָזיגע צוויי גרונט־טבע׳ס האָבען אַפילו אין זייער עיקר מיט דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען פון חיות כלל ניט צו טאָן, זיי געהערען גאָר צו די לעבענס־ערשיינונגען (ביאָלאָגישע ערשיינונגען) פון איינצעלנע ברואים, וואָרים, וואָלטען אַפילו חיות ניט געלעבט אין חברות, ווי, למשל, אייניגע ווילדע מינים וועלכע לעבען טאַקע אַליין אָדער פאַרוויים, וואָלט דאָך יעדע חיה, סאַי ווי סאַי, געדאַרפט האָבען איר חיונה, און זי וואָלט זיך, סאַי ווי סאַי, געזוכט צו באַהעפטען צו איר קעגענגעשלעכט כדי צו באַשאַפען נאָכקומענדיגע דורות, ווייל ווען ניט, וואָלטען פשוט אַלע חיות אויסגעשטאָרבען אין אַ קורצער צייט. פונדעסטוועגען, טאָרען מיר קיינמאָל ניט פאַרגעסען, אַז טאַקע אָט דידאָזיגע צוויי הויפּט־באַדערפענישען פון לעבען, וועלכע יעדער יחיד ברייינגט אַריין אין דער חברה ווי זיין ביסעלע אייגענס, זיינען, ביי אַלע חברים אינאייינעם דאָס ציל פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען.

פאַרשטייט זיך, אַז וואָס העכער עס איז די מדרגה פון אַנטוויקלונג פון דער חיה, אַלץ ברייטער און פילפאַכיגער זיינען דידאָזיגע באַדערפענישען, — אַלץ ברייטער און פילפאַכיגער זיינען די באַדערפענישען פון דעם לעבען פון דעם יחיד. עס פאַרשטייט זיך אויך, אַז אין אַלע געזעלשאַפטלאַכע פאַרמעס ווירקען די געזעלשאַפטלאַכע שייכותען אויף דידאָזיגע באַדערפענישען פון דעם יחיד צו מאַכען זיי ברייטער און פילפאַכיגער און דורך דעם ווערט אויך דאָס ציל פון דעם געזעלשאַפטלאַכען צוזאַמענלעבען, ביי פאַרשיידענע מינים חיות, ברייטער און פילפאַכיגער פון מדרגה צו מדרגה. ווי מיר האָבען געזען, ווען מיר האָבען געלערנט די פאַקטען פון געזעלשאַפטלאַכע פאַראייניגונג

ביי פאַרשיידענע מינים חיות, איז דאָס הויפּט־ציל פון זייער פאַראייניגונג אַמאָל, די בעסטע פאַרזיכערונג פון די לעבענס־באַדערפעניש פון דעם יחיד אליין, ווי ביי די פויגלען וואָס עמיגרירען צוליב דעם פון קאַלטע אין וואַרימע לענדער, אַנאַנדערש מאָל, די בעסטע פאַרזיכערונג פון די לעבענס־באַדערפעניש פון דעם יחיד און אויך פון דער פאַמיליע פון יונגינקע וואָס קומען אויף דער וועלט און צוליב וואָס די דערוואַקסענע חיות האָבען זיך געזעלשאַפטלאַך פאַראייניגט, ווי ביי די ביבערס, למשל: מערסטענטיילס אָבער, איז די בעסטע פאַרזיכערונג פון די לעבענס־באַדערפענישען פון ביידע אינ־איינעם און אויך פון דער גאַנצער גרופּע חיות אין וועלכער דער יחיד און די פאַמיליע לעבט, פון דעם גאַנצען כלל דאָס הויפּט־ציל פון געזעלשאַפטלאַכער פאַר־איינייגונג.

אַז מיר גייען, לאָמיר זאָגען, אין גאָס און באַמערקען פּלוצלונג אַז עס פליט אַ שטיין וואָס קען אונז טרעפען, וועט יעדער פון אונז, נאָך איידער ער וועט איבערטראַכטען צו דער שטיין וועט אים טרעפען צו ניט, ניט ווי־לענדיג און ניט וויסענדיג, געשווינט אויפהויבען די האַנט אַזוי, אַז ער זאָל מיט דעם אוילענבויגען באַשיצען זיין קאָפּ און וועט טאַקע אין איין וועגס אַוועקבויגען דעם אויבערשטען טייל פון זיין קערפּער פון דער זייט וואו דער שטיין פליט. פאַר וואָס? פּשוט דערפאַר, ווייל, ערשטענס, איז אין יעדען מענשענ'ס נשמה, שוין פון לאַנג אַן, פון דור־דורות, פאַרגליווערט געוואָרען דאָס געפיל, אַז אַזאַ מעשה ווי אַ שטיין קען הרג'ענען, אָדער אַזוי גלאַט שעדיגען אַ לעבעדיגען גוף און, צווייטענס, דערפאַר ווייל ביי יעדען מענשען, ווי ביי אַלע חיות, איז איינגעוואָרצעלט די טבע צו פאַרהיטען דאָס לעבען ווי ווייט מען קען נאָר. אַזעלכע באַוועגונגען, ניט ווילענ־דיגע און אומבאַוואוסטע, נאָר וואָס שפּראָצען אַרויס פון דער טבע צו פאַרהיטען דאָס לעבען, צו שוינען דעם גוף פון ווייטאָג, אָדער צו פאַרשאַפען אים לעבענס־באַדערפענישען און פאַרגעניגען — הייסען בלשון וויסענשאַפט „אימפּולסיוונע באַוועגונגען" אָדער גלאַט אימפּולסען. אַלע חיות פון די נידעריגסטע ביז די העכסטע באַנוצען זיך אין זייער לעבען מיט אַזעלכע ניט־ווילענדיגע, אומבאַוואוסטע, אימפּולסיוונע באַוועגונגען און עס איז נאָר אַ סברא, אַז די נידעריגסטע באַשעפענישען טוען אַלץ אין זייער לעבען נאָר אויף אַזאַ אומבאַוואוסטען אימפּולסיוונעם אופן.

ווידער, לאָמיר זאָגען, אַז מיר הערען אַ קאָנצערט פון אַ באַרימטען פידלער. דער פידלער שפּילט וואונדערבאַר־שיין. זיינע פינגער לויפען אַרום

איבער די סטרונעס, אז מען קען זיי קוים זען מיט'ן אויג און פון אונטער דעם סמיק קומען ארויס און וויגען זיך אין דער לופט געטלאַכע טענער. מיר זיצען פאַר'כשופ'ט און באַוואונדערען די חדושים, וואָס דער קינסטלער באַווייזט. ער האָט גענענדיגט. מיר אָטעמען אָפּ א ביסעל פרייער און מיר פרעגען זיך: ווי אזוי קומען זיינע פינגער צו טרעפען אַקוראַט דאָרט אויף די סטרונעס ווי מען דאַרף? דער פידלער האָט גאָר, דאַכט זיך, ניט געקוקט אויף די פינגער און זיי זיינען טאַקע געלאָפען איבער די סטרונעס אזוי גיך אַז עס איז געווען אוממעגלאַך צו באַמערקען זיי, פונדעסטוועגען האָבען זיי דאָך ארויסגערופען יענע טענער, וועלכע די מוזיק, די נאָטען האָבען געפאָדערט. ווי קומט דאָס? אז מיר טראַכטען איבער דעם ענין א פאָר מינוט, איז נאַטירלאַך ניט שווער צו ענטפערען אויף דער קשיה, ווייל מיר ווייסען אז דער פידלער האָט זיך יאָרען לאַנג געמאַטערט אויסצולערנען זיינע פינגער צו טרעפען די פלעצער אויף די סטרונעס וואָס גיבען ארויס באַשטימטע נאָטען. ער האָט עס געטאָן באַוואוסטערהייט, הונדערטער מאָל האָט ער געטראָפען און הונדערטער מאָל האָט ער ניט-גע-טראָפען, ביז זיינע פינגער זיינען געוואוינט געוואָרען דערצו. פריער האָט ער טאַקע אָפט געקוקט אויף די פינגער, אז זיי זאָלען טרעפען דאָס ריכטיגע פלאָץ אויף די סטרונעס, היינט אָבער דאַרף ער שוין ניט קוקען, זיי טוען שוין אליין וואָס מען דאַרף. פריער האָט ער ווי סענדיג און זעענ-דיג געלערענט זיינע פינגער ווי צו טאָן און איצט איז דאָס באַוואוסטזיין פאַרלאָרען געגאַנגען און זיינע פינגער טוען זייער ארבעט דורך געוואוינהייט. אָט אזא מין ארט טאָן א זאַך, הייסט אין דער וויסענשאַפט אינסטינקטיווע טעטיקייט אָדער גלאַט אינסטינקט *).

אַלע חיות לעבען מערסטענטיילס דורך זייערע אינסטינקטען, דאָס הייסט, יעדער באַדערפעניש פון זייער לעבען האָבען זיי פריער דערפילט מער אָדער ווייניגער באַוואוסטערהייט, נאָר דורך טויזענטער און הונדערטער-טויזענ-טער דורות איז דאָס ביסעלע באַוואוסטזיין פאַרלאָרען געוואָרען און זיי דער-פילען די פאָדערונגען פון זייער לעבען דורך געוואוינהייטען — אינסטינק-טיווע. פאַרקערט ווידער, לאָמיר זיך פאָרשטעלען, אז א מענשען שטייט פאָר עפּעס א געשעפט, א פרנסה, קלערט ער אז ער וועט אזוי און אזוי טאָן, מיט דעם אָדער מיט יענעם האַנדלען וועט אים ארויסקומען אזא אָדער אזא מין טובה, אָדער ער וועט אויסמיידען אזא אָדער אזא מין רעה און נאָכדעם

*) איך האָב געפּרואווט דערקלערען אימפּולסען און אינסטינקטען ווי די נייסטע וויסענשאַפטלאַכע דערקלערונג פאַרשטייט זי. זע די בעסטע פאָרמולירונג פון דידאָזיגע באַגריפען אין ע. העגעל'ס בוך „די וועלט-רעטזעל".

ווי ער האָט גוט באַרעכערנט דעם גאַנצען עסק באַשליסט ער זיך צו טאָן ווי ער רעכענט אַז עס וועט זיין בעסער. אַזא האַנדלונג איז, פאַרשטייט זיך, אַ באַוואוסטע האַנדלונג, דאָס הייסט, דער טוער ווייס וואָס ער טוט.

אַמאָל האָט מען גאַר אָפּגעלייקענט אַז חיות קענען אויך האַנדלען אַזוי, אַז זיי קענען וויסען וואָס זיי טוען. דאָס, האָט מען גערעכענט, קען נאָר דער מענש, ווייל ער האָט שכל און קען באַרעכענען יעדעם פּיצעלע. היינט, אָבער, ווייסט מען שוין פון טויזענטער ראיות, אַז חיות, וויינינגסטענס די חיות פון אַ העכערער מדרגה פון אַנטוויקלונג, ווייסען זייער אָפט וואָס זיי טוען און אַז זיי טוען אַ סך זאַכען אין זייער לעבען מיט שכל און איבערלייגונג. היינט פאַרשטייט מען גאָר, אַז דאָס גאַנצע לעבען —סיי פון חיות, סיי פון מענשען — איז פּשוט אַ לאַנגע קייט פון טעטיקייט, וואָרים באמת איז אפילו דאָס דיינקען ביי מענשען אויך ניט מער ווי אַזא מין טעטיקייט פון דעם שכל, און אַז די גאַנצע טעטינקייט פון אַלע לעבעדיגע ברואים באַשטייט: 1) פון טעטיקייט (אימפּולסיוונע) וועלכע איז אומבאַוואוסט, ניט ווילענדיג נאָר וועלכע שפּראָצט אַרויס פון דעם אינערלאַכען דראַנג פון דעם לעבען; 2) פון טעטיקייט (אינסטינקטיקטיוונע), וועלכע איז אַמאָל געוועזען מער אָדער ווייניגער באַוואוסטע נאָר וואו דאָס באַוואוסטזיין איז פאַרלאָרען געוואָרען דורך לאַנגער געוואוינהייט, און 3) פון טעטיקייט (באַוואוסטע) וואו די איבערלייגונג און דער ווילען פירען צו דער אָדער יענער האַנדלונג.

פרעגט זיך, וואָס פאַר אַ שייכות האָבען די אַלע סאָרטען טעטיקייט ביי חיות מיט זייער געזעלשאַפטלאַכען לעבען?

* * *

אונז זיינען קלאָר צוויי זאַכען: ערשטענס, אַז אַ געזעלשאַפט פון חיות באַשטייט פון לעבעדיגע ברואים פון דעמזעלבען מין און צווייטענס, אַז חיות פון דעמזעלביגען מין פאַראייניגען זיך אין חברות צוליב דעם, אַז זיי זאָלען קענען בעסער אויפהאַלטען זייער אייגענעם לעבען, פון וועלכען עס קומט שוין ממילא אַרויס דאָס אויפהאַלטען פון דעם לעבען פון דער פאַמיליע בפרט און פון דער גאַנצער געמיינדע בכלל. דאָס לעצטע, דאָס הייסט, דאָס אויפהאַלטען פון דעם לעבען פון דעם יחיד אין דער פאַמיליע קען מען זיך לייכט דערקלערען דורך דעם, אַז עס שפּראָצט אַרויס פון דעם אינערלאַכען דראַנג פון לעבען (ביאָלאָגישע נויטווענדיקייט) און עס אַנטוויקעלט און פאַרבעסערט זיך דורך די פאַרשיידענע שייכותען צווישען חיות אין אַ געזעלשאַפט, (סאָציאַלע אומשטאַנדען). אָבער ווי אַזוי דערקלערט מען זיך וואָרט אַ געזעלשאַפט פון חיות פון דעמזעלבען מין? ווייל, כדי צו מאַכען

א געזעלשאַפט פון חיות פון דעמזעלבען מין, מוז דאָך לכל הפּחות יעדע חיה, באַוואוסט אָדער אומבאַוואוסט, קענען דערקענען איר חבר פון דעמזעלביגען מין, ווען ניט וואָלט דאָך א געזעלשאַפט פון חיות באַשטאַנען פון אַכצענערליי פאַרשיידענע מינים און דאָס ווייסען מיר פון די פאַקטען וואָס מיר האָבען געלערנט, איז אין דער נאַטור ניט אַזוי. און ווידער ווי אַזוי דערקלערט מען זיך ווי עס האַלט זיך צוזאַמען א חברה פון חיות ווען זיי האָבען שוין איינע די אַנדערע דערקענט?

* * *

געלערנטע סאָציאָלאָגען נעמען אָן צוויי גרונט־פּרינציפּען פאַר דעם מקור פון דעם חברה'שען לעבען ביי אַלע לעבעדיגע ברואים: איין פּרינציפּ, וואָס שפּראָצט אַרויס פון דער אינערלאַכער נשמה פון דער חיה גופא, איז דער, אַז יעדע באַשעפעניש דערקענט א צווייטעס פון אייגענעם מין. דאָס איז דער פּערזענלאַכער (אינדיווידועלער אָדער סוביעקטיווער) גרונט פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען. דער צווייטער פּרינציפּ, וואָס שפּראָצט אַרויס פון דעם אויסערלאַכען דראַנג צו איינינקייט אין דער נאַטור גופא, איז דער, וואָס אין יעדע גרופּע פון באַשעפענישען פון דעמזעלבען מין איז פאַראַן א שטרעבונג צו סימפּאַטי, צו פריינטשאַפט, צו קעגענזייטיגער הילף צווישען אַלע חיות פון דער גרופּע. דאָס איז דער געזעלשאַפטלאַכער (אָביעקטיווער) גרונט פון דעם חבר'שען לעבען. מיר קענען אָבער ניט גלויבען אַז ביי אַלע חיות איז דער מקור פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען א באַוואוסטע זאַך פאַר יעדער חיה, פּשוט דערפאַר, ווייל עס איז כלל ניט באַוויזען געוואָרען אַז די טעטיקייט פון יעדער חיה, סאַי אין איר פּערזענלאַכען לעבען, סאַי אין איר געזעלשאַפטלאַכער שייכות, איז א באַוואוסטע. מיר ווילען זיך ניט אַריינלאָזען אין טיפע פילאָזאָפישע חקירות, מיר ווייסען אָבער אַז די נידעריגסטע לעבעדיגע ברואים, די קליינע מיקראָסקאָפּישע חיה'לאַך דערהאַלטען זייער לעבען—זיי טוען אַלץ וואָס איז דער עיקר פון דעם לעבען — זיי באַוועגען זיך, זיי דערנערען זיך, זיי פּרוכפּערען זיך און זיי פילען ווייל אַזוי פאָדערט זייער לעבען; עס איז פּשוט זייער לעבענס־טעטיקייט (פּסיכאָ־פיזיאָלאָגישע, אימפּולסיווע טעטיקייט בלשון וויסענשאַפט), אַרויסגערופען פון דעם אינערלאַכען דראַנג צו לעבען. מיר ווייסען אָבער אויך, אַז זיי לעבען אין קאָלאָניעס, אין חברות פון זייער אייגענעם מין, וואָס דאָס באַטייט, אַז ערשטענס, דערקענען זיי איינע די אַנדערע און, צווייטענס, אַז עס ווירקט צווישען זיי דער נאַטירלאַכער דראַנג פון איינינקייט. טאַ פאַרוואָס זאָלען מיר עפּעס אָפּטיילען דיראָזיגע לע־

בענס־טעטיקייט פון די איבעריגע לעבענס־טעטיקייטען? מיר טוען דאָס טאַקע ניט און מיר באַשליסען, אז אזוי ווי זיי באַוועגען זיך, דערנערען זיך און פרוכפערען זיך און אזוי ווי זיי פילען דורך דעם אימפולסיוונעם (פסיכאָ־פיזיאָלאָגישען) דראַנג פון לעבען, אַז פונקט אזוי דערקלערען זיי איינע די אַנדערע און האַלטען זיך איינינג דורך דעם זעלביגען אימפולסיוונעם (פסיכאָ־סאָציאָלאָגישען) דראַנג פון לעבען.

דאָס איז גערעדט געוואָרען וועגען די גאַנץ נידעריגע אומאַנטוויקעלטע, לעבעדיגע באַשעפענישען. די העכערע מינים, וועלכע שטייען אויף אַ העכערער מדרגה פון שכל און ביי וועלכע דאָס באַוואוסטזיין האָט שוין ביסלאַכוויים זיך אָנגעהויבען צו באַווייזען, האָבען מסתמא הונדערטער טויזענטער מאָל, אויף זייער אייגענעם שטייגער, באַוואוסטערהייט דערקענט זייער אייגענעם מין און אויפגעהאַלטען די איינינקייט אין זייערע חברות, ביז די געוואוינהייט האָט זיי אויסגעלערנט, ווי אַ סך אַנדערע באַדערפענישען פון זייער לעבען, למשל, דאָס בויען פון נעסט, אָדער דאָס דערציען פון זייערע יונגע, צו דערפילען די דאָזיגע געזעלשאַפטלאַכע לעבענס־טעטיקייט אַקוראַט ווי זיי דערפילען זייער גאַנצע לעבענס־טעטיקייט טיילוויים דורך אימפולסען, אָבער מערסטענטיילס אינסטינקטיוונע. ביי די העכערע חיות, וואו דאָס באַוואוסטזיין האָט זיך שוין מער אָדער ווייניגער אַנטוויקעלט, זיינען די געזעלשאַפטלאַכע דערשיינונגען — דערקענען דעם מין און אויפהאַלטען די איינינקייט — אויך מער אָדער ווייניגער באַוואוסטע. די טעטיקייט פון דעם גאַנצען לעבען פון די העכערע חיות איז טיילוויים אימפולסיוונע, מערסטענטיילס אינסטינקטיוונע, אָבער אויך מער אָדער ווייניגער באַוואוסטע.

דאָס איז די קלאָרסטע דערקלערונג וועגען דעם, ווי אַ חיה קען דערקענען איר חבר פון דעם אייגענעם מין און ווי אזוי אַלע חברים אינאיינעם קענען אויפהאַלטען די איינינקייט אין זייער געזעלשאַפט. דאָס זיינען די גרונטען פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען ביי אַלע חיות. זיי וועלען אונז דערקלערען ווי עס ווערט די שייכות אין אַ געזעלשאַפט פון לעבעדיגע ברואים און מיר וועלען לערנען די פאָרמעס און דעם עיקר פון דער שייכות אין די פאַרשיידענע אַנשטאַלטען פון דעם קהל'־שען לעבען.

# דריטער קאַפּיטל

די דריי קראַפטען וואָס העלפען אויפבויען געזעלשאַפטלאַכע שייכות: דאָס „נאַכטאָן", די שפּראַך און דאָס שפּילען זיך צוזאַמען ביי חיות. — אינסטיטוציאָנען ביי חיות: די אינדוסטריעס, די פאַמיליע און די אָרגאַניזאַציאָנען, קונסט און וויסען ביי חיות.

מיר האָבען נאָך ניט אויסגעשעפּט אַלע גייסטיגע קראַפטען וועלכע העלפען אויפבויען דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען ביי חיות. מיר האָבען געזען, אַז די שטרעבונג פון דעם יחיד צו דערהאַלטען זיין לעבען איז דאָס גרויסע ציל צוליב וועלכען חברים פון איין מין לעבען געזעלשאַפטלאַך און מיר האָבען אויך געזען, אַז די גרויסע שטרעבונג פון אַלע חברים אין אַ געזעלשאַפט צו דערהאַלטען די איינִיקייט, די גאַנצקייט פון דער געזעלשאַפט איז דאָס גרויסע מיטעל צו דערגרייכען דעמדאָזיגען ציל. אָבער אַחוץ דידאָזיגע גרונט־דערשיינונגען זיינען נאָך פאַראַן אַנדערע, וועלכע שפּראָצען אַרויס, סאַי פון די אויסערלאַכע פאַרהעלטעגישען פון דער נשמה פון דעם לעבעדיגען באַשעפעניש, סאַי גאָר, אי פון די אי פון יענע, וועלכע העלפען אַלע אינאיינעם, צו בילדען דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען; דאָס הייסט אויסצופלעכטען די שייכות, די אַנשטאַלטען, די אָרגאַניזאַציע — די געזעלשאַפט פון לעבעדיגע ברואים.

אין דער נאַטור געוועלטיגט אַ גרויסער כלל, אַ געזעץ, אַז יעדע זאַך וואָס פּאַסירט, יעדע דערשיינונג, וועט נאָכאַמאָל פּאַסירען, וועט איבערגע'חזר'ט ווערען, אויב אַלע אומשטאַנדען וואָס האָבען אַרויסגערופען די דערשיינונג וועלען זיין פּונקט דיזעלביגע ווי זיי זיינען פריער געווען. קורץ גערעדט: דיזעלביגע אומשטאַנדען רופען אימער אַרויס דיזעלביגע דערשיינונגען. אַזוי, למשל, ווערט תמיד וואַסער פון צוויי טיילען וואַסער־שטאָף און איין טייל זויער־שטאָף, ווען דער עלעקטרישער שטראָם פאַראייניגט זיי, אָדער וואַסער ווערט תמיד פאַרפרוירען — ווערט אייז — פּונקט ביי דעמזעלבען גראַד קעלט, אָדער הויבט אימער אָן צו זידען — ווערט פּאַרע — ביי דעמזעלבען גראַד היץ, וכדומה. אויף דעמדאָזיגען גרויסען געזעץ באַגרינדעט זיך אונזער באַגריף פון דער איינִיקייט, די געזעצמאָסיקייט, פון דער גאַנצער נאַטור.

אין דער וועלט פון לעבעדיגע ברואים איז אויך ניט אַנדערש. לעבעדיגע באַשעפענישען פון דעמזעלבען מין — פון דעמזעלבען אויסערלאַכען געבוי און אינערלאַכען לעבען — וועלכע לעבען אונטער דיזעלביגע אויסער־

לאַגע אומשטאַנדען, װי, למשל, אין דעמזעלבען לאַנד און אין דעמזעלבען קלימאַט, פירען זיך אויך אויף אין זייער לעבען, אויף דעמזעלביגען שטייגער. דהיינו: זיי דערנערען זיך מיט דערזעלבער נאַרונג, זיי באַװעגען זיך אין דעמזעלבען װעג, זיי פּרוכפּערען זיך און פילען מער אָדער װייניגער אין דעמזעלבען שטייגער.

אין דעם לעבען פון אַ חברה פון חיות, װעלכע האָבען שוין װי־ניט־איז דערקענט, אַז יעדע פון זיי געהערט צו דעמזעלבען מין, װעט די טעטיקייט פון יעדען איינציגען מיטגליד פון דער חברה אויך זיין מער אָדער װייניגער דיזעלביגע װי די פון יעדען אַנדערען מיטגליד פון דער חברה. דאָס הייסט, ניט נאָר די לעבענסטעטיקייט, װי נאַרונג, באַװעגונג, וכדומה, ניט נאָר די טעטיקייט פון דער נשמה, װי פילען, נאָר אויך די געזעלשאַפטלאַכע טע־טיקייט פון יעדען: װי קעגעזייטיגע הילף, פּאַרטיידיגונג קעגען פיינט, וכדומה, װעט אויך זיין מער אָדער װייניגער ענלאַך איינע צו די אַנדערע. אַז מיר טראַכטען זיך אַריין אין דידאָזיגע דערשיינונגען קענען מיר דעם גרויסען נאַטירלאַכען געזעץ גוט פאַרשטיין. געװיס, מיר זוכען ניט צו פאַרשטיין: „פאַרװאָס איז דאָס אַזוי אין דער נאַטור?“ מיר זוכען נאָר צו פאַרשטיין, װאָס דידאָזיגע דערשיינונגען דערקלערען אונז. און זיי דערקלערען אונז, אַז פּונקט װי אין דער ניט־לעבעדיגער נאַטור חזר'ן זיך איבער דערשיינונגען אונטער דיזעלביגע אומשטאַנדען, פּונקט אַזוי חזר'ט איבער אַ לעבעדיגע באַשעפעניש די לעבנס־טעטיקייט און די גייסטיגע טעטיקייט פון אירע חברים פון דעמזעלבען מין, אונטער דיזעלביגע אומ־שטאַנדען. דאָס הייסט, באמת, אַז אַ לעבעדיגע בריאה טוט נאָך אַ צװייטער, אין איר לעבענס־טעטיקייט, אויף אַזוי פיל, אויף װיפיל זייער אויסערלאַכער געבוי און אינערלאַך לעבען איז ענלאַך ביי זיי ביידען. נאַ־טירלאַך, ביי די נידעריגסטע חיות איז דידאָזיגע טעטיקייט פון נאָכטאָן איינע די אַנדערע אַן אומבאַװאוסטע, אַ ניט־װילענדיגע — אַן אימפּול־סיװנע; ביי העכערע חיות איז זי טיילװייס אימפּולסיװנע, אָבער אויך טייל־װייס אַן אינסטינקטיװנע נאָכטאָן יענעם. די העכסטע אָבער, די אַנט־װיקעלטסטע חיות און די מענשען טוען איינע די אַנדערע נאָך אויך באַ־װאוסטערהייט. פאַרשטייט זיך, אַז דידאָזיגע טעטיקייט פון נאָכ־טאָן איינע די אַנדערע, שפּראָצט אַרויס פון דער איינניקייט פון דער נשמה ביי דעמזעלבען מין חיות און דינט װי דער שטאַרקסטער צעמענט צו האַלטען די גאַנצקייט און איינניקייט פון דער געזעלשאַפט. עס איז דערדאָזיגער פּראָצעס פון אינערלאַכער טעטיקייט, פון נאָכטאָן איינע די אַנ־דערע ביי די מיטגלידער פון אַ חברה, װאָס אַרבעט אויס און פאַרהאַרטע־

וועט געוויסע געזעלשאפטלאכע שייכות און מאכט פון זיי געוויסע געזעלשאפטלאכע אנשטאלטען. עס איז די א ו י ס ע ר ל א כ ע (אביעקטיווע) גייסטיגע קראפט וואס האלט אויף געזעלשאפטלאכע אייניקייט.

כדי עס זאל זיך אויסארבעטען א באמת א י י נ ה י י ט ל א כ ע געזעלשאפטלאכע שייכות, מוז נאך יעדע לעבעדיגע בריאה, אויף וואס'ער א נידעריגער מדרגה פון שכל זי זאל ניט זיין, קענען איבערגעבען אירע געפילען — אירע אימפולסען, אינסטינקטען, אדער גאר באוואוסטזיין — א צווייטען באשעפעניש פון איר אייגענעם מין. און באמת זיינען גאר ניטא אזעלכע חיות, און איבערהויפט נאך דידאזיגע וואס לעבען אין געזעלשאפטען, וואס זאלען ניט קענען דורך פארשיידענע באוועגונגען פון זייער גוף, איבערגעבען איינע די אנדערע געוויסע אימפולסען, אינסטינקטען און, ביי חיות אויף א הויכער מדרגה פון שכל, אפילו אידייען. און וואס איז דאס דען, אויב ניט קיין שפראך? פארשטייט זיך, אז די שפראך ביי חיות איז אודאי אן ארימע שפראך, אבער דאסווארט ש פ ר א ד אליין, באטייט ניט מער ווי „מאכען צייכענס" — אמת טאקע, מאכען צייכענס מיט דער צונג — ריידען. הייגט אבער פארשטייט מען דאס ווארט א סך ברייטער ווי אמאל, יא, ברייטער אפילו ווי דער גרויסער פראנצויזישער אנטראפאלאג בראקא האט געלערנט: „אז עס זיינען פאראן עטלאכע־ערליי סארטען שפראך, אז יעדע סיסטעם פון צייכענס וועלכע דריקט אויס א אידייע אזוי, אז מען זאל זי מער אדער ווייניגער קענען פארשטיין . . . איז א שפראך אין דעם ברייטסטען זין פון דעם ווארט". מיר זיינען אבער פשוט געצוואונגען, וואס מער מיר לערנען דאס לעבען פון חיות, צו פארשטיין, אז „די פארשיידענע סיסטעמען פון צייכענס" הארפען גארניט תמיד אויסדריקען אן אידייע כדי צו זיין שפראך, זיי קענען זיין נאטירלאכע באוועגונגען (צייכענס) פון פארשיידענע חלקים פון גוף און ניט מער, אבי זיי דריקען אויס עפעס א טעטיקייט פון דער חיה און גיבען איבער דעם איינדרוק א צווייטער חיה וועגען דערדאזיגער טעטיקייט, זיינען זיי שוין א שפראך, — צייכען־שפראך, באוועגונגשפראך, אבער דאך שפראך, וועלכע שטעלט א חיה אין געזעלשאפטלאכער פארבינדונג מיט איר חבר. נאטירלאך, וואס פאלקאמענער די חיה ווערט אין איר געבוי און אין אינערלאכען לעבען, אלץ פאלקאמענער ווערען די אברים וואס באשעפטיגען זיך מיט דעם אויסדרוק פון שפראך און עס ווערט אויך פילפאכיגער די מעגליכקייט אויסצודריקען געפילען און געדאנקען אין דער שפראך. אזוי, למשל, ווייסען מיר אז אפילו די קלייניקע מיקראסקאפישע חיה'לאך שווימען, לויפען, שפרינגען און שטופען איינע די אנדערע צו דעם שטראל ליכט וואס מען לאזט פאלען אויפ'ן וואסער אין וועלכען זיי לעבען, ניט דערפאר ווייל זיי פארשטייען עפעס וועגען דעם,

נאָר ווייל דאָס ליכט באַווירקט זייערע קערפּערס אַזוי אַז זיי זאָלען זיך צוזאַמענהאַלטען אין אַן איינגעערער גרופּע און אַלע אינאיינעם שטרעבען צום ליכטיגען און פאַרהעלטעניסמעסיג וואַרמערען פּלאַץ פון זייער היים.

דאָס איז מסתמא די נידעריגסטע מדרגה פון איבערגעבען לעבענס־איינדרוקען פון איין חיה צו דער אַנדערער דורך נאַטירלאַכע באַוועגונגען — עס איז די נידעריגסטע מדרגה פון באַוועגונגס־שפּראַך. אָבער וואָס די חיה שטייט אויף אַ העכערע מדרגה פון אַנטוויקלונג, אַלץ פאָלקאָמענער זיינען ביי איר די מיטלען מיט וועלכע זי קען איבערגעבען אירע געפילען אַנאַנדער חיה. אַזוי, למשל, באַווייזען די נאַטור־פאָרשער הובער און פּאָרעל מיט פיל פאַקטען, אַז בינען און מוראַשקעס גיבען איבער איינע די אַנדערע ניט נאָר געוויסע געפילען, נאָר אויך גאַנצע אידייען דורך זייערע העריגע הערנערלאַך (אַנטענע). דאָס איז אפשר די העכסטע מדרגה פון באַוועגונג־שפּראַך. אָבער ניט נאָר שטומע באַוועגונגען דינען די חיות צו פאַרשטאַר־קען די געזעלשאַפטלאַכע שייכות צווישען זיי. אמת'ע שפּראַך — קול־שפּראַך, אָדער „לאַוט“־שפּראַך, ווי דער דייטש וואָלט געזאָגט — באַמערקט מען שוין ביי די געזעלשאַפטלאַכע פויגלען און דער אַמעריקאַנער נאַטור־פאָרשער ערנעסט סעטאָן־טהאָמפּסאָן, וועלכער האָט אַ לאַנגע צייט געלערנט די שפּראַך פון אַ חברה פאַבען (וואָראָנעס), וואָס האָבען באַוואוינט קאַסטען פּראַנק, לעבען טאָראָנטאָ, קאַנאַדאַ, באַוויזט, אַז געוויסע אויסגעשרייען פון די ראָבען קען מען איבערזעצען אויף באַשטימטע מוזיקאַלישע נאָטען און אַז דידאָזיגע אויסגעשרייען באַ־טייטען תמיד דאָסזעלביגע. אַזוי, למשל, וועט „קאַו־קאָו“, אויסגעשריען אין אַ געוויסען מוזיקאַלישען וועג, תמיד באַטייטען „אַלץ אין אָרדענונג, קומט“; אָדער „קאָו“ אַליין, אַנדערש אויסגעשריגען, וועט הייסען: „גיט־אַכטונג!“ אָדער „קאַ“ וועט הייסען „געפאַר“ אָדער גאָר „קאַ־קאַ־קאַ־קאַ — קאָו“ אויסגעשריען מיט אַ געוויסען נגון, וועט הייסען „גרויס געפאַר — אַ ביקס!“. און מערקווירדיג, אין יעדען פאַל וועט די חברה פון פויגלען טאָן עפּעס אַ זאַך, וואָס פּאַסט זיך גראָד צו דער באַטייטונג פון דער שפּראַך: זיי וועלען אויסמיידען די געפאַר, אָדער זיי וועלען נאָכפליען זייער פירער, אָדער זיי וועלען פאַרטיידיגען זייערע חברים. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נאָך גאָר אַ נידעריגע מדרגה פון אַ ווערטער־שפּראַך. די העכסטע מדרגה פון אַזאַ שפּראַך געפינען מיר ערשט אין דעם העכסטען געזעלשאַפטלאַכען צושטאַנד פון מענשען. אָבער וואָס מיר קענען לערנען פון די אַלע דער־שיינונגען איז דאָס: אַז כאָטש די שפּראַך — באַוועגונג־שפּראַך, „לאַוט“־שפּראַך אָדער ווערטער־שפּראַך — שפּראָצט אַרויס פון דער פּערזענלאַכער נשמה פון דעם יחיד, איז זי אָבער, טאַקע דערפאַר ווייל זי גיט איבער די אויסדרוקען פון די לעבענס־אימפּולסען, די אינסטינקטען און דעם באַוואוסט־

זיין פון איין לעבעדיגען באַשעפעניש צו דעם אַנדערען, איינע פון די שטאַרקסטע גייסטיגע קראַפטען וואָס פאַראייניגען די חברים פון אַ געזעל־שאַפט און העלפען אויסאַרבעטען די געזעלשאַפטלאַכע שייכות.

פון די גייסטיגע קראַפטען וועלכע העלפען אויפבויען די געזעלשאַפטלאַ־כע שייכות צווישען חיות וועלען מיר זיך אָפּשטעלען נאָר אויף נאָך איין קראַפט, וועלכע שפּראַצט אַרויס אי פון די אויסערלאַכע אומשטאַנדען פון לעבען, אי פון דער אינערלאַכער נשמה פון דער חיה אַליין. שוין ביי די קליינינקע מיקראָסקאָפּישע חיה'לאַך, וועלכע פאַרמערען זיך דורך דעם וואָס די מוטער־חיה'לע צעטיילט זיך אויף צוויי צווייען און די צוויי ווידער אויף צוויי, א. א. וו. בלייבען די קליינינקע לעבען אַלע אינאַיינעם אויף אַ באַגרעניצטען פּלאַץ; אַזוי אויך האָבען מיר געזען ביי די העכערע חיות, וועלכע עמיגרירען אַלע אינאַיינעם צו אַ באַשטימטען פּלאַץ, כדי דאָרט אָפּצולייגען זייערע אייע־לאַך, ווי, למשל, די לאַנד־קרעבסען און די פיש, בלייבען די קליינינקע ווידער אויף אַ באַגרעניצטען פּלאַץ צו לעבען אינאַיינעם ביז אַ באַשטימטער צייט. און אַפילו ביי די העכערע חיות, ווי ביי די ביבערס, האָבען מיר געזען די־זעלבע דערשיינונג. די גרויסע חיות, דורך דער צייט פון זייער עמיגרירונג, זיינען אויך צונויפגעקליבען אין גרויסע מאַסען אויף אַ באַגרעניצטען פּלאַץ און אַזוי אויך זיינען די, וועלכע לעבען אין באַשטענדיגע געזעלשאַפטען. וואָס באַטייט דאָס? עס באַטייט, אַז די אַלע חיות וואָס לעבען געזעל־שאַפטלאַך קומען אין באַשטענדיגער באַרירונג איינע מיט די אַנדערע. אָט דיזאָזיגע קערפּערלאַכע באַרירונג שיינט צו פאַרשאַפען גרויס פאַרגעניגען יעדער איין חיה פון דער גאַנצער חבֿרה, דאָס הייסט, די אויסערלאַכע דער־שיינונג פון קערפּערלאַכער באַרירונג פון חיות פון דעמזעלבען מין באַשאַפט ביי דער חיה אַן אינערלאַך געפיל פון לוסטיקייט, וואָס דריקט זיך אויס אין דעם וואָס די באַרירונגען ווערען אָפטער, ענערגישער — שפּילענדיגער. און ניט נאָר שפּילען זיך די קליינינקע יונגינקע חיה'לאַך אינאַיינעם צוליב דעם פאַרגעניגען וואָס זיי האָבען דערפון, ניט נאָר שפּילען זיך אַלע דער־וואַקסענע אינאַיינעם צוליב דער פּאָרונג פון זכרים מיט נקבות, נאָר אין דער נאַטור שפּילען זיך חיות פון אַ חבֿרה נאָר צוליב דער לוסטיקייט, צוליב דעם פאַרגעניגען וואָס זיי געניסען פון דער באַרירונג בכלל. אָט דיזאָזיגע שפּילען צווישען חיות זיינען אַ שטאַרקער מיטעל אויפצוהאַלטען געזעל־שאַפטלאַכע אייניקייט און אויסצואַרבעטען פאַרשיידענע געזעלשאַפטלאַכע שייכותען.

מיר האָבען ביז איצט גערעדט פון די דריי גרויסע גייסטיגע קראַפטען וועלכע העלפען אַנטוויקלען געזעלשאַפטלאַכע שייכות און געזעלשאַפטלאַכע אייניקייט און מיר האָבען בכיון אַנגעוויזען זייער ווירקונג נאָר אויף דער

געזעלשאַפטלאַכער אייניקייט — אויף דער אַנטוויקלונג פון געזעלשאַפט־לאַכקייט אַליין — כדי קלערער צו פאַרשטיין דעם גאַנצען ענין. מיר טאָרען אָבער קיינמאָל ניט פאַרגעסען, אַז שייכות אין אַ געזעלשאַפט ווערט צווישען לעבעדיגע ברואים, צווישען איינצעלנע פּערזאָנען, חיות אָדער מענשען, און אַז דידאָזיגע דריי גייסטיגע קראַפטען ווירקען ניט ווייניגער אויף דער אַנטוויקלונג פון פערזענלאַכקייט, ווי אויף דער אַנטוויקלונג פון געזעלשאַפט־לאַכקייט. דאָס וועלען מיר בעסער אַרויסזען ווען מיר וועלען לערנען די געזעלשאַפטלאַכע אַנשטאַלטען ביי חיות.

די געזעלשאַפטלאַכע אַנשטאַלטען ביי חיות קען מען צעטיילען אין דריי סאָרטען: די וואָס קומען אַרויס פון דער זאָרג צו קריגען לעבענס־מיטעל — די אינדוסטריעס; די וואָס קומען אַרויס פון דער זאָרג צו באַשאַפען נייע דורות — די פאַמיליעס; און די וואָס קומען אַרויס פון דער נאַטירלאַכער שטרעבונג צו אייניקייט אין דער געזעלשאַפט — די אָרגאַניזאַציאָן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבען ניט בדעה צו לערנען דידאָזיגע אַנשטאַלטען אין אַלע זייערע פּרטים. ערשטענס, ווייל די געלערנטע האָבען דידאָזיגע פּרטים גרינטלאַך נאָך ניט אויסגעפאָרשט און, צווייטענס, ווייל דאָס איז גאָר ניט אונזער ציל. מיר ווילען זיי נאָר אויף אַזוי פיל דערקענען און פאַרשטיין אויף וויפיל זיי קומען אַרויס פון דער שייכות צווישען די לעבעדיגע ברואים פון דער געזעלשאַפט.

ווען מיר האָבען געלערנט דעם מקור פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען, האָבען מיר שוין געזען, אַז ניט די זאָרג צו קריגען חיונה, לעבענס־מיטלען, און ניט די זאָרג צו באַשאַפען יונגע דורות זיינען פאַר זיך געזעלשאַפטלאַכע דערשיינונגען (סאָציאַלע דערשיינונגען). זיי זיינען גאָר די לעבענס־דער־שיינונגען (די ביאָלאָגישע דערשיינונגען) וועלכע דערהאַלטען דעם יחיד, דעם איינצעלנעם, ביים לעבען. און כאָטש מיר דאַרפען דאָס תמיד גע־דיינקען, טאָרען מיר אָבער קיינמאָל ניט פאַרגעסען אַז טאַקע צוליב דעם, אַז אי די חיונה, אי די פאַמיליע זאָל גרינגער אָנקומען, זאָל בעסער באַ־זאָרגט ווערען און לייכגער געדויערען האָבען זיך חיות פון איין מין, טייל־ווייס אומבאַוואוסט און טיילווייס באַוואוסטערהייט, פאַראייניגט אין איין חברה און טאַקע אין דידאָזיגע פאָרמעס פון זייערע אינדוסטריעס און זייערע פאַמיליעס און דידאָזיגע פאָרמעס פון דער געזעלשאַפטלאַכער אָרגאַניזאַציע בכלל דריקט זיך אויס די געזעלשאַפטלאַכע שייכות צווישען די חברים. לאָמיר דאָס זען.

אין דער זאָרג פאַר חיונה, אין דער אַרבעט צו קריגען לעבענס־מיטעל האָט יעדער מין חיה אויסגעאַרבעט אירע אייגענע וועגען און כאָטש דער

פאַרשטאַנד לערנט ניט די חיה אויסצוקלערען געצייג צו דער אַרבעט, האָט אָבער די נאַטור יעדע מין חיות באַזאָרגט מיט באַזונדערע געצייג פון וועלכע זי היינגט זייער שטאַרק אָפּ ביים פאַרזאָרגען זיך מיט אירע לעבענסמיטעל. אַזוי, למשל, האָבען די חיות וואָס ערנערען זיך מיט פלייש, שטאַרקע שאַרפע ציין, די פויגלען האָבען שאַרפע נעגעל און אַ שטאַרקען שנאָבעל; די וואָס דערנערען זיך דורך פּרוכטען, קענען קריכען אויף די בוימער און די וואָס דערנערען זיך פון קליינע געוויקסען און וואָרצלען קענען מיט זייערע פאָדערשטע פיס צוגראָבען די ערד, וכדומה. די העכערע חיות אָבער באַנוצען זיך נאָך מיט שכל'דיגע מיטלען און עס ווייזט אויס, אַז וואָס העכער עס איז די מדרגה פון שכל פון דער חיה און וואָס שטאַרקער און באַשטענדיגער עס איז די געזעלשאַפטלאַכע פאַראייניגונג צווישען חיות, אַלץ ווייניגער דאַרפען זיי זיך פאַרלאָזען אויף נאַטירלאַכע מיטלען, נאַטירלאַכע געצייג צו קריגען חיונה, נאָר זיי פאַרלאָזען זיך טאַקע מער אויף די שכל'דיגע וועגען, אויף דער בעסטער נאַטירלאַכער געצייג, אויף דעם שכל. דערפאַר טאַקע שיינען די אינדוסטריעס ביי חיות צו דערגרייכען די העכסטע מדרגה צווישען די העכסטע געזעלשאַפטלאַכע חיות.

די וויכטיגסטע אינדוסטריעס ביי חיות צו דערוואַרבען חיונה זיינען: יאָגען זיך נאָך אַנדערע חיות — יאַגד; כאַפּען פיש; רייסען פּירות פון די בוימער, אָדער קלייבען וואָרצלען און זאַמלען די זיסע זאַפט פון געוויקסען און בלומען. יעדער מין חיות האָט זיך זיינע געוויקסען און בלומען. יעדער מין חיות האָט זיך זיינע באַשטימטע וועגען ווי אַזוי צו כאַפּען זיין קרבן, אָדער צו קריגען די געוויקסען פון וועלכע ער לעבט. יעדער חיה באַזונדער איז אָבער אָפט געצוואונגען צו ב י י ט ע ן דידאָזיגע וועגען נאָך די אומשטאַנדען אין וועלכע זי זוכט און קריגט איר נאַרונג. און טאַקע פון דער פ אַ ר ע נ ד ע ר ו נ ג פון די וועגען ווי צו קריגען חיונה ביים יחיד, ליגען זיך ביסלאַכוויים צונויף די נ י י ע ו ו ע ג ע ן פאַר דעם גאַנצען מין חיות. די נידעריגערע חיות לעבען, ווי מען זאָגט, פון האַנט צום מויל און פאַרברייגען מערסטענטיילס זייער גאַנצע צייט אויף זוכען חיונה, אויף רוען אָדער אויף שאַפען אַ פאַמיליע. דערפאַר אָבער ביי די העכערע חיות און איבערהויפּט ביי די יעניגע, וועלכע לעבען אין באַשטענדיגע געזעלשאַפטען איז די אינדוסטריעלע טעטיקייט פיל ברייטער. ערשטענס, זיינען עס מערסטענטיילס די געזעלשאַפטלאַכע חיות, וואָס בויען זיך נעסטען און וואוינונגען און ביי זיי זיינען די נעסטען און וואוינונגען גאַנצע פּאַלאַצען מיט פאַרשיידענע חדרים, קאָרידאָרען, קעמערלאַך, וכדומה. צווייטענס, גרייטען זיך מערסטענטיילס די געזעלשאַפטלאַכע חיות צו פּראָוויזיע אויף דער צייט ווען זיי וועלען ניט קענען קריגען קיין נאַרונג.

אָדער זיי גרייטען צו נאָרונג פאַר זייערע יונגע קינדער, וועלכע וועלען נאָך ניט קענען זאָרגען פאַר זיך אַליין. דריטענס, העלפען זיך די געזעלשאַפט־לאַכע חיות מערסטענטייל אײנע די אַנדערע ביים בויען די וואוינונגען אָדער נעסטען און בשעת זיי פאַרבאַרייטען פּראָוויאַנטען, דאָס הייסט, די־דאָזיגע אַרבעטען טוען זיי אַלץ בשותּפות. דאָס אַלץ באַטייטעט פּשוט, אַז אין דער זאָרג צו דערהאַלטען דאָס לעבען פון דעם יחיד, האָבען חיות פון איין מין, פון איין געזעלשאַפט, אויסגעאַרבעט בעסערע אינדוסטריעלע מיטלען ווי אַזוי צו דערגרייכען דאָסדאָזיגע ציל. אַט די בעסערע אינדוס־טריעלע מיטלען זיינען די אינדוסטריעלע אַנשטאַלטען ביי חיות און זיי בייטען זיך בּיסלאַכווייס אום אין פאַרלויף פון יאָרען נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל יעדע חיה בייט ביסלאַכווייס אום די וועגען ווי צו קריגען חיונה, וועלכע זי האָט איבערגענומען פון איר גאַנצען מין.

ניט נאָר באַשטרעבט די חיה צו קריגען חיונה, נאָר אין געוויסע צייטען פון איר לעבען שטרעבט זי צו פרוכפּערען זיך, צו באַשאַפען נייע דורות. און כאָטש פיל געלערנטע ווילען גלויבען, אַז די פאַמיליע איז דער שורש פון געזעלשאַפטלאַכקייט, זיינען אָבער די פאַקטען פון דעם לעבען פון די מיס־קראָסקאָפּישע חיה'לאַך כּלל דערקעגען דערדאָזיגער מיינונג. ווי די מעשה זאָל אָבער ניט זיין, ווען מיר ריידען פון דער פאַמיליע, מיינען מיר די פאַראייניגונג פון צוויי פאַרשיידענע געשלעכטער, אַ זכר מיט אַ נקבה, כדי צו שאַפען נייע דורות. און אַט דידאָזיגע פאַראייניגונג רופט אַרויס ניט נאָר הונדערטערליי געזעלשאַפטלאַכע שייכותען נאָר אויך באַשטימטע פאַר־מעס פון געזעלשאַפטלאַכע אַנשטאַלטען — די פאָרמעס פון דער פאַמיליע ביי חיות. צוויי גרויסע נ א ט י ר ל א כ ע דערשיינונגען מוז מען פאַרשטיין כדי צו פאַרשטיין די שייכות פון דער פאַמיליע ביי חיות צו דער געזעלשאַפטלאַכקייט בכלל. ערשטענס, מוז מען געדיינקען, אַז די נידעריגערע באַשאַפען נייע דורות, פאַר וועלכע די עלטערען זאָרגען זיך בכלל ניט, אָדער זיי זאָרגען זיך נאָר אַ קליין ביסעלע. אין דעמדאָזיגען פאַל לייגט די מוטער־חיה מיליאָנען און מיליאָנען אייעלאַך, וועלכע דער פאָטער־חיה באַפרוכפּערט דאָ אויף דעם אָרט און ביידע האָבען מיט דער ווייטערער דערציאונג פון די קינדער גאָר ניט צו טאָן, ווי מיר ווייסען, למשל, פון די פיש, וועלכע עמיג־רירען צוליב דעם פון ים צום טייך. פון די מיליאָנען און מיליאָנען אייעלאַך ווערען מיליאָנען אויפגעפרעסען פון אַנדערע חיות און די וואָס בלייבען איבער אַנטוויקלען זיך אויף דעם אָרט, און לעבען אין אַ צ י י ט ו ו י ל י ג ע ר ג ע ז ע ל ש א פ ט, ביז זיי ווערען גרויס און קענען זיך אייג־ציגווייס זאָרגען פאַר זיך אַליין. צווייטענס, מוז מען געדיינקען, אַז ביי העכערע חיות, וואו די זאָרג פון די עלטערען פאַר די יונגע, ביז זיי קענען

אליין זארגען פאר זיך איז זייער גרויס, לייגט די מוטער־חיה נאר עטלאכע אייעלאך, אדער זי האט נאר עטלאכע לעבעדיגע קינדערלאך און די עלטערן זיינען מיט זיי אלע אין באשטענדיגער שייכות, לערנענדיג און אויפציענדיג זיי נאך אלע פרטים פון זייער מין, אדער חברה אין וועלכער זיי לעבען. אין אלע פארמעס פון דער פאמיליע איז דער מנאסביל דער יעניגער, וועלכער זוכט צו געווינען די פרוי — זי איז תמיד די שעמעוודיגע — און דאס רופט ארויס א מערקווירדיגע אנטוויקלונג פון דער פערזענלאכקייט, אמאל דורך מלחמה צווישען די מאנסבילען צוליב איר, מערסטענטיילס אבער דורך דעם וואס זיי סטארען זיך ארויסצואווייזען זייערע פיאיקייטען, זייער קראפט, זייער שיינקייט, געזאנג, וכדומה. האט ער זי געוואונען, פארען זיי זיך און זי וועט פארבלייבען מערסטענטיילס די פארזארגערין פון דער פאמיליע. דא וועט זיין א שטארקע אנטוויקלונג פון איר פערזענלאכקייט און עס קען איר אמאל אויסקומען צו באשיצען אירע קינדער אפילו פון אים אליין — זייער פאטער.

די ערשטע פארמע פון דער פאמיליע ביי חיות איז, ווי מיר זעען, א צייטמאסיגע פארונג — א מוטער־פאמיליע — ביי איינִיגע פויגלען זארגט זיך דער פאטער אויך וועגען דער אויפציאונג פון דער פאמיליע און ביי איינִיגע פיש זארגט דער פאטער אליין פאר דער פאמיליע, מערסטענטיילס אבער איז די פאמיליע ביי חיות א מוטערלאכע פאמיליע. ביי איינִיגע פויגלען און ביי העכערע חיות הערט אויף די פאמיליע צו זיין א צייטמאסיגע פארונג פון פארשיידענע געשלעכטער. דער ער קריגט די מאכט צו באהערשען עטלאכע פרויען און דורך זיין קראפט האלט ער די אינגערע מאנסבילען אפ פון צו בארירען זיינע באהערשטע פרויען. אין דעם פאל ווערט די פאמיליע, א פיל־ווייבער פאמיליע, וואו די מוטער נאטירלאך זארגט פאר אירע קינדער און ער איז דער הערשער איבער דער גאנצער קליינער געזעלשאפט פון ווייבער און קינדער. דאס איז די צווייטע פארמע פון דער פאמיליע ביי חיות. נאר אין זעלטענע פאלען, ביי די פויגלען, למשל, און ביי איינִיגע העכערע חיות, געפינען מיר א מער אדער וויינִיגער דויערענדע פאר־פאמיליע. אין דער פאמיליע זארגען פאטער און מוטער פאר די יונגע, אבער אויך נאר ביז זיי זיינען אימשטאנד צו זארגען פאר זיך אליין. דאמאלט לאזען די עלטערן איבער די קינדער און דערקענען זיי מער ניט. זיי זארגען צו האבען נייע קינדער. די פאר־פאמיליע איז זעלטען צו געפינען ביי חיות. די אנטוויקלונג פון דער פאמיליע, אנטוויקעלט ניט נאר שטארקע געזעלשאפטלאכע אנשטאלטען און טיפע אייניקייט צווישען עלטערן און קינדער, צווישען יונגע פון איין פאמיליע און די יונגע פון דעם

גאנצען כלל — נאר עס אנטוויקעלט זיך נאך די פערזענלאכקייט איבער־הויפט פון דעם מאנסביל אלס הערשער און פון דער פרוי אלס פארזארגערין. נאר דאס וועלען מיר קענען ערשט גוט דורכלערנען אין די שפעטערדיגע פאר־מעס פון דער מענשלאכער געזעלשאפט. איצט וועלען מיר נאר נאכאמאל א בליק טאן אויף דער גאנצער געזעלשאפט פון חיות.

אז מיר קוקען זיך צו צו דער פאראייניגונג פון חיות, באמערקען מיר, אז, למשל, די קלייניגקע חיה׳לאך, וועלכע ווערען געבוירען אויף איין פלאץ, ארבעטען ניט אוים צווישען זיך קיינע געזעלשאפטלאכע אנשטאלטען — זיי זיינען אינאייגעם, ווייל זיי זיינען געבוירען געווארען אינאיינעם און זיי זיינען דערפאר טאקע נאר א צייטמאסיגע געזעלשאפט, אן אגרעגאט, בלשון וויסענשאפט, — און מער ניט. ווידער, אז מיר באטראכטען, למשל, די פויגלען אין צייט פון זייערע עמיגראציעס, באמערקען מיר, אז ביי זיי האבען זיך שוין אויסגעארבעט מער אדער ווייניגער געזעלשאפטלאכע אנ־שטאלטען: אזוי, למשל, פליען די עלטערע פארויס, נאך די אינגסטע אין מיטען און געניטע פויגלען פליען הינטען און ביי די זייטען, וכדומה און נאך אזעלכע געזעלשאפטלאכע אנשטאלטען און געזעלשאפטלאכע שייכותען וואס קומען זיי צוניץ אין לעבען. אבער אזוי ווי דאס איז נאר א געזעלשאפט אויף א צייט — איז עס א צייטמאסיגע געזעלשאפטלאכע ארגאניזאציע — א צייטמאסיגע אסאסיאציע בלשון וויסענשאפט. דערפאר אבער די בא־שטענדיגע געזעלשאפטען האבען שוין אויסגעארבעט באשטענדיגע געזעל־שאפטלאכע אנשטאלטען — באשטענדיגע אסאסיאציעס אדער געזעלשאפט־לאכע ארגאניזאציעס. אין זיי געפינען מיר שוין באשטימטע פארמעס פון ארגאניזאציע. זיי באשטייען געוויינטלאך פון עטלאכע פאמיליעס.

סאי אין די צייטמאסיגע געזעלשאפטען, סאי אין די באשטענדיגע גע־זעלשאפטען געפינען מיר דרייערליי פערזאנען: די עלטערע, די פירער פון דער געזעלשאפט, — דאס זיינען מערסטענטיילס די עלטערע מאנסבילען; די קינדער — דער יונגער דור — זיי זיינען די שוואכסטע און זיי אונטער־ווארפען זיך אונטער דעם ווילען פון די עלטערע; — און די פרויען — זיי פארזארגען, ווייניגסטענס זיך און די יונגע, מיט נארונג, וואוינונג און מיט די אויסבילדונג פון די וועגען פון לעבען פון דעם מין אין די יונגע חיות. אין די אלע דריי קלאסען פערזאנען געפינען זיך תמיד איינצעלנע וועלכע אנטוויקלען זיך גיכער און נעמען די אויבערהאנט אין דער געזעלשאפט־לאכער ארדענונג. אזוי, למשל, וועלען איניגע פרויען בעסער פארזארגען זייערע פאמיליעס און וועלען דורך דעם העלפען צו דערהאלטען דעם מין. איניגע קלייניגקע וועלען זיך גיכער אנטוויקלען און וועלען מיט דער צייט ווערען סאי די בעסטע פרויען־פארזארגער, סאי די דערוואקסענע מענער —

די פירער; איינינע פון די פירער וועלען זיך אנטוויקלען אין בעסערע פירער און שטאַרקערע פאַרטיידיקער פון דעם גאַנצען כלל און וועלען ווערען די פירער און פאַרטיידיקער פון דער גאַנצער געמיינדע. אַזוי וועט זיך אַנט־וויקלען די פערזענלאַכקייט אין דער חברה און איניינעם מיט דער אַנט־וויקלונג פון דער אייניקייט אין דער געזעלשאַפט, וועלכע מיר האָבען שוין געלערנט, אַנטוויקעלט זיך אויך די פאָרמע פון דער געזעלשאַפטלאַכער אָרגאַניזאַציע.

שוין אין דעם לעבען פון חיות באַווייזט זיך דער ש ו ר ש פון וויסען און קונסט. קיינער, למשל, וועט ניט קענען אָפּלייקענען, אַז ווען דאָס ווע־רימעל פון דעם ט י ג ע ר פ אַ ר ד־פ ל י ג ע ל ע גראָבט זיך אויס אַ קאַנאַלכעל אין דער טיפעניש פון דער ערד און לאָזט זיין קערפּער אין דעם אַראָפּ, אַזוי אַז זיין קאָפּ זאָל פאַרשטעלען די אויבערשטע לעכעל, כדי אַ מוראַשקע, אַ פויגעלע, אָדער אַן אַנדער אינסעקט, זאָל ניט באַמערקען און אַרויפקריכען אויף אים און ער זאָל דאַן קענען אַרונטערפאַלען צום טיפען גרונט פון דעם קאַנאַלכעל, וואו ער קען זיך בשלום אויפפרעסען זיין קרבן, — קיינער וועט ניט לייקענען, אַז דאָס דאַזיגע ווערימעל ווייס אַז אַזוי קען ער קריגען נאַרונג און ניט עס, דאָס איינע ווערימעל, ווייס דאָס נאָר אויך זיין גאַנצער מין. קיינער וועט ניט לייקענען, אַז דער פיש ט אַ ק ס אָ ט , וועל־כער שפּריצט וואַסער פון זיין מויל אַרויף צו די בלעטער פון די בוימער, אויף וועלכע עס קריכען אַרום די פויגלען פון וועלכע ער לעבט, כדי זיי זאָלען פאַלען אין וואַסער אַריין, וואו ער מאַכט פון זיי אַ שיינעם מאָלצייט פאַר זיך — קיינער וועט ניט לייקענען, אַז ער ווייסט, אַז דאָס שאַפט פאַר אים נאַרונג און ניט נאָר ער ווייסט עס, נאָר זיין גאַנצער מין ווייסט עס אויך. קיינער וועט ניט לייקענען, אַז די מוראַשקע אָדער דער ביבער מאַכען וואונדערבאַרע וואוינונגען פאַר זיך און פאַר זייערע קליינינקע, אַז פויגלען מאַכען וואונדערבאַרע נעסטען, שפּינען וואונדערבאַרע שפּין־נעצען און אַז די העכערע חיות — די אַפּעס — בויען גאַנצע הייזער פון בלעטער און צווייַ־גען. קיינער וועט ניט לייקענען, אַז דאָס איז דער אָנהויב פון בוי־קונסט, שפּין־קונסט און אַנדערע קונסטען, וועלכע האָבען זיך שפּעטער ווייטער אַנטוויקעלט. נאַטירלאַך, וועגען דעם וויסען און די קונסטען אין דעם לע־בען און געזעלשאַפטען פון חיות ווייסען מיר נאָך אַזוי ווייניג, אַז מיר קענען נאָך ניט קלאָר זען די שייכות צווישען דעם וויסען און קונסט ביי חיות און דעם וויסען און קונסט ביי מענשען. וועגען דעם מוז אונז נאָך די פאָר־שונג פיל לערנען.

## פערטער קאפיטעל

די סאָציאָלאָגיע אַ נאַטור־וויסענשאַפט. — די שייכות פון נאַ־טור־וויסענשאַפטלאַכע דערשיינונגען. — ביאָלאָגיע, פסיכאָלאָגיע און סאָציאָלאָגיע, אינדיווידואַליטעט און געזעלשאַפטלאַכקייט, זייער קעגנזייטיגע ווירקונג און אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט. — דער כלל פון געזעלשאַפטלאַכער אַנטוויקלונג. — קינעטישע און די־נאַמישע געזעלשאַפטלאַכע דערשיינונגען.

אַט אזוי האָבען מיר כסדר געלערנט די שייכותען, די אַנשטאַלטען און דעם מקור פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען ביי חיות. איצט, איידער מיר ענדיגען דעמדאָזיגען טייל פון אונזער אַרבעט, לאָמיר נאָך פּרואווען בקיצור צו פאַרשטיין די עטלאַכע הויפּט־כללים, וועלכע פאָלגען בפירוש אַרויס פון די אַלע פאַקטען וואָס מיר האָבען געלערנט. זיי וועלען אונז אודאי צוניץ קומען. אָבער קודם כל לאָמיר נאָך געדיינקען, אַז דער מענשלאַכער שכל האָט ביסלאַכוויים קלאָר געמאַכט דעם גרויסען געדאַנק, אַז דאָס געזעל־שאַפטלאַכע לעבען הן ביי חיות, הן ביי מענשען איז אַ נ אַ ט י ר ל אַ־כ ע ז אַ ך, ווי מיר האָבען געפּרואווט באַווייזען און אַז די שייכותען און אַנשטאַלטען אין דער געזעלשאַפט פון לעבעדיגע ברואים שפּראָצען אַרויס סאַי פון די אויסערלאַכע סאַי פון די אינערלאַכע קראַפטען און אומ־שטאַנדען, מערסטענטיילס אָבער פון דער קעגנזייטיגער ווירקונג פון די אַלע קראַפטען און אומשטאַנדען אין וועלכע די באַשעפענישען פון אַ גע־זעלשאַפט לעבען. און אזוי ווי אין דעם קען כלל קיין ספק ניט זיין, איז טאַקע בלי ספק דערפון געדרונגען, אַז די לערע וועלכע באַשעפטיגט זיך דערמיט, וואָס זי פאַרשט אויס דידאָזיגע קראַפטען, דידאָזיגע שייכותען און דידאָזיגע אַנשטאַלטען, אַז די געזעלשאַפט־לערע איז אַ נאַטור־לערע, אַ נאַטור־וויסענשאַפט.

מיר מעגען געדיינקען, אַז די נאַטור־וויסענשאַפטען זיינען ד י ווי־סענשאַפטען וועלכע פאַרשען אויס ד י נ אַ ט י ר ל אַ כ ע ד ע ר ש י י־נ ו נ ג ע ן און ד י ו ו י ס ע נ ש אַ פ ט ע ן וועלכע פאַרשען אויס די נאַטירלאַכע דערשיינונגען פון ל ע ב ע ן און ט ע ט י ק י י ט פון לעבעדיגע באַשעפענישען זיינען די דריי גרויסע וויסענשאַפטען: די לע־בענס־וויסענשאַפט, (די ביאָלאָגיע), די גייסטעס־וויסענשאַפט, (די פּסיכאָ־לאָגיע) און די געזעלשאַפטס־וויסענשאַפט (די סאָציאָלאָגיע). די לעבענס־

וויסענשאַפט — די ביאָלאָגיע — פאָרשט אויס דעם געבוי און די לעבענס־טעטיקייט פון אַלע אברים פון דעם גוף פון יעדע לעבעדיגע באַשעפעניש; זי דערקלערט אונז אויך דעם געבוי און די טעטיקייט פון יענע אברים, פון וועלכע עס שפּראַצט אַרויס די גייסטיגע טעטיקייט פון יעדער לעבעדיגער בריאה; די גייסטעס־וויסענשאַפט — די פּסיכאָלאָגיע — באַנוצט זיך מיט די פאַקטען און דערשיינונגען פון דער לעבענס־וויסענשאַפט און פאָרשט אויס אונזערע געפילען, אונזער ווילען און אונזער פאַרשטאַנד פון וועלכע עס שפּראַצען אַרויס די געזעלשאַפטלאַכע שייכותען צווישען לעבעדיגע ברואים; די געזעלשאַפטס־וויסענשאַפט — די סאָציאָלאָגיע — באַנוצט זיך מיט די פאַקטען און דערשיינונגען פון דער לעבענס־וויסענשאַפט און פון דער גייס־טעס־וויסענשאַפט (ביאָ־פּסיכישע דערשיינונגען) און פאָרשט אויס טאַקע די געזעלשאַפטלאַכע שייכות צווישען לעבעדיגע ברואים גופא: ניט נאָר צוליב דעם, אַז מיר זאָלען בעסער פאַרשטיין דאָס לעבען און די אַנטוויק־לונג פון געזעלשאַפטען. נאָר אויך צוליב דעם, אַז מיר זאָלען קענען אויס־געפינען די נויטיגע אומשטאַנדען, אין וועלכע דאָס לעבען און די אַנטוויק־לונג פון יעדער לעבעדיגער בריאה אין דער געזעלשאַפט זאָל קענען ווערען ברייטער, פילפאַכיגער, פולקאָמענער און בעסער פאַר איר אַליין, און כפי דער מדרגה פון פולקאָמנעהייט פון יעדען יחיד וועט אויך ווערען ברייטער, פילפאַכיגער, פולקאָמענער און בעסער דאָס לעבען און די אַנטוויקלונג פון דעם גאַנצען כלל.

שיין כ׳לעבען איז צו אַנטדעקען אַזאַ וואונדערבאַרען סדר אין דער נאַ־טור; שיין צו באַמערקען אַזאַ גראַנדיעזען צוזאַמענהאַנג פון פאַרשיידענע דערשיינונגען, וועלכע זיינען אַזוי ווי קינסטלאַך געקניפּט און געבונדען איינע אין די אַנדערע; שיין איז צו באַטראַכטען און מיט׳ן געדאַנק קענען אַרומ־נעמען יענע גרויסע און וואונדערבאַרע א י י נ י ק י י ט פון אַלץ וואָס לעבט און באַוועגט זיך. יאָ, אָבער ווי קען מען דיינקען, ווי טאָר מען גאָר צושרייבען צו דער נאַטור אַזאַ קראַפט וואָס באַשאַפט ווילענדיג אָדער אומ־ווילענדיג, פּירט אויס באַוואוסטערהייט אָדער אומבאַוואוסטערהייט פּלע־נער פון גאַנצקייט און אייניקייט אין דעמדאָזיגען סדר פון וועלטלאַכע דערשיינונגען? חלילה, דאָס וואָלט געהייסען מאַכען פון דער נאַטור אַ נייע־מאָדנעם אָפּגאָט און אומוויסענדיג בוקען זיך צו אים. ניין. דידאָזיגע וואונדערבאַרע אייניקייט און גאַנצקייט וואַקסט אַרויס פון דעם וואָס יעדער העכערע מדרגה פון עקזיסטענץ, יעדער העכערע מדרגה פון לעבען שפּראַצט פּשוט אַרויס פון אַ נידעריגער מדרגה, וועלכע שטרעבט צו דער העכערער אַנטוויקלונג און דורך אַלע דערשיינונגען און מדרגות פון לעבען ציט זיך ווי אַ גאָלדענער שנור די אייביגע באַוועגונג, די אומענדלאַכע אַנטוויקלונג.

אָבער אַנטוויקלונג! געזעלשאַפטלאַכע אַנטוויקלונג! לאָמיר זיך פּרוּאַ־וועז אויסמאָלען דעמדאָזיגען פּראָצעס אין אונזער מחשבה און לאָמיר פּרוּוועז פאַרשטיין זיינע כללים.

אין די ערשייננגען פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען ביי חיות האָבען מיר דאַכט זיך געזען בחוש, אז דערהאַלטען דאָס ג אַ נ צ ע לעבען פון דעם יחיד איז דער ציל און די גייסטיגע פאַרהעלטעניסען וואָס וואַקסען דורך דעם אַרוּם ביי חיות, זיינען די מיטעל וואָס ברייננגען עטלאַכע לע־בעדיגע באַשעפעניש אין געזעלשאַפטלאַכע שייכותען, מאַכען פון זיי אַ געזעלשאַפט. דער גרונט־יסוד, הייסט עס, פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען איז אַ צווייענדיגער — אַ לעבענס־גייסטיגער גרונט (אַ ביאָ־פּסיכישער) בלשון וויסענשאַפט — און די הויפּט־קראַפטען, וועלכע ווירקען אין דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען זיינען: ערשטענס, די ט ע ט י ק י י ט פ ו ן ד ע ם א י י נ צ ע ל נ ע ם, און, צווייטענס, די ש י י כ ו ת א ו ן פ אַ ר ה ע ל ט ע נ י ס ע ן, ג ע ד אַ נ ק ע ן און אַ נ ש ט אַ ל ט ע ן וועלכע דידאָזיגע טעטיקייט באַשאַפט. וואָס־זשע איז דערפון געדרונגען? עס איז געדרונגען, אז די הויפּט־עלעמענטען, וואָס אַרבעטען אויס דאָס גע־זעלשאַפלאַכע לעבען זיינען צוויי — די פערזענלאַכקייט פון דעם יחיד — דער אינדיווידום. — און די שייכות, די אַנשטאַלטען, די אחדות פון אַלע וואָס לעבען אינאיינעם — די געזעלשאַפטלאַכקייט פון דעם קהל. אמת, טאַקע, ד י פ ע ר ז ע נ ל אַ כ ק י י ט פון דעם יחיד איז, ווייניגסטענס טיילוויים, אַ מאַטעריעלע זאַך, אַ לעבעדיגער נפש, וועלכען מען קען לכל הפּחות אין זיין קערפּערלאַכען טייל אַנטאַפּען, זען און פילען, בשעת די ג ע ז ע ל־ש אַ פ ט ל אַ כ ק י י ט איז נאָר אַ שייכות צווישען לעבעדיגע ברואים, וועלכע מיר קענען בשום אופן ניט זען און פילען אַנדערש ווי מיט אונזער שכל. זיי זיינען אָבער ביידע אַלץ איינס ר ע ע ל ע ז אַ כ ע ן און פונקט ווי די פערזענלאַכקייט פון דעם יחיד דריקט זיך אויס אין דער טעטיקייט פון זיין רעעלען גוף אין לעבענס־און גייסטעס־טעטיקייט, פונקט אַזוי דריקט זיך אויס די טעטיקייט פון געזעלשאַפטלאַכע אַנשטאַלטען און געזעלשאַפטלאַכער שייכות.

די קעגענזייטיגע ווירקונג טאַקע פון דערדאָזיגער צווייענדיגער טע־טיקייט, הן די ווירקונג פון דער פערזענלאַכער טעטיקייט אויף דער גע־זעלשאַפטלאַכער שייכות און אַנשטאַלטען, הן פאַרקערט, די ווירקונג פון דער געזעלשאַפטלאַכער שייכות און אַנשטאַלטען אויף דער טעטיקייט פון דעם איינצעלנעם — פון דעם פערזאָן — זיי ביידע ב י ל ד ע ן און אַ נ ט־ו ו י ק ל ע ן דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען. ווי אַזוי?

לאָמיר זאָגען אַז מיר פאַרשטייען דעם גאַנצען גאַנג, דעם גאַנצען סדר

פון דער געזעלשאַפטלאַכער אַנטוויקלונג פון אַ חברה חיות וואָס לעבען אינ־איינעם, לאָמיר זאָגען אַז דאָס בילד פון דערדאָזיגער אַנטוויקלונג מאָלט זיך פאַר אונזערע אויגען, אַזוי, למשל: עס לעבען זיך בשלום אינאיינעם עטלאַ־כע חיות פון דעמזעלבען מין, יעדער חבר פון דער געזעלשאַפט טוט זיך זיין אַרבעט, — זאָרגט פאַר חיונה, דערציט אַ פאַמיליע, באַשיצט די חברה פון אַלערליי שונאים — און דאָס גאַנצע געזינדעל לעבט פשוט גליקלאַך איבער גליקלאַך. נו? וואָס־זשע וועט זיין? אין דער טעטיקייט פון יעדען יחיד, מעג דאָס זיין באַוואוסטע, אינסטינקטיווע אָדער גאָר אפילו אימפולסיווע טעטיקייט, וועט תמיד פאָרקומען עפּעס אַ שטיקעלע ענדערונג, אַ בייט, אַן ענדערונג, וואָס וועט מסתמא אָפּהייבען סאַי פון דער ווירקונג פון דער אויסערלאַכער נאַטור, סאַי פון דעם אינערלאַכען דראַנג פון לעבען פון דעם יחיד, און אפשר גאָר פון דער ווירקונג פוןביידע אויף דער פערזענ־לאַכקייט. די פערזענלאַכקייט, דער אינדיווידום, אויספירענדיג אַלע זיינע נאַטירלאַכע באַדערפענישען, וועט זיך, אונטער דער ווירקונג פון די אַלע קראַפטען, ביסלאַכוויים אומבייטען, אַזוי אַז ער אַליין וועט ווערען פילפאַכער אין זיין לעבען און מיט דער צייט וועלען זיך דידאָזיגע ענדערונגען אַנקלייבען אַ היבש־ביסעל ביי יעדער חיה פון דער חברה און עס וועלען זיך טאַקע דורך דעם אומבייטען די געזעלשאַפטלאַכע שייכותען און די געזעלשאַפטלאַכע אַנשטאַלטען, וועלכע זיינען פשוט ניט מער ווי פאַרהאַרטעוועטע שייכותען אין דער געזעלשאַפט. אָבער אַז עס וועלען זיך ביסלאַכוויים אומבייטען די געזעלשאַפטלאַכע אומשטאַנדען און אַנשטאַלטען, ווי איז עס שייך, אַז עס וועט ניט ווירקען אויף דער פערזענלאַכקייט און אויף דער טעטיקייט פון דעם יחיד? געוויס, ווירקען וועט עס, און נאָך ווי!

דערווייל האָבען מיר נאָר געזען אַז עס ענדערט זיך, עס אַנטוויקעלט זיך די פערזענלאַכקייט, דער יחיד און צוליב דערדאָזיגער ענדערונג בייט זיך אויך דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען. כדי אָבער, אַז מיר זאָלען נאָך קענען זען ווי אַזוי די געזעלשאַפטלאַכע שייכות און אַנשטאַלטען — די געזעל־שאַפטלאַכקייט — ווירקט און בייט אום די פערזענלאַכקייט, מוזען מיר נאָך בקיצור אַ קוק טאָן אויף דער אַנטוויקלונג פון געזעלשאַפטען בכלל, מיר מוזען פאַרגלייכען די געזעלשאַפטען פון חיות וואָס שטייען אויף אַ נידעריגער מדרגה פון געזעלשאַפטלאַכער אַנטוויקלונג מיט די געזעלשאַפטען וואָס שטיי־ען אויף אַ העכערער מדרגה, און געפינען דעם כלל פון זייער אַנטוויקלונג. דאַמאָלט ערשט וועלען מיר קענען פאַרשטיין די ווירקונג פון געזעלשאַפט־לאַכקייט אויפ'ן יחיד, אויף דער פערזענלאַכקייט, און מיר וועלען קענען אויסדריקען דעם אַלגעמיינעם גרויסען כלל פון געזעלשאַפטלאַכער אַנט־וויקלונג.

אין לעבען פון געזעלשאפטען ביי חיות, האבען מיר געזען, איז דער עיקר די קעגענזייטיגע הילף צווישען די חברים פון א געזעלשאפט. און אז מיר קוקען זיך גאנץ גוט צו צו די אלערליי סארטען געזעלשאפטען ביי חיות, זעען מיר, אז וואס העכער עס איז דער מין פון חיות אין דער מדרגה פון שכל און אנטוויקלונג, אלץ מער און מער איז אנטוויקעלט די קעגענזייטיגע הילף ביי די חברים אין דער געזעלשאפט פון דעם מין. דאס הייסט באמת, אז דאס לעבען, די שייכות צווישען די פארשיידענע חברים פון דער חברה, האבען אלץ מער און מער איינגעווארצעלט געזעלשאפטלאכע געפילען אין יעדען יחיד פון דעם מין און די קעגענזייטיגע הילף איז פשוט דער אויסדרוק פון די דאזיגע געזעלשאפטלאכע געפילען. עס הייסט אז, פריער אין דעם אימפולסיוונעם, נאכדעם אין דעם אינסטינקטיוונעם און לסוף אין דעם באוואוסטען געזעלשאפטלאכען צוזאמענלעבען פון חיות, בייט זיך אום די פערזענלאכקייט פון יחיד, פונקט אויף אזוי פיל אויף וויפיל די ביסלאכוויים אנטוויקעלטע געזעלשאפטלאכע געפילען גיבען דעם יחיד די מעגלאכקייט צו באפרידיגען אלע זיינע באדערפעניסען גרינגער און בעסער בחברותא אינאיינעם מיט אנדערע חיות, איידער איינציגוויים, יעדער באזונדער. אט דאס איז די ווירקונג פון דער געזעלשאפטלאכקייט אויף דער פערזענלאכקייט פון דעם יחיד. און מחשבות'ן, פאר אונז ווערט, דאכט זיך, קלאר דער גאנצער פראצעס פון געזעלשאפטלאכער אנטוויקלונג ביי חיות. ניט נאר ענדערט זיך די פערזענלאכקייט. דער אינדיווידום, די חיה, צוליב דער ווירקונג פון די אויסערלאכע קראפטען פון דער נאטור אויף איר, ניט נאר ענדערט זי זיך צוליב דעם אינערלאכען דראנג פון אירע לעבענס־ און גייסטעס־טעטיקייט, כדי צו ווערען פילפאכיגער און אנטוויקעלטער איידער אן אינדיווידום, נאר זי ענדערט זיך נאך צוליב דער אויסערלאכער ווירקונג פונ'ם געזעלשאפטלאכע צוזאמענלעבען און דער אינערלאכער ווירקונג פון די איינגעווארצעלטע געפילען פון אחדות צווישען די לעבעדיגע ברואים פון דעמזעלבען מין, כדי גרינגער און בעסער צו קענען דערגרייכען אלע פאדערונגען פון איר לעבען; און ניט נאר ענדערט זיך די געזעלשאפטלאכע שייכות און די געזעלשאפטלאכע אנשטאלטען אין דער חברה פון חיות צוליב דער ענדערונג פון דער פערזענלאכקייט פון דעם יחיד כדי צו ווערען פילפאכיגער און אנטוויקעלטער, נאר זיי ענדערען זיך נאך צוליב די איינגעווארצעלטע געזעלשאפטלאכע, אדער אחדות־געפילען פון דער פערזענלאכקייט, כדי עס זאל זיך מיט דער אנטוויקלונג פון דער חברה פון חיות אויך אנטוויקלען א גרעסערע סאלידאריטעט, א שטארקערע אחדות אין דער געזעלשאפט.

דער גרויסער אלגעמיינער כלל פון געזעלשאפטלאכער אנטוויקלונג ביי

חיות, הייסט עס, איז פשוט דער: אז יעדע געזעלשאפט ווערט פילפאכיגער און אנטוויקעלטער, בעסער און פולקאמענער וואס פילפאכיגער, אנטוויקעלטער און פולקאמענער עס איז יעדער יחיד, יעדער אינדיווידום אין א פילפאכיגער, אנטוויקעלטער און פולקאמענער געזעלשאפטלאכקייט, און א שטארקערער סאלידאריטעט, און שטארקערער אחדות צווישען אלע חברים פון דער געזעלשאפט.

אין דעם דערקענען מיר יענעם גרויסען און טיעפען געדאנק וועלכען עס האט אונז געלערנט אונזער חכם ברוך שפינאזא, נאך איידער מענשען זיינען באקאנט געווארען מיט אלע געזעלשאפטלאכע פאקטען וואס פירען צו דעמדאזיגען גרויסען כלל. עס קען זיך אפשר געמאלט זיין, אז מיר זיינען נאך גאר ניט צוגעגרייט גרינטלאך צו פארשטיין דעמדאזיגען גרויסען כלל; ערשט ווען מיר וועלען לערנען דאס געזעלשאפטלאכע לעבען פון מענשען וועלען מיר קענען זען אז דער פראצעס פון אנטוויקלונג גייט זיך זיין וועג, ניט געשטערט פון קיין זאך און מיר וועלען פארשטיין וועלכע שטופע פון שווערען קאמף דאס געזעלשאפטלאכע לעבען גייט דורך איידער עס קומט צו א זיכערען, בעסערען און מער הארמאנישען איינקלאנג פון דער אנטוויקלונג פון דער פערזענלאכקייט מיט דער אנטוויקלונג פון געזעלשאפטלאכקייט.

* * *

די געזעלשאפט פון חיות אנטוויקעלט זיך אימער און כסדר. אמת, עס פאסירט אפילו זייער לאנגזאם, אבער עס פאסירט דאך, מיר קענען עס בשום אופן ניט אפלייקענען. פונדעסטוועגען אז מיר קוקען זיך צו צו דעם געזעלשאפטלאכען לעבען אפילו פון מענשען און, ווער שמועסט נאך, צו דעם געזעלשאפטלאכען לעבען פון חיות, ווייזט זיך אונז פשוט אויס, אז עס בייט זיך כלל ניט, און ווען אפילו יא, דיינקען מיר זיך, בייט עס זיך ווייניגסטענס ניט אין פארלויף פון פיל, פיל יארען, פון זייער א לאנגער צייט. די ערשטע געלערנטע, וואס האבען געפארשט דאס געזעלשאפטלאכע לעבען און האבען שוין פארשטאנען די אנטוויקלונג פון געזעלשאפטען, האבען טאקע געמיינט, אז אין דעם לעבען פון יעדער געזעלשאפט זיינען פאראן צייטען, ווען געוויסע געזעלשאפטלאכע שייכותען און אנשטאלטען פארבלייבען פארהארטעוועט אויף א לאנגען משך און זיי בייטען זיך ניט. זיי האבען אונז געלערנט אז כאטש דאס געזעלשאפטלאכע לעבען איז בכלל באוועגלאך, איז עס אבער צייטענווייס און אין געוויסע שייכותען און אנ־

שטאַלטען שטיל־שטייענדיג. דערפון האָבען זיי געדרונגען דעם געזעל־שאַפטלאַכען כלל וועגען די געזעלשאַפטלאַכע ערשיינונגען אין לעבען; זיי האָ־בען געלערנט אַז די ערשיינונגען אין געזעלשאַפטלאַכען לעבען זיינען צווייער־ליי, די וועלכע זיינען באַוועגלאַך (דינאַמיש) און די יעניגע וועלכע זיינען שטיל־שטייענדיגע (סטאַטישע) בלשון וויסענשאַפט. ניט אַזוי אָבער פאַרשטייען מיר דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען סאַי ביי חיות סאַי ביי מענשען אַצינד, ווען מיר האָבען עס פיל טיפער אויסגעפאָרשט. מיר ווייסען איצט, אַז פונקט ווי אין יעדען מאָמענט פון דער אומענדלאַכער צייט בייט די ערד אום איר פּלאַץ און איר באַוועגונג אַרום דער זון; פונקט אַזוי ווי אין יעדע מאָמענט ווערען געבוירען און פאַרלוירען מיליאָנען און מיליאַרדען לעבע־דיגע ברואים און דורך דעם בייט זיך און ענדערט זיך אימער און אייביג דאָס לעבען אויף דער ערד; פונקט אַזוי ווי אין יעדער לעבעדיגער בריאה בייטען זיך תמיד און באַשטענדיג די שטאָפען וואָס נאָרען און ענדערען די אברים פון איר גוף; פונקט אַזוי איז גאָר ניטאָ קיין מאָמענט אין דער אומענדלאַכער צייט, ווען די ערשיינונגען פון געזעלשאַפטלאַכען לעבען זאָלען זיך ווי ניט ווי ניט אומבייטען, אפילו ווען מיר קענען דאָס ניט באַמער־קען. באַוועגלאַך (דינאַמיש), הייסט עס, זיינען אַלע געזעלשאַפטלאַכע ערשיינונגען, אָבער אין דעם גרויסען און ברייטען פּראָצעס פון געזעלשאַפט־לאַכער אַנטוויקלונג זיינען פאַראַן טויזענטע ערשיינונגען די באַוועגלאַכקייט פון וועלכע מיר קענען ניט באַמערקען — דאָס זיינען די קליינינקע שטרי־כעלאַך דאָ און דאָרט וועלכע מאַכען סוף כל סוף דאָס גרויסע בילד פון אַנ־אַנדער געזעלשאַפטלאַך לעבען. אָט די ערשיינונגען זיינען די יעניגע וועלכע האָבען אָנגעקליבען די קראַפט אומצובייטען די געזעלשאַפטלאַכע שייכותען און אַנשטאַלטען און פון זיי שפּראָצען אַרויס די באַוועגלאַכע (דינאַמישע) ערשיינונגען פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען; זיי זיינען די קראַפט־באַ־זיצענדע ערשיינונגען אין דער געזעלשאַפטלאַכער אַנטוויקלונג. אָט דורך דידאָזיגע קראַפט־באַזיצענדע ערשיינונגען אין דער געזעלשאַפט קענען מיר באַמערקען דאָס באַוועגלאַכע לעבען פון דער געזעלשאַפט און אָט דידאָזיגע אייביגע באַוועגלאַכקייט פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען לערנט עס אונז דעם גרויסען כלל פון געזעלשאַפטלאַכער אַנטוויקלונג.

# די אינטעלעקטועלע קולטור *)

## (די גייסטיגע אַנטוויקלונג פון דער מענשהייט)

נאַטור און קולטור. — די פּאָזיטיוויטעט פון גייסטיגער שאַפונג. — די אומטיילבאַרקייט פון קולטורעלען דערווערב. — די אַנטשטייאונג פון שפּראַך. — די דיינקונקונגס־אַרט פון פּרימיטיווען מענשען. — בילדלאַכע פאָרשטעלונגען. — די ערשטע „וואָרצעל־ווערטער“. — שפּראַך און געדאַנק. — דער אָנהויב פון שריפט. — בילדער־שריפט ביי די פּרימיטיווע מענשען. — די מענשלאַכע דיכטונג.—די מיטאָלאָגיע און אירע פאַרשיידענע פאָרמען.—די רעליגיאָן. — ליריק און דראַמע. — דיכטונג און וויסענשאַפט. — פאַרוואָס איז די וויסענשאַפט אין די אַמאָליגע צייטען געווען פיל שוואַכער איידער די דיכטונג? — דער שאַפערישער כאַראַקטער פון דיכטונג און דער אַנטדעקענדער כאַראַקטער פון וויסענשאַפט.

א.

אין די ראַמען פון אַ קליינער אָפּהאַנדלונג איבער דער אינטעלעקטועלער קולטור קען מען זיך קוים אָפּשטעלען אויף יעדער שטופע פון אַנטוויקלונג פון דעם מענשלאַכען גייסט. און דאָס באַצוועקט אויך ניט די איצטיגע אַרבעט. איר ציל איז קורץ צו סקיצירען די הויפּט־מאָמענטען פון דער אינטעלעקטועלער קולטור און אָנווייזען אויף דעם גייסטיגען פאָרטשריט און גייסטיגען דערווערב וואָס די מענשהייט האָט געמאַכט אויף דעם געביט פון איר גייסטיגער טעטיקייט. דערפאַר איז ניט מער ווי רעכט פון אָנהויב קלאָר צו מאַכען זיך דעם אויסדרוק — אינטעלעקטועלע קולטור — אָדער, אפשר פריער נאָך, קלאָר צו פאַרשטיין די באַטייטונג פון דעם וואָרט קולטור אין אַלגעמיין.

עס איז ניט גרינג צו פאַרטייטשען דאָס וואָרט קולטור מיט איין איינציגען אויסדרוק, ווייל דער באַגריף פון דעם וואָרט קולטור איז צו ברייט

---

*) פון בוך „די וועלט און די מענשהייט, 12 פאָרלעזונגען איבער דער אַנטוויקלונג פון נאַטור און קולטור“. אַרויסגעגעבען פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון אַרבעטער רינג, אונטער דער רעדאַקציע פון מ. טערמאַן, נויאָרק, 1918.

— י. ע.

און צו גרויס. די קולטור שפּרייט זיך אויס איבער דער גאַנצער טעטיקייט פון דער מענשהייט — פון איר פריסטער יוגענט אין די אוראַלטע צייטען ביז אויף דעם היינטיגען טאָג, און איז דער פּראָדוקט פון דעם גאַנצען מענשלאַכען פאָרטשריט. דאַך, אום צו האָבען פאַר די אויגען ווייניגסטענס אַ פאָרשטעלונג וועגען דער קולטור, קען מען זי באַגרייפען אַזוי: —

די קולטור — די אַלגעמיין־מענשלאַכע קולטור — איז די סומע פון דעם גאַנצען פּאַקטישען און ממשות'־דיגען דערוואָרב, וואָס די מענשהייט האָט געמאַכט אויף די געביטען פון דעם סאָציאַלען. מאַטעריעלען און גייסטיגען לעבען דורך אירע אייגענע שאַפערישע כחות און איר אייגענער שאַפערישער טעטיקייט.

די קולטור איז אַ פּראָדוקט פון מענשלאַכער שאַפונג.

אָבער טאַקע ווייל זי איז אָפט אויך דער פּראָדוקט פון באַוואוסטזיניגער מענשלאַכער שאַפונג, געפינען זיך געלערנטע נאַטור־און קולטור־פאָרשער, וועלכע מאַכען אַן אונטערשייד צווישען דער נאַטור און דער קולטור. די קולטור, דערקלערען זיי, איז ניט גלייך צו דער נאַטור. די נאַטור האָט אירע באַשטימטע געזעצען און איר נאַטירלאַכע רעגעלמעסיקייט. אפילו אויף דעם געביט פון לעבען — ביי חיות נידעריגער פון דעם מענשען, און ביי דעם מענשען — אַנטוויקעלט די נאַטור דאָס לעבען דורך רעגעלמעסיגע נאַטירלאַכע געזעצען און שטאַרקע נאַטירלאַכע אינסטינקטען, וועלכע אונטערוואַרפען זיך דער נאַטירלאַכער געזעצמעסיקייט. פאַרקערט אָבער איז די קולטור ביי מענשען אָפטמאָל ניט מער ווי דער פועל־יוצא פון דעם רויען מענשלאַכען גייסט, פון דעם אומבאַשטימטען מענשלאַכען ווילען און בלינדער מענשלאַכער טעטיקייט. די קולטור, אַלס פּראָדוקט פון מענשלאַכער שאַפונג, איז, אין די אויגען פון יענע דיינקער און געלערנטע, אַ מין נידעריגערע ערשיינונג, און נאָך זייער מיינונג „הויבט זיך די קולטור אָן דאָרט ערשט, וואו די נאַטור ענדיגט זיך“.

אָבער אַזאַ לערע באַצוועקט נאָר די דערנידערונג פון מענשלאַכע קולטור און די באַוואוסטזיניגע מענשלאַכע טעטיקייט צוליב אַן אומנויטיגער פאַרערונג פון דער מאַכטיגער אויסערדער נאַטור און די אייזערנע צוימען פון די אינסטינקטען. אין אַזאַ פאַרערונג נויטיגען זיך ניט ניט די נאַטור און ניט די אינסטינקטען, בעת די לערע אַליין אָבער איז אין עצם דאָך פאַלש.

דער מענש איז אַ רינג אין דער קייט פון דער נאַטירלאַכער אַנטוויקלונג פון דער וועלט און זיינע שאַפערישע כחות — די פיזישע, ווי די גייסטיגע, די אינסטינקטיווע ווי די באַוואוסטזיניגע— זיינען זיינע נאַטיר־

לאכע אייגענשאפטען, פונקט אזוי, ווי דאס ליכט פון דעם שטראל איז די נאטירלאכע אייגענשאפט פון דעם שטראל; און דורך דער טעטיקייט פון זיינע נאטירלאכע אייגענשאפטען האט דער מענש אין דער אנטוויקלונג פון דער מענשהייט געשאפען די אלגעמיין־מענשלאכע קולטור, וועלכע אנט־וויקעלט זיך אפשר ניט אויף אזוינע אייזענפעסטע נאטור־געזעצען ווי די פיזישע וועלט אנטוויקעלט זיך, דאך אבער אויף דער געזעצמעסיקייט פון איר אייגענער נאטור — אויף די נאטור־געזעצען פון דעם מאטעריעלען און אינערלאך־גייסטיגען לעבען פון דעם מענשען. די קולטור־אנטוויקלונג פון דער מענשהייט איז נאר א פארטזעצונג פון דער אלגעמיין־נאטירלאכער־אנטוויקלונג פון דעם מענשען־מין, אין וועלכער אלע אייגענשאפטען פון דעם מענשען האבען גענומען א גרויסען אייגנטייל.

דאס באווייזט די מענשלאכע טעטיקייט.

גרויס און פארשיידען איז די מענשלאכע טעטיקייט און פארשפרייט זיך איבער אומצייליגע יארען פון דער פארגאנגענהייט. אומפאסען זי אין איר גאנצער גרויסקייט איז פשוט אוממעגלאך און עס איז אויך ניט נויטיג — דען זי טיילט זיך אליין אין נאטירלאכערהייט נאר אין עטלאכע קאטע־גאריעס פון טעטיקייט. דער מענש איז א געזעלשאפטלאך וועזען. פון אייביג אן לעבט ער אין געזעלשאפטלאכער שייכות צו די מענשען מיט וועלכע ער לעבט צוזאמען און אין דער סביבה פון די געזעלשאפטלאכע פארהעלטעניסען דריקט זיך אויס די גאנצע טעטיקייט פון דער מענשהייט אויף אלע געביטען פון לעבען. אין איר באשאפט דער מענש, ענדערט און אנטוויקעלט דורך זיין טעטיקייט 1) די פאר־מע פון דער סאציאלער ארגאניזאציע — די פארמעס פון דעם אינערלאכען געזעלשאפטלאכען לעבען, אין וועלכען ער לעבט — און אפגעזען פון די קראפטען וואס טרייבען דעם מענשען דערצו באשאפט ער און ענדערט 2) די עקאנאמישע אומשטאנ־דען אין דעם געזעלשאפטלאכען לעבען: די מיטלען און די פארמעס דורך וועלכע ער דערווערבט זיך לעבענס־מיטעל. ער בא־שאפט און ענדערט די פארהעלטעניסען צווישען מאן, ווייב און קינדער און אנטוויקעלט 3) די פארמעס פון דער מענש־לאכער פאמיליע. ער באשאפט און ענדערט זיינע באגריפען און פארהעלטעניסען צו דער וועלט און וועלט־שאפונג און אנט־וויקעלט און ענדערט ניט נאר זיינע רעליגיעזע אידייען, נאר אויך 4) די פארמעס פון דער קריסטאליזירטער רעליגיע מיט אירע איינגעפונדעוועטע אינסטיטוציעס, און לסוף באשאפט ער

און ענדערט 5) אַלע פאָרמעס פון רעגירונגען און הערשאַפט אין דער אַנטוויקלונג פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען — ער באַשאַפט, אַנטוויקעלט און ענדערט די מענשלאַכע רעגירונגען. אַבער מיט דער סאָציאַלער און מאַטעריעלער טעטיקייט אַליין נעמט זיך ניט אויס די גאַנצע שאַפערישע טעטיקייט פון דעם מענשען. אין דעם פאָרטשריט פון דעם לעבען — געקניפּט און געבונדען מיט יעדען טריט פון סאָציאַלען און מאַטעריעלען פאָרטשריט — אַנטוויקעלט זיך דער מענשלאַכער גייסט, און דער מענש באַשאַפט, ענדערט און אַנטוויקעלט די גייסטיגע כלי זין פון דעם מענשלאַכען פאָרטשריט.

ער שאַפט און אַנטוויקעלט 1) די שפּראַך און דעם געדאַנק. זאַכען און ערשיינונגען רופט ער אָן מיט קאָנקרעטע נעמען — און באַשאַפט ווערטער, (פּערצעפּציאָנען און קאָנצעפּיאָנען). ער פאַרבינדט די נעמען און די ווערטער אין פאַרשטאַנדלאַכע אידייען און שאַפט דעם מענשלאַכען געדאַנק. אַבער ערשט אין דעם פולען אויסדרוק פון זיין גייסט פאַרבינדט ער אַ שאַפערישע פאַרשטעלונג מיט דעם געדאַנק און דעם אינסטינקט, מיט די עמאָציאָנען און געפילען פון זיין נשמה, און באַשאַפט 2) די קונסטען: — די ניצלאַכע הויז־קונסטען און די עסטעטישע שיין־קונסטען; ער שאַפט זיך געוועהר און מיטלען צו דערווערבען לעבענסמיטעל און מאַכט זיך אַ געצעלט — ער שאַפט די בוי־קונסט. ער שטריקט און מאַלט; ער קריצט און צייכענט אויס פיגורען און דריקט אויס אין שריפטען זיינע געדאַנקען; ער קנעט אויס פון ליים און האַקט אויס פון שטיין פיגורען און סטאַטועס און שאַפט זיך די פּלאַסטישע קונסטען: ער זינגט און שאַפט וואונדערלאַכע האַרמאָניעס און באַשאַפט אינסטרומענטען צו שפּילען דאָס געזונגענע. ער פאַרבינדט דאָס געזאַנג מיט דעם וואָרט, דעם געפיל און געדאַנק און שאַפט די דיכטונג — די עפּישע, די לירישע און די דראַמאַטישע — ער באַשאַפט 3) די ליטעראַטור. ער פאָרשט די נאַטור און דעם מענשען, זאַמעלט ערפאַרונג און אַנטדעקט 4) די וויסענשאַפט, און ענדלאַך מאַלט ער זיך בילדער פון דער וועלט און דער וועלט־שאַפונג און שאַפט 5) פילאָזאָפישע סיסטעמען.

און אויך די אַלע געביטען פון מענשלאַכער טעטיקייט: אין דער אַנטוויקלונג פון די פאָרמעס פון דעם סאָציאַלען לעבען פון מענשען — אין דער ענדערונג פון די עקאָנאָמישע פאָרמעס און די פאָרמעס פון דער פאַמיליע; אין דער אַנטוויקלונג פון רעליגיעזע אידייען און באַגריפען און אין דער ענדערונג פון רעגירונג־פאָרמען; אין דער גייסטיגער שאַפונג פון שפּראַך און

גערדאַנק, קונסט און ליטעראַטור, וויסענשאַפט און פילאָזאָפיע — האַט דער מענש דערוואַרבען גרויסע ממשות׳דיגע ווערטען, וועלכע זיינען געוועזען און זיינען, פון שטופע צו שטופע, טריב־קראַפטען פון מענשלאַכען פאָרטשריט. און אַט די סומע פון דעם ממשות׳דיגען דערווערב פון דעם מענשען אויף אַלע געביטען פון דעם לעבען דורך זיין אייגענער שאַפערישער טעטיקייט איז די אַלגעמיין־מענשלאַכע קולטור. די סומע אָבער פון דעם גייסטיגען דערווערב אויף דעם געביט פון זיין גייסטיגער טעטיקייט — איז די אינטעלעקטועלע, אָדער גייסטיגע קולטור.

די צעטיילונג פון דער אַלגעמיין־מענשלאַכער קולטור אין באַזונדערע מינים קולטורען, ווי די מאַטעריעלע, אינטעלעקטועלע, סאָציאַלע און עסטעטישע איז אין דער אמת׳ן נאָר אַ קינסטלאַכע צעטיילונג, זי איז אַ הילפס־מיטעל גרינגער צו דערקלערען די גאַנצע קולטור, אָבער אין דעם רעאַלען לעבען און רעאַלען פאָרטשריט פון דער מענשהייט איז אַזאַ אָפּגרעניצונג פון קולטור אין קולטור־מינים פאַקטיש ניטאָ און קען אויך ניט זיין. אין דעם רעאַלען לעבען, סאַי אין דעם אַמאָליגען לעבען פון די פרימיטיווע מענשען, אָדער אין דעם היינטיגען לעבען פון די ציוויליזירטע פעלקער, פלעכט זיך דאָס עקאָנאָמישע לעבען — דער דערהווערב פון לעבענסמיטעל, פלעגע און באַשיצונג פון דעם מענשען און זיין פאַמיליע — די מאַטעריעלע קולטור — צוזאַמען מיט דער סאָציאַלער קולטור. און דיביידע, ווידער, וועבען זיך אומטיילבאַר צונויף מיט דעם צושטאַנד פון דער גייסטיגער אָדער אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג פון דעם מענשען — מיט דער אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך, פון דעם געדאַנק; פון רעליגיעזע, פילאָזאָפישע און וויסענשאַפטלאַכע אידייען און באַגריפען; מיט דער ליטעראַטור און קונסט; מיט דעם שיינהייט־געפיל און שיינהייט באַגריף פון דעם מענשען — מיט דער אינטעלעקטועלער און עסטעטישער קולטור.

עס וואָלט גאָר ניט געווען שווער צו באַווייזען מיט קאָנקרעטע ביישפּילען די קולטור־היסטאָרישע טאַט־זאַך, אַז שוין אין די אור־עלטסטע פאָרמען פון דעם מענשלאַכען לעבען — אויף די נידעריגסטע שטופען פון דער קולטור־רעלער אַנטוויקלונג, ביי די אויסטראַליעזער, צום ביישפּיל, אָדער אַפילו ביים אַפריקאַנישען בושמאַן — האָט שוין דער מענשלאַכער געדאַנק באַשאַפען כלי זין, ווי דעם בומעראַנג, דעם פייל און בויגען, דעם גראַב־שטעקען, אויסצוגראָבען נאָרונג־וואָרצלען פון דער

ערד — אלס מאטעריעלע מיטלען מיט וועלכע צו באשיצען זיך פון א שונא, אדער דערווערבען לעבענסמיטעל. און פארקערט, ניט שווערער וואלט גע־ווען צו באווייזען, אז נאך היינט, ביי די גרויסע פאלקס־מאסען פון אייראפע, וועלכע זיינען פון הונדערטער יארען שוין גוטע קריסטען, ווירקען נאך מאטעריעלע אדער ריין־עקאנאמישע אומשטאנדען, ווי די פרוכטבארקייט פון דער ערד, אויפצוהאלטען, אין געוויסע צייטען פון דעם יאר, רעליגיעזע קולטען, באגריפען און צערעמאניעס, אלס א טייל פון דעם קריסטענטום, וועלכע זיינען לאנג פאר׳ן קריסטענטום געווען דער געצענדינערישער אויס־דרוק פון לויב און דאנקבארקייט פון די אקערבויער־פעלקער פאר די לע־בענסמיטעל וואס די ערד האט זיי געגעבען.

און פונקט אזוי גרינג וואלט געווען צו באווייזען, אז אפילו ביי דעם פרימיטיווען אויסטראליער, וועלכער האט נאך גאר ניט פארשטאנען אנ־צוטאן א פייגען־בלעטער־גארטעל אויף זיינע נאקעטע לענדען, הערט זיך שוין דאס שטילע מאנאטאנע געזאנג ביי דעם פייער פון מזבח צו זיין גאט און עס הילכט שוין אין ווילדען עקסטאז דאס מלחמה־ליד ארום דעם מלחמה־פייער, און עס זינגט זיך שוין מיט התלהבות דער „אז ישיר“ — ליד פון טריאומף און נצחון — ווען ער קערט זיך זיגרייך צוריק. שוין יענער פרימיטיווער מענש קריצט אויס שיינקייט־פיגורען אויף זיין לייב (טאטואירונג) און טוט אן הילצערנע רינגען אויף זיינע פיס פון שיינקייט וועגען; שוין ביי יענעם ווילדען מישט זיך אויס מיט זיין פריי, שווער און אפטמאל הונגעריג־לעבען, דיכטונג און געזאנג, שפיל און שיינקייט, געדאנק און גלויבען. אבער, ווי אין יענעם ארימען, מאגערען פרימיטיווען לעבען, פונקט אזוי אין דעם ברייטען, קאכיגען לעבען פון אונזער צייט, מישט זיך יעדער קלענסטער קולטור־דערווערב אויף איין געביט מיט יעדען אנדערען קולטור־דערווערב אויף יעדען אנדערען געביט פון דעם לעבען — מישט זיך, און דורכשטרייפט זיך, און פורעמט זיך אין איין גרויס, וואונדערבאר בילד פון מענשלאכער קולטור.

און ווען מיר טיילען אפ די גייסטיגע אדער אינטעלעקטועלע קולטור פון דעם איבעריגען קולטורעלען לעבען און קולטורעלען פארטשריט פון דער מענשהייט, איז עס נאר צוליב דעם, כדי גרינגער צו קענען ס ו מ י ר ע ן ד י ג י י ס ט י ג ע ק ו ל ט ו ר — ד ע ם ג י י ס ט י ג ע ן ד ע ר־ו ו ע ר ב פ ו ן ד ע ר מ ע נ ש ה י י ט.

ב.

אויף דעם געביט פון דער אינטעלעקטועלער קולטור — במעט נאך אויף דעם גרעניץ צווישען דער חיה און דעם מענשען — האט שוין דער מענש באשאפען און אנטוויקעלט דאס וויכטיגסטע און וואונדערבארסטע פון זיין עקזיסטענץ — ד י מ ע נ ש ל א כ ע ש פ ר א ך, וועלכע האט אים מיט רעכט אפגעטיילט און געשטעלט ניט אין אז ערד העכער אפילו פון דער העכסט אנטוויקעלטער חיה — דער אפע — אויף דעם לייטער פון לע־בעדיגע באשעפענישען.

ניט דאס ביסעלע ערשטע ווערטער פון די שפראכען פון די אמאליגע מענשען, וועלכע די וויסענשאפט האט ביז איצט שטודירט און אויך ניט די פארמע פון דער מענשלאכער שפראך — די פארבינדונג פון קלאנגען אין זילבען און זילבען אין ווערטער — די א ר ט י ק ו ל י ר ע נ ד ע שפראך־פארמע, ווי די וויסענשאפט רופט זי, — האט געמאכט אזא גרויסען חילוק צווישען דעם מענשען און דער מענשען־ענלאכער חיה. די נייסטע באאבאכטונגען פון נאטור און שפראך־פארשער באווייזען, אז ביי גע־וויסע מינים פויגלען און אפעס זיינען פאראן א קליינע צאל ארטיקולירענדע קלאנגען, וועלכע האבען פאר די יחידים פון דעם מין זייער ב א ש ט ע נ־ ד י ג ע ב א ש ט י מ ו נ ג. דאס וואלט מען געקענט אויסטייטשען, אז אויך י ע נ ע מ י נ י ם חיות האבען, אויף זייער אייגענעם ארט, א מענשען־ענלאכע שפראך פון א באגרעניצטער צאל ווערטער. אבער ווען מיר גיבען אפילו צו, אז די באווייזען פון די נאטור־ און שפראך־פארשער זיינען ריכטיג און געוויסע מינים פון העכערע חיות האבען א באגרעניצטע צאל ווערטער און אויסדרוקען פון א מענשען־ענלאכער שפראך, וואס פאר א ווערט האבען די ווערטער און די אויסדרוקען אין פארגלייך אפילו נאר מיט די ערשטע שפראצען פון דער מענשלאכער שפראך, מיט איר ראשיגער אנטוויקלונג און מיט דעם גרויסען איינטייל וואס זי האט גענומען אין דער אלגעמיין מענשלאכער אנטוויקלונג און אין דער שאפונג פון דער מענשלאכער קולטור. זיינען דאך די העכערע חיות, ביי וועלכע די נאטור־פארשער אנט־דעקען א באגרעניצטע ווערטער־שפראך, נאך דעם פלאן פון דער אנטוויק־לונגס טעאריע, ניט אין אז ערד עלטער פון דעם מענשען, און לעבען און אנטוויקלען זיך ניט אין אז ערך לייגנער פון דעם מענשען; דאך אין פאר־גלייך מיט דער גייסטיגער שאפערישער אנטוויקלונג פון דעם מענשען, זיינען זייערע גייסטיגע שאפערישע כחות שוין לאנג פארגליווערט געווארען אויף א גייסטיגען האריזאנט, וועלכען דער מענש, אפילו אויף דער נידעריגסטער

שטופע פון זיין אנטוויקלונג, האט מיט אומצייליגע יארען אין דער פאר־גאנגענהייט צוריקגעלאזען.

אט אין דעם אונטערשייד פון די שאפערישע כחות אויף דעם אינטע־לעקטועלען און גייסטיגען געביט צווישען דעם פרימיטיווסטען מענשען און דער העכסטער חיה, זינט זייערע וועגען אין דער אנטוויקלונג האבען זיך פאנאדערגעטיילט, ליגט דער אונטערשייד צווישען דעם מענשען און דער מענשען־ענלאכער חיה.

און דאך האבען זיי עטוואס געמיינשאפטלאכעס אין דעם אנהויב פון דער שאפונג פון א ווערטער־שפראך .

פיל סיבות האבען געטריבען דעם מענשען צו באשאפען א שפראך. ניט אלע אבער קענען איצט אנטדעקט און דערפארשט ווערען, ווייל אייניגע פון די, וואס האבען געוויס געהאלפען צו שאפען די מענשלאכע שפראך אין יענע פארגאנגענע אוראלטע צייטען, זיינען שוין לאנג פארגעסען געווארען און האבען ניט איבערגעלאזען קיין סמנים דורך וועלכע מיר זאלען זיי קענען דערקענען. עס איז אבער באשטימט זיכער, אז אזעלכע סיבות ווי די א ו י ס ע ר ל א כ ע נ א ט ו ר מיט אירע ערשיינונגען און קלאנגען, ווי דאס רוישען פון די בוימער אין וואלד, דאס מורמלען פון טייך, דאס פראלען פון דעם דונער און דער א י נ ע ר ל א כ ע ר ד ר א נ ג פון דעם מענשען זיי נאכצומאכען; די א ו י ס ע ר ל א כ ע פאקטארען פון דעם געזעל־שאפטלאכען לעבען. ווי דער דערווערב און טיילונג פון לעבענסמיטעל, די קעגענזייטיגע הילף צווישען מענשען, די שפילען און ליבע פון די גע־שלעכטער און דער א י נ ע ר ל א כ ע ר ד ר א נ ג פון דעם מענשען צו פארשטענדיגען זיך מיט זיין חבר; דער א ו י ס ע ר ל א כ ע ר קאמף מיט די געפארען פון דער נאטור און דעם לעבען און דער א י נ ע ר ל א־כ ע ר דראנג אויסצודריקען אין אויסגעשרייען די איינפאכסטע עמאציאנען און געפילען פון פרייד און פון צער און, איבער אלעמען און אלעם — ד ע ר א י נ ע ר ל א כ ע ר ד ר א נ ג פ ו ן ג י י ס ט י ג ע ר ש א פ ו נ ג א ו י ף ד ע ם ג ע ב י ט פ ו ן ד ע ם פ א ר ש ט א נ ד, וואס האט זיך שוין אין יענער פריסטער צייט ארויסגעוויזען ביי דעם מענ־שען ניט אין א פארגלייך גרעסער ווי ביי דער העכסט־אנטוויקעלטער חיה — ז י י נ ע ן א ל ע ג ע ו ו ע ן ד י ג ר ו י ס ע ג ע מ י ש ט ע ס ב ו ת פון דער שאפונג פון א ווערטער־שפראך, וועלכע איז אין איר אנהויב דאך ניט מער ווי ד א ס א נ ר ו פ ע ן מ י ט נ ע מ ע ן די ערשיינונגען און זאכען וואס רינגלען דעם מענשען ארום.

אבער איידער די ערשיינונגען און זאכען האבען געקענט אנגערופען ווע־רען אפילו נאר מיט איינפאכע נעמען האבען זיי זיך פריער געמוזט אפ־

שפיגלען דורך די חושים אין דעם באוואוסטזיין פון דעם מענשען אלס בילדלאכע פארשטעלונגען. דען דאס אויג האט געזען די נאטור: עס האט געזען דעם בארג און דעם טאל, דעם בוים און דאס פליסיגע וואסער, דעם הימעל און די ערד און דעם האריזאנט וואו זיי גיסען זיך ביידע צו־זאמען. דער אויער האט פארנומען די קלאנגען מיט וועלכע די נאטור איז אנגעפילט: דא האט ער געהערט דאס געזאנג פון די פויגעל, דארט דעם געשריי פון די חיות און ערגעץ ווייט — דעם ווילדען קלאטער פון דעם וואסער־פאל. די הענט האבען אנגעטאפט דאס ממשות'דיגע: דעם הארטען שטיין, דאס ווייכע גראז און דאס ווארמע לייב פון דער געליבטער און בילדלאכע פארשטעלונגען פון זאכען און ערשיינונגען זיינען געווארען א טייל פון דעם זכרון און באוואוסטזיין פון דעם מענשען — א טייל פון זיין לעבען.

אז געוויסע בילדלאכע פארשטעלונגען זיינען פאראן אויך ביי די העכערע חיות פונקט ווי ביי דעם נאטור־מענשען, קען, ביי דעם איצטי־גען צושטאנד פון דער פסיכאלאגישער פארשונג פון דעם לעבען פון חיות, גאר קיין ספק ניט זיין. אפילו די געוויינלאכסטע טאג־טעגלאכע ערפא־רונגען פון מענשען באווייזען דאס. דען וועו ווייס ניט ווי דער הונט, צום ביישפיל, דערקענט זיין בעל־הבית — און דאס הייסט דאך, אז פון זיין זכרון קומט אין זיין באוואוסטזיין א בילדלאכע פארשטעלונג פון זיין בעל־הבית ווען ער דערזעט אים; און ווער האט ניט געזען ווי דאס היימישע קע־צעלע דראפעט זיך ביי דער טיר און מיאוקעט, ווען עס וויל ארויסגיין פון דער שטוב אין דרויסען? אין דעם פאל פון דאס קעצעלע, מאכט נאך דאס קעצעלע דורך א פיל קאמפליצירטערען גייסטיגען פראצעס. דען ניט נאר האט עס א בילדלאכע פארשטעלונג פון דער טיר וואס עס וויל זאל זיך עפענען. דאס קעצעלע אורטיילט און קומט צו א לאגישען שלוס — אז עס וועט קענען ארויסגיין אין דרויסען, ווען די טיר וועט זיך עפענען. אז עס אורטיילט נאך אויפ'ן גרונט פון א פריערדיגער ערפארונג דיינקט. דאס איז די איינפאכסטע פארמע פון דיינקען — עס איז דיינקען אין בילדלאכע פארשטעלונגען און ווי די באאבאכטונג פון דעם לעבען פון די העכערע אנטוויקעלטע חיות באווייזט, איז עס דער איינציגער וועג אין וועלכען די העכערע חיות קענען אורטיילען און דיינקען.

אזוי דיינקט אין בילדלאכע פארשטעלונגען דער הונט, ווען ער דער־קענט זיין בעל־הבית און בילט אין קורצע, שארפע אויסגעשרייען פון פרייד, דרייענדיג צופרידען מיט'ן עק. אזוי דיינקען, ווארשיינלאך, געוויסע מינים פויגלען, ווען זיי כאפען זיך אויף ראפטאם, דערשראקען, און רופען דורך באשטימטע אויסגעשרייען זייערע חברים צו באשיצען זיך פון א דראענדער געפאר. אזוי דיינקען, דארף מען זיך פארשטעלען, די שטארקע זכרים־אפעס

פון א געוויסען מין, ווען זיי רינגלען ארום זייערע פרויען און קינדער און קעמפען, ווי ברעהם דערציילט, מיט וואפען: מיט שטיינער און דראנגען, ברומענדיג און שרייענדיג אין א שפראך, פארשטענדלאך פאר זיי אליין און פירענדיג א גאנץ שכל'דיגע אטאקע קעגען דעם שונא. אבער אזוי אויך דיינקט אין בילדלאכע פארשטעלונגען דער אוראלטער נאטור־מענש, ווען ער באשאפט זיך נעמען פאר די זאכען און ערשיינונגען מיט וועלכע ער קומט אין בארירונג; און זיין ערשטער אקט אויף דעם אינטעלעקטועלען געביט — דער ערשטער דערוועדב פון דער מענשהייט אויף דעם געביט פון דער גייסטיגער קולטור זיינען אט די ערשטע נעמען פאר די בילדלאכע פארשטע־לונגען פון זאכען און ערשיינונגען — די ער־שטע „ווארצעל־ווערטער" פון דער מענשלאכער שפראך ווי די וויסענשאפט רופט עס אן.

און די „ווארצעל־ווערטער" פון די אוראלטעסטע שפראכען באווייזען דאס.

אין דער אורשפראך, פון וועלכער די מאדערנע אייראפייאישע שפרא־כען האבען זיך אנטוויקעלט, האט דער נאטור־פרימיטיווער־מענש אנגערו־פען די לבנה, צום ביישפיל, מיט דעם נאמען „די מעסטערין", ווייל איר שוועבען איבער די הימלען האט אים געגעבען די פארשטעלונג, אז זי מעסט דעם שטח; דעם טייך האט ער א נאמען געגעבען דער „פליסער" — דער „מורמלער", ווייל ער האט אים פארגעשטעלט דאס בילד פון פליסען, רינען און האט אפגעדריקט אויף זיין געהער דעם קלאנג פון מורמלען; די זון האט ער גערופען — די „לייכטענדע", די „שיינענדע" און אזוי כסדר.

אלע פרימיטיווע ווארצעל־ווערטער פון די עלטסטע מענשלאכע שפראכען האבען אזא כאראקטער: זיי דריקען אויס א בילד, א פארשטעלונג, א באווע־גונג אדער א טאט אלס די אייגענשאפט, וועלכע דער פרימיטיווער מענש — דער שאפער פון דעםווארט — האט זיך פארגעשטעלט אז זיי באזיצען. דאס מערקווירדיגסטע אבער איז דאס וואס די צאל פון אזעלכע ווארצעל־ווערטער, אדער שרשים, פון וועלכע אלע מענשלאכע שפראכען האבען זיך אנט־וויקעלט, איז פארהעלטניסמעסיג זייער א קליינע. שפראך־פארשער בא־ווייזען, אז כמעט אלע שפראכען, מיט דער אויסנאם פון די דיאלעקטען פון די איינגעבוירענע אמעריקאנער אינדיאנער, פרימיטיווע אויסטראליעזער און די ווילדע אפריקאנישע שבטים, קומען ארויס נאר פון דריי גרויסע שפראך־שטאמען: די ארישע, די סע־מיטישע און די טוראנישע פאמיליע פון שפראכען. און די

הונדערטער שפּראַכן; וואָס האָבן זיך אַנטוויקעלט אין פּאַרלויף פון טויזענטער יאָרן קענען רעדוצירעט ווערן צו אַט *די דריי הויפּט־קוועלן* פון אוראַלטע וואָרצעל־ווערטער. אַזוי, צום ביישפּיל, שטאַמען אַלע סעמיטישע הויפּט־שפּראַכן: ווי די אַראַבישע, העברייאישע און אַראַמישע אַליין אויך פון *איין* וואָרצעל־שפּראַך — *די אַלטע סעמיטישע* שפּראַך — וועלכע האָט נאָר זייער אַ באַגרעניצטע צאָל וואָרצעל־ווערטער. און אַזוי אויך איז באַוויזן, אַז אַלע אייראָפּייאישע און אינדיש־אַזיאַטישע שפּראַכן (די אינדאָ־גערמאַנישע שפּראַכן) געהערן נאָר צו עטלאַכע הויפּט־קלאַסן שפּראַכן, ווי די אינדישע, צעלטישע, רוימיש־איטאַליענישע, גריכישע, ווענדישע, (סלאַווישע) און טיוטאַנישע (גערמאַנישע) וועלכע שטאַמען אויך נאָר פון *איין* אַלטער — איצט שוין פאַרגעסענער וואָרצעל־שפּראַך — *די אַרישע*, וואָס האָט געהאַט ניט מער ווי עטלאַכע הונדערט וואָרצעל־ווערטער. און פּונקט אַזוי אויך האָט זיך פון אַ קליינער צאָל וואָרצעל־ווערטער אַנטוויקעלט די טוראַנישע פאַמיליע פון שפּראַכן צו וועלכער עס געהערן אַזעלכע שפּראַכן ווי די טערקישע, טאַטערישע, פינישע און אונגאַרישע; די שפּראַכן פון די הימאַלאַיען, פון די איינגעבוירענע פעלקערשאַפטן פון דער אַזיאַטישער סיביר און די פעלקער פון נאָרד־וועסטלאַכער אַזיע.

אַלע אוראַלטסטע וואָרצעל־שפּראַכן פון דער מענשהייט, ווי עס שטעלט זיך אַרויס פון דער שטודיום פון שפּראַכן, באַשטייען פון *איינזילביגע* וואָרצעל־ווערטער, ווי עס באַווייזט די אַלטע כינעזישע שפּראַך וועלכע האָט נאָך ביז היינטיגן טאָג באַהאַלטן דעם *איינזילביגען* כאַראַקטער פון איר פּרימיטיווסטען צושטאַנד. אירע ווערטער באַשטייען נאָר פון איין זילבע, ווי צום ביישפּיל, *טסע* — דער זון; *לאַו* — אַלט; *נעי* — אינווייניג און זי ענדערט די באַדייטונג פון אירע ווערטער אויך אויף דעם פּרימיטיווסטען אופן. אָדער זי שטעלט צונויף *צוויי איינזילביגע* ווערטער פון פאַרשיידענער באַטייטונג צו מאַכן אַ נייע וואָרט מיט אַ נייער באַטייטונג, ווי *טסע* — דער זון און *דזשי* — די זון מאַכט אינאיינעם *דזשי־טסע* — דער טאָג, דאָס הייסט, דער זון פון דער זון; און *לאַו* — אַלט מיט *טסע* — זון מאַכט אינאיינעם לאַו־טסע — דער פאָטער; און *נעי* — אינווייניג מיט טסע — זון מאַכט אינאיינעם נעי־טסע — דאָס ווייב; אָדער דער כינעזער בייט איבער דעם קלאַנג פון דעם וואָרט אין דעם געזאַנג פון דעם ריידען — (אַלע פּרימיטיווע פעלקער ריידען זינגענדיג) — און דורך דעם בייט זיך איבער די באַטייטונג פון דעם וואָרט. די וואַריאַציאָנען פון דעם טראָפּ און פון דעם געזאַנג אין דער אויסשפּראַך גיבן צו די ווערטער פאַרשיידענע באַטייטונגען און גיבן דעם ריידענדען די מעגלאַכקייט פון אומצייליגע פאָרמען פון אויסדרוק.

און דאָס זיינען. וואָרשיינלאַך. די ערשטע מיטלען דורך וועלכע אַ ל ע אוראַלטע פעלקער האָבען געענדערט די באַטייטונג פון ווערטער און האָבען אַנטוויקעלט די רעסורסען פון זייערע שפּראַכען. אָבער אונטער דעם דרוק פון די סאָציאַלע, מאַטעריעלע און גייסטיגע אומשטאַנדען פון דעם לעבען ב אַ ש אַ פ ט נאָך דער מענש נייע ווערטער אין דער אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך. נייע וואָרצעל־ווערטער און נייע ענדערונגען פון אַלטע ווערטער; אַמאָל גיסט ער צונויף צוויי ווערטער אין איין וואָרט; אַנאַנדערשמאָל שטעלט ער אַ זילבע פאַר׳ן שורש אָדער נאָכ׳ן שורש פון דעם אַלטען וואָרט און די ווערטער ענדערען זיך, קריגען נייע באַטייטונגען: פאַרעלטערטע ווערטער פאַלען אַרויס פון דער שפּראַך און נייע ווערען געבוירען.

אזוי וואַקסט און אַנטוויקעלט זיך די שפּראַך ביי דעם פּרימיטיווען מענ־שען. אָבער די אומשטאַנדען פון דעם לעבען, דאָס תמיד׳יגע וואַנדערען פון דעם אוראַלטען מענשען און דאָס זוכען פון מאַטעריעלע לעבענסמיטעל רייסען אָפּט אָפּ אַ טייל פון דעם פאָלק אָדער שבט וואָס האָט זיך באַשאַפען און אַנטוויקעלט אַ שפּראַך און צווינגט אָט דעם טייל צו וואַנדערען אין אַנדערע געגענטען, לעבען אונטער אַנדערע אומשטאַנדען און באַדינגונגען. ביי דיביידע אָפּגעטיילטע טיילען פון דעם שבט, ווערען מיט דער צייט באַשאַפען נייע ווערטער אין דער שפּראַך, נייע פאַרבינדונגען און ענדערונגען אין די וואָרצעל־ווערטער וועלכע קריגען נייע באַטייטונגען און פאַרבלייבען פרעמד פאַר יעדען פון די טיילען, ווי דער אַמעריקאַנער שפּראַך קענער קאָל. פּאָועל האָט עס פאַקטיש באָאָבאַכטעט ביי די וואַנדערענדע שבטים פון די אַמעריקאַנער אינדיאַנער פון דער נידעריגער קאַליפאָרניע נאָך אין דער לעצטער העלב פון נײַנצענטען יאָרהונדערט. נאָך יאָרען און יאָרען פון אָפּגעזונדערטען לעבען, אַנטוויקלען זיך ביי די צוויי טיילען פון דעם שבט צ װ ײ י באַזונדערע דיאַלעקטען, וועלכע ווערען אין אַ משך פון הונדערטער יאָרען פאַרוואַנדעלט אין צוויי פאַרפרעמדטע שפּראַכען, ביי וועלכע ס׳זיינען דאָך פאַרבליבען געמיינשאַפטלאַכע וואָרצעל־ווערטער וואָס באַווייזען, אַז ביידע שפּראַכען שטאַמען פון איין אור־שפּראַך.

און אַזוי אויך מיט מערערע דיאַלעקטען און שפּראַכען ביי מערערע פעלקער.

אין דער צייט פון דער וואַנדערונג פון די פעלקער און אונטער דער פאַר־שיידענהייט פונ׳ם לעבען וואָס זיי איז אויסגעקומען צו פירען, האָבען זיך אין די יאָר־טויזענטער אַנטוויקעלט די שפּראַכען פון דער מענשהייט וועלכע מיר קענען היינט. אָבער אַפילו ווען די פעלקער האָבען שוין אויפגעהערט צו וואַנדערען, ווען זיי האָבען זיך שוין באַזעצט אין אַן אָנגעזעסען לעבען פון אַקערבוי, האָבען זיי דאָך ניט אויפגעהערט צו שאַפען, ענדערען און אַנט־וויקלען זייערע שפּראַכען ווי זיי טוען עס נאָך היינט, נאָך דעם דראַנג פון

די נייע און געענדערטע באדערפענישען אין דעם געזעלשאפטלאכען, מאטע־ריעלען און גייסטיגען לעבען.

שפראכען ווערען געבוירען פון דער גייסטיגער נויטבאדערפעניש פון דעם מענשען אויסצודריקען זיין אינערלאכען א י ד און צוזאמגריידען זיך און איינפארשטיין זיך מיט זיינע מיטמענשען. זיי ווערען באשאפען און אנטוויקעלט פון דעם מענשען און פון דעם לעבען און זיי פארשווינדען, אדער שטארבען אפ נאר דאן, ווען דער מענש און די פעלקער וואס האבען די שפראכען באשאפען גייען אליין אראפ פון דער ארענא פון דעם מענש־לאכען לעבען.

דורך דער צייט אין וועלכער דער פרימיטיווסטער מענש האט ביסלאכווייס באשאפען די ווארצעל־ווערטער פון זיין שפראך, אלס די נעמען פון די בילדלאכע פארשטעלונגען פון זאכען און ערשיינונגען מיט וועלכע ער איז געקומען אין דירעקטער בארירונג, האט זיך אויך געשאפען און אנטוויקעלט אין זיין פארשטאנד א נייע, א גרויסע גייסטיגע פייאיקייט, — די פייאיקייט צו קענען דיינקען וועגען די זאכען און ערשיינונגען ניט נאר אין די בילדלאכע פארשטעלונגען וועגען זיי, נאר אויך מיט די ווערטער און נעמען, מיט וועלכע ער האט זיינע בילדלאכע פארשטעלונגען באצייכענט, אפילו דאן, ווען ער איז ניט געוועזן אין דירעקטער בארירונג מיט זיי; — דאס הייסט, אפילו דאן, ווען די בילדלאכע פארשטעלונגען פון די זאכען און ערשיינונגען זיינען נאר ארויפגעשוואומען אין זיין זכרון אין דעם אויסדרוק און אין דער באטייטונג פון די ווערטער אליין.—די גרויסע פייאיקייט צו דיינקען און טראכטען מיט ווערטער אלס סימבאלען און צייכענס פון זאכען און ערשיינונגען וואס האבען אפגעדריקט זייער בילדלאכע פארשטעלונג אויף זיין פארשטאנד דורך זיינע חושים.

אט די גרויסע גייסטיגע פייאיקייט, וועלכע איז דער גייסטיגער דערווערב שוין פון דעם פרימיטיווסטען מענשען, איז, אין יענע אוראלטסטע צייטען, געוועזן דאס וואס האט אונטערשיידט דעם מענשען פון דער העכסט־אנטוויקעלטער חיה — פון דער מענשען־ענלאכער אפע — און האט געגעבען דעם מענשלאכען פארשטאנד אומבאגרעניצטען פרייען רוים צו אנטוויקלען און אויסברייטען ניט נאר די פרימיטיווע מענשלאכע שפראך, נאר אויך דעם פרימיטיווען מענשלאכען פארשטאנד.

אבער אפילו ווען דער פרימיטיווער מענש דיינקט שוין מיט ווערטער און נעמען, מיט וועלכע ער האט אנגערופען די זאכען און ערשיינונגען, פארשווינדען נאך אלץ ניט אזוי גיך פון זיין גייסטיג אויג די בילדלאכע פארשטעלונגען פון די זאכען און ערשיינונגען אליין. דאס באווייזען די ערשטע אנשטרייננגונגען פון דעם מענשען צו באשאפען צייכענס און סימבאלען מיט וועלכע ער זאל קענען אויסדריקען אין א געשריבענער פארמע דאס נאכגעדיינקטע און געזאגטע — די ערשטע שריט צו באשאפען א שריפטלאכע שפראך.

און פונקט אַזוי ווי דער פּרימיטיווער מענשלאַכער גייסט שאַפט זיך אויף אַ געוויסער שטופע פון אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג אַ שפּראַך פון ווערטער און נעמען וואָס דריקען אויס זיין בילדלאַכע פאַרשטעלונג פון זאַכען און ערשיינונגען, אַזוי אויך שאַפט זיך דער פּרימיטיווער מענשלאַכער גייסט אויף אַ העכערער שטופע פון אַנטוויקלונג אויסגעקריצטע פאָרמעס אָדער סימבאָלען פון זיינע בילדלאַכע פאַרשטעלונגען וועלכע די ווערטער און די נעמען באַטייטען. שוין ביי די אוראַלטסטע פעלקער זיינען ניט נאָר די ערשטע ווערטער נעמען פון רעלע זאַכען און ערשיינונגען, ווי די נעמען פון לעבעדיגע חיות, פויגלען, פיש, בוימער און פלאַנצען, אָדער גאָר נעמען פון נאַטירלאַכע ערשיינונגען, ווי טאָג און נאַכט, זון און לבנה, מיט וועלכע ער קומט אין דירעקטער באַרירונג, אָדער דירעקטע פאַרהעלטענישען; נאָר אויך די ערשטע סימבאָלען פון דער שרייב־קונסט ביי דעם פּרימיטיווען מענשען זיינען אויסגעקריצטע פיגורען — די בילדלאַכע פאַרשטעלונגען — פון די רעלע זאַכען און ערשיינונגען, ווי חיות, פויגלען, בוימער און פלאַנצען, וועלכע זיינען אויך די ערשטע פאָרמע פון אַ מענשלאַכער שריפט. און שוין ביי די עלטסטע פעלקער פון דער וועלט, ווי ביי די אַמעריקאַנער אינדיאַנער און די איינגעבוירענע אויסטראַליעזער, געפינט מען אַזעלכע אויסגעקריצטע פיגורען אויף בערג־שטיינער, וועלכע זיינען די געשריבענע שפּראַך פון די פעלקער, די עלטסטע בילדערשריפט. אין זיי דריקען יענע פעלקער אויס אין אַ שריפטלאַכער פאָרמע יענע בילדלאַכע פאַרשטעלונג, וועלכע די ווערטער און די נעמען באַטייטען.

און ווי אָרים יענע אוראַלטע בילדער־שריפט מעג זיך זיין, פאַרשרייבט שוין אויף איר דער אוראַלטער מענש זיינע געדאַנקען; דריקט שוין אויס אויף איר זיינע געפילען, דערציילט אין איר זיין מעשה׳לע און פאַרצייכענט מיט אירע שרייב־סימבאָלען זיינע נצחונות — ווי עס ווייזט איינע פון די אוראַלטסטע בילדער־שריפטען פון די אַמעריקאַנער אינדיאַנער.

אויף אַט דער איינפאַכסטער שטופע פון דער שרייב־קונסט — די בילדער־שריפט — האָט נאַטירלאַך אַפילו דער אוראַלטער מענש ניט געקענט בלייבען שטיין. דער מענשלאַכער גייסט שטרעבט צו שאַפונג. און פונקט, ווי ביי דעם אוראַלטען מענשען, אויף העכערע שטופעס פון גייסטיגער אַנטוויקלונג, שאַפט זיך די פעיאיקייט צו דיינקען מיט ווערטער און נעמען פון זיינע בילדלאַכע פאַרשטעלונגען, אַפילו דאַן ווען ער איז ניט אין דירעקטער באַרירונג מיט די רעלע זאַכען און ערשיינונגען, וועלכע די ווערטער באַטייטען, ווען די ווערטער און נעמען סימבאָליזירען נאָר די זאַכען און ערשיינונגען אין זיין זכרון; פונקט אַזוי אויך, אויף העכערע שטופעס

פון גייסטיגער אַנטוויקלונג באַשאַפט זיך דער מענש סיסטעמעס פון שרייב־צייכענס, וועלכע, אין פאַרשיידענע פאַרבינדונגען און ענדערונגען, סימבאָ־ליזירען די ווערטער און נעמען מיט וועלכע דער מענש דיינקט און וועלכע זיינען שוין ווייט ניט די רעעלע אָפּבילדונג פון זיינע בילדלאַכע פאַרשטע־לונגען.



בילדער־שריפט

אַ באַשרייבונג וועגען אַ נסיעה פון אַ נאָרד־אַמעריקאַנישען שבט איבער דער אָזערע סופּיריאָר. אין דער נסיעה האָבען אַנטייל גענו־מען 51 מענשען אין 5 שיפען אונטער דער אָנפירונג פון זייער „עלטערען“, וועלכער ווערט באַצייכענט זיצענדיג אויפ'ן פערד מיט זיין צויבער־שטעקעלע אין האַנט. צוזאַמען מיט זיי איז אויך גע־פאָרען זייער בונדעס־גענאָסע, דער „עלטערער“ פון שבט „אייז־פויגעל“, וועלכער איז געזעסען אין דער ערשטער שיף. די טשערעפּאַ־כע, וועלכע איז אַן ערד־חיה, באַטייט, אַז די עקספּעדיציע האָט דער־גרייכט דאָס לאַנד און איז אָפּגעוועזען אויף דער אַנדער זייט דריי טעג (דאָס באַצייכענט דאָס בילד: דריי זונען אונטער דריי הימלען).

דער מענש האָט ערפונדען פאַרשיידענע אַזעלכע סיסטעמען פון צייכענס אָדער סימבאָלען אין דער שרייב־קונסט, ביז ער האָט באַשאַפען די איצטיגע קלאַנגען־שריפט, אָדער ווי זי ווערט וויסענשאַפטלאַך באַצייכענט — די פאָנעטישע שריפטס־צייכענס.

פאַר־פאַרשער פאַרזיכערען, אַז די אַלע סיסטעמעס פון שרייב־צייכענס ביז דער פאָנעטישער שריפט זיינען נאָר געוועזען איבערגאַנגס שטופעס פון אַנטוויקלונג. אַזוי, צום ביישפּיל, זיינען די אַלטע העראָגליפישע שריפטען פון מצרים, ווי אויך די קונעפאָרמישע שריפט פון אשור און בבל, און אפילו די אַלטע כינעזישע שריפט, נאָר פיל פאַרענדערטע פאָרמעס פון ד ע ר

ב י ל ד ע ר ש ר י פ ט פון דעם פרימיטיווען מענשען. א פארגלייכענדע לערע פון די שריפט־צייכענס באווייזט דאס. אבער שוין אין דעם אלטען מצריב, אזוי פארזיכערען געוויסע געלערנטע, זיינען פאראן שריפט־צייכענס, וועלכע האבען זיך מיט דער צייט אנטוויקעלט אין די באזונדערע שריפט־פיגורען פון דעם פאנעטישען א״ב — און וועלכע די סעמיטישע פעלקער האבען שפעטער געבראכט פון דארט נאך מזרח־אזיען.

צי דאס איז אמת צי ניט, איז ניט זייער וויכטיג. וויכטיג אבער איז, אז דער מענשלאכער גייסט האט באשאפען אזא סיסטעמע פון שריפטלאכע סימבאלען ווי די בוכשטאבען פון דעם פאנעטישען א״ב, דורך וועלכע דער מענש קען אויסדריקען די טיפסטע און ברייטסטע געפילען אין א שריפט־לאכער פארמע.

## ד.

אבער דורך די אומצייליגע דורות פון לעבען און שאפען, ווען דער פרי־מיטיווער מענש דיינקט נאך און שרייבט נאך מיט די אוממיטעלבאר רעעלע בילדלאכע פארשטעלונגען פון די זאכען און ערשיינונגען פון זיין ערפארונג, ווען ער דיינקט נאך און שרייבט נאך מיט די ווערטער און נעמען וואס באַטייטען נאר דאס וואס ער דערזעט און הערט און פילט; אדער דורך די אומצייליגע יארען פון לעבען און שאפען ווען ער דיינקט שוין און שרייבט שוין מיט ווערטער און נעמען, וועלכע באטייטען זיינע בילדלאכע פארשטעלונגען פון זאכען און ערשיינונגען מיט וועלכע ער קומט שוין ניט מער אין דירעקטער בארירונג, נאר וועלכע זיינען באהאלטען אין זיין זכרון,—דורך די אלע אומצייליגע דורות בילדעט זיך אוים אין דעם פרימיטיווען מענשלאכען פארשטאנד א מאכטיגע שאפערישע פארשטעלונגס־קראפט וואס מאלט אים אוים, אלס פראדוקט פון איר שאפערישער טעטיקייט, אומצייליגע מעשה׳לאך וועגען יעדער זאך און יעדער ערשיינונג איבער וועלכער זיין פרייער געדאנק, ווי באגרעניצט ער זאל ניט זיין, געפינט א געלעגענהייט אדער א לעבענס־נויטיקייט איבערצוטראכטען און נאכצודיינקען.

דער מענש באשאפט דאן, אומבאוואוסט פאר זיך אליין, די וואונדער־בארסטע פאעזיע — ער באשאפט די מענשלאכע מיטאלאגיע.

די מיטאלאגיע איז דער גרויסער אוצר פון מעשה׳לאך, זאגען און לע־גענדעס וואס פילט אוים כמעט דאס גאנצע גייסטיגע לעבען פון די אלטע פעלקער.

אין די ערשטע צייטען פון דער וויסענשאפטלאכער קולטור היסטארי־שער פארשונג האבען די געלערנטע קולטור־פארשער ניט גאר ריכטיג אויפ־געפאסט און אפגעשאצט די באטייטונג פון דער מיטאלאגיע אין דעם לעבען פון די פעלקער. זיי האבען די מיטאלאגיע באטראכט אלס דעם אויסדרוק פון דעם רעליגיעזען גלויבען פון א פאלק. די זאגען און לעגענדעס, האט עס געהייסען, דערקלערען די מאכט און די הערשאפט פון די געטער און די רעליגיע פון דעם פאלק. פון די זאגען און לעגענדעס פון די אלטע גריכען און רוימער, מיט וועלכע די געבילדעטע היסטאריקער און קולטור־פארשער האבען זיך צוערשט באקאנט, האט מען גאר צו קיין אנדער באטייטונג פון דער מיטאלאגיע ניט געקענט קומען. די גריכישע און רוימישע מיטאלאגיע איז א טעאקראטישע — א געטער־הערשאפטלאכע מיטאלאגיע. אירע זאגען, מיטען און לעגענדעס וועבען זיך ארום דער הערשאפט פון געטער און האלב־געטער און שפעטער אויך ארום די פארגעטערטע העלדען, אין וועלכע

דאָס פאָלק האָט געגלויבט און וועלכע עס האָט פערעהרט און פאַרהייליגט.

אָבער דאָס איז נאָר דערפאַר, ווייל יענע זאַגען און לעגענדעס זיינען דער גייסטיגער פּראָדוקט פון אַ העכערען אינטעלעקטועלען צושטאַנד פון די פעלקער אין דער אַנטוויקלונג פון דער מענשהייט. זיי געהערען צו ד ע ר ה ע כ ע ר ע ר מ י ט א ל א ג י ע, ווי די וויסענשאַפט באַצייכענט זיי, און ווערען באַאַפען ווי די זאַגען און לעגענדעס, וועלכע ווערען באַשאַפען פון דעם פּרימיטיווען מענשען.

אַ גאַנץ אַנדער פאַרשטעלונג פון דער מיטאָלאָגיע אין אַלגעמיין מוז מען זיך מאַכען, ווען מען לערנט די זאַגען און לעגענדעס פון דער נ י ד ע ר י ג ע ר ע ר מ י ט א ל א ג י ע — די זאַגען און לעגענדעס וועלכע די נייסטע פעלקער־פאָרשער, די עטנאָלאָגען, האָבען געזאַמעלט צווישען אַזעלכע פּרי־מיטיווע פעלקער ווי די איינגעבוירענע אַמעריקאַנער אינדיאַנער, די וויל־דע פעלקערשאַפטען פון אַפריקע און די וואַנדערענדע שטאַמען פון אויסטראַליע.

צווישען די זאַגען און לעגענדעס פון יענע פּרימיטיווע פעלקער זיינען דאָ אויך אַזעלכע, וועלכע ווייזען אָן אויף אַ צייט, ווען דער פּרימיטיווער מענש, אויף זיין נידעריגער שטופע פון אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג, האָט נאָך גאָר ניט באַמערקט קיין גייסטיגען אונטערשייד צווישען זיך און די אַנדערע לעבעדיגע ברואים — די חיות און פויגעל אַרום אים; ווען ער איז, אין זיין גייסטיגען באַגריף וועגען דער גאַנצער לעבעדיגער וועלט, געווען איינס מיט איר, און האָט געגלויבט, ווי יענער ווילדער בושמאַן האָט גע־גלויבט, אַז אויך „דער בופלאָקס וואָלט געקענט שיסען, ווען ער וואָלט געהאַט אַ פייל און בויגען". אין יענעם פּרימיטיווען גייסטיגען צושטאַנד באַשאַפט דער פּרימיטיווער מענש, דורך דעם דראַנג פון זיין פאַרשטעלונגס־קראַפט, זאַגען און לעגענדעס איבער די חיות און די פויגעל און זייערע פאַרהעלטע־ניסען צו אים (ד י א נ י מ י ס ט י ש ע מיטאָלאָגיע) וואָס גיבען אים, אומבאַוואוסט פאַר אים אַליין, אַ פאַרשטעלונג פון דער וועלט און דעם לעבען אין וועלכע ער לעבט — גיבען אים אַ פּרימיטיווע וועלט־אַנשויאונג.

אָבער די מענשלאַכע ערפאַרונג וואַקסט. דאָס מענשלאַכע באַוואוסטזיין אַנטוויקעלט זיך און די שאַפערישע פאַרשטעלונג פון דעם מענשען ברייטעט אויס זיין באַגריף פון דעם לעבען און דער וועלט דורך נייע לעגענדעס און נייע זאַגען, געוועבט אַרום נייע ערשיינונגען פון דער נאַטור און דעם לעבען מיט וועלכע ער באַגעגענט זיך און וועלכע ער הויבט אָן צו באַגרייפען און פאַרשטיין אויף זיין אַרט. צווישען אַנדערע גרויסע און קליינע נאַטור־ער־שיינונגען, וועלכע ציען אפשר ניט אַזוי פיל זיין אויפמערקזאַמקייט אויף זיך, באַגעגענט זיך אָבער דער פּרימיטיווער מענש מיט דער ערשיינונג פון טויט

און מיט דעם פאקט, אז זיינע פארשטארבענע אבות זיינען אוועקגעגאנגען פון אים ערגעץ אין אנאנדער לאנד. אז זיי לעבען דארט וויים ער זיכער פון דעם, וואס זיי קערען זיך אפטמאל אום צו אים אין זיינע חלומות, און ארום דעם טויט און די טויטע אבות באשאפט דער פרימיטיווער מענש גרויסע, געוואגטע און אפטמאל וואונדערבארע זאגען און לעגענדעס פול מיט פורכט און פארעהרונג פון יענע טויטע אבות און יענעם אומבאקאנטען לאנד (די מאניסטישע—אבות־פארעהרונג מיטאלאגיע). די זאגען און לעגענדעס פלעגט ער אויך אין זיין וועלט־אנשויאונג — אין דעם באגריף פון דער וועלט — און באשאפט דעם גרעסטען פון אלע מיטען — דעם מיט פון א וועלט־שאַפונג. דעם מיט, וועלכען קיין דיכטער, פון יענער צייט אן, האט נאך מיט זיין פארשטעלונג און שאפונגס־קראפט — ווי גרויס זי זאל ניט זיין — אין אריגינאליטעט און גרויסקייט נאך ניט איבערטראפען; יענעם מיט, וועלכען די וויסענשאפט מיט איר קאלטער לאגישער מאכט אין דער פארשונג פון דער נאטור און דער ערפארונג פון מענשען האט פונדעסטוועגען נאך וויים ניט דערקלערט און פון דעם זאטעל פון דער צייט און דעם גלויבען פון דער מענשהייט נאך וויים ניט ארויסגעזעצט. ווייל אפילו די וויסענשאפט, מיט אלע אירע גרויסע אמת׳ען וועגען דער נאטור און דעם לעבען, באפרידיגט נאך ניט דעם טיף־דיינקענדען מענשען מיט אירע פשרות וועגען דער אנטשטייאונג פון דער וועלט.

די מיטען און די לעגענדעס פון די פרימיטיווסטע פעלקער, וועגען דער אנטשטייאונג פון דער וועלט, זיינען נאטירלאך זייער נאאיוו. די פויגעל־מיטען, צום ביישפיל, וועלכע מען געפינט ביי פיל פעלקער און וועלכע דער־קלערען אין זייער איינפאכקייט, אז די וועלט איז ארויסגעקומען פון א גרוים איי, וואס א גרויסער פויגעל האט געלייגט, זיינען געוויס זייער קינ־דערש; אבער דער מיט אליין, וואס דערציילט אזוי איינפאך ווי די וועלט איז באשאפען געווארען, טראגט שוין אין זיך דעם גרויסען געדאנק פון א וועלט־שאפונג און דערציילט אונז פון א גייסטיגען צושטאנד פון דעם מענ־שען, וועלכער ווערט מיט רעכט באטראכט אלס די איבערגאנג־שטופע פון די נידעריגע זאגען און לעגענדעס (די נידעריגע מיטאלאגיע) צו זאגען און לעגענדעס פון א פיל העכערער ארט (די העכערע מיטאלאגיע). אויף די העכערע שטופעס פון דעם גייסטיגען צושטאנד פון דעם מענשען ברייטערט זיך אוים זיין ערפארונג און זיין באוואוסטזיניקייט; און צו דעם באגריף פון א פלאכער ערד, א בארג, א וואלד, א פליסיג וואסער, חיות און פויגלען, קומט נאך צו די ערפארונג פון א הימעל און הימעלש ליכט. די פארשטעלונג־קראפט פון דעם מענשען נוצט אוים די ערפארונג און בא־שאפט ווידער נייע, וואונדערשיינע לעגענדעס איבער „דער בלאסער מעס־טעריין פון די הימלען״ און דעם שטילען פריינט פון דעם הירטען־וואנדע־

רער"; ער באַשאַפט די זאַגען און לעגענדעס וועגען דער לבנה — דער שטי־לער, טרוימערישער נאַכט־וואַנדלערין — די לונאַרע מיטאָלאָגיע. קוקט זיך אָבער אויך דער מענש צו שפּעטער, אין זיין גייסטיגער אַנטוויקלונג, צו דעם פייערדיגען פונק פון דער זון און פאַרבינדט די ווירקונג פון איר ליכט און איר וואַרמקייט מיט דעם אויפבליענדען לעבען אין דער נאַטור, באַ־גרייפט ער די זון ווי דעם קוואַל פון לעבען און שאַפונג, און וועבט אַרום איר די מאַכטיגסטע און די שענסטע לעגענדעס און מיטען — די זון אָדער סאָלאַרע מיטאָלאָגיע, און מאַכט זי פאַר דעם גאָט פון זיין גלויבען — דעם גאָט פון דער וועלט־שאַפונג.

די פּרימיטיווע מיטאָלאָגיע דאַרום, אינגאַנצען גע־נומען, איז די גרויסע וואונדערבאַרע וועלט־אנשויאונג פון דעם פּרימיטיווען מענשען; ניט ווייל ער רופט זי אַזוי, אָדער ער באַגרייפט זי אַזוי, נאַר ווייל דאָס איז זי אין דער אמת'ן פאַר אים — זיין וועלט־דערקלערערין. זי ווערט באַשאַפען דורך דעם אינערלאַכען דראַנג פון דעם מענשען צו באַגרייפען דאָס באַמערקבאַרע און דאָס ערפאַרענע, ווי עס שפּיגעלט זיך אָפּ אין זיין גייסט און אין זיין פאַרשטעלונג־קראַפט. און פון איר שטאַמען אַרויס, שוין פון די ערשטע נידעריגסטע שטופעס אירע גרויסע גייסטיגע פּראָדוקטען, וועלכע דער מענש האָט באַשאַפען און אַנטוויקעלט: די דיכטונג, די רע־ליגיע, די פילאָזאָפיע און די וויסענשאַפט.

## ה.

עס איז ניט דאָס ציל פון דער איצטיגער ארבעט זיך אָפּצושטעלען אפילו בקיצור אויף יעדער פון אַט די גרויסע גייסטיגע טעטיקייטען פון דער מענש־הייט. דאָ קענען מיר נאָר קורץ אָנטייטען זייער אַנטשטייאונג און דעם וועג, אויף וועלכען דער שאַפערישער גייסט פון דעם מענשען האָט זיי אַנטוויקעלט; מער — וועט די צייט און דאָס פּלאַץ ניט דערלויבען.

עס איז גענוג נאָר אַ בליק צו טאָן אויף דער גייסטיגער אַנטוויקלונג פון דעם פּרימיטיווען מענשען און פאַרפאָלגען זי אין דער אַנטוויקלונג פון דער מענשהייט ביז די נייסטע געשיכטלאַכע עפּאָכע, צו באַגרייפען, וואָס פאַר אַ גוואַלדיגע ראָלע די מענשלאַכע דיכטונג שפּילט אין דער גייסטיגער אַנט־וויקלונג פון דער מענשהייט.

דער היינטיגער איינפאַכער מענש איז געוויינט צו פאַרשטיין די דיכ־טונג פון אַ פּאָעט, אַ שרייבער, אָדער די דיכטונג פון אַ קינסטלער, אַ מו־זיקער, ווי אַ מין צייט־פאַרטרייב — געדיכטעט און געשריבען צוליב דעם פאַרגעניגען פון אַ לעזער, צוהערער אָדער צושויער. אָבער דאָס איז דאָך אין אמת'ן ניט אַזוי. די דיכטונג פון דער מענשהייט — די אמת־שאַפערישע פאָרשטעלונג, וועלכע דער מענש מאַכט זיך וועגען דער וועלט, דעם לעבען און די מענשען, אויסגעדיכטעט אין פאַרשיידענע גייסטיגע פאָרמעס — איז שוין אין די ערשטע שטופעס פון מענשלאַכער אַנטוויקלונג ניט קיין צייט־פאַרטרייב, ניט קיין קונסט נאָר צו אַמוזירען זיך אָדער יענעם; זי איז אַפילו ניט קיין איינפאַכער אויסדרוק פון דעם, וואָס מיר באַטראַכטען איצט אַלס די רעעלע נאַטור און לעבען. די מענשלאַכע דיכטונג, דאָס הייסט דאָס, וואָס איז אַ שאַפערישער פּראָדוקט פון דעם מענשען'ס פאָרשטעלונגס־קראַפט, איז פון אָנהויב אָן די באַשאַפענע דערקלערונג פון זאַכען און ער־שיינונגען; זי איז פון אָנהויב אָן די וועלט־דערקלערונג און אין יעדער פאָרמע אין וועלכער זי גיסט זיך אויס, איז זי דער פּראָדוקט פון זיין שאַפערישען גייסט.

נאָך דעם דערוועגב פון דער שפּראַך און דער געדאַנקען פּייאיקייט, איז די מענשלאַכע דיכטונג די גרויסע פאָרמע, אין וועלכער די מענשלאַכע ערפאַרונג וועגען דער וועלט און דעם לעבען דריקען זיך אויס און פון וועלכער עס טיילען זיך ביסלאַכוויים אויס אויך דאָס, וואָס מיר באַגרייפען אַלס וואַרהייטען פון דער נאַטור און דעם לעבען. די מיטאָלאָגיע פון דער מענשהייט איז אַלע אירע פאָרמעס.

ווי אין אירע נידעריגערע שטופעס ווען זי באשאפט אירע לעגענדעס און זאגען ארום די אביעקטען און ערשיינונגען, וועלכע קומען אין דירעקטער בארירונג מיט דעם מענשען, ווי אויך אין אירע העכערע פארמעס, ווען זי באשאפט אירע לעגענדעס און זאגען ארום די אביעקטען און ערשיינונגען פון דער גרויסער נאטור און פארגעטערט זיי צו שטופעס פון פארעהרונג און רעליגיעזען גלויבען — **די מיטאלאגיע איז דער ערשטער גייסטיגער פראדוקט פון מענשלאכער דיכטונג.**

אין איר ווערט שוין אין די פריסטע צייטען פון גייסטיגער מענשלאכער טעטיקייט באשאפען די פאלקסטימלאכע לעגענדע — דאס פאלקסטימלאכע מעשה'לע, און שפעטער אויך דער פאלקסטימלאכער עפאס — דאס, פון וואס עס האט זיך אין יאר טויזענטער שפעטער אנטוויקעלט די מענשלאכע געשיכטע.

אבער די דיכטונג פון דעם מענשען, אלס פראדוקט פון דעם שאפערישען דראנג פון דער דיכטערישער פארשטעלונג, האט באשאפען פיל מער ווי איינפאכע זאגען און לעגענדעס איבער אביעקטען און ערשיינונגען פון דער רעעלער וועלט.

**אין איר שאפערישען דראנג האט די מענשלאכע דיכטונג אויך באשאפען די רעליגיע.** ווי פארשיידען עס זאלען ניט זיין די מיינונגען וועגען דער אנטשטייאונג פון דער רעליגיע ביי מענשען, איין זאך איז היינט קלאר וועגען דעם פאר יעדען געלערנטען קולטור־פארשער, און דאס איז, אז — דער גלויבען און די פארעהרונג פון א גאט אדער געטער איז ניט געגעבען געווארען צו די מענשען פון די הימלען; אז ניט א גאט אדער געטער האבען פארפאסט די פארמעס פון די רעליגיעס און געגעבען זיי צום מענשען צו גלויבען אין זיי און געהארכען זיי, נאר אז אין **אלע** אירע פארמעס און אינהאלטען **איז** די רעליגיע דער פראדוקט פון דעם מענשען'ס אייגענעם שאפערישען גייסט.

פונקט ווי דער אינערלאכער שאפערישער גייסט פון דעם מענשען באשאפט דעם דראנג — דאס געפיל אדער ווילען צו באגרייפען די זאכען און ערשיינונגען פון דער וועלט, וואס רינגלען אים ארום און שאפט אדער דיכטעט, אין זאגען און לעגענדעס, א וועלט־דערקלערונג, א וועלט־אנשויאונג; אזוי באשאפט אויך דער אינערלאכער שאפערישער גייסט פון דעם מענשען דעם דראנג — **דאס געפיל אדער ווילען — צו באשאפען א באשטימטע פארהעלטעניס צווישען זיך און די זאכען און ערשיינונגען, צווישען**

זיך און דער וועלט — ער שאַפט דאָס רעליגיעזע געפיל, און דיכטעט, אין זאַגן און לעגענדעס די פאַרעהרונג און פאַר־געטערונג פון דעם וואָס דריקט אויס דאָס פאַרהעלטעניס, פון דעם וואָס דריקט אויס זיין שייכות צו דער וועלט.

און די רעליגיע — ניט אירע פּאַקטישע, קריסטאַליזירטע אינסטיטוציאָ־נעז, פאַרשטייט זיך, (זיי געהערען צו דער אַלגעמיין סאָציאָלאָגישער פאָר־שונג), נאָר די רעליגיע אַלס פאַרעהרונג פון קראַפטען און גלויבען אין גע־טער, אין אַלע פאָרמעס; די רעליגיע, אַלס פּראָדוקט פון דעם מענשלאַכען גייסט, איז דער גרויסער דיכ־טערישער אויסדרוק פון יענער פאַרהעלטעניס צווישען דעם מענשען און דעם אַל־וועלט, וואָס דער שאַפערישער גייסט פון דעם מענשען זוכט צו געפינען.

ביסלאַכוויים אנטוויקעלט זי זיך אין אומצייליגע פאָרמעס פון דער אַלגעמיינער וועלט־דערקלערונג פון דעם פּרימיטיווען מענשען, דורך די שטופעס פון פאַרעהרונג און פאַרגעטערונג פון חיות און פויגעל אין דעם טאָטעמיזם; אין די פאַרעהרונג און פאַרגעטערונג פון די פאַרשטאָרבענע אָבות אין דעם אָבות־קולט; אין דעם גלויבען און פאַרגעטערונג פון די הי־מעלשע קערפּער און, איבערהויפּט, אין דער פאַרגעטערונג פון דער זון, אַלס דעם גרויסען מאַכטיגען שאַפער פון דער וועלט — אין דעם זון־קולט, וועלכער האָט איבערגעלאָזט שטאַרקע סמנים פון זיין ווירקונג אויף דער מענשהייט נאָך ביז היינטיגען טאָג. שפּעטער, אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט, נעמט די רעליגיע אָן די פאָרמע פון גלויבען אין פיל פערזאָני־פיצירטע געטער, ווי אין דעם פּאָליטעאיזם — אין געטער העכערע און ני־דעריגערע, גרעסערע און קלענער — וועלכע רעגירען איבער דער וועלט אין אַ געוויסען סדר, יעדער אין זיין טייל — און ענדלאָך, פאַרגעטערט דער מענש איין גרויסע שאַפערישע קראַפט — קאָנצענטרירט זיין גלויבען אין איין גאָט איבער אַלע וועלטען.

די מענשלאַכע רעליגיע אין אַלגעמיין — ווי איר אינהאַלט, אַזוי אויך אירע פאָרמעס — איז אַ פּראָדוקט פון דעם גרויסען שאַפערישען און דיכ־טערישען גייסט פון דער מענשהייט און האָט, אָן שום צווייפעל, געהאַט אַ גוואַלדיגע ווירקונג אויף דער גייסטיגער אַנטוויקלונג פון דער מענשהייט.

אָפּשטעלען זיך אויף דערדאָזיגער ווירקונג, אָדער פּרוּאוון זי אָפּשאַצען, איז דאָ ניט דער פּלאַץ; דאָך קענען מיר דאָ ניט פאַרבייגיין די טאַטזאַך, אַז באַשאַפענדיג די פאָרמעס פון רעליגיעזען אויסדרוק, האָט די דיכטערישע פאָרשטעלונג־קראַפט פון דעם מענשען אויך געשאַפען פאָרמעס פון דיכטע־

רישען אויסדרוק, וועלכע האבען זיך שפעטער אנטוויקעלט אומאפהייננגיג פון איר. די לירישע דיכטונג — דער אויסדרוק פון דער זאנפטערער מענשלאכער נשמה, און די דראמאטישע דיכטונג—דער אויסדרוק פון מענשלאכער האנדלונג — האט דער שאפערישער גייסט פון דער מענשהייט געשאפען אין דעם אויסדרוק פון רעליגיעזע פארמעס, אין דעם אויסדרוק פון דינען גאט אדער געטער;ביידע אבער—אי די לירישע דיכטונג, אי די דראמע—אנטוויקלען זיך שוין זייט הונדערטער און הונדערטער יארען אומאפהייננגיג פון רעליגיעזע פארמעס און זיינען, ווי די גאנצע מענשלאכע דיכטונג און די מענשלאכע קונסט, א טייל פון דעם גרויסען דערווערב פון דער מענשהייט.

אויך די וויסענשאפט האט איר אנהויב אין דעם גייסטיגען צושטאנד פון דעם פרימיטיווען מענשען; אין איר איינפאכסטער פארמע, ווי אין איר גרויסער אנטוויקלונג אין די לעצטע פאר הונדערט יאר, איז זי, ווי זי מוז תמיד זיין, דער פראדוקט פון דער גייסטיגער אנטוויקלונג פון דעם מענשען. אויך אין איר קומט די מענשלאכע טעטיקייט פון יענעם אינערלאכען דראנג צו באגרייפען די וועלט און דעם מענשען און געפינען די פארהעלטעניס צווישען זיי.

אבער להיפך צו דער מענשלאכער דיכטונג מיט איר פארשטעלונגס קראפט איז די וויסענשאפט ניט שאפעריש — נאר אנטדעקענד. זי באשאפט קיין זאך ניט — זי אנטדעקט נאר דאס וואס איז דא אין דער נאטור און אין לעבען. דערפאר איז איר אנטוויקלונג אין די טויזענטער און טויזענטער יארען פון דער פרימיטיווער מענשלאכער קולטור געבליבען אין דעם קלעגלאכען צושטאנד פון דער באגרעניצטער רעעלער ערפארונג פון דעם פרימיטיווען מענשען, וועלכע איז, ווי עס באווייזט די גאנצע קולטור־געשיכטע, פיל מער מסוגל צו שאפען זיך דיכטערישע פארשטעלונגען וועגען זאכען און ערשיינונגען ווי צו אנטדעקען זייער רעעלען כאראקטער. אים, דעם פרימיטיווען מענשען, האט זיין וויסענשאפט נאר אויף אזוי פיל געהאלפען אין זיין לעבען און זיין קאמף, אויף וויפיל זיין באשטימטע וויסען האט אים געקענט ברייגנען דירעקטע נוצען אין לעבען און קאמף; און דאך איז אפילו ביי אים דאס רעעלע וויסען וועגען זאכען און ערשיינונגען געוואקסען מיט דעם וואוקס פון זיין ערפארונג און דער פייאיקייט צו באגרייפען זיי אלס טאטזאכען, ווייל שוין ביי די עלטסטע פעלקער, וועלכע זיינען אונז געשיכטלאך באקאנט, געפינען מיר היבשע וויסענשאפטלאכע קענטעגישען אין אלע צווייגען פון נוצלאכען וויסען, און

ביי פעלקער פון העברעאן קולטורעלען מצב געפינען מיר אויך היבש וויסען אין דער מאטעמאטיק, דער אסטראנאמיע, דער בוי־קונסט, אין דער נאטור־וויסענשאפט און אין דער פיזיק. דאך האט זיך דער פרימיטיווער מענש, ווי אויך די אלטע פעלקער פון דער געשיכטע, פיל מער אפגעגעבען מיט דער דיכטערישער שאפונג פון זייער גייסטיגער וועלט ווי מיט דער וויסענשאפט־לאכער אנטדעקונג פון טאטזאכען.

אבער אין די לעצטע עטלאכע הונדערט יאר — זייט דעם מיטעלאלטער־לאכער רענעסאנס אין אייראפע — האט דער גייסט צו אנטדעקען די ווארהייטען פון דער וועלט, פון דער נאטור און דעם לעבען, אלץ מער און מער געוואונען; דער מענשלאכער גייסט האט זיך געווידמעט דער גרויסער טעטיקייט צו דערלערנען די נאטור און אירע ערשיינונגען; אנטדעקען אירע געזעצען און בייקומען זי — שטעלען זי אין דינסט פון דעם מענשען און זיין לעבען. און די גרויסע וויסענשאפטען פון דער היינטיגער מענשהייט האבען זיך אנטוויקעלט מיט א גוואלדיגער ענערגיע. אלץ מער און מער דרינגט דער מענש דורך די סודות פון דער נאטור — אלץ מער און מער באצווינגט ער זי. נאטירלאך, פון דערגרונטעווען די וועלט און די וועלט־שאפונג איז די וויסענשאפט פונקט אזוי ווייט, ווי עס איז געוועזען די מענש־לאכע דיכטונג אין דער מיטאלאגיע אדער אין דער רעליגיע; אבער די גרויסע גייסטיגע טעטיקייט פון דעם מענשען, מיט זיינע צוויי גוואלדיגע גייסטיגע כלי זין — מיט דער שאפערישער קראפט פון דער מענשלאכער דיכטונג, אין אלע אירע פארמעס פון דער קונסט, וועלכע שאפט לעבען, און מיט דער גרויסער אנטדעקענדער קראפט פון דער וויסענשאפט, וועלכע ברייננגט ליכט דעם לעבען, וועט נאך ווען עס איז — ווען דער מענש וועט פריי ווערען פון דער מאטעריעלער נויט און געזעלשאפטלאכער אומגע־רעכטיקייט אין וועלכע דאס לעבען האלט אים — געפינען דעם סוד פון דער וועלט און דער וועלט־שאפונג.

# די אַנטוויקלונג און דער קאַמף פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע *)

(סאָציאַל־עקאָנאָמישער שטודיום נאָך די בעסטע און נייסטע קוואַלען)

## פאָרוואָרט

ווען די פאַרוואַלטונג פון דער „אַרבעטער פרעסע“ האָט מיר פאָרגעשלאָגן, צו שרייבן איבער דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע, האָב איך געפילט אַז איך קען די אַרבעט נעמען אויף זיך נאָר ווי אַ שטודיום, אַ פאָרשונג, און דאָס אויך נאָר, אין דעם ליכט פון דער אַלטער מאָטאָ: „איך פאַרטיידיג ניט און באַשולדיג ניט — איך לערן און דערקלער“. דער וואונש אין דער פאָרליגענדער אַרבעט איז דאַריבער, צו פאַרהאַלטען זיך צו די טאַטזאַכען און געשעענישען אין דעם שווערען לעבענס־קאַמף פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע, אַזוי ווייט ווי מעגליך וויסענשאַפטליך אָביעקטיוו און אומפּאַרטייאיש.

איך נאָר זיך ניט אָפּ. איך ווייס צו גוט, אַז די אומשטענדען און די באַדינגונגען פון דעם ברויזענדען קאַמף, אין וועלכען די אַרבעטער שטרענגען אַן אַלע כחות צו אָרגאַניזירען זיך אין פאַך־פעראיינען — אין „טרייד־יוניאָנס“ — אָדער אין אַ פעראייניגטער מאַכט פון געווערקשאַפטען — אין פעדעראַציעס פון אַרבעט — כדי אויסצוקעמפען אַ העכערען לוין און אַ מער אָדער ווייניגער בעסערע מענשליכע באַהאַנדלונג און בעסערע אומשטאַנדען אין לעבען, זיינען גאָר ניט אַזעלכע ווי די באַדינגונגען און אומשטאַנדען, צום ביישפּיל, פון דעם געלערנטען כעמיקער וואָס זוכט אין אַ שטיל ווינקעלע פון זיין לאַבאָראַטאָריע מיט וויסענשאַפטליכער קאַלטבלוטיגקייט, צו באַשטימען די וואָג פון די זאַלצען און די מאָס פון דעם וואַסער וואָס געפינען זיך אין אַ מענשליכער טרער...

איך ווייס צו גוט, אַז דער גרויסער קאַמף פון דער אָרגאַניזירטער אַרבייטערשאַפט פון דער גאַנצער וועלט און ניט ווייניגער אויך פון דער אָרגאַניזירטער אַרבייטערשאַפט אין אַמעריקע, איז דער קאַמף פון די גרויסע מאַ־

---

*) די פאָרליגענדיגע אַרבעט איז געווען געדרוקט, פון 30טען אויגוסט ביז'ן 31טען אָקטאָבער, 1919, אינ'ם וואָכען־בלאַט, „די אַרבעטער פרעסע“.

פען וואָס לעבען אין שווערער מי, אין נויט און אין עלענד, אַנטקעגען דער גוואַלדיגער מאַכט פון קאַפּיטאַל, וואָס באַהערשט יעדען ווינקעל פון אונזער לעבען און האַלט זיך אייזען שטאַרק אין זיין ממשלה דורך אַלע מיטלען וואָס דינען אים.

איך ווייס עס צו גוט. און פאַר אַ מענשען וואָס איז דאָס גאַנצע לעבען געשטאַנען, אויב ניט דירעקט אין מיטען פון דעם דאָזיגען קאַמף, דאָך ווײ־ניגסטענס אין אינטימער אידייען און אידעאַלען־פאַרבינדונג מיט די בעסטע האָפענונגען פון דער פאָרטגעשריטענער אַרבעטעראָפט, איז גאָר ניט אַזוי גרינג צו שטעלען זיך אַז אַ זייט און פאַרשען די פּאַסירונגען פון קאַמף פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט וויסענשאַפטלאַך, אָביעקטיוו און אומ־פּאַרטייאיש...

ניט גרינג — אָבער ניט אומעגלאַך. ווייל דאָס שוין געשעענע, דאָס שוין דערגרייכטע, דאָס רעאַל דערוואָרבענע אין דעם שווערען לעבענס־קאַמף פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט ק ע ן און ד אַ ר ף מיט ווי־סענשאַפטלאַכען ערנסט און וויסענשאַפטלאַכער רואיקייט געלערנט און דער־קלערט ווערען.

און מייז אויפגאַבע אין דער איצטיגער אַרבעט איז אַט אַ ז ו י צו לערנען, פאַרשען און דערקלערען דאָס שוין געשעענע און שוין דערגרייכטע — דאָס דערוואָרבענע אין דער אַנטוויקלונג און קאַמף פון דער אָרגאַניזיר־טער אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע.

## ערשטער קאפיטעל

# ארבעט און קאפיטאל

די עלטערע פארשער פון דעם עקאנאמישען לעבען פון אונזער געזעל־שאפט, די געלערענטע עקאנאמען, פלעגען אין זייער פארשונג צעטיילען די כחות פון דער פראדוקטיווער טעטיגקייט פון מענשען, פון דעם פראצעס וואס ארבעט אויס און שאפט די מיטלען און פראדוקטען וואס באפרידיגען די לעבענס־נויטען און לעבענס־פארלאנגען פון מענשען, אין די צוויי הויפט עלעמענטען — אין קאפיטאל און ארבעט. אין דער נייערער צייט אבער און אין דער טיפער פארשונג פון די פונדאמענטאלע כחות, יא, פון אלע כחות וואס ווירקען אין דעם גרויסען און קאמפליצירטען פראצעס פון דער עקאנאמישער טעטיקייט פון מענשען, איז די עלטערע אויס־טייטשונג פון דעם וואס איז קאפיטאל און ארבעט פשוט ניט גילטיג געווארען; און די צעטיילונג אליין פון דער עקאנאמישער טע־טיקייט אין ארבעט און קאפיטאל ווי צוויי באזונדערע עלע־מענטארע כחות אין דעם עקאנאמיש־געזעלשאפטלאכען פראצעס פון פרא־דוקציאן, איז אזוי פארעלטערט געווארען, אז זי וואלט שוין געמעגט פאר־נעמען אן ארט אין די אלטע היסטארישע ארכיוועז.

אמאל, איידער מענשען האבען געלעבט אין די היינטיגע עקאנאמישע אומשטאנדען; איידער זיי האבען געארבעט און פראדוצירט די לעבענס־מיטלען און לעבענס־פראדוקטען — ניט דירעקט פאר'ן קאנסומענט, פאר דעם געברויכער וואס דארף זיי — נאר פאר א מארק, וואו זיי ווערען פארקויפט צום געברויכער דורך אלערליי פארמיטלער און געשעפטס־לייט, ווי סחורות, — האט קאפיטאל געהייסען בא־רעס געלט: גאלד, זילבער, קופער געלט. אפילו היינט נאך הייסט קאפיטאל ביים ברייטען עולם — בארעס געלט.

ווען איינער פרעגט: וויפיל קאפיטאל האט יענער? הייסט עס: ווי־פיל געלט האט ער. און ווען ער פרעגט: וויפיל קאפיטאל האט יענער און יענער אריינגעלייגט אין געשעפט? מיינט עס ווידער טאקע וויפיל בארעס געלט האט יענער אריינגעלייגט אין געשעפט. יענעמ'ס הויז, זיינע שאף און ריינדער, זיינען ניט זיין קאפיטאל, נאר זיין פארמעגען, זיין רייכטום.

אזוי האט עס געהייסען אמאל אין אלגעמיין און אזוי הייסט עס נאך עד היום ביים גרויסען עולם.

אבער שוין די עלטערע עקאנאמען, פארשענדיג דאס היינטיגע עקאנאמישע לעבען, האבען שוין געזען, אז ניט געלט אליין איז קאפיטאל. געלט, האבען זיי געזען, טראגט פראצענטען — זיינען פראצענטען אויך קאפיטאל; אייגענטום אין לאנד טראגט רענטען — זיינען רענטען אויך קאפיטאל; און די פראדוקטען — די סחורות — וואס דערגרייכען דעם קויפער און געברויכער אויף די מארקען טראגען פראפיטען — זיינען פראפיטען אויך קאפיטאל. און זיי האבען בארעכענט פראצענטען, רענטען און פראפיטען, פונקט אזוי גוט ווי בארעס געלט, פאר דעם קאפיטאל פון דעם אייגענטימער — דעם קאפיטאליסט. זיין געלט, זיין בארעס געלט, איז ניט מער ווי דער פארגליווערטער אויסדרוק, אדער נאך בעסער, דער פארגליווערטער צייכען פון שוין איינגעקאסירטע פראצענטען, רענטען און פראפיטען.

די שפעטערדיגע עקאנאמען, וואס האבען נאך טיפער געפארשט דעם היינטיגען ארט פון פראדוקציאן און שוין אין בינדונג מיט דעם היינטיגען סאציאלען לעבען פון אונזער געזעלשאפט, האבען געזען, אז פאקטיש איז אויך די פארטייטשונג פון קאפיטאל ניט אינגאנצען ריכטיג. זיי האבען געזען, אז מיט דער אנטוויקלונג פון די היינטיגע פארמעס פון פראדוקציאן איז דאס לאנד און די רויע מאטעריאלען פון דער ערד: פון די פעלדער און וועלדער אויף איר אויבערפלאך און יינען און קוואלען, אין אירע געדערים, פון וועלכע עס ווערען געמאכט די פארטיגע פראדוקטען, אויך דאס אייגענטום און קאפיטאל פון די היינטיגע בעלי־בתים פון די פאבריקען און געווערקשטאטען, די בעלי־בתים פון די היינטיגע אינדוסטריעס; אז די מיטלען פון פראדוקציע — די מאשינען, געצייגען און די עלעקטרישע קראפטען וואס ווערען איינגעשפאנט אין דינסט פון מענשען צו העלפען מאכען פון דעם רויען מאטעריאל דעם פארטיגען פראדוקט; אז דער פארטיגער פראדוקט — די סחורה — וואס ווערט צעפירט אויף די מערק און אין די געשעפטען צום פארקויף און די מיטלען פון טראנספארטאציע וואס צעפירען דעם פארטיגען פראדוקט אדער די סחורה צום קויפער און די פראפיטען אליין אויף די פארטיגע פראדוקטען און סחורות — אלץ איז דאס אייגענטום פון דעם היינטיגען קאפיטאליסט אין אונזער געזעלשאפטלאכען לעבען.

און קאפיטאל הייסט היינט: דאס בארע געלט און די פראצענטען אויפ'ן געלט; לאנד און הייזער, וועלדער און פעלדער און די רענטען וואס זיי טראגען אריין; די רויע מאטעריאלען, פון וועלכע די פארטיגע לעבענס־פראדוקטען ווערען געמאכט און די מיטלען פון פראדוקציאן — די מאשינען

און ווערקצייג, מיט וועלכע זיי ווערן געמאַכט; די פ א ר ט י ג ע פּ ר אָ ־ ד ו ק ט ע ן — די סחורות — וואָס ווערן געמאַכט פאַר'ן קויפער און געברויכער און די פּ ר אָ פ י ט ע ן וואָס די פּראָדוקטען און סחורות ברייגנען אריין. היינט הייסט קאַפּיטאַל דאָס גאַנצע אייגענטום און פאַר־מעגען פון קאַפּיטאַליסט — זיין רייכטום.

אָבער אויב וואָלט מען גענאַרפט צעטיילען די פונדאַמענטאַלע כחות פון דער היינטיגער געזעלשאַפטלאַכער פּראָדוקציאָן אין ר י י כ ט ו ם און א ר ב ע ט. אָבער אויך אַזאַ צעטיילונג וואָלט היינט ניט געווען אין גאַנצען גילטיג, ווייניגסטענס ניט אָן אַ בעסערער פאַרשטענדעניש פון דעם וואָס א י ז א ר ב ע ט און וואָסער אַן אָרט די א ר ב ע ט פאַרנעמט אין דעם גאַנצען פּראָצעס פון דער היינטיגער געזעלשאַפטלאַכער און קאַ־פּיטאַליסטישער פּראָדוקציע. ווייל אויך די אויסטייטשונג און באַדייטונג פון א ר ב ע ט איז היינט ניט דיזעלבע וואָס אַמאָל.

אַמאָל, איידער מענשען האָבען געאַרבעט אין דער היינטיגער קאַפּי־טאַליסטישער פּראָדוקציע, איידער זיי האָבען פּראָדוצירט סחורות פאַר די מערק און האָבען אין די טויזענטער געאַרבעט אין גרויסע פאַבריקען און ווערקשטאַטען, האָט א ר ב ע ט געהייסען פּ ש ו ט ' ע פ י ז י ש ע א ר ב ע ט — „לייבאָר" — יעדע ארבעט וואָס האָט ניט געדאַרפט קיין פאַרבאַרייטונג און קענטעניש, ווי ערד גראָבען, גאַסען קערען אָדער משאות שלעפּען. דער בעל־מלאכה איז ניט געווען קיין אַרבעטער, נאָר אַ מייסטער; ער האָט געקענט די גאַנצע אַרבעט פון זיין פאַך; ער האָט געהאַט לערענ־אינגלאַך און פּועלים, וואָס האָבען זיך דעם פאַך געלערענט אַליין צו ווערען מייסטערס און ער איז געווען דער בעל־הבית אויף זיינע געצייג, אויף זיינע מאַשינען. ווי פּראָסט און איינפאַך זיי זיינען ניט געווען, איז ער דאָך גע־ווען דער בעל־הבית אויף די מ י ט ל ע ן וואָס האָבען אים געהאָלפען אין דער אַרבעט פון זיין פאַך. ער האָט געאַרבעט ד י ר ע ק ט פאַר'ן קאָנסומענט — פאַר דעם ג ע ב ר ו י כ ע ר פון זיין ארבעט — וואָס האָט זי ביי אים באַשטעלט. אין זעלטענע פאַלען האָט ער אויך געמאַכט פאַר־טיגע ארבעט — ניט אויף באַשטעלונג, נאָר צום פאַרקויף ווי סחורה — אָבער טאָקע נאָר אין זעלטענע פאַלען.

אָבער מיט דער אַנטוויקלונג פון דער היינטיגער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן ווערען די בעלי־בתים פון די פאַבריקען און ווערקשטאַטען ניט נאָר די אייגענטימער פון די רויע מאַטעריאַלען, וואָס דאַרפען אויסגעאַרבעט ווערען אין פאַרטיגע פּראָדוקטען, נאָר אויך די אייגענטימער און בעלי־בתים אויף די געצייג און די מאַשינען — אויף די מ י ט ל ע ן פון דער פּראָ־דוקציע און מיט דער אַנטוויקלונג פון די געצייג און מאַשינען ווערט די אַרבעט מער און מער צעטיילט אין טיילען — אין טייל־אַרבעט; דער

בעל־מלאכה ווערט אַ פּשוט׳ער פיזישער אַרבעטער, וואָס דאַרף זיין אַרבעט פּאַרוים ניט קענען, ווייל ער פּראָדוצירט נאָר אַ קליינעם טייל פון דעם גאַנצען פּראָדוקט און נאָר די קאָלעקטיווע אַרבעטערשאַפט פון דער פאַבריק ווערט דער גאַנצער בעל־מלאכה פון דעם פּראָדוקט. אַמאָל אַפילו זי אויך ניט, ווייל די גאַנצע פאַבריק פאַבריצירט נאָר אַ טייל פון דעם גאַנצען פּראָדוקט און ערשט די קאָלעקטיווע אַרבעטערשאַפט פון אַלע פאַבריקען, וואָס פּראָדוצירען דעם פּראָדוקט, ווערט דער גאַנצער בעל־מלאכה.

דערפאַר אָבער ליגט שוין אין דעם כאַראַקטער פון דער היינטיגער געזעלשאַפטלאַכער און קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע די קאָלעקטיוויזירונג, די פאַראייניגונג, פון די אַרבעטער פון דעמזעלבען פאַך און שפּעטער, אין דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָדוקציאָן, אויך די קאָלעקטיוויזירונג אָדער פאַראייניגונג פון דער אַרבעטערשאַפט פון גאַנצע אינדוסטריעס.

אינדיווידועל — איינער אַליין — איז דער אַרבעטער אַן אומבאַדייטענט שרייפעלע אין דעם גרויסען אַפּאַראַט פון דער היינטיגער פּראָדוקציע. ער קען צו יעדער צייט איבערגעביטען ווערען אויף אַנאַנדערען מיט דער קלענסטער אַנשטריינגונג פון דעם אַנדערען צו דערלערנען דעם געברויך פון דעם געצייג אָדער מאַשין ביי וועלכער ער דאַרף אַרבעטען. די קליינע צאָל בעל־מלאכה׳שע אַרבעטער — די „סקילד לייבאָרערס" — האָבען אין דער היינטיגער גרויס־אינדוסטריע גאָר אַ קליינע באַטייטונג. דערפאַר אָבער קאָלעקטיוו — פאַראייניגט מיט דער אַרבעטערשאַפט פון זיין פאַך אָדער אינדוסטריע — ווערט אַפילו דער איינפאַכסטער אַרבעטער יענע געזעלשאַפטלאַך־עקאָנאָמישע מאַכט וואָס קען זיך אַנטקעגענשטעלען אַפילו דעם שווערסטען דראַנג און גרויסער מאַכט פון דעם קאַפּיטאַליזם.

אָבער אַפילו אינדיווידועל איז, אין דער היינטיגער קאַפּיטאַליסטישער פאָרמע פון פּראָדוקציע, די אַרבעט דאָס גאַנצע פאַרמעגען פון דעם אַרבעטער — זיין ריכטום, וואָס מוז שאַפען פאַר אים און פאַר אַלע וואָס היינגען אָפּ פון אים די מיטלען וואָס וועלען באַפרידיגען די נויטען און פאַרלאַנגען פון זייער לעבען. פונקט ווי דאָס קאַפּיטאַל—דאָס ריכטום פון דעם קאַפּיטאַליסט — מוז, אין דער היינטיגער פאָרמע פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן, שאַפען פאַר אים פּראָצענטען (אויפ׳ן געלט), רענטען (אויפ׳ן לאַנד־איינענטום), רויע מאַטעריאַלען פאַר דער פּראָדוקציע און אַרבעט — אַרבעט אַרויסצוקריגען די רויע מאַטעריאַלען און מאַכען פון זיי פאַרטיגע פּראָדוקטען וואָס טראָגען פּראָפיטען; אַזוי מוז די אַרבעט, דאָס ריכטום פון דעם אַרבעטער, אַן וועלכען די רויע

מאטעריאלען קענען ניט ארויסגעצויגען ווערען פון דער ערד און די פארטיגע פראדוקטען קענען ניט געמאכט ווערען און קענען ניט צעפירט ווערען אויף די מערק צום קויפער, כדי צו ברייננען פראפיטען וואס זאלען ווידער טאקע, אין דער פארמע פון געלט, לאנד און פארטיגע פראדוקטען, ברייננען נייע פראצענטען, רענטען און פראפיטען,—פונקט אזוי מוז די ארבעט ערנערען דעם ארבעטער און זיין פאמיליע, געבען זיי א היים און רו; קליידען און שוכען; געבען בילדונג פאר די קינדער און דערוואקסענע און ווייניגסטענס, ווי ווייט מעגלאך, באפרידיגען יענע גרעסערע און קלענערע פארגעניגענס און פארלאנגען צו וועלכע די העכערע שטופעס פון דעם היינטיגען אלגעמיינן קולטורעלען לעבען האבען שוין די גרויסע ארבעטער־מאסען געבראכט.

און ניט נאר איז די ארבעט דאס רייכטום און די מאכט פון דעם ארבעטער צו פראדוצירען; נאר די נויטען און פארלאנגען פון זיין לעבען און פון די וואס הייגגען אפ פון אים צווינגען אויף אים ארויף און גיבען אים אויך די גרויסע מאכט צו קאנסומירען — צו קויפען און געברויכען — די לעבענס־מיטלען און פראדוקטען וואס ווערען אין דער היינטיגער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן געמאכט צום פארקויף. און מעג אינדיווידועל, אין דעם היינטיגען סאציאלען און עקאנאמישען לעבען, די ארבעט — דאס רייכטום פון איין איינציגען ארבעטער — און זיין מאכט פון א קויפער און געברויכער פון די פארטיגע לעבענס־פראדוקטען זיין אין דער קאפיטאליסטישער גרויס פראדוקציע, ווי זיין פיזישע ארבעט איז, נאר אן אומבאטייטענדע קראפט — א קליינציג פלעקעלע וואס קען אין דעם גרויסען, קאמפליצירטען לעבען פון אונזער היינטיגער געזעלשאפט פארשווינדען אומבאמערקט; איז אבער קאלעקטיוו, פאראייניגט מיט דער גרויסער ארבעטערשאפט פון די פאכען און אינדוסטריעס פון א גאנץ לאנד — זיין רייכטום — פאטענציעל — אין זיך אליין — איידער עס איז נאך פאקטיש אויסגעדריקט אין פראדוקטיווער געזעלשאפטלאכער טעטיגקייט, קאלאסאל גרעסער און מאכטיגער פון דער גאנצער מאכט פון קאפיטאל — פון דעם גאנצען קאלעקטיווען רייכטום פון די קאפיטאליסטען. און דאס איז פשוט דערפאר, ווייל אן דעם רייכטום פון די ארבעטער־מאסען — אן דער ארבעט — קען מען דאס געלט און די פראצענטען און די רענטען און פראפיטען ניט קייען. מען קען זיי ניט עסען און טרינקען; מען קען זיך ניט שוכען און קליידען מיט זיי און אודאי און אודאי קען מען ניט אנטאן זיך יענעם וואוילטאג און פארגעניגען פון דעם לעבען צו

װעלכע די רייכע הערשער פון דער היינטיגער װעלט האבען זיך, אויפ'ן חשבון פון דער א ר ב ע ט פון די מאסען, צוגעװאוינט.

אינדיװידועל מעג די מ א כ ט פון דעם איינציגען ארבעטער צו קויפען און געברויכען די לעבענס־פּראָדוקטען, װאס באפרידיגען זיינע לעבענס נויטען און באגערען, ז י י ן פונקט אזוי אומבאטייטענט װי זיין רייכטום, זיין ארבעט צו פּראָדוצירען; קאָלעקטיװ אבער, אין די מיליאָנען פּאַראייניגטע ארבעטער־מאסען, א י ז ז י י ע ר ק אָ נ ס ו מ י ר ע נ ד ע מ א כ ט די קאָלאָסאַלסטע אין אונזער סאָציאַל־עקאָנאָמישען לעבען. זי איז דער קאָלאָסאַלסטער פאנד פון די איינקונפטען פון די רייכע מיליאָנערען און הערשער פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן און נאָך דער מאָס פון איר גרויס שאַרפט זי אָדער טעמפט אָפּ די אַפּעטיטען פון די גרויס־פּראָדוצירער און קאַפּיטאַליסטען, סוחרים און פאַרקויפער פון אַלע מינים אויף די פּראָפיטען פון די פאַרטיגע פּראָדוקטען און סחורות. אבער די פּ ר אָ פ י ט ע ן זיינען איינער פון די װיכטיגסטע פאַקטאָרען װאס באשטימען די קאָסטען פון די לעבענס־מיטלען און די קאָסטען פון די לעבענס־מיטלען זיינען דער װיכטיגסטער פאַקטאָר װאס באשטימט דעם טעגלאכען לוין פון דער ארבעט — דאָס ביסעל איינגעקאָסירטע רייכטום פון דעם ארבעטער.

און װאָס מער מען פאַרשט דאָס היינטיגע עקאָנאָמישע לעבען קומט מען אַלץ מער און מער צו דער איבערצייגונג, צו דער ד ע ר ק ע נ ו נ ג פון דער זיכערער טאַטזאַך, אַז מעגען די נויטען פון דעם לעבען פון די ארבעטער־מאסען זיך ביסלאכװייס דערהויבען און אויסברייטען נאָך דעם אַלגעמיינעם פאַרטשריט פון דער װעלט; מעגען אפילו די פאַרלאַנגען פון די ארבעטער־מאסען פּראָפּאָרציאָנעל גרעסער װערען — אין גרויסען און גאַנצען װעלען זיי אין דער היינטיגער פאָרמע פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן און לוין־ארבעט מער װי זייערע פונדאַמענטאַלע נויטען ניט באַפרידיגען. װייל דער לוין פון דער ארבעט הייגנט אָפּ פון די קאָסטען פון די לעבענס־מיטלען און װאַקסט נאָר פּראָפּאָרציאָנעל מיט די קאָסטען. דאָס װאָס דער ארבעטער קריגט דורך קאַמף און העכערען לוין קערט זיך אום צוריק צו די רייכע אין דער פאָרמע פון העכערע פּראָצענטען, רענטען און פּראָפיטען אויף די לעבענס־מיטלען.

אבער נאָך א נ א נ ד ע ר ענדערונג איז דער אויסטייטשונג פון דער ארבעט. װי די פּשוט'ע פּ ר אָ ד ו ק ט י ו ו ע קראַפט פון מענשלאכע מוסקולען, מ ו ז מיט דער ברייטערער פאַרשונג פון די אומשטאַנדען פון דעם הייטינען סאָציאַל־עקאָנאָמישען לעבען אַנגענומען װערען. אפילו אין די נייערע פאַרשונגען פון דעם עקאָנאָמישען לעבען האָט ארבעט געהייסען נאָר יענע פיזישע טעטיגקייט װאָס א י ז ממשות'דיג פּ ר ד אָ ק ט י ו ו,

וואָס האָט וויינינגסטענס אַ טייל פון אַ נוצלאַכען פּראָדוקט געשאַפען; אָבער די גוואַלדיגע פאַרצווייגונג פון דעם היינטיגען סאָציאַל־עקאָנאָמישען לעבען אויף אַלע געביטען האָט ארויסגעבראַכט נוצלאַכע אַרבעט וואָס איז פּאַרט ניט דירעקט פּראָדוקטיוו און קען איבערהויפּט ניט אַנווייזען אויף נוצלאַכע פּאַרטיגע פּראָדוקטען. דער געביט פון פּאַרקער אָדער טראַנספּאָרטאַציע, צום ביישפּיל, אין אונזער היינטיגען פאַרצווייגטען לעבען איז ניט דער דירעקטער אויסדרוק פון פּראָדוקטיווער אַרבעט און דאָך איז ער איינער פון די וויכטיגסטע און נוצלאַכסטע הילפסמיטלען — אויב ניט דאָס וויכטיגסטע און נוצלאַכסטע — אין אונזער געזעלשאַפטלאַכען לעבען. די וויכטיגע אַרבעט פון באַצאָלטע פירער און פאַך־קענער אין די היינטיגע גרויסע אינדוסטריעס; די אומצייליגע לוין־אַרבעטער און געהילפען, מענער און פרויען, אין די טויזענטער אָפּיסעס און קאַנטאָרען; דאָס גוואַלדיגע אַקטיווע אינטעלעקטועלע לעבען וואָס קורסירט דורך יעדען צווייג און ווינקעל פון דעם גרויסען סאָציאַל־עקאָנאָמישען בנין פון אונזער לעבען און לעבט פון געצאָלט און לוין, איז ניט מער קיין אָפּגעטיילטער אומנוצלאַכער טייל פון די גרויסע פּראָדוקטיווע מאַסען, נאָר זי איז אינאיינעם מיט זיי, די פאַראיינינגטע מאַכט פון דער אַרבייט אין דער היינטיגער געזעלשאַפט. אומנוצלאַכע טיילען פון אַרבעט און אומנוצלאַכע אַרבעטער קען מען אין אַלע טיילען פון אַרבעט געפינען; אָבער די היינטיגע קאַפּיטאַליסטישע פאָרמעס פון פּראָדוקציאָן פאַראייניגען די אינדוסטריעלע אַרבעטער אין פאַכען און פעדעראַציעס און דאָס היינטיגע סאָציאַל־עקאָנאָמישע לעבען פאַראייניגט אַלע אַרבעטער — פיזישע און גייסטיגע — וואָס לעבען פון לוין און געצאָלט אין איין מאַכטיגער אַרבעטערשאַפט, וועמעס גוואַלדיג פאַרמעגען און רייכטום איז די אַרבעט.

אַרבעט איז היינט דאָס רייכטום פון די פאַראיינינגטע אַרבעטער־מאַסען.

און פונקט ווי דאָס עקאָנאָמיש־געזעלשאַפטלאַכע לעבען אַליין פאַראיינינגט דאָס קאַפּיטאַל — דאָס גאַנצע רייכטום פון די קאַפּיטאַליסטען — אין דעם קאַמף פאַר דער קאָנטראָל פון די סאָציאַל־עקאָנאָמישע אומשטאַנדען פון אונזער לעבען; אַזוי שטייט די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט — מיט איר גאַנצען רייכטום און מאַכט, איר אַרבעט — אין דעם קאַמף ניט נאָר בלויז פאַר העכערען לוין און קירצערע אַרבעט־שטונדען, נאָר אויך פאַר דער קאָנטראָל פון די לעבענס־מיטלען און פּראָדוקטען וואָס באַשטימען דעם לוין פון דער אַרבעט און פאַר דעם קאָנטראָל איבער יענע רייכטימער פון דער ערד און די מיטלען פון געזעלשאַפטלאַכען פאַרקער וואָס דאַרפען געהערען צום גאַנצען פאָלק פון אַ לאַנד און זיינען נאָר

דורך היסטארישע סיבות געווארען דאס אייגענטום פון איינציגע אדער גרופעס מענשען.

אט דאס זיינען די אומשטאנדען און טאטזאכען פון דעם היינטיגען סאציאל־עקאנאמישען לעבען אין וועלכען די ארגאניזירטע ארבעטערשאפט קעמפט איר גוואלדיגען קאמף און אויף אים וועלען מיר זיך לייגגער אפ־שטעלען אין אונזער וויטערער ארבעט.

צווייטער קאַפּיטעל

# דער אָנהויב פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג

עס איז ווייט ניט אמת, ווי עס ווערט אָפט אָנגענומען, אַז די געווערק־שאַפטלאַכע טרייד יוניאָניסטישע אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע האָט זיך אַנטוויקעלט נאָך דעם מוסטער און איז געגאַנגען אין די פוס־טריט פון דער ענגלישער אַרבעטער־באַוועגונג. אַפילו אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע, ווען אַמעריקע איז געווען אַן אָרגאַנישער טייל פון דעם פּאָליטישען, יורידישען — אָדער געזעצגעבערישען — און סאָציאַל־עקאָנאָמישען לעבען פון ענג־לאַנד, זיינען פאַר די איינוואַנדערער אין אַמעריקע געווען באַזונדערע אומ־שטאַנדען און באַדינגונגען — ווי, צום ביישפּיל, די נייקייט פון דעם לאַנד, דער גרויסער שטח פרייע ערד און די מעגלאַכקייט זיך צו באַזעצען אויף פריי לאַנד און ווערען אַ זעלבסטשטענדיגער פאַרמער, — וואָס האָבען געהאַט זייער באַזונדערע ווירקונג אויף דעם איינגעוואַנדערטען אַרבעטער און בעל־מלאכה שוין אין די ערשטע שטופּעס פון דער אַנטוויקלונג פון לאַנד און האָבען אויך ניט פאַרפעלט צו האָבען זייער ווירקונג אויף די שפּעטערע שטופּעס פון אַנטוויקלונג פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער באַ־וועגונג.

אַז די אַנטוויקלונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע טראָגט אויף זיך אַן ענלאַכקייט און טיילווייס אויך דעם כאַראַקטער פון דער אַר־בעטער־באַוועגונג אין אַנדערע לענדער, קען מען, נאַטירלאַך, ניט לייקענען; אָבער דאָס איז נאָר דערפאַר, ווייל די אָרגאַניזירטע אַרבעטער־באַוועגונג אין אַלע לענדער שפּראָצט אַרויס פון דיזעלבע עקאָנאָמישע און געזעל־שאַפטלאַכע אומשטאַנדען און פון דעמזעלבען קאַפּיטאַליסטישען אַרט פון פּראָדוקציע. זי איז אפשר מער ענלאָך צו דער ענגלשער טרייד־יוניאָניסטישער באַוועגונג ווי צו די געווערקשאַפטלאַכע באַוועגונגען פון אַנדערע לענדער, ווייל, נאָך אַלעמען, איז ענגלאַנד פאַרט דאָס קלאַסישע לאַנד פון דעם טרייד־יוניאָניזם און די ערשטע אייטוואַנדערער פון ענגלאַנד האָבען גע־בראַכט מיט זיך אַי דעם פסיכישען — דעם גייסטיגען — באַגאַזש פון דעם ענגלענדער, אַי די ירושה פון די פּאָליטישע, עקאָנאָמשע און סאָציאַלע אומשטאַנדען אין וועלכע זיי האָבען געלעבט אין דער אַלטער וועלט.

אָבער נאָר אויף אַזוי ווייט גייט די ענלאַכקייט און ניט ווייטער,

קיין דירעקטע אַנטוויקלונג פון דער ענגלישער טרייד־יוניאָניסטישער באַוועגונג קען די אַמעריקאַנער אָרגאַניזירטע ארבעטער באַוועגונג ניט זיין שוין צוליב די פריסטע פאַרשיידענע עקאָנאָמישע אומשטאַנדען פון דעם נייעם לעבען אין דעם נייעם לאַנד; און שפּעטער — נאָך דעם קאַמף פאַר אומאָפּהענגיקייט — צוליב דער פריער אויסבריײטונג פון דעם אַלגעמיינעם שטים־רעכט אויף די גרויסע מאַסען פון פאָלק, וואָס האָט, אויף אַ צייט לאַנג, איינגעוואָרצעלט אין דעם אַרבעטער דעם גלויבען, אַז דורך זיין פּאָ־ליטישער מאַכט קען ער באַשיצען זיינע אַרבעטער־אינטערעסען. אָבער, אויב צוליב די ב א ז ו נ ד ע ר ע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אומ־שטאַנדען איז די אַמעריקאַנער אָרגאַניזירטע אַרבעטער באַוועגונג ניט קיין דירעקטע אַנטוויקלונג פון דער טרייד־יוניאָניסטישער באַוועגונג אין ענג־לאַנד, איז זי צוליב דיזעלבע אומשטאַנדען — אין זיך אַליין — אויך ניט קיין איינהייטלאַך געשלאָסענע אַנטוויקלונג וואָס ציט זיך אַנאונטערבראָכען פון שטופּע צו שטופּע, ווי עס ציען זיך, צום ביישפּיל, די רינגען פון אַ קייט איינער אין דעם אַנדערען. אין איר היסטאָרישער אַנטוויקלונג וויגט זי זיך ווי אַ כוואַליע — אָט הויבט זי זיך אויף הויך איבער דער אויבער־פלאַך פון דעם ברויזענדען ים — אין די רוישיגע געשעענישען פון דעם עקאָנאָמישען און פּאָליטישען לעבען — און אָט פאַלט זי אַראָפּ טיף ווי דער טאָל וואָס ליגט צווישען הויכע בערג — די בערג פון קאַפּיטאַליסטישער מאַכט וואָס איבערמאַכטיגען און באַהערשען זי . . .

און די פאַרשער פון דער היסטאָריע פון דער אַמעריקאַנער אָרגאַניזיר־טער אַרבעטער באַוועגונג צעטיילען זי טאַקע דערפאַר, לויט אירע כאַראַק־טעריסטישע שטריכען, אין דריי גרויסע עפּאָכעס. די ערשטע — די ק אָ־ל אָ נ י א ל ע עפּאָכע — הויבט זיך אָן לאַנג פאַר דעם אומאָפּהענגיקייט קאַמף און דער באַפרייאונג פון ענגלאַנד, מיט די ערשטע שפּורען פון פאַר־איי‌ניגונג צווישען אַרבעטער און בעל־מלאכות אין אַמעריקע און ציט זיך ב י ז איבער דעם קריג פון 1812; די צווייטע עפּאָכע — וואָס ווערט באַ־צייכענט אַלס ד י ד ע ר ו ו א כ ו נ ג ס עפּאָכע — ווען די אַמעריקאַנער אַרבייטער דערוואַכען צו דער באַשיצונג פון זייערע אינטערעסען אַלס אַר־בעטער, קעגען דער וואַקסענדער הערשאַפט פון קאַפּיטאַל און דער קאַפּיטאַ־ליסטישע פּראָדוקציע — ציט זיך ביז איבער דעם בירגער־קריג און דער באַ־פרייאונג פון די שקלאַפען; און די דריטע עפּאָכע, וואָס צייכענט זיך אויס מיט דער קאָלאָסאַלער אַנטוויקלונג פון דעם ב א ו ו א ו ס ט ז י נ י ג ע ן ט ר י י ד ־ י ו נ י א נ י ז ם, ווען דער אַרבעטער פאַרוואָרפט זיינע האָפע־נונגען צו באַשיצען זיינע אינטערעסען און זיין רעכט דורך זיין פּאָליטישער מאַכט און דעם פּאָליטישען קאַמף און טרעט אַרויס צו באַשיצען זיי דורך

זיין עקאָנאָמישער מאַכט און דעם עקאָנאָמישען קאַמף. די עפּאָכע ציט זיך ביז אויף היינטיגען טאָג.

אַז יעדע פון די דריי גרויסע עפּאָכעס האָט אירע באַזונדערע כאַראַקטע־ריסטישע שטריכען קען מען שוין זען פון דער צעטיילונג אַליין; דאָך דאַרף מען פאַרשטיין, אַז די צעטיילונג איז נאָר פון באַקוועמלאַכקייט וועגען; אַזוי איז פּשוט גרינגער צו מושטירען דעם קאָלאָסאַלען היסטאָרישען מאַטע־ריאַל. זי איז אָבער ניט קיין מוז און איז ניט בינדענד פאַר קיינעם. זי העלפט נאָר אָרענטירען זיך אין די פאַקטען און טאַטזאַכען.

אין די ערשטע שטופּעס פון אַנטוויקלונג פון דער „פרייער" אַרבעט אין דער ק א ל א נ י א ל ע ר אַמעריקע, איז דער אַרבעטער געווען אַזוי ווי אין די אייראָפּייאישע לענדער, ווי אין ענגלאַנד, צום ביישפּיל, ווען זיי זיינען ערשט איבערגעגאַנגען פון דער אַלטער פעאָדאַלער פאָרמע פון לעבען און פּראָדוקציע, מיט אירע גרויסע לאַנדבאַזיצער, די פעאָדאַלע לאָרדען, און זייערע לייב־אייגענע פּויערים, צו דער היינטיגער קאַפּיטאַליסטישער פאָרמע פון לעבען און פּראָדוקציע, מיט אירע קאַפּיטאַליסטען און פרייע לוין־אַרבעטער. דער אַרבעטער איז געווען אָדער אַן ע ר ד אַרבעטער ביי אַ רייכערען לאַנד־באַזיצער און פאַרמער, אָדער אַ וואַנדערענדער ב ע ל מ ל א כ ה, וואָס פלעגט אַרומגיין, צי אַליין, צי מיט אַ געהילף־אַ־פּועל, פון דאָרף צו דאָרף, פון פאַרמער צו פאַרמער, צו זוכען אַרבעט ביי זיין מלאכה.

פלעגט אַן ערד־אַרבעטער געפינען אַרבעט ביי אַ פאַרמער, פלעגט ער זיך פאַרדינגען אויף אַלעם פאַרטיגען, אויסער אפשר קליידער, אויף אַ חודש, אַ משך, אָדער גאָר אויף אַן אַרבעט ביז זי וועט פאַרטיג ווערען. זיין אייגענטום איז געווען נאָר זיין אַרבעט און דאָס ביסעל געצאָלט — דער לוין וואָס ער האָט געקראָגען פאַר איר. זיין שטרעבען איז געווען צו קריגען אַ שטיקעל לאַנד און ווערען אַליין אַ בעל הבית אַ פאַרמער.

פלעגט אַ וואַנדערענדער בעל מלאכה קריגען אַרבעט ביי זיין מלאכה, פלעגט ער זי אויך מאַכען אויפ'ן אָרט, דירעקט פאַר'ן געברויכער־קאָנסו־מענט — פאַר'ן בעל הבית אָדער זיין פאַמיליע און פון דעם רויען מאַטע־ריאַל וואָס דער בעל הבית פלעגט אים געבען. זיין אייגענטום איז געווען די אַרבעט פון זיין מלאכה, די געצייג פון זיין אַרבעט און דאָס געצאָלט וואָס ער האָט געקראָגען פאַר דער שטיקעל אַרבעט אָדער פאַר דער צייט פון זיין אַר־בעט. ער פלעגט שוין אויסהאַלטען דעם געהילף אָדער פּועל מיט אַלעם פאַרטיגען און צאָלען אים אַ באַשטימט געצאָלט אָדער לוין. זיין שטרע־בען איז געווען צוזאַמענצושלאָגען אַביסעל מזומן כדי צו קענען איינקויפען אַ ביסעל רויען מאַטעריאַל — לעדער, אויב ער איז געווען אַ שוסטער, גע־

הילף, אויב ער איז געווען א טישלער אדער קאַרפּענטער — און קענען זיך באַזעצען אין אַ דאָרף, אַ קאָלאָניע אָדער אין אַ שטעטעל און מאַכען זיין אַרבעט ביי זיך אין דער היים אויף באַשטעלונג. דאָס שטרעבען פון זיין געהילף אָדער פּועל איז געווען וואָס גיכער צו קענען די מלאכה און אליין ווערען דער מייסטער בעל מלאכה.

פלעגט אָבער דער ערד־אַרבייטער ניט קריגען קיין אַרבעט אויפ'ן לאַנד, אָדער ער פלעגט זיך ניט קענען דערשלאָגען צו קיין אייגען שטיקעל לאַנד, פלעגט ער אוועקוואַרפען די ערד־אַרבעט און ווערען אַ בעל־מלאכה; און פלעגט נאָך דעם מייסטער־בעל מלאכה'ס געהילף, אָדער פּועל, דערפילען אַז ער קען זיך שוין באַגיין אָן דעם מייסטער, פלעגט ער אליין ווערען אַ מייסטער־בעל־מלאכה. צו פאַרהיטען אַזאַ שטאַרקען צופלוס פון בעל מלאכות האָבען די בעלי מלאכות אין די קאָלאָניעס, שוין אין מיטען פון דעם 17טען יאָרהונדערט, זיך אָרגאַניזירט אין וואָס עס האָט דעמאָלט געהייסען גילדעס. שוין אין 1648 האָט די מאַסאַטשוסעטס בוי־קאָלאָניע סאַנקציאָנירט די גילדעס פון שוסטער און קופּער־שמידען. שפּעטער האָבען זיך אויך אַנדערע בעל מלאכות און ערד־אַרבעטער אָרגאַניזירט אין גילדעס פון זייער פאַך צו באַשיצען זייערע אינטערעסען. און נאָך שפּעטער האָבען זיך אפילו סוחרים אין יענער עפּאָכע, ווי סוחרים אין אַנדערע לענדער, פאַראייניגט אין סוחר'ישע גילדעס. ווער געדיינקט דען ניט, פון דעם עלטערען דור, די גדלות פון אַ פּערווע־גילדע קופּעץ אפילו אין דעם אַלטען אָפּגעשטאַנענעם רוסלאַנד?

אָבער די גילדעס פון בעל מלאכות, ווי זיי זיינען דעמאָלט געווען קאָנסטיטואירט, זיינען ניט געווען קיין אַרבעטער אָרגאַניזאַציאָנען פון זייער פאַך, ווי מיר פאַרשטייען געווערקשאַפטלאַכע אָרגאַניזאַציעס איצט. אין זיי זיינען געווען מיטגלידער אי די מייסטערס־בעלי־בתים, אי זייערע געהילפען און פּועלים. זייער ציל איז געווען ניט נאָר צו רעגולירען די באַציאונגען צווישען דעם מייסטער בעל מלאכה און זיינע פּועלים און געהילפען, נאָר אויך צו קאָנטראָלירען אַז די געהילפען און פּועלים זאָלען ניט ווערען קיין מייסטערס אָן דעם אַטעסטאַט פון די מייסטערס פון די גילדעס.

אין דעם 17טען און 18טען יאָרהונדערט איז די קאָלאָניאַלע אַמעריקע געווען פיל מער אַן אַגריקולטורעל — אַן ערד־אַרבעטער לאַנד פון פאַרמערס — ווי אַן אינדוסטריעל לאַנד. פריי לאַנד איז געווען דאָ גענוג; די קאָלאָניאַלע גרופּעס צעוואָרפען; די פאַרבינדונגען ניט גרינג און די אינדוסטריעס אַנטוויקלען זיך לאַנגזאַם. דער מייסטער־בעל־מלאכה ווערט בלויז אַ קליינער סוחר־בעל מלאכה: ער קויפט איין זיינע רויע מאַ־

טעריאַלען און פירט איין זיין ווערקשטאַט ביי זיך אין דער היים און דער געברויכער־קאָנסומענט קומט שוין צו אים צו באַשטעלען וואָס ער דאַרף. ער מאַכט אַמאָל אויך אַ ביסעל פאַרטיגע וואַרע, ווען ער האָט ניט קיין באַשטעלונגען. אָבער דאָס לעבען איז פאָרט נאָך איינפאַך און איינהייטלאַך דורות לאַנג. קיין גרויסע קאַפּיטאַלען זאַמלען זיך ניט אָן און די ערד־אַרבעט — די פאַרמעריי — און די הויז אינדוסטריעס פאַרמערען זיך אויף דעמזעלבען שטייגער ווי אונטער דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער הערשאַפט פון דער אַלטער ענגלאַנד. אָרגאַניזאַציאָנען, פאַראייניגונגען זיינען פאַראַן גענוג אויך אין דער עפּאָכע; זיי טראָגען אַפילו אַמאָל אויך אַ פאַך־נאָמען, ווי דער קלוב פון די שיף־נעט־אַרבעטער, אָרגאַניזירט אין 1724; אָבער דאָס זיינען פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָנען, געגענזייטיגע הילפס־אָרגאַניזאַציאָנען און ניט קיין פאַך־אַרבעטער־אָרגאַניזאַציאָנען. ערשט ווען די אַרבעט אַליין הויבט אָן ביסלאַכווייס זיך טיילען דורך דער פאַרבעסערונג פון די געצייג און דורך דעם איינפיר פון נייע געצייג און מאַשינען פאַר דער אַרבעט, טיילען זיך אויך, אָדער דיפערענצירען זיך אויך די אַרבעטער אין פאַך־אַרבעטער־אָרגאַניזאַציאָנען און די גילדעס פון דער אינדוסטריע, ווי, צ. ב. ש. די צעטיילונג פון מייסטער־שוסטער און פועלים־שוסטער אין דער שוסטער אינדוסטריע.

און ערשט שפּעטער, ווען עס אַנטוויקעלט זיך שוין דער נייער אינדוס־טריעלער טיפּ, דער פּעדלער, דער סוחר־פאַרמיטלער, וואָס קויפט אויף ביים מייסטער־בעל מלאכה זיינע פאַרטיגע וואַרען: זיינע שיך ביים שוסטער; זיינע קליידער, ביים שניידער; און אַנדערע פּראָדוקטען ביי אַנדערע בעל־מלאכות, און צעטראָגט זיי אָדער צעפירט זיי אין די דערפער און פאַרמעס צו די געברויכער־קאָנסומענטען, זיינע קונדען, הייסט עס, הויבט זיך אָן ערנסטע ענדערונג אין דער גילדע אַליין. דאָס ציל פון אָט דעם פּעדלער, דעם סוחר־פאַרמיטלער, איז צו קויפען ביים מייסטער־בעל מלאכה זיינע סחורות וואָס ביליגער און פאַרקויפען זיי וואָס טייערער, כדי צו מאַכען אויף זיי גוטע פּראָפיטען; אָבער דאָס צווינגט דעם מייסטער־בעל מלאכה צו עקאָנאָמיזירען אויף דעם קאָסט פון זיינע סחורות דורך דעם לוין פון זיינע פועלים און אַרבעטער. אָט דעמאָלט אָרגאַניזירען זיי זיך אָפּט אומאָפּהייניגיג פון דער גילדע צו באַשיצען זייער לוין. אָפט איז דער קאַמף צווי־שען דער אָרגאַניזאַציע פון די פועלים און געהילפען און די מייסטער־בעל מלאכות איבער דעם לערעניונג. די פועלים און געהילפען זאָגען זיך אָפּ צו אַרבעטען מיט איינעם וואָס געהערט ניט צו זייער אָרגאַניזאַציע און דעם אַרט „געשלאָסענעם ווערקשאָפּ“ באַקעמפען די מייסטער־בעל מלאכות מיט אַלע מיטלען.

אָבער, מעגען אַפילו אָט די אָרגאַניזאַציעס, אין סוף אַכצענטען יאָר־

זונדערט, שוין באַטראַכט ווערען ווי די ערשטע שפּראָצען פון אַן אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, דאַרף מען דאָך ניט פאַרגעסען, אַז זיי זיינען ניט קיין פּערמאַנענטע אָרגאַניזאַציעס, ווייל זיי פאַרשווינדען פּונקט אַזוי גרינג און ספּאָנטאַן ווי זיי ווערען געבוירען. אין זיי איז נאָך ניטאָ דאָס באַוואוסטזיניגע פון דעם אַרבעטער און זיין קאַמף — דאָס וואָס מיר זיינען געוואוינט צו באַצייכענען ווי דאָס קלאַסענבאַוואוסטזיין פון דעם אַרבעטער.

ערשט אַ פערטעל יאָרהונדערט נאָך דער אומאָפּהייניגקייט פון אַמעריקע; ערשט נאָך דער מלחמה פון 1812, אָדער בעסער נאָך און עקאָנאָמיש ריכטיגער, ערשט ווען דער פעדלער־פאַרמיטלער ווערט דער סוחר־קאַפּיטאַליסט און די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע ווערט איבערגעטראָגען פון דער הויז־אינדוסטריע אין דער פאַבריק־אינדוסטריע ד ע ר װ א כ ט דער אַמעריקאַנער אַרבעטער צו זיין גרויסען קאַמף אין לעבען. אָבער שוין באַלד אין אָנהויב פון דעם ניינצענטען יאָרהונדערט — אין יאָר 1803 — אָרגאַניזירען זיך אין ניו יאָרק די שיף־אַרבעטער; שפּעטער מיט אַ פּאָר יאָר די קאַרפּענטער; אַ ביסעל שפּעטער, די שניידער; דאַן אָרגאַניזירען זיך אין באָסטאָן די שיף־אַרבעטער און ווידער אין ניו יאָרק די שריפטזעצער און ביז דעם יאָר 1825 דערהויבט זיך אומעטום דער ד ע ר װ א כ ט ע ר אַרבעטער צו דעם באַוואוסטזיניגען קאַמף פון זיין לעבען און די אַרבעטער אין אַמעריקע טרעטען אַריין אין דער נייער עפּאָכע — אין דער ד ע ר װ א כ ו נ ג ס עפּאָכע פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטער באַוועגונג.

## דריטער קאַפּיטעל

# די גרויסע דערוואַכונג פון די אַמעריקאַנער אַרבעטער אין אָנהויב נײַנצענטען יאָרהונדערט

די געלערנטע, וואָס פאָרשען אויס די עקאָנאָמישע אומשטאַנדען פון מענשען, ווערען אַזוי צוגעוואוינט צו די אידייען, טעאָריעס און פאַקטען מיט וועלכע זיי באַשעפטיגען זיך, אַז זיי קוקען שוין אויף דעם גאַנצען לעבען דורך עקאָנאָמישע ברילען. אַלצדינג אין לעבען פון מענשען שפּיגעלט זיך בײַ זיי אָפּ אין אייגענטום, אין קאַפּיטאַל, רויע מאַטעריאַלען, מיטלען פון פּראָדוקציע אָדער מאַשינען; פאַרטיגע פּראָדוקטען־סחורות און זייערע קאָסטען; מערק צו פאַרקויפען זיי און די פּראָפיטען אויף זיי, און, אויף דער אַנדער זייט, ווידער, שפּיגעלט זיך אַלצדינג אָפּ אין דער אַרבעט: אין דער פיזישער מאַכט צו פּראָדוצירען; אין דער אַנטוויקלונג פון מאַשינען און דער צעטיילונג פון דער אַרבעט; אין די קאָסטען פון דער אַרבעט, אָדער אין לוין פון דעם אַרבעטער און אין דעם כח פון די מאַסען צו קענען אויפקויפען די פּראָדוקטען־סחורות אויף די מערק — אין זייער קאָנסומירענדען כח. דער מענש אַליין — דער צלם אלהים, אָדער גאָר די קרוין פון דער נאַטור, ווי די פּאָעטען זאָגען — זיין ווילען, זיין שטרעבען, זיין גייסט; זיינע אָנשטריינגונגען, סײַ צוליב אייגעננוציגע צילען און סײַ אפילו צוליב פאַראייניגטען קאַמף פאַר געזעלשאַפטלאַכער פאַרבעסערונג, ווערט פון די געלערנטע עקאָנאָמען כמעט ווי פאַרגעסען און דערמאָנט מען זיך שוין יאָ אין אים, — אין זיינע גייסטיגע כחות און שטרעבונגען — זיינען זיי נאָר אַ שפּילצייג פון די עקאָנאָמישע כחות און געשעענישען.

אין אַמעריקע האָט זיך נאָך דעם אומאָפּהייגיקייט קריג און דער באַפרייאונג פון ענגלאַנד און נאָך מער, נאָך דעם צווייטען קריג פון 1812, *אָנגעהויבען אַ גרויס און פיבערהאַפטלעבען* און עס פאָרשטייט זיך אויך פאַר וואָס. די צוואָרפענע, אָפּגעגרעניצטע קאָלאָניעס, וואָס האָבען פאַר דער דערקלערונג פון אומאָפּהייגיקייט געלעבט אונטער דעם יאָך און פּאָליטיש־עקאָנאָמישען צוואַנג פון ענגלאַנד, ווערען איצט די *פרייע אומאָפּהייגיגע* „פאַראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע". עס לעבען אויף בײַ די איינוואוינער *נייע שטרעבונגען*. אַ נייער ווילען צו אַנטוויקלען זייער לאַנד; עס וואַקסען אויס און אַנטוויקלען זיך נייע באַדינגונגען; די ערשטע דאַמף־

שיף ווערט געשאַפען; נייע וועגען און קאַנאַלען ווערען אויסגעבויט; בע־
סערע פאַרבינדונגען צווישען די קאָלאָניעס אליין און צווישען זיי און דער
אויסערער וועלט ווערען דורכגעפירט. נייע עקאָנאָמישע כחות הויבען אָן
ווירקען אין לעבען. עס אנטוויקלען זיך אַלץ מער די הויז־אינדוסטריעס און
זיי גייען ביסלאַכווייס איבער, מיט דער אנטוויקלונג פון די מאַשינען און
דער צעטיילונג פון דער אַרבעט, אין פאַבריק־אינדוסטריעס. עס גייט אַלץ
מער אריין אין זיין ראָלע און טעטיקייט אין דעם געזעלשאַפטלאַך־עקאָנאָ־
מישען לעבען דער „פעדלער"־סוחר וואָס ווערט מיט דער צייט דער „סוחר־
קאַפּיטאַליסט". ער קויפט אויף די פאַרטיגע פּראָדוקטען און סחורות פון
די בעלי מלאכות און מאַנופאַקטורערס פאַר'ן מאַרק און פאַרשפּרייט דעם
האַנדעל אין די קאָלאָניעס און מיט אויסלאַנד. ער העלפט דעם מייסטער
בעל מלאכה צו ווערען אַ פאַבריקאַנט, אָדער ער ווערט אַליין אַ פאַבריקאַנט
ביי וועמען דער מייסטער־בעל מלאכה ווערט ניט מער ווי אַן אַרבעטער־
בעל מלאכה. עס הויבען זיך אָן אָרגאַניזירען ביינק און פינאַנץ־אינסטי־
טוטען און די רעגירונג אַליין העלפט אויך אין דער אנטוויקלונג און פאַר־
שפּרייטונג פון נייע סעטעלמענטס, נייע אינדוסטריעס, נייעם האַנדעל —
זי העלפט אנטוויקלען דאָס לאַנד און ממילא שוין אויך יענעם קלאַס פון
רייכע, פאַבריקאַנטען, סוחרים און באַנקירען, וואָס ווערען מיט דער צייט
די אייגענטימער און הערשער פון לעבען.

אין יענער עפּאָכע איז שוין די א ל ט ע ג י ל ד ע — דער פאַרבאַנד
פון דעם בעל מלאכה, זיין געהילף און פועל — כמעט אינגאַנצען צעפאַלען;
דער פועל און געהילף פון דעם מייסטער און אָפט דער מייסטער אַליין
ווערען פּשוט'ע פאַר־אַרבעטער, וואָס אַרבעטען פאַר אַ טעגלאַכען לוין
און זיי הויבען אָן צו פילען, אַז זייערע לעבענס־אינטערעסען זיינען א נ־
ד ע ר ע ווי די לעבענס־אינטערעסען פון דעם מאַנופאַקטורער און פאַבריקאַנט
און אין דער ברייטער ראַשיגער אנטוויקלונג פון דעם נייעם עקאָנאָמישען
לעבען הויבט זיך אָן אַ גוואַלטיגע דערוואַכונג פון דעם אַרבעטער צו אָרגאַ־
ניזירען זיך און פאַראייניגען זיך מיט די אַרבעטער פון זיין פאַך כדי צו
באַשיצען זיינע אינטערעסען און זיין לוין. די פּרואוו זיינען פון אָנהויב קור־
צע און ניט קיין געלונגענע; אָבער דאָס לעבען פון יענער עפּאָכע קאָכט
און זידט מיט דער פרישער מאַכט און ענערגיע פון אַ יונג באַפרייט פאָלק
און עס לייגען זיך אַלץ שווערער און שווערער אויף דעם אַרבעטער די באַ־
דינגונגען פון דעם נייעם סאָציאַל־עקאָנאָמישען לעבען און שוין אין דעם
ערשטען פערטעל פון דעם נייצענטען יאָרהונדערט אָרגאַניזירען זיך די
אַרבעטער אין אַמעריקע צו דעם ב א ו ו א ו ס ט ז י נ י ג ע ן קאַמף,
ניט פאַר די אינטערעסען פון דעם פאַר־אַרבעטער אַליין, נאָר אויך פאַר
די אינטערעסען פון דער גאַנצער געזעלשאַפט און די ב א ו ו א ו ס ט ז י־

ניגע אָרגאַניזירטע אַרבעטער באַוועגונג אין אַמעריקע ווערט געבוירען.

שטייען אָבער די געלערנטע עקאָנאָמען און קריגען זיך: וואָס פאַרט זיי־געווען די הויפּט־כחות וואָס האָבען געפירט צו דער ברייטער, ענערגישער סאָציאַל־עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון אַמעריקע און פאָלגלאַך אויך צו דער דערוואַכונג פון די אַרבעטער און דעם באַוואוסטזיניגען אָרגאַניזירטען אַר־בעטער קאַמף?

די מאַרקסיסטישע עקאָנאָמען דערקלערען די אַנטוויקלונג פון דער היינטיגער סאָציאַל־עקאָנאָמישער געזעלשאַפט און די דערוואַכונג פון די אַרבעטער צו דעם באַוואוסטזיניגען קלאַסענקאַמף אין אַמעריקע, ווי זיי דערקלערען עס פאַר אַלע אַנדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, דורך דער אַנטוויקלונג פון די מיטלען פון פּראָדוק־ציאָן — פון די מאַשינען — און דער צעטיילונג פון דער אַרבעט; דורך דער פאַבריק־פּראָדוקציע פון סחורות און לוין־אַרבעט. לערנען אָבער די אַמעריקאַנער עקאָנאָמען און די היסטאָריקער־פאָרשער פון דער אַרבעטער באַוועגונג, אַז אין אַמעריקע שטימען ניט די פאַקטען. אין אַמעריקע האָט זיך אַנטוויקעלט די אינדוסטריע און דער האַנדעל און עס האָבען זיך באַוויזען די ערשטע סמנים פון אַן אַרבעטער־באַוועגונג נאָך פאַר דעם ווי עס האָבען זיך אַנטוויקעלט די מאַשינען און די פּראָדוקציע איז איבערגעגאַנ־גען פון דער הויז־אינדוסטריע אין דער פאַברק אנדוסטריע און זיי פאָלגען נאָך די דייטשע עקאָנאָמען בוכער און שמאָלער און לערנען, אַז די כחות, וואָס האָבען אַנטוויקעלט די ערשטע סאָציאַל־עקאָנאָמישע אומשטאַנ־דען אין אַמעריקע, זיינען געווען די אויסשפּרייטונג פון מערק, וואו די פּראָדוקטען־סחורות קענען פאַרקויפט ווערען, כדי נייע זאָלען קענען פּראָדוצירט ווערען, און די אינדוסטריעס זאָלען אַנטוויקעלט ווערען.

אין דער אמת'ן אָבער זיינען דאָס נאָר צוויי באַזונדערע אַנזיכטען — ניט מער. איינע האַלט פאַר'ן הויפּט־כח אין דעם היינטיגען לעבען די מיטלען פון פּראָדוקציאָן; די אַנדערע — די מיטלען פון האַנדעל; ביידע אָבער לאָזען אויס דעם מענשען, זיין ווילען, זיינע באַוואוסטזיניגע שטרעבונגען און אַנשטריינגונגען, זיין ענערגישען קאַמף אין לעבען — זיין קאַמף פאַר מאַכט און הער־שאַפט פון איין זייט, און זיין קאַמף קעגען דער מאַכט און הערשאַפט, אויף דער אַנדערער זייט. אחוץ דעם זיינען נאָך אין אַמעריקע געווען באַזונדערע באַדינגונגען, ווי די פרייקייט צו באַזעצען

זיך אויף לאַנד; די גרויסע נאַטירלאַכע רייכטימער פון דער ערד; די פּאָלי־טישע פרייהייט און דאָס פריע אויסברייטען זיך פון דעם אַלגעמיינעם שטים־רעכט וואָס האָט אין אָנהויב ניט קיין קליינע ווירקונג געהאַט אויף דער אַנטוויקלונג פון דעם אַלגעמיינעם סאָציאַל־עקאָנאָמישען לע־בען און באַזונדער אויך אויף דער אַנטוויקלונג פון דער אַרבעטער־באַ־וועגונג.

די גרויסע כאַראַקטעריסטישע שטריכען פון דער אָרגאַניזירטער אַר־בעטער באַוועגונג אין אַמעריקע אין יענער צווייטער עפּאָכע זיינען:

ע ר ש ט ע נ ס, ד י ד ע ר ו ו א כ ו נ ג פון די אַרבעטער צו דער ספּאָנטאַנער, אָדער פּלוצלונגער פאַראייניגונג פון די אַרבעטער פון איין פאַך — און פאַך־אָרגאַניזאַציאָנען — אין טרייד־יוניאָנס — צו באַשיצען זייער לוין. שוין אין די ערשטע יאָרען פון דעם נייַנצענטען יאָרהונ־דערט, ווי מיר האָבען פריער געזען, אָרגאַניזירען זיך די שוסטער, די שניי־דער, די קאַרפּענטערס, קופּער־שמידען, שיף־אַרבעטער, זעצער אין אָר־גאַניזאַציאָנען פון זייער פאַך. אָבער די אָרגאַניזאַציאָנען זיינען ניט קיין דויערענדע — ניט קיין פּערמאַנענטע. דער ציל איז צו באַשיצען דעם לוין פון די אַרבעטער פון זייער פאַך. זיי זיינען נאָך ניט דערוואַקסען צום באַוואוסטזיין און פילען נאָך ניט אין זיך די מאַכט צו שטעלען פאָ־דערונגען. דאָס קומט ערשט מיט דער ב ר י י ט ע ר ע ר דערוואַכונג צו דעם ב א ו ו א ו ס ט ז י י נ י ג ע ן ק א מ ף פ א ר א ל ג ע־מ י י נ ע א ר ב ע ט ע ר א י נ ט ע ר ע ס ע ן אין די יאָרען 1825—1827 פון ווען אָן עס רעכענט זיך אויך דער אָנהויב פון דער א ר ג א־נ י ז י ר ט ע ר א ר ב ע ט ע ר ב א ו ו ע ג ו נ ג אין אַמעריקע.

צ ו ו י י ט ע נ ס, אין די דרייסיגער יאָרען, און שפּעטער, נאָכדעם ווי דאָס אַלגעמיינע שטימרעכט ווערט פאַרשפּרייט אויך אויף די מאַ־סען, איז דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער אָרגאַניזירטער אַרבע־טער באַוועגונג דער פּ א ל י ט י ש ע ר ק א מ ף פאַר אַלגעמיינע אַרבעטער אינטערעסען. איצט שטעלען שוין די אַרבעטער אַרויס באַ־שטימטע פאָדערונגען ניט נאָר זייערע בעלי בתים נאָר אויך דער רע־גירונג — זיי פאָדערען אַ געזעצלאַך קירצערען אַרבעטס־טאָג.

ד ר י ט ע נ ס, אין די פערציגער און פופציגער יאָרען פון דעם 19טען יאָרהונדערט, כמעט ביז דעם בירגער־קריג אין די זעכציגער, קערט זיך די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט צוריק אום צו דעם ע ק א נ א מ י ש ע ן קאַמף און דער גרויסער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער צייט איז די נ א צ י א נ א ל י ז י ר ו נ ג, אָדער די אָרגאַניזירונג פון נ א צ י א נ א ל ע פאַך־אָרגאַניזאַציאָנען איבער דעם גאַנצען לאַנד. דער בירגער־קריג שלאָגט

איבער די אַנטוויקלונג פון דער אַרבעטער באַוועגונג — אָבער ניט אויף לאַנג. נאָך דעם קריג קלייבען זיך ווידער צענויף די פעדים און עס פלעכט זיך און אַנטוויקעלט זיך דער קאַמף פאַר דעם אַרבעטער'ס רעכט ביז אויף היינטיגען טאָג.

די עפּאָכע פון יענער ראַשיגער סאָציאַל־עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג האָט ניט געקענט פאַריבערגיין אָן דער גייסטיגער דערהויבונג פון דעם אַרבעטער, אָן דער אַנטוויקלונג אין אים פון אַ שאַרפערען באַוואוסטזיין, אַז זיינע אינטערעסען הייגנען אָפּ פון די אינטערעסען פון אַנדערע אַרבעטער. און אין די יאָרען 20-27 פון לעצטען יאָרהונדערט גייט אָן אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע, אַ גייסטיגע דערוואַכונג פון די אַרבעטער אין אַמעריקע, צו וועלכער עס האָט ניט ווייניג בייגעטראָגען דער גרויסער ענגלישער סאָציאַליסט, פאַבריקאַנט און סאָציאַל־רעפאָרמער, ראָבערט אָוען. ער איז געקומען קיין אַמעריקע אין 1824 צו מאַכען דאָ זיינע סאָציאַלע עקספּערימענטען מיט קאָאָפּעראַטיווע אַרבעטער־קאָלאָניעס. זיינע עקספּערימענטען האָבען זיך ניט איינגעגעבען. אָבער זיין פּראָפּאַגאַנדע האָט ניט פאַרפעלט איר ציל. ער האָט געלערנט די אַרבעטער ניט נאָר קאָאָפּעראַטיוו צו לעבען און אַרבעטען, נאָר אויך סאָלידאַריש צו האַנדלען אין די אינטערעסען פון אַנדערע אַרבעטער. אין דער פּראָפּאַגאַנדע און אַנטוויקלונג פון די סאָלידאַרישע אַרבעטער אינטערעסען האָבען אויך ניט ווייניג בייגעטראָגען די אַמעריקאַנער נאָכפאָלגער פון דעם פראַנצויזישען סאָציאַליסט פוריע. און ווען אין פילאַדעלפיע האָבען אין יאָר 1827 געסטרייקט די הויז־קאַרפּענטערס, פאַר דער פאָדערונג פון אַ צען־שטונדיגען אַרבעטס־טאָג און האָבען דעם קאַמף פאַרלוירען, זיינען זיי צו הילף געקומען די אָרגאַניזירטע אַרבעטער פון אַנדערע פאַכען, און עס איז געגרינדעט געוואָרען די ערשטע אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטער פון פאַרשיידענע פאַכען, שוין ניט צו באַשיצען דעם לוין אַליין פון דעם אַרבעטער אין זיין פאַך, נאָר אויך פאַר דעם שוץ פון די אַלגעמיינע אינטערעסען און פאָדערונגען פון די אַרבעטער. די ערשטע טרייד'ס יוניאָן איז טאַקע ניט געווען מער ווי אַ מין צענטראַלע אַרבעטער יוניאָן, אָבער פון איר האָט זיך שוין אַנטוויקעלט פריער אין פילאַדעלפיע און אין 1829 אויך אין ניו יאָרק—די אַרבעטער פּאַרטיי—„די לייבאָר פּאַרטי" פון וועלכער עס האָט זיך שפּעטער — אין די יאָרען 1831-1833 — אַנטוויקעלט און פאַרשפּרייט כמעט איבער דעם גאַנצען לאַנד „דער ניו ענגלענדער פאַרבאַנד פון פאַרמערס, מעכאַניקער און אַנדערע אַרבעטער".

די צוויי גרויסע אַרבעטער אָרגאַניזאַציאָנען האָבען געקעמפט אויף דעם פּאָליטישען פעלד פאַר אַרבעטער אינטערעסען ביז צו די סאַמע שווערע און קריטישע יאָרען פון 1837—1839 אין דעם עקאָנאָמישען לעבען פון די אַר־

גאַניזירטע ארבעטער אין אמעריקע. זיי האָבען פאַר ז י י ע ר צייט ארויסגעשטעלט גרויסע פאָדערונגען אי די בעלי בתים פון דער ארבעט, אי דער רעגירונג פון לאַנד. זיי האָבען ענערגיש באַקעמפט דעם לאַנגען ארבעטס־טאָג „פון זון אויפגאַנג ביז זון אונטערגאַנג“ און האָבען געפאָדערט אַ געזעצלאַכען 10 שטונדיגען ארבעטס־טאָג; זיי האָבען געפאָדערט געזעצלאַכע פאַרזיכערונג פאַר ארבעטער־לוין; זיי האָבען געפאָדערט אַלגעמיינע בילדונג פאַר די קינדער פון די ארבעטער אויפ'ן חשבון פון דער שטאָט און שטאָט. זיי האָבען געפאָדערט די אָפּשאַפונג פון געפענגעניס־ארבעט פאַר'ן אַלגעמיינעם מאַרק, וואָס האָט שוין דאָן אַזוי געשאַדט דעם ארבעטער און זיי האָבען געפאָדערט די אָפּשאַפונג פון געצוואונגענער מיליטער־דינסט. זיי האָבען זייערע פאָדערונגען ניט דערגרייכט. עס איז געבליבען פאַר די שפּעטערדיגע יאָרען און דעם שפּעטערדיגען קאַמף פון די ארבעטער די־דאָזיגע צילען צו דערגרייכען, אָבער זיי האָבען זיי אין דעם לעבען און שטרעבען פון די אָרגאַניזירטע ארבעטער אריינגעבראַכט און זיי זיינען מיט דער צייט און מיט אַנדערע מיטלען פון קאַמף געוואונען געוואָרען.

די קריטישע יאָרען פון 1837 און 39 האָבען די אָרגאַניזירטע ארבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע צעבראָכען און אויף יאָרען פיל געשעדיגט. אין די שפּעטערדיגע יאָרען — כמעט ביז איבער דעם קריזיס פון 1847 — האָבען זיך דאָ און דאָרט ווידער באַנייט ארבעטער אָרגאַניזאַציאָנען, אָבער נאָך אַפילו אין דעם אָנהויב פון די 50־יגער יאָרען איז די ארבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע געווען אַ צעשוואָומענע; מער אַ סאָציאַל־קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג ווי אַן אָרגאַניזירטע ארבעטער באַוועגונג. אין אָנהויב פון די פופציגער יאָרען פון לעצטען יאָרהונדערט הויבט זיך די אָרגאַניזירטע ארבעטער־באַוועגונג ווידער אויף, אָבער זי גייט אַוועק פון דער אַלטער פּאָליטישער טעטיקייט און פון די אַלגעמיין סאָציאַלע צילען. זי נעמט אָן דעם כאַראַקטער פון טרייד יוניאָנס — פּיור ענד סימפּעל — אָבער פון נאַציאָנאַלער גרויס און נאַציאָנאַלער וויכטיקייט. אין 1852 אָרגאַניזירט זיך די נאַציאָנאַלע טיפּאָגראַפישע יוניאָן פון וועלכער עס שטאַמט די היינטיגע אינטערנאַציאָנאַלע טיפּאָגראַפישע יוניאָן. אין 1853 אָרגאַניזירען זיך די שטיין־שניידער פון אַמעריקע; אין 1854 — די פאַראייניגטע הוט־מאַכער פון די פאַראייניגטע שטאַטען. די מיטלען פון דעם ארבעטער קאַמף זיינען ווידער ריין־עקאָנאָמישע — דער סטרייק, דער באָיקאָט און ביז אַ געוויסען גראַד אויך דאָס וואָס מיר רופען היינט „קאָלעקטיווע האַנדלונג“. די אָרגאַניזירטע ארבעטער באַוועגונג הויבט אָן ארויסצוגיין פון די איינגע ראַמען פון אַ לאָקאַלער פאַר־יוניאָן, אָדער אַפילו פון אַ צענטראַלער ארבעטער יוניאָן און הויבט אָן ווע־רען אַ נאַציאָנאַלע דראָהענדע מאַכט. און ניט אומזיסט זאָגט מען, אַז די שטילע האָפענונגען פון דעם פאַראייניגטען קאַפּיטאַל אין דעם נאָרד פון די

פאַראייניגטע שטאַטען. פאַר'ן בירגער קריג, איז געווען, אַז מיט דער באַפרייאונג און מיט דער ביליגערער אַרבעט פון די באַפרייטע שקלאַפען וועט מען קענען ברעכען די באַנייטע און פיל מער דראָענדע מאַכט פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער־מאַסען. אָבער דער חשבון איז אַ פאַלשער געווען. נאָך דעם בירגער־קריג און נאָך די קריטיישע זיבעציגער יאָרען, אַנטוויקעלט זיך די אַרבעטער־באַוועגונג צום מאַכטיגסטען צושטאַנד אין וועלכער מיר געפינען זי היינט.

## פערטער קאַפּיטל

# די אַמעריקאַנער אַרבעטער באַוועגונג נאָך דעם בירגער־קריג. — די נייטס אָף לייבאָר און די אַמעריקאַן פעדעריישאָן אָף לייבאָר

דער בירגער־קריג, אין די זעכציגער יאָרן, פאַר דער באַפרייאונג פון דער שקלאַפעריי אין אַמעריקע האָט פיל געשעדיגט דער אַנטוויקלונג פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטער־באַוועגונג. די אַגיטאַציע פאַר דער באַפרייאונג פון די שקלאַפן; דער פּאָליטישער קאַמף פון די פּאַרטייען; די דערוואַרטונג פון לינקאָלן׳ען און די געשפּאַנטע דערוואַרטונג פון אַן אָפענעם קריגערישן ברוך צווישן די נאָרדלאַכע און זידלאַכע שטאַטן האָבן כמעט אינגאַנצן פּאַראַליזירט די אַרבעטער־באַוועגונג און האָבן זי אָפּגעשטעלט פונקט דעמאָלט ווען די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אַנטוויקלונג פון לאַנד האָבן זי געטריבן אַרויסצוגיין פון די איינגע ל אָ ק אַ ל ע פאַר־גרעניצן און אָננעמען דעם כאַראַקטער און די מאַכט פון גרויסע שטאַרקע נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע אָרגאַניזאַציאָנען.

אין דער עפּאָכע פון די פופציגער און זעכציגער יאָרן בעפאָר דעם קריג האָבן זיך די פאַבריק־אינדוסטריעס אין אַמעריקע פיל פאַרגרעסערט און אַנטוויקעלט; דער דאַמף און די אַנטוויקלונג פון די מאַשינען האָבן מער און מער צעטיילט די אַרבעט און פאַראיינפאַכט דעם אַרבעטער; די פאַבריקאַציע און די אינדוסטריעס האָבן זיך אַלץ מער און מער קאָנצענטרירט אין די הענט פון די פאַבריקאַנטען־קאַפּיטאַליסטען און האָבן זיך פאַראייניגט צום קאַמף פון קאַפּיטאַל קעגן דער אַרבעט; די פאַרשפּרייטונג פון די אייזנבאַנען און פון שיף־פאַרקער אין לאַנד — די אַנטוויקלונג פון די מיטלען פון קאָמוניקאַציע און טראַנספּאָרטאַציע — האָבן אויסגעברייט און נאַציאָנאַליזירט דעם האַנדעל, די ביינק, די פינאַנציעלע אינסטיטוטען — גרויסע און קליינע — און האָבן אויך, מיט דער גאַנצער קראַפט פון דער עקאָנאָמישער, אינדוסטריעלער און געזעלשאַפטלאַכער אַנטוויקלונג, געטריבן דעם אַרבייטער איז זיין קאַמף פאַר אַ בעסערען לוין און מער מענשלאַכע באַדינגונגען פון לעבען, זיך צו אָרגאַניזירען און אויסשפּרייטען די מאַכט פון זיינע פאַרבינדונגען אין גרויסע נאַציאָנאַלע פאַר־פאַרבאַנדען און אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס. אָבער אַט די גאַנצע סאָציאַלע אַנטוויקלונג האָט פיל פאַרשאַרפט דעם עקאָנאָמישען קאַמף צווישען די מער אינדוסטריעל אַנט־

וויקעלטע נאָרדלאַכע שטאַטען און די עקאָנאָמיש הינטערשטעליגע זידלאַכע שטאַטען, וואָס האָבען דאָך געקענט קאָנקורירען מיט דעם נאָרד, נאָר אַ דאַנק דער כמעט אומזיסטיגער אַרבעט פון זייערע שוואַרצע שקלאַפען ביי אַלע אַרבעטען, אָבער מער ווי ביי אַלע, אין דער קאַטאָן־אינדוסטריע.

און ניט לייקענענדיג די גרויסע הומאַניטאַרע צילען פון דעם קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון די שקלאַפען, קען מען דאָך ניט צומאַכען די אויגען אויף דער ניט־באַהאַלטענער האָפענונג פון דעם פאַראייניגטען קאַפּיטאַל פון די נאָרדלאַכע שטאַטען צו קענען, דורך דער ביליגערער אַרבעט פון די באַפרייטע שקלאַפען, צעברעכען די וואַקסענדיגע און דראָהענדיגע מאַכט פון דער נאַציאָנאַל־אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט. און ווען דער בירגער־קריג איז געקומען, איז טאַקע די אָרגאַניזירטע אַרבעטער באַוועגונג אין אַמעריקע כמעט ווי צעפאַלען.

דאָך ניט אויף לאַנג. שוין אין די מלחמה־יאָרען פון 1862—1865, ווען דורך די באַשטימונגען פון גרויסע סומען פאַר דער רעגירונג, האָט זיך די פּראָדוקציע און די אַלגעמיינע אינדוסטריעלע טעטיקייט פאַר די צוועקען פון קריג אַזוי פאַרפילפאַכט און פאַרגרעסערט, האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַז ניט נאָר האָבען די אַרבעטער־מאַסען פון דעם עקאָנאָמישען און פּראָדוקטיווען מזל־ברכה גאָר ניט געוואונען, נאָר פאַרקערט, זיי האָבען נאָך אַמ־מערסטען געליטען. ווי תמיד אין אַזעלכע פאַלען, האָבען פּראָפיטירט פון דעם קריג די רייכע פאַבריקאַנטען, די אייזענבאַן־ און שיף־מאַגנאַטען, די סוחרים און פינאַנסיסטען; אפילו די פאַרמערס האָבען פּראָפיטירט פון דעם קריג, אָבער ניט די אַרבעטער. שוין אין 1863 האָט זיך אַרויסגעשטעלט — גאָר אַזוי ווי אין אונזערע אייגענע צייטען — אַז בעת דער לוין פון דעם אַרבעטער איז געוואַקסען אויף 12 פּראָצענט מער פון דעם לוין פאַר'ן קריג, איז אָבער דער יקרות אויף די לעבענס־מיטעל געוואַקסען אויף 30 פּראָצענט העכער די קאָסטען פון די לעבענס־מיטלען פאַר'ן קריג. און אַזוי אויך אין 64טען יאָר; דער לוין איז טאַקע געוואַקסען אויף 30 פּראָצענט, זיינען אָבער די קאָסטען פון די לעבענס־מיטלען געוואַקסען אויף 70 פּראָצענט און אַזוי כסדר אין 65טען יאָר און שפּעטער ביז די אינדוסטריעלע קריג־טעטיקייט איז אין גאַנצען געפאַלען; דורך דער גאַנצער צייט האָבען די אַרבעטער־מאַסען געליטען מאַנגעל און נויט. זיינען זיי ווידער פון די סאָציאַל־עקאָנאָמישע אומשטאַנדען פון לעבען געצוואונגען געווען צו זוכען שוץ אין דער פאַראייניגונג — צו אָרגאַניזירען זיך אין שטאַרקע אָרגאַניזאַציעס ווי ווייט מעגלאַך צו באַשיצען זייערע אייגענע אינטערעסען.

שוין אין די מלחמה־יאָרען פון 1862—1865 און נאָכדעם, אין דער גאַנצער

עפּאָכע ביז איבער דעם שווערען עקאָנאָמישען קריזיס פון 1873 און די נאָך שווערערע יאָרען פון גרויסע סטרייקס און גרויסע פאַרפאָלגונגען פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעט, אין די יאָרען 1877 און 1878, כמעט ביז די אַכציגער יאָרען פון דעם לעצטען יאָרהונדערט, גייט אָן אַ פיבערישע און ענערגישע אָרגאַניזירונג פון די אַרבעטער־מאַסען אין אַמעריקע. ווידער אָרגאַנירט זיך דער אַמעריקאַנער אַרבעטער אין לאָקאַלע פאַך־אָרגאַניזאַציאָנען — אין טרייד־יוניאָנס — שפּעטער אין נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדען פון געמישטע פאַך־אַרבעטער — אין טריידס און לייבאָר אַסעמבלים — און דורך דער גאַנצער צייט אָרגאַניזירען זיך די גרויסע, פאַרצווייגטע נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציאָנען — די נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע לייבאָר יוניאָנס. שוין אין 1859 אָרגאַניזירט זיך די אייזען־פורמערס יוניאָן — די מאָלדערס פון נאָרד אַמעריקע; אין 63 אָרגאַניזירט זיך די ברודערשאַפט פון די לאָקאָמאָטיוו מאַשיניסטען, וואָס רעאָרגאַניזירט זיך שפּעטער אין 1873 אין דער ברודערשאַפט פון די לאָקאָמאָטיוו־הייצערס און מאַשיניסטען; אין 64 אָרגאַניזירט זיך די אינטערנאַציאָנאַלע ציגאַר־מאַכער יוניאָן; אין 65—די אינטערנאַציאָנאַלע יוניאָן פון ציגעל אַרבעטער און פּלאַסטערערס; אין 68 — די אייזענבאַן קאָנדוקטאָרען פון אַמעריקע; אין 73 — די מאַשיניסטען־וועב־דרוקער פון די פאַראייניגטע שטאַטען; אין 76—די אַמאַלגאַמירטע אייזען און שטאָל אַרבעטער; אין דעמזעלבען יאָר אָרגאַניזירען זיך די גלאָז־אַרבעטער פון אַמעריקע; אין 77 — די אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע פון די גראַניט־שניידער; אין 78 — די אינטערנאַציאָנאַלע וועבער יוניאָן און אין 1881 — די פאַראייניגטע ברודערשאַפט פון די קאַרפּענטערס פון אַמעריקע.

אָבער אין אַט דער גאַנצער עפּאָכע ביז טיף אין די אַכציגער יאָרען איז די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע, אין איר קאַמף קעגען דעם פאַראייניגטען קאַפּיטאַל, נאָך אַלץ ניט פריי געווען פון זייטיגער ווירקונג. אין די זעכציגער האָט זי זיך נאָך ניט באַפרייט פון די פאָלגען פון דעם קריג און די שלעכטע צייטען נאָך אים. אין די זיבעציגער איז זי טיילוויים געווען באאיינפלוסט פון די אידייען און אידעאַלען פון דעם אינטערנאַציאָנאַל. אין דער גאַנצער עפּאָכע איז זי ניט פריי געווען פון דעם קאַמף פון פּאָליטישע פּאַרטייען וואָס האָבען איר אָפט אויף אַ מינוט געבראַכט רויזען־קאָלירטע אויסזיכטען אויף אַ פאַרבעסערונג, האָבען זי אָפּגעווענדעט פון איר עקאָנאָמישען קאַמף און איבערגעלאָזט אין אַנטוישונג. אין דערדאָזיגער עפּאָכע האָבען נאָך די גרויסע פאַרפאָלגונגען פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעט מצד דער פאַראייניגטער מאַכט פון קאַפּיטאַל, וואָס האָבען זיך אויסגעדריקט אין אויסשליסונגען, אָדער לאָקאַוטס, אין שוואַרצע ליסטען, אָדער בלעקליסטס, און גלאַט אין שווערע געפיינגענים־שטראָפען

פאַר ארבעטער־פירער, אריינגעבראַכט אין דער באַוועגונג אַן עלעמענט פון מיסטעריעזע, סעקרעטנע פאַראייניגונגען און אָרגאַניזאַציאָנען וואָס האָבען זיי זיכער געשאַדט. געהייסען האָט עס אין אָנהויב אַפילו, אַז אַזוי ווי קאַפּיטאַל פאַראייניגט זיך צוליב געהיימער האַנדלונג קעגען די אַרבעטער, אַזוי דאַרפען זיך אויך די אַרבעטער פאַראייניגען ניט אָפען, נאָר פאַרהילט אין קאַמף קעגען קאַפּיטאַל כדי ניט אַרויסצוגעבען די מיטלען און צילען פון זייער קאַמף קעגען שונא. געווען איז עס אָבער אין דער אמת'ן נאָר דערפאַר וואָס יענע עפּאָכע האָט נאָך ניט געפונען דעם ריכטיגען אויסדרוק פון די אַרבעטער צילען און אַרבעטער קאַמף; זי האָט שוין אָבער פאָרמולירט די פאָדערונגען פון העכערען לוין און קירצערע אַרבעטס־שטונדען און זי האָט שוין דעמאָלט אויפגעהויבען דעם קאַמף פאַר אַן 8 שטונדיגען אַרבעטס־טאָג, וואָס האָט זיך ערשט רעכט אַנטוויקעלט שפּעטער אין די אַכציגער און נײַנציגער יאָרען און איז נאָך ניט אינגאַנצען דערגרייכט געוואָרען אַפילו ביז אויף היינטיגען טאָג.

אָבער אָנפירען די גרויסע אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג שוין פון אָנהויב פון די אַכציגער יאָרען איז אויסגעפאַלען אויפ'ן גורל פון צוויי גרויסע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס: די ערשטע, אין צייט און אַנטוויקלונג, איז געווען די גרויסע אָרגאַניזאַציע פון די „ריטער פון דער אַרבעט“, אָדער „די נייטס אָף לייבאָר“, וואָס איז שוין היינט באַלד אינגאַנצען פאַרשוואונדען פון אַקטיווער טעטיקייט אין דער אַרבעטער באַוועגונג, און די צווייטע איז די אַמעריקאַנער פעדעראַציע פון אַרבעט, אָדער, — די אַמעריקאַן פעדערײשאַן אָף לייבאָר. ביידע האָבען זיך גרינטלאַך אונטערשידען ניט נאָר אין אינעווייניגסטען געבוי פון דער אָרגאַניזאַציע נאָר אויך אין די הויפּט־צילען און מיטלען פון קאַמף.

אין דער ראַשיגער סאָציאַל־עקאָנאָמישער און קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג פון אַמעריקע זינט די אַכציגער יאָרען איז אַלץ קלאָרער צו מערקען די שטופענווייזע צוזאַמענשמעלצונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער מאַכט; די שטרעבונג איז צו קאָנסאָלידירען די מאַכט איבער דער פּראָדוקציע, אָפּצושאַפען די קאָנקורענץ צווישען די נעכטיגע שונאים און צו טראַסטיפיצירען די אינדוסטריעס, דעם האַנדעל, די פינאַנצען אין איין סאָלידאַרישער קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט איבער דעם גאַנצען לעבען. אָבער דיזעלבע סאָציאַל־עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג און אומשטאַנדען, וואָס פירען צו דער סאָלידאַרישער פאַראייניגונג פון קאַפּיטאַל און קאַפּיטאַליסטען, טרייבען אויך די גרויסע אַרבעטער מאַסען צו דער פאַראייניגונג און סאָלידאַרישער האַנדלונג פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער־כחות אין קאַמף מיט קאַפּיטאַל און די אַנטוויקלונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, ווי אין אַנדערע

לענדער, און באַזונדערס אין ענגלאַנד, איז שוין ניט מער אַ באַוועגונג נאָר פון לאָקאַלע אָדער אפילו נאַציאָנאַלע פאַך־אָרגאַניזאַציאָנען, נאָר — אָדער זי כאַפּט ארום גרויסע געמישטע ארבעטער־מאַסען, אָדער זי אָר־גאַניזירט סאָלידאַרישע פעדעראַציעס פון לאָקאַלע, נאַציאָנאַלע און אפילו אינטערנאַציאָנאַלע טרייד־יוניאָנס.

פון די ערשטע אָרגאַניזאַציעס, אין די אַכציגער יאָרען, וואָס האָבען ארומגעכאַפּט גרויסע געמישטע ארבעטער־מאַסען און האָבען זיך ניט שטאַרק געיאָגט נאָך פאַך־אָרגאַניזאַציאָנען, זיינען געווען די ריטער פון דער ארבעט — די נייטס אָף לייבאָר — אָרגאַניזירט ווי אַ סעקרעטנער אָרדען פון אָר־בעטער נאָך אין 1878, זיין גרויסע אָרבעטער־טעטיקייט האָט זיך אָבער אַנט־וויקעלט אין מיטען פון די אַכציגער יאָרען. דעמאָלט איז דער אָרדען געוואָרען גרויס און שטאַרק און האָט גענומען אַ גרויסען אַנטייל אין דער ארבעטער־באַוועגונג און אין די אַרבעטער־קאַמפּען פון יענער צייט. זיינע צילען זיי־נען אפילו געווען ברייטע אָבער האַלב־בירגערלאַכע און האַלב־סאָציאַליסטישע. די ריטער האָבען געזוכט צו פאַראייניגען די מאַסען און אויסבילדען זיי אין דעם קאַמף פאַר זייערע אינטערעסען — אָפּצושאַפען די היינטיגע קאַפּיטאַ־ליסטישע געזעלשאַפט און איינפירען די קאָאָפּעראַציע. אָבער דאָס האָט מען קוים געקענט טאָן דורך דעם עקאָנאָמישען קאַמף אליין — אַזוי האָבען זיי געגלויבט — דערפאַר האָבען זיי זיך אויך באַטייליגט אין דער פּאָליטישער טעטיקייט פון יעדער נייער אויפגעקומענער פּאָליטישער פּאַרטיי און האָבען אפילו אייגענע קאַנדידאַטען ארויסגעשטעלט. שפּעטער האָבען זיי גענומען אַ גרויסען אַנטייל אין די סטרייקס פון די אַכציגער יאָרען און האָבען אויך פיל געהאָלפען דורכצופירען דעם באַיקאָט. אָבער די אינערלאַכע אָרגאַני־זאַציע פון די נייטס אָף לייבאָר איז געווען אַ דריקענדיגע, אַן אויטאָקראַ־טישע. געהערשט האָט די דיסטריקט און די לאָקאַלע אַסעמבלי און מער פון אַלע די אַסעמבלי נומער איינס, וואָס האָט דורך דער חזקה פון איר עלטער און ערשטער אָרגאַניזירטקייט באַהערשט אַלע איבעריגע. אָט די אינער־לאַכע הערשאַפט; דער פּאָליטישער קאַמף; דער פאַרלוסט פון גרויסע סטרייקס און אין אַלגעמיין די צעשוואומענע אידעאַלען האָבען געפירט צו איר צע־פאַלונג — צו דער פאַרמינדערונג פון דער מיטגלידערשאַפט און דער מאַכט פון די ריטער פון אַרבעט ביז זיי זיינען איצט כמעט אין גאַנצען געבליבען אין הינטערגרונט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג פון אַמעריקע.

די ירושה פון איר טעטיקייט אין דער אָרגאַניזירטער אַרבעטער־באַוועג־גונג האָט איבערגענומען די אַמעריקאַנישע פעדעראַציע פון ארבעט — די אַמעריקאַן פעדערייישאַן אָף לייבאָר. אונז וועט נאָך אויסקומען פיל צו ריידען וועגען דער טעטיקייט פון דער אַמעריקאַן פעדערייישאַן אָף לייבאָר,

ווייל זי איז די איינציגע און די מאַכטיגסטע וואָס פירט פאַר די לעצטע פינף און צוואַנציג יאָר די אַמעריקאַנער אָרגאַניזירטע אַרבעטער־באַוועגונג און האָט אויף דעם ריין עקאָנאָמישען פעלד, אין קאַמף מיט קאַפּיטאַל, דער־גרייכט די גלענצענדסטע רעזולטאַטען פאַר די אָרגאַניזירטע אַמעריקאַנער אַרבעטער. דאָ אָבער היסטאָריש איז גענוג אָנצואווייזען אויף די אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטישע שטריכען וואָס האָבען איר די גרויסע צאָלען — די מיל־יאָנען מיטגלידערשאַפט געגעבען און געשאַפען די מאַכט פון איר גרויסער טעטיקייט.

די אַמעריקאַנער פעדערייזשאָן אָף לייבאָר פּרעטענדירט ניט — ניט איר קאָנסטיטוציע און ניט איר טעטיקייט — צו זיין אַ ראַדיקאַלע אָרגאַני־זאַציע. זי איז אַ קלאַסענבאַוואוסטע, ריין טרייד־יוניאָניסטישע פעדעראַ־ציע. אירע צילען זיינען די עקאָנאָמישע צילען פון דעם מאָדערנעם טרייד־יוניאָניזם, וואָס באַצוועקט ניט נאָר העכערען לוין און קירצערע אַרבעטס־שטונדען, נאָר אויך דעם העכסט מעגלאַכסטען שטאַנד פון לעבען — די הייעסט סטאַנדאַרד אָוו ליווינג — פאַר דעם אָרגאַניזירטען אַרבעטער. אירע מיטלען אין קאַמף מיט קאַפּיטאַל זיינען ריין עקאָנאָמישע און דאָס שטאַרקסטע מיטעל — דער אָרגאַניזירטער סטרייק און דער סימפּאַטיע־סטרייק און אויך, וועז מעגלאַך, פאַרהאַנדלונגען און פאַרמיטלונגען — קאָנ־סיליאַיישאָן. אָרגאַניזירט נאָך אין 1881 האָט די פעדערייזשאָן ביז'ן יאָר 84 נאָך געגלויבט אַז אירע צילען קענען דערגרייכט ווערען דורך פּאָליטישע און לעגיסלאַטיווע מיטלען, אָבער פון יענער צייט אָן האָט זי דעם פּאָליטישען קאַמף אינגאַנצען פאַרוואָרפען און האָט איר גרויסע אָרגאַניזאַטאָרישע און קאַמף־טעטיקייט געפירט נאָר אויף דעם עקאָנאָמישען געביט. זי האָט די ערשטע אין 1884 אויפגעהויבען אויף דאָס ניי דעם קאַמף פאַר אַן אַכט שטונדיגען אַרבעטס־טאָג. דער גרויסער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון איר אינערלאַכער אָרגאַניזאַציע איז די אויטאָנאָמיע אָדער אומאָפּהייגיקייט פון יעדער לאָקאַל, נאַציאָנאַלע אָדער אינטערנאַציאָנאַלע יוניאָן וואָס געהערט צו איר. אירע יערלאַכע קאָנווענציעס און איר עקזעקוטיוו קאָונסיל זיינען די איינציגע אָרגאַנען פון איר געזעצגעבערישער און עקזעקוטיווער מאַכט. צו איר געהערט דער גרעסטער טייל פון דער גרויסער ראַדיקאַלער אידישער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט, אָבער צו דעם וועלען מיר נאָך אויך האָ־בען די געלעגענהייט זיך אומצוקערען אין אונזער ווייטערער אַרבעט.

## פינפטער קאַפּיטעל

# די אַרבעטער־באַוועגונג אין ענגלאַנד און אַמעריקע

ענגלאַנד ווערט היסטאָריש באַטראַכט ווי דאָס קלאַסישע לאַנד פון דעם טרייד־יוניאָניזם. עס קען וועגען דעם גאָר קיין צוויי מיינונגען ניט זיין, אַז די סאָציאַל־עקאָנאָמישע אומשטאַנדען, וואָס האָבען פריער אָדער שפּעטער געפירט דעם אינדוסטריעלען אַרבעטער צו דער פאַראייניגונג אין פאַר־ארגאַניזאַציאָנען פאַר זיין עקאָנאָמישען קאַמף קעגען דעם פאַראייניגטען קאַפּיטאַל, האָבען זיך אין ענגלאַנד אַנטוויקעלט פיל פריער ווי אין די אַנ־דערע לענדער פון אייראָפּע.

דאָס צעפאַלען פון דעם פעאָדאַלען אַרט לעבען: דאָס פאַרשווינדען פון לייב־אייגענטום—פון סערפדאָם אָדער פאַנשטשינע—הויבט זיך אָן אין ענגלאַנד פיל פריער ווי אין אַלע אַנדערע לענדער. אָבער מיט דעם צע־פאַלען פון דער פעאָדאַלער געזעלשאַפטלאַכער אָרדענונג באַפרייט זיך אויך דער פויער — דער לייבקנעכט — פון זיין פעאָדאַלען לאָרד און אייגענטימער און ווערט אָפּגעריסען פון דער ערד אויף וועלכער ער האָט געלעבט, געאַר־בעט און געשקלאַפט. ער ווערט אַ „פרייער“ אַרבעטער, וואָס מוז אַליין זאָרגען פאַר זיך און געפינען אַרבעט צו דערנערען זיך אין דאָרף, אויפ’ן לאַנד, אָדער אין שטאָט. מיט דער ערפינדונג פון דער וועב־מאַשינע און דער אַלגעמיינער פאַרבעסערונג פון די איינפאַכע געצייג פון דעם בעל־מלאכה — מיט דער איינפירונג פון מאַשינען אין דער פּראָדוקציע און דער צעטיילונג פון דער אַרבעט — אַנטוויקלען זיך די אינדוסטריעס פון לאַנד און דער געוועזענער פויער און ערד־אַרבעטער ווערט אַ שטאָטישער פאַבריק־אַרבעטער; אָבער מיט דער אַנטוויקלונג פון דער פאַבריק־פּראָדוקציע פון סחורות און דער אויסשפּרייטונג פון די מערק ווערען געשאַפען די באַ־דינגונגען וואָס פירען צו דער אָרגאַניזירונג פון אַרבעטער. די אַלטע גיל־דעם — די פאַראייניגונגען פון מייסטערס בעל מלאכות, געהילפען און פועלים אין איין פאַרבאַנד פון זייער מלאכה — צעפאַלען זיך, ווייל, ווי נאָר דער בעל מלאכה ווערט אַליין אַ שטיקעל פאַבריקאַנט און מאַכט זיינע פּראָדוקטען ניט פאַר דעם דירעקטען געברויך פון דעם וואָס דאַרף זיי — פאַר’ן קאָנסו־מענט — נאָר פאַר דעם מאַרק, ווי סחורות, ווערען זיינע מאַטעריעלע אינ־טערעסען קעגענגעזעצט צו די אינטערעסען פון דעם פועל־אַרבעטער. ער זוכט צו עקאָנאָמיזירען אין זיין פּראָדוקציע און זעט, אַז זיינע פּראָדוקטען

זאָלען אים קאָסטען אַלץ װעלװעלער, כדי אויף דעם פּרייז װאָס ער קריגט פאַר זיי פון דעם סוחר־קאַפּיטאַליסט, זאָל ער מאַכען אַלץ גרעסערע פּראָ־פיטען. אין דעם פּראָצעס פון עקאָנאָמיזירען און מאַכען די קאָסטען פון די פּראָדוקטען אַלץ װעלװעלער, זוכט ער אויך צו באַצאָלען דעם אַרבעטער פאַר זיין אַרבעט דעם מעגלאַך קלענסטען לוין. דער אַרבעטער איז גע־צװאונגען צו פאַראייניגען זיך מיט אַנדערע אַרבעטער פון זיין פאַך צו באַשיצען זיינע אינטערעסען און זיין לוין. און די טרייד־יוניאָן װערט אָר־גאַניזירט; פריער, נאָר אויף דער צייט פון דעם קאַמף מיט דעם פאַברי־קאַנט פאַר'ן לוין; שפּעטער אָבער װערען די טרייד־יוניאָנס אויך פּערמאַ־נענטע אָרגאַניזאַציאָנען; זיי שפּרייטען זיך אויס, װערען גרעסער און מאַכ־טיגער; פאַראייניגען זיך אין נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדען און אין גרויסע אָר־בעטער פעדעראַציעס, װאָס קעמפען קעגען דער פאַראייניגטער מאַכט פון קאַפּיטאַל ניט נאָר צו באַשיצען דעם לוין פון די אַרבעטער, נאָר אויך צו שטעלען קאַפּיטאַל פאָדערונגען און אויסקעמפען בעסערע באַדינגונגען, װי העכערען לוין, קירצערע אַרבעטס־שטונדען און אין אַלגעמיין אַ העכערען װאוילשטאַנד פאַר די אַרבעטער־מאַסען.

אַט דאָס איז, אין קורצען, דער היסטאָרישער פּראָצעס פון דער אַנט־װיקלונג פון די מאָדערנע אינדוסטריעס, װאָס פירען צו דער אַנטװיקלונג פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעט און איר קאַמף פאַר בעסערע באַדינגונגען אין לעבען. װי מיר האָבען עס שוין געזען אין דער אַנטװיקלונג פון דער אָר־גאַניזירטער אַרבעטער באַװעגונג אין אַמעריקע. אין ענגלאַנד האָט זיך נאָר אַט דער פּראָצעס אָנגעהויבען פיל פריער, איז געגאַנגען מער שטופּענ־װייס און לאַנגזאַמער און האָט אויך פיל מער גילטען פון געגנערישער גע־זעצגעבונג און פאַרפאָלגונגען פון דער רעגירונג, װי אין אַנדערע לענדער, װייל יעדע פאַראייניגונג פון אַרבעטער צו באַשיצען זייער רעכט און אויס־קעמפען אַ בעסערען לעבען איז דאָרט געזעצלאַך אויסגעטייטשט געװאָרען װי אַ קאָנספּיראַציע און איז שװער באַשטראָפט געװאָרען. אין אַמעריקע — אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע און אפילו שוין נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון אומאָפּהענגיקייט — האָבען די אָרגאַניזירטע אַרבעטער, אויפ'ן גרונט פון דער ענגלישער געזעצגעבונג, אויך ניט װייניג געליטען פון די פאַרפאָלגונ־גען פאַר קאָנספּיראַציע און פאַרראַט. די מאָדערנע רעגירונגען און היינ־טיגע געזעצגעבונג, אין אַלע לענדער, האָבען זיך פון אָנהויב אָן געשטעלט אויף דער זייט פון די אַרבעטגעבער — די בעלי בתים און רייכע — קעגען דעם קאַמף פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעט פאַר אַ בעסערער עקזיסטענץ. װעגען דעם װעט אונז נאָך שפּעטער אויסקומען צו ריידען אין אונזער שטוד־יום. דערװייל אָבער מוז מען קאָנסטאַטירען דעם היסטאָרישען פאַקט,

אַז אַפילו אין ענגלאַנד — אין דעם קלאַסישען לאַנד פון דעם טרייד־יוניאָניזם —הויבט זיך אָן די  ב א ו ו א ו ס ט ז י נ י ג ע  פאַראייניגונג פון פאַר־אַרבעטער, אָדער טריידס, און דער ק ל א ס ע נ ב א ו ו א ו ס ט ע ר  קאַמף מיט קאַפּיטאַל ערשט אין אָנהויב פון דעם 19טען יאָרהונדערט און די אַנט־וויקלונג גייט אויפ׳ן זעלבען וועג ווי זי איז שפּעטער געגאַנגען אין אַנדערע לענדער — פון דער  ל א ק א ל ע ר  טריידיי־יוניאָן צו דער  נ א צ י א נ א ־ ל ע ר  אָרגאַניזאַציע פון טרייד־יוניאָנס פון דעמזעלבען פאַך ביז דער פאַראייניגונג פון נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס פון פאַרשיידענע פאַכען און פאַרשיידענע אינדוסטריעס אין אַלגעמיינע  פ ע ד ע ר א ט י ו ו ע  פאַר־באַנדען. אַזוי ווייט זיינען די באַוועגונגען  ע נ ל א ד ; זיי זיינען אָבער אויך פאַרשיידען.

אויסער די לאָקאַלע פאַרשיידענהייטען פון דעם אינעווייניגסטען געבוי פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט אין ענגלאַנד און אַמעריקע, וואָס הייננען ניט אָפּ פון די ענלאַכע סאָציאַל־עקאָנאָמישע און דעמאָקראַטיש־פּאָליטישע אומשטאַנדען פוןביידע לענדער, נאָר פון די אויסערלאַכע באַ־דינגונגען און מעגלאַכקייטען פאַר די אַרבעטער צו אָרגאַניזירען זיך פאַר׳ן עקאָנאָמישען קאַמף און האָבען נאָר א  ל א ק א ל ע  באַטייטונג פאַר דעם העכערען אָדער נידעריגערען לוין, פאַר די בעסערע אָדער ערגערע באַדינ־גונגען פון דער אַרבעט, — זיינען אויך דאָ כאַראַקטעריסטישע אונטערשיידען אין דער אַנטוויקלונג פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטער־באַוועגונג פון די צוויי לענדער, אונטערשיידען, וואָס האָבען אַ וויכטיגע היסטאָרישע באַטיי־טונג און אויף וועלכע מען מוז זיך אָפּשטעלען כדי בעסער צו באַגרייפען דעם איצטיגען צושטאַנד און אפשר אויך די ווייטערדיגע אַנטוויקלונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין ענגלאַנד און אַמעריקע.

די אָרגאַניזירטע אַרבעטער־באַוועגונג אין ענגלאַנד איז כמעט ביז׳ן אָנהויב פון דעם צוואַנציגסטען יאָרהונדערט געווען אויסשליסלאַך אַ טרייד־יוניאָניסטישע באַוועגונג, וואָס האָט אָנגעפירט איר קאַמף אויף ריין טרייד־יוניאָניסטישע וועגען, מיט דעם הויפּט טרייד יוניאָניסטישען מיטעל — דעם סטרייק — צו דערגרייכען ריין עקאָנאָמישע צילען און באַדינגונגען פאַר דעם אַרבעטער — אַ העכערען לוין און קירצערע אַרבעט־שטונדען. זי האָט זיך מיט אַנדערע סאָציאַל־עקאָנאָמישע און סאָציאַל־פּאָליטישע באַוועגונגען פון אייראָפּע כמעט גאָר נט אָנגעקערט *). אַפילו די גרויסע ערשיינונג, וואָס אין דער לעצטער העלפט פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט איז אין דייטש־

*) אויסער אפשר מיט דער שאַרטיסטישער באַוועגונג אין ענגלאַנד אין מיטען פון לעצטען יאָרהונדערט.

לאַנד און אין פראַנקרייך, זייט ביי זייט מיט דער דאָרטיגער טרייד־יוניאָ־ניסטישער באַוועגונג, אַנגעגאַנגען אַ מאַכטיגע סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וואָס שטרעבט איבערצובויען די פונדאַמענטאַלע יסודות פון אונזער היינטיגער געזעלשאַפטלאַכער אָרדענונג און וואָס האָט — מען קען עס קוים לייקענען — אויף דעם טרייד־יוניאָניסטישען קאַמף און די טרייד־יוניאָניסטישע פאָ־דערונגען אַ גרויסע ווירקונג געהאַט; אַפילו דידאַזיגע ערשיינונג האָט אויף דעם ענגלישען טרייד־יוניאָניזם, אין די אַלע פריערדיגע יאָרען, ביז גאָר דער לעצטער צייט, כמעט קיין שום ווירקונג ניט געהאַט.

אין אַמעריקע, ווידער, פאַרקערט, איז די אָרגאַניזירטע אַרבעטער־באַוועגונג ביז צום מיטען פון די אַכציגער יאָרען פון לעצטען יאָרהונדערט קיינמאָל אינגאַנצען ניט פריי געווען, ניט פון די סאָציאַל־עקאָנאָמישע אידעאַלען פון אייראָפּע, וואָס זיינען אַריבערגעטראָגען געוואָרען קיין אַמעריקע. מער אָדער ווייניגער, פון די אימיגראַציאָנס שטראָמען און נאָך מער איז זי ניט פריי געווען פון די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אידעאַלען פון נייע פּאָליטישע פּאַרטייען פון לאַנד אַליין. ביז די אַכציגער יאָרען איז די אָר־גאַניזירטע אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע געווען אַ געמיש פון טרייד־יוניאָניסטישע צילען מיט קעגענזייטיגער מאַטעריעלער אונטערשטיצונג און אָרדענמעסיגער פּאַרזיכערונג; אַבער איבער אַלעמען איז זי געווען אַ געמיש פון די טרייד־יוניאָניסטישע צילען און דער שטרעבונג צו דערגרייכען זיי דורך זעלבסטשטענדיגער פּאָליטישער האַנדלונג — דורך זעלבסטשטענדיגע פּאָליטישע אַרבעטער־פּאַרטייען.

ערשט אין מיטען פון די אַכציגער יאָרען, טיילווייס שוין מיט דער שפּע־טערדיגער טעטיקייט פון די איצט שוין כמעט פאַרשוואונדענע ריטער פון אַרבעט — נייטס אָף לייבאָר — אַבער מערסטענטיילס מיט דער גאַנצער טע־טיקייט פון דער אַמעריקאַנער פעדעראַציע פון אַרבעט — פון דער אַמע־ריקאַן פעדערייישאָן אָף לייבאָר — אין די אַלע יאָרען פון איר גרויסען ער־פאָלג — ערשט דעמאָלט פאַרוואָרפט די אָרגאַניזירטע אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע אַלע זייטיגע שטרעבונגען; פאַרוואָרפט דעם זעלבסט־שטענדיגען פּאָליטישען קאַמף און טרעט אַרויף נאָך דעם דעמאָלטדיגען מוסטער פון דעם ענגלישען טרייד יוניאָניזם אויף די וועגען פון דעם ריין טרייד־יוניאָניסטישען קאַמף פאַר העכערען לוין, קירצערע אַרבעט־שטונדען און אין אַלגעמיין פאַר אַ העכערען וואוילשטאַנד פון דער אָרגאַניזירטער אַר־בעטערשאַפט. אירע מיטלען אין קאַמף זיינען די ריין טרייד־יוניאָניסטישע מיטלען פון סטרייקס און באָיקאָטס און אַלגעמיינע אונטערהאַנדלונגען. זי נוצט אויס די שטאַטלאַכע געזעצגעבונג נאָר אויף אַזוי פיל אויף וויפיל זי העלפט, צום ביישפּיל, אין דעם פאַרבאָט פון קינדער־אַרבעט, פון דער

אַרבעט פון פאַרברעכער אין די געפיינגעניסען פאַר דעם אַלגעמיינעם מארק, אָדער אויף וויפיל זי העלפט אין דער געזעצלאַכער אַנדערקענונג פון די שוין אויסגעקעמפטע, מיט עקאָנאָמישע מיטלען, צאָל שטונדען פאַר א נאָרמאַלען אַרבעט־טאָג. און די פירער פון דער אַמעריקאַנער אָרגאַניזירטער אַרבעטער־באַוועגונג גרויסען זיך, און אפשר ניט אַן רעכט, מיט די גרויסע רעזולטאַטען וואָס די מיטלען פון דעם עקאָנאָמישען קאַמף האָבען געוואונען פאַר דעם אַמעריקאַנער אַרבעטער סאַי אין לוין, סאַי אין קירצערע אַרבעט־שטונדען, סאַי אין דעם אַלגעמיינעם הויכען וואוילשטאַנד פון דער אַמעריקאַנער אַר־בעטערשאַפט.

דאָך האָט דער גאַנג פון דעם אַלגעמיינעם קאַמף פאַר גרינטלאַכע ענ־דערונגען אין אונזער סאָציאַל־עקאָנאָמישען לעבען אין די לעצטע פאַר צענדליג יאָר פאַרקאַפט אויך די אָרגאַניזירטע אַרבעטער־מאַסען פון ענג־לאַנד. דער ענגלישער טרייד־יוניאָניזם איז אַרוים פון די ראַמען פון דעם טרייד ־ יוניאָניזם — פיור ענד סימפּעל — און האָט דערקלערט די קאַפּיטאַליסטישע הערשער פון אונזער וועלט אחוץ דעם עקאָ־נאָמישען קאַמף אויך דעם פּ אָ ל י ט י ש ע ן קאַמף פאַר עקאָנאָמישע צילען. דער אָרגאַניזירטער ענגלישער אַרבעטער שיקט זיינע פאַרשטייער אין פּאַרלאַמענט; זוכט דירעקטע אַרבעטער־געזעצגעבונג; אָרגאַניזירט אַן אומ־אָפּהייגגיגע פּאָליטישע פּאַרטיי און שטעלט דער רעגירונג און דער געזעל־שאַפט גרינטלאַכע פאָדערונגען אין דעם איבערבוי פון דעם גאַנצען סאָציאַל־עקאָנאָמישען לעבען. אין דעם אַנטייל וואָס דער ענגלישער טרייד־יוניאָניזם נעמט אין די לעצטע יאָרען אין דער פּאָליטישער טעטיקייט אונטערשיידט ער זיך ווידער פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט פון אַמעריקע.

אָבער אויך די אַמעריקאַנער אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט בלייבט ניט הינטערשטעליג אין ע ק אָ נ אָ מ י ש ע ן קאַמף אפילו פאַר גרינטלאַכע ענדערונגען אין דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישען לעבען. אויך זי מאַרשירט אין דעם אַלגעמיינעם פּאָרטשריט צו א בעסער געזעלשאַפטלאַך לעבען. אפשר רעאַליזירען עס נאָך ניט אירע פאַרשטייער, אָבער די סמנים פון דער צייט ווייזען עס — זי בלייבט נאָר טריי ד ע ם פּ ר י נ צ י פּ פון דעם ריין־עקאָנאָמישען קאַמף. און אין לעצטען אַנאַליז מוז מען פאָרט צוגעבען, אַז אפילו איצט ליגט די מאַכט פון דעם ענגלישען אָרגאַניזירטען אַרבעטער ניט אין זיין פּ אָ ל י ט י ש ע ן, נאָר אין זיין ע ק אָ נ אָ מ י ש ע ן קאַמף — אין זיין מאַכט אָפּצושטעלען אַלע רעדער פון דעם עקאָנאָמישען און פּאָלגלאַך אויך פון דעם סאָציאַלען לעבען פון דער געזעלשאַפט — די איינ־ציגע מאַכט, וואָס צווינגט די הערשער פון לעבען צוצוהערען זיך צו די גע־רעכטע פאָדערונגען פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט פון דער וועלט.

## זעקסטער קאַפּיטעל

# דאָס פּראָבלעם פון טרייד-יוניאָניזם אין זיין קאַמף מיט קאַפּיטאַל

עס זיינען היינט קוים דאָ מענשען, סאַי אַרבעטער און סאַי קאַפּיטאַליסטען, וואָס גלויבען באמת אַז די היינטיגע געזעלשאַפטלאַכע און עקאָנאָמישע אָרדענונג, מיט אַלע אירע קליפּערלאַך, איז געגעבען געוואָרען פון די הימלען און אַז דאָס לעבען פון מענשען איז קיינמאָל אַנדערש ניט געווען ווי עס איז און וועט קיינמאָל אַנדערש ניט ווערען. עס זיינען היינט קוים פאַראַן מערדער-ווייניגער אינטעליגענטע און פאָרטגעשריטענע מענשען וואָס גלויבען, אַז דאָס לעבען איז תמיד און אייביג באַשטאַנען פון די גוואַלטיגע אומגלייכקייטען: פון וואוילטאָג, איבערפלוס און ווילדע פאַרגעניגענס אויף איין זייט און אָרימקייט, עלענט און נויט אויף דער אַנדערער זייט; אַז מענשען זאָלען זיך תמיד און אייביג טיילען אין אַ קליינער צאָל זייער רייכע און מאַכטיגע קאַפּיטאַליסטישע מיליאָנערען, וואָס באַהערשען אַלע רייכטימער, אַלע אינדוסטריעס, אַלע פינאַנצען, אַלע רעגירונגען—יאָ, וואָס באַהערשען די גאַנצע וועלט און אין אַ גרעסערער צאָל מיטעלע מענשען — סוחרים׳לאַך, הענדלערלאַך, מאַנופעקטשורלאַך — בעל־בתישע פאַקטאָרלאַך פאַרמיטלער, וואָס לעבען אַ גאַנץ נישקשה׳דיג לעבען פון די ברעקלאַך וואָס פאַלען אַראָפּ פון די רייכע און די שטיקער וואָס זיי נעמען אַליין צו פון די טישען פון די אָרימע און אין דער גרעסטער צאָל מענשען — און די מאַסען פון די פעלקער — פון אַרבעטער אין אַלע פאַכען, אַלע אינדוסטריעס, פּראָפעסיעס, געהילפען און טעגלאַכע שווארצע אַרבעטער, וואָס שלאָגען זיך קוים דורך און לעבען מיט שווערער אַרבעט און מי אָפט אין ביטערער נויט.

עס זיינען היינט קוים פאַראַן אַזעלכע מענשען. עס זיינען זיכער דאָ מיליאָנען און מיליאָנען מענשען וואָס גלויבען, אַז רייכע און אָרימע זיינען תמיד געווען אויף דער וועלט און וועלען תמיד זיין. אין זייער אייגענער ערפאַרונג און אין דער ערפאַרונג פון די דורות וועמעס יורשים זיי זיינען, זיינען רייכע און אָרימע תמיד געווען; גלויבען זיי אַז זיי וועלען אויך תמיד זיין. רייכטום, אָדער אַנגעזאַמעלט פערזענלאַך אייגענטום, איז זייער אַן אַלטע זאַך, זייער אַן אַלטע אינסטיטוציע צווישען מענשען, אָבער ניט קיין אייביגע, ניט קיין תמיד׳ע און איר אָנהויב, ווי די אָנזאַמלונג פון רייכטימער אין אַלע צייטען, איז ניט אינגאַנצען כשר. אין דער אויספאָרשונג פון דיי אַלעמען לאָזען זיך יענע מענשען ניט אַריין. אָבער אַפילו צווישען זיי ווייזיי

די פאַרשטענדיגע, אַז דאָס רייכטום פון דעם אַמאָליגען מענשען איז ניט דאָס רייכטום פון דעם היינטיגען מיליאָנער און די היינטיגע אָרימקייט איז ניט די אָרימקייט פון אַמאָל. וואָס־זשע באַטייט עס?

עס באַטייט, אַז דאָס געזעלשאַפטלאַכע און עקאָנאָמישע לעבען פון מענ־שען אַמאָל איז געווען אַנדערש ווי דאָס עקאָנאָמישע און געזעלשאַפט־לאַכע לעבען פון מענשען איז היינט און ווען עס איז געווען אַנדערש איז די רייכקייט און אָרימקייט פון מענשען אויך געווען אַנדערש. און דאָס באַטייט ווידער אַז דאָס אַמאָליגע לעבען האָט זיך אין לויף פון דורות און יאָרהונ־דערטער פיל געביטען, האָט זיך די רייכקייט און די אָרימקייט אויך געביטען — עס באַטייט אַז דאָס עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלאַכע לעבען פון מענ־שען בייט זיך און אַנטוויקעלט זיך און אַז דאָס היינטיגע לעבען וועט אויך ניט תמיד פאַרבלייבען אַזוי ווי עס איז: עס בייט זיך פון דור צו דור — עס בייט זיך אויף אונזערע אויגען און דאָס גרעסטע און וויכ־טיגסטע פּראָבלעם פון דער אַרבעטער באַווע־גונג פון דער גאַנצער וועלט איז ווי אַזוי אָרדענט מען איין דאָס לעבען פון מענשען אַזוי אַז עס זאָלען אין דעם אַזעלכע גוואַלטיגע קאָנטראַסטען ניט זיין — קאָנטראַסטען פון רייכע און אָרימע, פון וואוילטאָג און נויט; ווי אַזוי אָרדענט מען איין דאָס לעבען אַז אַלע מענשען זאָלען עקאָנאָמיש און געזעלשאַפטלאַך לעבען מער־אָדער־ווייניגער בעסער, מער־אָדער־ווייניגער גליקלאַך און צופרידען; אַרבעטען און פּראָדו־צירען ווי מענשען, ניט ווי לאַסט־טירען, און לעבען ווי מענשען, ניט ווי לוין־שקלאַפען.

אָט דאָס איז די גרויסע פּראָבלעם פון אונזער צייט — דאָס גרוי־סע פּראָבלעם פון דער גאַנצער אַרבעטער באַוועגונג פון דער וועלט אין איר קאַמף מיט קאַפּיטאַל.

אָבער אום גרינטלאַך צו פאַרשטיין די הויפּט־פּראָבלעמען פון דער אָר־גאַניזירטער פאַך־אַרבעטער באַוועגונג — פון דעם טרייד יוניאָניזם — אין דער לייזונג פון אָט דעם גרויסען פּראָבלעם פון אונזער צייט, מוז מען, ערשטענס, געדיינקען אַז דער טרייד יוניאָניזם אין אַלע לענדער איז ניט די גאַנצע אַרבעטער באַוועגונג, נאָר אַ טייל פון איר. אין ענגלאַנד און אַמעריקע איז אַפילו דער טרייד יוניאָניזם דער גרעסטער טייל פון דער אַרבעטער באַוועגונג, אָבער דאָך נאָר אַ טייל; און, צווייטענס, מוז מען געדיינקען, אַז די גרויסע אַלגעמיינע אַרבעטער באַוועגונג פון דער וועלט האָט אין לויף פון איר אַנטוויקלונג אויסגעאַרבעט צוויי גרויסע שטרעמונגען — אַ גרינטלאַך רעוואָלוציאָנערע און אַ שטופּענווייזע מילדע שטרעמונג — אין דער לייזונג פון דעם פּראָבלעם פון אַנאַנדער און

בעסער עקאָנאָמיש און געזעלשאַפטלאַך לעבען פון מענשען און אז דער טרייד יוניאָניזם אין די אַנגלאָזאַקסישע לענדער — אין ענגלאַנד און אַמע־ריקע — האָט ביז גאָר דער לעצטער צייט אָנגענומען די לעצטע, די מיל־דערע שטרעמונג.

די ערשטע, די ברייטערע, אָבער אין גרונט גענומען די רעוואָלוציאָנערע שטרעמונג, לערענט אז נאָר דעמאָלט קענען די הויפּט־פּראָבלעמען פון די גוואַלטיגע קאָנטראַסטען אין אונזער עקאָנאָמיש און געזעלשאַפטלאַך לעבען פאַרשווינדען און די פּראָבלעמען פון ארבעט און אָרימקייט, נויט און עלענט געלייזט ווערען ווען די פונדאַמענטאַלע יסודות פון דעם היינטיגען לעבען — דאָס פּריוואַט אייגענטום, פּערזענלאַכע רייכטימער, דאָס קאַפּי־טאַליסטישע אייגענטום און פּאַרוואַלטונג פון אַלע אינדוסטריעס און די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן פון סחורות פאַר די מערק — וועלען איג־גאַנצען אָפּגעשאַפט ווערען. דאָס אייגענטום און רייכטום פון דער געזעל־שאַפט וועט געהערען דער גאַנצער געזעלשאַפט; די אינדוסטריעס וועלען אָנ־געפירט ווערען פון פאָלק — פון די פאַרברויכער פון די פּראָדוקטען און פון די ארבעטער וואָס שאַפען און ארבעטען אוים די פּראָדוקטען — און דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלאַכע לעבען וועט אינגאַנצען, פונדאַמענטאַל און גרינט־לאַך איבערגעבויט ווערען. אַ נייע וועלט וועט געשאַפען ווערען — גאַנץ גלייך, צי דורך רעוואָלוציאָנערער פּאָליטישער טעטיקייט, צי דורך דירעק־טער רעוואָלוציאָנערער עקאָנאָמישער אַקציאָן — דער עיקר, דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלאַכע און עקאָנאָמישע לעבען מוז גרינטלאַך איבערגעבויט ווערען.

צו דער שטרעמונג געהערען די סאָציאַליסטען — ניט אויסשליסלאַך ארבעטער, נאָר אויך די אינטעליגענץ און אפילו אַ טייל פון דער ראַדיקאַלער מיטעלער בורזשואַזיע; צו איר געהערט דער אָרגאַניזירטער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריאַט; די אייראָפּייאישע סינדיקאַליסטישע פאַך־אָרגאַניזאַציאָ־נען און דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזירטער אינדוסטריאַ־ליזם. די פּראָבלעמען פון דער שטרעמונג זיינען צו וועקען דאָס רעוואָלוציאָ־נערע קלאַסענבאַוואוסטזיין פון דעם ארבעטער אין אַלע לענדער צו אַן אָפענעם רעוואָלוציאָנערען קאַמף קעגען דעם קאַפּיטאַליזם אין אַלע זיינע פאָרמעס — צו אַ רעוואָלוציאָנערען קאַמף קעגען דער היינטיגער געזעל־שאַפטלאַכער אָרדענונג.

אָבער די גאַנצע אָרגאַניזירטע פאַך־ארבעטערשאַפט — איבערהויפּט דער טרייד־יוניאָניזם פון ענגלאַנד און אַמעריקע — פאַרוואַרפט אינגאַנצען אָט די רעוואָלוציאָנערע שטרעמונג. דער אָרגאַניזירטער טרייד־יוניאָניזם אַפילו אין ענגלאַנד, אָבער פיל מער נאָך אין אַמעריקע — דורך איר מאַכ־טיגער אָרגאַניזאַציע, די אַמעריקאַנער פעדעריישאָן אָף לייבאָר — גלויבט

ניט, אַז די אַרבעטער־מאַסען זיינען בכח דורכצופירען אַזאַ פונדאַמענטאַלע ענדערונג אין דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען און גלויבט ניט אין קיין רע־וואָלוציאָנערער געזעלשאַפטלאַכער טעטיקייט. דער טרייד־יוניאָניזם אין ענגלאַנד און מער נאָך אין אַמעריקע האָט ביז גאָר דער לעצטער צייט ניט געוואָלט איינשטעלען און ריזיקירען מיט דעם וואָס דער אָרגאַניזירטער טרייד־יוניאָניזם האָט שוין געוואונען אין קאַמף מיט קאַפּיטאַל און האָט אָנגענומען די צווייטע, די מעסיגע און שטופּענווייזע שטרעמונג אין דער אַרבעטער באַוועגונג.

די שטרעמונג באַקעמפט ניט די פונדאַמענטאַלע יסודות פון דער היינטיגער געזעלשאַפט; זי זוכט ניט אָפּצושאַפען פּריוואַט אייגענטום — דאָס פּריוואַטע רייכטום פון דעם קאַפּיטאַליזם, אָדער די היינטיגע אַרט פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן. ביז גאָר דער לעצטער צייט האָבען זיך אין דעם ענגלישען און אַמעריקאַנער טרייד יוניאָניזם אַפילו קיין סמנים ניט געוויזען פון פאָדערונגען אָפּצושאַפען דאָס פּריוואַטע רעכט און אייגענטום אויף די נאַטירלאַכע רייכטימער פון אַ לאַנד, ווי דאָס רעכט און אייגענטום פון מינען, אויף קוואַלען און וואַסער־קראַפט, וואָס וואָלטען געדאַרפט נאָך דעם יושר אַפילו ניט פון סאָציאַליסטען און רעוואָלוציאָנערען, נאָר פון פּאַרטגעשריטענע ליבעראַלע שטאַטסמענער — געהערען צו דעם גאַנצען כלל; עס האָבען זיך קיין סמנים ניט געוויזען פון פאָדערונגען צו נאַציאָנאַליזירען די אינדוסטריעס וואָס דינען דעם אַלגעמיינעם געברויך פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, ווי די אייזענבאַנען, שיף־פּאַרקער, טעלעגראַפען און טעלעפאָנען, וואָס וואָלטען על פּי יושר ניט געדאַרפט זיין אונטער דער פאַרוואַלטונג און פירערשאַפט פון דעם ווילען פון געציילטע פּריוואַטע פּראָפּיטירער — געלט־זוכער און מאַכט־האָבער. אין דער גאָר לעצטער צייט ווערען שוין אַזעלכע פאָדערונגען געשטעלט אי אין ענגלאַנד, אי אין אַמעריקע פון די אָרגאַניזירטע פאַכען אין די אינדוסטריעס. אָבער די גאַנצע טרייד יוניאָניסטישע באַוועגונג אי אין ענגלאַנד אי אין אַמעריקע האָט זיך נאָך ווייט ניט אַרויסגעשטעלט אין אַ פאַראייניגטען אָפענעם קאַמף פאַר אַזעלכע פאָדערונגען.

דער אָרגאַניזירטער טרייד־יוניאָניזם אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע לאָזט איבער די היינטיגע געזעלשאַפטלאַכע אָרדענונג און די היינטיגע קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן ווי זיי זיינען און זיינע פּראָבלעמען אין קאַמף מיט קאַפּיטאַל זיינען, פאַר אַלעמען, אויפצוהויבען דעם קעגענווערטיגען שטאַנד פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער־מאַסען צו אַ העכערען עקאָנאָמישען און געזעלשאַפטלאַכען מעמד דורך דעם קאַמף פאַר העכערען לוין און קירצערע אַרבעט־שטונדען. אָבער דער קאַמף מוז ניט גראָד זיין פון סטרייקס אָדער באָיקאָטס — דאָס זיינען די מיטלען

פון לעצטער נויט — דער קאַמף  א י ז  אין דער אָרגאַניזירטער  מ א כ ט  פון דער ארבעטערשאַפט און אין דעם  ר ע כ ט  פון קאָלעקטיווער אונ־טערהאַנדלונג מיט די מאַכטהאָבער פון קאַפּיטאַל.

פון דידאָזיגע אומשטאַנדען פאָלגט דאָס וויכטיגסטע פּראָבלעם פון דעם טרייד יוניאָניזם, דאָס פּראָבלעם וואָס איז נאָך ביז היינט ניט פולשטענדיג געלייזט, וואָס מוז אָבער געלייזט ווערען ווייל עס קאָסט דער אָרגאַניזירטער פאַך־ארבעטערשאַפט — דעם טרייד יוניאָנזים — גרויסע פאַרלוסטען דורך דער צעפאַלונג פון פאַך־אָרגאַניזאַציעס — פון יוניאָנס — נאָך ניט־גע־לונגענע אָנשטריינגונגען — ניט־געלונגענע סטרייקס — אין קאַמף מיט קאַפּיטאַל. כדי צו קענען צווינגען די מאַכטהאָבער פון קאַפּיטאַל צו קאָ־לעקטיווע אונטערהאַנדלונגען אין דער אָדער אין יענער אינדוסטריע מוז דער טרייד יוניאָניזם זיין אַזוי פאַרשפּרייט צווישען די פאַך־אַרבעטער פון דער אינדוסטריע אַז זיי זאָלען קענען — באַהאַלטענדיג די אויטאָנאָמיע פון יעדער פאַך־אָרגאַניזאַציאָן — דאָך מיט דער פאַראייניגטער מאַכט פון  א ל ע  אין אַ דראָהענדען אָדער אַקטיווען סטרייק אָדער באָיקאָט צווינגען די בעלי בתים און דירעקטאָרען פון דער אינדוסטריע ווי ווייט מעגלאָך נאָכצוגעבען די פאָדערונגען פון דעם פאַך אָדער פאַכען אין דער קאָלעקטי־ווער אונטערהאַנדלונג. ווען ניט שטייט דער אָרגאַניזירטער טרייד־יוניאָניזם תמיד אין דער געפאַר צו פאַרלירען דעם קאַמף פון איין פאַך אָדער טרייד דורך דער פּאַסיוויטעט, ניט סאָלידאַרישער און ציימיגער הילף פון אַ סימ־פּאַטיע סטרייק, אָדער גאַר דורך דער אַקטיווער ארבעט פון אַנאַנדער טרייד אין דער זעלבער אינדוסטריע, ווי דאָס האָט שוין ניט איין מאָל געטראָפען.

די הילף וואָלט געקענט זיין אין דער אַלגעמיינער, הגם  נ י ט ־ ר ע ־ ו ו א ל ו צ י א נ ע ר ע ר  אָרגאַניזירונג פון אַ גאַנצער אינדוסטריע. אָבער קעגען דעם קעמפען די פירער פון דער אַמעריקאַן פעדערייששאַן אָף לייבאָר, אוים מורא אַז יעדער פאַך־אָרגאַניזאַציע זאָל דורך דעם ניט פאַרלירען איר זעלבסטשטענדיקייט — איר אויטאָנאָמיע. דאָך זיינען זיי פון צייט צו צייט געצוואונגען צו מאַכען אויסנאַמעס — אָדער צו דערלאָזען די עקזיס־טענץ פון אַמאַלגאַמירטע יוניאָנס פון פאַרשיידענע פאַכען אין דערזעלבער אינדוסטריע. אַזוי צי אַזוי, דאָס גרויסע פּראָבלעם, פון וועלכער עס היינגט אָפּ די מאַכט פון קאָלעקטיווער האַנדלונג; פון דעם גליקלאַכען אויסגאַנג פון דעם אַקטיווען קאַמף פון סטרייקס אין גרויסען מאַסשטאַב, פון וועלכען עס היינגט אָפּ דער ערצוואונגענער געווינס פון אַ העכערען מעמד פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער, איז נאָך ניט פולקאָם געלייזט. אָבער מיט דעם פאָרטשריט פון די פאָדערונגען פון דער אָרגאַניזירטער ארבעט וועט דער וועג געפונען ווערען. די געשעענישען וועלען אים אָנווייזען.

## זיבעטער קאַפּיטעל

# אַלטע און נייע מיטלען אין טרייד־יוניאָן קאַמף

א סיסטעמאַטישע אונטערזוכונג פון אַלע מיטלען, נייע ווי אַלטע, אין דעם קאַמף פון דעם אָרגאַניזירטען טרייד־יוניאָניזם אין אַמעריקע, לערנט, אַז זיי קענען היסטאָריש צעטיילט ווערען אין פיר הויפּט־קאַטעגאָריעס, אָדער פיר הויפּט־מיטלען פון ארבעטערטעטיקייט אין קאַמף מיט קאַפּיטאַל. אָט די פיר מיטלען זיינען: סטרייקס, באָיקאָטס, שטאַטלאַכע געזעצגעבונג אין די אינטערעסען פון דער אָרגאַניזירטער ארבעט און קאָלעקטיווע אונטער־האַנדלונג, אָדער „קאָלעקטיוו באַרגעינינג״ — ווי עס הייסט היינט — צווישען די פאָרשטייער פון אָרגאַניזירטער ארבעט און קאַפּיטאַל. אָבער אין לויף פון דער אַנטוויקלונג פון דער היינטיגער טרייד־יוניאָניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע, ווי זי שפּיגעלט זיך אָפּ אין דער גרויסער טעטיקייט פון דער „אַמעריקען פעדעריישאָן אָף לייבאָר״, איז, אין דעם לעצטען אַנאַליז, צו באַמערקען אַן אויסגעשפּראָכענע שטרעבונג צו קאָנצענטרירען אַלע קראַפטען און אַלע מיטלען פון קאַמף ניט אין סטרייקס אָדער באָיקאָטס און ניט אין דער שטאַטלאַכער געזעצגעבונג פאַר ארבעטער, נאָר אין דעם רעכט און אין דער מאַכט פון דער אָרגאַניזירטער ארבעט קאָלעקטיוו צו אונטערהאַנדלען מיט קאַפּיטאַל.

מען דאַרף ניט פאַרגעסען, אַז די אָרגאַניזירטע ארבעטערשאַפט אין די אַנגלאָ־זאַקסישע לענדער — דער טרייד־יוניאָניזם אין ענגלאַנד און אַמע־ריקע — איז אויסגעוואַקסען פון דער נויט פון דעם ארבעטער צו באַשיצען זיין טעגלאַכען לוין; פון דער נויט צו געווינען דורך דער פאַראייניגטער מאַכט פון דעם פאַך־ארבעטער אַ גרעסערען לוין פאַר זיין ארבעט און אַן ארבעטס־טאָג ניט „פון זון אויפגאַנג ביז זון אונטערגאַנג״, נאָר אַ קירצערען און מער רעגולירטען ארבעטס־טאָג. דער טרייד־יוניאָניזם איז אויס־געוואַקסען פון דער נויט אויסצוקעמפען אַ ביסעל אַ בעסער לעבען פאַר דעם אָרגאַניזירטען ארבעטער. און דאָס איז תמיד געווען זיין ציל — זיין עקזיסטענץ־באַרעכטיגונג און זיין קאַמפּס־באַרעכטיגונג. און ווען אפילו אין דער צווייטער העלפט פון נייצענטען יאָרהונדערט האָט די אַלגעמיינע ארבעטער־באַוועגונג אין אייראָפּע, אין איר באַוואוסטזיניגען קאַמף פאַר אַ בעסערער צוקונפט, שוין געהאַט אירע גרויסע צילען, די שטרעבונגען צו אַ גרינטלאַכער רעוואָלוציאָנערער ענדערונג פון די פונדאַמענטאַלע יסודות פון

דעם היינטיגען סאָציאַל־עקאָנאָמישען לעבען, איז אָבער די טרייד־יוניאָניס־טישע באַוועגונג פון ענגלאַנד און אַמעריקע — ביז גאַר דער לעצטער צייט — איינגאַנצען פרעמד געבליבען צו יענע גרויסע צילען און אידעאַלען. פאַר־קערט, די טרייד־יוניאָניסטישע באַוועגונג אין אַמעריקע, זינט די אַכציגער יאָרען פון לעצטען יאָרהונדערט, האָט באַטראַכט יענע צילען און דעם פּאָ־ליטישען און עקאָנאָמישען קאַמף פאַר זיי — ווי ווייניג זי האָט זיך אָנגע־קערט מיטביידע — פאַר אַ שטערונג אין דעם עקאָנאָמישען קאַמף, וואָס איר אַליין איז אויסגעקומען צו פירען פאַר דער באַלדיגער פאַרבעסערונג פון די אומשטאַנדען פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט. און ברייט און שטאַרק ווי זי איז געוואָרען פון דעמאָלט ביז איצט אין איר באַוואוסט־זיניגען קאַמף מיט קאַפּיטאַל, איז זי דאָך, ביז גאַר דער לעצטער צייט, איינגאַנצען פאַרבליבען ביי אירע צילען פון דער אוממיטעלבאַרער פאַרבע־סערונג פון דעם היינטיגען צושטאַנד פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער־מאַסען דורך העכערען לוין, קירצערע אַרבעט־שטונדען, אַלגע־מיינער בילדונג און אַלגעמיינער דערהויבונג צו אַ העכערען שטאַנד פון דעם גאַנצען אַרבעטער־לעבען אין די גרעניצען פון דער היינטיגער גע־זעלשאַפט.

דערפאַר איז קיין וואונדער ניט וואָס די מיטלען פון איר קאַמף האָבען זיך פון אָנהויב אָן קאָנצענטרירט אַרום דער פאַראייניגטער מאַכט פון דעם אָרגאַניזירטען פאַך־אַרבעטער, וואָס איז געווען בכח מיט באַטייטענדער ווירקונג אָפּצושטעלען די פּראָדוקציע פון דעם אָדער יענעם פאַך, אין דער אָדער יענער אינדוסטריע דורך דעם ראַדיקאַלען, האַלב־רעוואָלוציאָנערען אָפּילו, דאָך איצט שוין געזעצלאַך געוואָרענעם מיטעל—דעם סטרייק. אָבער ניט תמיד איז דער סטרייק געווען געזעצלאַך און ניט תמיד האָט ער זיך איינגע־געבען, און פרידלאַכע אונטערהאַנדלונגען פון די אַרבעטער מיט דעם קאַ־פּיטאַליסט זיינען שוין אין די פריסטע צייטען פון דער אַנטוויקלונג פון דער טרייד־יוניאָניסטישער באַוועגונג געוואָרען דאָס מיטעל אויסצומיידען דעם סטרייק.

מיט דער אַנטוויקלונג פון די אינדוסטריעס אַנטוויקעלט זיך דער טרייד־יוניאָניזם. אָבער מיט דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג אַנטוויקלען זיך אויך די טראָסטס — די קאַפּיטאַליסטישע אינדוסטריעלע פאַראייניגונגען — און די פאַראייניגטע מאַכט פון קאַפּיטאַל. דער היסטאָרישער ענטפער אויף דעם אין די אַרבעטער־רייען איז די מאַכטיגע אַנטוויקלונג פון דעם טרייד־יוניאָניזם אין מיליאָנענדיגע מאַסען — אין נאַציאָנאַלע, אינטערנאַ־ציאָנאַלע און פעדעראַטיווע פאַך־אָרגאַניזאַציאָנען, אין וועמעס הענט דער סטרייק ווערט דאָס מאַכטיגסטע מיטעל פון דעם אַרבע־

טער־קאַמף, ווייל דורך אים קען ער אָפּשטעלען די ארבעט אין יעדער אינ־דוסטריע און שעריגען דעם גאַנג און די ליפערונג פון איר פּראָדוקציע. אָבער קעגען דער מאַכט פון דעם פאַראייניגטען קאַפּיטאַל איז אַזא אָפענער קאַמף, אפילו אין געלונגענע פאַלען, תמיד פאַרבונדען מיט גרויסע ליידען, נויט און אָפט אויך מענשלאַכע קרבנות — פאַרלוסטען פון ארבעט, ניט אַן ערך גרעסערע, ווי די פאַרלוסטען פון קאַפּיטאַל. קאַפּיטאַל קען זיינע פאַרלוס־טען פון מיליאָנען וואויל אויסשטיין — די ארבעטער זייערע — פון נויט און קרבנות — ניט. אין די ניט־געלונגענע פאַלען איז דער סטרייק נאָך אַ דעמאָראַליזירענדע קראַפט פאַר דער אָרגאַניזאַציע פון דער ארבעטער־שאַפט.

און אום ווי ווייט מעגלאַך אויסצומיידען אי די פאַרלוסטען, אי די מעגלאַכע דעמאָראַליזירענדע ווירקונג פון סטרייק זוכט די פירערשאַפט פון דער טרייד־יוניאָנסיטישער באַוועגונג אין אַמעריקע צו געווינען, דורך דער דראָהענדער פאַראייניגטער מאַכט פון דעם ארבעטער צו סטרייקען, דאָס עקאָנאָמישע ר ע כ ט צו אונטערהאַנדלען קאָלעקטיוו, אין נאָמען פון דער אָרגאַניזירטער ארבעטערשאַפט, מיט די בעלי־בתים פון די אינדוסטריעס און די פאַרטרעטער פון קאַפּיטאַל. די לעצטע דאַרפען נאָר זיין וויליג אויס־צוהערען די פאָדערונגען פון די אָרגאַניזירטע ארבעטער און וועלען קאָלעקטיוו אונטערהאַנדלען — דינגען זיך — איבער די פאָדערונגען מיט די פאַרטרעטער פון דער אָרגאַניזירטער ארבעט. קומען צו אַ פאַרשטענדיגונג און אַזויערנאָך אויסמיידען. פון איין זייט, די אָפּשטעלונג פון דער פּראָדוקציע אין דער אינדוסטריע און, פון דער אַנדער זייט, פאַרבעסערען די אומשטאַנדען פון די אומצופרידענע ארבעטער — דאָס איז דאָס אידעאַלסטע מיטעל פון קאַמף, צו וועלכען עס שטרעבט די פירערשאַפט פון דער היינטיגער טרייד־יוניאָניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע, אין אירע צילען פון אַ באַלדיגער פאַרבעסערונג פון די אומשטאַנדען פון דער אָרגאַניזירטער ארבעטערשאַפט, אין די גרעניצען פון דעם היינטיגען סאָציאַל־עקאָנאָמישען לעבען.

אָבער אויך די קאָלעקטיווע אונטערהאַנדלונג — די „קאָלעקטיוו באַר־געינינג“ — דריקט זיך אויס אין צוויי פאַרשיידענע פאָרמעס און אין צוויי פאַרשיידענע מאָמענטען. די ערשטע פאָרמע און דער ערשטער מאָמענט אין דער קאָלעקטיווער אונטערהאַנדלונג איז די פרידלאַכע, געמיטלאַכע אונטערהאַנדלונג פון ביידע צדדים — פון די פאַרטרעטער פון קאַפּיטאַל, ווען ביידע שטימען איין צו די פאַרהאַנדלונגען און קענען קומען צו אַ פּשרה אָדער פאַרשטענדיגונג איבער די פאָדערונגען פון דער אָרגאַניזירטער ארבעט, אויף איין זייט, אָדער איבער די באַדינגונגען וואָס קאַפּיטאַל שטעלט דער אָרגאַניזירטער אַרבעט, אויף דער אַנדער זייט. אין די מערסטע פאַלען

אָבער, פון דעם גרויסען אַרבעטער־קאַמף, זאָגט זיך קאַפּיטאַל אָפּ צו פאַר־האַנדלען מיט די פאַרטרעטער פון אָרגאַניזירטער אַרבעט און אויב די אומ־שטאַנדען זיינען ערנסטע און גינסטיגע פאַר די אַרבעטער בלייבט דער אָר־גאַניזירטער אַרבעטערשאַפט קיין אַנדער ברירה ניט ווי סטרייקען. דעמאָלט טרעט אַריין די צווייטע פאָרמע און דער צווייטער מאָמענט פון קאָלעקטיווער אונטערהאַנדלונג. די פאָרמע איז שוין ניט קיין פרידלאַכע, ניט קיין געמיטלאַכע אונטערהאַנדלונג פון דיביידע צדדים. דער מאָמענט איז שוין ווייט ניט קיין פרידלאַכער, נאָר אַ קאַמפּס־מאָמענט און די קאָלעקטיווע אונטערהאַנדלונג איז שוין אָפּט אפילו ניט קיין פרייע, נאָר אַ ג ע צ וו א ו נ ג ע נ ע, וואָס הייננט אָפּ פון דער שטאַרקייט אָדער שוואַכ־קייט פון דעם אָדער יענעם צד אין קאַמף פון סטרייק. אין ד ע ר פאָרמע מישען זיך שוין אָפּט אַריין פרעמדע, זייטיגע עלעמענטען, וועמען דער ביטערער און שווערער קאַמף פון אָרגאַניזירטער אַרבעט איז אינגאַנצען פרעמד. אַמאָל איז עס די רעגירונג, אַנאַנדערשמאָל גאָר פרומע, גוטע מענ־שען פון דער געזעלשאַפט, וואָס נעמען זיך אונטער צו פאַרלאַטען דעם ריס צווישען אַרבעט און קאַפּיטאַל, אויב די מאַכט פון קאַפּיטאַל דערלאָזט דערצו, אָדער אויב זי פילט זיך אַליין ניט בכח צו צעברעכען דעם מוט פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט.

ווערען נאָך די קאָלעקטיווע פאַרהאַנדלונגען סאַי אין דעם פרידלאַכען מאָמענט און סאַי אין דעם קאַמפּס־מאָמענט, געשליכטעט דורך נאָכגעבונג — „קאָנסיליאַיישאָן“ — אפילו אין בייזען בלוט נאָר פון ביידע צדדים אַליין, איז עס נאָך אַלץ די זאַך פון אָרגאַניזירטער אַרבעט און קאַפּיטאַל; מישען זיך שוין אָבער אַריין פרעמדע עלעמענטען און זיינען די אָרגאַניזירטע אַר־בעטער געצוואונגען זיך צו פאַרלאָזען אויף פאַרמיטלונג — אויף „מעדי־איישאָן“ — און אויף דעם געריכט פון בוררים — אויף „אַרביטריישאָן“ — אַמאָל אויך אויף שטאַטלאַכער געצוואונגענער אַרביטריישאָן — איז די אָר־גאַניזירטע אַרבעטערשאַפט אָפּט דער קרבן פון פריינדלאַכען רחמנות און קליינבירגערלאַכע באַגריפען פון יושר און גערעכטיקייט און די צילען פון קאַמף זיינען ווייט ניט דערגרייכט.

אַ פיל מאַכטיגערער מיטעל אפילו פון דעם פאַך־סטרייק, אין דעם קאַמף פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט מיט קאַפּיטאַל, איז דער ס י מ פּ אַ ט י ע ס ט ר י י ק, אָדער בעסער נאָך דער איינצייטיגער סטרייק פון עטלאַכע אייננ־פאַרבונדענע פאַכען אין דערזעלבער אינדוסטריע. דער סימפּאַטיע סטרייק, דער איינצייטיגער סטרייק פון עטלאַכע פאַכען אין איין אינדוסטריע, אָדער פון עטלאַכע פאַרבונדענע און אָפּהייננגיגע פאַכען אין פאַרשיידענע אינדוסטריעס איז ניט דערמיט אַליין מאַכטיגער פון דעם

געוויינלאכען סטרייק, וואס ער פאראליזירט איינציייטיג א גרעסער פעלד פון פראדוקציע אין דערזעלבער אינדוסטריע אדער אין פארשיידענע אינדוסטריעס און צווינגט, אין קאמף פאר די ארויסגעשטעלטע פאדערונגען פון די ארבעטער, א מעגלאך גיכערען געווינס, נאר אויך דערמיט וואס ער פ א ר א י י נ י ג ט אין קאמף פאר די אינטערעסען פון איין טייל ארבעטער דעם באוואוסטזיניגען קאמף פון ברייטע שיכטען פון דער ארגאניזירטער ארבעטערשאפט און שארפט דאס קלאסענבאוואוסטזיין, אין קאמף מיט קאפיטאל אין גרויסע ארגאניזירטע ארבעטער־מאסען. אבער טאקע צוליב אט די ביידע טעמים טראגט דער סימפאטיע סטרייק און דער איינציייטיגער סטרייק פון פארשיידענע פאכען פון אן אינדוסטריע א שארפען, ארויסגעשפראכענעם רעוואלוציאנערען כאראקטער — וואס דער ארגאניזירטער טרייד־יוניאניזם אין אמעריקע זוכט מיט אלע מיטלען אויסצומיידען, ניט וועלענדיג שטערען די אוממיטעלבארע געווינסען פון דער ארגאניזירטער ארבעטערשאפט אין קאמף מיט קאפיטאל. דערפאר איז דער ארגאניזירטער טרייד־יוניאניזם אין אמעריקע אזוי שפארעוודיג מיט דעם סימפאטיע־סטרייק און מיט די איינציייטיגע סטרייקס פון די פארשיידענע פאכען אין דערזעלבער אינדוסטריע. עס זיינען אבער דא אומבאשטרייטבארע סמנים, אז דער סימפאטיע־סטרייק, און נאך מער דער איינציייטיגער סטרייק פון מערערע אדער אפילו אלע פאכען פון אן ארגאניזירטער אינדוסטריע, וועט מוזען ווערען איינער פון די שטארקסטע כלי־זין אין דעם קאמף פון ארבעט און קאפיטאל אין אמעריקע, ווי עס ווערט שוין פארשטאנען אין דער טרייד־יוניאניסטישער באוועגונג אין ענגלאנד.

איידער מיר גייען אריבער צו די נייערע מיטלען פון קאמף פון דער ארגאניזירטער ארבעטערשאפט מיט קאפיטאל; צו יענע מיטלען וואס זוכען ערשט צו געפינען א נייעם מאדוס פון פארמיטלונג צווישען ארבעט און קאפיטאל אין די אומשטאנדען פון דעם היינטיגען סאציאל־עקאנאמישען לעבען, מוזען מיר זיך נאך אפשטעלען אויף דעם אלטען, מערקווירדיג מאכטיגען, אבער צום אומגליק געזעצלאך פארפאלגטען מיטעל — אויף דעם באיקאט — וואס האט גאר אנאנדער באטייטונג און אנאנדער ווירקונג ווי די אנדערע מיטלען אין קאמף פון ארגאניזירטער ארבעט מיט קאפיטאל.

אין יאר 1880 האט א בייזער איירישער לארד געשיקט א קאפיטאן מיט'ן נאמען באיקאט אין דעם דיסטריקט קאנעמארא איינצושטילען זיינע „טענענטס", וואס האבען געפאדערט א פארבעסערונג פון זייער לאגע און וואס ער האט בשום אופן ניט געוואלט נאכגעבען. דער קאפיטאן איז נאטירלאך געפארען — ער האט אבער אויפ'ן ארט באגעגנט אזא מאכטיגען ווידערשטאנד פון אלע טיילען פון דער באפעלקערונג, אז גאר אינגיכען האט

ער און זיין פאַמיליע זיך געפונען אינגאַנצען אָפּגעזונדערט, איזאָלירט פון יעדען מענשען און פון יעדער מגע־ומשא מיט מענשען און זיין פאַמיליע איז קיין אנדער אויסוועג ניט געבליבען ווי פשוט צו פאַרהונגערען. ס'פאַרשטייט זיך, אַז אין אַזאַ לאַגע, האָט זיך דעם קאַפּיטאַן זיין מיסיע צו באַרואיגען די באַפעלקערונג ניט איינגעגעבען; דערפאַר האָט די ענגליש־ריידענדע וועלט פאַראייביגט זיין נאָמען באָיקאָט צו באַצייכענען מיט אים פונקט אַזאַ לאַגע פון אָפּזונדערונג פון יעדען איינעם מיט וועלכען מען שטייט אין אַן אָפענעם קאַמף.

די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט האָט אויפגעכאַפּט דאָס וואָרט באָי־קאָט צו באַצייכענען דערמיט די איזאָלירונג, די אָפּזונדערונג, אָדער, נאָך בעסער, דאָס סיסטעמאַטיש־אָרגאַניזירטע ניט „פּאַטראָניזי־רען" ניט קויפען די סחורות און פּראָדוקטען פון יעדער פירמע, פאַבריקאַנט און סוחר מיט וועמען זי שטייט אין אָפענעם קאַמף און קען ניט צווינגען מיט אַנדערע מיטלען נאָכצוגעבען אירע פאָדערונגען. אין אַמעריקע, נאָך אין די אַכציגער יאָרען און שפּעטער, איז דער באָיקאָט פאַר־שפּרייט געוואָרען פריער דורך די גרויסע באָיקאָטס וואָס די „ריטער פון אַר־בעט" און שפּעטער דורך די וואָס די „אַמעריקאַן פעדערייש‍אָן אָף לייבאָר" האָט אַנגעפירט מיט גרויסער ענערגיע און ערפאָלג. און מען קען ניט לייק־קענען, דער באָיקאָט האָט זיך אַרויסגעוויזען צו זיין אַ מאַכטיגע וואַפע פון קאַמף אין די הענט פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט. ער קומט אָבער, נאָך זיין כאַראַקטער נאָך, פון אַ גאַנץ אַנדער מקור פון מאַכט ווי דער סטרייק.

די גרויסע פאַראייניגטע מאַכט פון דעם אַרבעטער איז ניט בלויז אין דעם שאַפען פון די פּראָדוקטען און מיטלען וואָס באַפרידיגען אַלע נויטען פון לעבען — אין דער אַרבעט; זי איז אויך אין דער מאַכט אויפצוקויפען די געשאַפענע פּראָדוקטען און מיטלען וואָס באַפרידיגען זיינע באַדערפעניש‍ען אין לעבען — אין דעם גע־ברויך, אין דעם קאָנסום פון די אַרבעטער־מאַסען. און אויב די מאַכט פון סטרייק ליגט אין דער מעגליכקייט אָפּצושטעלען די אַרבעט און פאַראַליזירען די פּראָדוקציע, כדי צו צווינגען דעם מאַנופאַקטורער, סוחר און קאַפּיטאַליסט נאָכצוגעבען די פאָדערונגען פון דער אָרגאַניזירטער אַר־בעטערשאַפט אין קאַמף פון אַרבעט און קאַפּיטאַל, — ליגט די גרעסערע מאַכט פון דעם באָיקאָט אין דער מעגלאַכקייט צו איזאָלירען דעם מאַנופאַק־טורער, סוחר און קאַפּיטאַליסט אין קאַמף, אין פאַראַליזירען דעם פאַרקויף פון זייערע פּראָדוקטען, ניט נאָר צו דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט פון דעם אָדער יענעם פאַך אַליין, נאָר אויך צו אַלע אָרגאַניזירטע אַרבעטער

אויסער דעם פאַך און אפילו צו די אַלגעמיינע ברייטע שיכטען פון די מאַססען, אויף אַזוי פיל אויף וויפיל די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט קען, אַזוי אָדער אַנדערש, אויסנוצען איר ווירקונג אויף זיי. דערביי קאָסט דער ערפאָלגרייכער באָיקאָט ניט אַן ערד וויניגער ליידען, נויט און פאַרלוסטען אין קאַמף, ווי אפילו דער ערפאָלגרייכער סטרייק. אָבער טאַקע צוליב די טעמים האָט דער פאַראייניגטער קאַפּיטאַל מיט אַזאַ גיפט און רציחה באַקעמפט און פאַרפאָלגט דעם אָפיציעלען באָיקאָט אַפילו ביז די העכסטע געריכטען פון לאַנד און האָט געוואונען די אָפיציעלע גערעכטיקייט אויף זיין זייט. דורך די אַנטשיידונגען פון די העכסטע ריכטער איז דער אָפיציעלער באָיקאָט געוואָרען איינגאַנצען אומגעזעצלאַך און שטראָפבאַר. אָבער אין דעם גרויסען קאַמף פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט מיט קאַפּיטאַל, אַנגעפירט אין די גרעניצען פון ה י י נ ט י ג ע ן סאָציאַל־עקאָנאָמישען לעבען, וועט וויינינגסטענס דאָס געזעצלאַכע רעכט אויף דעם באָיקאָט נאָך מוזען אויסגעקעמפט ווערען.

אין קאַמף פון דער אַמעריקאַנער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט פאַר איר הויפּט פרידלאַכען קאַמפּס־מיטעל — פאַר דער „קאָלעקטיוו באַרגעניִנג“ — מוז זי זיך, אין לעצטען אַנאַליז, פאַרט קענען שטיצען ניט אויף די מאָראַלע געפילען און יושר׳דיגע באַגריפען פון גערעכטיקייט פון פאַראייניגטען קאַפּיטאַל צו דער אָרגאַניזירטער אַרבעט, נאָר אויף דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישען ר ע כ ט פון סטרייק, פון דעם פאַראייניגטען סימפּאַטיע און קאָלעקטיוו סטרייק און דעם אָפיציעלען סימפּאַטיש אָרגאַניזירטען באָיקאָט. דאָס זיינען פאַרט די איינציגע געציילטע מאַכטיגע מיטלען פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעט, וואָס קענען געבען אַ ממשות׳דיגען ווערט דער קאָלעקטיווער אונטערהאַנדלונג אין קאַמף מיט קאַפּיטאַל, ווען זי זאָל זיי געזעצלאַך קענען האָבען אין רעזערוו אין פאַל ווען די „קאָלעקטיוו באַרגעניִנג“, אין אַלע אירע פאָרמעס, ווערט פאַרוואָרפען פון די הערשער פון דער היינטיגער אינדוסטריע און היינטיגער פּראָדוקציע.

די קאָלעקטיווע אונטערהאַנדלונג, אין אַלע אירע פאָרמעס, איז דאָס פ ר י ד ל אַ כ ס ט ע מיטעל פון אָרגאַניזירטען טרייד־יוניאָניזם אין אַמעריקע וואָס צילט זיך, דורך צייטווייליגע באַדינגונגען צווישען אַרבעט און קאַפּיטאַל, צו פאַרבעסערען די באַלדיגע אומשטאַנדען פון דעם אָרגאַניזירטען אַרבעטער און אויפהויבען זיין אַלגעמיינעם שטאַנד פון וואוילזיין אין די גרעניצען פון היינטיגען געזעלשאַפטלאַכען לעבען. אָבער דאָס מיטעל פירט שווין צו דער אויסמיידונג פון די ש אַ ר פ ע ר ע מיטלען פון קאַמף — פון דעם סטרייק און דעם באָיקאָט. אין איר לעצטער פאָרמע איז די קאָלעק־

טיווע אונטערהאַנדלונג אַ קאָנטראַקט וואָס ווערט געמאַכט צווישען דער אָרגאַניזירטער אַרבעט און אָרגאַניזירטען קאַפּיטאַל דורך זייערע פאַרטרע־טער און פאַרשטייער. דער קאָנטראַקט פ א ר פ ל י כ ט ע ט, אויף אַ באַשטימטען משך, די אָרגאַניזירטע אַרבעט צו האַלטען זיך אַן די פּונקטען פון דעם אָפּמאַך און פ ר י ו ו י ל י ג אָפּצוזאָגען זיך, אויף ד ע ר צייט, פון'ם רעכט אויף סטרייקס און באָיקאָטס. דאָס ווייסט דער אָרגאַ־ניזירטער קאַפּיטאַל און דערפאַר טאַקע מוז די אָרגאַניזירטע אַרבעט כסדר זיין אויף דער וואַך און היטען אַז די פּונקטען פון אָפּמאַך זאָלען אויך פון אָרגאַניזירטען קאַפּיטאַל און זיינע באַצאָלטע משרתים פּינקטלאָך דורכגעפירט ווערען. וואָס איז ניט תמיד דער פאַל, ווי די ערפאַרונג פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעט מיט'ן „פּראָטאָקאָל" און „אַגרימענט" אין דער נאָדעל אינדוסטריע און די „באָרדס און קאָנסיליאיישאָן" און „מעדיאיישאָן" און „אַרביטרייישאָן" אין אַנדערע פאַכען און אינדוסטריעס האָבען זי ניט־זעלטען געלערנט אין דער פאַרגאַנגענהייט.

די קאָלעקטיווע אונטערהאַנדלונג איז אַלגעמיין, ווי אַ קאַמף־מיטעל צו דערגרייכען באַלדיגע רעזולטאַטען און שאַפען בעסערע פאַרהעלטעניסען צווישען אַרבעט און קאַפּיטאַל, אַפילו ווי ווייט עס לאָזט זיך, אונטער די איצטיגע אומשטאַנדען פון קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, איז ווייט ניט פולקאָם. זי מוז ערשט פאַרפולקאָמט ווערען. און די מיטלען וואָס שיינען זיך ביסלאַכווייס צו אַנטוויקלען אין דער פאַרפולקאָמונג פון דער קאָלעקטי־ווער אונטערהאַנדלונג צווישען קאַפּיטאַל און אַרבעט — אי אין ענגלאַנד, אי אין אַמעריקע — וואָס זיינען אָבער נאָך ניט גענוג אויסגעפּרובירט צו קע־נען דינען די ערנסטע צילען פון דער פאַרבעסערונג פון די אומשטאַנדען פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעט, זיינען — ערשטענס, אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב — געמישטע אינדוסטריעלע קאָמיסיעס פון פאַרטרעטער פון אָרגאַניזירטער אַרבעט, פון אָרגאַניזירטען קאַפּיטאַל און פון דער רעגירונג מיט שטאַטלאַ־כער און געזעצלאַכער מאַכט אַליין צו פירען קאָלעקטיווע אונטערהאַנדלונגען אָדער קאָנטראָלירען די איינצעלע פאַלען פון אַזעלכע אונטערהאַנדלונגען — אַז אינדוסטריעלער פאַרלאַמענט, ווי די ענגלישע אָרגאַניזירטע אַרבעטער־שאַפט באַצייכענט עס; און צווייטענס, — אויף אַ קליינעם מאַסשטאַב — די דירעקטע קאָלעקטיווע אונטערהאַנדלונג פון די פאַרטרעטער פון די אַר־בעטער פון יעדער פאַבריק און יעדער ווערקשטאַט—פון „שאָפּ־קאָמיטעטען" און „שאָפּ־סטיואַרדס" ווי מען רופט זיי אין ענגלאַנד — מיט די פאַבריקאַנ־טען און בעלי בתים פון דער פאַבריק און ווערקשטאַט.

די ערשטע — די אינדוסטריעלע קאָמיסיעס צו שאַפען און גאַראַנטירען פרידלאַכע באַציאונגען צווישען אַרבעט און קאַפּיטאַל און שטופענווייס פאַר־

בעסערען די אומשטאַנדען פון די אַרבעטער־מאַסען, זיינען נאָך דערווייל פּראָיעקטען, וואָס וועלען נאָך ניט אַזוי גיך און מסתמא ניט אָן קאַמף קומען אין דעם רעאַלען לעבען. אַפילו ווען די אָרגאַניזירטע אַרבעטער באַוועגונג אין די דעמאָקראַטישע לענדער זאָל געדולדיג וואַרטען אויף זייער רעאַליזירונג. זיי ווערען אָבער דרינגענד געפאָדערט, מער אין ענגלאַנד און אויך שוין אין אַמעריקע, אין דער גאַר לעצטער צייט, אי פון אַ טייל פון אָרגאַניזירטען קאַפּיטאַל, אי פון אַ טייל פון דער אָרגאַניזירטער טרייד־יוניאָניסטישער אַרבעטערשאַפט, ווייל עס דאַכט זיך, אַז זיי וועלען קענען אויסשליסען די שאַרפערע און רעוואָלוציאָנערע מיטלען פון דעם קאַמף, אויף איין זייט, און וועלען געבען דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט ניט נאָר אַ גאַראַנטיע אין דער קאָלעקטיווער אונטערהאַנדלונג, נאָר אויך אַ גרעסערע דעה אין דער קאָנטראָל און פאַרוואַלטונג פון די אינדוסטריעס אויף דער אַנדערער זייט.

די צווייטע — די „שאָפּ־קאָמיטעטען" און „שאָפּ־סטיואַרדס" — זיינען שוין אַפילו אין איינינע אינדוסטריעס אין ענגלאַנד און אַמעריקע איינגעפירט. אָבער מערסטען טייל זיינען זיי ניט די שאַפונג פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט נאָר פון אָרגאַניזירטען קאַפּיטאַל וואָס אַנדערקענט לפנים דאָס רעכט אויף „קאָלעקטיווער באַרגעינינג", אָבער נאָר דירעקט פאַר די אַרבעטער פון יעדער פאַבריק און ווערקשטאַט באַזונדער דורך די „שאָפּ קאָמיטעטען" און ניט פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט אין אַלגעמיין דורך אירע פאַרשטייער. די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע איז אויסדריקלאָך קעגען דעם אַרט פון קאָלעקטיווער אונטערהאַנדלונג און ניט בלויז דערפאַר וואָס איר פּראַקטישע טעטיקייט איז צוליב איר כאַראַקטער און אַרטלאַכער באַגרעניצונג באַשטימט צו בלייבען קליינלאַך און באַגרעניצט און איר אָרגאַניזאַציע איז אַ מיניאַטורנע היעראַרכיע פון קלענערע און גרעסערע און נאָך גרעסערע אינסטאַנצען פון שופטים און פאַרהאַנדלער, נאָר מער פאַר אַלץ דערפאַר, ווייל זי אַנדערקענט ניט אַפילו אין פּרינציפּ די פאַראייניגטע מאַכט פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט פון גאַנצען לאַנד און ברייננט אריין אַ צווייפאַכען אַרט פון אָרגאַניזאַציע אין די אַרבעטער־רייען: די אָרגאַניזאַציע פון פאַך — פון טרייד — און די אָרגאַניזאַציע פון דער פאַבריק אָדער ווערקשטאַט. דיביידע קענען אַפילו לעבען אין פרידען; זיי קענען אָבער אויך קומען אין קאָנפליקט און פירען צו אַ ברודער־קריג. אויך דערלאָזט זי די באַדינגונג פון דעם ניט־אָרגאַניזירטען אַרבעטער ווי אַ גלייכען מיטגליד פון דעם אָרגאַניזירטען „שאָפּ", מעגען ווי פאַרשיידען זיין זיינע אינטערעסען פון די אינטערעסען פון דעם אָרגאַניזירטען אַרבעטער.

דאָך מוז די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט פון אַמעריקע אָננעמען דעם פאַקט אַז די „שאַפּ־קאָמיטע“, ווי אַ מיטעל פון „קאָלעקטיוו באַרגעניננ“, האַלט זיך ערשט אין פאַרמירען, אין ווערען, אין אָרגאַניזירען. אַז אירע צילען, וועגען און געבוי קענען זיך נאָך פאַרשיידען בייטען און געענדערט ווערען און אַז פאַר די אינטימערע, קלענערע נויטען פון דעם אַרבעטער אויפ׳ן אָרט פון זיין אַרבעט קען אויך ד ע ר אָרט פון קאָלעקטיווער אונטערהאַנדלונג ברייננען דירעקטע נוצען. און אויב די סימנים וואָס ווייזען זיך שוין איצט נאַרען ניט אָפּ, וועט די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט פון אַמעריקע און ענגלאַנד געפינען אַ וועג צו פאַרשמעלצען אַלע פאָרמעס פון קאָלעקטיווער אונטערהאַנדלונג און מיט דער צייט אויך אָננעמען אַ פריינטלאַכע שטעלונג צו דער אויטאָנאָמער פאָרמע פון דער „שאַפּ“ אָרגאַניזאַציע, וואָס קען דאָך ווערען אַן אינטעגראַלער טייל פון דער גאַנצער אָרגאַניזירטער אַרבעטער־שאַפט פון לאַנד.

## אַכטער קאַפּיטעל

# אַרבעטער - געזעצגעבונג

עס איז אוממעגלאַך זיך פאַרצושטעלן דאָס גאַנצע בילד פון דעם גרוי־
סען קאַמף, וואָס די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע האָט דורכ־
געמאַכט אויף איר לאַנגען וועג אַז אַפּצושטעלען זיך, וויינינגסטענס, אויף די
הויפּט־שטריכען פון דעם פּאָליטישען און געזעצגעבערישען קאַמף וואָס האָט
איר פון צייט צו צייט געדינט אַלס מיטעל, וואָס איז אָבער מערסטענטיילס
געווען אַ מאַכטיגע שטערונג אין אירע גרויסע אָנשטריינגונגען צו פאַרבע־
סערען די אומשטאַנדען פון די אַרבעטער־מאַסען.

פון אַן אַלגעמיינעם איבערבליק איבער די איינצעלהייטען פון קאַמף,
טראָגט זיך ניט ווילענדיג אַרויס דער אומפאַרמיידלאַכער צווייענדיגער
איינדרוק, אַז אפילו אין דער פרייער אַמעריקע זיינען, אי די געזעצגעבע־
רישע קערפּערשאַפטען פון די שטאַטען, אי די נידעריגערע און העכערע ריכ־
טער און געריכטהייזער, די קאָורטס, וואָס וואַלטען, דאַכט זיך, געדאַרפט
אויסטיילען גלייכע גערעכטיקייט צו אַלע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט —
תמיד געווען און ביז איצט זיינען זיי נאָך פאַרבליבען ניט מיט די גרויסע
מאַסען פון פאָלק און דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט, נאָר מיט די
אַרבעטגעבער. מיט די מאַנופאַקטורערס, סוחרים און הענדלער — מיט'ן
קאַפּיטאַל פון לאַנד. עס באַקומט זיך דער איינדרוק, אַז דאָס צו וואָס די
אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע האָט זיך צוגעשלאָגען מיט אירע
וויכטיגסטע דערווערבונגען און וויכטיגסטע געווינסען, איז זי געקומען ניט
דורך געזעצגעבונג אָדער געריכט־אַנטשיידונגען נאָר דורך שווערען און ביז־
טערען עקאָנאָמישען קאַמף.

ערשט שפּעטער, ווען די דערגרייכונגען און געווינסען ווערען אַ פאַקטי־
שע ערשיינונג אין דעם עקאָנאָמישען לעבען פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער;
ערשט נאָכדעם ווי די געזעצגעבונג, געריכטהייזער און ריכטער האָבען יעדען
שפּאַן פון די געווינסען און פאָרטשריט פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעט מיט
אַלע מיטלען אין זייער מאַכט באַקעמפט, טרעטען די ריכטער און געריכטען
אָפּ פון זייער פאַרפאָלגערישען גייסט און די געזעצגעבונג שטימט איין צו די
געווינסען דורך פאַסען געזעצען, וואָס ווערען אַ טייל פון די יורידישע שטאַט־
לאַכע קאָדעקסען, אויב זיי ווערען נאָר ניט אויסגעטייטש פון די העכסטע
פעדעראַלע ריכטער פאַר אומקאָנסטיטוציאָנעל. שוין אין אָנהויב פון דער

אָרגאַניזירטער אַרבעטער באַוועגונג אין אַמעריקע — נאָך אין ערשטען פערטעל פון נײַנצעהנטען יאָרהונדערט — ווערען די פּראָבעס פון דער פאַראייניגונג פון אַרבעטער אין פאַך־אָרגאַניזאַציאָנען — אין „טריידס" — סאַי פאַר דער באַשיצונג פון זייער לוין און סאַי פאַר דער פאָדערונג פון העכערען לוין, דערקלערט, אויפ'ן גרונט פון דעם אַלטען ענגלישען געזעץ, פאַר ק אָ נ ס פּ י ר אַ צ י ע ס קעגען דער פרייהייט און דעם וואוילזיין פון די מאַנופאַקטורערס און אַרבעטגעבער און ווערען דערפאַר ערנסט באַשטראָפט. אין 1821 ווערט שוין אַפילו דאָס אַלטע ענגלישע געזעץ וועגען קאָנספּיראַציעס געענדערט, אבער אויף אַן עכט־יורידישען אופן; עס ווערט אויסגעדריקט אַ ז ו י, אַז די פאַראייניגטע פאָדערונגען פון אָרגאַניזירטע אַרבעטער קענען נאָך אַלץ אויסגעטייטשט ווערען ווי אַ קאָנספּיראַציע פון אַרבעטער קעגען אַן אַרבעטגעבער אָדער מאַנופאַקטורער צו דערגרייכען א ו מ ג ע ז ע צ ל אַ כ ע צילען דורך א ו מ ג ע ז ע צ ל אַ כ ע מיטלען און די ריכטער נוצען אויס אַט די מעגלאַכע אויסטייטשונג ביי יעדער געלעגענהייט.

עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט וואָס די אַרבעטער־מאַסען פון לאַנד זוכען זיך אַריינצוּוואַרפען אין אַן אומאָפּהייניגיגען קאַמף אַזוי גיך ווי דאָס אַלגעמיינע שטימרעכט אין די פאַראייניגטע שטאַטען ווערט פאַרשפּרייט אויך אויף דעם אַלגעמיינעם פאָלק. זיי האָפען דורך אומאָפּהייניגיגער פּאָליטישער טעטיקייט צו קענען אויסקעמפען, צווישען אַנדערעס, בעסערע באַדינגונגען פאַר דער אָרגאַניזירטער אַרבעט, דאָס אומגעשטערטע רעכט צו אָרגאַניזירען זיך. אבער די אומאָפּהייניגיגע פּאָליטישע טעטיקייט פון יענע יאָרען צייכענט נאָר אַן עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלאַכע צילען — זי דערגרייכט זיי אבער קיינמאָל נישט דורך פּאָליטישער אָדער געזעצגעבערישער מאַכט. נאָר די אַקטיווע עקאָנאָמישע נויטען פון די אַרבעטער, וואָס פירען זיי צו פאַראייניגונגען אין פאַך־אָרגאַניזאַציאָנען, אין „טרייד־יוניאָנס" — מיט זייער ערנסטען עקאָנאָמישען קאַמף פאַר די אַרבעטער־רעכט, נאָר די ברײַנגען ממשותדיגע געזעצגעבערישע רעזולטאַטען, אי דאָס מיט יאָרען שפּעטער. אין 1842 האָט שוין דער שטאַט מאַסאַטשוסעטס געזעצלאַך אָנדערקענט דאָס רעכט פון אַרבעטער צו אָרגאַניזירען זיך אין יוניאָנס און נאָך מאַסאַטשוסעטס האָט שטאַט נאָך שטאַט, מיט דער צייט, אָנדערקענט דאָסזעלבע רעכט. פאַקטיש אבער איז כמעט ביז 1870 די אָרגאַניזירטע פאַך־אַרבעטערשאַפט — דער „טרייד־יוניאָניזם" — אין די פאַרשיידענע שטאַטען נאָך ניט אינגאַנצען פריי געווען פון דער באַשולדיגונג אין קאָנספּיראַציע קעגען קאַפּיטאַל מיט די פאָלגען פון שווערער שטראָף דערפאַר.

און ווען דאָס רעכט אויף אַרבעטער־פאַראייניגונג ווערט שוין געזעצלאַך אָנדערקענט אי אין באַגריף פון דער געזעלשאַפטלאַכער מיינונג, אי

אין דער געזעצגעבונג פון דעם לאַנד, בלייבט נאָך אַלץ דאָס ר ע כ ט צ ו ס ט ר י י ק ע ן. צוליב די אָדער יענע פאָדערונגען, פאַר וועלכע דער אַר־בעטער אָרגאַניזירט זיך, אונטערוואַרפען שווערע געזעצלאַכע פאַרפאָלגונגען אויף דעם אַלטען גרונט פון אַרבעטער קאָנספּיראַציעס קעגען די אינטערעסען פון אַרבעטגעבער און קאַפּיטאַל. דאָס עקאָנאָמישע רעכט פון אָרגאַניזיר־טער אַרבעט, אַוועקצוליייגען די אַרבעט ביז די באַדינגונגען און פאָדערונגען פון די אַרבעטער וועלען ניט נאָכגעגעבען פון די אַרבעטגעבער און קאַפּי־טאַליסטען, איז דאָס א י י נ צ י ג ע פ ו נ ד א מ ע נ ט א ל ע ר ע כ ט, וואָס מוז געלייזט ווערען אין דער באַדינגונג פון דער אָרגאַניזאַציע פון אַר־בעטער, ווייל עס איז דאָס איינציגע ממשות׳דיגע רעכט אויף וועלכען די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט קען זיך שטיצען מיט דער האָפענונג אויף ערפאָלג אין קאַמף מיט קאַפּיטאַל. פ א ל י ט י ש ע א ו ן ג ע ז ע צ־ג ע ב ע ר י ש ע רעכט קענען אין בעסטען פאַל, ווי די ערפאַרונג פון די אַרבעטער האַט ניט איינמאַל געלערנט, אויסגעטייטשט ווערען אַזוי ווי די ריכטער פאַרשטייען דאָס געזעץ און דאָס רעכט. און די טרויעריגע געשיכטע פון דער אַרבעטער־געזעצגעבונג ווייס טאַקע, אַז זיי פאַרשטייען תמיד און ווילען תמיד אויסטייטשען דאָס געזעץ אין די אינטערעסען פון קאַפּיטאַל און זעלטען נאָר איז די אינטערעסען פון דער אַרבעט. דערפאַר האַט דאָס רעכט צו סטרייקען — אַפילו דאָס רעכט אויף דעם פרידלאַכען סטרייק — דורכגעמאַכט אין דער אַנטוויקלונג פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטער באַ־וועגונג ניט קיין קלענערע מאָס פון גרויזאַמע געזעצלאַכע פאַרפאָלגונגען, ווי דאָס רעכט צו אָרגאַניזירען זיך.

אין סוף פון די אַכציגער און אָנהויב ניינציגער יאָרען, פון לעצטען יאָר־הונדערט, ווען דער עקאָנאָמישער קאַמף פון אָרגאַניזירטען טרייד־יוניאָניזם הויבט אָן ווערען אַ גרויסע מאַכט פאַר דער באַלדיגער פאַרבעסערונג פון דעם אַרבעטער׳ס לאַגע, טרעט אַרויס די פאַראייניגטע מאַכט פון ריכטער, געריכט און געזעצגעבונג אויף דער זייט פון די הערשער פון די היינטיגע סאָציאַל־עקאָנאָמישע אָרדענונג—אויף דער זייט פון פאַראייניגטען קאַפּי־טאַל — צו דעמאָראַליזירען און דערשטיקען די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט און איר אַקטיווען קאַמף. אין די ניינציגער יאָרען טרעטען אַרויס די הע־כערע פעדעראַלע און שטאַטלאַכע ריכטער מיט דעם מאַכטיגען מיטעל פון דעם ג ע ז ע צ ל א כ ע ן פ א ר ב א ט — פון „אינדזשאַנקשאָנס“ — קעגען יעדער אַקטיווער עקאָנאָמישער טעטיקייט פון די אָרגאַניזירטע אַר־בעטער. דעמאָלט ווערט אויך אָנגעווענדעט דער שערמאַן אַנטי־טראַסט געזעץ אויף אַרבעטער יוניאָנס. זייערע צילען זיינען אָדער צו פאַראַליזי־רען די אַקטיווע מאַכט פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט אָנצופירען ווירקזאַמע סטרייקס און סיסטעמאַטישע באָיקאָטס, אָדער גאָר אינגאַנצען

אויפצולייזן די יוניאָנס, וואָס וועלכע זיך אויסגעטייטשט ווי שעדלאַכע טראָסטס פון ארבעטער. אינגאַנצן שעדיגן דער גרויסער אָרגאַניזירטער ארבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע האָבן אַפילו אַט די שטריינגע געזעצלאַכע פאַר־פאַלגונגען ניט געקענט, טראָץ דעם וואָס זיי זיינען נאָך ביז היינטיגן טאָג אין זייער פולער קראַפט און יעדע אַנשטריינגונג, פון די גרויסע פירער פון דער אָרגאַניזירטער ארבעטערשאַפט זיי אָפּצושאַפן, האָט צו גאָרניט גע־פירט. זיי האָבן זיכער זייער דירעקטע ווירקונג געהאַט, אָבער—אינגאַנצן און גרויסן גענומען — אפשר גאָר אויך אַ פאַרקערטע ווירקונג. זיי האָבן בולט'ער ארויסגעבראַכט די קעגנגעזעצטע אינטערעסן פון ארבעט און קאַפּיטאַל און האָבן אַנגעוויזן די טענדענצן און שטרעמונגען פון דער געזעצגעבונג, ריכטער און געריכט און האָבן צוליב דעם אפשר אויך קאָנ־סאָלידירט אַלץ גרעסערע און גרעסערע מאַסען ארבעטער אין גרויסן עקאָנאָמישען קאַמף. זינט יענע יאָרען — זינט די ניינציגער — איז די אָרגאַני־זירטע ארבעטערשאַפט אין אַמעריקע קאָלאָסאַל געוואַקסען אי אין צאָלען, אי אין דעם טיפערען באַוואוסטזיין פון אירע אינטערעסען און איר קאַמף.

אַפילו שוין פאַר די אַכציגער יאָרען האָט די אָרגאַניזירטע ארבעטער־שאַפט אין אַמעריקע צו פאַרצייכענען געזעצגעבערישע געווינסען אין איר קאַמף פאַר ארבעטער רעכט, ווי מיר האָבן עס שוין פריער אַנגעוויזן. דאָס פונדאַמענטאַלע געזעצלאַכע רעכט פון ארבעטער, אומגעשטערט צו אָרגאַניזירען זיך אין טרייד־יוניאָנס, נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדען און פעדע־ראַציעס פון פאַך־אָרגאַניזאַציאָנען; די געזעצלאַכע פאַרזיכערונג פון דעם ארבעטער לוין: פרייע בילדונג פאַר ארבעטער־קינדער; אַ געזעצלאַכער צען־שטונדיגער ארבעטס־טאָג; געזעצן צו רעגולירען די ארבעט פון פאַרברע־כער אין די געפיינגעניסען — דאָס אַלץ איז דערוואָרבען געוואָרען נאָך אין די פריערדיגע שטופעס פון דער אַנטוויקלונג פון דער אָרגאַניזירטער אַר־בעטער־באַוועגונג. די שפּעטערדיגע ארבעטער־באַוועגונג, נאָך די אַכציגער, ווי זי האָט זיך קריסטאַליזירט אין דער אָרגאַניזירטער טעטיקייט פון דער „אַמעריקאַן פעדערײשאָן אָף לייבאָר", האָט זיך אָפּגעהאַלטען פון אריינלאָזען זיך אין אַקטיווען קאַמף פאַר געזעצגעבערישע דערגרייכונגען. פונדעסט־וועגען האָבן זיך אין די פיל יאָרען פון איר אַקטיווען, סיסטעמאַטישען עקאָ־נאָמישען קאַמף אויך אויסגעאַרבעט קאָמפּליצירטע וועגען פון טעטיקייט פאַר נוצלאַכער ארבעטער־געזעצגעבונג, אי ביי אירע שטאַטלאַכע פעדעראַציעס, אי אויף אירע אייגענע יערלאַכע קאָנווענשאָנס. עס איז גענוג דורכצוקוקען די צאָל ארבעטער געזעצן, וואָס גייען יערלאַך דורך אין די געזעצגעבערישע קערפּערשאַפטען פון די פאַראייניגטע שטאַטען צו זען אַז די טעטיקייט פון דער אָרגאַניזירטער ארבעטערשאַפט אויפ'ן פעלד פון ארבעטער געזעצגעבונג איז ווייט ניט קיין קליינע. די דורכגעגאַנגענע געזעצן קענען זיך שלעכט

דורכגעפירט ווערען, אדער זיי זיינען גלאט א טויטער בוכשטאב אין די קאדעקסען פון געזעץ — ביזוואנען א דירעקטע עקאנאמישע פאדערונג, אין קאמף צווישען ארבעט און קאפיטאל, וועט זיי רעאליזירען. אבער די טעטיקייט פון דער ארגאניזירטער ארבעט פאר נוצלאכער ארבעטער־געזעצגעבונג ווערט צוליב דעם ניט קלענער. די ארבעטער געזעצגעבונג, דורכגעפירט אין די לעצטע יארען אין פארשיידענע שטאטען, האט אזעלכע געזעצען, ווי דער אכט־שטונדען ארבעט־טאג; א מינימום לוין פאר פרויען; פענסיעס פאר מוטערס און אלמנות; די אויסשליסונג פון קינדער־ארבעט; די רעגולירונג פון מינען־ארבעט; זיכערקייטס־מיטלען; סאניטארע באדינגונגען; שטאטלאכע ארבעטער ביוראס; בוררים געריכטען; אפילו געזעצען קעגען אינדזשאנקשאנס אונטער דער פאראנטווארטלאכקייט פון דעם ארבעטגעבער און קאמפענסאציע פאר דעם ארבעטער'ס באשיצונג ביי דער ארבעט.

פון די זיינען פון גרויסער וויכטיקייט די ארבעט־שטונדען; די זיכערהייט מיטלען; די סאניטארע אומשטאנדען, וואס זיינען אלע אזוי נויטיג פאר דעם געזונט פון דעם ארבעטער, און די פענסיעס און קאמפענסאציעס, וואס פארזיכערען די מאטעריעלע לאגע פון די פאראומגליקטע ארבעטער. אין דעם עקאנאמישען קאמף פון דער ארגאניזירטער ארבעטערשאפט, אין די גרעניצען פון דעם היינטיגען געזעלשאפטלאכען לעבען, איז אפשר די מאטעריעלע פארזיכערונג פון די פאראומגליקטע קראנקע און אלט־געווארענע לוין־ארבעטער, וואס היינגען אפ פון דער ארבעט פון זייערע הענט דאס גאנצע לעבען, דאס וויכטיגסטע אין דער ארבעטער־געזעצגעבונג. די יונגע און געזונטע ארבעטער מאסען קענען אנפירען דעם שווערען עקאנאמישען קאמף אויף די וועגען, צו וועלכע דאס לעבען אליין פירט זיי; זיי קענען אליין שטרעבען און דורכפירען זייער לעבענס־שטאנד; די קראנקע פון שווערער שעדלאכער ארבעט, די פארקריפעלטע ביי דער ארבעט פון די גלידער פון דעם גיגאנטישען מולך פון דער היינטיגער אינדוסטריע און די אלט־געווארענע פון דעם ראד פון דעם עקאנאמישען לעבען, זיי מוזען פארזארגט ווערען געזעלשאפטלאך אדער שטאטלאך.

# פיער זשאָזעף פּרודאָן*)

(זיין לעבען, זיינע שריפטען און זיין טעטיקייט)

## הקדמה

ווי גיט מען די לעבענס־באשרייבונג פֿון א גרויסען מענשען, פֿון א גרויסען דיינקער, אַן א שטיקעלע הקדמה? ווי שטעלט מען פֿאַר, ווי אזוי באקאנט מען דעם אידישען לעזער מיט איינעם פֿון די גרעסטע פראנצויזישע דיינקער פֿון אונזער דור עפּעס גלאט אזוי: — אָט נאט אייך זיין לעבענס־באשרייבונג, פֿון דעם וויקעל־שנור ביז די תכריכים, און ווייסט, אז אזוי האט ער געלעבט, אָט דאס געדיינקט און אזוי איז ער געשטאָרבען?!

אייגענטלאך, שרייבט מען טאקע אזוי ביאָגראַפיעס און זיי זיינען טאקע כמעט אָן נוצען פֿאַר דעם לעזער, ווייל ער קען פֿון זיי זעלטען פֿאַרשטיין דעם כאראקטער, דעם גייסט און די גרויסע נוצען, וועלכע דאס לעבען פֿון דער באשריבענער, גרויסער פּערזאָן האָט געבראכט דער מענשהייט.

איך האב כלל ניט בדעה צו שרייבען אזא ביאָגראַפיע.

איך מיין, אז מען דארף אין א לעבענס־באשרייבונג פֿאנאנדערוויקלען די געדאנקען און די טעטיקייט פֿון דער פּערזאָן, וועלכע מען באשרייבט. מען דארף לערנען און פֿאַרשטיין די פֿאַרהעלטעניסען וועלכע רינגלען די פּערזאָן ארום, אויב מען וויל נאַר פֿאַרשטיין דעם כאראקטער, דעם גייסט, דאס דיינקען און די טעטיקייט פֿון דער פּערזאָן.

א מענש, זאָגט מען, איז אַן עולם קטן . . . יאָ, א קליין וועלטעלע, א קורץ וועלטעלע — באגרעניצט מיט א קורצער לעבענס־צייט, אָבער דאָך א וועלטעלע! דאס הייסט, א גאנצע זאַך פֿאַר זיך — א מענש, וועלכער ווערט באווירקט פֿון אַלעם דעם, וואס לעבט און עקזיסטירט ארום אים. ער

---

*) דידאָזיגע אַרבעט איז צוערשט געווען געדרוקט אין זעקס פֿאָרטזעצונגען אין „די פרייע געזעלשאַפט" פֿון 1895—1896 פֿון וועלכער מ. לעאָנטיעף (ל. מאָ־איסעיעוו) איז געווען דער רעדאַקטאָר. דער קאַמף צווישען די אידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען און אַנאַרכיסטען, כאָטש שוין ניט אַזוי לייַדענשאַפטלאַך ווי אין די ערשטע נײַנציגער יאָרען, איז אָבער נאָך אַלץ געווען ניט ווייניג פֿאַרביסען. דאָס האָט דערקלערען דעם שאַרף פּאָלעמישען טאָן, אין אַ פּאָר ערטער, אין דער איצטיגער אַרבעט קעגען קאַרל מאַרקס און זיינע נאָכפֿאָלגער. — י. ע.

ווערט באַווירקט פון דעם לעבען, דיינקען און ווירקען פון אָפּגעלעבטע דורות פאַר אים; ער ווערט באַווירקט פון לעבען, דיינקען און ווירקען פון זיינע מיטמענשען, וועלכע לעבען אַרום אים; ער ווערט באַווירקט פון זיין אייגענעם לעבען, דיינקען און ווירקען אין זיין לעבענס־לויף; און פּונקט ווי ער ווירקט אויף די מיטמענשען, וואָס לעבען מיט אים, אַזוי וועט ער מן־הסתם אויך ווירקען אויף דעם לעבען פון קומענדיגע דורות. די לעבענס־באַשרייבונג דאַרף ווייזען ווי אַזוי דאָס וועלטעלע האָט זיך צוזאַמענגעשטעלט, ווי אַזוי פאַרגאַנגענע דורות, אַרומרינגלענדע מענשען און פאַרהעלטעניסען האָבען געווירקט און בייגעטראָגען צו באַשאַפען, אָדער צו אַנטוויקלען דאָסדאָזיגע וועלטעלע; ווי אַזוי דאָס וועלטעלע האָט געווירקט אויף אַנדערע, ווען עס האָט געקענט ווירקען ביים לעבען, און ווי עס וועט נאָך ווירקען אויף קומענדיגע וועלטעלאַך — אויף קומענדיגע מענשען.

דאָס איז די אויפגאַבע פון אַן אמת׳ן לעבענס־באַשרייבער און נאָר פון אַזאַ לעבענס־באַשרייבונג, דאַכט זיך מיר, וועט דער לעזער קענען פאַרשטיין דאָס לעבען, דיינקען און טעטיקייט פון דעם גרויסען פראַנצויזישען דיינקער — פּיער זשאָזעף פּרודאָן.

## א.

# זיין יוגענט

דער פראנצויזישער פויער, איבערהויפט דער פויער פון דרום־פראנקרייך, האט פארפרי אנגעהויבען צו פילען דעם שווערען יאך פון א קנעכט, פון אן אונטערטעניגען. ער האט געזוכט מיטלען צו באפרייען זיך פון דעם פעאדאלען לעבען שוין אין עלפטען און צוועלפטען יאר־הונדערט, ווען די מענשהייט האט ערשט אנגעהויבען אויפוואכען, ארויסקריכען פון די פינסטערע צייטען *) און א בליק טאן אויף דער ליכטיגער שיין. שוין דאמאלס האט ביי דעם פויער פון דרום־פראנקרייך אויפגעוואכט א גייסט פון פרייהייט: ער האט דערפילט, ווי גוט און ווי נויטיג עס איז צו דערווערבען זיך א ביסעלע מער פערזענלאכע פרייהייט, צו ווערען א מער זעלבסטשטענדיגער מענש. עס האט אים דערצו אן שום ספק געטריבען זיין אייגען לעבען, די ארט און ווייזע, אין וועלכער ער פלעגט ארבעטען, פראדוצירען פאר זיך און זיין פאמיליע. ביסלאכווייס האט ער דערפילט, אז לעבען דארף ער נאר פאר זיך, ארבעטען נאר פאר זיך, געהערען אינגאנצען זיך און קיין אנדערען. דאס האט שוין אין יענער צייט דערוועקט אין אים די נויטווענדיקייט צו קעמפען אויף לעבען און טויט קעגען זיינע באהערשער פאר פערזענלאכער פרייהייט, אדער, ווי עס האט דאמאלס געהייסען, רעפובליקאניזם **).

אט ד ע ר קעמפענדער גייסט, וואס האט זיך אנטוויקעלט פון דעם עלפטען ביז'ן סוף פון דעם אכצענטען יארהונדערט, ווען דער פעאדאליזם איז אינגאנצען פארניכטעט געווארען, האט איבערגעלאזט בלוטיגע פרייהייט־שפורען אויף דעם כאראקטער פון דעם פראנצויזישען פויער. דורך די אלע יאר־הונדערטער קעמפט ער און בלוטעט פאר ז י י ן פרייהייט, פאר די פראדוקטען פון ז י י ן ארבעט, פאר דעם שטיקעל לאנד, וואו ע ר איז געבוירען געווארען און וועלכעס ע ר באארבעט אזוי געשמאק און היט אפ

---

*) דעם מיטעלאלטער פון דער געשיכטע, דאס הייסט, די צייט פון דעם פאל פון דער רוימישער אימפעריע ביז דער אנטדעקונג פון אמעריקע, טיילט מען געוויינטלאך איין אין צוויי טיילען: — 1) פון דעם רוימישען פאל ביז דעם עלפטען יארהונדערט און מען רופט עס „די פינסטערע צייטען“ און 2) פון דעם עלפטען יארהונדערט ביז דער אנטדעקונג פון אמעריקע און מען רופט עס „די אויפוואכונג־צייטען“.

**) זע זייט 94 פון גיזא'ס „געשיכטע דער ציוויליזאציע אין איוראפע“.

אזוי געטריי. דער פראנצויזישער פויער זאגט מיט די שיינע ווערטער פון שרייבער מ י ש ל ע: „סאי מיין זון דו וועסט לעבען און סאי דו וועסט שטארבען, זאלסטו האבען א שטיקעלע ערד! אז דו וועסט האבען א שטי־קעלע ערד, הייסט דאס, אז דו וועסט ניט זיין קיין געדונגענער, וועלכען היינט, אז מען וויל האלט מען און מארגען, ווידער, אז מען וויל ווארפט מען ארויס. יא, דו וועסט ניט זיין קיין קנעכט פאר דעם טעגלאכען שטיקעל ברויט; דו וועסט זיין — פריי! — א! וואס פאר א גרויס ווארט דאס איז, עם אנטהאלט אין זיך די גאנצע מענשלאכע ווערדע! *)

פרייהייט, פערזענלאכע פרייהייט, איז דער לעבענס־גייסט פון דעם פראנצויזישען פויער.

אין דער פאמיליע ארבעטען אלע גלייך און ווען דער פאטער פון דער פאמיליע שטארבט, צעטיילען זיך די זין גלייך מיט דעם פאמיליע־פארמעגען און יעדער פון די ארבעטער לעבט ווידער פאר זיך, ארבעט ווידער פאר זיך, פריי, אליין, אן די איבעריגע, און היט ווייטער אפ זיין פארמעגען ווי דאס שווארצאפעל פון אויג. ער ליבט עס, דאס איז ז י י נ ס, דורך ז י י ן ארבעט דערווארבען.

גלייכהייט צווישען אלע פויערים פון איין געגענט באגרינדעט אויף א מער אדער ווייניגער איינפאכען פויערשען באגריף פון גערעכטיקייט, ציט זיך ווי א גאלדענער שנור דורך דעם שווערען הארעפאשנעם לעבען פון דעם פראנצויזישען פויער. די פרוי איז ביי אים נאר א מוטער פאר זיינע קינדער און א בעל־הבית'טע אין זיין הויז און זיין פעלד און זי ארבעט אזוי שווער ווי ער אליין. זי דארף אבער ניט נעמען קיין איינטייל אין אלעם איבעריגען פון זיין לעבען.

לאנגע יארהונדערטער האבען אויסגעארבעט אט דאסדאזיגע פראקטישע בילד פון לעבען פאר זיך, פריי, דערווערבען אלץ דורך שווערער פראצע און דאס דערווארבענע זאל זיין זייער טייער ביים דערווערבער. לעבען און באטראכטען יעדען איינעם גלייך צום צווייטען, אנפאסען דאס לעבען אזוי, אז עס זאל חלילה קיינעם ניט זיין צום שאדען — אט אזא איז דער פראנ־צויזישער פויער און אט אזעלכע זיינען געווען די פארעלטערען פון דעם גרויסען דיינקער פ י ע ר ז ש א ז ע ף פ ר ו ד א ן. פון זיי האט ער גע'ירש'נט די גרויסע פרינציפען, וועלכע האבען זיך אין זיין לעבען און דורך זיין גרויסען פארשטאנד אנטוויקעלט אין יענער מאכטיגער סיסטעם פון דיינקען, וואס וועט אויף אייביג פארנעמען א וויכטיגען פלאץ אין דער אנטוויקלונג פון מענשלאכען געדאנק.

---

*) ציטירט נאך מיכאילאווסקי.

* * *

פּיער זשאָזעף פּרודאָן איז געבוירען געוואָרען אין אַ פאָרשטעטעל פון דער שטאָט בעזאַנסאָן, דעם 15טען יאַנואַר 1809, באַלד נאָך דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, ווען נאַפּאָלעאָן דער ערשטער האָט שוין מיט אייזערנע צוואַנגען געשטיקט דעם פרייהייט־גייסט און האָט מקריב געווען אויף'ן מזבח פון שווערד — פון האַס און מלחמה — די זיסע פאָלק־חלומות פון פרייהייט, גלייכהייט און ברודערליבע.

ער איז געבוירען געוואָרען ביי אָרימע פּויערים־עלטערען . . . פּויערים דורך און דורך, פון דור צו דור. ווען ער איז אַרויס אויף דער וועלט, האָט אַמאָל אַ גרויסער אַדעלמאַן פאַר אים זיך שטאַרק געריהמט מיט זיין יחוס, האָט אים פּרודאָן אין זיין געוויינטלאַכער בייסענדיגער שפּראַך געענטפערט: „ווער איז דען פון גרעסערען יחוס ווי איך, וועלכער שטאַמט אַרויס פון פערצען דורות פּויערים?". זיין פאָטער איז געווען אַ גרויסער אָרימאַן און האָט געאַרבעט אין אַ ביר־ברויעריי, בשעת די מוטער, אַן עכטע פּויערטע, פלעגט זיך אָפּט פאַרדינגען אום צו העלפען דעם פאָטער מפרנס זיין די פאַמיליע. עס פאַרשטייט זיך, אַז אין אַזעלכע אומשטאַנדען האָט דאָס קינד, פּיער זשאָזעף, ניט געלעקט קיין האָניג שוין פון קינדהייט אָן. זיינע קינדער־יאָרען האָט ער פאַרבראַכט אין פרייעם פעלד, וואו ער האָט געפּיטערט שעפּעלאַך און בהמות. דאָ, אויף'ן פעלד, האָט ער גאָר צוערשט אָנגעהויבען דיינקען, דאָ, אַרומגערינגעלט פון דער שיינער נאַטור, האָט ער פאַרשטאַנען זיין אייגענעם „איך" און טאַקע אין דעם פרייעם לעבען פון אַ פּאַסטוכעל האָט ער פאַרבראַכט די גליקלאַכסטע שטונדען פון זיין לעבען!

די נויט פון דער פאַמיליע און דאָס גליקלאַכע פרייע לעבען אויף'ן פעלד האָבען שטילערהייט איינגעוואָרצעלט אין דעם יונגען פּרודאָן דאָס שטרעבען צו פרייהייט און דעם שטאַרקען וואונש, אַז די אַרבעטער זאָלען ניט ליידען קיין נויט און קיין עלענט. דידאָזיגע שטרעבונגען האָבען זיך אויסגעדריקט שוין באַלד אין אָנפאַנג פון זיין לעבען, ווען ער איז אַרויס אויף דער וועלט. דאָס פאַרשטעטעל און די ברויעריי, וואו דער פאָטער פּרודאָן האָט געאַרבעט, זיינען חרוב געוואָרען דורך דער באַלאַגערונג פון בעזאַנסאָן אין יאָר 1814, און די פאַמיליע איז געבליבען אָן אַ שטיקעל ברויט. פון דאַמאָלס אָן האָבען די עלטערען פון דעם פראַנצויזישען דיינקער געלעבט אין דחקות און אין גרויסער אָרימקייט, כמעט זייער גאַנץ לעבען. פּיער זשאָזעף האָט געטאָן פאַרשיידענע אַרבעטען צו פאַרדינען זיך אויף ברויט און האָט דורך דעם געהאָלפען זיינע עלטערען זיך מאַטערען.

צו צוועלף יאָר פונדעסטוועגען איז פּיער זשאָזעף מיט דער הילף פון זיין פאָטער'ס פריערינען בעל־הבית אַריינגעטראָטען אין דער בעזאַנסאַנער שו־לע. אין שולע האָט ער זייער גוט געלערנט, כאָטש ניט איין מאָל האָט פאַ־

סירט, אַז ער איז לערנענדיג געווען שטאַרק הונגעריג. געלערנט האָט ער פון די ביכער פון זיינע מיט־שילער און ניט איין מאָל פלעגט ער כאַפּען פייערדיגע פּעטש פון די געבילדעטע לערער, דערפאַר וואָס ער האָט ניט געהאַט קיין אייגענע ביכער. ער פלעגט לעזען זייער פיל, קריגענדיג ביכער פון דער בעזאַנסאָנער ביבליאָטעק. אין דער שולע האָט ער זיך געהאַלטען אָפּגעזונדערט פון אַלע איבעריגע שילער. זיין זאַך איז געווען לערנען און לעזען זייער פיל, — דאָס האָט ער אויך געטאָן. פון זיין האַלטונג אין דער שולע קען מען מערקען ווי עס אַנטוויקעלט זיך דער כאַראַקטער פון דעם אינ־געל אין יענעם זעלבסטשטענדיגען פרייעם גייסט פון זיינע פאַרעלטערען; און ווי שטאַרק אַט דער זעלבסטשטענדיגער „איך" האָט שוין דאַמאָלס זיך אין אים געהאַט איינגעוואָרצעלט, קען מען זען פון דעם ענטפער, וועלכען ער האָט געגעבען דעם געלערנטען בעזאַנסאָנער ביבליאָטעקאַר ווען יענער האָט אים אַמאָל געפרעגט: „הער נאַר, וואָס דאַרפסטו אַזויפיל ביכער?" — „וואָס איז דאָס אייער געשעפט?" האָט דער אינגעל קורץ געענטפערט.

צו נייצען יאָר איז פּרודאָן געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזען די שולע, ווייל ער האָט געמוזט זוכען צו פאַרדינען זיין לעבענסמיטעל. ער האָט גע־קראָגען אַרבעט אין גאַטיע'ס בוך־דרוקעריי, — אַ געוויסע דרוק־פירמע אין בעזאַנסאָן — וואו מען האָט גראָד דאַמאָלס געהאַט געדרוקט אַ לאַטיינישע איבערזעצונג פון דער ביבעל. דאָס האָט דעם יונגעמאַן שטאַרק פאַראינ־טערעסירט, ער האָט זיך גענומען לערנען לאַטיין און העברייאיש און האָט זייער שנעל געקענט ביידע שפּראַכען. ער האָט אין דערזעלבער צייט גע־לערנט טעאָלאָגיע.

שוין אין דער שולע האָט פּרודאָן אָפּט געקלערט וועגען דער אומ־גלייכהייט פון רייכע און אָרימע קינדער, וואָס האָט זיך אים דאָרט געוואָר־פען אין די אויגען. ער האָט געזען ווי רייכע קינדער כמעט גאָר אָן פיי־איקייטען האָבען אַלץ וואָס איז נויטיג צום לערנען; אַלץ איז פאַר זיי צו־געגרייט און אַלץ קומט זיי אָן גאָר אָן מי, בשעת די אָרימע קינדער מיט זייער גוטע פייאיקייטען ליידען פיל, אַמאָל הונגער, אַמאָל געשלעג פון די לע־רער און אַמאָל זיינען זיי גאָר געצוואונגען אַוועקצוואַרפען דאָס לערנען, ווייל זיי האָבען ניט קיין מיטעל צום לעבען. די אומגלייכהייט, האָט ער שוין דאָרט באַמערקט, הייננט אָפּ פון דער אומגלייכהייט אין דעם באַזיץ פון רייכטימער. אנהויבענדיג צו אַרבעטען אין דער בוך־דרוקעריי, האָט ער נאָך מער פאַרשטאַנען די לאַגע פון די אָרימע און האָט אַלץ מער און מער פאַרשטאַנען, אַז ער איז איינער פון זיי — אַז ער איז אַן אַרבעטער! ער האָט געזען די גרויסע אומגערעכטיקייט פון לעבען און האָט געדיינקט, אַז עס מוז אַנדערש זיין; ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אַלס אַרבעטער, דאַרף ער נעמען אַ איינטייל אין דער גרויסער אַרבעט, אומצוענדערען דאָס מענשלאַכע לעבען,

די מענשלאכע געזעלשאפט. דערצו האט אים אויך צוגעגעבן א ביסעל מוט א פריינט, זייער א טאלאנטפולער יונגערמאן, פ א ל ל א , וועלכער האט זיך באפריינדעט מיט פרודאנען טאקע ביי גאטיע'ן אין דרוקעריי. פ א ל ל א האט אין דער דרוקעריי קארעגירט די גרייזען פון דער לאטיינישער איבער־זעצונג פון דער ביבעל, און פרודאן האט אים איינינגע מאל אויפמערקזאם געמאכט אויף פעלערען, וועלכע ער האט דורכגעלאזען. דאס האט דעם יונ־גען געלערנטען פאראינטערעסירט מיט דעם יונגען זעצער, און זיי האבען זיך באלד טאקע גוט באפריינדעט.

פ א ל ל א האט פרודאנען זייער גוט פארשטאנען און האט אים איינ־מאל אין א בריף אויפגעמונטערט, אז ער זאל פארטזעצען זיין לערנען, ווייל ער האט פאראויסגעזען אין אים א גרויסען דיינקער, א גרויסען שריי־בער און פארקעמפער פאר מענשלאכע רעכטע און גערעכטיקייט. ער האט אים אויפגעמונטערט צו בעטען א סטיפענדיע פון דער בעזאנסאנער אקא־דעמיע פון געלערנטע, וועלכע ער אליין האט אין פארלויף פון דריי יאר געקראגען. די בעזאנסאנער אקאדעמיע פלעגט ארויסגעבען א דריי יאריגע סובסידיע פון 1500 פראנק א יאר פאר ארימע יונגעלייט, וועלכע האבען ניט געהאט קיין מיטעל צו לערנען. פרודאן האט דאס אבער ערשט געטאן אין יאר 1838, נאכדעם ווי ער האט ארומגערייזט פראנקרייך אלס זעצער און האט זיך גענוג אנגעזען צרות און ליידען פון די ארבעטער און האט ווידער גע־פרואווט אליין צו מאכען געשעפט — א דרוקעריי — מיט א שותף אין בעזאנסאן.

אין דעם יאר 1838 האט דער שותף זיך גענומען דאס לעבען איבער פאמיליען־אנגעלעגענהייטען און דאס געשעפט איז געגאנגען צו גרונט. פרודאן איז געבליבען אן מיטלען צום לעבען, און דאמאלס האט ער זיך באשלאסען צו שרייבען א ביטע צו דער בעזאנסאנער אקאדעמיע אום צו קריגען די שטיצע.

די ביטע איז באשטאנען פון א באשרייבונג פון זיין לאגע און פון זיין קאמף מיט שלעכטע אומשטאנדען צו דערווערבען קענטעניסען. ער שרייבט, אז ער האט באשלאסען צו ווידמען זיין לעבען צו דערלערנען די וויסענשאפ־טען און די פילאזאפיע; ער רעדט פיל איבער זיינע רעליגיעזע באגריפען און שליסט דעם אויפרוף צו די געלערענטע מיט יענע וואריעמע ווערטער, וועל־כע וועלען קיינמאל ניט פארגעסען ווערען.

„געבוירען און ערצויגען ביי עלטערען פון דעם ארימען ארבעטער־קלאס, געהערענדיג דעמדאזיגען קלאס איצט און אויף אימער מיט מיין הארץ, מיין פארשטאנד, מיינע געוואוינהייטען, געמיינשאפטלאכע אינטערעסען און גע־מיינשאפטלאכע באגערען, וואלט איך געוועזען העכסט גליקלאך, ווען איך

וואלט צוגעצויגען אייער אויפמערקזאמקייט צו יענעם טייל פון דער געזעל־שאפט, וועלכע עס באשיינט אזוי דער נאמען „ארבעטער"; ווען איך וואלט זיך ארויסגעצייגט ווערט צו זיין דער גרויסער ערע צו זיין זיין ערשטער פארשטייער פאר אייך; ווען איך וואלט געקענט פון איצט אן ארבעטען אן אפרו אויף דער פילאזאפיע און דער וויסענשאפט און מיט דער גאנצער ענערגיע פון מיין ווילען, מיט דעם גאנצען כח פון מיין פארשטאנד פאר דער פולער באפרייאונג פון מיינע קאמעראדען און ברידער" . . . דא הויבט זיך אויף אין דער יונגער ברוסט פון דעם דיינקער דער גרויסער קעמפער־גייסט פון זיינע עלטערן. די ערפארונג אין לעבען האט אים אויפגע־וועקט, די אומגלייכהייט, די ארימקייט, די פארשקלאפונג, דאס ליידענדע ארבעטענדע פאלק האט אריינגעבלאזען אין דער יונגער זעלע דעם רוח הקודש; און אט שטייט ער פאר די געלערנטע און שווערט פאר זיי אייביגע טרייהייט און אונערמידלאכען קאמף פאר דער באפרייאונג פון די גע־קנעכטעטע.

ווי די געלערנטע האבען זיך נעבאך ניט געמאטערט איבער דער ביטע און ווי שטארק עס האט זיי ניט געשמעקט די העזה פון דעם יונגענמאן האבען זיי אבער ניט געקענט אפלייקענען דעם גרויסען טאלאנט פון דעם שרייבער, די ערנסטע שטרעבונגען פון דעם יונגען מענשען צו לערנען און טאקע דאס היבש ביסעל קענטעניס, וועלכע ער האט ארויסגעצייגט און זיי האבען אים די סטיפענדיע באוויליגט.

איצט איז פרודאן שוין געווען מער אדער וויינינגער פארזיכערט מיט לעבענסמיטעל און ער האט זיך גוט מיישב געווען וועגען זיין ארבעט אין דער צוקונפט. עטלאכע מאנאט שפעטער האט ער דער אקאדעמיע צוגעשיקט א קליין ביכעלע וועגען דער נויטיקייט צו האבען א רוע־טאג, (וועגען פייערען זונטאג) — און אין דאזיגען קליינעם ווערק האט ער זיך, ווי עס ווייזט אויס, אנגעצייכענט דעם וועג פון זיין ארבעט אויף זיין שפעטערדיגען לעבען. ער רעדט אין ביכעלע איבער די עשרת הדברות פון ביבעל; אבער אין איי־ניגע פרטים קען מען שוין זען, וואוהין אייגענטלאך דער שרייבער צילט, ער באווייזט די נויטיקייט צו האלטען שבת. אבער ניט אין דעם שטעקט דער שכל און גרויסקייט פון ביכעלע. ער שרייבט :

„וואס זעען מיר ארום זיך? פון איין זייט מענשען אומצופרידענע אין רעכטען מיטען פון דעם גרעסטען לוקסוס — ארימע אין זייערע גרויסע רייכטימער; פון דער אנדער זייט געדונגענע קנעכט וועמען ארימקייט פאר־באט אפילו צו דיינקען וועגען זייער פארשטאנד, וועגען זייער זעלע; זיי זיינען צופרידען, ווען זיי קריגען ארבעט אפילו אום שבת . . . און טראץ דעם דערציילט אונז דאס קריסטענטום, זייענדיג באגרינדעט אויף משה'ס

לערע, אַז ווייטערע דערקלערונגען, אַז מיר דאַרפען האַלטען רו איין טאַג, וועלכער מאַכט אונז אַלע גלייך און ברידערלאַך. הייסט דאָס דען ניט, אַז דאָס הייליגע געזעץ זאָגט אונז, אַז עס איז דאָ אַ צייט פון אַרבעט און אַ צייט פון רוען? און אויב איינינגע פון אייך האָבען ניט קיין רו, איז דאָס דערפאַר ווייל אַנדערע האָבען צופיל רו. שטאַרבליכע! זוכט די וואַרהייט און די גערעכטיקייט, באַדיינקט זיך, זייט זיך מתודה און ווערט נייע מענשען... אייגענטום האָט נאָך ניט באַשאַפען קיין מאַרטירער און עס איז דער לעצטער פון די אָפּגעטער. די פראַגע פון גלייכהייט האָבען מענשען שוין פריער אויפגעהויבען און באַטראַכט, אָבער נאָר אַלס אַ פּרינציפּלאָזע טעאָריע. די פראַגע פון גלייכהייט מוז מען ווידער באַטראַכטען און טאַקע אין דער גאַנצער טיפקייט און ברייטקייט פון דעם באַגריף... אָט איז די אויפגאַבע: מען דאַרף געפינען אַ צושטאַנד פון געזעלשאַפטלאַכער גלייכהייט, וועלכער זאָל ניט זיין ניט קאָמוניזם און ניט דעספּאָטיזם, ניט קיין פאַנאַנדערגלידערונג פון דער געזעלשאַפט און ניט קיין אַנאַרכיע (אין דעם בורזשואַזנעם באַגריף פון „אומאָרדענונג“) נאָר פרייהייט און אָרדענונג און אומאָפּהייניגקייט... און נאָך אַזאַ באַשטימונג פאָלגט גלייך די נויטווענדיקייט צו אַנטשיידען דעם בעסטען וועג ווי איבערצוגיין פון דעם איצטיגען צושטאַנד פון דער געזעלשאַפט צו יענעם צושטאַנד. אָט דאָס איז די גאַנצע אויפגאַבע פון דער מענשהייט“.

און דאָס איז טאַקע אַלעס וואָס דער שרייבער האָט געוואָלט זאָגען אין דעם ביכעלע. ער האָט זיך דערמיט צוגעגרייט צו דער אַרבעט פון זיין ווייטערען לעבען. דער רוסישער דיינקער און קריטיקער מיכאַילאָווסקי וויל דערפון דרינגען, אַז פּרודאָן איז אַריין אין לעבען שוין אַ פאַרטיגער, דאָס הייסט, ער טרעט אַריין אין לעבען שוין מיט אַלע זיינע געדאַנקען, וועלכע ער האָט שפּעטער בלויז ווייטער אַנטוויקעלט. מיר דיינקען ניט אַזוי. מיר פאַרשטייען, אַז פּרודאָן איז ווירקלאַך געקומען אין לעבען אויף אַזוי פיל אַ פאַרטיגער, אויף וויפיל זיינע אורעלטערען און זיין יונג לעבען האָבען אין אים אויסגעאַרבעט געוויסע באַגריפען (מיר וועלען נאָך האָבען די געלעגענהייט צו ריידען וועגען דער ווירקונג פון דער אַרומרינגלענדער געשיכטע פון פראַנקרייך אויף דעם ווייטערען דיינקען און דער טעטיקייט פון פּרודאָן). מיט'ן דאָזיגען ביכעלע אָבער שליסט זיך זיין יוגענט; ער ווערט אַ דערוואַקסענער מענש און זיינע געדאַנקען נעמען אָן די מאַכטיגע פאָרמע פון אַ שניידענדיגער קריטיק, וועלכע קאָסט אים טייער — יאָ, אפשר צו טייער אין זיין לעבען.

ב.

## זיין לעבען אין פאריז און זיינע קריטישע שריפטען

פרודאָן האָט געמאַכט דעם ערשטען פעסטען שפּאַן אין לעבען. די סטי־פּענדיע פון דער בעזאַנסאָנער אַקאַדעמיע האָט אים פאַרזיכערט אויף דריי יאָר מיט לעבענסמיטעל. איצט האָט ער שוין ווידער געקענט לערנען און אויספירען יענעם גרויסען פּלאַן פון טעטיקייט, וועלכען ער האָט זיך אָנגע־צייכענט אין זיינע ערשטע שריפטען. דאָס איז טאַקע געווען די גלענ־צענדסטע צייט פון זיין לעבען, ווייל דאַמאָלס האָט די גיפטיגע מערדערישע האַנט פון פאַרפאָלגונג נאָך ניט אריינגעשאַטען איר סם אין זיין לעבענס־בעכער; די שוואַרץ־געפאַרבטע פויגלען, די חיות רעות און בלוט זויגענדע וואַמפּירען — די קירכע, דער שטאַט און די רייכע — האָבען אים נאָך ניט געהאַט געוויזען זייערע שאַרפע פאַרבלוטיגטע נעגעל. און פול מיט האָפ־נונג צו ברייגנען גרויסע נוצען דער מענשהייט איז ער געפאָרען קיין פאַריז צו שעפּען אַלץ מער און מער פון דעם קוואַל פון קענטעניס.

אין פאַריז האָט זיך פאַר זיינע אויגען אויפגעעפענט אַ נייע וועלט. אַ ניי לעבען. ער האָט זיך נייגעריג צוגעהערט צו די לערעס פון די פּראָ־פעסאָרען פּאָליטישע עקאָנאָמען אין די אוניווערזיטעטען און עס האָט ביי אים גאָר ניט לאַנג געדויערט צו פאַרשטיין אַז אַט די פּראָפעסאָרען־עקאָנאָ־מען זיינען גוטע מליצים פאַר די רייכע, פאַר די גוט־באַזיצער, פאַר די אַרבעט־געבער, אָבער זיי גייט ווייניג אָן די לאַגע פון דעם אָרימאַן, פון דעם אַרבעטער, פון דעם באַזיצלאָזען. ער האָט געזען אַז די אַרבעטער אַליין, דאָס פאָלק, איז צעטיילט, אַז עס גייט נאָך, ווי אַ סטאַדע אומשולדיגע שע־פעלאַך, טאָ דעם, טאָ יענעם פירער. אים האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס פאָלק בלאָנדזשעט, אַז מען דאַרף דעם פאָלק אָנווייזען דעם ריכטיגען וועג.

ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די הייליגע גלחים (און רבנים) פאַרבלענדען דעם פאָלק די אויגען און פאַרטונקלען דעם מענשלאַכען שכל. ער האָט פאַר־שטאַנען, אַז די פּאָליטיקער, די שטאַטסמענער זיינען אַ באַנדע טיראַנען, וועלכע מאַכען דאָס פאָלק פאַר אונטערטעניגע קנעכט צוליב זייער אייגע־נעם וואוילזיין. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז פון טאָג צו טאָג וואַקסט די מאַכ־טיגע גבורה פון די רייכע און פון די באַזיצער פון אייגענטום; ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דידאָזיגע מאַכט וועט אַמאָל זיין די שטאַרקסטע, אַז זי וועט פאַרשלינגען אַלע איבעריגע מאַכטען און זיין די איינציגע הערשענדע מאַכט אין דער גאַנצער וועלט. אים האָט זיך אָבער אויסגעדאַכט, אַז די

אנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט גייט שנעל דערצו, אז דער מענש זאָל פריי ווערען פון זיינע הערשער; אים האָט זיך אויסגעוויזען אז זאָל מען נאָר קלאָר און דייטלאַך דערקלערען דער מענשהייט — דעם הערשער ווי דעם קנעכט — די אמת׳ע אנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט, ווי ער האָט זי פאַרשטאַנען; אז זאָל מען נאָר אויפ׳ן זעלבען וועג דערקלערען די אומ־גערעכטיקייט און די לייד, וועלכע שטאַמט ארויס פון דער אומגערעכטי־קייט, אזוי וועלען דאָס אַלע פאַרשטיין און זיי וועלען זיך א נעם טאָן צו דער ארבעט, צו פאַרבעסערען די געזעלשאַפט. ווארום ווער וויל דאָס ניט, אז עס זאָל אַלעמען גוט זיין אויף דער וועלט ? אזוי האָט פּרודאָן ביי זיין ערשטען אריינטרעטען אין לעבען געגלויבט און דערפאַר שרייבט ער אמאָל צו איינעם פון זיינע באַקאַנטע, אז אַט וועט ער דאָס דער וועלט דערקלערען די גרויסע ווארהייטען פון פריהייט, גלייכהייט און גערעכטיקייט און זיי וועלען מאַכען א רעש אין דער וועלט און מענשען וועלען וויסען ווי צו לעבען גליקלאַך !

אזוי שטאַרק האָט פּרודאָן געגלויבט אין דער מאַכט פון זיינע באַווייזען און אין דער קראַפט פון זיין דיינקען. אים האָט זיך אויסגעוויזען, אז אַלץ וועט זיך אונטערגעבען דער שאַרפער קריטיק, די ריינע באַווייזען פון זיין מאַכטיגען פאַרשטאַנד און דעם זייער ערנסטען שטרעבען צו מאַכען די מענ־שען גליקלאַך און ער האָט זיך מיט גרויס מוט גענומען צו דער ארבעט !

* * *

פראַנקרייך איז פון סוף אכצענטען יאָרהונדערט, ווען די פעאָדאַלע סיס־טעם איז געפאַלען, ביז היינטיגען טאָג, דאָס פעלד, אויף וועלכען די פאָלק־מאַסען האָבען געקעמפט פאַר „פריהייט, גלייכהייט און ברודערליבע".

דיזאַזיגע ג ר ו י ס ע ווערטער האָבען די רעוואָלוציאָנערען אין דער צייט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע ארויפגעשטעלט אויף זייער פאָן, ווייל דאָס פאָלק האָט לייגנער ניט געקענט אריבערטראָגען דעם יאָך וועלכען די טיראַנישע הערשער, פון לואי דעם פערצענטען ביז לואי דעם זעכצענטען, האָבען אויף אים ארויפגעוואָרפען. פרייהייט איז געוואָרען ביים פאָלק דאָס פאַסיר־וואָרט, עס האָט זיך געטראָגען פון מויל צו מויל און אַלע האָבען געוואָלט ווערען פריי — פרייע מענשען, פרייע בירגער ! דער אדעל, אַט די טויגעניכטסען, וועלכע האָבען זיך איינגעשמועסט, אז ביי זיי רינט עפּעס גאָר אַן אנדער מין בלוט אין די אָדערען, איידער ביים געוויינטלאַכען מענשען, ביי איינעם פון פאָלק — זיי האָבען אינאיינעם מיט דער רעגירונג געזויגען דאָס בלוט פון די אָרימע דורך שטייערען און צינזען, מיינענדיג אז אַלץ קומט זיי, ווייל זיי זיינען אדעל־לייט, די אויפהאַלטער פון דער רע־גירונג. דאָס פאָלק האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען ווי דערנידעריגט עס איז אין

די אויגען פון זיינע הערשער און עס איז געווען גאנץ נאטירלאך, דאס איז דער שטרעבונג צו פרייהייט זאל זיך אויך אויסדריקען די שטרעבונג צו גלייכהייט. ביידע אינאיינעם זיינען געווען דאס גליק, די צוקונפט, צו וועל־כער מענשען האבען געשטרעבט—א גליקלאכען לעבען אין פרייהייט און גלייכהייט. א לעבען אין ברידערלאכער ליבע!

— די גרויסע פראנצויזישע רעוואלוציע האט אויסגעבראכען: טייכען בלוט זיינען געפלאסען! . . . טיראנען זיינען געפאלען. פרייע פאנען האבען געפלאטערט! — און אנשטאט די געקרוינטע הערשער איז ארויף אויף דער לעבענס־בינע די הערשענדע מאכט פון גאלד, פון רייכטום, פון באזיץ! . . . קליין, דערנידעריגט, איינגעבויגען אין דרייען, פשוט אויף אלע פיר — איז די הערשערין, די מאכט פון גאלד און אייגענטום ארויפגעקראכען אויף דעם כסא המלוכה! די פראנצויזישע רעוואלוציע האט אפגעשאפט דעם פעא־דאליזם, זיינען טויזענטער, מיליאנען מענשען פריי געווארען — צו פאלען צו די פיס פון דעם נייעם הערשער, דער אפגאט פון גאלד און אייגענטום. אפגעריסען פון זייער לאנד און פון זייער פריערינען ארט לעבען, האבען דידאזיגע ארימעלייט מער גארנישט געהאט זייער אייגענס ווי נאר זייערע מוסקלען, זייערע הענט, זייער קערפער, וועלכען זיי זיינען אימער געווען גרייט צו פארדינגען, אום דורך זייער שווערער פראצע צו פארדינען פאר זיך און זייערע פאמיליען מיטלען צום לעבען. דאס האט דער נייער הער־שעריז, דער מאכט פון גאלד און אייגענטום, געגעבען די געלעגענהייט זיך שנעל צו אנטוויקלען, פאנאנדערצוצווייגען איר טעטיקייט ברייט און ווייט און פארשקלאפען אלץ מער און מער די אונטערטעניגע ארבעטער . . .

די רעוואלוציע איז געפאלען! . . . אויף פראנקרייך, ווי פארצייטען אויף מצרים, איז אויפגעשטאנען א נייער פרעה . . . א בלוט־דורשטיגער פרעה! נאפאלעאן דער ערשטער האט מיט'ן רעש פון קאנאנען און דעם קלאנג פון שווערדען פארטומעלט דעם פאלק'ס רוף צו פרייהייט, גלייכהייט און ברודערליבע. אבער כאטש ער איז געווארען דער אומבאשריינקטער הערשער פון לאנד, פונדעסטוועגען איז שוין אין פראנקרייך די הערשאפט פון א י י ן מענשען איבער דעם גאנצען פאלק געווען אן אפגעלעבטע זאך. נאפאלעאן האט אבער אויפגעוואַרימט די פאטריאָטישע געפילען פון דעם אויפגערייצטען פאלק, האט געוויזען וועגען ווי אזוי פראנקרייך קען ווערען די באזיצערין פון דער גאנצער וועלט און ער, ווי אים האט זיך שטארק גע־וואלט, דער מאכטיגער הערשער איבער איר! און טאקע נאר דורך די פיל מלחמות, דורך זיין גרויסען סאלדאטסקען פארשטאנד און דער מערקווירדי־גער פייאיקייט אפצואווענדען די אויפגערייצטע, קעמפערישע מאכט פון פאלק צו פארכאפען פרעמדע לענדער, אנשטאט צו קעמפען פאר אייגענע רעכט,

האָט נאַפּאָלעאָן געקענט הערשען און הערשען ווי א טיראַן. נאָך נאַפּאָ־לעאָנען ווערט די הערשאַפט איבער דעם פראַנצויזישען פאָלק געריסען טאָ פון די, טאָ פון יענע קיניגלאַכע צדדים און עס קומט ארויף אויפ'ן טראָן לואי דער אכצענטער, וועלכער רעגירט פראַנקרייך אונטער א קאָנסטיטוציע. און באלד טרעט ארויף אויפ'ן טראָן פון פראַנקרייך קארל דער צענטער, וועלכער וויל אויסראַטען אלץ, וואָס די פיל יאָרען פון בלוטיגען קאַמף האָבען דערוואָרבען פאַר דער פרייהייט פון פאָלק און וויל ווערען דער מאַכטיגער אומבאַשריינקטער הערשער פון פראַנקרייך, ווי נאַפּאָלעאָן איז געווען. אָבער יענע קליינע דערנידעריגטע הערשענדע קראַפט פון גאָלד און אייגענ־טום האָט זיך צו דערדאַזיגער צייט אנטוויקעלט אין א מאַכטיגער קראַפט, אין א הערשענדען קלאַס — אין א קלאַס פון רייכע און באַזיצער. אָט דער קלאַס פון הערשער, פון רייכע און אייגענטום באַזיצער האָט אין זיך דער־פילט די קראַפט צו באַקעמפען דעם טיראַן, וועלכער וואָלט געקענט שטערען זיין אייגענע, דעם באַזיצער־קלאַס אנטוויקלונג — און אין 1830 שטייט דאָס פראַנצויזישע פאָלק שוין ווייטער אויף די באַריקאַדען און קעמפט אויפצו־האַלטען דאָס ביסעלע פרייהייט און דאָס ביסעלע רעכט, וואָס עס האָט שוין דערוואָרבען.

קארל דער צענטער אנטלויפט קיין ענגלאַנד און אויף דעם הערשער טראָן פון פראַנקרייך טרעט ארויף לואי פיליפּ, דער קאָנסטיטוציאָנעלער מאָ־נאַרד, ניט אלס קיניג פון פראַנקרייך, נאָר אלס "Roi Des Francais", דער קיניג פון די פראַנצויזען. דאָס זאָל הייסען דעם פאָלקס קיניג, אין אמת'ן אָבער, דער קיניג פון דער נייער מאַכטיגער הערשאַפט, דער קיניג פון דער בורזשואַזיע און אייגענטום־באַזיצער.

* * *

און אָט אין דער צייט פון לואי פיליפּ'ס הערשאַפט איבער פראַנקרייך איז פּרודאָן געקומען קיין פּאַריז. דאָ האָט ער דערזען דאָס שרעקלאַכע לעבען, דאָס לעבען פון דער געזעלשאַפט ווי עס איז אין דער ווירקלאַכקייט. ער האָט געזען, אז אלץ מער און מער וואַקסט די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע אז אלץ מער און מער שלינגט דאָס אייגענטום איין דעם ארבעטער'ס פּראַצע און טאַקע דערפאַר ווערען אלץ מער און מער קבצנים צווישען דעם ארבע־טענדען פאָלק. ער האָט דערזען דעם מאַכטיגען שטרעבען צו פרייהייט, די נויטווענדיקייט פון מענשלאַכער גלייכהייט און פאַר זיינע אויגען האָט אָנ־געהויבען שוועבען דער גרויסער אידעאַל פון גערעכטיקייט. ער האָט פאַר־שטאַנען, אז אום צו קענען לערנען די מענשהייט ווי אזוי צו לעבען, דאַרף מען פריער שטודירען דאָס געזעלשאַפטלאַכען לעבען. דאָס הייסט, אז פריער פאַר אלץ דאַרף מען פאַנאַנדערגלידערען, אנאַליזירען די געזעלשאַפט, וועל־

כע עקזיסטירט, פאַרשטיין די פּרינציפּען, אויף וועלכע זי שטייט, און ערשט נאָכדעם דאַרף מען אויפבויען אַנאַנדערע, וועלכע זאָל זיין געגרינדעט אויף גערעכטיקייט.

אָט דאָס איז געווען פּרודאָן, ווען ער האָט זיך אין פּאַריז אַרומגעזען, וואו ער איז אין דער וועלט.

דער יונגערמאַן מיט דעם מאַכטיגען פאַרשטאַנד, האָט איצט איינגעזען, אַז דאָס פּאָלק אַליין האָט אויך אין זיינע פריערדיגע קאַמפען מיט די הערשער געזוכט צו דערווערבען זיך פרייהייט און גלייכהייט. ביי פּרודאָנען איז די שטרעבונג צו פרייהייט און גלייכהייט געווען יענע טייערע ירושה, וועלכע זיינע אייגענע פּאַרעלטערען האָבען אים איבערגעלאָזען. באַווירקט, אַלזאָ, פון דעם גרויסען שטרעבען פון פריערדיגע דורות, באַווירקט פון דעם גרויסען שטרעבען פון די לעבעדיגע מענשען אַרום אים, נעמט זיך פּרודאָן פּאַנאַנדערגלידערען די געזעלשאַפט, קריטיקירען אירע אַנשטאַלטען און פּראָקלאַמירען די פרייהייט, די גלייכהייט און די גערעכטיקייט.

פּרודאָן פאַרשטייט, אַז דער פונדאַמענט פון דער היינטיגער בורזשואַ־זער געזעלשאַפט איז דאָס אייגענטום און דערפאַר ווידמעט ער זיינע ערשטע פאַרשונגען טאַקע דעם געגענשטאַנד פון אייגענטום. אין זיין ערשטען וויכטיגען בוך „וואָס איז אייגענטום?" באַטראַכט ער עס פון אַלע זייטען, אַזוי ווייט ווי אים האָט זיך געדאַכט נויטיג צו באַהאַנדלען דעם געגענשטאַנד און אויף דער פראַגע „וואָס איז אייגענטום?" גיט ער דעם שאַרפען ענטפער: „אייגענטום איז פּשוט גנבה!"...

דאָס איז אַ געפערלאַכער ענטפער אויף אַזאַ פראַגע! געפערלאַך פאַר אַ יונגענמאַן, וועלכער האָט ערשט אריינגעטראָטען אין לעבען און לערנט אויף דעם רעכענונג פון אַ געלערנטער געזעלשאַפט פון וויסענשאַפטלאַכע דינער ביי דעם הערשענדען קלאַס. אַבער אַזוי האָט פּרודאָן פאַרשטאַנען די זאַך און אַזוי האָט ער אויך געשריבען. און פּרודאָן האָט קיינמאָל ניט פאַרקויפט זיינע געדאַנקען, זיינע איבערצייגונגען פאַר געלט!

ווי אַזוי איז פּרודאָן געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אייגענטום איז גנבה?

ווען פּרודאָן איז געקומען קיין פּאַריז, האָט ער זיך באַקאַנט מיט פיל געלערנטע מענשען. אייניגע זיינען אויף אימער געבליבען זיינע גוטע פריינט, מיט וועלכע ער פלעגט זיך כסדר איבערשרייבען *). די שטענדיגע

*) פּרודאָנס בריף צו זיינע פריינט שפּילען אַ גרויסע ראָלע אין פּרודאָנ'ס לעבען, און פון זיי קען מען אַממערסטען שעפּען מאַטעריאַל, בעסער צו פאַרשטיין זיין לעבען און זיינע געדאַנקען.

געשפּרעכען און דיסקוסיעס מיט די פּריינט האָבען ארויסגערופען פאַרשיי־דענע פראַגעס, איבער וועלכע ער פלעגט דיינקען און לערנען. באַלד איז ער באַקאַנט געווארען מיט דער פילאָזאָפיע — מיט דער מעטאַפיזיקע, וועל־כע איז דאַמאָלס געווען אין דער גרעסטער מאָדע *). די וויסענשאַפטען האָט ער אויך געלערנט, אָבער ווי עס שיינט האָט ער קיין זאַך ניט געלערנט סיסטעמאַטיש און נאָך וויניגער האָט ער געזוכט צו באַקענען זיך מיט די וויסענשאַפטען אַזוי, אַז ער זאָל קענען באַציען פון זיי מעטאָדען, די וועגען מיט וועלכע מען דאַרף אַ געגענשטאַנד באַהאַנדלען מער אָדער וויני־גער וויסענשאַפטלאַך. כאָטש ער האָט אין איין קול געשריען, אַז מען מוז דעם סאָציאַלען לעבען וויסענשאַפטלאַך שטודירען און וויסענשאַפטלאַך אַנאַ־ליזירען, שיינט ער אָבער אונטער „וויסענשאַפטלאַכע מעטאָדען" צו פאַר־

*) וואָס איז מעטאַפיזיקע? אַמאָל האָבען די דיינקער כסדר געזוכט דעם אָנהויב פון דער וועלט, דעם אָנהויב פון יעדער זאַך, דאָס, אויף וואָס אַ זאַך שטייט באַפעסטיגט, דעם ערשטען פּרינציפּ, דעם יסוד פון דער וועלט און פון אַלץ וואָס עקזיסטירט אויף איר. אויף דעם אופן האָט אַריסטאָטעל, דער גרעסטער גריכישער פילאָזאָף געמיינט, אַז מעטאַפיזיקע באַטייט 1) די לערע פון די ערשטע פּרינציפּען, די יסודות פון זיין, פון לעבען און עקזיסטענץ; 2) די לערע פון די יסודות פון דיינקען און וויסען און 3) דעם יסוד פון גאָט אַלס אָנהויב און סוף פון אַלץ אין דער וועלט. אויף די דריי זאַכען האָט זיך אויך באַגרינדעט די סכאָלאַסטישע פילאָזאָפיע פון מיטעלאַלטער. די ראַציאָנאַליסטישע פילאָזאָ־פען אין די שפּעטערדיגע צייטען האָבען פאַרשטאַנען אַזוי ווי דער גרויסער דויטשער פילאָזאָף קאַנט, אַז מעטאַפיזיקע איז די לערע, די טעאָריע איבער דער באַשאַפונג און דעם צוזאַמענהאַנג פון דעם מאַטעריאַלען טייל פון דער וועלט — די הימעלשע און ערדישע פיזיק, — די לערע אָדער די טעאָריע פון די לעבעדיגע וועזענס און זייער לעבען (ביאָלאָגיע), די לערע אָדער טעאָריע פון דיינקען, סיי אַלס אַ נאַטירלאַכע ערשיינונג און סיי אין צוזאַמענהאַנג פון די־דאָזיגע פענאָמענען אַלס אַ זעלע, אַ נשמה, (עקספּערימענטאַלע און ראַציאָנאַלע פּסי־כאָלאָגיע) און שליסלאַך אַלס לערע אָדער טעאָריע פון אַ ראַציאָנאַלער פאַרשטענ־דעניס פון דער גאָטהייט, דאָס הייסט, די גאַנצע וועלט, אַזוי ווייט ווי דאָס מענש־לאַכע וויסען און קענטניסע קען זי אומפאַסען. אָט דאָס האָט קאַנט געוואָלט פאַרשטיין אונטער דעם וואָרט מעטאַפיזיקע. שפּעטער האָבען זיך די פילאָזאָפען אַ ביסעלע באַגרענעצט. דער ענגלישער מעטאַפיזיקער סיר וויליאַם האַמילטאָן האָט איינפאַך אויסגעשלאָסען פון דעם באַגריף מעטאַפיזיקע די לערע איבער מאַטעריעלע זאַכען און נאַטירלאַכע פענאָמענען. ער זאָגט איינפאַך, אַז מעטאַפיזיקע האָט גאָר דערמיט ניט צו טאָן און אַז זי איז בלויז די לערע פון דיינקען און וויסען און שיין.

שטיין נאר די „באאבאכטונג מעטאדע“. אמת טאקע די „באאבאכטונג־מעטאדע“ איז א וויסענשאפטלאכער וועג צו לערנען געוויסע ערשיינונגען וויסענשאפטלאך, אבער ניט נאר איז עס ניט דער איינציגער וועג נאר עס איז אויך דער שלימסטער וועג, דורך וועלכען צו לערנען דאס לעבען פון דער געזעלשאפט. פשוט דערפאר, ווייל א מענש אין זיין אייגען לעבען קען ווייניג באאבאכטען דאס לעבען פון א גאנצער געזעלשאפט, און די באאבאכטונגען פון פארשיידענע מענשען זיינען טאקע גאנץ פארשיידען. דערפאר מוז מען זיך גריבלען אין פיל באאבאכטונגען איבער דעם געזעלשאפטלאכען לעבען פון פיל פארשיידענע באאבאכטער און האלטען פאר ריכטיג נאר דאס, וואס ווערט פון אלע באאבאכטער געמיינשאפטלאך באשטעטיגט.

פרודאן איז אבער, פארקערט, געווען פארליבט אין די מעטאפיזישע ארטען פון דיינקען, דאס הייסט, פון דיינקען נאך דעם גראדען פארשטאנד, ווי דעם דיינקער אליין ווייזט זיך אויס איז גלייך; אויסטראכטען עפעס א גרויסען געדאנק און נאכדעם זוכען צופאסען אלץ אין לעבען און אין דער נאטור צום דאזיגען גרויסען געדאנק; דיינקען נאך די רעגעלען פון דער לאגיק, צי דאס דיינקען קען פאקטיש באוויזען ווערען צי ניין. היינטיגע צייטען ווערט זיך א גרויסער דיינקער קוים אונטערשטעלען אזוי צו דיינקען און דאך וועלען בלייבען א ג ר ו י ס ע ר דיינקער. היינטיגע צייטען ציט מען שלוסען פון דערפארשטע פאקטען, פון עקספערימענטען, פון באאבאכטונג און פון דער פארגלייכונג פון איין זאך מיט דער צווייטער, א. א. וו.

אין פרודאנ׳ס צייטען אבער האבען די יעניגע, וועלכע האבען געשטודירט די געזעלשאפט, געטאן ווי זיי האט זיך געוואלט אדער ווי די פילאזאפיע האט זיי געלערנט צו דיינקען און דערפאר טאקע זיינען זיי מערסטענטיילס געווען אוטאפיסטען־סאציאלאגען, דאס הייסט, מענשען, וועלכע האבען זיך אויסגעטראכט א געזעלשאפטלאכען אידעאל און דערנאך געזוכט צו באקערען די איבעריגע מענשען צום דאזיגען אידעאל.

פרודאן איז אויך טיילוויים אזא מין געזעלשאפטלאכער פארשער. אבער ער איז א מאכטיגער דיינקער און ער קומט ארויף אויף גרויסע ווארהייטען דורך זיין מאכטיגען פארשטאנד. ער מאכט אבער אויך מאכטיגע פעלערען און בויט אפטמאל אויף א בנין גלאט אויף ווערטער אליין. פרודאן האט אמאל געאגט אז זיינע לערער זיינען געווען „די ביבעל, אדאם סמיט (דער פאטער פון דער פאליטישער עקאנאמיע) און העגעל“ (דער גרויסער דייטשער פילאזאף). די לעצטע צוויי זיינען אפילו געווען גרויסע מענשען, אבער פון זיי קען מען דאך ניט דערלערנען די ריכטיגע וויסענשאפטלאכע וועגען פון דיינקען און פארשען. און טאקע ווייל פרודאן האט זיין מעטאדע צו דערפארשען די געזעלשאפט געלערנט פון העגעל׳ן, האט ער טראץ זיין בעסטען ווילען דאך גאר נישט אויפגעבויט וויסענשאפטלאכעס, זיכערעס אין דער

סאציאלאגיע. *) אלץ קומט ביי אים אויס אזוי אדער אנדערש נאך דעם גראדען פארשטאנד! ווען ער פאלט דאך אויף א גרויסער ווארהייט, איז עס אדער טראץ זיין אויסגעווײלטען וועג פון דיינקען און פארשען, אדער ער איז פשוט צופעליגערווייס געקומען אויף דעם אמת. פון העגעל'ן האט פרו־דאן געלערנט די דיאלעקטישע **) מעטאדע און מיט איר האט ער דערפארשט און געלערנט די געזעלשאפט. אייניגע ביאגראפען זיינע ווילען באהויפטען ווי קארל מארקס אליין האט עס אויך געטאן, אז העגעל'ס פילאזאפיע האט פרודאן געלערנט פון מארקסען. דאס שיינט אבער צו זיין ניט ריכטיג, ווייל מארקס האט זיך געטראפען מיט פרודאנען ערשט אין 1844 אין פאריז, דאס ווערק „וואס איז אייגענטום?" איז שוין אבער געווען ערשינען אין 1840, און אין דעמדאזיגען ווערק האט שוין פרודאן געהאט דורכגעפירט די העגעלישע ארטען פון דיינקען, ווי מיר וועלען דאס ווייטער זען ***). אם ווארשיינלאכסטען האט פרודאן צוערשט געלערנט העגעל'ס פילאזאפיע פון די פיל געשפרעכען מיט זיינע פריינט, וועלכע זיינען געווען נאכפאלגער פון העגעל'ס דיינקען, און שפעטער האט ער זי נאכמער געלערנט פון מ א ר ק ס ע ן און ב א ק ו נ י ע ן.

---

*) אנאנדער גרויסער דיינקער פון אונזער צייט האט זיינע מעטאדען צו פארשען די געזעלשאפט געלערנט ביי העגעלען — קארל מארקס און אויך ער האט גאר נישט זיכערעס, וויסענשאפטלאכעס אויפגעבויט אין דער סאציאלאגיע. (פאר־מישט דאס נישט פונדעסטוועגען מיט זיינע פארדינסטען אין דער עקאנאמיע. וועגען דעם וועלען מיר נאך ריידען אין א שפעטערדיגען קאפיטעל איבער „פרודאן און מארקס".)

**) די ארט און וויז פון דיינקען אנאליטיש, דאס הייסט, פאנאנדערגלידערען א געגענשטאנד און פון דעם אויפבויען נייע ווארהייטען אדער ציען נייע שלוסען, האבען די מעטאפיזיקער גערופען די דיאלעקטיק, אדער די דיאלעקטישע מעטאדע פון דיינקען.

***) צום אומגליק גיבען זיך אפילו די סאציאליסטען ניט די מי איבערצו־לייענען דאס ווערק „וואס איז אייגענטום?" וואס האט געמאכט אזא רעש איבער גאנץ אייראפע, אין דער גאנצער דיינקענדער וועלט.

ג.

# וואס איז אייגענטום?

**וואס איז אייגענטום?**

אויף דערדאזיגער הארבער קשיה האט פרודאן פשוט געענטפערט, אז אייגענטום איז גנבה. זאגען, ענטפערען גלאט אין דער וועלט אריין, פאר־שטייט זיך, האט פרודאן ניט געקענט; ער האט געדארפט באווייזען, און דאס, דאכט זיך, האט ער טאקע באוויזען, ווי צוויי מאל צוויי איז פיר אין איין בוך, וועלכען ער האט אנגערופען, „וואס איז אייגענטום: אדער א פאר־שונג איבער די פרינציפען פון רעכט און הערשאפט“.

פרודאן באטראכט אין דעם בוך אז דאס געזעלשאפטלאכע צוזאמענ־לעבען פון מענשען באשטייט פון דרייערליי פארשיידענע טאטזאכען. מענ־שען, ווי חיות, האבען עפעס א נאטירלאכען וואונש צו לעבען אינאיינעם מיט אנדערע, צו לעבען אין א געזעלשאפט. דאס איז א נאטירלאכע פאר־דערונג און דאס איז אויך די ערשטע שטופע פון געזעלשאפטלאכקייט. אין דערדאזיגער שטופע שטייט דער מענש ניט פיל העכער פון דער חיה: ביידע לעבען א געזעלשאפטלאך לעבען אייגענטלאך דורך דער נאטור אליין, דורך דעם אינסטינקט.

מענשען זיינען אבער אוועקגעגאנגען ווייטער פון דער חיה אין זייער אלגעמיינער אנטוויקלונג. ביים מענשען ווי ביי דער חיה איז פאראן אזא געפיל, דורך וועלכען זיי אנדערקענען די גלייכהייט פון זייער אייגענער פערזענלאכקייט מיט דער פערזענלאכקייט פון א צווייטען אינדיווידום, מיט דעם איינציגען אונטערשייד וואס די חיה האט ניט קיין באגריף אין דעם, דאס הייסט, זי קען זיך ניט פאר־שטעלען — זי באזיצט דיזען געפיל אינסטינקטיוו, בשעת דער מענש קען זיך דאס פארשטעלען אין א קלארער אידייע פון גלייכהייט צווישען מענשען.

אט דידאזיגע אידייע פון גלייכהייט ביי מענשען פירט זיי צו אנדערקענען א געוויסען אופן פון צוזאמענלעבען, וואס זאל ניט שעדלאך זיין פאר וועמען ניט איז אין דער געזעלשאפט; דאס הייסט, עס איז פאראן אין לעבען פון דעם מענשען א שטרעבען צוזאמענצולעבען מיט זיינע מיט־מענשען אויף דעם בעסטען וועג פון גערעכטיקייט. געזעלשאפטלאכקייט, גערעכטיקייט און גלייכהייט זיינען איין־און־דיזעלבע זאך. ווען מענשען קומען זיך צונויף צו

לעבען געמיינשאַפטלאַך, האָבען זיי שוין טאַקע דורך דעם אַליין אויסגעדריקט די גלייכהייט פון יעדען איינעם פון זיי און האָבען דורך דעם אויסגעדריקט זייער וואונש צו האַנדלען איינער מיט'ן אַנדערען אויף אַ גערעכטען אופן. ווען מענשען האַנדלען איינער קעגען אַנדערען אויף אַ גערעכטען אופן, מוזען זיי אַנדערקענען יעדע לייסטונג פון איין מענשען פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט. הגם עס קומט ניט יענעם שרייבער, יענעם מאַלער, יענעם קינסטלער, אָדער געלערנטען קיין דאַנק פאַר דעם וואָס ער טוט פאַר דער געזעלשאַפט, ווייל די געזעלשאַפט האָט פאַר אים גענוג געטאָן דערמיט, וואָס זי האָט אויף אים געווירקט דורך אירע גרויסע מענשען, וועלכע האָבען אין איר געלעבט פריער פאַר אים, מוז פונדעסטוועגען יעדער איינער אַנדערקענען די וויכטיקייט פון דעם אָדער יענעם מיטגליד אין דער מענשלאַכער געזעלשאַפט. דידאַזיגע אַנדערקענונג פון יעדען מענשען'ס שטאַנד אין דער געזעלשאַפט דריקט זיך אויס ביי אינטעליגענטע מענשען, אין דידאַזיגע דריי געפילען: דאַנקבאַרקייט, פאַרערונג און פריינטשאַפט, וועלכע זיינען אַלע איינס־און־דיזעלבע זאַך אין דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען און וועלכע פרודאָן האָט אָנגערופען מיט דעם נאָמען "Equite" אין דעם זין פון דעם לאַטיינישען וואָרט 'Humanitas' , דאָס וואָס מיר רופען אויף אונזער שפּראַך אַז איינפאַך מענשלאַכקייט.

מענשלאַכקייט פאַרניכטעט חלילה ניט די גערעכטיקייט. פאַרקערט, דורך דער גערעכטיקייט ווערט די מענשלאַכקייט שטאַרקער, ווייל אין דער געזעלשאַפט פון מענשען אַנדערקענט זי די ווערדע פון יעדען איינעם און ערט אים פאַר די נוצען, וואָס ער בריינגט דער מענשהייט. די מענשלאַכקייט "equite" איז דידאַזיגע וואָס לערנט אונז צו העלפען די שוואַכע אין גייסט און דאָך האַלטען זיי פאַר גלייך מיט אונז, ניט צו פאַרשקלאַפען זיי; צו באַערען די שטאַרקע אין גייסט און דאָך ניט ווערען זייערע קנעכט; צו ליבען אונזערע פריינט, די מיט־מענשען, מיט דערזעלבער ליבע, מיט וועלכער זיי ליבען אונז.

אָט דאָס איז די דריטע נויטיגע געזעלשאַפטלאַכע שטופע, צו וועלכער נאָר מענשען זיינען אימשטאַנד געוועזן צו אַנטוויקלען זיך. געזעלשאַפטלאַכקייט, גערעכטיקייט און מענשלאַכקייט (equite), דאָס זיינען די דריי אינסינקטיווע און גייסטיגע קראַפטען, וועלכע פירען אונז צו דער פאַראייניגונג און געמיינשאַפטלאַכקייט מיט אונזערע ברידער מיט־מענשען. דאָס זיינען די דריי גרויסע טאַטזאַכען אין דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען פון מענשען, וועלכע פירען צו דער פּולער גלייכהייט פון אַלע מענשען בנוגע אַלע רייכטימער פון דער נאַטור און בנוגע אַלע פּראָדוקטען פון מענשלאַכער אַרבעט און מענשלאַכער מי.

נו, פרעגט פּרודאָן, אויב דאָס זיינען די נאַטירלאַכע קראַפטען, וועלכע לערנען אונז צו לעבען אין אַ געזעלשאַפט, טאָ ווי אַזוי איז דאָס די מענשלאַכע געזעלשאַפט געוואָרען אַזוי שלעכט ווי זי איז איצט ? דאָס, דיינקט ער, איז געקומען דורך דער מעגלאַכקייט פון דעם מענשען צו דיינקען און אײבערלייגען זיך און באַנוצען זיך מיט די אַרומרינגלענדע פאַרהעלטעניסען פאַר זיינע פּערזענלאַכע נוצען. אין די גאַנץ אַלטע צייטען איז דער מענש קיין פאַרברעכער, קיין מערדער ניט. ער איז אָבער אומוויסענד און זוכט צו דערווערבען זיך אַלס אייגענטום אַלץ וואָס ער דיינקט קען אים צונוץ קומען. דורך דעם קומען אומגלייכע פאַרהעלטעניסען צווישען מענשען, וועלכע פאַראורזאַכען באַהערשונג און מענשלאַכע אומגלייכהייט. דערנאָך קומט דער בלוטיגער קאַמף פון מענשען קעגען מענשען, פאַרברעכען, אויפשטאַנד פון שקלאַפען און מלחמה. דורך דער גאַנצער אַנטוויקלונג פון דעם מענשען אין דער געזעלשאַפט, אין וועלכער ער לעבט, דיינקט ער, איבערלייגט ער זיך און קעמפט קעגען די אומגלייכע פאַרהעלטעניסען, וועלכע רינגלען אים אַרום.

דורך דעם שטענדיגען קאַמף פון דיינקען און איבערלייגונג קעגען דעם נאַטירלאַכען אינסטינקט צו לעבען געזעלשאַפטלאַך אויף אַ געוויסען נאַטירלאַכען אופן, איז פאַרניכטעט געוואָרען דאָס אור־אַלטע קאָמונאַלע לעבען פון די אַמאָליגע מענשען און אייגענטום איז געבוירען געוואָרען דורך אייגעננוצען. און ווערענד קאָמוניזם, דיינקט פּרודאָן, איז די ערשטע נאַטירלאַכע, אינסטינקטיווע פאָרמע פון דער מענשלאַכער געזעלשאַפט, וועלכע וואָלט שטאַרקער און שטאַרקער געוואָרען דורך דער אַנטוויקלונג פון דער אַרבעט און אינדוסטריע, שטייט אָבער אויף דער מאַכטיגער מענשלאַכער געדאַנק, די שטאַרקע קראַפט פון איבערלייגונג און לערנט די מענשהייט, אַז אויב גלייכהייט איז די אוממיטעלבאַרע נויטווענדיקייט פון דער געזעלשאַפט, איז קאָמוניזם דער ערשטער סאָרט קנעכטשאַפט. אָדער אויסזאָגענדיג דאָס אין דער באַקאַנטער פאָרמולע, אין דעם באַקאַנטען אויסדרוק פון דעם דייטשען פילאָזאָף העגעל, הייסט דאָס: קאָמוניזם, דער נאַטירלאַכער צושטאַנד פון דער מענשלאַכער געזעלשאַפט, איז די ערשטע שטופע פון געזעלשאַפטלאַכער אַנטוויקלונג — דער טעזיס. אייגענטום, ווידער, גראָד דער קעגענזאַץ פון קאָמוניזם איז די צווייטע פאָרמע פון געזעלשאַפטלאַכער אַנטוויקלונג — דער אַנטיטעזיס. דערפון ווייסען מיר דאָך, דיינקט פּרודאָן ווייטער, אַז ווען מיר ווילען פאַרריכטען די ביידע געזעלשאַפטלאַכע צושטאַנדען איינעם מיט'ן צווייטען און נאָכדעם ווילען מיר זיי ביידען פאַראייניגען אַזוי, אַז זיי זאָלען בילדען איין געזעלשאַפטלאַכען צושטאַנד — דאַמאָלס ווילען מיר

האבען די ריכטיגע פאָרמע פון מענשלאכער געזעלשאפטלאכקייט. *)

אַט אויף דעמדאָזיגען וועג גייט פּרודאָן ווי אויף אַן אייזערנער בריק, צעשלאָגענדיג, ווי ער מיינט, דעם קאָמוניזם פון איין זייט און דאָס איי־גענטום פון דער אַנדערער זייט און אויפבויענדיג דעם בנין, דעם סינטעז, די צוקונפטיגע פאָרמע פון דער געזעלשאפט.

פּרודאָן טוט עס אַזוי:

אַז קאָמוניזם איז אַ שלעכטע זאַך, דיינקט ער, ווייס יעדערער. קאָמו־ניזם, איז נאָך זיין מיינונג, אומגערעכט, ווארפט ארויף אויף יעדען מענשען אַ יאָך פון שקלאַפעריי; דער מענשלאכער ווילען ווערט פאַרקנעכטעט און עס פירט זיך אַ לעבען מאָנאָטאָן, לאַנגווייליג, ניט רירעווודיג און ניט פאָרט־שרייטענד. דאָס ברייננגט צו אַ מאָראַלישער מאַטערניש און מאַכט דאָס לעבען פון'ם מענשען נמאס און שוואַכט דורך דעם אָפּ די גאַנצע געזעל־שאפט. פּלאַטאָ, דער גרויסער גריכישער פּילאָזאָף, האט זיך ניט געקענט פאָרשטעלען קיין קאָמוניסטישע רעפּובליק, וואו עס זאָלען אין איר ניט זיין קיין שקלאַפען. ליקורג, אַנאַנדערער גריכישער דיינקער און געזעצגעבער, האט אין זיינע קאָמוניסטישע איינפירונגען באשאַפען אַ קלאַס מענשען העלאָטען, וועלכע האָבען געדאַרפט ארבעטען פאַר זייערע הערען, ווייל יענע האָבען פאַרגענומען מלחמות, אָדער זיי האָבען זיך פאַרשאַפט פאַרגעניגען דורך אַטלעטישע שפּילען. אפילו זשאַן זשאַק רוסאָ, איינער פון די פראַנ־צויזישע דיינקער פון לעצטען יאָרהונדערט, צונויפמישענדיג קאָמוניזם מיט גלייכהייט, דערלויבט דאָך די מעגלאַכקייט פון שקלאַפעריי אין אַזאַ נאַטור־קאָמוניסטישע געזעלשאפט, ווי ער האט זיך אין דער צוקונפט פאָרגעשטעלט. היינט ווער שמועסט, די קריסטלאכע קאָמונעס פון אַלע צייטען, זיי זיינען פשוט מיט דער צייט געוואָרען מאָנאַסטירען און האבען געפירט אַ לעבען ווי אין אַ קלויסטער אָדער אַ טורמע. אַ קאָמוניסטישע געזעלשאפט האט

---

*) דערפון זעט דער לעזער אַז שוין אין דעמדאָזיגען ווערק איז פּרודאָן באַקאַנט מיט דער העגעלישער פילאָזאָפיע, ווי מיר האָבען דאָס פריער באַהויפּטעט, נאָך איידער ער האָט זיך געטראָפען מיט מאַרקסען אין פּאַריז און מאַרקס'ס באַ־הויפּטונג אַז פּרודאָן האָט פון אים געלערנט העגעל'ס פילאָזאָפיע איז איינפאַך ניט ריכטיג.

די מעטאָדע פון דיינקען, וועלכע פּרודאָן האָט אויבען געברויכט, איז די באַקאַנטע העגעלישע טרעיאַדע, דורך וועלכער יעדער געדאַנק איז לאָגישער־ווייס אַ צוזאַמענשטעלונג פון אַ זאַך און אַ קעגען זאַך. די זאַך אָדער דער געדאַנק איז דער טעזיס; די קעגענזאַך אָדער דער קעגענגעדאַנק איז דער אַנטיטעזיס און די זאַך אָדער דער געדאַנק וואָס פאָלגט פון דער פאַראייניגונג פוןביידע איז דער סינטעזיס.

ניט נאָר איר אייגענטום אין לאַנד און פּראָדוקטען, נאָר זי איז אויך דער אייגענטימער פון די פּערזאָנען אַליין. מענשען גיבען זיך אונטער געוויסע רעגעלען און זיי ווערען קנעכט. דאָס מענשלאַכע לעבען, די מענשלאַכע פֿיאַיקייטען זיינען דאָס אייגענטום פון אַלע און מען קען מיט זיי טאָן אַלץ וואָס דעם הערשענדען אויטאָריטעט, דער גאַנצער געזעלשאַפט, ווילט זיך. אין אַ קאָמונע אַרבעטען די שטאַרקע פאַר די שוואַכע, די פלייסיגע פאַר די פוילע, די קלוגע פאַר די נאַראַנים, מיט איין וואָרט, קאָמוניזם, מיינט פּרודאָן, איז אומגלייכהייט און שקלאַפעריי.

אייגענטום, ווידער, איז אומגלייכהייט דערפאַר, ווייל דורך אייגענטום ווערט איינער דער באַזיצער פון פיל זאַכען, בשעת דער אַנדערער האָט גאָר ניט. דער וואָס איז דער באַזיצער באַהערשט דעם באַזיצלאָזען און דורך דעם ווערט אויך פאַרניכטעט די פרייהייט פון דעם באַזיצלאָזען, פון דעם אָרימאַן. אייגענטום, הייסט דאָס, איז אויך אומגלייכהייט און שקלאַפעריי.

וואָס פאַרשטייען מיר דען אונטער דעם וואָרט רויבער אָדער גנב? פרעגט פּרודאָן... איינער וועלכער נעמט צו, באַהאַלט אַ זאַך פאַר זיך אַליין. אזוי האָבען מענשען אין אַלע שפּראַכען פאַרשטאַנען דאָס וואָרט גנבה. ראַבעוועז, גנב'ענען קען מען אין פאַרשיידענע וועגען; די עפּענטלאַכע געזעצגעבונג האָט אַנדערקענט פאַר גנבה נאָר די, דורך וועלכער מען נעמט עפּעס צו פאַר זיך מיט גוואַלד. מיר ווייסען אָבער אַז אחוץ די עפּענטלאַכע אַרטען פון ראַבעוועז און גנב'ענעז, גנב'עט מען און מען ראַבעוועט אויך דורך אָפּנאַרען, דורך שווינדעל, דורך פּראָצענט, דורך רענט, דורך קאָמערץ און דורך פּראָפיטען אויף פּראָדוקטען. ווי אַזוי דען, פרעגט זיך, עקזיסטירט אייגענטום, ווען ניט דורך די אַלע מיטלען? — און וואָס איז דען אייגענטום אַנדערש ווי גנבה און רויב? אייגענטום א י ז רויב און גנבה און קען אונטער אומשטאַנדען פון געזעלשאַפטלאַכקייט, גערעכטיקייט און געזעלשאַפטלאַכע פּראָפּאָרציאָנאַליטעט — equite — (מעסיקייט) ניט עקזיסטירען איבער צען באַשטימטע אורזאַכען, וועלכע פּרודאָן באַשרייבט אין גאַנץ לאַנגע אַרגומענטען און וועלכע מיר וועלען דאָ ברייננגען נאָר אַלס פון אים באַשטעטיגטע וואַרהייטען: —

1) אייגענטום איז אוממעגלאַך אונטער געזעלשאַפטלאַכקייט, גערעכטיגקייט און געזעלשאַפטלאַכע מעסיקייט — equite — ווייל עס פאָדערט פון דעם ניט־באַזיצער עטוואָס פאַר גאָר ניט.

2) אייגענטום איז אוממעגלאַך, ווייל וואו עס עקזיסטירט, קאָסטען די פּראָדוקטען מער ווי זיי זיינען ווערט. דער אייגענטימער מוז דאָך עטוואָס קריגען פאַר זיי אויף זיין חלק פאַר גאָר ניט.

3) אייגענטום איז אוממעגלאַך, ווייל מיט'ן גאַנצען נאַטירלאַכען קאַ־

פּיטאַל, דאָס הייסט, וואָס די נאַטור גיט, איז דאָך דער ווערט פון אַ פּראָ־דוקט אָפּהייִנגענד פון דער אַרבעט וואָס שטעקט אין אים און ניט פון איי־גענטום פון די מאַטעריאַלען פון וועלכע ער איז געמאַכט. קורץ, פּראָדוק־ציאָן איז פּראָפּאָרציאָנעל צו דער אַרבעט און ניט צו אייגענטום.

4) אייגענטום איז אוממעגלאָך, ווייל עס איז די דערמאָרדונג פון איין מענשען, דעם באַזיצלאָזען, דורך דעם באַזיצער דערמיט וואָס ער רויבט פון אים אוועק די נויטיגע מיטלען צום לעבען.

5) אייגענטום איז אוממעגלאָך, ווייל ווען עס עקזיסטירט מוז די גע־זעלשאַפט, דורך דער ווירקונג פון אייגענטום, פאַרניכטעט ווערען.

6) אייגענטום איז אוממעגלאָך, ווייל עס איז דער קוואַל פון אַלע טיראַ־ניי: עס גיט דעם באַזיצער די מאַכט, די הערשאַפט, עס גיט אים די קראַפט פון טיראַניי.

7) אייגענטום איז אוממעגלאָך, ווייל ווען דער אייגענטימער פאַרצערט די איינקונפטען וואָס אייגענטום ברייִנגט אים איין, הייסט דאָס אַז מיט דער צייט וועט זיך דאָס אייגענטום זעלבסט פאַרניכטען, ווייל אַז די איינקונפטען ווערען פאַרלוירען, פאַרלירט דאָס אייגענטום די ווערט; פאַרצערט אָבער דער אייגענטימער ניט די איינקונפטען פון אייגענטום, נאָר ער קלייבט זיי צוזאַ־מען, ניט געברויכענדיג זיי, הייסט דאָס אַז זיי ליגען פאַר אים און פאַר זיין אייגענטום אַז אַ ווערט. פאַרקערט, געברויכט ער זיי יאָ אַלס קאַפּיטאַל, ווערען זיי די מאַכטיגע געגנער פון דער אַרבעט, פון דער פּראָדוקציאָן.

8) אייגענטום איז אוממעגלאָך, ווייל עס האָט די פייאיקייט זיך אומ־ענדלאָך צו פאַרמערען און ווייל פון דער אַנדער זייט, איז דאָך אַלץ וואָס קען ווערען אייגענטום באַגרעניצט. הייסט דאָס, אַז עס קען קומען אַ צייט ווען אַלץ אין דער וועלט — אפילו די וועלט אין גאַנצען, זאָל זיין דאָס איי־גענטום פון אַ קליינער צאָל מענשען — זאָגאָר פון איין מענשען!

9) אייגענטום איז אוממעגלאָך, ווייל עס איז מאַכטלאָז קעגען אייגענ־טום. הייסט דאָס אַז אייגענטום אפילו מיט אייגענטום שטייט אין אַ מאַכ־טיגען גלייכען קאַמפּף.

10) אייגענטום איז אוממעגלאָך, ווייל עס איז די אָפּלייקענונג פון מענשלאַכער גלייכהייט!

* * *

פּרודאָן, הייסט עס, האָט דערגרייכט זיין ציל. ער האָט אויפגעוויזען, נאָך זיין מיינונג, ווי ביידע, סאַי קאָמוניזם און סאַי אייגענטום, ברייִנגען שלעכטס אין דער געזעלשאַפט און ער זוכט זיך צו דערקלערען פאַר וואָס דאָס איז אַזוי. ער זעט אַז קאָמוניזם זוכט צו מאַכען אַלע מענשען גלייך און אַז די געזעלשאַפט זאָל לעבען נאָך געוויסע געזעצען, ווערענד אייגענ־

טום זוכט אומאָפּהיינגיקייט פאַר דעם איינצעלנעם מענשען און פּראָפּאָר־ציאָנאַליטעט — equite — געמעסיקייט, אַלס די רעגולירונגס־קראַפט פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. אַלזאָ, אי קאָמוניזם אי אייגענטום באַצווע־קען גוטע זאַכען, ברייינגען אָבער ביידע שלעכטע רעזולטאַטען! ער דיינקט אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל ביידע שליסען אויס אומאָפּהיינגיקייט, זעלבסט־שטענדיקייט און געזעלשאַפטלאַכע געמעסיקייט equite —ווערענד אייגענטום איז קעגען גלייכהייט און געזעלשאַפטלאַכע געזעצען.

ווען מיר זאָלען זיך פאָרשטעלען אַזאַ געזעלשאַפט, דיינקט פּרודאָן, וואָס זאָל איינשליסען אַט די פיר פּרינציפּען, וואָלט דאָס געווען די ריכטיגע גע־זעלשאַפטלכע פאָרמע. (דער געזעלשפטלאַכער סינטעז) און דאָס איז אַ געזעלשאַפט וואו:

1) גלייכהייט באַשטייט אין גלייכהייט פון פאַרהעלעניסען, פון מיטלען (ניט פון נויטווענדיקייטען — דאָס דאַרף זיך יעדער מענש אַליין דערוואָר־בען) און אַזאַ גלייכהייט איז ניט קעגען געזעלשאַפטלאַכער געמעסיקייט — equite

2) דאָס געזעץ, וועלכעס איז באַגרינדעט אויף ו ו י ס ע ן און קומט אַרויס פון די נויטווענדיגע פאַרהעלטעניסען איז ניט דאַקעגען פּערזענלאַכער אומאָפּהיינגיקייט אָדער זעלבסטשטענדיקייט.

3) פּערזענלאַכע אומאָפּהיינגיקייט, וועלכע קומט אַרויס פון די פאַר־שיידענהייטען אין פייאיקייטען און טאַלאַנטען, קומען ניט אין אַנשטויס מיט די געזעלשאַפטלאַכע געזעצען, וועלכע זיינען, ווי עס איז שוין פריער גע־זאָגט געוואָרען, אַ רעזולטאַט פון נויטיגע לעבענס־פאַרהעלטעניסען.

4) געזעלשאַפטלאַכע געמעסיקייט — פּראָפּאָרציאָנאַליטעט — equite ווען מען באַטראַכט עס נאָר פאַרהעלטעניסמעסיג צו אינטעלעקטועלע פיי־איקייטען און מענשלאַכע געפילען און ניט פאַרהעלטעניסעמעסיג צו מאַ־טעריעלע מיטלען, איז ניט קעגען גערעכטיקייט און געזעלשאַפטלאַכער גלייכ־הייט.

אַט דאָס איז די דריטע פאָרמע פון דער מענשלאַכער געזעלשאַפט, די צוקונפטיגע פאָרמע וועלכע אַנטהאַלט די פיר אויבענדערמאַנטע פּרינציפּען. אַט דעם סינטעז פון קאָמוניזם און אייגענטום (אַרויסנעמענדיג דאָס בעסטע פון ביידע און פאַראייניגען דאָס) וועלען מיר אָנרופען פ ר י י ה י י ט.

און פרייהייט איז גלייכהייט, ווייל פרייהייט קען נאָר עקזיסטירען אין אַ געזעלשאַפט און אַ געזעלשאַפט אָן גלייכהייט קען ניט עקזיסטירען.

פרייהייט איז פּילפאַכיג, ווייל פרייהייט גיט יעדען מענשען־ווילען פולען רוים צו אַנטוויקלען זיך און קען זיך אויסדריקען אין יעדען מענשענס ווילען.

פרייהייט איז געזעלשאַפטלאַכע פּראָפּאָרציאָנאַליטעט — equite — ווייל פרייהייט גיט יעדען די מעגליכקייט צו אַנטוויקלען זיינע פייאיקייטען

און טאַלאַנטען ביז צו די העכסטע שטופען אויף וועלכע זיי קענען אַמבעס־טען פאַרערט ווערען פון אַנדערע מענשען.

פרייהייט איז א נ א ר כ י ע, ווייל פרייהייט אַנדערקענט קיין מעשנשלאַכע הערשאַפט און אַנדערקענט נאָר דאָס געזעץ וועלכעס שטאַמט פון די נויטיגע לעבענס־פאַרהעלטעניסען.

אַט דאָס זיינען די אידייען וועלכע פּרודאָן לערענט אין "Que'est ce que la propriete".

וואָס איז אייגענטום — ענטפערענדיג מיט דער גיפטיקייט פון א גרויסען פּראָלעטאַריער la propriete' c'est le vol אייגענטום איז גנבה!*)

---

*) דער סדר פון בוך איז ניט ווי דער סדר פון מיין דאַרלייגונג דאָ. פּרוּ־דאָן פאַנגט אָן מיט אַ געוואַלדיגער ביטערקייט צו רופען די אייגענטימער גנבים, דאַן ברייגגט ער אַרויס זייגע צען וואַרהייטען און ערשט דאַן קומט ער צו דער סאָציאָלאָגישער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט און די פאָלגען וועלכע ער שליסט. מיר האָט זיך מיין אַרט דאַרלייגונג אויסגעוויזען מער סיסטעמאַטיש, קלאָרער און אויך פיל לאָגישער. האָב איך מיר דאַרום דערלויבט צו דאַרלייגען ווי איך האָב פאַרשטאַנען.

ד.

## זיין טעטיקייט

ווי נאָר עס איז אַרויס אויף דער וועלט פּרודאָנ'ס בוך „וואָס איז איי־גענטום", האָט זיך פאַר אים אָנגעהויבען יענע גרויסע מאַטערניש, וועלכע ער האָט געליטען זיין גאַנץ איבעריג לעבען. פּרודאָנען האָט זיך געדאַכט, אַז די גאַנצע וועלט מענשען וועלען זיך אַ וואָרף טאָן אויף זיין בוך, וועלען עס לעזען מיט קאָפּ און וועלען געווייס פאַרשטיין אַלץ וואָס דער שרייבער וויל און געוויס וועלען זיי נאָכפאָלגען די אידייען פון בוך. עס וועט זיך אָנהויבען די אַרבעט פון איבערמאַכען די געזעלשאַפט אויף די פּרינציפּען פון גערעכטיקייט און אַלץ אין דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען וועט ווערען רעכט. אזוי האָט פּרודאָן געגלויבט און זיין יונגע, וואַרמע נשמה האָט זיך געטראָגען ביז אין זיבעטען הימעל פאַר פרייד, פול מיט דער האָפענונג צו דערלעבען די קומענדיגע צוקונפט! — ער האָט הפּנים פאַרגעסען אָן דעם אַלטען ווערטעל — „ניט אַזוי גיך טוט זיך, ווי עס רעדט זיך" — ער איז נאָך טאַקע באמת געוועזען צו יונג און צו אומערפאַרען צו קענען די מענשלאַכע נאַטור, און איבערהויפּט צו פאַרשטיין, אַז די הערשענדע קלאַסען גיבען ניט אָפּ גלאַט אַזוי זייער הערשאַפט — די גאָלדענע גרוב, דעם ברונען, פון וועלכען זיי שעפּען פאַר זיך אַל־דאָס־גוטס, גליק, לעבען, מיט דער פולער האַנט!...

אָבער באַלד האָט פּרודאָן באַמערקט ווי קאַלט־בלוטיג דאָס גאַנצע לע־זענדע פובליקום האָט זיך געהאַלטען צו זיין בוך. די פּרעסע, וועלכע וואָלט געוויס געוועזען געמאַכט אַ שטאַרקען געפּילדער איבער אַ ביכעל פון אַן אַנ־גענומענער פּערזאָן, האָט וועגען זיין בוך אפילו ניט דערמאָנט. די בעזאַנ־סאָנער אַקאַדעמיע האָט זיך שטאַרק געבייזערט און געסטראַשעט פּרודאָנען מיט אָוועקנעמען פון אים די סטיפּענדיע, דערפאַר וואָס ער האָט געהאַט די חוצפּה צו אַטאַקירען אַזאַ וויכטיגען געזעלשאַפטלאַכען אַנשטאַלט ווי אייגענ־טום. די רעגירונג, ווידער, האָט אים באַטראַכט פאַר אַ זייער געפערלאַכען מענשען, פאַר אַ רעוואָלוציאָנער, וועלכער וויל איבערקערען די גאַנצע גע־זעלשאַפט מיט'ן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף; עס האָט פּשוט גע־האַלטען דערביי, אַז מען זאָל פּרודאָנען אַריינזעצען אין געפענגעניס, ווען ניט דער געלערנטער עקאָנאָם און פּאַרלאַמענט־מיטגליד ב ל אַ נ ק י, וועלכער האָט זיך גינסטיג אויסגעשפּראָכען וועגען דעם בוך.

בלאַנקי איז חלילה מיט אים ניט געוועזען איינפאַרשטאַנען. דאָס

וואָלט געווען צו אַפּיקורסיש פאַר אַ געלערנטען מליץ יושר פון דעם איצטיגען עקאָנאָמישען סיסטעם און די איצטיגע געזעלשאַפטלאַכע אַנשטאַלטען. אָבער ער האָט באַטראַכט דעם "Que'est ce que la propriete" ווי אַ וויסענשאַפטלאַכע פאָרשונג. אמת טאַקע אַ פאָרשונג, וועלכע איז אַ ביסעלע צו ראַשיג געשריבען, פּרודאָן האָט אין איר אַ ביסעלע צו הויך גערעדט, אָבער דאָך אַ פאָרשונג, וועלכע זוכט די וואָרהייט און מיינט די וואָרהייט צו געפינען. אַזוי האָט זיך בלאַנקי וועגען דעם בוך אויסגעשפּראָכען אין דער פאַריזער אַקאַדעמיע און די בעזאַנסאָנער אַקאַדעמיקער האָבען ניט געוואָגט צוצונעמען ביי פּרודאָנען די שטיצע טאַקע איבער דער מיינונג פון דעם גרויסען געלערנטען. דאָס האָט אים אויך דערווייל וויינינגסטענס אָפּגעהיט פון דירעקטער פאַרפאָלגונגען פון דער רעגירונג.

פּרודאָן האָט נאָכדעם געשריבען אַ צווייטען טייל פון דעם בוך „וואָס איז אייגענטום?“ אין דער פאָרמע פון אַן אָפענעם בריף צו דעם געלערנטען בלאַנקי. אין דעם ווערק זאָגט פּרודאָן אייגענטלאָך גאָר ניט קיין נייס. ער ווידערהאָלט דאָס, וואָס ער האָט געלערנט אין דעם ערשטען טייל פון זעלבען בוך, נאָר פיל געלאַסענער, סיסטעמאַטיש פאָרשטעלענדיג יעדען געדאַנק, וועלכען ער האָט אין דעם ערשטען ביכעל אויסגעשפּראָכען. אין דעם אָפענעם בריף צו בלאַנקי איז פּרודאָן שוין אַ ביסעלע איבערגעטראָטען דעם גרעניץ פון אייגפאַכער דאַנקבאַרקייט; ער איז אַ ביסעלע שוין צו דאַנקבאַר, שמייכעלט זיך אַ ביסעלע אונטער דעם גרויסען געלערנטען; ער זינגט, ווי זאָגט מען, אַ מין מה יפית נגון'דעל צו בלאַנקי'ס גרויסער עקאָנאָמישער מאַיעסטעט! . . . אָבער, כ'לעבען, יעדער דיינקענדער מענש קען פאַרשטיין דעם פּסיכישען צושטאַנד פון אַ יונגענמאַן, וועלכער האָט דורך זיין ענטוזיאַסטישען גלויבען אין זיינע אייגענע אידייען געוואָרט, אַז די גאַנצע וועלט זאָל אים נאָכפאָלגען, אָבער אַנשטאָט דעם באַגעגענט ער גאָר פאַר זיינע אידייען האַס און פאַרפאָלגונג פון אַלע, אחוץ נאָר פון איין מענשען, וועלכער האָט אים פאַרשטאַנען און דער איינער איז דער גרעסטער געלערנטער עקאָנאָם פון פראַנקרייך! יעדענפאַלס פון זיינע אידייען טרעט פּרודאָן ניט אָפּ אין דעם אָפענעם בריף צו בלאַנקי; פאַרקערט, ער באַגרינדעט זיי נאָך פעסטער, ער דיסקוטירט מיט דעם געלערנטען און ציינט אים אַן אויף זיינע אייגענע לערעס אַלס באַשטעטיגונג פון שליסע, וועלכע ער, פּרודאָן ציט פון זיי.

פון דעם גאַנצען רושם, וועלכען זיין בוך האָט אָנגעמאַכט צווישען דעם הערשענדען קלאַס און אין דער רעגירונג, האָט פּרודאָן פאַרשטאַנען, אַז זיין עקזיסטענץ איז ווייט ניט געזיכערט און מען מוז עפּעס געפינען פון וואָס מען זאָל קענען לעבען און לערנען. אום טאַקע ווייטער צו קענען שרייבען און

קריטיקירען, טראָץ דעם וואָס די אַרומריינגלענדע וועלט איז אויף אים אַזוי שטאַרק אַרויפגעפאַלען. פּרודאָן האָט זיך אויסגעוויזען, אַז ער קען קריגען אַ שטעלע ביי דער רעגירונג; אַז ניט נאָר דאַרף די רעגירונג ניט זיין קעגען אים און פאַרפאָלגען אים, נאָר פאַרקערט, זי וואָלט אים געדאַרפט שטיצען און העלפען אים אויספירען זיינע פּלענער. וואָרום וואָס וויל ער דען, ווען ניט דאָס וואוילזיין פון יעדען מיטגליד אין דער געזעלשאַפט? אַז די רע־גירונג וועט זיך באַצייטענס ניט אַרומקוקען, וועט דאָך געוויס אויסברעכען אַ רעוואָלוציע און עס וועט פאַרגאָסען ווערען מענשלאַכע בלוט—די רעגירונג וועט פאַלען און ווער ווייס צו וואָס עס קען קומען! ער אָבער האָט דאָך פּראַכטפולע פּלענער ווי צו פאַרבעסערען דאָס לעבען, מאַכען אַלע גליקלאַך אויף אַ גוטען געמיטלאַכען וועג! . . . נו, איז פאַרוואָס זאָל די רעגירונג זיין קעגען דעם? אַ פּראַקטישער מענש, אַן ערפאַרענער רעוואָלוציאָנער וואָלט געלאַכט אין אַרבעל איבער אַזאַ קינדערשע נאַאיוויטעט. פּרודאָן האָט אָבער, טראָץ זיין גרויסען פאַרשטאַנד, אין ד ע ם ערנסט געגלויבט און טאַקע דערפאַר שרייבט ער אַן אויפרוף צו דער רעגירונג אַט אין ד ע ם זין און בעט ביי דער רעגירונג אַ שטעלע אין דער בעזאַנסאָנער פּרעפעקטור! פאַרשטייט זיך, אַז די שטעלע האָט ער ניט געקראָגען. פאַרקערט, די רע־גירונג האָט זיך איבערצייגט אַז ער איז אַ געפערלאַכער פערזאָן, אַ רעוואָ־לוציאָנער, אַ פאַרשווערער און מען האָט אים מכבד געווען מיט תפיסה. מען האָט אים אַרעסטירט און געבראַכט קיין בעזאַנסאָן, וואו מען האָט אים גע־משפּט פאַר פאַרשווערונג. דאָ האָט ער זיך אַליין פאַרטיידיגט.

אין אַ גלענצענדער רעדע פאַר דעם געריכט האָט ער אָפּגעשפּאָט פון זיינע שופטים, אָפּגעלאַכט פון דער רעגירונג, אַ תל געמאַכט פון די רייכע, ענטוזיאַסטיש געפּריידיגט זיינע אידייען, געשניטען רעכטס און לינקס מיט די שאַרפען פון זיין צונג, אויסגעגאָסען דעם סם פון זיין פאַרוואָגעלטען לעבען אויף די טומפּע געפילען פון זיינע פאַרפאָלגער אַזוי קונציג, אַזוי סאַרקאַסטיש, אַזוי מייסטערהאַפט, אַז אַ הילכענדער געלעכטער האָט זיך צוזאַמענגעגאָסען מיט טיפע זיפצען און כליפּענדע געוויינען. דאָס פּובליקום אויף די גאַלערייעס האָבען געדונערט מיט אַפּלאָדיסמענטען, די שופטים האָבען אים געדריקט די הענט און האָבען אים באַפרייט! . . .

פּרודאָנען האָט זיך אויסגעוויזען, אַז זיין שטערען פון זיג איז שוין אויפגעגאַנגען, אָבער . . . ניין, דער אורטייל איז געווען דער איינציגער טריומף פון זיינע געדאַנקען איבער דער געזעלשאַפט, וועלכע האָט אים אָבער ניט אויפגעהערט צו פאַרפאָלגען.

נאָכדעם ווי די אַקאַדעמישע שטיצע האָט זיך געענדיגט, איז פּרודאָן ווידער געבליבען אָן מיטלען צום לעבען. ער איז געווען געצוואונגען אָנצו־

נעמען אַ שטעלע ביי אַ רייכען אַדוואָקאַט אין פּאַריז אַלס זיין פּריוואַט סעקרעטאַר. אין פּאַריז האָט ער זיך ווידער געטראָפען מיט די אַלע געלערענטע עמיגראַנטען, וועלכע זיינען אין יענער צייט געווען דאָרט. צווישען זיי איז אויך געווען קאַרל מאַרקס. ווידער האָבען די אַלע דיינקער פאַרבראַכט נעכט אין פּריוואַטע דיסקוסיעס און דאָ האָט זיך שוין אַרויסגעוויזען, ווי וויים מאַרקס איז ניט געווען איינשטימיג מיט פּרודאָנען אין זיינע אידייען און געדאַנקען. מאַרקס איז געווען אַ קאָמוניסט, פּרודאָן איז מיט דעם קאָמוניזם ניט געווען איינפאַרשטאַנען און האָט געזוכט פּערזענלאַכע פרייהייט אין אַ קאָלעקטיווער געזעלשאַפט. שפּעטער, נאָכדעם ווי פּרודאָן האָט אָנגעשריבען זיין וויכטיגסטען בוך „די עקאָנאָמישע ווידערשפּרוכען“ און מאַרקס האָט אַ ביסעל איבערגעזאַלצען זיין קריטיק איבער דעם בוך, זיינען זיי זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אויף אימער.

„די עקאָנאָמישע ווידערשפּרוכען“ זיינען געשריבען געלאַסענער, פיל וויסענשאַפטלאַכער ווי אַלע זיינע איבעריגע ווערק. אין דעם ווערק, ווי אין אַלע זיינע ווערק, איז פּרודאָן אַ טרייער נאָכפאָלגער פון העגעלען. וואַרשיינלאַך האָט ער פיל געלערנט וועגען העגעלען פון מאַרקסען, כאָטש באַקאַנט איז ער שוין מיט אים פון פריער געווען. מאַרקס, ווי שוין דערמאָנט, איז אויך געווען אַ טרייער נאָכפאָלגער פון העגעלען אין דער מעטאָדע פון דיינקען. און ווענען פון ביידע, צי מאַרקסען, צי פּרודאָנען, העגעל האָט געמיינט, ווען ער האָט געזאָגט: „נאָר איין מענש האָט מיינע לערעס פאַרשטאַנען און דער האָט זיי שלעכט פאַרשטאַנען“, ווייס מען נאָך עד היום ניט!

* * *

„עקאָנאָמישע ווידערשפּרוכען“ איז אַ טיכטיגע קריטישע אונטערזוכונג פון דער היינטיגער געזעלשאַפט. ער איז דאָ ניט איינפאַרשטאַנען כמעט מיט קיינעם פון די דאָמאָלס באַוואוסטע עקאָנאָמען. ער האָט זיי ווירקלאַך פאַרשטאַנען אין זייער אמת'ער געשטאַלט און האָט זיי באַטראַכט אַלס די לערער פון טעאָריעס, וועלכע פּאַסען פאַר די באַזיצער און אייגענטימער, אָבער ניט אַלס אמת'ע פאָרשער פון דער וואַרהייט. איז זיינע עקאָנאָמישע אַרבעטען האָט פּרודאָן דער ערשטער געוויזען ווי אַזוי די אַרבעט, די פּראָדוצירענדע אַרבעט, כאָטש זי פאַרגרעסערט די צאָל פון געברויכזאַמע אַרטיקלען, כאָטש, מיט איין וואָרט, זי מאַכט רייכער די וועלט — די באַזיצער פון קאַפּיטאַל — מאַכט זי פונדעסטוועגען אָרימער און אָרימער דעם פּראָדוצירער פון דיזע אַרטיקלען — דעם אַרבעטער.

פּרודאָן האָט באַוויזען, אַז די צעטיילונג פון דער אַרבעט, כאָטש זי מאַכט אַזאַ ראַשיגע פאַרמערונג פון פילפאַכקייט אין דער פּראָדוקציאָן —

דאס הייסט, די ארבעט ווערט אלץ מער און מער קאמפליצירט, די ארבעטער ווערען אלץ מער אפהייננגיג אין דעם פראדוצירען, איינער פון צווייטען, פונדעסטוועגען מאכט אט די זעלבע צעטיילונג פון דער ארבעט דעם פראדוצירער, דעם ארבעטער אלץ איינפאכער און איינפאכער אין דעם פארשטיין זיין ארבעט און מאכט אים אלץ מער פאר איין איינפאכערען ווערקצייג אין דער פראדוקציאן.

פרודאן האט באוויזען, אז כאטש יעדע מאשינע, וועלכע די טעכניק ארבעט אויס, וואלט אין דער ווירקלאכקייט באדארפט זיין א ברכה פאר דעם ארבעטער, ווייל זיין ארבעט ווערט דורך איר לייכטער און ער קען א סך מער פראדוצירען דורך איר, פונדעסטוועגען איז גאר יעדע מאשינע פאר דעם ארבעטער א העלישער פלוך, ווייל מיט דער אנטוויקלונג פון דער מאשינעריע ווערען אלץ מער און מער ארבעטער ארויסגעווארפען פון דער פאבריק, אדער צו שטארבען פון הונגער גאר אן ארבעט, אדער צו פארקויפען זייערע מוסקולען בזול, און דאריבער טאקע, ווידער אמאל, כמעט ווי צו שטארבען פאר הונגער.

פרודאן האט גענוי אונטערזוכט דעם שווערען קאמף פון *ארבעטער קעגען ארבעטער* פאר דעם שטיקעל ברויט און דעם בלוטיגען קאמף פון *ארבעטער מיט ארבעטגעבער* פאר די רייכטימער פון דער וועלט. ער האט אנגעציינגט אויף דעם שווערען קאמף, וועלכער בילדעט זיך אין א געזעלשאפטלאכען לעבען אלס א קאנקורענץ, אלס נויטיגער רעזולטאט פון דעם פרינציפ פון באדערפענישען פון פערזענלאכער פרייהייט און האט אויך אויפגעציינגט ווי דידאזיגע קאנקורענץ מוז אויף דעם געביט פון דער אינדוסטריע פירען צו דער שטענדיגער צוזאמלונג פון רייכטימער און מיטלען פון דער פראדוקציאן אין די הענט פון א קליינער צאל מענשען — מאנאפאלען, וועלכע רויבען אוועק ביי דעם פראדוצירער דאס וואס געהערט אים און מאכען אים דורך דעם פאר א גרויסען ארימאן, פאר אן אביון, וועלכער מוז נעבאך פארקויפען זיין לייב און לעבען פאר א שטיקעל ברויט. דאס הייסט, אט דיזעלבע קאנקורענץ רויבט ביי אים אוועק די פרייהייט, מאכט אים פאר אן אונטערדריקטען קנעכט, וועלכער ליגט ביי די פיס פון זיינע הערשער.

אזוי האט פרודאן געזען אין אונזער לעבען נאר ווידערשפרוכען — א ווידערשפרוך אויף א ווידערשפרוך. דארום האט ער זיין עקאנאמישע אונטערזוכונג באטיטעלט מיט'ן נאמען *„עקאנאמישע ווידערשפרוכען“*. דאך, איז פרודאן'ס גרעסטע אויפגאבע געוועזן צו פאראייניגען אט די אלע ווידערשפרוכען, אט די אלע *טעזען און אנטיטעזען* אין איין געזעלשאפטלאכער *סינטעזע*, וועלכע ער האט

אַזוי קלאָר פעסטגעשטעלט אין זיין ווערק „וואָס איז אייגענטום“, און אין וועלכען ער האָט אָנדערקענט דעם אַנאַרכיזם — ווי ער האָט אים פאַרשטאַנען — אַלס געזעלשאַפטלאַכע פרייהייט!

אַזוי האָט פּרודאָן געלערנט אין אַלע זיינע טעאָרעטיש־פילאָזאָפישע ווערק. שפּעטער האָט קאַרל מאַרקס פיל פון דיזע אידייען און וואַרהייטען ווידער אַנטדעקט און ערפונדען . . . און דער עולם גלויבט נאָך ביז היינטיגען טאָג, אַז די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע וויסענשאַפטען זיינען קאַרל מאַרקס׳ — זיינע און מער קיינעמס ניט! זיינע, דעם סאָציאַלען משה רבינו׳ס . . . און נאָך ביז היינטיגען טאָג וויל דאָס פאָלק ניט פאַר־שטיין, אַז דער גרויסער, מאַכטיגער משה רבינו פון דער נייער צייט ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון קליינינקע, דראַבניקע משה׳לאַך, וועלכע צעוואָרפען גליענדע פונקען אין אַלע עקען פון דער וועלט. בלאָזען אויף די גליענדע פונקען מיט דער קראַפט פון אומערמידלאַכען קאַמף און אומבאַזיגבאַרער איבערציינונג, ביז עס פלאַקערט אויף אין אַ באַלייכטענדען פייער און צייגט אַן דעם ליידענדען, דעם קנעכט, דעם געפאַלענעם, דעם וואָרען וועג —

„און לערנענדיג — פריידיגט איר,

„און קעמפענדיג — שעדיגט איר,

„די וואָס באַהערשען די ערד!

באַגלייט זיי דער אָרימער זינגער.

* * *

אין לעבען, ביי דער וועלט, איז פּרודאָן געוועזען אָנגענומען פאַר אַ געפער־לאַכען רעוואָלוציאָנער און איז דערפאַר אויסגעשטאַנען אַ היבש ביסעל צרות פון אַלע צדדים. די סאָציאַל־דעמאָקראַטען האָבען אים פאַרפאָלגט און די בורזשואַזיע, נאַטירלאַך, האָט אים איינפאַך געהאַסט. די פראַנצויזישע רע־גירונג, וועלכע האָט זיך דאַמאָלס געהאַלטען ווי אויף הינערשע פיסלאַך און וועלכע איז טאַקע אַלע וויל אומגעפאַלען און האָט אַלע וויל געביטען איר געשטאַלט — דיזע רעגירונג האָט אים געהאַלטען פאַר אַ געפערלאַכען מענ־שען און האָט ניט דורכגעלאָזען די קלענסטע געלעגענהייט אים צו אונטער־דריקען, אַריינזעצען אין תפיסה, אַרויסיאָגען פון לאַנד און אָנווענדען קעגען אים נאָך אַנדערע גרויזאַמע מיטלען, וועלכע רעגירונגען געברויכען קעגען די קעמפער פון אַ פאָלק. עס איז אָבער צום באַדויערען, אַז אַפילו אינטעל־ליגענטע, גוטע מענשען האָבען אויך פּרודאָנען אָפטמאָל ניט פאַרשטאַנען, זיין כאַראַקטער ניט ריכטיג אויפגעפאַסט און האָבען אָפטמאָל, דאַכט זיך גאָר אין גוטען געמיט, אים אַזוי שלעכט פאַרגעשטעלט, אַז פּרודאָן וואָלט נאָך דאַכט זיך אַפילו איצט, טויטערהייט, פאַר שאַנדע רויט געוואָרען, ווען

ער זאָל אויף איין מינוט נאָר קענען זיך פאָרשטעלען, אז זיי מיינען, אז ער איז ביים לעבען אזוי געווען.

א געוויסער רוסישער שרייבער וויל פארשטייז, אז פּרודאָן איז געווען עפּעס א שטיקעלע „פּלוט״. ניט חלילה א גרויסער פּלוט... ניין! נאָר אזוי גלאַט! א שטיקעלע „פּלוט״, ווייל ער האָט ניט פּעסט אויסגעהאַלטען דעם צוג פון זיינע אידייען. אזוי דיינקט דער רוסישער שרייבער! א צווייטער וויל נאָר אז מיר זאָלען דיינקען, אז פּרודאָן האָט גאָר ניט ערנסט גע־מיינט מיט דעם שווערען און בלוטיגען קאַמף, וועלכען ער האָט זיין גאַנץ לעבען געווידמעט; א סימן, אז די פרוי אין דער געזעלשאַפט האָט ער באַ־טראַכט נאָר ווי א מוטער, א הויז־מענש, א קינדער־דערציערין! געוויסע דעמאָקראַטישע דיינקער האָבען, מחשבות'ן, גלאַט אזוי גערעכענט, אז אזוי ווי אַלע אנארכיסטען, וועלכע וועלען זיין און וועלכע זיינען שוין דאָ, זיינען און וועלען זיין שפּיאָנען, א פּשיטא שוין פּרודאָן, דער ערץ־אנארכיסט, ער איז געוויס געווען דער אנפירער פון א שפּיאָנען־ביוראָ . . . אי, פאַרוואָס איז ער געזעסען עטלאַכע יאָר אין אַסטראָג, אין תפיסה? נאָר דאָס איז דאָך קיין קשיא ניט, פאַרוואָס זיצען דען כמעט אַלע טעטיגע אנארכיסטען אין תפיסה? גאָר ניט, גלאַט אזוי, פּשוט, אום צו פאַרבלענדען דעם עולם די אויגען.

מילא די געוויסע דעמאָקראַטישע דיינקער זיינען שוין בטבע אַזעלכע לאָגיקער, אבער אויך ערנסטע מענשען פאַרדריסט דאָס שטאַרק. ערנסטע מענשען וואָלטען באַדאַרפט פאַרשטיין די צייט און די אומשטאַנדען, אין וועלכע פּרודאָן האָט געלעבט, מיט וועלכע עלעמענטען ער האָט געהאַט צו קעמפען. ביי פּרודאָנען איז דאָס געווען דער גרעסטער אָפּפער — אזוי האָט ער פאַרשטאַנען — דאָס ער, פּרודאָן, אַט דערזעלבער, וועלכער קען מיט דער פּעדער אליין אומוואַלצען דעם געזעלשאַפטלאַכען צושטאַנד; ער, פּרודאָן אליין, וועלכער וועט איצט קלאָר און דייטלאַך אַנצייגען דעם ברייטען, גלייכען וועג צום מענשלאַכען גליק, אַלזאָ, ער, פּרודאָן אליין, וועט מיט העקעל און פּעקעל איבערגיין צו דער רעגירונג און וועט איר העלפען, מיט זיך אַנשטאַט בלוט, צו בריינגען די מענשהייט אין דעם געבענשטען לאַנד כנען. אזא טיפ מענש, מיט אזא אָפּפערוויליקייט, ווי גאַנץ ווייט איז ער פון צו זיין א „פּלוט״. א טרוימער, דאָס יע, אבער א פּלוט! . . .

עס איז אמת, אז ביי פּרודאָנען קומט אויס, אז די פרוי איז ניט אזא מענש ווי דער מאַן. ער באַשטימט פאַר איר געוויסע באַגרעניצטע טעטי־קייטען, ניט פּיל אַנדערש פון די, וועלכע עס ערלויבט איר א היינטצייטיגער ליבעראַלער בורזשוא. אין דעם ברייטען געדאַנק פון אזא מאַכטיגען דיינקער און פרייהייט־קעמפער וואָלט די פרוי געדאַרפט באַטראַכט ווערען אנדערש

— גליידך מיט דעם מאַן אין אַלע הינזיכטען. אַבער דאָס פאַרשטייען **מיר** דאָך אַזוי!

פּרודאָנ׳ס אָפּטיילען די פרוי פון די גלייכע רעכט פון מאַן באַווייזט נאָך שטאַרקער דאָס וואָס מיר האָבען פּרובירט באַווייזען אונזערע לעזער אין אָנפאַנג פון דערדאָזיגער ביאָגראַפיע. מיר האָבען געוואָלט, אַז דער לעזער זאָל געדיינקען, אַז יעדער מענש איז אין זיין דיינקען און האַנדלען דער פּראָדוקט ניט נאָר פון דער צייט, אומשטאַנדען און ווירקונג פון די מענשען, צווישען וועלכע ער לעבט, נאָר אויך, אַז געוויסע איינדרוקען און געדאַנקען פון פיל פאַרגאַנגענע דורות לאָזען איבער זייער שפּור אַזוי ווי בירושה אויף דעם מענשען און ער—דער מענש—שאַפט זיינע באַגריפען, זיינע געדאַנקען און טאַטען, דורך דער דירעקטער ווירקונג פון דעם לעבען און אומשטאַנדען און אויך דורך דער אומדירעקטער ווירקונג פון יענער ירושה פון פאַרשטאַרבענע דורות *). פּרודאָן איז געבוירען געוואָרען צווישען פּויערים, צווישען פּויערים אויפ׳ן פעלד האָט ער זיך דערצויגען; דאָרט האָט ער באַגריפען פיל פון זיינע הויפּט-געדאַנקען; דאָרט האָט ער אויך געלערנט די לאַגע פון דער פרוי אין דער געזעלשאַפט. די ראָלע פון דער פרוי האָט ער פאַרשטאַנען אַלס די נאַטירלאַכע ראָלע פון אַ מוטער, פון אַן דערציערין. **זי איז די מוטער**, זי זאָרגט פאַר דער פאַמיליע אין דער היים, וויול דער פאָטער מאַטערט זיך צו ברייינגען די מיטלען צום לעבען. **זי** דערציט די קינדער, דאָס איז **איר** טייל אין לעבען. אַז **זי דאַרף דאָס קענען טאָן** אַמבעסטען, האָט ער ערשט שפּעטער פאַרשטאַנען; אום **זי זאָל דאָס קענען טאָן** אַמבעסטען דאַרף די מענשהייט פריי ווערען. אַבער עטוואָס אַנדערש טאָן, אָפּטרעטען פון דעם וואָס עס האָט אים געשיינט, אַז די נאַטור אַליין האָט איר געשטעלט פאַר דער אויפגאַבע, — דאָס האָט ער ניט געקענט פאַרשטיין. הייסט דאָס דען, אַז ער איז דערפאַר געווען אומערנסט אין דעם שווערען קאַמף, וועלכען ער האָט זיין גאַנץ לעבען געפירט מיט דער היינטיגער געזעלשאַפט?

דאַכט זיך, אַז דאָס הייסט עס כלל ניט!

---

*) עס אי נויטיג צו באַמערקען, אום דער לעזער זאָל קיין תביעות ניט האָבען, אַז מיר מיינען ניט אַז דער מענש ווערט געבוירען שוין מיט פאַרטיגע באַגריפען וועגען געוויסע זאַכען, וועלכע זיינען אים איבערגעגעבען געוואָרען בירושה. ביין, דאָס מיינען מיר ניט! וואָס מיר מיינען איז, אַז דער מענש ווערט געבוירען מיט געוויסע אייגענשאַפטען אין מח, וועלכע זיינען אים אומצווייפעלהאַפט איבערגעגעבען געוואָרען בירושה און דידאָזיגע אייגענשאַפטען גיבען אים די מעגלאַכקייט צו שאַפען די און ניט אַנדערע באַגריפען.

צוויי מאָל האָט פּרודאָן געפּרוואווט דורכפירען אַ פּראַקטישען פּלאַן, דורך וועלכען ער האָט געטרוימט, אַז די מענשהייט וועט געהאָלפען ווערען. און ביידע מאָל, נאַטירלאַך, האָבען זיך די חלומות אויסגעלאָזט ווי חלומות. אין 1854 — גראָדע ווען דאָס פראַנצויזישע פאָלק האָט געקעמפט אויף די באַריקאַדען, האָט פּרודאָן געעפענט זיין פאָלקס־באַנק "Banque du People", דורך וועלכער ער האָט גערעכענט צו פאַרבעסערען די עקאָנאָמישע לאַגע פון פאָלק. דורך דער ערעפענונג פון אַ פרייעם קרעדיט פאַר אַרבעטער בכלל און לאַנד־אַרבעטער בפרט, — אַלע זאָלען דורך דער באַנק קענען פאַרקויפען זייערע פּראָדוקטען. פּרודאָן האָט גערעכענט, אַז די אַרבעטער וועלען דורך אַזאַ אינסטיטוציע קענען קריגען דעם גאַנצען ערטראַג פון זייער אַרבעט. און דידאָזיגע פאַראייניגונג פון אַרבעטער אויף דעם געביט פון פּראָדוקציאָן און פאַרקויף וועט זיין די ערשטע שטופּע פון דער צוקונפטיגער פרייער געזעלשאַפט. פּלוצלונג האָט די הערשענדע רעגירונג פּרודאָנען פאַרהאַפטעט פאַר אַ רעוואָלוציאָנערער שריפט. שנעל האָט מען אים אָפּגעמשפּט און מען האָט אים פאַרשיקט אויף דריי יאָר אין געפיינגעניס. די באַנק איז געשלאָסען געוואָרען און אַלץ איז צו נישט געוואָרען. שפּעטער, אין 1855, האָט פּרודאָן ווידער פּרובירט עטוואָס ענלאַכעס, אָבער אויך אָן ערפאָלג. איבערהויפּט האָט מען פון דידאָזיגע פּראָבען קוים געקענט עטוואָס טיכטיגעס ערוואַרטען און שטעלען דידאָזיגע קינדערישע טרוימען פאַר אַן ענד־ציל אין דעם אַנאַרכיסטישען שטרעבען. ווי עס טוען „פּרודאָנ'ס נאָכפאָלגער", האָט גלאַט קיין זין ניט.

פון דער צייט וואָס פּרודאָן איז געזעסען אין געפיינגעניס האָט די רעגירונג אים גאָר שטאַרק פאַרפאָלגט און אָפּט קאָנפיסקירט זיינע שריפטען, זי האָט געוואָלט אים אָפּהאַלטען פון דעם וואָס איז געווען דער אימפּולס פון זיין גאַנץ לעבען, די מאַכט פון זיין קאַמף — דאָס שרייבען! די רעגירונג האָט פאַרבאָטען צו דרוקען אַלץ וואָס פּרודאָן פלעגט אָנשרייבען.

פּרודאָן האָט ניט געקענט שטיל בלייבען. אָט אונטער אַזעלכע אומשטאַנדען, פאַרפאָלגט און געפּלאָגט, האָט ער אָנגעשריבען דעם גרויסען רעזומע פון זיינע געדאַנקען—דאָס בוך „גערעכטיקייט" "La Justice"—. פאַר דעם האָט אים די רעגירונג ווייטער פאַראורטיילט צו דריי יאָר געפיינגעניס. אָבער פּרודאָן איז געווען צו מיד, צופיל צעבראָכען פון דעם ביטערען קאַמף וואָס ער האָט די גאַנצע צייט געפירט מיט די הערשער אום צו קענען אויסהאַלטען ווייטערע פאַרפאָלגונגען און ער האָט זיך באַשלאָסען אויף דער עלטער צו פאַרלאָזען דאָס שלאַכטפעלד און צו זוכען רו און ברויט אין פרעמדע מדינות. ער איז אַנטלאָפען קיין בעלגיען און אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער אַריבערגענומען זיין פאַמיליע קיין ברוסעל.

ער האָט געהאַט אַ פרוי מיט דריי טעכטער. אין ברוסעל האָט ער זיך און די פאַמיליע דערנערט דורך ליטעראַרישער אַרבעט, דאָס איז געווען דאָס איינציגע מיטעל, דורך וועלכען ער האָט געקענט פאַרדינען אַ שטיקעל ברויט. דאָ האָט ער אויך אַרויסגעלאָזט זיין בוך "Justice", וואָס איז געווען פאַרבאָטען אין פראַנקרייך. אין 1860 האָט אים נאַפּאָלעאָן דורך אַ באַזונדערען דעקרעט דערלויבט אומצוקערען זיך קיין פּאַריז, אָבער ער האָט די דערלויבעניש ניט אָנגענומען ביז וואַנען ער איז ניט געווען געצוואונגען דורך פאַרפאָלגונגען אין בעלגיען צו לויפען אויך פון דאַנען. ווען פּרודאָן האָט זיך אומגעקערט קיין פּאַריז איז ער שוין געווען קראַנק, אָבער ער האָט זיך נאָך ווי עס איז געמאַטערט ביז דעם 19טען יוני, 1865טען יאָר, ווען ער איז פון אַ נירען־קראַנקהייט געשטאָרבען אויף די הענט פון זיין ליבענדער פרוי.

אַט אַזוי האָט געלעבט און אַזוי איז געשטאָרבען דער שרייבער פון די גרויסע אַנאַרכיסטישע ווערק, דער אַרבעטער, דער קעמפער, דער פילאָזאָף! ער האָט איבערגעלאָזט דער וועלט אַ ירושה, וועלכע, די מענשען וועלען נאָך וועלען שטודירען, און צי זיי וועלען זיין מיט אים איינפאַרשטאַנען צי ניין, אָבער זיי וועלען ניט קענען אָפּלייקענען, אַז אַ גרויסער גייסט פון אַ גרויסען קעמפער און גרויסען דיינקער האָט דאָ געלעבט און געווירקט אונטער דעם איינפאַכען צודעק פון אַן אַרבעטער־העמדעל! . . .

# די שטרעבונגען אין דער געזעלשאפט*)

א.

עס איז ניט קיין גרינגע אויפגאבע צו שרייבען אויף אידיש וועגען אזא ערנסטען עניין, וואו מען דארף נעמען א טיפען געדאנק, א פילפאכע אידייע און עס צעגלידערען פאר'ן לעזער, ער זאל קלאר און ברייט פארשטיין דעם גאנצען עניין. נאך שווערער איז צו פירען אויף אידיש אזא ערנסטען ויכוח, איבערהויפט נאך, ווען מען דארף דעבאטירען איבער אזא לערע, וועלכע פאדערט אז דער לעזער זאל באזיצען א היבש ביסעל וויסענשאפטלאכע קענטניס, א ברייטען פארשטאנד., א פייאיקייט צו קענען ציען שלוסען פון א גאנצער מאסע זיכערע פאקטען. דער לעזער מוז דאס אלעם באזיצען, זאג איך, אום ער זאל פון דעם ויכוח קענען אויסגעפינען וואו עס ליגט די ריינע ווארהייט. ווי שווער אבער דאס זאל ניט זיין, בין איך דאך געצוואונגען אריינצולאזען זיך אין אזא ויכוח מיט פריינט פ. א. פראנק איבער זיין ארטיקעל „נאר אנארכיזם", וועלכער איז ערשינען אין דעם ערשטען נומער „פרייע געזעלשאפט". איך טרייסט זיך מיט דער האפענונג, אז מיר וועט געלינגען צו מאכען דעם עניין אזוי קלאר און פארשטאנדלאך, דאס ווען דער לעזער, וועט געבען זיך די מי נאכצודיינקען, וועט ער אויסגעפינען די ווארהייט פאר זיך אליין.

וואס איז דער עיקר פון מיין פריינד'ס ארטיקעל? פאלגענדעס: „אנארכיזם איז פרייהייט, דער פרינציפ פון פרייהייט אבער ניט קיין סיסטעם פון פרייהייט". קאמוניזם אבער אדער קאלעקטיוויזם זיינען, זאגט ער, „באשטימטע פלענער", דאס הייסט, דאס זיינען געוויסע געזעלשאפטלאכע סיסטעמען, וועלכע זיינען פארגעשלאגען פון יענע גרויסע און גוטע מענשען, וואס האבען באשאפען די לערע פון סאציאליזם — א לערע ווי צו „רעגולירען די געזעלשאפט" — און „אנארכיזם איז אבער טויזענט מאל דאקעגען א סיסטעם"; היינט „ווי דערלויבט זיך דאס אן אנארכיסט צו פרוידיגען א סיסטעם ווי פרייע מענשען זאלען זיך פירען!"

*) דיזאזיגע אפהאנדלונג, געדרוקט אין דעם נאוועמבער־נומער „פרייע געזעלשאפט", איז געווען אן ענטפער אויף דעם ארטיקעל „נאר אנארכיזם" פון פ. א. פראנק (דר. י. א. מעריסאן) אבער די ארבעט האט איר ווערט, אן־און־פאר־זיך און איז פארשטענדלאך אומאפהיינגיג פון יענעם ארטיקעל. י. ע.

דער געדאנק וואלט געווען א קלארער ווען מען זאל אים באפרייען פון די פיל ווידערשפרוכען, אין וועלכע ער איז פארוויקעלט און פון וועלכע מיר וועלען באלד ריידען. אבער איידער מיר טרעטען צו צו דעם מוזען מיר זיך אפשטעלען באטראכטען דאס שרעקלאכעווארט „סיסטעם", מיט וועלכען אונזער פריינט שרעקט אונז אויף שריט און טריט אין זיין „נאר אנאר־כיזם". עס וואלט טאקע אפשר געווען פארוואס מורא צו האבען, ווען דאס ווארט וואלט אין זיך אנטהאלטען דאסדאזיגע שרעקלאכע. פארוואס עס האט אזא פחד אונזער פ. א. פראנק; צום גליק אבער . . . נאר אדרבא, לאמיר טאקע גענוי באטראכטען, וואס איז דאס אזוינס סיסטעם? וואס הייסט סיסטעם?

אין געוויינטלאכען לשון געברויכען מיר דאס ווארט ס י ס ט ע ם צו באצייכענען א צוזאמענהאנג פון פיל באזונדערע זאכען, וועלכע זיינען צווישען זיך אזוי פארבונדען דורך דעמדאזיגען צוזאמענהאנג, דאס זיי שטעלען מיט זיך פאר איין גאנצע זאך. כדומה למשל, דעם צוזאמענהאנג פון פיל הימעלשע קערפערס, וועלכע זיינען צווישען זיך אזוי פארבונדען דורך זייערע באוועגונגען, דורך זייער פאסען זיך איינער צום אנדערען און דורך זייער ווירקונג איינער אויפ'ן צווייטען, דאס זיי שטעלען מיט זיך פאר איין גאנצע, רופט מען אין דער אסטראנאמיע: ס י ס ט ע ם פון הימעלשע קערפערס, אזוי איז עס אויך אין דער מעכאניקע און פיזיקע, די פאר־בינדונג אין דער טעטיקייט פון א געוויסער צאל קראפטען, וועלכע שטעלען מיט זיך צוזאמען פאר איין גאנצע, רופען מיר דארט א ס י ס ט ע ם פון קראפטען. אין דער לעבעדיגער וועלט פונקט אזוי: דער צוזאמענהאנג פון פארשיידענע טיילען אין דעם קערפערלאכען געבוי פון א פלאנצונג אדער א טיער, דער צוזאמענהאנג אין דער ארבעט, וועלכע די באזונדערע טיילען קערפער דערפילען אזוי, דאס זיי שטעלען מיט זיך פאר איין גאנצע זאך. איין קערפער — א פלאנצונג אדער א טיער — אט דערדאזיגער צוזאמענהאנג הייסט: די ס י ס ט ע ם פון א לעבעדיגער בריאה — אן ארגאניזם, אויב איר ווילט. נו, אין געזעלשאפטלאכען, אין סאציאלען לעבען איז טאקע אויך דאסזעלביגע: די פארשיידענע ארטען פון געזעלשאפטלאכען לעבען אין דער געזעלשאפט גופא, ווען זיי האבען צווישען זיך אזא צוזאמענ־האנג, דאס זיי שטעלען מיט זיך פאר איין גאנצע, רופט מען: ג ע ז ע ל־ש א פ ט ל א כ ע ס י ס ט ע ם.

* * *

וואס איז, אלזא, א געזעלשאפטלאכע סיסטעם?

א געזעלשאפטלאכע סיסטעם איז דער צוזאמענהאנג פון פארשיידענע ארטען לעבען, פון איינצעלנע מענשען אדער פון גאנצע גרופעס מענשען,

פון וועלכע די געזעלשאַפט באַשטייט און וועלכע זיינען אַזוי צוזאַמענגע־שטעלט, אַז מען קען דאָס געזעלשאַפט־לעבען באַטראַכטען ווי דאָס לעבען פון איין גאַנצע זאַך — די געזעלשאַפט.

קיינער צווייפעלט געוויס ניט דאַריין, דאָס דעם מענשענס לעבען אָדער דאָס לעבען פון גאַנצע גרופּעס מענשען איז פּילפאַך און פּילאַרטיג. „אַליין און איינציג קען דער מענש ניט לעבען, די סאָציאָלאָגען רופען אים געזעלשאַפטלאַכעס טיער", דערציילט אונז פריינט פראַנק. דאָס הייסט, אַז דאָס לעבען אין דער געזעלשאַפט ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון דער פאַר־בינדונג פון פאַרשיידענע, פּילאַרטיגע לעבענס פון איינצעלנע מענשען אָדער פון גאַנצע גרופּעס. נו, אויב עס איז אַזוי, טאַ ווי אַזוי זשע קען מען זיך גאַר פאָרשטעלען אַ געזעלשאַפט אָן אַ געזעלשאַפטלאַכער סיסטעם? עס איז פּשוט אַ ווידערשפּרוך אין זיך זעלבסט. ווי וויים דערדאָזיגער ווידערשפּרוך קען אַ מענשען פאַרפּירען, צייגט אונז טאָקע פר. פראַנק. נאָכדעם ווי ער האָט זיך שטאַרק צעוואַרימט און האָט אונז געגעבען צו וויסען, אַז „אַנאַר־כיזם איז פרייהייט, דער פּ ר י נ צ י פּ פון פרייהייט, אָבער ניט קיין ס י ס ט ע ם פון פרייהייט", פאַלט ער אַריין, מיט פערציג שורות ווייטער, אין סאַמע מיטען פון אַן אַנאַרכיסטישער סיסטעם. ער זאָגט אונז, נעמלאַך, דאָס דער אַנאַרכיזם אַלס אַ טעאָריע פון סאָציאַלען לעבען קען אַנדערש ניט זיין ווי „נ אָ ר ד ע ר פּ ר י נ צ י פּ פ ו ן פ ע ר ז ע נ ל אַ כ ע ר פ ר י י ה י י ט א ו י ף אַ ז ו י פּ י ל ו ו י ע ס ק ע ן ז י י ן מ ע ג ל אַ ך מ י ט אַ נ ו י ט װ ע נ ד י ג ע ר ק אָ אָ פּ ע ר אַ צ י ע".

אַ נ ו י ט װ ע נ ד י ג ע ק אָ אָ פּ ע ר אַ צ י ע — וואו? אויפ'ן הימעל? צווישען מלאכים? ניין — אויף דער ערד, צווישען מענשען! נו, וואָס מיינט עס איינענטלאַך? דאָס מיינט איינפאַך דאָס מענשען וועלען לעבען אַנאַרכיסטיש נאָר דאַן, ווען זיי וועלען האָבען פערזענלאַכע פרייהייט אויף אַזוי פּיל וויפּיל עס איז מעגלאַך ביי אַ נויטווענדיגער קאָ־אָפּעראַציע.

פערזענלאַכע פרייהייט אַליין, פאַר זיך גענומען, איז ניט קיין איינפאַכע זאַך, נאָר אַ פּילפאַכע; קאָאָפּעראַציע, איבערהויפּט נאָך אינדוסטריעלע קאָ־אָפּעראַציע, איז אודאי ניט איינפאַך; קאָאָפּעראַציע מיינט די פאַרבינדונג פון עטלאַכע, פון אַ גאַנצער גרופּע מענשען. קלאָר עס צו פאַרשטיין, וועט עס הייסען: מענשען, גאַנצע גרופּעס מענשען, וועלען לעבען אַזוי פערזענלאַך פריי אין קאָאָפּעראַציע, דאָס זיי וועלען אַלע צוזאַמען זיין איין גאַנצע — די אַנאַרכיסטישע געזעלשאַפט. אַזוי ווי מיר וויסען שוין פון אַ פריער־דיגער דערקלערונג, אַז אַ געזעלשאַפטלאַכע סיסטעם הייסט, דער צוזאַמענ־האַנג, די פאַרבינדונג, די צוזאַמענפּאַסונג פון פאַרשיידענע אַרטען לעבען,

א. א. וו., איז עס שוין דאַכט זיך קלאָר, אַז פר. פראַנק איז ניט ווילענדיג אריינגעפאַלען אין אַ געזעלשאַפטלאַכער, אַנאַרכיסטישער סיסטעם. דער אַנאַרכיזם איז אַלזאָ ניט נאָר אַ „פּרינציפּ פון פרייהייט“, זאָנדערען אויך אַ געזעלשאַפטלאַכע סיסטעם.

פאַר וואס־זשע שרעקט זיך אַזוי אונזער פריינט פאַר אַ סיסטעם און שרייט: „טויזענט מאָל דאַקעגען איז אָבער דער אַנאַרכיזם אַ סיסטעם, אַן אַנגעצייכענטער, צוגעשניטענער, אַזוי צו זאָגען, אַנגעשטריגעווטער קאַפּאָטע, וועלכע מוז מיט גוואַלט אַרויפגעצויגען ווערען אויף אַלעמעס פּלייצעס גלייך, צי עס פּאַסט צי ניט, און זאָל עס אַפילו זיין אַ קאַפּאָטע פון גאָלד, זאָל עס זיין אַ סיסטעם פון ברידערליכקייט — אַזוי לאַנג זי מוז פּאַסען אַלעמען גלייך איז דאָס ניט אַנאַרכיסטיש“!

ווי ווייט איבערהויפּט אַ געזעלשאַפטלאַכע סיסטעם איז ניט(?) אַנאַרכיסטיש האָבען מיר שוין פריער גערעדט. די צרה ליגט דאַ דאַריין וואָס אונזער פריינט שטעלט זיך פאַר אַ סיסטעם אַלס עטוואָס צוגעשניטענעס, אַ פאַרטיגעס, אַלס עפּעס אַזוינס, וואָס מען דאַרף אַרויפשלעפּען אויף דער געזעלשאַפט מיט גוואַלט, צי עס פּאַסט צי ניין. און דעם קאָמוניזם, מיינט ער, האָבען אויסגעקלערט „גוטע מענשען“, וועלכע האָבען געטראַכט „ווי זאָל מען די געזעלשאַפט אַנפירען“. ביי די סאָציאַליסטען, דיינקט ער, איז די פראַגע נאָר ווי אַנצופירען, ווי איינצואָרדענען די געזעלשאַפט. — ניין, מיין פריינט, איר לעבט אין טעות.

* * *

ווי אַזוי ווערען פון וואַנען אַנטשטייען געזעלשאַפטלאַכע סיסטעמען?

גאַנץ איינפאַך: זיי אַנטוויקלען זיך איינע פון די אַנדערע. די מענשהייט האָט אין איר אַנטוויקלונג דורכגעלעבט פיל געזעלשאַפטלאַכע פאַרמען, פיל געזעלשאַפטלאַכע סיסטעמען. אין אמת'ן גערעדט קענען מיר גאָר די מענשהייט ניט אַנדערש, ווי סיידען אין דער אָדער אין יענער סיסטעם. די געזעלשאַפטלאַכע סיסטעמען וואַקסען איינע אין דער אַנדערער יאָרען־לאַנג, הונדערטער יאָרען לאַנג. צי גיך, צי לאַנגזאַם — דיינקט אייך ווי איר ווילט — אָבער געזעלשאַפטלאַכע סיסטעמען ווערען אַנטוויקעלט פונ'ם געזעלשאַפטלאַכען לעבען אַליין און ווערען אריינגעטראָגען אין געזעלשאַפטלאַכען לעבען: דאָס הייסט, זיי אַנטוויקלען זיך ביסלאַכווייס ביז עס קומט די צייט און דער נייער, דער פרישער, דער ערשט־אַנטוויקעלטער און צייטיגעוואָרענער לעבענס־גייסט פאַרנעמט דעם פּלאַץ פון דעם אַלטען, פאַרשימעלטען און אָפּגעלעבטען. אַלץ ברייטער און ברייטער פאַרשפּרייטען זיך די נייע באַגריפען, די נייע געדאַנקען, ביז עס בלייבט מער קיין פּלאַץ ניט אין דעם מענשלאַכען געדאַנק פאַר דעם אַלטען באַגריף פון געזעלשאַפטלאַכען

לעבען; עס פאַלט די אַלטע פאָרמע, די אַלטע סיסטעם און עס גיסט זיך אויס, ווי פון א פורעם, דאָס נייע לעבען — די נייע געזעלשאַפטלאַכע סיס־טעם.

אמת, טאַקע, דער איינצעלנער מענש, אָדער איינצעלנע גרופּעס מענשען האָבען א שטאַרקע ווירקונג אויף דער אנטוויקלונג פון דעם נייעם גייסט, פון די נייע געדאַנקען און באַגריפען דורך זייערע געדאַנקען און דורך זייער טעטיקייט אין דער געזעלשאַפט. אָבער דאָס איז נאָר איין קליינער טייל פון די אַלע קראַפטען, וועלכע אַנטוויקלען געזעלשאַפטלאַכע פאָרמען. מען דאַרף נאָך דערביי אויף איין רגע ניט פאַרגעסען, אז דער מענשלאַכער געדאַנק און די מענשלאַכע טעטיקייט אַליין זיינען כסדר אונטער דער וויר־קונג פון׳ם געזעלשאַפטלאַכען לעבען. אין דידאָזיגע באַציאונגען פון פרט צום כלל, פון דער איינצעלנער פערזאָן צו דער געזעלשאַפט, אין דער וויר־קונג פון דער אויסערלאַכער נאַטור אויף אַט דיביידע און אין דער ווירקונג פון יעדען פון די דריי אויף די איבעריגע — אַט דאָריין אייגענטלאַך ליגט דער גאַנצער סוד, די גאַנצע געשיכטע פון אַלע פאָרמען פון מענשלאַכע גע־זעלשאַפטען. און אום מיר זאָלען קענען פאַרשטיין ווי אזוי די קומענדיגע דורות וועלען לעבען, מוזען מיר דורכשטודירען די געשיכטע פון געזעלשאַפטען אין די פאַרגאַנגענע דורות.

* * *

ווען מיר לערנען די געשיכטע פון די פאַרגאַנגענע דורות, זעען מיר, אז קאָ־מוניזם איז ניט קיין „צוגעשניטענע, פאַרטיגע סיסטעם“, פּונקט ווי דער אַנאַרכיזם איז דאָס ניט; און אַנאַרכיזם איז ניט קיין „פּרינציפּ פון עקזיס־טענץ“ — ווי אונזער פריינט מיינט — פּונקט ווי קאָמוניזם איז דאָס ניט. א שפּאָס, מיין פריינט, איז דאָס צו זאָגען א „פּרינציפּ פון עקזיסטענץ“! דאָס הייסט, א פּרינציפּ, וואָס נעמט אַרום ניט נאָר דאָס וואָס לעבט, ווי מיר פאַרשטייען דאָס וואָרט אין זיין איינפאַכער באַטייטונג, נאָר אַלץ וואָס עק־זיסטירט, די גאַנצע וועלט, דעם גאַנצען אוניווערזום! . . .

איר זוכט די „פּרינציפּען פון עקזיסטענץ!“ — פון לעבען? — ווייסט איר, וואָס זיי זיינען? דאָס זיינען פון איין זייט די א י נ ד י ו ו י ־ ד ו א ל י ט ע ט (איינציקייט, פּערזענלאַכקייט) און, פון דער אַנדער זייט, די ג ע ז ע ל ש אַ פ ט ל אַ כ ק י י ט. דידאָזיגע פּרינציפּען אַנטוויקלען זיך אין לעבען דורך א שטאַרקען שטרייט, דורך וועלכען עס אַרבעטען זיך אויס אַזעלכע אַרטען לעבען, וואו דער אינדיווידיואום, די פּערזאָן, ווערט אַלץ מער פּערזענלאַך פריי, בשעת די סאָלידאַריטעט אין דער געזעלשאַפט ווערט אין דערזעלבער צייט אַלץ שטאַרקער און פעסטער. ווען מיר שטודירען דורך דידאָזיגע אַרטען פון לעבען און דערפירען זיי צום פּונקט פון זייער

פולער אנטוויקלונג, באגרינדעט אויף אלץ וואס די וויסענשאפט האט דערפארשט, קומען מיר צו אזא פארמע פון געזעלשאפטלאכען לעבען, אין וועלכערביידע ארטען פון לעבען — *פערזענלאכע פרייהייט* און *געזעלשאפטלאכע סאלידאריטעט* — גיסען זיך צוזאמען אין איין הארמאניש גאנצע, אין איין *אנארכיסטיש קאמוניסטישער סיסטעם* פון לעבען.

אנארכיזם־קאמוניזם איז, אלזא, יענער גלענצענדער *צושטאנד* פון געזעלשאפטלאכען לעבען, וואו דער קאמף פון אינדיווידואליטעט מיט געזעלשאפטלאכקייט וועט קומען מער אדער ווייניגער אין א גלייכגעוויכט; פערזענלאכע פרייהייט *וועט זיין* געזעלשאפטלאכע סאלידאריטעט: דער מענש אין דער געזעלשאפט וועט לעבען און דיינקען אוןווירקען ווי *ער* וויל; זיין ווילען וועט אבער זיין אזא וואס וועט ניט שטערען דאס לעבען, דיינקען און ווירקען פון זיינע מיט־מענשען אין דער געזעלשאפט. אויף דעם וועג, זאגען מיר, גייט די מענשלאכע געזעלשאפט; צו דעמדאזיגען *צושטאנד* פון מענשלאכען לעבען וועט זי קומען פריער אדער שפעטער. און דערפאר לערנען מיר דעם אנארכיסטישען *קאמוניזם*.

* * *

עס וואלט שוין ווירקלאך צייט געוועזן דאס ערנסטע מענשען, וועלכע זוכען באמת דעם אמת, סאי *נאר* סאציאליסטען, סאי *נאר* אנארכיסטען, זאלען פארשטיין און איינזען די גרויסע פעלערען, וועלכע זיי מאכען אין זייער דיינקען, איבערהויפט דעם גרויסען טעות, וואס זיי מאכען ביים פארשען דאס לעבען פון מענשען אין דער געזעלשאפט. דער סאציאליסט איז אזא גוטער פריינט דער געזעלשאפט, זארגט זיך אזוי שטארק וועגען איר וואוילזיין און גיט זיך אפ מיט די פראגעס וועגען שאפען און געניסען (פראדוקציאן און קאנסומאציאן) פון דער געזעלשאפט, דאס ער פארגעסט אינגאנצען די איינצעלנע פערזאן, דעם אינדיווידום. ער פארגעסט, אז פון דידאזיגע איינצעלנע באשטייט דער גאנצער כלל, אז יעדער איינציגער פון כלל איז א גאנצע באשעפעניש פאר זיך, האט זיך אירע אייגענע נויטווענדיגע פאדערונגען, פון וועלכע נאר א טייל זיינען גלייך צו די פאדערונגען פון א צווייטען איינציגען; אנאנדער טייל אבער פון אט די פאדערונגען זיינען גאנץ פארשיידען פון די פאדערונגען פונ׳ם צווייטען.

מיר אלע זיינען גלייך אונטערוואָרפען די פיזישע געזעצען פון דער נאטור. *כעמיש* זיינען מיר אויך אלע גלייך, דאס הייסט, די שטאפען, דער מאטעריאל, פון וועלכען אייער קערפער איז צוזאמענגעשטעלט, זיינען גלייך צו די שטאפען, פון וועלכע מיין קערפער איז צוזאמענגעשטעלט. אין דעם אלגעמיינעם געבוי פון אונזערע קערפערס (מארפאלאגיש) זיינן מיר

שווין אָבער עטוואָס פאַרשיידען און דערפאַר אונטערשיידען מיר זיך אויך אין דער טעטיקייט פון אונזערע גלידער (פיזיאָלאָגיש). אין אונזער פילען און דיינקען (פסיכאָלאָגיש) אונטערשיידען מיר זיך נאָך מער: איך דיינק אַנ־דערש פון מיר איבער געוויסע זאַכען; איך ליב שטאַרקער פון אייך מאַנכע אַנדערע זאַכען, א. א. וו. — געזעלשאַפטלאַך (סאָציאָלאָגיש) זיינען מיר נאָך מער פאַרשיידען; דאָס הייסט, דער באַגריף וועגען דעם, ווי איך דאַרף לעבען מיט אייך און ווי איר דאַרפט לעבען מיט אַנדערע, איז ביי אונז פאַרשיידען. מיר זיינען אָבער ניט גאַר אינגאַנצען פאַרשיידען! דאָס וואָס דאָס לעבען °) האָט אין אונז מענשען אויסגעאַרבעט געמיינ־שאַפטלאַכעס איז געזעלשאַפטלאַכקייט, און דאָס וואָס עס האָט אין אונז אויסגעאַרבעט פאַרשיידענעם איז פער־זענלאַכקייט, אינדיווידואַליטעט. דער סאָציאַליסט פאַרגעסט דאָס לעצטע, ער פאַרגעסט די פערזאָן און זעט ניט די איינפאַכסטע פון אַלע וואַרהייטען.

דער „נאַר אַנאַרכיסט“, ווידער, איז פאַרליבט אין דעם איינצעלנעם מענשען, אינ'ם אינדיווידום. ער מאָלט זיך אויס א „פרייהייט אַלס א גע־זעץ פון דער נאַטור“; ער פירט דעם אינדיווידום דורך „דער פאָלקאָמענער אַנטוויקלונג פון אַלע פערזענלאַכע ליידענשאַפטען, גוטע ווי שלעכטע, ני־דעריגע ווי דערהאַבענע“; „ער געטרויט דעם מענשענס ווילען און גיט אים פרייהייט אין לעבען“; ער פאַרגעסט אָבער, אַז דער מענש לעבט ניט אַליין, אַז עס זיינען דאָ מיטמענשען, און ער, דער איינצעלנער, איז פאַרבונדען מיט די איבעריגע אין געוויסע געזעלשאַפטלאַכע באַציאונגען. ער פאַרגעסט, אַז נאַר דידאָזיגע געזעלשאַפטלאַכע באַציאונגען און פאַרהעלטעניסען אַר־בעטען אויס די פערזענלאַכע פרייהייט — קיין אַנדער פרייהייט איז, מיין פריינד, ניטאָ! — אוןביידע אינאייגעם, די פערזענלאַכע פרייהייט און די געמיינשאַפטלאַכקייט, שטאַרק שטרייטענדיג, אַרבעטען אויס דעם אַלגעמיי־נעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען.

דער אַנאַרכיסט, וועלכער אַנדערקענט „נויטווענדיגע קאָאָפע־ראַציע“, דאַרף נאָר דערפירען דידאָזיגע אידייע ביז צו איר לאָגישען שלום און ער מוז קומען צום אַנאַרכיזם־קאָמוניזם. א „נאַר אַנאַרכיסט“ זאָל אָבער קענען אַנדערקענען „נויטווענדיגע קאָאָפעראַציע“ און זיך ניט ווידערשפּרעכען כמעט אין יעדער שורה איז אוממעגלאַך. אדרבא, זעט: „אַנאַרכיזם איז פרייהייט, דער פּרינציפּ פון פרייהייט . . .

°) אונטער לעבען מיין איך דאָ דעם גאַנצען אַנטוויקלונג־פּראָצעס פון דער ערשטער לעבעדיגער צעלע ביז דעם מענשען.

אנארכיזם אלס א טעאריע פון סאציאלען לעבען לערנט דעם פרינציפ פון פרייער קאאפעראציע... אנארכיזם קען אנדערש ניט זיין ווי נאר דער פרינציפ פון פערזענלאכער פרייהייט אויף אזוי פיל ווי עס קען מעגלאד זיין צוזאמען מיט א נויטווענדיגער קאאפעראציע".

אין איין פלאץ דערציילט מען אונז פון אזא פרייהייט, וואו „פערזענלאכע ליידענשאפטען" ווערען אנטוויקעלט כמעט אומבאגרעניצט און א ביסעלע ווייטער הערען מיר שוין פון פערזענלאכע פרייהייט אויף אזוי פיל ווי עס קען מעגלאד זיין. ערשט, דאכט זיך, הערען מיר, אז אנארכיזם איז דער פרינציפ פון פרייער קאאפעראציע און אין א ווייל ארום הערען מיר שוין, אז אנארכיזם איז פערזענלאכע פרייהייט מיט נויטווענדיגער קאאפעראציע. און ווייסט איר פון וואנען דידאזיגע ווידערשפרוכען קומען? פארוואס עס קען זיך ניט קלעפען איינס צום אנדערען? דערפאר — ווייל פרייהייט ווערט א געזעץ פון דער נאטור, עפעס א מין פרייהייט! — ווייל קאאפעראציע ווערט א געזעץ פון דער נאטור, און כאטש אין דער נאטור איז נישטא קיין איין ביישפיל פון פרייער קאאפעראציע. ווי אונזער פריינד פארשטייט עס, פונדעסטוועגען מוז ער אין דער מענשלאכער געזעלשאפט מאכען אזא פרייע קאאפעראציע פאר „מעגלאד". („מעגלאד"? שמעקט עס אפשר ניט א ביסעל מיט א צוגעשניטענער צוגעפאסטער סיסטעם!) אין דער ווירקלאכקייט איז אבער די קאאפעראציע אויך אין דער מענשלאכער געזעלשאפט ניט קיין „פרייע", ווייל זי קען ניט זיין פריי; זי ווערט אויסגעארבעט פון די אלע פארהעלטעניסען, אין וועלכע די געזעלשאפט לעבט. נו, קען זי ניט זיין קיין „פרייע", ווערט זי א „נויטווענדיגע" קאאפעראציע. און דאס איז אלץ דערפאר ווייל אונזער פריינט האט פארגעסען גלייך פון אנפאנג, אז עס קען גאר ניט זיין קיין אנדער באגריף פון פרייהייט ווי נאר די פארהעלטעניסמעסיגע פערזענלאכע פרייהייט, וועלכע ווערט טאקע אויסגעארבעט אויך פון דיזעלבע לעבענספארהעלטעניסען.

ב.

אמאל, אמאל, אין די אוראלטע צייטען — דערציילט דער געלערנטער אמעריקאנער פארשער מ א ר ג א ן — האבען די מענשען געלעבט אין א זייער איינפאכער, געזעלשאפטלאכער פארמע. די אמעריקאנער ווילדע, וועלכע מארגאן האט אמערסטען דורכגעשטודירט, האבען זיך דערנערט אויף פארשיידענע אופנים: די ווילדע פון וויסקאנסין, פון דאקאטא און איבערהויפט אלע ווילדע, וועלכע האבען געלעבט אין א טייל פון קאלאמביא, האבען זיך דערנערט פון פאנגען פיש און חיות; די ווילדע פון נויארק, ווירדזשיניא און מיסורי האבען זיך טיילוויים באשעפטיגט מיט יאגד און טיילוויים אויך מיט ערד־ארבעט; די ווילדע פון אריזאנא, ניו מעקסיקא און צענטראל אמעריקע האבען געלעבט אין קליינע דערפער, וועלכע זיינען באשטאנען פון הייזער געמיינשאפטלאך פאר אלעמען און האבען באארבעט די ערד. אלע דידאזיגע ווילדע האבען געלעבט געמיינשאפטלאך: אלע האבען געארבעט און דאס וואס מען האט אויפגעארבעט אדער דערווארבען האט מען צעטיילט גלייך נאך דער צאל מיטגלידער פון יעדען שטאם אדער פאמיליע. אפילו די פאמיליען־פארהעלטעניסען זיינען אויך געווען אלגעמיינע. אויף דידאזיגע פאמיליען־פארהעלטעניסען איז, ווי עס שיינט, געווען באגרינדעט דאס אלגעמיינע לעבען.

אזוי געפינען מיר דאס לעבען ניט נאר אונטער די ווילדע פון אמעריקע, נאר איבעראל, וואו עס איז נאר דא א שפור פון די אור־אור אלטע מענשען. מארגאן אליין האט דערפארשט און איבערצייגט, אז אזוי האבען אויך געלעבט די אלטע גריכען און רוימער. דער ענגלישער געלערנטער מ ע ן דערציילט דאסזעלבע פון די פעלקער פון אנדערע געגענדען; ע ל י ר ע ק ל י ו — פון די ע ס ק י מ א ס ע ן און פון די אנדערע פעלקער, וועלכע לעבען אין די קאלטע געגענדען. פיל אנדערע פארשער האבען דערוויזען, אז אזא לעבען האבען געפירט אלע פעלקער פון דער וועלט. דאס איז די נאטירלאכע קאמונע; דאס איז דער צושטאנד, אין וועלכען דער איינצעלנער מענש, דער אינדיווידום, האט זיך געגוג ארויסגעצייגט, דאס ער זאל קענען פארנעמען א פלאץ אין דער געזעלשאפט. די קאמונע איז אויסגעוואקסען פון דעם נאטירלאכען צושטאנד, אין וועלכען עס האט זיך געפונען דער דאמאלסטיגער מענש. מיט דער ווייטערדיגער אנטוויקלונג פון דעם איינצעלנעם מענשען, מיט דעם וואס דער איינצעלנער האט באהערשט די איבעריגע איינצעלנע אין דער געזעלשאפט, איז די קאמונע געפאלען. זי איז געפאלען און האט געמאכט פלאץ פאר יענעם שווערען קאמף פון דעם איינ־

צעלנעם אין דער געזעלשאפט, וועלכער האט זיך אנגעהויבען נאטירלאכערוויים שוין אין דער קאמונע גופא.

דער מענש, אפילו אין יענעם ווילדען צושטאנד, איז געווען ארומגערינגעלט פון דער נאטור, וועלכע ווירקט פארשיידען אויף פארשיידענע מענשען. געוויסע נאטירלאכע ערשיינונגען פאדערען דערקלערונגען און אט רוקען זיך ארויס פון צווישען די ווילדע אליין איינינגע וועלכע קענען דערקלערען דידאזיגע דערשיינונגען. דורך דידאזיגע דערקלערונגען קריגען זיי א שטיקעלע זכות (פריווילעגיע) ביי די, וועלכע פארשטייען וויינינגער פון זיי. דאס רייסט זיך ארויס דער מענש, די באזונדערע פערזענלאכקייט פון דעם איינצעלנעם, צו באהערשען זיינע מיט־מענשען. א לאנגע צייט דויערט דערדאזיגער קאמף פון דעם איינצעלנעם אין דער געזעלשאפט, ביז סוף כל סוף טרעט ער דאך ארויס אויף דעם לעבענס־פעלד אלס א מאכטיגע קראפט. דא צייגט ער זיך אלס א היילינגער, א גייסטלאכער און מעדיציזמאן *): ער גיט א משונה ווילדע דערקלערונג וועגען דער נאטור, וועגען לעבען און טויט; ער היילט אויך אויס א וואונד פון א קראנקען קערפער, דורך דעם וואס ער זויגט זי אויס **); דארט צייגט ער זיך אלס העלד און פירער אין א מלחמה, וועלכע זיין שטאם פירט מיט אנדערע שטאמען. א מלחמה, וועלכע קומט אמאל פון די משונה'דיגע באגריפען וועגען ראכע, ווי די היילינגע האבען זיי געלערנט, אדער אפצונעמען די נארונג־מיטלען, וועלכע דער אדער יענער שטאם האט זיך דערווארבען.

אין אלע פאלען באמערקען מיר, דאס צוזאמען מיט דער „פערזענלאכקייט” טרעטען ארויס צוויי אומגעהייערע טאטזאכען אין דער אור־אלטער מענשלאכער געזעלשאפט. דאס זיינען: פערזענלאך אייגענטום און פערזענלאכע הערשאפט — אויטאריטעט. דידאזיגע צוויי טאטזאכען צעברעכען די אור־אלטע געזעלשאפט און אנטוויקלען אן אנדערע אין וועלכער איינינגע גרופעס פערזאנען באהערשען אנדערע גרופעס און דער מענש, דער איינצעלנער, קעמפט ווייטער אום פארהעלטעניסמעסיג מער און מער צו באפרייען זיך. מעג עס זיין אפילו, ווי אנדערע געלערנטע באהויפטען, אז דאס געפיל פון אייגענטום געפינט מען שוין ביי חיות, אבער אין דער מענשלאכער געזעלשאפט איז פערזענלאך אייגענטום און הערשאפט — אויטאריטעט — אנטשטאנען ערשט אין די לעצטע צייטען פון ווילדקייט. זייער אנטוויקלונג איז געגאנגען

---

*) ספענסער: אנטוויקלונג פון פראפעסיאנאלע אינסטיטוציאנען.

**) פון דערדאזיגער ווילדער ארט היילען שטאמט ביי אידען די מצוה פון מציצה.

האנט אין האנט דורך באַרבאַריזם צו אונזער ציוויליזאַציאָן: פּערזענלאַך אייגענטום האָט זיך פּראָפּאָרציאָנעל פאַרגרעסערט, אויף וויפיל עס האָבען זיך געמערט די אָנטדעקונגען און ערפינדונגען *) און פּערזענלאַכע הערשאַפט — אויטאָריטעט — פון איינעם איבער פיל (דער ש ט א ט, אויב איר ווילט) איז געשטיגען פּראָפּאָרציאָנעל מיט׳ן שטייגען פון פּערזענלאַכען אייגענטום **).

פון דער צייט אָן, ווען די פייל און בויגען, די פעל און די צירונג פון דעם ווילדען העלד האָט אָנגעהויבען באַגראָבען צו ווערען צוזאַמען מיט אים אין קבר; פון דער צייט אָן, ווען דער הייליגער האָט אָנגעהויבען באַקומען אַ גרעסערען חלק נאַרונג פאַר זיין חכמה און פאַר זיין קדושה; פון דער צייט אָן, ווען יעדער האָט אָנגעהויבען באַהאַלטען דאָס וואָס ער האָט דערוואָרבען אַלס נאַרונג־מיטעל פאַר זיך אַליין; פון דער צייט אָן, וואָס מען האָט צעטיילט די ערד אויף שטיקלאַך און יעדער האָט אָנגעהויבען צו אַרבעטען פאַר זיך, דאָס הייסט, פון דער צייט אָן, ווען פּערזענלאַכע אייגענטום האָט אָנגעהויבען עקזיסטירען און די אַרבעט צו דערווערבען זיך נאַרונג איז געוואָרען אַליץ פּערזענלאַכער אין דער מענשלאַכער געזעלשאַפט, — אַזוי ווייט פּערזענלאַך, דאָס אַפילו אַ מענש איז געוואָרען דאָס פּערזענלאַכע אייגענטום פון אַנאַנדער מענשען — אַט פון דער צייט אָן, איז עס מעגלאַך געוואָרען, אַז איין מענש זאָל באַהערשען מער און מער מענשען, צו באַהערשען זיי אין אַלע טיילען פון זייער לעבען: זייער קערפּער, זייער גייסט, אַליץ וואָס זיי דערווערבען — זייער גאַנץ לעבען. עס איז מעגלאַך געוואָרען, אַז איין מענש זאָל זיין דער אַבסאָלוטער הערשער פון איבער מיליאָנען זיינע מיטמענשען און טאַקע דורך אַט דער הערשאַפט, דורכ׳ן „שווערד און בלוט״ זאָלען דידאָזיגע מיליאָנען ווערען קנעכט, באַזיצלאָזע, אַרבעטענדע, שאַפענדע קנעכט. דורך אַט דער גאַנצער צייט האָט נעבאַך דער איינצעלנער מענש אין דער געזעלשאַפט בלוטיג געקעמפט, אָבער אומזיסט... זיין אייגענער קאַמף טאַקע פאַר דער פּערזענלאַכקייט (אינדיווידואַליטעט) אין דער אור־אור־אַלטער געזעלשאַפט, זיין אייגענער געווינס פון אַ געוויסען טייל פּערזענלאַכקייט אין דער פּראָדוקציאָן האָט באַשאַפען דידאָזיגע צוויי מאַכטיגע קראַפטען — פּערזענלאַך אייגענטום און פּערזענלאַכע הערשאַפט — און האָט פאַרקנעכטעט די גרויסע מאַסע מענשען אין דער געזעלשאַפט.

---

*) „דער וואוקס פון פּערזענלאַכען אייגענטום איז געווען אין דערזעלבער מאָס מיט די אָנטדעקונגען און ערפינדונגען״ — מאָרגאָן.

**) מאָרגאָן: די אַנטוויקלונג און אַנטשטייאונג פון דעם "civitas",

* * *

האט זיך אין דער ווייטערדיגער אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט דער איינצעלנער אפגעשטעלט אין זיין קאמף פאר אינדיווידואליטעט? ניין, געוויס ניט!

פערזענלאך אייגענטום האט דערגרייכט די העכסטע שטופע, ווען איין מענש איז געווארען דאס אייגענטום פון אנאנדער מענשען. פערזענלאכע הערשאפט — אויטאריטעט — האט דערגרייכט די העכסטע שטופע אין דער מעגלאכקייט פון אן אבסאלוטען הערשער, ווי אן אלעקסאנדער דער דריטער אדער א ניקאלאי דער צווייטער. די ארבעט און דער גענוס אין דער געזעלשאפט האבען דערגרייכט די העכסטע שטופע פון פערזענלאכער איינצעלנער פראדוקציאן אין די צייטען פון מיטעל־אלטער, ווען יעדער פאמיליע האט פאר זיך אליין געוועבט דעם שטאף, וואס זי פלעגט דארפען פאר איר אייגענעם געברויך, האט פאר זיך אליין באארבעט די ערד און האט געטאן אלץ אליין צו באפרידיגען אירע אייגענע פאדערונגען. אין ד ע ם־ ד א ז י ג ע ן געזעלשאפטלאכען צושטאנד טרעט אריין דער קאמף פון דעם איינצעלנעם פאר זיין פערזענלאכקייט — אינדיווידואליטעט — און עס פאנגט זיך אין דערזעלבער צייט נאך שטארקער אן דער קאמף פון געזעלשאפטלאכ־קייט, ד. ה. די שטרעבונג צו אן אייננערער און פעסטערער סאלידאריטעט אין דעם געזעלשאפטלאכען לעבען פון די מענשען: דער איינצעלנער זוכט זיך צו באפרייען פון דעם שקלאפען־יאך; אבסאלוטע הערשער ווי קארל דער צווייטער פון ענגלאנד און לודוויג דער זעכצענטער פון פראנקרייך, פאלען. דער אינדיווידום דערווערבט זיך דאס שטימרעכט, וועלכעס איז אין פרינציפ א גרעסערע מאס פון פערזענלאכער פרייהייט—די פרייהייט זיך זעלבסט צו רעגולירען דורך אויסערדערוויילטע. אמת, דידאזיגע אוי־סערדערוויילטע מוזען, דורך דער קראפט פון הערשאפט, ווערען אזוי פאר־דארבען ווי די ניט־אויסערדערוויילטע הערשער; עס איז דאך אבער א גרויסער אונטערשייד פון אן אבסאלוטער מאנארכיע ביז א פרייער רעפוב־ליק. אין דער אנטוויקלונג פון פערזענלאכער הערשאפט, די הערשאפט פון איינעם איבער פיל, פון אן אבסאלוטער מאנארכיע, ווי מיר זעען זי אין רוס־לאנד, ביז א פרייער רעפובליק, ווי מיר געפינען זי אין אמעריקע, האט דער אינדיווידום געוואונען אלץ מער און מער פערזענלאכע פרייהייט, אלץ מער און מער געזעלשאפטלאכע מעגלאכקייט זיך זעלבסט צו רעגולירען. די פארשיידענע פראבעס פון קליינע גרופעס פון העכער אנטוויקעלטע מענשען צו ארגאניזירען זיך אין אומאפהייננגיגע געזעלשאפטען צייגען נאך שטאר־קער אן אויף דער אלגעמיינער שטרעבונג אין דער געזעלשאפט, צו מאכען דעם אינדיווידום אומאפהייננגיג, אומבאהערשט. דאס איז די שטרעבונג צו דערמעגלאכען, דאס דער אינדיווידום זאל לעבען צווישען אנדערע איינ־

דיווידומס אַז דעם אַז ער זאָל זיין פון ווענען עס איז באַהערשט, אָדער זאָל אַליין ווענען עס איז באַהערשען. די שטרעבונג אין דער געזעלשאַפט איז, אַלזאָ, דייטלאַך: דער איינצעלנער, דער אינדיווידום דערוועדבט אַלץ מער און מער פּערזענלאַכע פריייהייט אין דער געזעלשאַפטלאַכקייט, וועלכע רינגעלט אים אַרום.

אין דערזעלבער צייט וואָס דער אינדיווידום האָט געקעמפט פאַר פּערזענלאַכע פריייהייט האָט די געזעלשאַפטלאַכקייט, ווידער, אויסגעאַרבעט אַ שטאַרקערע סאָלידאַריטעט אין געזעלשאַפטלאַכען לעבען, אַ דאַנק דער אַנטוויקלונג פון דער בורזשואַזיע און דער קאָנצענטרירונג פון קאַפּיטאַל. פּערזענלאַך אייגענטום, וואָס איז דער הויפּט־גרונט פון כמעט אַלע פאַרמען פון הערשאַפט, האָט שוין פיל פאַרלאָרען דאָז, ווען עס האָט אויפגעהערט מעגלאַך צו זיין דאָס איין מענש זאָל זיין דער פּערזענלאַכער אייגענטימער פון אַ צווייטען מענשען. די אַנטוויקלונג פון דער בורזשאַזיע האָט טויזענטער און מיליאָנען מענשען געמאַכט פאַר אוים באַזיצער פון פּערזענלאַך אייגענטום, דערמיט וואָס זי האָט זיי אָפּגעריסען פון לאַנד און האָט זיי געטריבען פון די דערפער אין די שטעט אַריין, וואו זיי האָבען זיך געקענט בעסער מפרנס זיין *) און דורך דעם וואָס די מענשען זיינען זיך אַלץ מער צונויפגעפאַרען אין די שטעט, דורך דעם וואָס זיי האָבען אָנגעהויבען צו שאַפען אין פאַבריק, זיינען פאַרניכטעט געוואָרען די פּערזענלאַכע פּראָדוקציאָן און דער פּערזענלאַכער געברויך פון מיטעלאַלטער און זיי ווערען אַלץ געמיינשאַפטלאַכער. (דער געברויך ווערט אויך געמיינשאַפטלאַך אין דעם זין, וואָס קיינער וויים ניט ווער עס האָט פּראָדוצירט די וואָרעס, וועלכע ער געברויכט). דיזאָזיגע אַנטוויקלונג פון דער בורזשואַזיע אַרבעט אויס צווישען די מאַסען מענשען אַ שטאַרקערע סאָלידאַריטעט. זי וואַרצעלט איין אין דעם מענשען די באַגריפען פון געמיינשאַפטלאַכער אַרבעט און געמיינשאַפטלאַכען גענוס. (איך מיין ניט קיין געמיינשאַפטלאַכען גענוס אין דעם זין פון „עסען פון איין שיסעל“, נאָר פון געברויכען וואָרע פון איין אַלגעמיינעם „סטאָק“, ניט וויסענדיג ווער עס האָט דיזאָזיגע וואָרע געשאַפען און ווען זי איז געמאַכט געוואָרען.) זי בינדט די אַרבעטער אַלץ מער צוזאַמען, מאַכט יעדענס אַרבעט אַלץ מער אָפּהייענגיג פון דער אַרבעט פון אַ צווייטען, דריטען, א. א. וו., — מאַכט זייערע אינטערעסען סאָלידאַרישער

*) אַזאַ לעבעדיג ביישפּיל האָבען מיר איצט ביי די רוסישע מוזשיקעס, וועלכע וואַרפען אַוועק זייערע שטיקלאַך ערד און וואַנדערען אַרוים אין די שטעט, וואו זיי קענען זיך בעסער דערנערען; אָדער זיי וואַנדערען איבער קיין סיביר, וואו זיי האָפען אויף ביזע אופנים ווי עס איז זיך מפרנס צו זיין.

און רופט זיי ארויס צו אן אלגעמיינעם קאמף טאקע קעגען דערזעלבער עקאנאמישער הערשערין. מיט איר קאנצענטרירונג פון קאפיטאל און איי־גענטום מאכט די בורזשואזיע אלץ מער און מער אוממעגלאך פאר דער גרעסטער צאל מענשען צו באזיצען פערזענלאך אייגענטום. פערזענלאך איי־גענטום ווערט אלץ מער פארניכטעט אין דעם מענשענס באגריף וועגען געזעלשאפטלאכען לעבען. פערזענלאך אייגענטום שטארבט אפ! עס איז איבעריג דא גאר צו ריידען, ווי וויט עס איז איצט שטארק איינגעווארצעלט אין א גרויסען טייל מענשען דער באגריף און דער פארלאנג אפצושאפען פריוואט אייגענטום אין לאנד און אין די מיטלען פון פראדוקציאן, צו דער־קלערען פאר געזעלשאפטלאך אייגענטום די טראנספארט־מיטלען, טעלע־גראפען, פאסט, א. א. וו. — די שטרעבונג אין דער געזעלשאפט איז, אלזא, אומצווייפעלהאפט צו א שטארקערער סאלידאריטעט צווישען די פראדוצי־רענדע פערזאנען, צו דער פארניכטונג פון פערזענלאך אייגענטום, דורך אלגעמיינער פראדוקציאן און אלגעמיינעם געברויך.

די שטרעבונגען, אלזא, וועלכע מיר זעען אין דער געעלשאפט, זיינען: די אנטוויקלונג פון פערזענלאכקייט, געזעלשאפטלאכע סאלידאריטעט דורך אלגעמיינער פראדוקציאן און אלגעמיינעם געברויך און די פארניכטונג פון פערזענלאכער הערשאפט און פערזענלאך אייגענטום.

וואס פאר א שלוס קענען מיר פון דידאזיגע שטרעבונגען ציען פאר דער צוקונפט? פאלגענדעס: דער אינדיווידום, די פערזאן, איז ניט באהערשט פון קיינעם, איז פערזענלאך פריי. די געזעלשאפט באשטייט פון מענשען, אן פערזענלאך אייגענטום, אן דעם וואס מאכט די הערשאפט פאר מעגלאך. דאס איז א בילד פון פערזענלאך פרייע מענשען אין דער געזעלשאפט; זיי לעבען סאלידאריש אום צו פראדוצירען און קאנסומירען געמיינשאפטלאך. דאס איז, קורץ גערעדט, דער א נ א ר כ י ז ם ־ ק א מ ו נ י ז ם.

* * *

איך האב פריער געזאגט, אז אן אנארכיסט, וועלכער אנדערקענט נ ו י ט־ו ו ע נ ד י ג ע קאאפעראציע, מוז זיין א קאמוניסט. איך וויל איצט נאך צולייגען, אז אזא אנארכיסט קען בשום אופן ניט זיין קיין קאלעקטיוויסט. און אט ווארום: אויפ׳ן גרונט פון די געזעלשאפטלאכע שטרעבונגען, וועל־כע מיר האבען געפרואווט דורכצופירען אין אט דעם קורצען איבערבליק איבער דער געזעלשאפטלאכער אנטוויקלונג, מוז מען דעם קאלעקטיוויזם אינגאנצען אויסשליסען. קאלעקטיוויזם אנדערקענט פערזענלאך אייגענ־טום (וויפיל דו וועסט אויסארבעטען אזויפיל איז דיינס) און די געזעל־שאפטלאכע שטרעבונג, ווי מיר האבען באוויזען, איז צו פארניכטען פער־זענלאך אייגענטום. אויסער דעם איז שוין אפילו „פערזענלאכע פרייהייט“

אַליין גענוג אויסצושליסען קאָלעקטיוויזם; נאָכמער, צו מאַכען אים אומ־מעגליך. אין דער היינטיגער געזעלשאַפט מערקען מיר די שטרעבונג צו אַרבעטען אַלץ ווייניגער און ווייניגער שטונדען אין טאָג, אום ניט צו אַר־בעטען אַזויפיל פאַר דעם פאַבריקאַנט. וואו שטייט דאָס אָבער איבערהויפּט געשריבען וויפיל שטונדען מען דאַרף אַרבעטען אין אַ געזעלשאַפט? די נאָ־טירליכסטע מאָס ביי פערזענליך פרייע מענשען אין אַ קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט איז, צו אַרבעטען וויפיל איינער קען, ד. ה. דער פערזענליך פרייער מענש אַרבעט ניט מער וויפיל ער קען אַרבעטען; ער איז פריי און קיינער צווינגט אים ניט צו אַרבעטען מער—דער פערזענליך פרייער מענש אין אַ קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט וויל אָבער אויך געניסען; ער איז דאָך פערזענליך פריי צו געניסען וואָס ער וויל. נאָך דעם אויסרעכענונג אָבער פון דעם קאָלעקטיוויסט, (פר. פראַנק פרעגט אַזוי: „וואָס שרעקט איר זיך אַזוי, אַז זיי וועלען זיך אויסרעכענען, וויפיל יעדען איינעם קומט?") אַז זיינע באַדערפענישען זיינען מער איידער א י ם ק ו מ ט, וועט ער זיך דאָך מוזען אָפּזאָגען פון דער באַפרידיגונג פון זיינע פאָדערונגען — דאָס הייסט, ער וועט זיין אַ פערזענליך פרייער קבצן אין אַ געזעלשאַפט פון „פערזענליכער פרייהייט" מיט „נויטווענדיגער קאָאָפּעראַציע". אלא וואָס דען, ער וועט מוזען אַרבעטען מער וויפיל ער קען אָדער וויל, כדי צו באַפרידיגען זיינע באַדערפענישען, ווערט דאָך זיין פרייהייט פאַרניכטעט דורך אַ סיסטעם פון חשבונות, וועלכע זיינען אין גרונט נאָר אַן אָנגענו־מענע פאַלשקייט. קען דען ווער עס איז באַשטימען דעם ווערט פון איין איינציגער באַוועגונג פון אַ מוסקול אָדער אַ נערוו? און זיינען דען ביי אַלע מענשען די באַוועגונגען פון איין און דעמזעלבען פיזיאָלאָגישען ווערט?

ניט צו קענען באַפרידיגען די באַדערפענישען פון לעבען, אָדער צו אַר־בעטען געצוואונגענערהייט, ווי אַ שקלאַף ביי די רוימער, אום צו געניסען דאָס לעבען, הייסט ניט זיין „פערזענליך פריי" און עס הייסט אויך ניט, אַז קאָלעקטיוויזם קען שטימען מיט אַנאַרכיזם.

אין אַנאַרכיזם, אין פ ע ר ז ע נ ל א כ ע ר פ ר י י ה י י ט א ו ן ג ע ז ע ל ש א פ ט ל א כ ע ר ס א ל י ד א ר י ט ע ט, אַרבעט דער אינדיווידום פריי, ניט באַהערשט פון קיינעם, וויפיל ער קען, און געניסט פריי — ווייל קיינס געהערט ניט צו קיינעם — וויפיל ער וויל. פערזענליכע פרייהייט דערפירט צו איר לאָגישער קאָנסעקווענץ איז געזעלשאַפטליכע סאָלידאַריטעט.

* * *

דער אויספיר פון אונזערע רייד איז: די שטרעבונג אין דער געזעל־שאַפט זיינען צו אינדיווידועלער אומאָפּהענגיקייט און געזעלשאַפטליכער

סאָלידאַריטעט. די ערשטע שטרעבונג פאַרניכטעט די פּערזענלאַכע הער־שאַפט, די צווייטע — דאָס פּערזענלאַכע אייגענטום; איינע פירט צו פּער־זענלאַכער פרייהייט, די צווייטע — צו געמיינשאַפטלאַכען געברויך. ביידע צוזאַמענגענומען אַלס איין האַרמאָניש גאַנצע שטעלען פאָר די אַנאַרכיסטיש־קאָמוניסטישע פאָרמע פון אַ געזעלשאַפט. אזוי ווייט ווי מען קען עס סאָ־ציאָלאָגיש דערפאָרשען *) איז דייטלאַך, אַז דערצו אַנטוויקעלט זיך די געזעלשאַפט.

*) דער ניט לאַנג פאַרשטאָרבענער פרידריך ענגעלס, האָט דאָסזעלבע געזען און פאַרשטאַנען; אַלס מאַרקסיסט אָבער האָט ער אַלץ צוגעשריבען צו די עקאָנאָמישע פאַרהעלטעניסען אין דער געזעלשאַפט. ער האָט געזאָגט: „מיט דער אָפּשאַפונג פון פריוואַט אייגענטום שטאַרבט דער שטאַט אָפּ“. הלואי וואָלטען די „נאָר אַנאַרכיסטען“ פאַרשטאַנען, אַז מיט דער אָפּשאַפונג פון שטאַט שטאַרבט פרי־וואַט אייגענטום ממילא אָפּ.

# דער שטאַט*)

אַמאָל האָבען מענשען געדיינקט, אַז אַ געזעלשאַפט קען ניט עקזיסטירען אָן אַ רעגירונג און אַז אַ רעגירונג מוז נויטווענדיגערוויים זיין אַ שטאַט. די באַגריפען פון געזעלשאַפט, רעגירונג און שטאַט זיינען געווען צוזאַמענגעמישט. פון דער צייט אָן אָבער, וואָס מענשען האָבען אַנטדעקט און דערלערנט די געזעלשאַפטען, אין וועלכע עס לעבען די עסקימאָסען, די ווילדע פון די פייער לענדער און די קאַבילען, האָבען זיי פאַרשטאַנען, אַז אַ געזעלשאַפט קען עקזיסטירען אָן אַ באַשטימטער רעגירונג און אַז אַ רעגירונג איז ניט אימער די רעגירונג פון אַ שטאַט.

ווי אַזוי האָט מען דאָס פאַרשטאַנען ?

איינפאַך. עס זיינען פאַראַן ווילדע מענשען וואָס לעבען געזעלשאַפטלאַך — דאָס הייסט, זיי באַפרידיגען אַלע זייערע לעבענס־באַדערפענישען צוזאַמען — גאָר אָן שום צוואַנג, גאָר אָן שום הערשאַפט. זיי פאַראייניגען זיך אין קליינע גרופּעס, ווען זיי גייען כאַפּען אַ חיה צו דערנערען זיך, זיי צעטיילען זי גלייך און פרידלאַך צווישען זיך און קיינער זוכט ניט צו פאַרכאַפּען ביים צווייטען דאָס וואָס יעדער פון זיי דאַרף האָבען פאַר זיך צום לעבען. זיי זיינען, ניט וויסענדיג, פרייע קאָמוניסטען**). דאָס איז אַ מענשלאַכע געזעלשאַפט אָן אַ רעגירונג און אָן אַ שטאַט. אין דעמדאָזיגען צושטאַנד זיינען מענשען פאַראייניגט דורך דער נאַטירלאַכער נויטווענדיקייט צו באַפרידיגען זייערע לעבנס־באַדערפענישען. אָבער, טאַקע **פון דער נאַטירלאַכער נויטווענדיקייט** פון יעדען איינצעלנעם מענשען צו באַפרידיגען זיינע לעבענס־באַדערפענישען צוזאַמען מיט אַנדערע מענשען, וואַקסט מיט דער צייט ארויס אַ **געוויסער סדר** פון געזעלשאַפטלאַכען לעבען, אַ סדר, וועלכער **רעגולירט** די פאַרהעלטענישען פון מענש צו מענש; און טאַקע פון **דער זעלביגער נאַטירלאַכער נויטווענדיגקייט פון יעדען אינדיווידום** צו באַפרידיגען **זיינע אייגענע** לעבענס־באַדערפענישען, וועקט זיך מיט דער צייט אויף דער מענשלאַכער פאַרשטאַנד, דאָס פערזענלאַכע באַוואוסטזיין. ביסלאַכוויים הויבט זיך אָן ארויסרוקען פון

---

*) „פרייע געזעלשאַפט“, נאָוועמבער, 1899.

**) זע מ. קאָוואַלעווסקי׳ס איינליייטונג צו זיין ווערק: „דער עקאָנאָמישער צושטאַנד פון איראָפּאַ פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן“.

דעם אלגעמיינעם כלל מענשען *דער מענש* וועלכער איז פייאיקער, וועלכער קען בעסער אויסנוצען די אומשטאנדען פון לעבען, אדער דער, וועלכער איז שטארקער און קען באווייזען זיין גבורה. דער כלל הויבט אן קוקען אויף דעמדאזיגען פארטגעשריטענעם אינדיווידום מיט אפשיי, מיט דרך ארץ, און *ער* נוצט אויס דעם כלל, אום אמבעסטען צו באפרידיגען זיינע אייגענע באדערפענישען.

דערווייל לעבט זיך די אלטע געזעלשאפט ווי פריער און גיט איבער פון דור צו דור די געוואוינהייטען פון איר געזעלשאפטלאכען לעבען. די באדערפענישען פון יעדען מענשען ווערען ביסלאכוויים גרעסער און גרעסער, דורך דער אנטוויקלונג פון זיין פארשטאנד און זיין פערזענלאכען באוואוסטזיין; דאס געזעלשאפטלאכע לעבען ווערט ברייטער און ברייטער, דורך דער פארפילפאכונג פון די פארהעלטעניש פון מענש צו מענש און די געזעלשאפטלאכע געוואוינהייטען ווערען אלץ מער און מער. די פריערע, די עלטערע געוואוינהייטען ווערען מיט דער צייט געזעלשאפטלאכע מנהגים (customs) און די מנהגים ווערען די *רעגירענדע* מאכט אין דער געזעלשאפט. „אזוי האבען זיך אונזערע עלטערען געפירט און אזוי וועלען מיר זיך אויך פירען“, הערט מען נאך ביז היינטיגען טאג. פונדעסטוועגען טיילען זיך אלץ מער און מער ארויס פון דער געזעלשאפט די *שטארקערע אינדיווידומס*, דערפאר, ווייל דיזעלבע אומשטאנדען, וועלכע אנטוויקלען זייער פערזענלאכקייט, שטעלען זיי אין א קאמף מיט די געזעלשפאטלאכע פארהעלטענישען, מיט דעם כלל; אין א קאמף, דורך וועלכען זיי שטרעבען וואס ברייטער צו באפרידיגען אלע זייערע באדערפענישען. *דאס איז דער קאמף פאר דער אינדיווידואליטעט*. ער האט זיך אויסגעדריקט אין דער אור־אור־אלטער געזעלשאפט אומבאוואוסטערהייט, אין דעם פרייען לעבען פון דעם אינדיווידום אין דער געזעלשאפט און ער דריקט זיך אויס, אויף פארשיידענע שטופען פון אור־אלטע געזעלשאפטען, אין דעם, וואס די שטארקערע אינדיווידומס זוכען, באוואוסטערהייט, צו באהערשען די געזעלשאפטלאכע אומשטאנדען. דאס לעבען פון איינצעלנע מענשען, דאס לעבען פון גאנצען כלל.

אין אזעלכע אור־אלטע געזעלשאפטען ווי די, אין וועלכע עס האבען געלעבט די נארד־אמעריקאנישע אינדיאנער, צום ביישפיל, געפינט איר שוין א רעגירונג — די רעגירונג פון מנהגים, אבער איר געפינט שוין אויך צווישען זיי מעדיצינער־פריסטער, אנפירער־שאכעמס און זקנים, וועלכע האבען א שטארקע ווירקונג אויף דעם געזעלשאפטלאכען לעבען און וועלכע זוכען ביסלאכוויים צו ענדערן אפילו די מנהגים אליין, אום צו מאכען דאס לעבען גינסטיגער פאר זיך. אין די געזעלשאפטען איז נאך אלץ ניטא קיין

שטאַט, אויב מיר ווילען אונטער דעם וואָרט פאַרשטיין, ווי מען דאַרף עס פאַרשטיין, אַ רעגירונג, וועלכע פאַראייניגט אַלע געזעלשאַפטלאַכע פונקציאָנען *אין איין מאַכט* און איבט אוים דיזאָזיגע פאַראייניגטע מאַכט צו צווינגען יעדע פּערזענלאַכקייט פון דער געזעלשאַפט צו טאָן ווי זי הייסט *).

* * *

אמאָל האָט מען אונז געלערנט, אַז די אַנטשטייאונג פון שטאַט, פון דער פאַמיליע, פון אַלץ, וואָס דריקט און פאַרשקלאַפט אין דער היינטיגער געזעלשאַפט, הייבט אָפּ פון פּריוואַט אייגענטום און פון די עקאָנאָמישע אומשטאַנדען, וועלכע אַנטוויקלען זיך אין אַ געזעלשאַפט **). מיר האָבען געגלויבט אין דעם. אָבער לערנענדיג דאָס לעבען פון געזעלשאַפטען אין דער אור־אַלטער צייט, אין דער געשיכטע, און דאָס איצטיגע לעבען, האָבען מיר באַמערקט, אַז פּריוואַט אייגענטום און אפילו די עקאָנאָמישע אומשטאַנדען פון מענשען אין אַלגעמיין, זיינען *ניט אַלץ* אין דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען; אַז אין אור־אַלטע געזעלשאַפטען איז גאָר ניטאָ קיין פּריוואַט אייגענטום אַלס אַ געזעלשאַפטלאַכע אינסטיטוציע און אַז ביי די ווילדע איז שפּילען זיך צוזאַמען, טאַנצען, שפּרינגען, פּלוידערען און קריגען זיך, ווי ביי קינדער, און פּוצען זיך, פאַרבען זיך, באַשיינען זיך ווי ביי מאַנכע דאַמען, פיל בילכער אפילו ווי דאָס עסען ***) און מיר האָבען זיך געפרעגט: ווי קומט דאָס?

ווי קומט דאָס, אַז אַ ווילדער, וואָס זוכט צו באַגייסטערען, פייניגט זיך וואָכען־לאַנג אירגענד וואו אין אַ וואַלד צו ווערען דער *הייליגער*, און דאַן, קריכענדיג אויף אַלע פיר, שרייענדיג משונה ווילד, צינדט ער אָן דאָס הייליגע פייער אין דעם ערדענעם געצעלט און דער גאַנצער עולם ציטערט פאַר מורא, און יעדער באַהאַלט זיין פּנים פאַר דעם הייליגען? ווי קומט דאָס, אַז דער פידזשי, אָדער דער פייערלאַנדער גלויבט, אַז דערדאָזיגער העלד און ניט יענער וועט אים פירען אין אַ מלחמה צום זיג? ווי קומט דאָס, האָבען מיר זיך ווייטער געפרעגט, אַז דער אָדער יענער זאָל זיין אַזוי שטאַרק, אַזוי מאַכטיג ביים כלל, אַז ער זאָל קענען ברעכען מנהגים, וועלכע זיינען אַזוי איינגעוואָרצעלט אין לעבען, און זאָל אפילו קענען זיך אַנאייגע־

---

*) זע פּ. קראָפּאָטקינ'ס „דער שטאַט, זיין היסטאָרישע ראָלע".

**) זע ענגעל'ס „אורשפּרונג דער פאַמיליע".

***) עס איז פּשוט ניט אמת, אַז ווילדע פעלקער האַלטען נאָר מלחמות צווישען זיך, ווי אַזעלכע טעאָריעס ווי גומפּלאָוויטש'עס „ראַסען־קאַמף" מאַכען דעם איינדרוק. דיזאָזיגע טעאָריעס באַטראַכטען די פאַקטען פון ריכטיגען לעבען דורך די פאַרגרעסערונגס־גלעזער פון דעם „קאַמף־אומס־דאָזיין".

נען זאַכען, וועלכע זיינען פריער ניט געווען קיין אייגענטום? מיט איין וואָרט, מיר האָבען זיך געפרעגט: וואָס איז יענער פּרינציפּ, דורך וועלכען מיר וואָלטען זיך געקענט דערקלערען, אין דעם לעבען פון געזעלשאַפטען, אַלע ערשיינונגען? און מיר האָבען זיך געענטפערט, אַז דאָס איז די שטרעבונג פון דעם איינצעלנעם מענשען צו אַנטוויקלען זיין „איך" אַם ברייטסטען; עס איז די מער און מער באוואוסטע שטרעבונג; עס איז דער אַלץ מער און מער באוואוסטער קאַמף פאַר דער אינדיווידואַליטעט.

אמת, אין זיין לאַנגען געשיכטלאַכען מאַרש האָט דערדאָזיגער שטרעבען, אָט דער קאַמף, פאַראורזאַכט אומגעהייערע ליידען דער גרויסער מאַסע מענשען, דעם כלל, ווייל דאָרט האָט דער שטרעבענדער, דער קעמפּפענדער אינדיווידום געבויט אַ מזבח פאַר דעם כלל, און דאַ האָט ער געשטעלט אַ פעסטונג פאַר אים; דאָרט האָט ער אים באַפוילען זיך צו בוקען צום גאָלדענעם גאָט, און דאַ האָט ער אים געשמידט אין אייזערנע קייטען. אַלץ אום אים צו באַהערשען. אָבער ווען דערזעלבער באוואוסטער שטרעבען, דערזעלבער קאַמף פאַר אינדיווידואַליטעט, וועט זיך פאַרשפּרייטען ווייט און ברייט און וועט ווערען דער באוואוסטער שטרעבען פון יעדען מענשען פון דעם כלל, דאַן וועלען פאַלען די געטער און עס וועלען פּלאַצען די קייטען, און מענשען וועלען לעבען באוואוסטערהייט אין פרייע געזעל־שאַפטען.

* * *

אמבעסטען קען מען לערנען די שטרעבונג פון איינצעלנע מענשען, וועלכע זוכען זיך אַרויסצוטיילען פון כלל, אום אים צו באַהערשען, אין דער אַלטער גריכישער געזעלשאַפט. אין איר ווייזען זיך אַרויס די ערשטע עלעמענטען, פון וועלכע, שפּעטער אין דער געשיכטע פון אייראָפּע, האָט זיך אַנטוויקעלט דער שטאַט, יענע שרעקלאַכע „מאַכט, וועלכע הערשט איבער דער געזעלשאַפט", און וועלכע שליסט איין „אַ קאָנצענטראַציאָן פון לאַנד און פון פיל לעבענספּייזאיקייטען פון דער געזעלשאַפט אין די הענט פון אייניגע אָדער אַפילו אין די הענט פון פיל" *). איך מיין ניט צו באַ־הויפּטען, אַז די אַלטע גריכישע שטעט זיינען געשיכטלאַך געווען די ערש־טע, וועלכע האָבען אויסגעאַרבעט אַ קאָנצענטרירטע מאַכט איבער דער געזעלשאַפט אין דער פאָרמע פון אַ רעגירענדען שטאַט. ניין, איך ווייס זייער גוט, אַז לאַנג נאָך פאַר די אַזוי־גערופענע „פרייע שטאַטען" פון

*) קראָפּאָטקין: „דער שטאַט".

גריכענלאַנד זיינען געווען, ביים ברעג פון דעם טייך נ י ל ו ס, אין דעם מעסאָפּאָטאַמישען טאָל, פון דער און פון יענער זייט ירדן, ארום דער בינעזישער וואַנט און דאָרט וואו עס פליסען די טייכען ג א נ ג ע ס און א י נ ד ו ס, מאַכטיגע דינאַסטיעס פון רעגירונגען מיט שטאַטען, אין דעם זין ווי מיר פאַרשטייען דאָס וואָרט, פיל הונדערטער יאָרען פאַר דעם גריכישען שטאַט. עס שיינט אָבער, אז דער אורשפּרונג פון רעגירונגען און שטאַטען איז אַרום־און־אַרום דערזעלבער און ווען מיר לערנען דאָס אַלטע געשיכטלאַכע לעבען פון גריכענלאַנד, קענען מיר קלאָר זען דעם גאַנצען גאַנג, די גאַנצע אַנטוויקלונג פון שטאַט. די פאַרפּולקאָמונג פון שטאַט מוז מען אָבער לערנען אין דעם לעבען פון די אַלטע רוימער.

עס איז ניט זיכער באַקאַנט, ווען די אַלטע גריכישע שטאַמען האָבען איבערגעוואַנדערט פון קליין אזיען און האָבען זיך באַזעצט אויף דעם זיד־לאַכען ברעג פון אייראָפּע. אַלץ, וואָס מיר ווייסען וועגען די שטאַמען, וועל־כע די געשיכטע געפינט אויף דעם זידלאַכען האלב־אינזעל אין דעם מיט־לאַנדישען מער, אָדער אין די פיל אינזלען צווישען דעם אַלטען עגעגישען און יאָנישען מער, איז בלויז דאָס, אז זיי זיינען געווען אַזעלכע ווילדע ברואים ווי די, וועלכע מיר געפינען נאָך היינט אין טיפען אַפריקע, אין דעם נאָרד־וועסטלאַכען טייל פון נאָרד אַמעריקע אָדער אויף די אינזלען פון אויסט־ראַליע. זיי האָבען נאָך ניט געוואוסט פון אַ רעגירונג, פון אַ שטאַט, פון אייגענטום און פון שקלאַפען. זיי האָבען אין דער אוראַלטער צייט געלעבט, עטלאַכע פאַמיליעס פאַרבונדען צוזאַמען דורך בלוט־פאַרוואַנדשאַפט אין זשענס אָדער שטאַמען. שפּעטער האָט דער טריב צום געזעלשאַפטלאַכען לע־בען פאַראייניגט איין שטאַם מיט דעם אַנדערען אין שבטים, ברודערשאַפט, (פראַטריאַס). נאָך שפּעטער האָבען זיך די ברודערשאַפטען, די שבטים, פאַראייניגט אין אַ נ א צ י א ן. שוין אין דער פאַרגעשיכטלאַכער עפּאָכע פון דעם גריכישען לעבען, אין דער האָמערישער צייט, געפינען מיר, אז פון יענע גרויסע גריכישע העלדען וועלכע זיינען באַטראַכט געוואָרען פון פאָלק ווי האַלב־געטער, פון די העלדען אויף דעם שלאַכטפעלד, בילדען זיך ביסלאַכוויים אוים באַשטענדיגע שטאַם־פירער, וועלכע מיר קענען שוין אין דער געשיכטלאַכער צייט אונטער דעם נאָמען ב א ז י ל ע ו ס. דער ביזאַלעוס איז ניט קיין קיניג *). אָנפאַנגס איז ער דער שטאַרקסטער, דער פירער אין דער מלחמה; ער איז ד ע ר א י י נ ע ר, וועלכער האָט געקענט

*) ער איז אַ פירער פון אַ שטאַם און מערערע שטאַם־פירער ווערען אָנגע־רופען מיט'ן זעלבען נאָמען. זע דאַריבער „גריכישע אָליגאַרכיען" פון וויבליי, ז. 64, באַמער. 2.

דורך זיין באַזונדערער קראַפט, אָדער דורך גינסטיגע אומשטאַנדען אַרויס־טיילען זיך פון גאַנצען כּלל און דער כּלל אָנדערקענט אים פאַר'ן גבור, פאַר'ן העלד. אין דער געשיכטלאַכער צייט ווערט דער באַזילעוס געוויילט; דאָס הייסט, דער שטאַם קען זיך געפינען אַ שטאַרקערען, אַ קליגערען, אַ בעסערען פירער. דערפירער רעגירט ניט אַליין: אין שבט זייגען פאַראַן זקנים, אינ־דיווידומס, וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט און אויף וועלכע די עלטער־יאָרען האָבען אַרויפגעלייגט דעם שטעמפּעל פון ערע. זיי האָבען זיך אויך אַרויסגעטיילט פון דעם כּלל, זיי נעמען אַ גרויסען אָנטייל אין דער רעגירונג און האָבען אַ שטאַרקע ווירקונג אויפ'ן פאָלק. אויב נייע אומשטאַנדען פון לעבען רופען אַרויס נייע טעטיקייט אין דער געזעלשאַפט, נעמט זיך צונויף דער גאַנצער שבט אונטער דעם פרייען הימעל, מענער, ווייבער און קינדער, אַזוי ווי ביי די אַלטע גערמאַנער, אָדער ביי די אַמעריקאַנער ווילדע; דער באַזילעוס און די זקנים דערקלערען די נייע טעטיקייט און דאָס פאָלק נעמט זי אָן, אָדער פאַרוואַרפט זי דורך אַפּשטימונג און געשרייען.

אָט דאָס איז דאָס לעבען פון די אַלטע גריכען. שוין אין דאָזיגען גע־זעלשאַפטלאַכען לעבען האָבען די אינדיווידומס, וועלכע האָבען זיך אַרויס־געטיילט פון כּלל, געהאַט געוויסע פּריווילעגיעס און אויך אַזוי פיל ווי די פּריווילעגיעס האָבען זיי געגעבען מאַכט, אייגענטום און ערע, אויף אַזוי פיל האָבען דידאָזיגע פּערזאָנען פאַרשקלאַפט דאָס פאָלק — דעם כּלל. דורך דער גאַנצער געשיכטע פון גריכענלאַנד, סאַי דורך דעם לעבען פון די אָליגאַרכישע רעגירונגען אין אַ ט ט י ק אַ *), סאַי דורך דעם פרייען מי־ליטערישען שטאַט ס פּ אַ ר ט אַ, סאַי אַפילו דורך דער אַזוי־גערופענער דעמאָקראַטישער רעגירונג פון אַ ט ע ן, גייט דורך דער מאַכטיגער קאַמף פון שטאַרקען אינדיווידום, אָדער גרופּע שטאַרקע אינדיווידומס, מיט'ן פאָלק, עס צו באַהערשען.

אין אָנפאַנג פון דער געשיכטע פלעגט די הערשאַפט פון איינציגע מענ־שען אָדער פון אַ פאַמיליע ווערען צו שווער און דער אַלטער גריך, וועלכער איז אין זיין פריערדיגען צושטאַנד ניט געווען געוואוינט צו אַ צוים, פלעגט זיך אויפהויבען און רעוואָלטירען. דאַן האָבען אונטערדריקער און אונטער־דריקטע אויסגעזוכט אַן אידיווידום, וועלכער האָט זיך נאָך מער אַרויסגע־טיילט פון כּלל און פאַר וועלכען דאָס גאַנצע פאָלק האָט גרויס אָפּשיי געהאַט. אין ספּאַרטאַ איז אויפגעשטאַנען אַ ל י ק ו ר ג ו ס, אין אַטען — אַ ס אָ ל אָ ן (דער ערשטער גריכישער געזעצגעבער) און האָבען

*) אָליגאַרכישע רעגירונג הייסט אַ רעגירונג פון נאָבעלע פאַמיליעס. אַז די געשיכטע פון אַטטיקאַ איז די געשיכטע פון אָליגאַרכישער הערשאַפט צווייפלען איצט ניט די היסטאָריקער. זע „די גריכישע אָליגאַרכיעס“. וויבליי.

געלערנט דעם פאָלק אַ נייע תורה, נייע געזעצע: די תורה פון געהאָרכזאַמ־קייט פון אונטערדריקונג. °) אמת, סאָלאָנ׳ס געזעצען ווערן ניט אָנגענומען גלייך. ערשט שפּעטער האָט זיי דער הערשער ק ל י ס ט ע נ ע ס איינגע־פירט אין לעבען; אין אמת׳ן אָבער זיינען זיי שוין פון פריער בישלאַכוויים אריינגעקומען אין לעבען. בישלאַכוויים איז דאָס פרייע לעבען פון פאָלק פאַרניכטעט געוואָרען, בישלאַכוויים איז דאָס פאָלק באַהערשט געוואָרען און דאַן איז געהאָרכזאַמקייט און אונטערדריקונג מעגלאַך געוואָרען.

די אַטענישע רעגירונג פון קליסטענעס׳ צייטען — דער אַזוי־גערופענער אַטענישער דעמאָקראַטישער שטאַט — איז ניט מער און ניט ווייניגער ווי דער שטאַרקסטער אויסדרוק פון אַ קאַמף צווישען פאָלק, וועלכעס האָט זיך נאָך ניט געקענט אַפּזאָגען פון דעם אַלטען, אומבאַוואוסטען פרייען לע־בען פון דער אורצייט, און די פּאָליטיקער, שטאַטס־לייט, רייכע בעלי־בתים, וועלכע האָבען געזוכט צו באַהערשען דאָס לאַנד. די סאָלאָנישע געזעצען האָבען גרינטלאַך אונטערשיידעט איין קלאַס מענשען פון אַ צווייטען קלאַס, און די קליסטעניש רעגירונג האָט פאַרניכטעט די אַלטע סאָציאַלע אָר־גאַניזאַציע. בישלאַכוויים האָבען די הערשער געוואונען די מאַכט און די אוראַלטע פאָלקס־פאַרזאַמלונג, דער אַ ר ע אָ פּ אַ ג ו ס, איז געוואָרען נאָר אַ פאָרמאַליטעט; בישלאַכוויים האָט זיך די מאַכט פון געזעצגעבונג, פון שופטים, פון מיליטער־פירער און גוטס־באַזיצער קאָנצענטרירט אין אַ קליינער צאָל מענשען — אין אַ שטאַט, און גריכענלאַנד, וועלכע איז דורך דער צייט פון איר גלענצענדען לעבען, געוואָרען ווי דער גרויסער פראַנצוי־זישער היסטאָריקער מ י ש ל ע רופט זי: „דאָס וויגעלע פון מענשלאַכען געדאַנק“, איז געפאַלען אַן אָפּפער צו די פּלענער פון אלכסנדר מוקדון, צו באַהערשען די וועלט.

דערדאַזיגער בלוטיגער קאַמף צווישען פאָלק און די הערשער — דעם שטאַט — ציט זיך ווי אַ רויטע שנור דורך דער גאַנצער מענשלאַכער גע־שיכטע: די פּאַפּירוסען, אָבעליסקען און פּיראַמידען פון מצרים דערציילען שרעקלאַכע געשיכטען פון מאַכטיגע קיניגען, אונטערדריקענדער געזעצגעבונג

*) אַז די אומשטאַנדען פון געזעלשאַפטלאַכען לעבען אין דער צייט פון דער געזעצגעבונג זייבען געווען צו שווער פאַר׳ן פאָלק און עס האָט רעוואָלטירט, קען מען זען פון סאָלאָנ׳ס וואונש צו סאַנקציאָנירען זיין געזעצגעבונג דורך אַפּאָלאָ׳ס אָראַקעל, וואו ער באַפעלט אים:

„נעם, נעם אָן דעם רודער, פיר די זינקענדע שיף
מיט אַלע קראַפטען, האַלט אָפּ די שטייגענדע כוואַליע“.

(זע פלוטאַרכ׳ס „סאָלאָן“ אין זיינע „לעבענס“).

און אומערמידלאַכע קאַמפען פון די אונטערדריקטע קעגען די אונטערדריקער. די טאַוולען, וועלכע מען אַנטדעקט פון יאָר צו יאָר אין דער אונטער־ערדי־שער ביבליאָטעק פון נ י נ ו ה, דערציילען טויטשרעקענדע געשיכטעס פון הערשאַפט און טיראַניי, פון געזעצען, געהאָרכזאַמקייט און שקלאַפעריי און אויך דאָ באַמערקט מען, אַז דאָס פאָלק האָט ניט אָפּגעגעבען דאָס פרייע אוראַלטע לעבען אַן אַ קאַמף און אַן בלוט. אין אונזער אייגענער געשיכטע — ביי אידען — זעען מיר נאָך בעסער גראָד דאָסזעלבע. ביסלאַכוויים ווערט פאַרניכטעט דאָס ברודערלאַכע אומאָפּהייִנגיגע לעבען פון די שבטים און ביסלאַכוויים אַנטוויקלען זיך מיליטערישע אַנפירער, וועלכע זוכען צו באַ־הערשען דאָס פאָלק. די כהנים היטען אָפּ די געשריבענע געזעצען ווי דאָס שוואַרץ־אַפּעל פון אויג, וויל דורך זייער הייליקייט ווערט סאַנקציאָנירט, גערעכטפאַרטיגט די הערשאַפט פון די מאַכטיגע. אויך דאָ קעמפט דאָס פאָלק קעגען דער מאַכט פון הערשאַפט, וועלכע די זקני ישראל ווילען קאָנ־צענטרירען אין די הענט פון אַ קיניג. אויך דאָ וויל דאָס פאָלק ניט אָפּגעבען יענע אוראַלטע אומבאַוואוסטע פרייהייט, אין וועלכער עס האָט געלעבט טויזענטער יאָרען, און קעמפּענדיג קעגען די אונטערדריקער שרייט עס: „מי אמר שאול מלך עלינו תנו האנשים ונמיתם“, (ווייזט אונז די פערזאָנען, וועלכע ווילען שאול'ן מאַכען פאַר אַ קיניג, און מיר וועלען זיי טויטען.) אָבער זיי טויטען ניט די, וועלכע ווילען זיי באַהערשען און יענע — די הער־שער — געווינען דעם קאַמף.

די אַלטע פעלקער זייען אַראָפּ פון דער געשיכטלאַכער בינע. זיי האָבען אָפּגעשפּילט זייערע ראָלען אין דעם מענשלאַכען לעבען. זיי האָבען אַריינ־געפירט אין געזעלשאַפטלאַכען לעבען דעם באַוואוסטען קאַמף פאַר אינדיווי־דואַליטעט און האָבען איבערגעלאָזט פאַר דעם מאַכטיגען רוים צו אַנט־וויקלען דעם קאַמף צו יענער אומנאַטירלאַכער שטופע, אויף וועלכער אַ קליין הייפעלע מענשען באַהערשט די גאַנצע וועלט. די אַלטע רוימער האָ־בען אויך פריער געלעבט ווי די אַלטע אידען און אַלטע גריכען אין פרייע שטאַמען און אויך ביי זיי האָבען זיך ארויסגעטיילט פון דעם כלל איינ־צעלנע אינדיווידומס, וועלכע האָבען מיט דער צייט אַריינגענומען די הער־שאַפט אין זייערע הענט.

ביי די רוימער זיינען דידאָזיגע שטאַרקע אינדיווידומס געווען די פּ אַ ט ר ע ס (פאַטערס) און דער ס ע נ אַ ט, די עלטסטע מענער, וועל־כע זיינען געווען די פאָרשטייער פון די שטאַטען. ביסלאַכוויים האָבען זיך אַנטוויקעלט הערשענדע אינדיווידומס און הערשענדע פאַמיליעס. אויך די רוימער פלעגען זיך פאַרזאַמלען אין פרייע גרופּעס (comitia curiata) צו אַנטשיידען וויכטיגע לעבענס־פראַגען. דאָס פאָלק ווילט אויס אַלע זיינע

הערשער, אפילו דעם מיליטערישען פירער, דעם קיניג, (Rex), אַלץ ווי אין אַלטען גריכענלאַנד. און טאַקע ווי אין גריכענלאַנד, באהערשען אויך דאָ די מאַכטיגע אינדיווידומס, די איידעלע פאַמיליעס, דאָס גאַנצע פאָלק. ביסלאַכוויים גיט דאָס פאָלק אָפּ זיין פריי ברודערלאך לעבען און לאָזט זיך איינצווימען אין דער הערשאַפט פון אַ שטאַט.

די רוימישע אימפעריע האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע פון אַ שטאַטס־מאַכט. אין דער שטאַטס־מאַכט זיינען קאָנצענטרירט געוואָרען אַלע געזעלשאַפטלאַכע פונקציעס: דער מיליטערישער פירער, דער געזעצגעבער, דער פאַרטרעטער פון גאָט און דער גוטס־באַזיצער. רוים, אין דער צייט פון איר גרויסער הערשאַפט, האָט געהאַט אַ צוויי־דריי טויזענט סענאַטאָ־רישע פאַמיליעס: געזעצגעבער, הערשער, גוטס־באַזיצער, וועלכע האָבען געלעבט אין רייכטום און איבערפלוס, בשעת דאָס פאָלק איז געווען פאַר־שקלאַפט און האָט געשמאַכט ביי שווערער ארבעט אין די פעלדער. דער קיניג, די געזעצגעבער, די פריסטער און די גוטס־באַזיצער האָבען אַלע צו־זאַמען געקעמפט קעגען פאָלק, אום אויפצוהאַלטען די מאַכטיגע קאָנצענ־טראַציאָן פון שטאַט, ניט נאָר ווייל זיי האָבען געוואָלט עסען, ניין! נאָר ווייל זיי האָבען געזוכט צו פאַרזיכערען זייער גאַנצען „איך", זייער עסען און זייער מערען זיך; ווייל זיי האָבען געזוכט וואָס מער לוסט און וואָס מער פריידען, וואָס ווייניגער שמערצען און וואָס ווייניגער טרערען. ר ו י ם האָט איבערגעלאָזט אירע געזעצען, איר שטאַט, איר ציוויליזאַציע בירושה צו אונזער געזעלשאַפט און זי, די געזעלשאַפט, שטרעבט, מיט דער גאַנצער מאַכט פון איר לעבען, צו דערגרייכען די רוימישע אַרט הערשאַפט פון א י י נ י ג ע אין דער געזעלשאַפט איבער א ל ע. און ווי קען עס דען אַנדערש זיין אין דער הערשאַפט פון אַ שטאַט?

---

דאָס אַלטע רוים איז געפאַלען. די ווילדע באַרבאַרען פון אייראָפּע, די גערמאַנישע פעלקער: די טיוטאָנען, גאַלען, סקאַנדינאַווער, נאָרמאַנער און סאַקסאָנער האָבען ביסלאַכוויים געמאַכט אַ תל פון דעם אַלטען שטאַט, פון דער אַלטער ציוויליזאַציע. דידאָזיגע באַרבאַרען האָבען געלעבט, ווי אַלע אַלטע ווילדע פעלקער, אין פרייע געזעלשאַפטען. אָבער ביי זיי האָבען זיך אויך, ווי ביי אַלע ווילדע פעלקער אין דער וועלט, ביסלאַכוויים זיך ארויסגעטיילט קלוגע, גרויסע מעשען, מיליטערישע העלדען, אַלטע חכמים, הייליגע, וועלכע האָבען אויך געזוכט זיך אמבעסטען צו פאַרזאָרגען, צו באַהערשען דאָס פאָלק. דאָס פאָלק, ווידער, האָט דורך פיל יאָרהונדער־טער פון אונזער געשיכטע (פון דער געשיכטע פון אייראָפּע) געפירט אַ שרעקלאַכען קאַמף פאַר יענעם פרייען לעבען, פאַר יענער ברודערליכקייט און

געזעלשאַפטלאַכקייט, וועלכע איז אים איבערגעגאַנגען בירושה זייט צענדלי־ גער טויזענטער יאָרען. דידאָזיגע קאַמפען זיינען פאַרשריבען מיט בלוטיגע בוכשטאַבען אין דער געשיכטע פון מיטעלאַלטער.

ווען די פאַרשיידענע באַרבאַרישע שטאַמען האָבען פאַרניכטעט די רוי־ מישע מאַכט אין איירָאפּע און האָבען ביסלאַכוויים איבערגענומען די מדות פון דעם באַהערשטען רוים, האָבען זיי אויך אַריינגעבראַכט זייער אייגענעם פרייען גייסט אין דעם לעבען פון די באַהערשטע פעלקער. *) און אין פאַר־ לויף פון איניגע יאָרהונדערטער הויבען זיך אָן אויסצובילדען איבער גאַנץ איירָאפּע פרייע שטעט, וועלכע וואַקסען, אַטוויקלען זיך, ווערען מיט דער צייט אַרומגערינגעלט מיט שטאַרקע פעסטונגס־ווענט, אום אָפּצוהיטען די איינוואוינער פון אַ פיינט. אין איטאַליען האָט זיך די פרייע טעטיקייט פון פאָלק שוין באַוויזען אין 9טען און 10טען יאָרהונדערט. איבעראַל אין איירָאפּע אָבער האָבען זיך די פרייע שטעט אַנטוויקעלט פון דעם 11טען ביז דעם 16טען יאָרהונדערט. די שטעט האָבען זיך געוויינטלאַך אַנטוויקעלט לעבען דעם שלאָס פון אַ פירשט, וועלכער האָט גערעכענט די איינוואוינער פון שטאָט און פון די אַרומיגע דערפער פאַר זיינע א י י ג ע נ ע. שפּעטער אין איירָאפּע, ווען די אַלטע דאָרף־קאָמונע ווערט פאַרניכטעט דורך דעם וואָס די שטאַרקע אינדיווידומס, וועלכע האָבען זיך אַרויסגעטיילט פון כלל, פאַרכאַפּען גרויסע לאַנד־אייגענטימער, בילדען זיך אוים אַזעלכע פרייע שטעט און דערפער אַרום אַ פעאָדאַלען לאָרד. זיי צאָלען אים צינזען אין דער פאָרמע פון אַרבעט, אָדער זיי גיבען אים אַ טייל פון זייערע אייגענע פּראָ־ דוקטען.

דאָס אינערלאַכע לעבען פון דער פרייער שטאָט איז אַ ברודערלאַך, גע־ זעלשאַפטלאַך לעבען. אין דער פרייער שטאָט אַנטוויקלען זיך אינדוסטריען, פאַרשיידענע מלאכות און אַלע די נייע טעטיקייטען רופען אַרוים פאַראיי־ ניגונגען צווישען מענשען. דאָ פאַראייניגען זיך די שכנים פון איין גאַס, (גאַסען גילדעס), דאָרט די בעלי מלאכות פון איין פּראָפעסיאָן (צעך) און אין אַנאַנדער פלאַץ פאַראייניגען זיך די, וועלכע פירען דעם האַנדעל פון שטאָט, אין האַנדעל־גילדעס. אַלע צוזאַמען קלייבען אוים זייערע אייגענע ריכטער און מאַכען זיך רעגעלען, ווי אַזוי זיי זאָלען זיך פירען אין פאַר־ שיידענע געזעלשאַפטלאַכע פאַרהעלטעניסען. אין דער פאַמיליע איז דער פאָטער, דער pater familias דער גאַנצער בעל־הבית, אָבער אין דער גע־ מיינדע זיינען אַלע גלייך און דער primus inter paras — „דער ערשטער צווישען די גלייכע“ — שיינט צו זיין דער זקן **). אַמאָל פאַסירט צווישען

*) זע „געשיכטע פון די איטאַליענישע רעפּובליקען“, סיסמאָנדי.

**) זע גאַרדינער׳ס „ענעלס און די בריטיש פעזענטרי“.

די ברודערשאַפטען אַ קריג און זיי שלאָגען זיך אין די גאַסען, אָבער מערסטענטיילס קלייבען זיי זיך צוזאַמען אויפ'ן שטאָט־פּלאַץ און טרינקען פריילאַך לחיים פון דעם „ברודערשאַפט־אייל“.

אַזוי האָבען געלעבט און געבליט די פרייע שטעט פון מיטעלאַלטער. אָפט זיינען זיי געקומען אין קאָנפליקט מיט דער שטייגענדער מאַכט פון די הערשער — די פּרינצען און פעאָדאַלען, — וועלכע האָבען געזוכט צו פאַרניכטען די שטאַרקע סאָלידאַריטעט פון פאָלק. ביסלאַכוויים האָבען די הערשער ארויסגענומען פון די הענט פון דער פרייער שטאָט די וואַל פון ריכטער, די געזעצגעבונג; ביסלאַכוויים איז די שטאָט געוואָרען אָפּהייניגיג פון אַ פּרינץ, פון אַ קיניג, פון אַ פעאָדאַל, מיט וועלכען זי האָט זיך פאַראייניגט, אום זיך צו באַשיצען פאַר אַנאַנדער הערשער. ביסלכוויים האָט די פרייע שטאָט אָפּגעגעבען אירע רעכט, איר פרייהייט צום פּרינץ, צום פעאָדאַל און דער קירכע; ביסלאַכוויים זיינען די איינוואוינער פון דער פרייער שטאָט, געוואָרען איבערגעגעבענע קנעכט פון לאָרד און האָבען טריי אָפּגעהיט די זיכערקייט פון אים, פון זיין פאַמיליע, פון זיין הויזגעזינד. *) ביסלאַכוויים האָבען זיך די פּרינצען פאַראייניגט און האָבען, ווי די זקני ישראל, זיך אונטערגעוואָרפען צו אַ קיניג, אום זיי אַליין זאָלען זיין זיכערער אין זייער הערשאַפט. יע, ביסלאַכוויים דערהויבט זיך דער מאָדערנער שטאַט איבער דער געזעלשאַפט. אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, מאַכטיגער און מאַכטיגער, פאַראייניגט ער די קירכע, דעם קיניג, דעם געלטזאַק, ביז ער דריקט זיך אויס אין די מאַכטיגע ווערטער פון לואיס דעם 14טען: L'Etat c'est moi — „דער שטאַט — דאָס בין איך“.

די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט געענדערט די פאָרמע פון דער געזעלשאַפט. זי האָט פאַרניכטעט דעם פעאָדאַליזם און האָט ארויסגערופען די מאָדערנע בורזשואַזיע, אָבער זי האָט ניט פאַרניכטעט דעם פּרינציפּ פון שטאַט, די „קאָנצענטראַציע פון אַלע געזעלשאַפטלאַכע פונקציעס אין די הענט פון איינציגע“, די קאָנצענטראַציע פון דער גאַנצער מאַכט אין דער געזעלשאַפט אין די הענט פון הערשער, מעגען זיי זיין קיניגען, פּריסטער, קאַפּיטאַליסטען, פאַלשע אָדער אמת'ע רעפּרעזענטאַנטען פון פאָלק.

* * *

ווען מיר קוקען זיך גוט צו צו דער גאַנצער אַנטוויקלונג פון רעגירונג און שטאַט, מוזען מיר פאַרשטיין, אַז אין דעם נאַטירלאַכען טריב פון מענשען

*) זע מ. קאָוואַלעווסקי'ס „די געזעלשאַפט“: פאַרהעלטניסע פון ענגלאַנד צום סוף פון די מיטעלע יאָרהונדערטער.

צו לעבען אין געזעלשאַפטען, אנטוויקלען זיך פארשיידענע פאַרהעלטעניסען צווישען מענשען. פון זיי פירען איינינע פאַרהעלטניסען צו א געזעלשאַפט־לאַכען סדר, וועלכער קומט אַרויס פון די באַדערפעניסשען פון לעבען אַליין און אַנדערע פאַרהעלטעניסען פירען צו אַ באַשטענדיגער באַוואוסטזיניגער אַנטוויקלונג פון איינציגע מענשען, וועלכע זוכען אַמבעסטען צו באַפרידיגען די באַדערפעניסשען פון זייער פערזענלאַכקייט. דער געזעלשאַפטלאַכער סדר, וועלכער קומט אַרויס פון די לעבענס־באַדערפעניסשען אַליין רעגירט איבער דעם אינדיווידום. דאַס איז די געזעלשאַפטלאַכע רעגירונג, וועלכע מען קען ניט אויסמיידען; דער מענש, וועלכער ווערט מער און מער באַוואוסט און זוכט דורך זיין טעטיקייט אַמשטאַרקסטען צו אַנטוויקלען זיין אינדיווידואַ־ליטעט, באַהערשט די איבעריגע מענשען און רעגירט איבער זיי דורך אַ שטאַט. דיזאַזיגע אַרט רעגירונג איז באַשאַפען געוואָרען דורך דער זיך אַנטוויקלענ־דער קראַפט פון דער באַוואוסטער אינדיווידואַליטעט און קען און וועט פאַר־ניכטעט ווערען, ווען די באַוואוסטע אַנטוויקלונג פון אינדיווידום וועט זיך פאַרשפּרייטען אַלץ מער און מער און וועט אומפאַסען יעדען איינעם פון כלל. דאַן וועט יעדער באַוואוסטער אינדיווידום זוכען אויסצואיבען אַלע זיינע פייאַיקייטען אַמבעסטען דורך אַ פרייען געזעלשאַפטלאַכען לעבען מיט זיינע מיטמענשען.

לאָמיר שטרעבען צו אַנטוויקלען דאַס באַוואוסטזיין פון יעדען מענשען אין כלל. לאָמיר שטרעבען צו דערגרייכען יענעם גרויסען אידעאַל פון אַ פרייען באַוואוסטען געזעלשאַפטלאַכען לעבען און ווען מען וועט אונז פרעגען: — זאַגט נאָר, וואָס רעגירט יענע שיינע מענשען געזעלשאַפט? וועלען מיר ענטפערען: יענע געוואוינהייטען און יענע באַוואוסטע איבערלייגונגען, וועלכע קומען אַרויס פון דעם נאַטיר־לאַכען אינדיווידועלען שטרעבען צו לעבען פריי און סאָלידאַריש מיט מיט־מענשען.

# פעטער קראָפּאָטקין *)

## א.

## קראָפּאָטקין און טאָלסטאָי **)

עס איז געשען ! אַ ידיעה דירעקט פון מאָסקווע האָט געבראַכט די טרויעריגע נאַכריכט, אַז פּיאָטער אַלעקסעיעוויטש קראָפּאָטקין, איינער פון די צוויי גרעסטע און ליכטיגסטע גייסטער, וואָס דאָס רוסישע פאָלק האָט געבוירען אינמיטען ניינצענטען יאָרהונדערט צו באַלייכטען און באַשיינען די גאַנצע וועלט פון קולטור־פעלקער, איז שוין ניט מער צווישען די לעבעדיגע. פּיאָטער אַלעקסעיעוויטש קראָפּאָטקין איז געשטאָרבען.

אָבער, ווי אַלטעגלאַך און אפשר אויך באַנאַל עס זאָל ניט זיין דער אַלטער געדאַנק, אַז שטאַרבען שטאַרבט נאָר דער גוף פון דעם גרויסען מענשען, זיין נשמה אָבער און זיין גייסט וועט נאָך לעבען דורות און דורות, הונדערטער און הונדערטער יאָרען — איז עס דאָך דער אמת.

די משהס, בודאס און קריסטוסעס, ווי מיסטיש־לעגענדאַריש זייערע וועזענס זאָלען ניט זיין געפלאָכטען, די האָמערס, דאַנטעס, שעקספּירס און געטעס, די ראַפאַעלס, אַנדזשעלאָס, רעמבראַנדס און ראָדענס, די פּלאַטאָס און אַריסטאָטעלס, די קאַנטס און שפּינאָזאַס, די ניוטאָנס און לאַפּלאַסעס, די מאַדזיניס און גאַמבעטאַס, אפילו די בלוטיגע אַלעקסאַנדער מוקדונס און נאַפּאָלעאָנס — זיי שטאַרבען ניט, ווען זייערע קערפּערס טיילען זיך אָפּ פון דער לעבעדיגער וועלט. זיי לעבען נאָך דורות און דורות, יאָרהונדערטער לאַנג. זיי לעבען, ווייל אין דעם גרויסען געוועב פון דעם מענשלאַכען

---

*) דאָס פאָרליגענדיגע איז אַ צוזאַמענהעפטונג פון פיר באַזונדערע „זאַכען“ וועגען קראָפּאָטקינען. די ערשטע צוויי, ערשיינענדיג גלייך נאָך זיין טויט, זיינען ביאָגראַפישע כאַראַקטעריזירונגען; די דריטע, ערשיינענדיג אַ געניויעם האַלבען־יאָר פאַר קראָפּאָטקינ׳ס טויט, גיט איבער זיין שטעלונג צו „סאָוועט־רוסלאַנד“; די פערטע איז אַן ערנסטע אָפּהאַנדלונג איבער קראָפּאָטקינ׳ס ווערק וועגען דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. אין דער צווייטער „זאַך“ האָב איך געפונען פאַר נויטיג אויסצולאָזען צוויי פּאַראַגראַפען, כדי אויסצומיידען די איבער׳חזר׳ונג פון צוויי ענלאַכע פּאַראַגראַפען אין דעם פריערינען אַרטיקעל. י. ע.

**) ערשינען, אונטער אַנאַנדער נאָמען, אין „טאָג“, 12טען פעברואַר, 1921.

לעבען האָבען זיי אַ פּאַדעם אָדער אַ זייד אָדער גאָר אַן אייגען געוועבעל איינגעוועבט.

רוסלאַנד האָט אויף פיל געביטען פון איר לעבען, מערסטענטיילס אויף דעם פעלד פון דעם גוואַלדיגען קאַמף פאַר פרייהייט, אַ סך גרויסע און ליכ־טיגע גייסטער געשאַפען. מיט איר ליטעראַטור, מיט איר קונסט, מיט איר מוזיק האָבען אַט די ליכטיגע גייסטער די אוצרות פון דער וועלט פאַר־גרעסערט און באַרייכערט. אָבער אפילו אין דער פּלעיאַדע פון די ליכטער אויף די הימלען פון איר לעבען, לייכטען די צוויי גרעסטע פון אירע שאַפערי־שע גייסטער: לעוו ניקאָלאַיעוויטש טאָלסטאָי און פּיאָטער אַלעקסעיעוויטש קראָפּאָטקין, וואָס געהערען ניט איר אַליין. ביידע זיינען פון די קרייזען פון דער רוסישער הערשאַפט געקומען און ביידען האָט צום לעבען און צום קאַמף דערוועקט דאָס, וואָס פּיאָטער לאַווראָוו האָט אַזוי טרעפלאַך אָנגע־רופען „דאָס קראַנקע געוויסען פון דעם רוסישען אַדעל" — אַן ערשיינונג וואָס איז קוים מעגלאַך צו געפינען אין לעבען און אין דער געשיכטע פון אַנדערע פעלקער.

אויך ביי אַנדערע פעלקער האָבען זיך מאַכטיגע און הערשענדע איינ־צעלנע מענשען פון זייערע קלאַסען אָפּגעווענדעט צו דינען דער באַפרייאונג פון זייערע פעלקער. אָבער אין ערגיץ דערציילט אונז ניט די היסטאָריע פון דער מענשהייט, אַז עס איז אַ מאַסען־געפיל געווען, וואָס האָט די קינדער גע־טריבען אַנקעגען זייערע עלטערען אויפצושטיין, אין פאָלק צו גיין, דאָרט ליכט און וויסען צו פאַרשפּרייטען און פירען די מאַסען צו אויפשטאַנד און רעבעליאַן. אין רוסלאַנד איז דער קאַמף קעגען דער הערשאַפט געווען דער קוואַל פון וועלכען עס האָבען געשעפּרודעלט די כחות, ניט נאָר פאַר דעם קאַמף פון דער באַפרייאונג פון רוסלאַנד, נאָר אויך פאַר דער שאַפונג פון י ע נ ע מענשען און גייסטער, וואָס האָבען זייער שטעמפּעל אויף דעם לעבען פון אַנדערע מענשען און פעלקער געלייגט.

און פון אַט די זיינען טאָלסטאָי און קראָפּאָטקין די גרעסטע געווען.

פון אויבענאויף דאַכט זיך: וואָס פאַר אַ קאָלאָסאַלער אונטערשייד עס איז צווישען די צוויי גרויסע מענשען! טאָלסטאָי — אַ גרויסער קינסטלער, אַ טיפע מיסטישע זעלע, אַ פּראָמעטעאוס, אַ קעמפער קעגען די עקזיסטי־רענדע געטער, אַ שאַפער פון דעם גאָט אין זיך אַליין. קראָפּאָטקין — אַ גרויסער פאָרשער, מיט ענציקלאָפּעדישע־קענטעניש פון דער וועלט, מיט אַ ליכטיג־קינדערשער נאַאיוויטעט, אַ קעמפער פאַר פרייהייט, אַ זוכער פון גליק פאַר אַלע מענשען־קינדער און דער שאַפער פון דעם העכסטען סאָציאַלען יושר און גערעכטיקייט אין דער סאָלידאַריטעט פון די פרייע מענשען אַליין.

דאָך, ווי גרויס איז די אינווייניגסטע שייכות צווישען אַט די צוויי פאַר־שיידענע גייסטער!

ניט צופאַליג האָבען זיי ביידע ניט פאַרטראָגען די הערשאַפט פון מענ־שען איבער מענשען; ניט צופאַליג זיינען זיי ביידע אין שענסטען און העכסטען זין אַנאַרכיסטען געווען. ביידע האָבען אין דעם מענשען און אין דער מענשהייט געגלויבט. ביידע זיינען טיפע גלויביגע געווען . . . אָבער בעת טאָלסטאָי האָט דעם מאַטעריעלען פאָרטשריט פון דער וועלט כמעט פאַרוואָרפען, און האָט דאָס גליק פון דעם מענשען און פון דער מענשהייט אין דער איגעווייניגסטער לייטערונג פון דעם מענשענ'ס זעלע געזען — „גאָט איז אין דיר אַליין"; האָט קראָפּאָטקין געגלויבט און געקעמפט פאַר דעם, אז די ברכה פון דעם מאַטעריעלען פאָרטשריט פון דער וועלט זאָל אויף אַלע מענשען־קינדער אויסגעשפּרייט ווערען און האָט דאָס גליק פון דעם מענשען און פון דער מענשהייט אין דער סאָלידאַריטעט פון געזעל־שאַפטלאַכען לעבען געזען.

ניט צופאַליג האָט קראָפּאָטקין מיט אַזאַ טיפען זין די קעגענזייטיגע הילף פון חיות און מענשען געלערנט און ניט צופאַליג האָט ער מיט די טאַטזאַכען פונ'ם דערפאָרשטען געביט דעם האָבעזישען קאַמף פון „אַלע קעגען אַלע" און די הערשאַפט פון דעם ניטשעאַנישען איבערמענשען און ווילען צו מאַכט איבער מענשען און פעלקער אַזוי גרינטלאַך מבטל געווען.

אין דעם לעבען פון חיות און מענשען איז ניט דער קאַמף פון דעם מאַכטיגען איינציגען, דורך ברוטאַלער גוואַלד צו באַהערשען דעם מין פון די חיות אָדער דעם מין פון דעם מענשען, די מענשהייט, דאָס איינציגע אויגענשיינלאַכע, נאָר אויך די סאָלידאַרישע קעגענזייטיגע הילף פון חיה צו חיה און פון מענשען צו מענשען, וואָס דערהאַלט דעם מין פון חיות און די געזעלשאַפט פון מענשען ביים לעבען; און פונקט ווי טאָלסטאָי האָט גע־גלויבט, אַז „גאָט אין זיך" וועט די מענשלאַכע נשמה דערהויבען צום העכסטען גליק, אַזוי האָט קראָפּאָטקין געגלויבט, אַז די סאָלידאַריטעט צווישען מענשען און גרופּעס וועט דערהויבען דעם כלל צום העכסטען מענשלאַכען גליק, מעג עס געדוירען דורות און דורות.

גלויביגע ביידע — דיכטער און פאָרשער — האָבען זיי אין דעם מענ־שען און אין דער מענשהייט געגלויבט.

און צוליב דער גרויסקייט פון זייערע ליכטיגע גייסטער איז זייער ווירקונג ניט פאַרבליבען אין די דלד־אמות פון רוסלאַנד אַליין. וווייט אי־בער די גרעניצען, אויף אַלע פעלקער פון אייראָפּע און אַמעריקע — אויב ניט טיף אין די מאַסען, איז ווייניגסטענס איבער די דערוואַכטע פון די פעלקער, — האָט זייער ליכט אַ בריליאַנטענעם שיין געוואָרפען. און מיט דער דערוואַכונג פון די פעלקער־מאַסען וועט דער שיין נאָך טיפער און

טיפער אַריינדרינגען אין דעם לעבען. אַלץ מער און מער וועט דער מענש געפינען זיין גאָט אין זיין זעלע, אַלץ מער און מער וועלען די מענשען גע־פינען גליק אין דעם סאָלידאַרישען לעבען פון גרופּעס און געזעלשאַפטען, סאַידען די מענשהייט זאָל אונטערגיין ווייל דאָס איז דאָס ענדגילטיג־שטרעבען און ציל פון דעם לעבען.

ווי נאַאיוו זיינען יענע מענשען, וועלכע גערדיקט פון דער בייזוויליקייט פון די איצטיגע דורות, פון דעם אוממענשלאַכען קאַמף און די אוממענש־לאַכע קרבנות, פון די אומדערוואַכטע פעלקער־מאַסען, פון דער הערשאַפט פון די מאַכטיגע איבער די פּאַסיווע — פילען זיי זיך אַזוי אַנטוישט און דערשלאָגען אין דעם פינסטערען יאוש פון דעם היינטיגען לעבען, אַז זיי זעען ניט, אַז סוף־כל־סוף מוז אין לעבען טריומפירען אַט דאָסדאָזיגע ענדגיל־טיגע שטרעבען פון דער מענשהייט, סאַידען די מענשהייט זאָל אין ווילדען קאַמף זיך אַליין פאַרטיליגען.

אַט דאָס איז די שיין פון דעם גרויסען ליכט, וואָס די צוויי גרויסע גייסטער, לעוו ניקאָלאַיעוויטש טאָלסטאָי און פּיאָטער אַלעקסעיעוויטש קראָפּאָטקין. האָבען רעפלעקטירט אויף די מענשען און פעלקער פון דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט; אַט דאָס זיינען די געוועבען פון זייערע נשמה־פעדים אויסגעוועבט, וואָס זיי האָבען איינגעשטיקט אין דעם לעבען פון דער מענשהייט; דאָס איז די י ר ו ש ה פון די צוויי גרויסע רוסען, וואָס מוז זיך אַלץ ברייטער און ברייטער אויסשפּרייטען אויף דעם לעבען פון די פעלקער. און אויב לעוו טאָלסטאָי'ס טיפע מיסטיש־רעליגיעזע גאָט־שאַפונג אין דער מענשלאַכער נשמה האָט ניט קיין באַשטימטע פאָר־מעס פון דעם מענשלאַכען צוזאַמענלעבען אָנגעטייטעט, האָט אָבער די ברייטע פאָרשונג פון דער וועלט און לעבען און מענשען פון פּיאָטער קראָ־פּאָטקין יאָ אָנגעצייכענט יענע פאָרמע פון מענשלאַכען צוזאַמענלעבען, אין וועלכער דער מענש איז פריי, אומבאַצוואונגען פון כחות און קייטען פון הערשער איבער אים און לעבט אין דעם העכסטען גליק פון סאָציאַלען יושר און סאָציאַלער גערעכטיקייט, געשאַפען פון די סאָלידאַרישע באַציאונגען פון מענש צו מענש, וואָס שטראָמען אַרויס פון זיין אייגענער זעל.

וואָס פאַר אַ גרויסע ירושה האָבען די צוויי ליכטיגע גייסטער פון דער מאָדערנער רוסלאַנד דער מענשהייט געלאָזט! און כאָטש זי איז אויפגעגאַנ־גען ערשט אין טויזענטער יאָרען אַרום — איז זי דאָך בלויז דער מער קאָנקרעטער אויסדרוק פון יענעם גרויסען ליכט, מיט וועלכען די ליכטיגע גייסטער פון די בערג פון יהודה האָבען די וועלט באַלויכטען, פון'ם גליק, וואָס זיי האָבען דער מענשהייט פאַרקינדיגט.

## ב.

# קראָפּאָטקינ׳ס לעבען און לערע *)

מיט פּיאָטער קראָפּאָטקין׳ס טויט האָט די מאָדערנע רוסלאַנד פאַר־לאָרען איינעם פון אירע גרעסטע זין. אָבער ניט רוסלאַנד אַליין ליידט דעם גרויסען פאַרלוסט.

געבוירען פון העכסטען רוסישען אַדעל האָט ער, ווי כמעט די גרעסטע צאָל קעמפּפער פאַר דער באַפרייאונג פון דעם רוסישען פאָלק, פרי אין לע־בען געווידמעט זיינע כחות דעם רוסישען פרייהייטס־קאַמף.

אין רוסלאַנד איז דער קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון פאָלק און לאַנד פון דער פּאָליטישער אַליין־הערשאַפט פון די צאַרען כמעט פון אַנהויב אָן. אַזש פון די דעקאַבריסטען — אויסשליסלאַך געגאַנגען פון אויבען אַראָפּ — פון די אַדעליגע צו דער יוגענטלאַכער אינטעליגענץ, און ערשט דורך דער יוגענטלאַכער אינטעליגענץ אין די רייהען פון פאָלק.

אין דער וואונדערלאַכער דערוואַכונג פון דעם אינגערען דור פון רוסישען אַדעל, האָט זיך אין גרונט געלייגט די גרויסע פראַגע: צו האָט די קליינע מינאָריטעט הערשער און רעגירער ד אָ ס מ אָ ר אַ ל י ש ע ר ע כ ט צו פאַרצערען די מי און אַרבעט פון די גרויסע מאַסען פון פאָלק, אַליין לע־בען אין איבערפליסיגען וואוילטאָג בשעת די פאָלקס־מאַסען לעבען אין הונגער און נויט? און דאָס באַוואוסטזיין פון אָט דער גוואַלדיגער סאָציאַלער אומגערעכטיקייט האָט ניט נאָר געטריבען די קינדער פון די אַדעליגע צום אויפשטאַנד קעגען זייערע פאָטערס, נאָר האָט זיי אויך געטריבען אין די רייען פון דאָס פאָלק, אויסצוקויפען זייערע זינד דורך דער אויפקלערונג פון פאָלק און פירען אים צום אָפענעם ווידערשטאַנד.

קראָפּאָטקין האָט, ווי פיל קינדער פון זיין שטאַנד, פרי אין לעבען דער־פילט אָט די גרויסע פּאָליטישע און סאָציאַלע אומגערעכטיקייט און ווי פיל פון זיי, איז ער אויך געגאַנגען אין פאָלק צו ברייגנען ווישען און אויפ־קלערונג צו די דערנידעריגטע און דערשלאָגענע און רופען זיי צום אויפ־שטאַנד קעגען די הערשער.

דאָ האָט ער טיף געלערנט די נשמה פון פאָלק און איז אויף דעם גאַנ־צען לעבען פאַרבליבען דער גלויבער אין פאָלק, דער גלויבער אין די שאַ־פענדיגע כחות פון פאָלק, דער אומפאַרענדערלאַכער „נאַראָדניק“.

אָבער גלויבען אין די שאַפערישע כחות פון פאָלק איז ניט גענוג גע־

---

*) „פרייע אַרבעטער שטימע“, 19טער פעברואַר, 1921.

ווען. מען האָט געדאַרפט אויפהויבען דאָס פאָלק צום שטורעם און רע־וואָלוציע, צו אַפענעם „בונט" קעגען הערשער און הערשאַפט. און דער רעוואָלוציאָנערער קאַמף איז געוואָרען דער שטורעם און דראַנג פון דעם אַדעל מיט דעם קראַנקען געוויסען און וואָס האָט אָנגעשטעקט ניט נאָר די פאָלקסמאַסען נאָר אויך די בליענדיגע יוגענט פון אַלע קלאַסען, די רו־סישע אינטעליגענץ. און ניט קוקענדיג וואָס אויבערפלעכלאַך האָט יענער קאַמף אין די זיבעציגער יאָרען פון דעם לעצטען יאָרהונדערט געטראָגען ניט מער ווי אַ פּאָליטישען כאַראַקטער, זיינען שוין אָבער אין אים, ווען מען קוקט זיך טיפער צו, געלעגען די יסודות פון דעם קאַמף קעגען די עקאָנאָמישע אומשטאַנדען — די יסודות פון אַן עקאָנאָמישען איבערבוי פון רוסלאַנד.

ווען מען דערמאָנט זיך מיט וויפיל מאַכט און וואַרימקייט עס זיינען דאַן דיסקוטירט געוואָרען די פּראָבלעמעס פון דער רוסישער דאָרפס־קאָמונע און דער גלויבען אַז זי וואָלט געקאָנט דינען פאַר דעם גרונט פון אַ ניי גע־זעלשאַפטלאַך לעבען פאַר דעם גרויסען רוסישען פויערטום, זעט מען, אַז שוין דעמאָלט זיינען אין די ברייטערע רעוואָלוציאָנערע שטרעבונגען אין רוס־לאַנד געלעגען ניט נאָר פּאָליטישע צילען נאָר אויך עקאָנאָמישע. און די עקאָנאָמישע צילען האָבען אָנגעוויזען אויף קאָמוניסטישע פאָרמעס פון דעם מענשלאַכען צוזאַמענלעבען.

די אויפקלערונג פון פאָלק, דער שטורעם און דראַנג פון רעוואָלוציאָנע־רער טעטיקייט, דער איינפאַכער געבוי פון דער פּרימיטיווער פאָלקס־קאָ־מונע, די אַלע מאַכטיגע פאַקטאָרען פון דעם רוסישען לעבען האָבען ניט געקאָנט ניט־איבערלאָזען זייער גרויסע ווירקונג און איינדרוק אויף דער ליכטיגער נשמה פון דעם יונגען קעמפער, פּיאָטער קראָפּאָטקין.

און וויפיל וואונדערלאַך שיינע בלעטער איז יענע עפּאָכע פון זיין לע־בען דיכטעריש געמאָלען אין זיין „אויטאָביאָגראַפיע פון אַ רעוואָלוציאָ־נער" !

ווען נאָך די פאַרפאָלגונגען פון דער רעגירונג און נאָכ'ן פאַרזוכען דעם טעם פון דער רוסישער באַסטיליע — די טורמע און דער פּעטראָפּאַוולעסקער פעסטונג — ווערט קראָפּאָטקין פאַרוואָרפען אויסער די גרעניצען פון רוס־לאַנד אין אייראָפּע, זיינען עס שוין ניט די באַזונדערע אומשטאַנדען פון דעם רוסישען לעבען און די קנעכטשאַפט פון דעם רוסישען פויער, נאָר די אומשטאַנדען פון דעם גאַנצען אייראָפּייאישען לעבען און די קנעכטשאַפט פון די גרויסע אַרבעטער־מאַסען פון אַלע פעלקער פון מערב־אייראָפּע, וואָס טראָגען איבער זיין רעוואָלוציאָנערען קאַמף אויף אַלע לענדער און ברייטען אויס זיינע צילען אויף דער פּאָליטישער, סאָציאַלער און עקאָנאָמישער באַ־

נייאונג פון דעם לעבען פון אַלע פעלקער. איז עס דאָך שוין ניט מער די פּאָליטישע רעוואָלוציע קעגען די זעלבסטהערשער און צאַרען מיט קוים מערקבאַרע עקאָנאָמישע צילען, נאָר עס איז די סאָציאַלע רעוואָלוציע, וואָס מוז פירען צו אַ נייער סאָציאַלער אָרדענונג אין דעם מענשלאַכען צוזאַמענלעבען.

נאָך דעם צירקעל פון פּאָליטישע רעוואָלוציעס פון אַכט־און־פערציג איז דעם לעצטען יאָרהונדערט הויבט זיך אָן יענער שטורעם אין אייראָפּע, יענע דראַנג פּעריאָדע, ווען דאָס עקאָנאָמישע און סאָציאַלע לעבען פון די פעלקער ווערט אינטימער אונטערזוכט און געלערנט און די רעלאַטיווע פאַרהעלטעניס פון קלאַס צו קלאַס אויף דעם עקאָנאָמישען און סאָציאַלען געביט, ווערט בעסער פאַרשטאַנען.

די חלומות פון אַ סאָציאַלער ווידערגעבורט פון אַ סיינט־סימאָן, די פּראָיעקטען פון אַ פוריע און די ערנסטע סאָציאַלע פּראָבעס פון ראָבערט אוען, ווערען פאַרביטען דורך סאָציאַלע אידעאַלען, וואָס זיינען מער אָדער ווייניגער באַגרינדעט אויף די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע טאַטזאַכען פון דעם מאָדערנעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען. און די ענלאַכקייט פון די געזעלשאַפטלאַכע אומשטאַנדען אין אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם און די טייל פון דעם אַרבעטער אין דעם עקאָנאָמישען און סאָציאַלען לעבען, רופען צו פאַראייניגונג און קאַמף פון די אַרבעטער־מאַסען אין אַלע לענדער פאַר אַ בעסערען און גערעכטערען לעבען.

קראָפּאָטקין, דער רעוואָלוציאָנערער קעמפער קעגען דעם צאַריזם, אָריענטירט זיך אין דעם דראַנג און שטרעבען צו די נייע סאָציאַלע אידעאַלען, ער פאָרמולירט זיי אָבער אויף זיין אייגענעם שטייגער, באַזירט אויף די ברייטערע באַגריפען פון די טאַטזאַכען און ערשיינונגען פון לעבען. פאַר דעם רוסישען רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט שוין אין דעם קאַמף פון באַקונינ'ען געלערנט אָפּצולייקענען די הערשאַפט פון מענשען איבער מענשען, איז די פרייהייט פון מענשען און גרופּעס אין דעם סאָציאַלען לעבען געוואָרען דער גרונט יסוד פון נייע געזעלשאַפטס־פאָרמען: יענע געזעלשאַפטלאַכע אָרגאַנען, ועמעס פונקציעס עס איז צו דערהאַלטען אין דער געזעלשאַפט די הערשאַפט פון מענשען איבער מענשען — דער שטאַט — זיי ווערען ניט נאָר אָפּגעלייקענט אין דער סכעמע פון דעם נייעם לעבען, נאָר זיי ווערען דער צענטער פון רעוואָלוציאָנערען שטורעם; ניט נאָר דער הערשענדיגער צענטראַליזירטער שטאַט פון דער היינטיגער דעמאָקראַטיע, דער רעפּרעזענטאַטיווער שטאַט אַליין, נאָר יעדער שטאַט, ווייל די פּאָליטישע פונקציעס פון יעדען שטאַט זיינען צו פאַרקנעכטען מענשען דורך דער רויער אָרגאַניזירטער מאַכט פון הערשער און רעגירער. אַנשטאַט דעם שטאַט טרעט אַרויס אויף דער אַרענאַ פון דעם

סאָציאַלען לעבען די סאָציאַל־אָרגאַניזירטע גרופּע פון פרייע, ניט־געבונדען פון מענשלאַכער געזעצגעבונג און ניט געצוואונגען פון אַן אָרגאַניזירטער מאַכט פון מענשען הערשער — אַנקעגען דעם דורך געזעץ־און־מאַכט ארויפגעצוואונגענעם שטאַט טרעט ארויס די פרייע סאָציאַלע אָרגאַניזאַציע.

אַט דאָס איז דער העכסטער אידעאַל פון דעם מענשלאַכען געזעלשאַפטלאַכען צוזאַמענלעבען, אַט דאָס איז דער גרויסער אידעאַל פון דעם אַנאַרכיזם, אין וועלכען די ספּאָנטאַנע, רעגולירענדע פאַקטאָרען, סאַי אינערהאַלב דער גרופּע סאַי אין דער פעדעראַטיווער אַסאָציאַציע פון גרופּעס זיינען די מענשלאַכע סאָלידאַריטעט.

קראָפּאָטקין איז ניט אינגאַנצען דער שאַפער פון אַט דעם גרויסען אידעאַל פון אַנאַרכיזם. שוין אין די ווידערשפּרעכענדיגע געדאַנקען און לערעס פון פּרודאָן לעבט די פּאַרלייקענונג פון דעם שטאַט און די שאַפונג פון דער פרייער סאָציאַלער אָרגאַניזאַציע. קלאָרער נאָך — אין די צעריסענע געדאַנקען פון דעם גרויסען פרייען קעמפער־גייסט פון מיכאַיל באַקונין; אָבער געזעצטער און באַפעסטיגט מיט דעם שאַרפען אַנאַליז פון לעבען און דער אַנטוויקלונג פון דעם מענשען אין דער געזעלשאַפט, אַנטוויקעלט זיך ערשט דער אידעאַל פון דעם אַנאַרכיזם און די פאַרלייקענונג פון דעם שטאַט אין דעם געדאַנקען־גאַנג פון פּיאָטער קראָפּאָטקין.

אָבער ניט די פאָרמע פון דער סאָציאַלער אָרגאַניזאַציע אַליין האָט גערייצט דעם גרויסען גייסט פון פּיאָטער קראָפּאָטקין צו דער שאַפונג פון אַ נייעם סאָציאַלען אידעאַל פון מענשלאַכען צוזאַמענלעבען.

אין דעם לעבען פון מענשען איז די פרייהייט ניט דער איינציגער יסוד. ברויט — ברויט און פרייהייט — דאָס מאַטעריעלע וואוילזיין פון מענשען, איז ניט ווייניגער דער קערן פון מענשלאַכען לעבען און מענשלאַכען צוזאַמענלעבען און אַרבעט איז דער קוואַל פון ברויט, פון דעם מאַטעריעלען וואוילזיין. און כאָטש קראָפּאָטקין איז געווען ווייט פון יענעם עקאָנאָמישען מאַטעריאַליזם, וואָס פּרעטענדירט אַוועקצושטעלען דעם אופן פון עקאָנאָמישען געבוי פון דער געזעלשאַפט אַלס דעם גרונט־יסוד פון מענשלאַכער טעטיקייט אויף אַלע געביטען פון לעבען, האָט ער דאָך ניט געקאָנט פאַרפעלען ריכטיג אָפּצושאַצען די מאַכט פון דעם מאַטעריעלען פאַקטאָר אין דער באַשטימונג פון סאָציאַלע פאָרמעס.

און אָנדערקענענדיג די ריכטיגע פונקציאָנירונג פון אַט דעם ביאָ־סאָציאַלען פאַקטאָר אין דער געזאַמטער ווירקונג פון אַלע פאַקטאָרען וואָס שאַ־

פען דאָס עקאָנאָמיש־סאָציאַלען לעבען — דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלאַכע לעבען — האָט ער, ווי מארקס און ענגעלס, געזען אַז די עקאָנאָמישע פאָר־מע פון דעם צוקונפטיגען צוזאַמענלעבען — איז דער קאָמוניזם, אָדער דער געניוס פון די פולע פרוכט פון דער ארבעט און מי פאר די שאַפער פון די מאַטעריעלע רייכטימער.

אָבער אויך אויף דעם געביט איז ער אַ שפאן ווייטער געגאַנגען. צו דעם שפאן האָט אים געפירט דער אינעווייניגסטער וועזען פון דער פראַגע: וואָס איז אייגענטלאַך די פולע פרוכט פון דער ארבעט? האָט ער די קאָמוניסטישע פאָרמע פון דעם מענשלאַכען צוזאַמענלעבען פאָרמולירט אין איינקלאַנג מיט די כחות און באַדערפעניששען פון דעם מענשען און ניט מיט דער מאָס פון זיין ארבעט. ער האָט געלערנט אַז דער מענש, דער פרייער מענש פון דער געזעלשאַפטלאַכער פרייער גרופע פראָדוצירט וויפיל ער קאָן און קאָנסומירט אַזויפיל וויפיל ער דאַרף. און, אין דעם פולען גלויבען אין די שאַפערישע כחות פון דעם פאָלק, האָט ער דעם גרויסען אידעאַל פון דעם אַנארכיסטישען קאָמוניזם פאָרמולירט: —

אין דער פרייער אומגעצוואונגענער — אומגעצוואונגען פון מענשלאַכע געזעצען און אָרגאַניזירטער שטאַטסמאַכט — שאַפט און פראָדוצירט דער מענש וויפיל ער קאָן און געברויכט וויפיל ער דאַרף.

דער פאַקטאָר פון קעגענזייטיגער הילף — פון נאַטירלאַכער סאָלידאַריטעט — וועט אין דער צוקונפט, אין דעם דערגרייכטען גרויסען אידעאַל — רעגולירען די פרייהייט פון די מענשען, די פרייהייט פון די גרופּעס, די פרייהייט אין געזעלשאַפטלאַכען לעבען פון די פעלקער.

פרייהייט און סאָלידאַריטעט — פרייע ארבייט און פרייער געברויך — אָט דאָס איז דער גרויסער אידעאַל פון אַנארכיסטישען קאָמוניזם ווי קראָ־פאָטקין האָט אים געשאַפען. ער זוכט און אים דוכט זיך, אַז ער האָט געפונען דעם אָביעקטיווען וויסענשאַפטלאַכען באַזיס פאַר דעם גרויסען אידעאַל — פון דעם אַנארכיסטישען קאָמוניזם.

דאָס זיינען די לערעס פון דעם גרויסען גייסט — פון דעם דיינקער, קעמפער און ליכטיגע נשמה — פיאָטער אַלעקסעיעוויטש קראָפּאָטקין.

ג.

# קראָפּאָטקין וועגן סאָוועט־רוסלאַנד *)

קיין נ י י ס האָט אונז דער גרויסער רוסישער געלערנטער און פרייהייט־קעמפער אין זיין „מעסעדזש“ צו די אַרבעטער־מאַסען און פּאָרטגעשריטענע עלעמענטען פון וועסט־איירּאָפּע נ י ט ג ע ז אָ ג ט. אָבער דאָס וואָס ער האָט געזאָגט דאַרף ניט נאָר פאַרצייכענט ווערען, נאָר אויך אַ ק צ ע נ ט י ר ט ווערען און אפשר אויך א ו י ס ג ע ט י י ט ש ט ווערען — ווייניגסטענס פאַר יענע עלעמענטען פון דער פּאָרטגעשריטענער און סאָציאַליסטישער וועלט, וואָס זיינען גרייט מיט טויטלאַכען צאָרן ארויפצוקלעפּען אַ געלע לאַטע מיט'ן שטעמפּעל „רעאַקציאָנער“, „בורזשוי“ אָדער „קאָנטר־רעוואָלוציאָנער“ אויף די פּלייצעס פון יעדען איינעם וואָס קאָן ניט און וויל ניט אָנדערקענען דעם רעזשים, די הערשאַפט און דיקטאַטור פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי אין רוסלאַנד אלס די דערלייזונג פאַר דער מענשהייט פון אַלע סאָציאַלע איבלען.

עס איז נויטיג צו אָקצענטירען יענע אַלע שטעלעס אין קראָפּאָטקינ'ס „מעסעדזש“ וואָס „לערנען אונז אין רוסלאַנד, ווי אַזוי קאָמוניזם דאַרף ניט איינגעפירט ווערען אַפילו פון אַ פאָלק וואָס איז מיד פון דעם אַלטען רעזשים און ווייזט ניט אַרויס קיין אַקטיווען ווידערשטאַנד צו די עקספּערימענטאַלע פּראָיעקטען פון די נייע הערשער“.

אָבער איידער מיר טוען דאָס, איז ווערט צו באַמערקען, אַז אין דעם גאַנצען „מעסעדזש“ רעדט ניט קראָפּאָטקין אַפילו איין איינציג מאָל וועגען דער הערשאַפט אָדער וועגען דער „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט“. אין אַלע שטעלעס פון דעם „מעסעדזש“, וואו די אָנהייגער און אָפּאָלאָגעטען פון דעם רוסישען באָלשעוויזם וואָלטען אויסגענוצט אָט דעם מאַרקסיסטישען אימפּעראַטיוו — די דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט — צו ווירקען אויף אונזערע סאָציאַליסטישע און אַרבעטער־פריינדלאַכע סענטימענטען, נוצט דער גרויסער אַלטער רעוואָלוציאָנער און פריי־הייט־קעמפער דעם פּשוט'ן אויסדרוק: „די הערשאַפט . . . די דיקטאַטור פון אַ פּאַרטיי“ . . . און דאָס איז דער ריינער אמת.

„די דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט“ — זאָל אונז דער גרויסער

*) דער „טאָג“, 17 סעפּט. 1920. קראָפּאָטקינ'ס „מעסעדזש“, אויף וועלכען דער אַרטיקעל באַציט זיך, איז פאַרעפענטלאַכט געוואָרען אַ קורצע צייט פריער.

לערער מאַרקס מוחל זיין אונזער אַפּיקורסות — וואָלט זיך אַרויסגעשטעלט פאַר אַ קאָלאָסאַלען סאָציאַלען ליגען אַפילו אין יענע לענדער, וואו דער פּראָלעטאַריאַט איז גרויס און מאַכטיג. ווייל אויך דאָרט — ווי איצט אין איטאַליע, צום ביישפּיל, וואו די אַרבעטער אַליין פאַרכאַפּען די פאַבריקען וואו זיי אַרבעטען, רודערט פאַרט מיט דעם גאַנצען פּראָלעטאַריאַט נאָר אַ הייפּעלע פאָרשטייער און פירער, וואָס זיינען שוין ווייט ניט קיין פּראָלע־טאַריער, נאָר אָפּגעאָרדענטע, סאָציאַל־פּאָליטיקער אָדער פירער פון סאָ־ציאַליסטישע פּאַרטייען. אין רוסלאַנד, וואו דער פּראָלעטאַריאַט איז אַן אומבאַטייטענסטער מיעוט פון דעם פאָלק און די אינדוסטריעס גאָר ניט אַנטוויקעלט, איז די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט אַ צענפאַכער סאָציאַלער ליגען, וואָס שיצט נאָר די דיקטאַטור און הערשאַפט פון אַ פּאַרטיי, אָדער בעסער נאָך פון אַ הייפּעלע אינטעליגענטען — פירער פון אַ פּאַרטיי.

די דיקטאַטור פון אַ פּאַרטיי איז, אין קראָפּאָטקינ׳ס מיינונג, שלעכט אונטער אַלע אומשטאַנדען און „דער פאַרזוך איינצופירען די נייע אָרדענונג דורך דער דיקטאַטור פון איין פּאַרטיי, זעט אויס, איז פאַראורטיילט צו אַ דורכפאַל״ . . . מערקט נאָר: קראָפּאָטקין זאָגט ניט דורך דער דיקטאַטור פון ד ע ר פּאַרטיי, אָדער י ע נ ע ר פּאַרטיי — פון דער באָלשעוויס־טישער אָדער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, אָדער גאָר, אַז די דיקטאַטור פון דער פּאַרטיי, למשל, צו וועלכער ער אַליין געהערט דאָס גאַנצע לעבען — די דיקטאַטור פון דער אַנאַרכיסטישער פּאַרטיי — וואָלט געווען כלו־גוט . . . ניין, קראָפּאָטקין איז צו גרויס אַלס פרייהייט־קעמפער, צופיל געאיבט אין פערזענלאַך ניט פאַראינטערעסירטער וויסענשאַפטלאַך־אָביעקטיווער פאָר־שונג פון היסטאָרישע און סאָציאַלע געשעענישען און צו ערלאַך אין זיינע מיינונגען און איבערצייגונגען, אַפילו ווען זיין אייגען פאָלק גייט אָפּ מיט בלוט, צו קוקען אויף די ערשיינונגען פון דעם לעבען אַזוי פּאַרטייאיש. קראָפּאָטקין דערקלערט קאַטעגאָריש, אַז די דיקטאַטור פון אַ פּאַרטיי — פון א י י ן פּאַרטיי — ווער זי זאָל ניט זיין, איז דער טויט פון דעם פאַרזוך איינצופירען די נייע אָרדענונג.

און די דיקטאַטור פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי איז נאָר אַ צענ־פאַך גרעסער אומגליק פאַר רוסלאַנד צוליב דער שענדלאַכער אינטערווענציע פון פראַנקרייך, ענגלאַנד און אונזער וואַשינגטאָנער רעגירונג אין דער מלחמה וואָס רוסלאַנד׳ס שונאים פירען מיט איר. „די איבלען וואָס זיינען איינגעוואָרצעלט אין פּאַרטיי־דיקטאַטור — זאָגט קראָפּאָטקין — זיינען געוואַקסען צוליב די מלחמה באַדינגונגען, וואָס האַלטען די פּאַרטיי אין מאַכט. דער קריגס־צושטאַנד איז געווען דער אויסרייד פאַר פאַרגרעסערען די דיקטאַטאָרישע מעטאָדעס פון דער פּאַרטיי, ווי אויך (דער אויסרייד) פאַר דער טענדענץ צו צענטראַליזירען יעדען לעבענס־דעטאַל אין די הענט

פון דער רעגירונג . . . די נאַטירלאַכע איבלען פון שטאַט־קאָמוניזם זיינען צענפאַך פאַרגרעסערט געוואָרען אונטער דעם אויסרייד, אַז די אומגליקען פון אונזער לעבען נעמען זיך פון דער אריינמישונג פון אויסלאַנד". דער־פאַר אַפּעלירט קראָפּאָטקין אַזוי הארציג צו די וועסט־אייראָפּייאישע פעלקער, אַז זיי זאָלען איינמאָל פאַר אַלעמאָל ווירקען אויף זייערע רעגירונגען, אַז זיי זאָלען אויפגעבען די שענדלאַכע און בלוטיגע שפּיל פון אינטערווענציע. קראָפּאָטקין איז ווייט ניט אַזוי נאַאיוו, אַפילו אין דעם איינזאַמען אָפּגע־ריסענעם לעבען וואָס ער לעבט איצט אין אַ פאַרשטעטעל ארום מאָסקווע, און ער קען צו גוט די וועסט־אייראָפּייאישע און אַמעריקאַנישע רעגירונגען, ניט צו גלויבען, אַז טאַקע צוליב דעם, וואָס ווי שלעכט די דיקטאַטור פון אַ פּאַרטיי זאָל ניט זיין, האָט פּאַרט „די רעוואָלוציע שוין אריינגעבראַכט אין אונזער לעבען נייע באַגריפען וועגען די רעכט פון די אַרבעטער און זייער אמת'ע פּאָזיציע אין דער געזעלשאַפט", אַז טאַקע צוליב דעם זאָלען די רעגירונגען פון וועסט־אייראָפּע און אַמעריקע דוקא ניט וועלען קיין פרידען מיט רוס־לאַנד — מיט אַ פרייער סאָוועטען־רוסלאַנד . . . אָבער ווי יעדער גרויסער אידעאַליסט און פרייהייט־קעמפער, וואָס האָט יאָרען און יאָרען גענערט זיין נשמה מיט דעם גלויבען אין דער ענדגילטיגער דערוואַכונג פון די פעלקער צו דער דערגרייכונג פון דער גאָלדענער צוקונפט פאַר דער מענש־הייט, און האָט זיך פאַר דעם גלויבען איבערגעגעבען, גלויבט קראָפּאָטקין, אַז די פעלקער אין מערב־אייראָפּע און אַמעריקע האָבען שוין דערוואַכט צו זייער מאַכט צו קאָנען צווינגען זייערע רעגירונגען צו טאָן דאָס, וואָס זיי ווילען אַז זיי זאָלען טאָן.

„עס איז שוין . . . די העכסטע צייט פאַר די פעלקער פון די מערב־לענדער אריינצוטרעטען אין דירעקטער פאַרבינדונג מיט דעם רוסישען פאָלק; און . . . איר, דער אַרבעטער־קלאַס און די פאָרטגעשריטענע עלעמענ־טען פון אַלע פעלקער . . . האָט . . . אייער וואָרט צו זאָגען".

אודאי! אָבער זיינען שוין טאַקע די פעלקער רייף דאָס הארבע וואָרט צו זאָגען, וואָס די רעגירונגען זאָלען פאָלגען? אַזוי צי אַזוי, וואָס עס זאָל ניט געשען מיט דער אינטערווענציע, די באַשולדיגונג, אַז די באָלשעוויס־טישע רעגירער נוצען אויס דעם אומגליקלאַכען צושטאַנד פון רוסלאַנד צו צענטראַליזירען די דיקטאַטור און הערשאַפט איבער יעדער דעטאַל פון לעבען אין די הענט פון אַ קליינער צאָל הערשער און דריקט און פאַראַליזירט דאָס לעבען, איז דער גרויסער היסטאָרישער אָנקלאָג וואָס קראָפּאָטקין מאַכט קעגען דעם באָלשעוויזם.

געגנער פון קראָפּאָטקינ'ס לעבענס־לערע — געגנער פון דעם אַנאַר־כיזם — ווערען אודאי פּרואוון אויסטייטשען זיין געגנערשאַפט צו דער

דיקטאַטור פון אַ פּאַרטיי און זיין היסטאָרישע באַשולדיגונג פון דעם באַל־שעוויזם מיט זיין פּרינציפּיעלער געגנערשאַפט צו י ע ד ע ר צענטראַ־ליזירונג פון אַ רעגירענדער מאַכט אין דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען פון מענשען. אַז ער איז דאָס גאַנצע לעבען געווען אַזאַ פּרינציפּיעלער געגנער צו יעדער צענטראַליזירטער הערשאַפט, קאָן מען ניט לייקענען; אָבער דאָ וואָלט אַזאַ אויסטייטשונג ניט געווען אין פּלאַץ. קראָפּאָטקין דיסקוטירט ניט אין זיין „מעמואַרן" די טעאָרעטישע פראַגע פון צענטראַליזאַציע אָדער פעדעראַציע פון רעגירונגען. ער טעאָריזירט ניט; ער קאָנסטאַטירט טאַט־זאַכען און נאָר איין מאָל, ריידענדיג וועגען דער נייער פעדעראַטיווער רוס־לאַנד — די פעדעראַציע פון די אויטאָנאָמיע איינציגע און זעלבסט־באַשטימענדע פעלקערשאַפטען, וואָס האָבען פריער געהערט צו דער צאַרישער רוסלאַנד, דריקט ער אויס די פראָמע האָפענונג, אַ זעאונג אויב איר ווילט: „ווען יעדער טייל פון דער פעדעראַציע וועט אין זיך זעלבסט זיין אַ פעדעראַציע פון אַגרי־קולטורעלע קאָמונעס און פרייע דערפער".

און גאַרטען־שטעט, וואָלטען מיר צוגעלייגט . . . און טאַקע, ווי שיין און וואויל עס וואָלט געווען . . . אָבער —

ווען קראָפּאָטקין רעדט וועגען דעם איצטיגען צענטראַליזם אין רוסלאַנד און זיין טויטלאַכע ווירקונג, רעדט ער וועגען די עקזיסטירענדע טאַטזאַכען אין לעבען. קראָפּאָטקין האָלט זייער פון דער „סאָוועטען־אידעע". אויס אַלטער געוואוינהייט האָט ער הפנים מורא צו זאָגען: סאָוועטען־רעגירונג. זאָגט ער: „די אידייע פון סאָוועטען . . . אַרבעטער און פויערים־ראַטען . . . די אידייע אַז די סאָוועטען זאָלען קאָנטראָלירען דעם עקאָנאָמישען און פּאָ־ליטישען לעבען פון לאַנד איז זייער אַ גרויסער באַגריף". און עס קאָן גאָר קיין רייד ניט זיין, אַז סאָוועטען־רעגירונגען האָבען גאָרנישט צו טאָן מיט דעם באַלשעוויזם, שטאַמען ניט פון אים און עס מוז אַפילו ניט זיין, ווי קראָ־פּאָטקין וויל עס, אַז די ראַטען דאַרפען זיין צונויפגעשטעלט „פון אַלע די וואָס נעמען אַנטייל אין דער פּראָדוקציע פון דעם סאָציאַלען רייכטום". סאָוועטען, אין אונזער באַגריף, קאָנען אויך זיין צוזאַמענגעשטעלט פון אַלע די וואָס נעמען אַנטייל אין דער שאַפונג פון דער קולטור פון אַ פאָלק, ווי ראַטען פון לערער, וויסענשאַפט־מענער, דיכטער, שריפטשטעלער און די שאַפער פון די פּלאַסטישע קונסטען; און אַז סאָוועטען אין דעם גרויסען און אמת'ן זין פון דעם וואָרט — פעדערירטע, ניט צענטראַליזירטע — זיינען דער אויסדרוק פון אַ פיל ברייטערער און מער אמת'ער דעמאָקראַטיע, ווי די רעפּרעזענטאַטיווע רעגירונגען פון דער היינטיגער דעמאָקראַטיע. אָבער . . . אין רוסלאַנד, וואו די הערשענדע מאַכט איז צענטראַליזירט אין אַ דיקטאַטור פון אַ פּאַרטיי . . . „מוזען די אַרבעטער־ און פויערים־

ראַטעז אויגענשיינלאַך פאַרלירען זייער באַטייטונג״ . . . „אַז אַרבעטער־ראַט הערט אויף צו זיין אַ פרייער ראַט, ווען עס איז ניטאָ קיין פרעס־פרייהייט אין לאַנד״ . . . נאָך מער . . . „די פּויערים־ און אַרבעטער־ראַטען פאַרלירען זייער גאַנצע באַטייטונג, סאַידען פאַר די וואַלען קומט פאָר אַ פרייער וואַל־קאַמפּיין און סאַידען די וואַלען קומען ניט פאָר אונטער דעם דרוק פון אַ פאַרטיי־דיקטאַטור״. און די סאָוועטען רעגירונג אין רוסלאַנד איז טאַקע אַ קאָלאָסאַלער פאַרס. אָט אַזוי ווייזט אויך קראָפּאָטקין אָן, אַז די רעקאָנסטרוקטיווע אַרבעט פאַר דעם אויפבויען פון אַ נײַ לעבען אין רוסלאַנד קאָן ניט געמאַכט ווערען פון דער צענטראַליזירטער דיקטאַטור פון אַ פאַרטיי, נאָר מוז האָבען די גאַנצע „מאַרך־קראַפט״ פון אַלע פאַרטייען און קראַפטען אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. ניט אומזיסט לאַדט ער איין די פאָרשטייער פון די אַרבעטער־מאַסען פון די אייראָפּייאַישע פעלקער צו קומען קיין רוסלאַנד און לערנען זיך, ווי אַזוי די סאָציאַלע רעוואָלוציע דאַרף ניט געמאַכט ווערען . . . ער דיסקוטירט ניט אין זיין „מעסעדזש״ — ער קאָנסטאַנטירט די טאַטזאַכען פון דעם לעבען אין רוסלאַנד אונטער דער דיקטאַטור פונ׳ם באָלשעוויזם און פאַראורטיילט זיינע פאַרזוכען צו אַ פיאַסקאָ.

ד.

# די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן *)

מען זאָגט, אַז קראָפּאָטקין האָט דרייסיג יאָר געאַרבעט אויף זיין ווערק — „די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן“. אָבער ווען דאָס איז אַפילו אזוי, איז אויך כּדאַי געווען די טרחה, ווייל אין דער גרויסער לעבענס־אַרבעט פון דעם באַגרינדער פון אַנאַרכיסטישען קאָמוניזם טרעטען אַרויס נאָר צוויי גרויסע ווערק, וועלכע ווייזען אָן אויף ברייטער אָריגינעלער פאָרשונג און טיפען דורכדרינגענדען געדאַנק. זיי זיינען: „די געגענזייטיגע הילף ביי חיות און מענשען“, און דאָס ווערק, וואָס ליגט איצט פאַר מיר — „די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן“.

אַז קראָפּאָטקינ׳ס לעבען — זיין אַרבעט און זיין ווירקונג — האָט נאָך די גרויסע באַטייטונג פון אַ גרויסען סאָציאַלען אידעאַל — דעם אַנאַרכיסטישען קאָמוניזם — פון דעם, דאַכט זיך, דאַרף מען ניט פיל ריידען. דאָס ווייסט יעדער, וואָס האָט געלייענט קראָפּאָטקינ׳ס ווערק און האָט געלערנט דעם אַנאַרכיזם. דאָך שעפּען נאָך ניט אויס די באַגרינדונג פון אַנאַרכיזם און דידאָזיגע צוויי גרויסע ווערק זיין גאַנצע לעבענס־טעטיקייט. ער האָט אויך בייגעטראָגען צו די וויסענשאַפטלאַכע געאָגראַפישע קענטעניסען פון אונזער צייט; ער האָט אין אַ בריליאַנטענער, שיינער פאָרמע דערציילט וועגען דעם לעבען פון אַ רעוואָלוציאָנער — וועגען זיין אייגען לעבען און זיינע אייגענע ערפאַרונגען; ער האָט זיך געפּרואווט באַלייכטען די גאונים פון דער רוסישער ליטעראַטור און זייערע עפּאָכעס מיט אַ ניי ליכט; ער האָט אין קלענערע און גרעסערע שריפטען איבער דעם „שטאַט“, איבער דער „וויסענשאַפטלאַכער באַגרינדונג פון דעם אַנאַרכיסטישען קאָמוניזם“ און אין „ברויט פאַר אַלע“ און אין „פעלדער, פאַבריקען און וואַרשטאַטען“ דיסקוטירט עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און פּאָליטישע פראַגעם פיל און פיל־זייטיג. און איבער דעם אַלעם טיילט זיך נאָך אויס דער גרויסער פאַקט, אַז ער האָט דאָס גאַנצע לעבען געלעבט מיט די. וואָס האָבען זיך באַוועגט און האָט געשטרעבט מיט די. וואָס האָבען געשטרעבט צו די העכערע און העכסטע אידעאַלען פון דער מענשהייט. אָבער, בעת דאָס גאַנצע לעבען פון דעמדאָזיגען גרויסען מענשען וועט נאָך ערשט אָפּגעשאַצט ווערען; בעת דער אידעאַל, וועלכען ער האָט געפּרואווט וויסענשאַפטלאַך באַגרינדען — דער

*) „די פרייע געזעלשאַפט“, אַפּריל, 1910.

אנאַרכיסטישער קאָמוניזם — ליגט שוין איצט אונטער דעם שאַרפען מעסער פון יענע קריטיקער, ביי וועמען די הענט בייסען אזש פון תאווה צו קריטיקירען און שניידען און רעווידירען; בעת די געאָגראַפישע אַרבעטען זיינע זיינען צו ספּעציאַליסטיש און די ליטעראַרישע, ווי שיין זיי זאָלען ניט זיין, זיינען זיי דאָך נאָר עסטעטישע פונקען; בעת די קלענערע און גרע־סערע שריפטען איבער באַזונדערע טעמעס האָבען שוין היינט קיין ווערט ניט, אויסער אַ פּראָפּאַגאַנדאַ־ווערט, הויבען זיך אויף די דראַזיגע צוויי גרויסע ווערק, פון וועלכע מיר ריידען דאָ, אַלס דאָס ריזיגע אין דער פאָרשונג־ און געדאַנקען־טעטיקייט פון פּ. קראָפּאָטקין.

דיביידע ווערק האָבען אויפגעדעקט נייע קוואַלען פון פאָרשונג און האָבען מיט אַ ליכט באַלויכטען געוויסע ערשיינונגען פון געזעלשאַפטלאַכען לעבען. „די געגענזייטיגע הילף ביי חיות און מענשען“ האָט אויפגעדעקט י ע נ ע סאָציאַלע פאַרהעלטעניסען אין דער גרופּירונג פון חיות און מענשען, וועלכע שטייען אנקעגען דער „מלחמה פון אַלע געגען אַלע“ אין דעם דאַרווינישען „קאַמף פאַר דאָס לעבען“ — די סאָציאַלע פאַרהעלטע־ניסען פון קעגענזייטיגער הילף, געזעלשאַפטלאַכקייט און אחדות, וועלכע שפּילען די הויפּט־ראָלע אין דעם קאַמף פאַר דאָס לעבען.

וועגען ד ע ם ווערק האָב איך שוין אַמאָל גערעדט באריכות — נאָך אין דער אַלטער „פרייער געזעלשאַפט“. *) „די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן“ דעקט אויך אויף נייע קוואַלען פון פאָרשונג. זי צעגלידערט און פאָרשט אַנאַליטיש אויס י ע נ ע טעטיקייט פון די פאָלקס־מאַסען, וועלכע האָבען געפירט צו דער גרויסער סאָציאַלער און פּאָליטישער איבער־קערעניש אין פראַנקרייך אין דער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע פון 1789-1793. אָבער דאָס פראַנקרייך פון יענער צייט און די אינערלאַכע באַוועגונגען און קאַמפען פון דעם פראַנצויזישען פאָלק דעמאָלט זיינען נאָר דאָס פעלד און די גרונט־שטיינער, אויף וועלכע קראָפּאָטקין בויט אויף דעם באַגריף פון טעטיקייט פון די סאָציאַלע קרעפטען און פון סאָציאַלען פאָרטשריט אין דעם לעבען פון פעלקער און געזעלשאַפטען.

אַ גרויסע אַרבעט — די פאָרשונג פון די אינערלאַכע סאָציאַלע באַ־

---

*) „פרייע געזעלשאַפט“, אָקטאָבער, 1895. דער דערמאָנטער אַרטיקעל איז אַ קורצע „עקספּאָזע“ פון פּ. קראָפּאָטקין'ס באַרימטען בוך, וואָס בלויז זיבען ערשטע טיילען זיינען דאַמאָלס ערשינען אין ענגלישען זשורנאַל „ניינטינטה סענטשורי“. איצט אַז מיר האָבען דר. מעריסאָנ'ס צימלאַך גוטע איבערזעצונג פון קראָפּאָטקינ'ס בוך, האָב איך ניט געפונען פאַר נויטיג דר. זאָלאָטאַראָוו'ס „עקספּאָזע“ איבערצו־דרוקען. י. ע.

וועגונגען פון די פאָלקס־מאַסען און פון סאָציאַלער פאָרטשריט פון געזעל־שאַפטען — אין ארבעט, באַלויכטען מיט א נייע ליכט.

* * *

אָבער יעדע גרויסע ארבעט האָט ניט נאָר גרויסע מעלות — ווען ניט, וואָלט זי גרוים ניט געווען — נאָר אויך גרויסע חסרונות — און קראָפּאָט־קינ'ס ווערק, „די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן", איז ניט קיין אויסנאַם פון דעם כלל. דער גרעסטער חסרון פון ווערק, וואָס וואַרפט זיך גלייך אין די אויגען, איז די אומבאַגרעניצטע, כמעט קינדעריש־ריינע ליבע פון דעם רוסישען „נאַראָדניק" צום פאָלק — צו די מאַסען. דאָס פאָלק איז דאָס ריינע, אומבאַפלעקטע שעפּסעלע אין דער מענשלאַכער געזעלשאַפט, און אלץ, וואָס עס טוט אין לעבען, איז אומשולדיג און גוט; עס מוז אין יעדען פאַל, אפילו דעמאָלט, ווען צוליב דעם מוז מען דעם געשיכטלאַכען אמת אביסעל אויסציען און אונטערטאַסען, גערעכטפאַרטיגט ווערען. דערפאַר זעט ערטערוויים קראָפּאָטקינ'ס ווערק אוים ווי א וואַרימער אויפרוף צו דער מענשהייט, דורכגעדרונגען פון דער גרויסער ליבע צום פאָלק פון דעם פאָרשער אליין, צו באַטראַכטען די שרעקלאַכסטע און ווילדעסטע טאַטען פון די מאַסען אין ליכט פון געשיכטלאַכער גערעכטיקייט און אָנדערקענען זיי פאַר אומשולדיגע מעשים אונטער די אומשטאַנדען. אָבער אויב דאָס איז א גרויסער חסרון אין דער פאָרשונג פון געשיכטלאַכע ערשיינונגען, איז ניט קיין קלענערע מעלה דאָס, וואָס קראָפּאָטקין האָט געהאַט דעם מוט, דורכאוים אין זיין ווערק, אָוועקצואוואַרפען דאָס שיינדעל פון אָביעקטיווער וויסענשאַפטלאַכקייט אין דער געשיכטע; דאָס הייסט, דאָס שיינדעל פון אזא מין פאָרשונג, וואו דער פאָרשער־היסטאָריקער וויל מאַכען דעם איינדרוק אז אים אליין ארט א האָרעלע ניט, וואָס עס קומט פאָר פאַר זיינע אויגען, פונקט ווי עס ארט ניט דעם כעמיקער, צום ביישפּיל, ווען ער קוקט צו, ווי עס שמעלצען זיך צוויי עלעמענטען אין זיין טעפּעל אויף דעם שמעלץ־פייער.

געשיכטע, און געשיכטע ווי מען לערענט זי היינט, איז דער רעקאָרד פון די ערשיינונגען אין דעם לעבען און אין די באַוועגונגען פון א ג א נ ץ פ א ל ק א ו ן ז י י נ ע פ א ר ש י י ד ע נ ע ג ר ו פּ י ר ו נ ג ע ן. דער פאָרשער, דער היסטאָריקער פון די ערשיינונגען, איז א מענש — און די פאָרשונגען מוזען דורכגיין דורך זיין נשמה, דורך זיין פאַרשטאַנד און זיינע געפילען; דורך זיינע באַגריפען, האַס און ליבע, און זיי ווערען אומפאַרמייד־לאַך געפאַרבט פון זיי אלע. דערפאַר איז אָפט דאָס פּראָקלאַמירען פון א „אָביעקטיווער וויסענשאַפטלאַכקייט" אין דער געשיכטע ניט מער, ווי א שיינדעל צו פאַרשטעלען די פּערזענלאַכקייט און די פּערזענלאַכע דערקלע־

רונגען פון דעם פאָרשער און צוצוגעבען זיי ביידען אַ גרעסערע געוויכט. קראָפּאָטקין מיידט דאָס אויס. ער ווייס, אַז די אמת׳ע וויסענשאַפטלאַכקייט אין דער געשיכטע איז די ריכטיגע קאָנסטאַנטירונג פון די געשעעניש און זייער גרופּירונג כּדי צו דערקלערען אַ געוויסע ערשיינונג; און דערפאַר טאַקע באַמיט ער זיך צו ברייגנען אומצייליגע קוואַלען צו באַווייזען די ריכטיקייט פון די פאַלקס־פאָסירונגען, וועלכע ער באַהאַנדעלט; ער ברייגגט אַרויס זייער נאַטירלאַכע גרופּירונג אַרום די ערשיינונגען, וועלכע זיי באַלייכטען, דערקלערט זיי און טייטש זיי אויס אַזוי, אַז זיי לייגען זיך גרינג אין קלאָר אויפ׳ן שכל — איר קענט מיט די דערקלערונגען און מיט דער אויסטייטשונג יאָ זיין איינפאַרשטאַנען אָדער ניט — דאָס איז אַנאַנדער זאַך — דאָס איז אייער זאַך.

קראָפּאָטקינ׳ס מעטאָדע פון פאָרשונג אין דעם איצטיגען ווערק איז דערפאַר די ריכטיגע — עס איז די היסטאָריש־אַנאַליטישע מעטאָדע. אָבער ווי ריכטיג דיזער וועג זאָל ניט זיין אין היסטאָרישער פאָרשונג איז נאָך דער היסטאָריקער מחויב צו קענען זיך איינגאַנצען אַריינטאָן אין דער עפּאָכע וועלכע ער פאָרשט, כּדי צו באַטראַכטען די ערשיינונגען מיט דעם אויג און מעסטען זיי מיט דער מאָס פון יענער צייט, ווען זיי האָבען פּאַסירט — דאָס הייסט, די ריכטיגע היסטאָרישע מעטאָדע פון פאָרשונג איז די אַנאַליטיש־רעטראָספּעקטיווע. דערצו אָבער איז קראָפּאָטקין צופיל אַ רוס פון נייַנצענטען און צוואַנציגסטען יאָרהונדערט. צופיל האָט ער זיך צוזאַמענגעלעבט מיט דעם היסטאָרישען קאַמף פון רוסלאַנד פאַר איר באַפרייאונג, צופיל געלעבט מיט דעם אַלגעמיינעם קאַמף פון אַלע פעלקער אין אונזער צייט פאַר עקאָנאָמישער־און סאָציאַלער־גערעכטיקייט, און צופיל האָט ער איינגעזאַפּט אין זיך די סאָציאַלע אידעאַלען, וואָס דערדאָזיגער קאַמף האָט אַרויסגעבראַכט אין דעם איצטיגען געזעלשאַפטלאַכען לעבען. דערפאַר מאַכט טאַקע אַפט קראָפּאָטקינ׳ס ווערק דעם איינדרוק, אַזוי ווי ער וואָלט באַלויכטען יענע טאַטזאַכען און פּאַסירונגען פון דער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע אין פראַנקרייך מיט׳ן ליכט פון דעם גרויסען לאַמטערן, אין וועלכען עס פלאַקערען די פלאַמען פון די היינטצייטיגע אידעאַלען און קאַמפען. דאָס איז אפשר קיין גרויסער חסרון ניט, עס הייסט אָבער קוקען אויף יענע ערשיינונגען און פּאַסירונגען דורך דעם פאַגרעסערונג־גלאָז פון אַריבער הונדערט יאָר סאָציאַלען פאָרטשריט און צוגעבען זיי אַ גרעסערע געשיכטלאַכע באַטייטונג, ווי זיי האָבען באמת געהאַט. דאַך, שיינט עס, אַז ערטערווייס טוט דאָך קראָפּאָטקין אַזוי.

* * *

דערפאַר איז קראָפּאָטקין פולשטענדיג פריי פון דעם סאָציאַליסטיש־וויסענשאַפטלאַכען גלגול, פון קאַרל מאַרקס׳ טעאָריע, וועלכע הייסט, אַמאָל

דער „עקאָנאָמישער מאַטעריאַליזם“, אַנאַנדערש מאָל, די „מאַטעריאַליס־טישע וועלט־אַנשויאונג אין דער געשיכטע“ און גאָר אַנאַנדערש מאָל פּשוט דער „עקאָנאָמישער מאָניזם“. אַט דער גלגול וואַנדערט שוין אַרום כּמעט אַ האַלבען יאָרהונדערט נאָכאַנאַנד צווישען די אולטראַ־וויסענשאַפטלאַכע סאָציאַליסטען און וויל באַווייזען באותות ומופתים, אַז אַ ל ע ערשיי־נונגען אין דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען קומען אַרויס פון א י י ן ס ב ה — פון דעם עקאָנאָמישען צושטאַנד, אין וועלכען מענשען לעבען. און דער־פאַר וויל ער, אַז מען זאָל די עקאָנאָמישע אומשטאַנדען אויך אין דער געשיכטע באַטראַכטען אַלס די א י י נ צ י ג ע קראַפטען, וואָס טרייבען די מענשלאַכע טעטיקייט, דעם סאָציאַלען און דעם געשיכטלאַכען פאָרט־שריט. קראָפּאָטקין האַלט ניט פון דעם געדאַנק. שוין אין אָנהויב פון זיין גרויסער פאָרשונג טרעט ער שאַרף און קלאָר אַרויס קעגען אים. ווען ער באַטראַכט די סבות, וואָס האָבען צוגעגרייט און באַשאַפען די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן אין די יאָרען 1789—1793, ווייזט ער אָן אויף צוויי הויפּט־קראַפטען — דער „שטראָם פון אידייען וועגען דער פאָליטישער רעאָרגאַניזירונג פון שטאַט, וואָס איז געקומען פון דעם מיטעל־קלאַס און דער שטראָם פון טאַטען, וואָס איז געקומען פון פאָלק — פון די פּויערים און אַרבעטער, וועלכע האָבען געוואָלט קריגען אַ באַלדיגע און אַ באַשטימטע פאַרבעסערונג פון זייערע עקאָנאָמישע פאַרהעלטעניסען“. און, הייסט עס ביי קראָפּאָטקין׳ען, ווען די צוויי שטראָמען, ד ע ר ש ט ר אָ ם פ ו ן א י ד י י ע ן און דער ש ט ר אָ ם פ ו ן ט אַ ט ע ן האָבען זיך פאַר־אייניגט צו דערגרייכען עפּעס אַ ציל — אַ פּאָליטישען אָדער אַן עקאָנאָמישען, אָדער גאָרביידע אינאיינעם, איז דער רעזולטאַט פון דעראַזיגער פאַראייני־גונג געוועזען די רעוואָלוציאָן אין אירע פאַרשיידענע פאַזען און מאָמענטען.

דאָ קען קיין טעות ניט זיין: קראָפּאָטקין רעדט פון אַ צוזאַמענהאַנג, פון אַ סינטעז פון סבות, וועלכע האָבען באַשאַפען יענע געוואַלדיגע סאָציאַלע איבערקערעניש; און ער ווייסט אויך ווי אַזוי די צוויי גרויסע הויפּט־סבות — דער שטראָם פון אידייען איבערצומאַכען דאָס פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און סאָציאַלע לעבען און דער שטראָם פון טאַטען צו רעאַליזירען די אידייען און איבערבויען דאָס סאָציאַלע לעבען — זיינען באַשאַפען געוואָרען אין דער סאָציאַלער גרופּירונג פון יענער צייט. ער ווייסט עס דערפאַר, ווייל דאָס איז אייגענטלאַך דאָס ציל פון זיין גאַנצער פאָרשונג. ער מיינט גאָר ניט צו שרייבען אַ געשיכטע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אין דעם גע־וויינלאַכען זין: — אַט דאָס האָט פּאַסירט דעמאָלט און דעמאָלט, אַזוי און אַזוי — טאָג איין, טאָג אויס; ער מיינט ניט צו שרייבען די ג ע ש י כ ט־ ל אַ כ ע ג ע ש י כ ט ע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע; ער שרייבט די ס אָ צ י אַ ל ע געשיכטע פון איר. דערפאַר זיינען פאַר אים גענוג

אירע הויפּט מאָמענטען, די גרויסע עטאַפּען פון איר פּאָרטשריט, ווען דאָס פאָלק האָט דורך רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט דערגרייכט דאָס, וואָס איז געווען אויסגעדריקט אין דעם אידעאַלען פּאַרלאַנג פון דער גאַנצער דע־מאָלטיגער געזעלשאַפט.

די הויפּט־מאָמענטען פון דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט פון די פאָלקס־מאַסען און די אינערלאַכע סאָציאַלע באַוועגונגען, וואָס האָבן גע־פירט צו זיי — דאָס שטודירט קראָפּאָטקין אין זיין גרויסער אַרבעט.

* * *

דאָס פעאָדאַלע פראַנקרייך, פאַר דעם יאָר 1789, שטעלט מיט זיך פאַר דאָס שוידערלאַכסטע בילד פון אָרימקייט, קנעכטשאַפט און בראַנישען פאָלקס־הונגער. באַהערשט פון די צוויי סאָציאַלע שטאַנדען — דעם אַדעל מיט דעם קיניגלאַכען הויף און דעם קיניג, און די גייסטלאַכע מיט דער קירכע — האָט דאָס פאָלק — די פויערים, ווי די שטאָטישע אַרבעטער — געטראָגען אויף זיך די גרויסע לאַסט פון דעם פאַרשווענדערישען לעבען פון די הערשער. די פויערים זיינען געווען באַרויבט פון זייער ערד. נאָך אין יאָר 1669 האָט אַ קיניגלאַכער עדיקט צוגענומען ביי זיי גרויסע שטיקער פון זייער געמיינשאַפטלאַך לאַנד און האָט דאָס אַוועקגעגעבען דעם אַדעל — די פעאָדאַלע לאָרדען, צו וועלכע דער פויער האָט געהערט אַלס לייב־איי־גענטום. אָבער אויך די בישאָפען פלעגען טאָג־טעגלאַך באַרויבען דעם פויער: צונעמען ביי דער אָדער יענער געמיינדע אַ שטיק פון איר געמיינ־שאַפטלאַך לאַנד, אַרויפלייגען אויף דעם אָדער יענעם דאָרף ספּעציעלע צינזען, כדי צו פאַרגרעסערען די הכנסות פון דעם קלויסטער און אויפ־האַלטען דעם גלאַנץ פון דער קירכע און דאָס רייכע אויסגעלאַסענע לעבען פון אירע דינער. ניט גרינגער זיינען געווען די שטייערען אויסצוהאַלטען די רעגירונג, דעם הויף און די קיניגלאַכע פאַמיליע.

דער קיניג — דער אַבסאָלוטער הערשער — און די רעגירונג; דער אַדעל און די פעאָדאַלע געזעלשאַפט־אָרדענונג; די גייסטלאַכע און די הערשאַפט פון דער קירכע — דאָס זיינען די פעלזען פון דעם סאָציאַלען רעזשים, וואָס האָבען געדריקט און אויסגעמאַטערט די פאָלקס־מאַסען און קעגען וועלכע עס האָט זיך אין אַ לאַנגען משך פאַר דעם יאָר 1789 געקליבען דער שטורעם פון דער רעוואָלוציאָן.

אונטער דעם יאָך פון לייב־אייגענטום און אומגעהייערע שטייערען לייגט זיך בּיסלאַכווייס צונויף אין דעם באַוואוסטזיין פון דעם פויער דער שטרע־בען צוריקצונעמען די לענדער, וואָס מען האָט ביי אים אַוועקגערויבט, כדי ער זאָל זיי קענען באַאַרבעטען מיט זיין שוויים און לעבען פון זייער פרוכט; דער שטרעבען צו באַפרייען זיך פון פעאָדאַלען האַר — וואָס רויבט ביי אים

זיין אַרבעט און שטערט אים זיין לעבען — כדי צו קענען געהערען זיך, זיין געמיינדע און זיין פאַמיליע; און ענדלאַך אַנטוויקעלט זיך דער שטרעבען אַראָפּצעוואַרפען פון זיך די שווערע שטייערען פון דער רעגירונג און דער קירכע, כדי צו קענען געניסען די פּרוכט פון זיין אייגענער מי. דערפאַר טאַקע הערט זיך דער רעוואָלוציאָנערער שטורעם שוין פיל פריער ווי דאָס יאָר 1789 אין די דערפער און אויפ׳ן לאַנד; דער פויער פאַרברענט די מאַיאָנטקעס פון דעם פעאָדאַלען לאָרד און צערייסט און פאַרניכטעט די פּאַפּירען, וואָס גיבען אים דאָס רעכט אויף דעם לאַנד, און להיפך דעם גאַנץ ריכטיגען געדאַנק, אַז אַ רעוואָלוציע אין פראַנקרייך איז אַ רעוואָלוציע אין פּאַריז, טראָגען זיך די רעוואָלוציאָנערע שטראָמען, אין אָנהויב פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, פון די דערפער און פון לאַנד אין דער שטאָט אריין — קיין פּאַריז.

דעמאָלט — אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן — זיינען נאָך די פאַבריקען און מינען־אינדוסטריעס ניט געווען אַנטוויקעלט, און דער שטאָטישער אַרבעטער איז אָפּגעהאַנגען מיט זיין עקזיסטענץ פון דעם פויער און זיין ערד־אַרבעט. און נאַטירלאַך, האָט זיך דעם שטאָטישען אַרבעטער ניט געלעבט פיל בעסער, ווי דעם פויער. אָפטמאָל נאָך פיל ערגער. די הויכע צינזען אויף די נויטיגסטע לעבענס־מיטלען האָבען געהאַלטען די שטאָטישע פאָלקס־מאַסען אין דער גרעסטער אָרימקייט, אין דער גרעסטער נויט. אין זייער באַוואוסטזיין האָט זיך ביסלאַכוויים אויסגעאַרבעט דער גרויסער אידעאַל — דער קאָמוניסטישער אידעאַל — וועלכער איז נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט דערגרייכט געוואָרען אין דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען; דער אידעאַל — „ברויט פאַר אַלע“, לעבענס־באַדערפעניסען פאַר אַלע פון פאָלק. אָבער אין זייער גרינגען פאַרשטיין פון סאָציאַלע אידעאַלען און סאָציאַלע פאַרהעלטעניסען האָבען זיי געהאָפט, אַז די רעגירונג, דער קיניג האָט בכח צו מאַכען די געזעלשאַפטלאַכע ענדערונג, ווען ער וועט אַרונטערנעמען די שווערע שטייערען פון די נויטיגסטע לעבענס־מיטעל. ווי אַזוי אָבער האָט די רעגירונג געקענט אַראָפּנעמען די שטייערען פון די פויערים און די שטאָטישע פאָלקס־מאַסען, ווען דאָס איז געווען די הויפּט־הכנסה פון איר עקזיסטענץ? די רעגירונג האָט אָבער די שטייערען סאַי־ווי־סאַי ניט געקראָגען — דאָס פאָלק האָט זיי ניט געקאָנט צאָלען. פּי־נאַנציעל האָט לואים דעם זעכצענטען׳ס רעגירונג, פאַר דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, געהאַלטען ביי באַנקראָט.

די שלעכטע פינאַנציעלע לאַגע פון דער רעגירונג, די אוממעגלאַכקייט איינצוזאַמלען די צינזען און שטייערען. דער רעוואָלוציאָנערער שטורעם פון די פויערים אויפ׳ן לאַנד, איבערהויפּט דאָס פאַרברענען פון די מאַיאָנטקעס און די גרויסע נויט און צערייצטקייט פון די שטאָטישע פאָלקס־

מאַסען האָבען געצוואונגען לואי דעם זעכצענטען צונויפצורופען די פאַר־שטייער פון די „שטאַנדען“ און אויפפאָדערען זיי צו העלפען אים פאַרבע־סערען די טרויעריגע לאַגע פון דער רעגירונג. אָבער גערופען האָט לואיס די פאַרשטייער ניט פון די צוויי, נאָר פון דריי „שטאַנדען“.

בעת די אַבסאָלוטע קיניגלאַכע הערשאַפט און דאָס שווערע פעאָדאַלע לעבען — דער אַדעל און די גייסטלאַכע — האָבען אויסגעמאַטערט די כחות פון פאָלק, האָט זיך אין אַכצענטען יאָרהונדערט אַנטוויקעלט אין פראַנק־רייך אַ דריטער שטאַנד — אַ מיטעל־קלאַס. סוחרים און סוחרים׳לאַך, פּראָפעסיאָנאַלען און אינטעליגענטען, פינאַנסיסטען און געלט־מענשען — דאָס, וואָס דריקט זיך ריכטיג אויס אין דעם נאָמען מיטעל־קלאַס — ניט קיין גרויסע מיוחסים, ווי די אַדעל־לייט און די גלחים, און ניט קיין הונגע־ריגער ערב־רב, ווי דאָס פּראָסטע פאָלק. דער מיטעל־קלאַס האָט צוליב זיין געלט־מאַכט אָנגעהויבען שפּילען אַ וויכטיגע ראָלע אין דעם לעבען פון דער געזעלשאַפט. דערצויגען אויף די פרייערע אידייען וועגען רעגירונגען און מענשען־רעכט, וועגען דער עקאָנאָמישער באַטייטונג פון רייכטימער און איינענטום — אידייען, וועלכע האָבען זיך אין אַכצענטען יאָרהונדערט אַנט־וויקעלט אונטער דער ווירקונג פון די שריפטען פון מאָנטעסקיו, רוסאָ, די עקאָנאָמישע לערעס פון אַדאַם סמיט און די ענציקלאָפּעדיסטען — איז נאָך דער מיטעל־קלאַס געווען אונטער דער ווירקונג פון דער פּאָליטישער, קאָנ־סטיטוציאָנעלער פרייהייט פון דעם ענגלישען פאָלק און די אָקאָרשט־דער־וואָרבענע פּאָליטישע פרייהייט און אומאָפּהיינגיקייט פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען פון אַמעריקע. און ערב דער רעוואָלוציאָן האָט **ער געהאַט אַ גאַנץ קלאָרען באַגריף וועגען זיינע איי־גענע שטרעבונגען און פאַרלאַנגען**. ער האָט גע־וואָלט אַ חלק אין דער רעגירונג פון לאַנד. ער האָט געוואָלט אַ קאָנסטי־טוציאָנעלע רעגירונג — אַפילו נאָר אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע. אָבער אין וועלכער ער זאָל האָבען, פאַר דער מאַכט וואָס ער האָט באַזעסען אין דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען, אויך אַ פּאָליטישע דעה אין דער רעגירונג. זיין עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג און זיין גוואַלדיגע מאַכט אין דער פאָרמע פון דעם מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם, וואָס וועט באַהערשען דאָס גאַנצע געזעל־שאַפטלאַכע לעבען, האָט ער נאָך דעמאָלט ניט פאַראויסגעזען. אָבער שוין ערב דער רעוואָלוציע האָט דער „דריטער שטאַנד“ — „דער מיטעל־קלאַס“ — קלאָר געהאַט פאַר׳ן אויג די אידעאַלע צילען, וועלכע ער האָט אין דער רעוואָלוציאָן מיט אַלע כחות געזוכט צו דערגרייכען. און ווען לואיס דער זעכצעטער האָט צונויפגערופען די פאַרשטייער פון די „דריי שטאַנדען“ צו העלפען אים אין דער קריטישער לאַגע פון דער רעגירונג, איז דער „דריטער שטאַנד“ געקומען, ווי דער מליץ־יושר פאַר׳ן גאַנצען פאָלק און געפאָדערט

די אָפּשאַפונג פון דעם חילוק צווישען די „שטאַנדען“, גלייכע באַרעכטי־גונג פאַר אַלע און קאָנסטיטוציאָנעלע פרייהייט — אַזאַ גרויסע און ראַדי־קאַלע ענדערונג אין דער רעגירונג, צו וועלכער ניט דער קיניג, ניט דער אַדעל און ניט די גלחים האָבען מיט זייער גוטען ווילען געקענט צושטימען. דעמאָלט האָט זיך געפאָדערט די רעוואָלוציאָנערע פאָלקס־טאַט. דער מי־טעל־קלאַס האָט דאָס גוט פאַרשטאַנען און זיינע אידעאָ־ליסטען און פּאַרקעמפּער האָבען געטראָגען די זריעה פון אומצופרידענהייט און רעוואָ־לוציאָנערען אויפשטאַנד צו די פאָלק־מאַ־מאַסען פון פּאַריז. און די רעוואָלוציאָנערע טאַט איז געקומען און איר פולער מאַכט און גרויסקייט און האָט אַ טרייסעל געטאָן די זיילען פון דער הערשאַפט. בעת די פאַרשטייער פון די „שטאַנדען“ האָבען זיך גע־אַמפּערט אין ווערסאַיל און זיינען כמעט צו גאָר ניט געקומען, וואָס זאָל האָבען אַ רעעלע באַטייטונג, און דער קיניג האָט זיך שטילערהייט צוגע־גרייט אין אַ באַשטימטען טאָג צו צעטרייבען די „פאַרשטייער פון פאָלק“ און לאָזען אַלץ ביים אַלטען, האָבען זיך די הונגעריגע און דערנידעריגטע מאַסען פון פאָלק באַוויזען אויף די גאַסען פון פאַריז, מוטיג און אַנטשלאָסען צו ווייזען דעם קיניג און די הערשער דעם ווידערשטאַנד, וואָס האָט געזאָטען אין דער אַנגעווייטאָגטער, ליידענדער נשמה; ווי אין אַ פיבער האָבען זיך געזאַמעלט און געשטיגען די כחות, דאָס פאָלק האָט געשמידט די כלי־זין פון קאַמף — די אייזערנע פיקע — און דער „מאַן מיט דער פיקע“ איז געוואָרען דער סימבאָל פון מורא פאַר אַלע, וואָס הערשען.

די רעוואָלוציאָן איז געקומען, די באַסטיליע איז געפאַלען, און מיט איר האָט זיך אַ טרייסעל געטאָן די אַבסאָלוטע מאָנאַרכיע און דער פעאָדאַלער רעזשים פון גאַנץ אייראָפּע.

* * *

קראָפּאָטקין ווייזט אָן מיט רעכט אויף דעם גרויסען ראַשיגען פאָרט־שריט, וואָס ווערט געמאַכט אין דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן. דאָס לעבען לויפט דעמאָלט מיט אַזאַ קראַפט, גע־זעלשאַפטלאַכע ערשיינונגען בייטען זיך מיט אַזאַ'ן אימפעט; דאָס אַלטע קראַכט און ברעכט צוזאַמען, דאָס נייע ווערט געבוירען. און וואָס וואָלט, דאַכט זיך, געדאַרפט געדויערען יאָרען און יאָרען צו דערגרייכען, ווערט גע־בוירען אין אַ שעה, אין אַ רגע. קראָפּאָטקין דערציילט אונז ניט, ווי אַזוי דאָס איז מעגליך. ער קאָנסטאַטירט נאָר דעם פאַקט. מיר אָבער ווייסען עס אַליין — מיר ווייסען, ווי אַזוי עס קאָן פּאַסירען. די טאַטזאַכען פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן מאַכען עס אויך קלאָר. די סאָציאַלע

אידעאַלען פון די פאַרשיידענע געזעלשאַפטלאַכע גרופּעס, וועלכע איך האָב ערשט סומירט, לייגען זיך צונויף אין דעם באַוואוסטזיין פון גאַנצען פאָלק אין פאַרלויף פון פיל און פיל יאָרען, און איינמאָל הויבט זיך דער רעוואָלוציאָנערער קאַמף אָן — איינמאָל איז די הערשענדע מאַכט ניט בכח צו דערטרינקען אים אין דעם בלוט פון אונטערדריקונג, איז זיין נאַטירלאַכער וועג צו ראַשיגער רעאַליזירונג פון יענע אידעאַלען און באַשטרעבונגען, וועלכע *זיינען דאָס אַלגעמיינע רייפע אין דעם באַוואוסטזיין פון אַלע סאָציאַלע גרופּירונגען אין דער געזעלשאַפט. מער* קען קיין רעוואָלוציאָן ניט דערגרייכען — מיט *ווייניגער* וועט זיך קיין רעוואָלוציאָן ניט צופרידענשטעלען, סאַידען די מאַכט, וועלכע זי באַקעמפט, וועט זי גובר זיין. אזוי וואָלט מען דאָס געדאַרפט פאַרשטיין.

קראָפּאָטקין דיינקט אָבער אַנדערש. אים דאַכט זיך אויס, אַז די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן וואָלט געקענט דערגרייכען פיל מער, ווי זי האָט דערגרייכט אין דעם איבערבוי פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען, ווען דער מיטעל־קלאַס — די בורזשואַזיע — וואָלט ניט געשפּילט יענע מערקווירדיגע ראָלע, וועלכע זי האָט געשפּילט אין דער רעוואָלוציע און די רעאַקציע קעגען דעם רעוואָלוציאָנערען פאָרטשריט וואָלט ניט אַריינגעטראָטען אין לעבען אזוי פרי.

ווענען דעם אַז די בורזשואַזיע האָט געשפּילט אַ זאָנדערבאַרע ראָלע אין דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, איז גאָר קיין רייד ניט. אין אָנהויב רעוואָלוציאָן איז זי געווען מיט'ן פאָלק, ווייל אין פאָלק איז געלעגען איר רעוואָלוציאָנערע מאַכט. יעדעס מאָל, וואָס זי האָט געדאַרפט צווינגען די הערשענדע „שטאַנדען" נאָכצוגעבען עפּעס, האָט זי אַפּעלירט צום פאָלק און מיט'ן פאָלק האָט זי געקעמפט קעגען די הערשער. האָט זי אָבער נאָך דעם פאַל פון דער באַסטיליע דערגרייכט אַ פאָרשטייער־קראַפט אין דער רעגירונג און איז דער קיניג געווען געצוואונגען — ווידער טאַקע דורך דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט פון פאָלק — צו אָנדערקענען קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט — אָדער, וואָס האָט געהייסען „דאָס רעכט פון מענשען" — האָט שוין די בורזשואַזיע אָנגעהויבען קוקען אויפ'ן פאָלק ווי אויף אַ שונא; זי האָט אָנגעהויבען מורא האָבען פאַר'ן פאָלק. פאַר דעם אָפּגעריסענעם און אָפּגעשליסענעם הונגעריגען „מענשען מיט דער פּיקע" פון די פאַבורגס פון פאַריז און האָט שוין מיט דער רעגירונג געזוכט מיטלען די רעוואָלוציאָן צו אונטערדריקען. איר איז נאָך אָבער דעמאָלט ניט געלונגען אַזעלכע מיטלען צו געפינען — איר האָט ניט געקענט געלינגען די רעוואָלוציאָן צו אונטערדריקען. די באַוואוסטזיניגע צילען פון דער רעוואָלוציע זיינען נאָך ניט דורכגעפירט געוואָרען אין דעם נייעם לעבען.

אָבער נאָך דעם פאַל פון דער באַסטיליע און איבערהויפּט נאָך דעם ווי אַ פּאַרטרעטענדע „פאָלקס־רעגירונג" האָט אָנגענומען קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט, איז יעדע פּאָליטישע ערשיינונג אין דער רעוואָלוציע — דער אַרעסט און די פּאַראורטיילונג פון דעם קיניג, די קאָנספּיראַציעס פון אַדעל, די מלחמה מיט די אויסערע מאַכטען — ניט מער, ווי אַן אינצידענט אין דעם קאַמף, ווייל דער רעוואָלוציאָנערער קאַמף איז שוין איצט פאַר דער רעאַלי־זירונג פון די דערוואָרבענע פּאָליטישע רעכט און פאַר דעם איבערבוי פון לעבען אויף די נייע עקאָנאָמישע יסודות.

די פעאָדאַלע אָרדענונג האָט געמוזט אָפּגעשאַפט ווערען; דאָס לאַנד האָט געמוזט צוגענומען ווערען פון דער קירכע און פון דעם פעאָדאַלען באַ־זיצער און איבערגעגעבען ווערען צו דער פויערשער געמיינדע, ווייל דער פויער האָט נאָך אַלץ רעוואָלטירט צוליב דעם. די שטייערען האָבען געמוזט אַראָפּגענומען ווערען פון די נויטיגסטע לעבענס־מיטלען און די ערשט־גע־בוירענע מאָנאָפּאָלען איבער זיי, באַשאַפען פון דער יונגער בורזשואַזיע, האָבען געמוזט אָפּגעשאַפט ווערען דורך דער באַשטימונג פון אַ מאַקסימום פרייז פאַר די לעבענס־מיטלען. די שטייערען פון דער רעגירונג האָבען גע־מוזט ארויפגעלייגט ווערען אויף אַלע געזעלשאַפטלאַכע קלאַסען גלייך און די רייכע האָבען נאָך געדאַרפט צאָלען אַ באַזונדערע טאַקסע אויף דעם איבערשוס פון זייער פאַרמעגען איבער דער נאָרמע, וועלכע זיי האָבען גע־דאַרפט צום לעבען, אַ מיטעל, מיט דער צייט „אויסצוגלייכען די רייכטימער" צווישען אַלע. פאַר דעם האָבען געקעמפט די שטאַטישע מאַסען, וועלכע זיינען אין פּאַריז, ווי אין אַנדערע שטעט, געווען איינגעטיילט אין „דיסט־ריקטען", אָדער קאָמונעס, פון וואַנען דער קאַמף און דער פאָרטשריט און דער זיג פון דער רעוואָלוציאָן איז געקומען.

פאַר די אידעאַלען פון פאָלק האָט מורא געהאַט די בורזשואַזיע און האָט קעגען זיי געקעמפט. און טאַקע ביז וואַנען דאָס פאָלק האָט דורך אַ רעוואָלוציאָנערען אַקט ניט ארויסגעטריבען די זשיראָנדיסטען — די פאָר־שטייער פון דער בורזשואַזיע — פון דער קאָנווענציע — זיינען די וויכטיגסטע ענדערונגען ניט געמאַכט געוואָרען.

אָבער אַט זיינען שוין די זשיראָנדיסטען פאַרטריבען געוואָרען פון דער קאָנווענציע און דאָס עקאָנאָמישע און אַלגעמיין סאָציאַלע איבערבויען פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען איז גיך און אומגעשטערט געגאַנגען פאָר־אויס: — די פעאָדאַלע אָרדענונג איז אָפּגעשאַפט געוואָרען — דער פויער איז פריי געוואָרען. די רעגירונג האָט צוגענומען דאָס לאַנד פון דער קירכע און פון די פעאָדאַלען אָן אויסלייז געלט. זי האָט עס אָבער ניט אָפּגעגעבען דער פויערשער געמיינדע פאַר געמיינשאַפטלאַכען באַזיץ — פאַר דעם איז דאָס אַלגעמיינע סאָציאַלע באַוואוסטזיין פון דער גאַנצער געזעלשאַפט ניט רייף

געווען. פאַרקערט — ביי אַלע געזעלשאַפטלאַכע גרופּעס, אַפילו ביי די ראַ־דיקאַלערע און פאַרטגעשריטענע, איז „דאָס רעכט אויף אייגענטום" געווען „הייליג". און דאָס עקספּראָפּיאירטע לאַנד איז נאָר געוואָרען אַ באָדען פאַר דעם נייעם שטאַנד — דעם מיטעל־קלאַס, אַפילו צווישען די פּויערים, צו באַגרינדען זיין רעכט אויף אייגענטום אין לאַנד, ווייל עס איז פאַרקויפט געוואָרען אין קלענערע און גרעסערע שטיקער, און די בורזשואַזיע, אַלס די געלט־מאַכט, האָט עס דערוואָרבען אַלס אייגענטום. קראָפּאָטקין זעט אין דעם נאָר אַ פעלער אין דער געזעצגעבונג, אָבער זיין אייגענער מאַטעריאַל באַווייזט, אַז די סבה איז געלעגען פיל טיפער.

אין דער קורצער צייט פון אַ 12־13 חדשים — פון מאַי, 1793, ביז יולי, 1794 (פון דעם 21־טען מאַי, ווען די זשיראָנדיסטען זיינען פאַרטרי־בען געוואָרען פון דער קאָנווענציע, ביז דעם 9־טען טערמידאָר, ווען די רעאַק־ציע האָט געזיגט) — זיינען איינגעפירט געוואָרען אין לעבען פיל ערנסטע ראַדיקאַלע ענדערונגען, וועלכע וואָלטען געוויס געפירט צו דער אַנטוויקלונג פון אַ פריי און עקאָנאָמיש געזיכערט לעבען — אַזאַ אפשר, ווי מיר ווינשען זיך נאָך היינט ניט קיין בעסערס.

אַ פרייען פּויער אין דער געמיינדע אויף געמיינשאַפטלאַך לאַנד; אַ מאַקסימום פּרייז אויף לעבענס־פּראָדוקטען, אָדער דאָס רעכט אויף די לעבענס־באַדערפעניסען פאַר אַלע; אַ טאַקסע אויף דעם איבערשוס פון די לעבענס־נויטיגע מיטלען, כדי „אויסצוגלייכען די רייכטימער" אין דער גע־זעלשאַפט; אינערלאַכע אָדער מוניציפּאַלע רעגירונג דורך פרייע קאָמונעס—גאַטעניו, ווער וויל דען עפּעס מער נאָך היינט?

אָבער האָט דאָס געקענט דערגרייכט ווערען? וואָלט דאָס, אַפילו, ווען דערגרייכט, געקענט לאַנג פאַרבלייבען אין לעבען — אָט דאָס איז די פראַגע? און דער סוף פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע ווייזט באַשטימט אַז, אַז ניין.

עס איז ווערט צו באַמערקען עס — קראָפּאָטקין ווייזט ניט אָן אויף דעם — אין סוף, פאַר דער רעאַקציע, איז שוין די פראַנצויזישע רעוואָ־לוציע ניט געווען דער קאַמף קעגען דעם קיניג און דעם אַבסאָלוטיזם, אויך ניט קעגען דעם פעאָדאַל און לייב־אייגענטום, אַפילו ניט קעגען דער שוואַכער רעאַקציע פון דעם מיטעל־קלאַס, וועלכען עס האָט שוין געצויגען צו דעם רעשט פון די צוויי פריערדיגע הערשענדע „שטאַנדען"; עס איז שוין גע־ווען אַ קאַמף פון גרופּעס איינצופירען אין דעם נייעם לעבען די אָדער יענע אידעאַלען וועלכע די אָדער יענע רעוואָלוציאָנערע גרופּע האָט גע־האַלטען פאַר איר הייליגען אידעאַל. אַלע האָבען געקעמפט אין נאָמען פון פאָלק, אָבער דאָס פאָלק, די מאַסען האָבען זיך שוין כמעט ניט אָפּגערופען אויף דעם קאַמף פון די רעוואָלוציאָנערע גרופּעס אַנדערש ווי צו געפינען

אין דעם קאמף א שפעקטאקעל פון בלוט און שפיל. דערפאר איז געווען מעגלאך, אז א רעוואלוציאנערע גרופע זאל פאלען אונטער דעם מעסער פון דער גילאטינע פונקט אזוי גיך, ווי גיך זי האט זיך אויפגעהויבען איבער דעם געזעטיגטען באוואוסטזיין פון די מאסען צו באהערשען די סיטואציאן אויף א מינוט.

דאס סאציאלע באוואוסטזיין — דאס אלגעמיין־געזעלשאפטלאכע באוואוסטזיין פון יעדער געזעלשאפטלאכער גרופירונג, — איז געווען באפרידיגט דורך דעם אפשאפען פון דעם פעאדאליזם, דורך דער באגרינדונג פון א רעפרעזענטאטיווער רעגירונג און דורך דעם אויפבויען פון דעם עקאנאמיש־סאציאלען לעבען אויף די יסודות פון פריוואט־אייגענטום. געקעמפט פאר העכערע עקאנאמיש־גלייכע און סאציאל־פרייע אידעאלען האבען די ע ק ס ט ע און די פארטגעשריטענסטע רעוואלוציאנערע גרופעס און דערפאר טאקע האבען זיי אזוי גיך איינע די אנדערע באקעמפט און פארניכטעט.

זיי האבען א וועג געמאכט פאר דער רעאקציע — פאר דער בורזשואזיע — ווידער צו נעמען די לייצעס פון דעם געזעלשאפטלאכען לעבען אין אירע הענט און אנטוויקלען זיך אויף די וועגען און שטעגען וואס זיינען פון דעם נייעם לעבען ערשט אנגעצייכענט געווארען. זי האט גענומען די לייצעס אין אירע הענט און האט באהערשט די געזעלשאפט. די רעוואלוציע האט גאר אנדערש ניט געקענט ווי אונטערגיין — אין יענעם היסטארישען מאמענט — אירע אידעאלען זיינען שוין דערפילט געווארען, און די נייע אידעאלען האבען געדארפט ערשט רייף ווערען אין דעם סאציאלען באוואוסטזיין פון גאנצען פאלק. — וואלט קראפאטקין געזען די סבות פון דער אריינטרעטענדער רעאקציע אין דעמדאזיגען ליכט, וואלט ער גאנץ אנדערש דערקלערט דעם קאמף צווישען די רעוואלוציאנערע גרופעס אין דעם שלוס־אקט פון דער רעוואלוציע *) און וואלט ער פארגליכען די אידעאלען פון דער רעוואלוציע מיט דעם וואס זי האט פאקטיש דערווארבען אין איר קאמף, וואלט ער אפשר אנדערקענט אז דער אויסדרוק פון געזעלשאפטלאכען פארשריט — דאס וואס פעלקער און געזעלשאפטען דערווערבען אין לעבען אין יעדען היסטארישען מאמענט — רעוואלוציאנערען אדער ניט—א י ז נ א ר ד י ס ו מ ע פ ו ן ב א ש ט ר ע ב ו נ ג ע ן ו ו א ס ז י י נ ע ן ר י י ף א י ן ד ע ם ס א צ י א ל ע ן ב א ו ו א ו ס ט ז י י ן פ ו ן א ל ע ג ר ו פ י ר ו נ ג ע ן א י ן ד ע ר ג ע ז ע ל ש א פ ט אין יענעם היסטארישען מאמענט.

---

*) ער ברייננט די קינדערשע דערקלערונג פון פריימויערער אלס פאקטאר פון ליבע און האס צווישען די רעוואלוציאנערע פארטייען.

# צעוואָרפענע בלעטלאַך פון אַן אַלטען מחבר*)

איך בין געשטאַנען אין אַ קרעמעל פון אַן אַלטען מוכר ספרים און האָב מיר רואיק איבערגעוואָרפען אַ בערגעל שמות, וואָס זיינען, מסתמא פון אַ צייט מיט יאָרען, געווען באַדעקט מיט אַ היבש ביסעל שטויב. איך האָב איבערגעקוקט אַ בלעטעל נאָך אַ בלעטעל: אַלטע, מיט געלע פלעקען, פאַרשטויבטע, צעריסענע און געדרוקטע, היבט זיך, נאָך פאַר מתן תורה — און מיר האָט זיך עפּעס דאָך ניט געוואָלט אוועקגיין פון אָט דער צונויפ־מישעניש פון אַלטע געדאַנקען, וואָס אויפ'ן ערשטען קוק האָבען זיי מיר אויסגעזען משונה־ווילד. אַפגעלעבטע, געשטאָרבענע געדאַנקען, וועלכע קע־נען שוין קיינעם קיין נוצען ניט ברייננגען און טויגען נאָר דערצו, אַז זיי זאָלען זיך וואַלגערען ביים מוכר ספרים און פאַראינטערעסירען אַזאַ מרה שחורה'ניק ווי איך, לא עליכם.

מה־דאָך, האָב איך מיר געטראַכט, די אַלטע לייט, וואָס לעבען אַרום מיר, זיינען אַזוי אָפּגעשטאַנען פון דער יונגער וועלט, פון די לעבעדיגע געדאַנקען פון אונזער צייט, אַ פּשיטאַ שוין אַלטע שרייבער, וועלכע האָבען געלעבט מיט אַ יאָר זעכציג־זיבעציג צוריק . . . וואָס קען מען פון אַלטע שריפטען ערוואַרטען? און אין אמת'ן גערעדט איז דאָך דאָס טאַקע אויך נאַטירלאַך! דער מענשלאַכער פאַרשטאַנד גייט גאַנץ ראַשיג פאָרויס; אַלטע מענשען שטייען פאַרט אָפּ פון יונגעלייט אויף אַ גאַנצען דור; די יונגעלייט ווערען אָנגעזויגען מיט'ן גייסט פון דער נייער צייט, פון דער נייער בילדונג און קוקען אויף די אַלטע לייט ווי אויף אָפּגעשטאַנענע, צוריקגעבליבענע אינ'ם פאַרשריט פון מענשלאַכע געדאַנקען. אַ בן שבעים, דיינקט דער יונגערמאַן, איז שוין אַ חסר רעה און דער עלטערער מענש דיינקט, אַז יונגעלייט זיינען עזות'ניקעס, מחוצף־פנימ'ער. ביידע שטימען ניט און כמעט איבער יעדען

---

*) דערדאָזיגער אויפזאַץ וועגען וויליאַם גודווין, דער ענגלישער פילאָזאָף פון סוף אַכצעהנטען יאָרהונדערט, (אַ שווער פון דעם וועלט־באַרימטען פּאָעט פּערסי בוססי שעללי), איז ערשינען אין מערץ־נומער „פרייע געזעלשאַפט", 1896. דער אַרט שרייבען אינ'ם אַרטיקעל איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דר. זאָלאָטאַראָוו'ן בפרט און פאַר דער אידיש־אַמעריקאַנער פובליציסטיק פון דערדאָזיגער צייט בכלל.

—י. ע.

עניז איז צווישען זיי מחלוקת, אלץ טאקע נאר דערפאר, ווייל ביידע שטייען אויף א גאנצען דור דערוווייטערט איינע פון די אנדערע.

וואס דאס לעבען און דער מענשלאכער געדאנק האבען אויסגעארבעט פאר די אלטע לייט און געמאכט פאר א טייל פון זייער לעבען, דאס האט ווידער טאקע דאס וויטערדיגע לעבען איבערגעארבעט אויף עטוואס אנ־דערש, נייעס, פרישעס אין דעם געדאנק און דער באנעמונג פון יונגען דור. און באגעגענט מען אז אלטען מאן מיט גרייז־גרויע האר, וועלכער איז אזוי יונג אין זיינע געדאנקען, אין זיין פארשטאנד, אז ער גייט מיט מיט׳ן רוח־הזמן, סאי מיט די יונגע, פרישע געדאנקען, סאי אין דעם נייעם לעבען, סאי אין דער גרויסער, שטארקער מלחמה פאר דער באפרייאונג פון דעם מענשלאכען גייסט, פילט מען זיך עפעס אזוי גוט, אזוי אנגענעם. דער אלטער קערפער האט ניט פארעלטערט דעם גייסט, די שוואכע גלידער האבען ניט אפגעשוואכט דעם פארשטאנד, דער קוואל פון לעבען זידט נאך אלץ און די שניי־ווייסע קאלטקייט פון עלטער האט אים ניט אפגעקילט. יא, מען פילט זיך גוט, מען פילט זיך אנגענעם! אמת, עס איז עפעס ניט נאטירלאך! . . . אבער עס איז א געשמאקע אויסערנאטירלאכקייט! . . .

אט אזוי האב איך מיך פארטראכט און ווער ווייס ביזוואנען איך וואלט אזוי געווען געשטאנען דא טראכטענדיג, ווען איך וואלט פלוצים ניט געווען ארויסגעשלעפט עטלאכע אלטע בלעטלאך, וועלכע האבען מיך אויף א ווײלע צו זיך ווי צוגעבונדען.

אט הערט: —

„דאס פירט מיך ארויף אויף דער מחשבה, אז אירטום, אומ־גערעכטיקייט און פאלשקייט וואלטען לאנג ניט געקענט דויערען, ווען פאליטישע הערשאפטען וואלטען זיי ניט אונטערשטיצט און אויפגעהאלטען . . . א סיסטעם פון פאליטישער הערשאפט, וואס וואלט ניט אויפגעהאלטען דעם פאנאטיזם און די צבוע׳צסטווע, וואלט דאך צוגעלאזט, אז ביים מענשען זאל זיך אויסבילדען א פייאיקייט צו דיינקען וועגען מאראלישע ענינים מער אדער ווייניגער ריכטיג. א שטאט, וואס וואלט ניט ארויפגעלייגט אויף זיינע אונטערטעניגע קיין פאלשע שבועות און דורך דעם טאקע כסדר זיי געצוואונגען צו פאלשקייט און אומגערעכטיקייט, וואלט דאך דערלאזט די אונטערטעניגע זיך לערנען האנדלען מער אדער ווייניגער ערענטלאך צווישען זיך. א לאנד וואו בכבוד׳יגע פלע־צער וואלטען ניט געהערט צו א קליינעם טייל, וועלכע זיינען נושא חן ביי דער מלוכה און וואו אזעלכע פלעצער ווערען פארקויפט

צו די אויסערוויילטע פּאַר מזומנים, אַזאַ לאַנד וואָלט לאַנג ניט געקענט זיין קיין מלוכה פון קנעכטשאַפט און פאַלשקייט!"

וואָס איז דאָס? האָב איך זיך אַ פרעג געטאָן און האָב דעם פאָדים פון אַלטען בונד, וואָס האָט די בלעטלאַך צוזאַמען געהאַלטען, ווייטער אַ שלעפּ געטאָן — וואָס איז דאָס?

„דער ווערט פון פּאָליטישע אַנשטאַלטען,—לייען איך ווייטער — ווערט ערשט דאַן קלאָר ווערען, ווען מיר וועלען באַטראַכטען די געשיכטע פון די וויכטיגסטע פאַרברעכענס אין אונזער געזעלשאַפט און אַז מיר וועלען באַווייזען, דאָס זיי זיינען אָפּהייניגיג פון דער עקזיסטענץ פון די פּאָליטישע אַנשטאַלטען. די גרעסטע פאַרברע־כענס, וועלכע זיינען פאַראַנען אויף דער וועלט, הייגגען אָפּ פון פּערזענלאַכען אייגענטום, פון פּערזענלאַכען באַזיץ. ווען אין אַ לאַנד וואָלטען ניט געווען מענשען, וועלכע ווילען האָבען דאָס, וואָס אַנאַנדערער האָט, און וועלכע נעמען עס צו ביי יענעם דורך אַלערליי מיטלען, וואָלט אין יענעם לאַנד ניט געווען קיין פאַרברע־כען. ווען יעדער מענש וואָלט געקענט גאַנץ לייכט דערווערבען זיך אַלץ וואָס ער דאַרף האָבען פאַר זיין חיונה, וואָלט דער וואונש צוצונעמען ביים צווייטען זיינע מיטלען צום לעבען אינגאַנצען בטל געוואָרען. פּערזענלאַכע אינטערעסען וואָלטען דאַמאָלס געשטימט מיט די געזעלשאַפטלאַכע אינטערעסען און די געזעלשאַפט וואָלט געווען אַ גן עדן. עס איז דאָך אָבער ניט אַזוי, טאַ לאָמיר אָקאָרשט נאַכזען, פאַרוואָס איז דאָס ניט אַזוי!

„ערשטענס עקזיסטירט איבער גאַנץ אייראָפּע און טאָקע אין דער גאַנצער וועלט אַ אומגעהייערע אומגלייכהייט אין אייגענטום. גאַנצע מאַסען מענשען האָבען ניט די נויטווענדיגסטע מיטלען צום לעבען און אָפילו דורך זייער שווערסטער אַרבעט קענען זיי ניט פאַרדינען אַלץ וואָס זיי דאַרפען צום לעבען; גרויסע פאַמיליעס פאַלען נעבאַך צו לאַסט אויף די אָרימע לייט און זיי קענען זיי ניט מפרנס זיין. רעכענט דערצו נאָך צו אַ שווער האָרעפּאַשנע לע־בען — און דער יאָך ווערט צו שווער צו פאַרטראָגען.

„. . . די באַשטענדיגע מאַטערניש און די גרויסע אָרימקייט מאַכען פיל פון די אומגליקלאַכע פאַרצווייפעלט. זיי פילען זיך דערנידעריגט, געפאַלען, אונטערדריקט און, פאַרגלייכענדיג זיך מיט די רייכע, באַטראַכט דער אָרימאַן די פירונג פון דער געזעל־שאַפט ווי אַן אומגערעכטע — ווי אַ צושטאַנד פון מלחמה צווי־שען אים און די רייכע; און די הערשאַפט באַטראַכט ער, ווי אַ

בונד פון די הערשער מיט די רייכע קעגען אים, וואָס גיט אַלע רעכט און אַלע מעגליכקייטען נאָר צו אַ קליינעם הויפען פון עשירים, וועלכע זיינען ביי די הערשער נושא חן, בשעת פאַר אים בלייבט איבער נאָר אָרימקייט און קנעכטשאַפט.

„אַ צווייטער קוואַל פון שלעכטע געפילען ביי מענשען איז דער בלישצענדיגער גלאַנץ, דער לוקסוס, וואָס באַלייט די גרויסע רייכ־טימער. מענשען האָבען ליב צו זען ווי אַנדערע זיינען גליקלאַך און צופרידען, דאַמאַלס ווען זיי אַליין זיינען גליקלאַך און צופרידען. דער גלאַנץ און דער לוקסוס פון די רייכע מאַכט שווערער דאָס לעבען פון די אָרימע: זיי באַמערקען ווי די רייכע באָדען זיך אין דעם שווייס פון זייער פּראַצע, אין דעם בלוט פון זייערע אָדערען און פאַרצערען די פרוכט פון זייער אַרבייט. און דער אָרימאַן פאַרשטייט גראָד גאַנץ אָפט, אַז דער רייכער איז גאָר ניט אַזאַ מיוחס, אַז ער איז גאָר ניט פייאיקער פון אים און עס וואָר־צעלט זיך ביי אים אין פאַרשטאַנד איין דער געדאַנק, אַז די רייכע באַזיצען ניט מער ווי זייערע רייכטימער, וועלכע זיי האָבען פון אים אוועקגערויבט און וועלכע מאַכען זיי פאַר זייגע הערשער און אים פאַר זייער קנעכט" . . .

טאַטע בארעמהאַרציגער! — האָב איך זיך פלוצים אָפּגעשטעלט — דאָס איז דאָך גאָר אַ יונגער, אַ סאָציאַליסט, מן הסתם אַריינגעפאַלען צווי־שען די אַלטע פאַרשימעלטע שמות. וואָרום ווער דען, ווען ניט אַ סאָציאַליסט, אַ יונגער, וואָס איז בקי אין דער נייער תורה, אין דער תורה פון אונזער צייט, וויים און פאַרשטייט אַז פּערזענלאַך אייגענטום — קאַפּיטאַליס־טיש אייגענטום — איז די צרה פון אַלע צרות און אַז אַלע אומגליקען אין מענשלאַכען לעבען שטאַמען אַרויס פון דעם? ווער דען, דאַכט זיך, ווען ניט אַ סאָציאַליסט, האָט געלערענט און פאַרשטאַנען יענע בלוטיגע מעשים פון דער געשיכטע, דורך וועלכע מיר וויסען ווי אַזוי די מיטעל־אַלטערלאַכע באַראָנען, לאָרדען און גראַפען האָבען בארויבט און באַ׳גזל׳ט דעם אָרימען אַקערבויער; ווי די גרויסע רויבער האָבען ביי אים און זיין פאַמיליע צוגע־נומען דאָס לאַנד, אוועקגעטריבען אים פון זיין היים, אַזוי אַז אים איז גע־בליבען כאָטש אין די הייזער אַרומצוגיין אָדער שטאַרבען פאַר הונגער אין מיטען פעלד! ווי די מאַיעסטעטישע רויבער האָבען בישלאָכוויים, אין ענג־לאַנד למשל, אומגעוואַנדעלט דאָס אַקערלאַנד אין פעלדער, וואו זיי האָבען געפיטערט זייערע שעפּעלאַך, פון וועלכע זיי האָבען געשאָרען די וואָל און האָבען דורך דעם געטריבען דעם וואָל־האַנדעל; און ווען אַפילו די הער־שענדע קיניגען האָבען אין אָנהויב געוואָן אַרויסגעגעבען געזעצען קעגען דער

רויבעריי *) האָבען זיך פונדעסטוועגען די הערשענדע מאַכטען סוף כל סוף דאָך פאַראייניגט מיט די רויבער און צוזאַמען מיט זיי צוגענומען די לענ־דער ביים אָרימאַן **).

ווי אַזוי דאָס אַלץ האָט געטריבען דעם אָרימען אַרבייטער צו קומען צו די טירען פון די פאַבריקען — די זודיגע קעסלען פון דער היינטיגער אינ־דוסטריע — וועלכע זיינען דאַמאָלס אויסגעוואַקסען ווי די שוואָמען, צו בעטען רחמים ביי די גרויסע באַזיצער פון אייגענטום, אַז זיי זאָלען קויפען זייערע הענט, זייערע מוסקולען, זייער פּראַצע בזול, אַבי נאָר צו קענען דערהאַלטען די אָרימע נשמה אין דעם זינדיגען קערפּער, אַבי נאָר האָבען ברויט פאַר זייערע קינדער!

ווער דען, פרעג איך, ווען ניט אַ סאָציאַליסט, אַ יונגער, וואָס האָט געלערענט תורה ביי רבינו מאַרקס, ווייס און פאַרשטייט, אַז די באַרימהאַר־ציגע רוצחים, די באַזיצער פון אייגענטום, די רייכע, האָבען אויפגענומען די פרייע קנעכט מיט אָפענע אָרימס און האָבען זיי געגעבען אַרבעט, שווע־רע אַרבעט — וואָל וועבען, הייזער בויען, מאַכען מאַשינעס און פאַבריקען, וכדומה, פאַר אַ קליינעם געצאָלט, פאַר אַ גאָרנישט, פאַר אַ שפּיי!... אַז דאָס געצאָלט איז העכסטענס אַזויפיל, וויפיל דער אַרבעטער דאַרף נע־באָך האָבען אום צו קענען זיך מפרנס זיין און צו קענען האָבען אַ פאַמיליע, וואָס זאָל לעבען אין החקות, בשעת אָבער אַרבעט טוט דער אַרבעטער פאַר'ן געצאָלט אַזוי פיל, אַז עס זאָל דעם בעל הבית, דעם פאַבריקאַנט, דעם עושר, בלייבען אַ היבש פּראָצענטעל פאַרדינסט — אַ ניט, צוליב וואָס־זשע דאַרף ער דעם גאַנצען עסק? און טאַקע פון אַ פּראָצענטעל מיט נאָך אַ פּראָצענטעל ווערט דער עושר אַלץ אַ גרעסערער גביר, אַ גרעסערער באַ־זיצער פון רייכטימער, פון אייגענטום, און ער מיט נאָך אַזעלכע רייכע ווערען די אייגענטימער פון דער גאַנצער וועלט און אַל־דאָס־גוטס, בשעת דער קבצן מיט נאָך אַזעלכע קבצנים זיינען די באַשאַפער, די אַרבעטער פון דעם, וואָס די רייכע באַזיצען.

ווער דען, האָב איך געטראַכט, ווען ניט אַ יונגער, אַ סאָציאַליסט, ווייס, אַז דאָס זיינען די צוויי קלאַסען וואָס שטייען אין קאַמף אין דער היינטיגער

---

*) העברי דער זיבעטער און העברי דער אַכטער פון ענגלאַנד האָבען אַרויס־געלאָזט עדיקטען קעגען אָט דער אַרט עקספּראָפּריאַציע.

**) ווי די קעניגען מיט די לאָרדען און באַראָנען רויבען אַוועק דאָס לאַנד ביי די אָרימע קען מען זען פון דער געשיכטלאַכער אַנטוויקלונג פון אייגענטום פון לאַנד אין סקאָטלאַנד און פון דער באַרויבונג פון די אָרימע האָלענדער דורך די ענגלישע מאַכטען.

געזעלשאפט? און ווער דען, ווען ניט ער, וויס, אז אייגענטום, רייכטום אויף איין זייט, און ארימקייט און עלענט אויף דער אנדער זייט, זיינען די גרעסטע און וויכטיגסטע אורזאכען פון כמעט אלע פארברעכענס וועלכע מיר באגעגענען אין לעבען.

יא, א סאציאליסט! . . . און אזוי האב איך מיר פאמעלאך ארויסגע־שלעפט נאך א בלעטעל און איך לייען:

„אט דאס זיינען די אורזאכעס וועלכע צווינגען מענשען אונ־טער אלע סארטען רעגירונגען צו באגיין פארברעכענס, אפען אדער אין דער שטיל, קעגען דעם אייגענטום פון דעם אדער יענעם. — לאמיר עס באטראכטען:

„ערשטענס, איז די געזעצגעבונג פון אלע לענדער טאקע נאר צוליב דעם וואלזיין פון דעם רייכען און צו אונטערדריקען דעם ארימען. אט נעמט, למשל, די געזעצען, וועלכע פארבאטען דעם ארימען פארמער אוועקצוטרייבען דעם רייכענ'ס פי פון זיין פעלד, ווען זיי צוטרעטען זיין תבואה (The Game Laws). אט אזוי אויך זיינען די צינז־געזעצען אין פראנקרייך, וועלכע פאלען כמעט אין גאנצען אויף דעם ארימאן און באפרייען די רייכע; אזוי זיינען אויך די לאנד־צינזען אין ענגלאנד. נעמט אויך די פארברעכענס אליין: די ארימע ווערען פאר זיי שטריינג באשטראפט; די רייכע אבער, פארקערט, קויפען אפט אויס זייערע שווערע זינד, מיט א נדבה.

„צווייטענס, ליגט די דערפילונג פון די געזעצען טאקע אויך אין די הענט פון די רייכע. אין פראנקרייך, למשל, קויפט זיך א ריכטער זיין אמט פשוט פאר געלט (און וואו ניט?) און ווער עס פארשטייט בעסער צו קויפען און האט פארוואס צו קויפען דער, פארשטייט זיך, קויפט דאס בעסטע און העכסטע אמט. איי וואס, די גערעכטיקייט?! נו, ווי קען מען דאס דען אנדערש מאכען? עס זיינען דא ריכטער און נאך אזעלכע, ביי וועמען א שיינע מתנה, א פערזענלאכער פריינט און א יפת תואר פון א אשה צנועה קענען אויפ'ן וואגשאל איבערוועגען די גערעכטיקייט! הייסט די שווערקייטען צו קריגען גערעכטיקייט דורכ'ן געזעץ. עס איז דאך פשוט אן אומעגלאכקייט פאר דעם ארימאן: די גרויסע געצאלט צו אדוואקאטען, דער מתן בסתר, די קליינע באאמטע וואס האלטען שטענדיג די האנט אפען און זיינען אימער באריים צו נעמען; הייסט די געריכט־קאסטען. דאס אלץ פארמאגט דאך דער ארימאן גאר ניט.

„דריטענס, די אומגלייכהייט, וועלכע די פאליטישע אינסטיטו־ציאנען האלטען אויף צווישען פארשיידענע מענשען אדער קלאסען

מענשען, דערנידעריגט די אָרימע, דערשלאָגט זיי און וואָרצעלט אין זיי איין אַ געפיל פון אונטערטעניקייט, אַ געפיל פון קנעכטשאַפט און דער פאַרפינסטערטער און פאַרוויסטער אַרבעטער מיינט, אַז דאָס דאַרף אַזוי זיין, אַז אַזוי איז עס מן השמים אונטער דער השגחה פון דעם רבש"ע אַליין. און ווער קען זיך דאָס דערוועגען אויפצוהויבען דעם שלייער פון דער פאַרבלענדעניש און אַ קוק טאָן גלייך אין פנים אַריין דעם גאָלדענעם גאָט און דערקענען זיין בלוטיגע הערשאַפט ? !

„און דאָך זיינען אַזעלכע מענשען דאָ. מענשען שטרעבען אַלץ מער און מער צו פרייהייט, צו זוכען דעם אַנהויב, דאָס רעכט פון די הערשער, וועלכע באַהערשען זיי און זיי זעען, אַז זיי קענען זיין און זיי ווערען טאַקע אַלץ פרייער און פרייער. ווען אַלץ מער און מער אָרימעלייט וועלען דאָס באַגרייפען, וועלען דערפילען זייער אייגענע מענשען ווערדע און וועלען זיך ניט לאָזען טרעטען מיט די פים ווי קליינינקע, הילפלאָזע ווערימלאַך און וועלען ניט לאָזען די הערשענדע מאַכט אויפרייצען אין זיי בייזע געפילען — יאָ, דאַמאָלס וועלען זיי קענען לעבען גליקלאַך און פריי !"

נאַ ! . . . האָב איך ביי מיר פעסט באַשלאָסען, דאָס איז אַ סאָציאַליסט, אַן אַנאַרכיסט, אַ יונגעטשקער נעבאַך אַריינגעפאַלען אַט אַהער צווישען די אַלטע שמאַטעס. בלויז אַ סאָציאַליסט לערנט און קריטיקירט און שפייט קלעק אויף דער היינטיגער געזעלשאַפט; בלויז אַן אַנאַרכיסט פירט אַ גרויסען שטרייט קעגען אַלע הערשער פון דער וועלט און טאַקע בלויז אַן אַנאַרכיסט ווייסט, אַז אַלע הערשער האָבען דערוואָרבען זייער הערשאַפט דורך מאַכט און דורך דער אומפאַרשטאַנדיקייט פון יענע אָרימע קנעכט פון דעם המון, וועלכע די הערשער נוצען אויס און באַהערשען; בלויז אַן אַנאַרכיסט פאַרשטייט אַז דורך און דורך דער גאַנצער געשיכטע פון מענשלאַכען געזעלשאַפטלאַכען לעבען צאַנקט די הערשאַפט אַלץ מער און מער, און פריער אָדער שפּעטער וועט זי אויסגיין, פאַרלאָשען ווערען, ווי אַ צאַנקענדע ליכט. עס וועט אָבער נאָך דעם, חלילה, ניט פינסטער ווערען, ווייל אין דערזעלבער צייט פלאַקערט אויף אַלץ מער און מער דער פרייער גייסט — דאָס גרויסע העלע ליכט פון דעם קומענדיגען לעבען ! . . . דער פרייער מענש מיט פרייע מיטמענשען, אַן הערשער, וואָס האַלטען אויף די אומגלייכהייט, אַן אייגענטום, וואָס באַשאַפט פאַרברעכען, אַן באַזיצער, וואָס לעבען פון יענעמס פּראַצע, אַן הארען און אַן קנעכט. אַ, דאַמאָלס וועלען דאָך טאַקע מענשען קענען לעבען ווי דער מחבר וויל, גליקלאַך און פריי ! . . . דאַכט זיך אַז דאָס איז דאָך טאַקע פשוט אַנאַרכיזם !

דער שרייבער איז פון די נייסטע — אַן אַנאַרכיסט — טראַכט איך. אָבער די כתבים . . . דער דרוק . . . רבונו של עלם! אַ בלאַט משונה גרויס, ווי אַ גמרא בלאַט, געל, אָפּגעבלאַקירט, ווי מיין באָבעס שטערן־טיכעל, דער דרוק טאַקע נאָר פון משה רבינו׳ס צייטען, אָבער געדאַנקען, קיין עין הרע . . .

איך שלעפּ ווייטער דעם פאָדים, טראַכטענדיג, אפשר וועל איך דאָך געפינען וואו איך בין דאָ אין דער וועלט . . . און שטעלט אייך פאָר, ווי צעטומעלט איך בין דאָס געבליבען, ווען איך האָב אויף דעם פאָדערבלאַט באַשיינפערלאַך איבערגעלייענט „געדרוקט אין 1793". וואָס איז דאָס? איבער הונדערט יאָר זיינען אָט די געדאַנקען שוין אַלט! איז דאָס מעג־לאַך? איז דאָ ניט חלילה עפּעס אַ בייזער טעות . . . אָבער דער דרוק . . . איך האָב זיך נאָכאַמאָל צוגעקוקט צום פאָדערבלאַט; איך האָב דערזען דעם נאָמען פון מחבר און איך האָב פאַרשטאַנען . . . וויליאַם גודווין *) — דאָס איז דאָך אַן אַלטעשקער, אַ זיידע, איבער הונדערט יאָר אַלט! וואָס זאָג איך אַן אַלטער? דאָס איז אַן אַלט־יונגער, אַן אַלטער מיט אַ יונגער נשמה, אַ גייסט, וואָס איז ניט נאָר נאָכגעגאַנגען דעם גייסט פון דעם יונגען דור, וועלכער האָט געלעבט אין זיין צייט, נאָר איז נאָך פאָרויסגעלאָפען דעם גייסט פון יענעם יונגען דור; אַן אַלטער מאַן מיט אַ יונגען גרויסען שכל, וואָס האָט פאַרשטאַנען אונזער לעבען נאָך איידער מאַרקס האָט געלערנט די מענשהייט זיין נייע תורה און נאָך איידער פּרודאָן האָט געשטרעבט צו באַפרייען די וועלט. אַן אַלטער מאַן, אָבער מיט געדאַנקען, מיט גרויסע גע־דאַנקען, וועלכע זיינען ניט אָפּגעמעקט געוואָרען מיט דעם אָפּבלאַקירען פון די בלעטלאַך און ניט פאַרטונקעלט געוואָרען פון שטויב פון אַ גאַנצען יאָר־הונדערט; אַן אַלטער, אַ גרייז מיט אַ האַרץ, אַ גרויס האַרץ, וואָס איז ניט אָפּגעקילט און ניט פאַרשימעלט געוואָרען, כאָטש עס קלאַפּט שוין ניט זייט אַזוי פיל יאָרען.

יאָ, דאָס זיינען די בריליאַנטענע געדאַנקען פון אַן אַלט־יונגען, וועלכע

---

*) וויליאַם גודווין, אַ גרויסער ענגלישער דיינקער, האָט געלעבט אין לעצטען יאָרהונדערט און האָט אין 1793 אַרויסגעגעבען אַ בוך, וואָס הייסט „אַן אונטערזוכונג איבער פּאָליטישער גערעכטיקייט און די ווירקונג דער־פון אויף דעם וואָלזיין פון מענשען". דאָס בוך איז דאַמאָלס דורכגעגאַנגען כמעט ווי אומבאַמערקט פון די לעזער און געלערנטע און איז דעם גאַנצען יאָרהונדערט געלעגען אין די אַלטע אַרכיוועז. ערשט איצט הויבט מען אָן צו פאַרשטיין דעם ווערט פון בוך און פון די געדאַנקען, וועלכע זיינען דאָרט אויסגעדריקט; ערשט איצט זוכען עס מענשען צו לערנען און דערקלערען.

זיינען נאָך אַפילו היינטיגען טאָג ניט אַלט; דאָס איז אַן אַלט־יונגער, וועל־ כער גייט שוין איבער הונדערט יאָר מיט מיט'ן גרויסען גייסט פון פרייהייט און וועט נאָך גיין מיט אים ווייטער, ביזוואַנען די מענשען וועלען אָנהויבען צו לעבען „גליקלאַך און פריי".

# דער אײנצעלנער און די געזעלשאפט*)

װען עס װערט שטיל בײ מיר אין שטוב און מײן הױז־געזינט שלאפט, זיץ איך אפטמאל און גריבעל זיך אין דער טיפעניש פון מײן אײגענער זעלע. איך לױפטער דורך פיל געדאנקען, צעגלידער פילעס פון דעם װאס שײנט צו זײן מײנע אײגענע, אדער פרעמדע פרינציפען און אזױ װי דער פסיכאלאג, װעלכער זוכט דורך אן אינערלאכען אנאליז פון זײנע אײגענע געדאנקען אױסצוגעפינען דעם װארען װעג, אױף װעלכען איבערהױפט געדאנקען װע־רען באשאפען, בילדען און אנטװיקלען זיך, אזױ זוך איך אױך דורך אן אנאליז פון דעם ביסעל װאס איך האב געלײענט אדער געלערענט אױסצוגע־פינען ד א ס װאס שײנט מיר צו זײן אמת װעגען די לערעס און פרינ־ציפען צו װעלכע, איך רעכען, געהערען אױך מײנע אײגענע אנשױאונגען.

אט ליגען פאר מיר איצט די העפטען פון אונזער מאנאטלאכען שריפט די „פרײע געזעלשאפט". אין זײ האב איך אלץ געלײענט, דאכט זיך מיר, אלץ פארשטאנען און פון פילעס האב איך גרױס פארגעניגען געהאט. און טאקע דערפאר אפשר, אין דידאזיגע שטילע שטונדען פון דײנקען, שװעבען ארױף אױף דער מהשבה אלטע געדאנקען צום איבערטראכטען. עפעס פילט זיך זיסער דאס פארגעניגען און עס װילט זיך טיפער און טיפער א ר י י נ־ ט ר א כ ט ע ן זיך אין דער װיכטיגער לערע פון אונזער שריפט.

און איך פרעג: איז דאס אמת, אז:

„דער אנארכיסטישער דײנקער באטראכט די געזעלשאפט אלס אן אבסטראקציאן (דער געדאנק, דאס בילד פון א זאך, ניט די זאך

---

*) דערדאזיגער ארטיקעל אונטער'ן נאמען „געדאנקען איבער דער פרײער געזעלשאפט", איז ערשינען אינ'ם מערץ־נומ. 1900, פון דערדאזיגער מאנאט־שריפט. אין זײן אריגינעלער פארמע האט דער ארטיקעל א חוץ פאלעמיזירענדיג מיט דר. מעריסאן, זיך אױך אפגעשטעלט אױף א דײטשער סקיצע מיט'ן נאמען „א פרײען הארץ", אױף א פאר פון יעקב גארדין'ס רײע ארטיקלען „די גרױסע װעלט־דראמע" און אױף מ. לעאנטיעף'ס (ל. מ. מאאיסעיעװ'ס) אן איבערזיכט איבער עמיל זאלא'ס ראמאן „פאריז", װאס זײנען ערשינען אין דער „פרײע געזעלשאפט" אין עטלאכע פריערדיגע נומערן. איך האב דא די אלע באמערקונגען אױסגעלאזט אי מחמת זײער קנאפערען װערט, אי דערפאר װײל אפגעריסענערהײט פון זשורנאל, װאו די אלע זאכען זײנען ערשינען, װאלטען די באמערקונגען ארױסגעקומען ניט גענוג קלאר.

— י. ע.

אליין) און, זעלבסטפֿאַרשטענדלאַך, קענען אַבסטראַקציאָנען ניט האָבען ניט קיין רעכט, ניט קיין פֿליכטען. די געזעלשאַפֿט קען ניט רעגירען, זי קען ניט צווינגען די איינצעלנע, זי האָט קיין רעכט ניט. רעכט האָבען נאָר די איינצעלנע און נאָר די איינצעלנע. אַט די מיינונג איז דער פֿונדאַמענט פֿון דער אַנאַרכיסטישער פֿילאָזאָפֿיע *).

און איז דאָס טאַקע דער פֿונדאַמענט פֿון דער אַנאַרכיסטישער פֿילאָזאָפֿיע? וואָלט דאָס געהייסען, „איך" אַנאַרכיסטישער דיינקער באַטראַכט די געזעלשאַפֿט אַלס אַן אַבסטראַקציאָן, וואָלט נאָך געוועזען צו דערליידען, ווייל דאַמאַלס וואָלסט דו געקענט זאָגען, אַז דער „איך" איז „אַן אַנאַרכיסטישער דיינקער" וועלכער דיינקט אַזוי, כאָטש ער איז ניט קאָנסעקווענט, ווייל אַביסעל פֿריער האָט ער געדיינקט, אַז

„די געזעלשאַפֿטלאַכקייט איז דער מענשלאַכער נאַטור איז אַ פֿאַקט, ניט די סאָציאַליסטיש-געזאָגענע רעפֿאָרמער גייען איצט אויפֿבויען אַ מענשלאַכע געזעלשאַפֿט. קיינער פֿון אונז באַטראַכט ניט דעם מענשען אויסער געזעלשאַפֿט. דערפֿון פֿאָלגט, אַז מיר דיסקוטירען דאָ ניט וועגען דעם פּונקט פֿון אָרגאַניזאַציאָן, ווייל געזעלשאַפֿט אָן אָרגאַניזאַציאָן איז אַ ווידערשפּרוך אין זיך זעלבסט. דאָס וואָרט געזעלשאַפֿט טראָגט מיט זיך דעם באַגריף פֿון אָרגאַניזירטע פֿאַרבינדונגען און פֿאַרהעלטעניסען צווישען מענשען".

— זעסטו — רייצט זיך דער שטן מיט מיר — זעסטו, דאַכט זיך געזעלשאַפֿטלאַכקייט איז אַ נאַטירלאַכער פֿאַקט; דעם מענשען (דעם איינצעלנעם) באַטראַכט מען ניט אויסער געזעלשאַפֿט; געזעלשאַפֿט אָן אָרגאַניזאַציאָן איז אַ ווידערשפּרוך און געזעלשאַפֿט טראָגט מיט זיך דעם באַגריף פֿון אָרגאַניזירטע פֿאַרבינדונגען און פֿאַרהעלטעניסען צווישען מענשען. פֿונדעסטוועגען באַטראַכט דער אַנאַרכיסטישער דיינקער די געזעלשאַפֿט אַלס אַן אַבסטראַקציאָן — דאָס הייסט נאָר ווי אַ געדאַנק, נאָר ווי אַ בילד פֿון אַ זאַך און ניט ווי די זאַך אַליין! . . .

„הענדס אָף", הער שטן, טראַכט איך זיך. דאָס דיינקט אַזוי אַז אַנאַרכיסטישער דיינקער, אָבער דער אַנאַרכיסטישער דיינקער אין אַלגעמיין ווייס, אַז די געזעלשאַפֿט וואָס וואַקסט אַרויס פֿון אַ נאַטירלאַכען פֿאַקט — פֿון געזעלשאַפֿט-

*) זע דר. מ—ן'ס „דער אַנאַרכיזם אין טעאָריע", פֿר. געז. נומער 1,— דריטער יאָרגאַנג.

לאַבקייט — און וועלכע פּאַסט אום דעם מענשען אַזוי, אַז מען קען אים אויסער דער געזעלשאַפט ניט באַטראַכטען און איבערהויפּט די געזעלשאַפט וועלכע טראָגט מיט זיך דעם באַגריף פון אָרגאַניזירטע פאַרבינדונגען און פאַרהעלטעניסען צווישען מענשען, דאָס הייסט, אַז צו יעדער צייט פון זיין עקזיסטענץ דריקט זיך דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען אויס אין אַ געוויסער, באַשטימטער פאָרמע, — די געזעלשאַפט, ד י ס ו מ ע פ ו ן פ אַ ר־ ה ע ל ט ע נ י ס ע ן צ ו ו י ש ע ן מ ע נ ש ע ן ז י י נ ע ן ר ע ע ל ע, ק אָ נ ק ר ע ט ע ע ר ש י י נ ו נ ג ע ן. ווייניגסטענס זיינען זיי רעעלע ערשיינונגען פאַר יענע מחנות חיל פון ענגלענדער און בורען, וועלכע פאַר־ גיסען איצט טייכען בלוט אויפ'ן שלאַכטפעלד, דערפאַר ווייל די פאַרהעל־ טעניסען פון מענשען צו מענשען — דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען פון הונ־ דערטער פאַרגאַנגענע דורות — האָבען אויסגעאַרבעט אַן אַלגעמיינעם באַ־ גריף פון פּאַטריאָטיזם. מעג דער באַגריף זיין אַ קראַנקהאַפטער אין דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען; מעג מען קענען איבערצייגען מיט יעדער קראַפט פון דער געשיכטע, אַז דאָס געפיל האָבען אויפגערייצט און אויסגעהאָדעוועט די הערשער פון דער וועלט צו פאַרטיידיגען דורך דעם זייער הערשאַפט — גוט. דער פאַקט בלייבט אָבער אַ פאַקט, אַז די געזעלשאַפטלאַכע פאַר־ העלטעניסען, וועלכע דאָסדאָזיגע געפיל באַשאַפט, זיינען רעעלע ערשיי־ נונגען. גראָד אַזוי איז די געזעלשאַפט אַ צימליך רעעלע און קאָנקרעטע ערשיינונג פאַר די, וועלכע אַרבעטען אין די מינען און אין די פאַבריקען און באַשאַפען אין אַזאַ אָדער אַן אַנדער אַרט די גרויסע רייכטימער פון דער וועלט, פון וועלכע זיי אַליין קענען ניט געניסען. מעג זיי דערפאַר ניט קומען קיין דאַנק. פאַרקערט, מען מעג מיט גרויס הארצוויייטאָג באַדויערען, אַז צוליב דער גרויסער מאַסע אומוויסענדע אַרבעטער ליידען אויך די באַ־ וואוסטזיניגע מענשען פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, אָבער עס איז אַ פאַקט, אַז די געזעלשאַפטלאַכע פאַרהעלטעניסען, דורך וועלכע עס ווערען באַשאַפען די רייכטימער, דורך וועלכע עס ליידט דער אַרבעטער־קלאַס און דורך וועלכע עס ליידען נאָכמער די באַוואוסטזיניגע מענשען, זיינען ר ע ע ל ע, קאָנ־ קרעטע ערשיינונגען. דאָס נעמלאַכע קען מען אויך זאָגען וועגען די גרויסע פאַרבלענדעטע מאַסען, וועלכע בוקען זיך צו גאָט און צו זיינע סטראַפּצעס. מיט איין וואָרט, כאָטש מען קען ניט דידאָזיגע געזעלשאַפטלאַכע פאַרהעל־ טעניסען — די קאָנקרעטע, רעעלע ערשיינונגען — אָנטאַפּען מיט די הענט, שמעקען מיט דער נאָז און לעקען מיט דער צונג, ווי מען קען דאָס טאָן מיט אַ מאַטעריעלען קערפּער, פילט מען זיי אָבער דורך דעם גאַנצען לעבען און אָפטמאָל פילט מען זיי אַזוי שטאַרק, אַז עס שטעלען זיך אַזש טרערען אין די אויגען. די געזעלשאַפט, אַלזאָ, אַלס די אָרגאַניזירטע סומע פון די פאַר־ העלטעניסען צווישען מענשען, איז ניט נאָר אַ קאָנקרעטע, רעעלע ערשיינונג,

וועלכע האט זיך אויסגעדריקט, אין פארלויף פון דער געשיכטע, אין באַ־שטימטע פארמען פון אָרגאַניזאַציאָן, פון הערשאפט, פון גלויבען און פון אַן ארט באשאפען די נויטיגע מיטלען צום לעבען. נאָר אויך אלס א ג אַ נ־צ ע רעעלע ערשיינונג ווירקט זי אויף אלע מענשען, באשאפענדיג אין זיי ענלאכע שטרעבונגען, ענלאכע באגריפען און ענלאכע באדערפעניסען. נאָכ־מער, ניט נאָר ווירקט זי אויף די מענשען פון א געוויסער עפאָכע אין דער־זעלבער עפאָכע, נאָר זי לאָזט אויך איבער איר שטאַרקע ווירקונג אויף קו־מענדיגע דורות דורכדעם וואס זי באשאפט רעעלע פארמעס פון געוויסע פארהעלטעניסען, וועלכע וואַרצלען זיך איין אין לעבען אלס אינסטיטוציעס און וועלכע קענען נאָר לאַנגזאם, פּאַוואָלינקע געענדערט ווערען דורך דער אנטוויקלונג פון נייע באגריפען, ניי שטרעבונגען און א נייע, מענשלאכע טעטיקייט.

פון וואַנען אָבער קומט די נייע אנטוויקלונג? . . .

איך האב מורא, אז ביי מיין פריינט דר. מ—ן איז דאס געשריבענע וואָרט „איינצעלנער" עפּעס א מין סימבאָל וואס באטייטעט מער ווי דער לעבעדיגער מענש קען באטייטען. אָט זעט אליין: — אין דעם „אנאַרכיזם אין טעאָריע" הייסט עס:

„דער גרונדשטיין פון דער גאַנצער הארמאָנישער געביידע איז דורכאויס און איבעראַל דער איינצעלנער און מער גאָרניט ווי דער איינצעלנער".

אין דער „באגרינדונג פון אנארכיזם" *) הייסט עס אז—

„די מאָטאָ פון דער וועלט אַנשויאונג, אויף וועלכער מיר באגרינדען דעם אנארכיזם, איז דער איינצעלנער און זיין שטרעבען".

און אין זיין אַרטיקעל „דער איינצעלנער און די געזעלשאפט" **) הייסט עס ווידער, אז דער העכסטער צוועק פון דער געזעלשאפט איז: —

„די צופרידענהייט פון דעם איינצעלנעם אויף זיין איינענעם וועג".

אָבער ווער איז דאס „דער איינצעלנער"? פרעג איך זיך. דאָ איז מיין פריינט ניט אזוי קלאָר. אמאָל רעדט ער וועגען דעם איינצעלנעם אזוי: —

„מען מוז עס נאָכאמאָל שטאַרק באטאָנען: די פערזענלאַכע אָנ־

---

*) „פרייע געזעלשאפט", דעצעמבער, 1899.

**) דאָרטען, יאַנואַר, 1900.

שויאונג שטעלט זיך ניט אָפּ אויף די ווירקונג פון א י י נ י ג ע איינצעלנע, גרויסע אָדער קליינע; זי פּאסט אום די ווירקונג פון א ל ע איינצעלנע. זי לערנט אונז, אז א ל ע מענשען, וועלכע שטעלען צוזאמען א געזעלשאפט, זיינען די אקטיארען אין דער גע־שיכטלאכער דראמע". *)

אין אַן אנדער פּלאַץ הייסט עס אויך:

„ווען מיר זאגען „דער איינצעלנער" מיינען מיר ניט איין גע־וויסער באקאנטער מענש; מיר מיינען דורכאוים י ע ד ע ר איינ־צעלנער, דאָס הייסט יעדער מענש, וועלכער פילט זיך אלס מענש, וועלכער האָט פאַרשיידענע פאָדערונגען פון לעבען און זוכט און שטרעבט זיי צו באפרידיגען".

און כאָטש די באַדייטונג פון „דעם איינצעלנעם" ווי „א ל ע מענ־שען, א ל ע איינצעלנע אלס די אקטיארען פון דער געשיכטלאכער דראַ־מע" איז עטוואס פארשיידען פון דער באַדייטונג פון דעם „איינצעלנעם" אלס „י ע ד ע ר איינצעלנער, יעדער מענש, וועלכער פילט זיך אלס מענש, האָט פארשיידענע פאָדערונגען א. א. וו." ווייל אין דעם ערשטען פאַל שלי־סען זיך איין אלע מענשען, אומבעדינגט אלע איינצעלנע פון א געזעלשאפט און אין צווייטען פּאַל שליסען זיך איין נאָר י ע ד ע ר מענש, יעדער איינ־צעלנער, ו ו ע ל כ ע ר פילט זיך אזוי, האָט פּאַרשיידענע פאָדערונגען און שטרעבט זיי צו באפרידיגען, וואס דאָס איז נאָך ניט געזאָגט ווענען אלע מענשען און אלע איינצעלנע, פונדעסטוועגען פרוביר איך אין מיינע גע־דאנקען אוועקצושטעלען אָט ד ע ם א ר ט א י י נ צ ע ל נ ע ם ווי מיין פריינט באצייכענט אים אליין מיט זיינע אייגענע ווערטער אין די גרונט־זאצען פון דער לערע, וועלכע ער אנדערקענט אלס אנארכיסטישע, און איך לעז זיינע גרונטזאצען אזוי: —

„ד ע ר ג ר ו נ ט ש ט י י ן פ ו ן ד ע ר ג א נ צ ע ר ה א ר־מ א נ י ש ע ר ג ע ב י י ד ע א י ז ד ו ר כ א ו י ס א ו ן א י־ב ע ר א ל א ל ע א י י נ צ ע ל נ ע". „י ע ד ע ר מ ע נ ש" (פ ו ן א ג ע ז ע ל ש א פ ט, פ א ר ש ט י י ט ז י ך) א ו ן מ ע ר ג א ר נ י ט ו ו י א ל ע א י י נ צ ע ל נ ע א ו ן י ע־ד ע ר מ ע נ ש".

ווידער: —

„די מאַטאַ פון דער וועלט־אנשויאונג, אויף וועלכער מיר באַ־גרינדען דעם אנארכיזם, ז י י נ ע ן א ל ע א י י נ צ ע ל נ ע"

*) „פרייע געזעלשאפט", נומ. 2, זייט 54, 1899.

(פון א געזעלשאפט, פארשטייט זיך) א י ן ז י י ע ר ש ט ר ע ־ ב ע ן."

און ווידער, אז דער העכסטער צוועק פון דער געזעלשאפט איז: —

„די צופרידענהייט פון „א ל ע א י י נ צ ע ל נ ע א י ן ז י י ע ר ע א י י ג ע נ ע ו ו ע ג ע ן."

ווי שיין, ווי אמת אנארכיסטיש עס איז אזוי צו דיינקען! אבער . . . „יעדער איינצעלנער", „אלע איינצעלנע" פון געזעלשאפט, וואלט מען דאכט זיך, געקענט טענה'ן, איז נאר אנאנדער אויסדרוק פאר דעם באגריף פון כ ל ל. איך בין אפילו א קליינער בעל דקדוק, אבער עס דאכט זיך מיר, אז יענע האבען רעכט, ווייל כ ל ל מיינט א ל ע און עס שיינט מיר, אז דר. מ—ן פארמישט דעם באגריף כלל—אלע—מיט דעם באגריף רבים—מערערע, וואס מען טאר קיינמאל ניט טאן, וויינינגסטענס פון א סאציאלאגישען שטאנדפונקט, ווייל „רבים", די מאיאריטעט, דאס הייסט די מערערע צאל מענשען אין דער געזעלשאפט אין באצוג צו דער מינאריטעט, דער קלענערער צאל מענשען אין דער געזעלשאפט, איבט אויס נאר איין פארהעלטענים פון מענשען צו מענשען אדער זי באהערשט די מינאריטעט אדער זי ווערט באהערשט פון דער מינאריטעט, ווערענד דער כלל — אלע איינצעלנע פון א געזעלשאפט אן אויסנאם איבען אויס אלע פארהעלטעניסע פון מענשען צו מענשען. די ווירקונג פון דער מאיאריטעט אין דעם געזעלשאפטלאכען לעבען אלס א הערשענדער פרינציפ קען און וועט מיט דער צייט פארניכטעט ווערען, די ווירקונג אבער פון דעם כלל — פון אלע איינצעלנע אלס איין גאנצע ארגאניזירטע געזעלשאפט (און „דאס ווארט געזעלשאפט טראגט מיט זיך ארגאניזירטע פארבינדונגען, א. א. וו." אויב איך געדיינקט!), מעג די געזעלשאפט זיין נאר איין קליינע גרופע מענשען, אדער א פרייע פארבינדונג פון פרייע גרופעס מענשען — די ווירקונג פון דעם כלל מענשען איז אין געזעלשאפטלאכען לעבען אומפארמיידלאך. אט ווען דער סאציאליסט טענה'ט אז אין דער געזעלשאפט ווירקט און הערשט און באשאפט די געזעלשאפטלאכע פארהעלטעניסען נאר דער כלל און וויל, אז מיר זאלען אונטער דעם ווארט כלל פארשטיין אלע מענשען פון א געזעלשאפט, דאס הייסט אלע איינצעלנע און פונדעסטוועגען לאזט ער נאר איינגאנצען ארויס פון אכטונג ד ע ם א י י נ צ ע ל נ ע ם, דאס הייסט, דעם חיים'ן און יעקב'ן, איז ער גראד אין דערזעלבער לאגע ווי מיין פריינט דר. מ—ן איז, ווען ער שטעלט אוועק „דעם איינצעלנעם" פאר דעם גרונט פון זיין אנארכיסטישער לערע און וויל, אז מיר זאלען אונטער „דעם איינצעלנעם" פארשטיין, „אלע איינצעלנע" פון א געזעלשאפט, ארויסלאזענדיג פונדעסטוועגען פון אכט דעם כלל, וועלכער איז אייגענטלאך נאר אלע איינצעלנע פון א געזעלשאפט.

ביידע זיינען אזא מין סארט סימבאליסטען הפנים און ווילען, אז מיר זאלען אונטער די ווערטער, וועלכע זיי געברויכען פארשטיין עפּעס אזעלכעס וואס זיי קענען ניט אנטהאלטען און עס ושיינט מיר, א ז ע ס א י ז ד ע ר  ג ר ו י ס ע ר  פ א ר ד י נ ס ט פון דעם מאדערנעם אנארכיזם, וועדליג איך פארשטיי אים, וואס ער האט שוין לאנג אוועקגעווארפען די שטרייטיקייטען, וועלכע סאציאלאגען פון פארשיידענע שולעס פלעגען אנ־פירען וועגען דעם יחיד און דעם כלל; ער האט שוין לאנג אנדערקענט די יחיד'ניקעס אויף איין זייט און די כלל'ניקעס אויף דער אנדער זייט פאר איינזייטיגע סאציאלאגען, וועלכע פארשטייען ניט גרינטלאך צו אנאליזירען דאס מענשלאכע לעבען, די מענשלאכע טעטיקייט. ער האט אנדערקענט, אז דאס לעבען, די טעטיקייט פון אלע לעבעדיגע באשעפעניסען פון דעמזעל־בען מין ד ר י ק ט  ז י ך  א ו י ס  א י ן  ד ע ר  ב א ש ט ע נ ד י ג ע ר, א י מ ע ר  פ א ר ו ו ע ר ט ס  ג י י ע נ ד ע ר  א נ ט ו י ק ל ו נ ג  פ ו ן ס א ל י ד א ר י ש ע ר  ג א נ צ ק י י ט  א י ן  ד ע ם  מ י ן  א ו ן  א י ן ד ע ר  א י מ ע ר  פ א ר ו ו ע ר ט ס  ז י ך  א נ ט ו ו י ק ל ע נ ד ע ר ג א נ צ ק י י ט  פ ו ן  י ע ד ע ר  באשעפענים פון דעם מין; ער האט אנדערקענט, אז מען קען ניט אפּטיילען די אנטוויקלונג פון דער סאלידא־רישער גאנצקייט (די געזעלשאפט) פון דער אנטוויקלונג פון דער גאנצקייט פון יעדער באשעפעניש (פון דעם אינדיווידום), פונקט ווי מען קען ניט אפּ־טיילען די נשמה פון דעם גוף אדער ווי מען קען ניט אפּטיילען קראפט פון שטאף. און אויב ער האט „אויפגעגעבען די אידייע פון גאט דעם וועלט־טיראן, גאט דעם קיניג און גאט דעם פארלאמענט"; אויב „ער קען ניט אננעמען א נייעם גאט, א געפערלאכערען פון אלע געטער — „גאט די גע־זעלשאפט" וואלט געוועזען לעבערלאך ווען ער — דער אנארכיזם — וואלט אננעמען א געצקע — ג א ט  ד ע ם  א י י נ צ ע ל נ ע ם.

* * *

פריינט מיינער, טייערסטער פריינט, דו, — חיים דער שניידער, זעסטו — דיך דעם א מ ת ' ן  א י י נ צ ע ל נ ע ם  האבען הפנים אלע פארגע־סען. דער כלל'ניק זארגט זיך פאר דיר גארניט; דו ווערסט פארלארען אין דעם כלל. ביי מיין גוטען פריינט דר. מ—ן ביסטו אן איינצעלנער, „אלע איינצעלנע". מיר אבער קומסטו אויף די געדאנקען טאקע ווי אן איינצעל־נער. אבער געדיינק, חיים: ערשטענס ביסטו א מענש, — דאס הייסט דו האסט אייגענשאפטען, וועלכע זיינען ענלאך צו די אייגענשאפטען פון אנדערע מענשען. פיזיש ביסטו זייער, זייער ענלאך צו פיל, כמעט צו אלע מענשען. באטש דיין נאז און דיינע אויגען זיינען אנדערש ווי מיינע, דאר־פען מיר אבער ביידע און נאך אנדערע מענשען צו אונז ענלאכע נארונג, ענלאכע קליידונג, און ענלאכע וואוינונג און נאך און נאך אזעלכע זאכען.

ווען אבער עס קומט צו אונזער פסיכישען לעבען דאן אונטערשיידסטו זיך פון פיל אנדערע מענשען אין מער זאכען ווי אין דיין פיזישען לעבען. און כאטש מיר זעען און פילען ביינאהע ענלאך, דאך רופען ביי דיר ארויס דידאזיגע געפילען און איינדרוקען אנדערע געדאנקען און באגריפען ווי ביי מיר, אדער ביי אנדערע מענשען. סאציאלאגיש, דאס הייסט, אין דיין געזעלשאפטלאך לעבען, ביסטו נאכמער פארשיידען פון אנדערע מענשען ווי אין דיין פיזיש און פסיכיש לעבען. אט דו ווילסט גיין צו א לאדזש און וואוטען פאר דער סאציאליסטישער פארטיי און איך האב ביידע ניט ליב, און איך גיי ניט אין לאדזש און גיב ניט מיין וואוט פאר קיינע פאליטיקער. געדיינקזשע, חיים, פיזיש זיינען מיר ביידע ענלאך; פסיכאלאגיש זיינען מיר עפעס פארשיידען און סאציאלאגיש נאכמער, פונדעסטוועגען האבען מיר איבעראל אי פיזיש, אי פסיכאלאגיש, אי סאציאלאגיש מער אדער ווייניגער ענלאכעס. דאס וואס איז ענלאך אין אונז אלע, חיים, איז געווארען אויסגעארבעט דורך א לאנגער גאנץ לאנגער רייע פון ביאלאגישער און סאציאלאגישער אנטוויקלונג — דאס הייסט פון נאטירלאכער און געזעלשאפטלאכער אנטוויקלונג — דאס איז געמיינשאפטלאך — פאר אונז אלע מענשען און איז א פראדוקט פון געמיינשאפטלאכע נאטירלאכע און געזעלשאפטלאכע אומשטאנדען. פארקערט, דאס וואס געהערט צו מיר איז מיינס, דאס וואס זיינען דיינע אייגענשאפטען, דיין קערפער, דיין פארשטאנד, דיינע שטרעבונגען און וואונשען, דאס אלץ צוזאמען איז דיין *פערזענלאכקייט* — דיין אינדיווידואליטעט. טיילוויים אלזא ביסטו עטוואס וואס געהערט צו איין מין באשעפעניסען, צו איין מין געזעלשאפט, און טיילוויים ביסטו עטוואס וואס איז ספעציעל דיינס אלס פערזענלאכקייט. *דאס אין דיר וואס געהערט צו איין מין באשעפעניס* קען זיך מיט דער צייט ענדערן *דורך דער ווירקונג פון דעם וואס געהערט צו דיר אלס דיין אייגענשאפט*, — אזוי ווערען אין דער נאטור נייע מינים. אזוי אויך *דאס אין דיר וואס געהערט צו איין געזעלשאפט*, קען זיך מיט דער צייט ענדערן *דורך די אייגענשאפטען פון דיין פערזאן*. אבער נעם זיך ניט איבער, חיים, ווייל דיין פערזענלאכקייט אליין ווערט באשאפען פון דער ווירקונג פון אלץ צוזאמען וואס געהערט געמיינשאפטלאך צו דעם מין, צו וועלכען דו געהערסט, באווירקט פון די אויסערלאכע אומשטאנדען פון לאנד און קלימאט, אין וועלכען דו לעבסט. זעסטו וואס פאר א וויכטיגע זאך דו ביסט, חיים דער שניידער? דו ענדערסט ביסלאכווייס די אומשטאנדען, אין וועלכע דו לעבסט, און ווערסט אליין געענדערט דורך די אומשטאנדען, אין וועלכע דו לעבסט. אט דאס איז דיין ראלע אין לעבען,

חיים. דו שטרעבסט צו אנטוויקלען דיין פּערזענלאכקייט אין דער געזעל־שאַפטלאכער סאָלידאריטעט פון מענשען און די געזעלשאַפטלאכע סאָלי־דאריטעט אנטוויקעלט זיך אלץ מער ווייל דיין אנטוויקעלטע פּערזענלאכקייט שטימט אלץ מער איין מיט דער אנטוויקעלטער פּערזענלאכקייט פון אנדע־רע מענשען. אָט דאָס ענדערט געזעלשאַפטלאכע אינסטיטוציעס — דאָס געזעלשאַפטלאכע לעבען.

* * *

און ווען מיין פריינט דר. מ—ן וואָלט מיר ערלויבט צו ענדערען זיין גאָלדענעם געדאנק : —

„אונטער די אומשטאנדען פון דער אויסערער נאַטור, צווישען די פּאַרהעלטעניסען פון אונזער געזעלשאַפטלאכען לעבען זוכען מיר אַ ל ע (יא, אַ ל ע) צו באַפרידיגען אונזער פּערזענלאכקייט דורך דער שטרעבונג צו עטאַבלירען אלץ אַ גרעסערע סאָלידאריטעט צווישען אַ ל ע איינצעלנע אין דער געזעלשאַפט,“ —

וואָלט איך מיר געטראַכט, אַז אָט דאָס איז דער פּרינציפּ, וועלכען דער אנאַרכיזם האָט אנטדעקט אין דער מענשלאכער געשיכטע און האָט אויף אים באַגרינדעט זיין סאָציאַלע טעאָריע.

# ערנסטע פראגעס *)

ווי שווידערהאפט זיינען די בילדער פון דעם לעצטען פאגראם אין רוס־לאנד! ווי שרעקלאך שפיגלען זיי זיך אפ אין דער זעלע פון א מענשען, וועלכער האט אליין דורכגעלעבט א פאגראם!

עס דאכט זיך, אז פון ערגעץ־וואו — פון א ווינקעלע אין זכרון — הויבט זיך ארוים דאס גרויזאמע, בלוטיגע ריזען־בילד פון דער שכור'ער פאלקס מאסע מיט איר העלישען ליארעם און ווילדען באזויפענעם געפילדער, וואס פארמישט זיך מיט דעם קלאנג פון צעבראכענע שויבען און דער קראך פון צעבראכענע הייזער און לאזט זיך אויס אין יענעם טייוועלשען פייפען און אוממענשלאכען גיהנום־געלעכטער, וואס איז דער בלוטיגסטער אויסדרוק פון דער צערייצטער טירישער לוסט — די לוסט צו באשפאטען און פאר־ניכטען, צו שענדען און צו מארדען, צו האסען און פארצערען. אין דעם טומעל, דאכט זיך, הערט מען דעם שטילען זיפץ פון צעשראקענע מענשען, דעם שווערען קרעכץ פון פארוואונדעטע קרבנות, דעם דערשטיקטען געשריי פון געשענדעטע פרויען און דעם יאמער פון געמאטערטע קינדער. עס שפרייט זיך אויס פאר די אויגען דאס שווארצע בילד פון געפאלענע, פון גע'הרג'עטע און פארוואונדעטע, פון דער צעריסענער, געפלינדערטער און פארניכטעטער ארימקייט פון ליידענדע, פארפאלגטע און אומבאשיצטע מענשען, דאס בילד פון שרעק, פון הונגער און פון נויט, דאס בילד פון טרויער און פאראכטונג! און עס גייט איבער א שווידער איבער'ן לייב, עס ווערט קאלט אין יעדען אבר, עס דריקט זיך עפעס אזוי שמערצהאפט צוזאמען דאס הארץ און דאס שווארצע בילד פון אומגליק און פארפאלגונג ווערט ביסלאכווייס נאך שוואר־צער און שווארצער אין דעם שטראם פון ווארימע טרערען!

און ווילענדיג־ניט־ווילענדיג שטעלט זיך אפ דער געדאנק אויף טרויעריגע און ערנסטע פראגעס.

אבער נאך טיפער זיינען די וואונדען, נאך גרעסער איז דער שמערץ פון דעם אידען — דעם אידעאליסט, דעם פרייהייט־מענשען, וועלכער האט

---

*) דער פאלגענדער „חשבון הנפש", געדרוקט אין דער „פרייער ארבייטער שטימע", דעם 23טען מאי, 1903, באלד נאך דעם קעשענעווער פאגראם און וועל־כער האט געמאכט א גרויסען רושם צווישען דער אידישער אינטעליגענץ פון אמעריקע, איז פאקטיש דער ערשטער אויסדרוק פון נאציאנאל־סאציאליזם צווישען די אלטגעזעסענע אידישע ראדיקאלען פון אמעריקע. — י. ע.

נעווידמעט זיין לעבען צום גרויסען גלויבען אין פאָרטשריט און ליכט, אין פרייהייט און מענשען־ליבע און געהאָדעוועט זיין גרויסען גלויבען מיט די אידעאַלען פון אַ גליקלאָכער און פרידלאָכער צוקונפט פאַר אַלע מענשען־קינדער.

טיפער זיינען די וואונדען, זאָג איך, און גרעסער דער שמערץ, ווען ער קוקט זיך אַ ביסעל נענטער צו צו דער גאַנצער בלוטיגער געשיכטע פון אידען־פאַרפאָלגונגען און פאָגראָמען, אומענדלאָכע אידען־העצעריי און שענדלאָכען אַנטיסעמיטיזם, וועלכער אַנטוויקעלט זיך מיט ראַשען פאָרטשריט אין די ציוויליזירטע לענדער כמעט פון דער גאַנצער וועלט. און ווי טיף ווערען די געפילען פאַרוואונדעט, ווי אומערבאַרימלאָך בלוטיגט דאָס הארץ, ווען מען באַרעכענעט זיך, אַז די אַלע אידען־העצערייען און פאַרפאָלגונגען, די אַלע אוממענשלאָכע גרוילטאַטען און פאָגראָמען פאַסירען אויף די אויגען פון דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט, וועלכע רימט זיך מיט אַ וואונדערלאָכען פאָרטשריט פון וויסען און ליכט, פון הומאַניטערע אידייען און אַלמענשלאָכע ברודעראָפט, פון אינטערנאַציאָנאַלע געפילען און גלענצענדע סאָציאַלע אידעאַלען.

דאָן מער ווי אימער, זאָג איך, שטעלט זיך אָפּ דער געדאַנק אויף טרויעריגע און ערנסטע פראַגעס! עס פרעגט זיך: האָט די גרויסע און מאַכטיגע פאַרשפּרייטונג פון ליכט און וויסען, דער ראַשער פראָגרעס פון אידייען און געדאַנקען, דאָס פאַרשפּרייטע באַוואוסטזיין פון אייגהייטלאָכע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אומשטאַנדען פון פעלקער, די פּראָפּאַגאַנדע פון אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע אידעאַלען, מיט איין וואָרט, האָט דער גאַנצער גרויסער פאָרטשריט פון דער מענשהייט אין אַלע ציוויליזירטע לענדער כאָטש אויף איין האָרעלע פאַרהינדערט דעם אומגעהויערען האָס פון אַלע פעלקער קעגען דעם אייביג פאַרפאָלגטען אידישען פאָלק? ווען מען וויל קוקען דעם אמת גלייך אין פנים אריין, ווען מען וויל זיך ניט גרינג מאַכען דאָס הארץ מיט זיסע האָפענונגען אויף דער צוקונפט, ענטפערען די אוממענשלאָכע פאָגראָמען אין רוסלאַנד, דער שענדלאָכער אַנטיסעמיטיזם אין דייטשלאַנד, דער פאָלקס־געשריי “a bas les juifs” אין די גאַסען פון פאַריז, די פאַרפאָלגונגען אין רומעניע, גאַליציע און עסטרייך און אפילו די אָקאָרשט קענטיגע סימנים פון אידען־האָס אין אַמעריקע — זיי אַלע ענטפערען מיט טויזענטער צונגען: ניין און ניין! ניט נאָר ווערט דער פינסטערער רעליגיעזער האָס פון דער אומוויסענדער קריסטלאָכער פאָלקס־מאַסע ניט קלענער קעגען אידען, נאָר פאַרקערט, אין יעדען לאַנד זיינען נאָך דאָ באַזונדערע אומשטאַנדען, וועלכע שיינען צו העלפען דער אַנטוויקלונג פון אַ נאַציאָנאַלען האָס אפילו צווישען די געבילדעטע און אויפגעקלערטע.

מעג זיך די ציוויליזירטע וועלט רימען מיט איר פּאָרטשריט, וויפיל זי וויל, מעג די וויסענשאַפט פאַרשפּרייטען איר ליכט אין אַלע עקען פון דער וועלט, מעגען די פרייהייט־ און גלייכהייט־אידעאַלען שטיפּטען דעם גלויבען פון אַלוועלטלאַכער ברודערשאַפט — די געשיכטע פון די לעצטע פופציג יאָר איז אַ לעבעדיגער באַווייז, אַז ניט דער פּאָרטשריט פון די פעלקער, ניט דאָס ליכט פון דער וויסענשאַפט, אַפילו ניט די ברודערשאַפט־אידעאַלען פון די פרייהייט־קעמפּפער און סאָציאַלע אידעאַלען־טרעגער האָבען פאַרהינדערט די פאַרפאָלגונגען און געלינדערט די ליידען און שמערצען פון דעם אידישען פאָלק.

אָבער ווי טרויעריג איז דיזאָזיגע וואַרהייט, און צו וועלכע ערנסטע רע־זולטאַטען פירט זי אין דעם לעבען פון דעם אידישען פאָלק! רעזולטאַטען, מיט וועלכע מיר אַלע — מעגען מיר זיין, ווער מיר ווילען אין אונזערע אַנ־זיכטען אויף דער צוקונפטיגער מענשלאַכער געזעלשאַפט — מוזען זיך רעכענען. ניט נאָר דערפאַר, ווייל אונזער לעבענס־טעטיקייט איז אין די רייען פון דעם אידישען פאָלק, נאָר אויך דערפאַר, ווייל — באַהאַלט עס ווי איר ווילט, דערשטיקט עס ווי איר קענט, לייקענט עס הונדערט טויזענט מאָל אָפּ — מיר זיינען אַליין אידען. און ווען מען שלאָגט און מען פאַר־פאָלגט, ווען מען פייניגט און מען מערדערט דאָס אידישע פאָלק אַלס אידען, רופט זיך עס אָפּ אין אונזער נשמה מיט אַזאַ שטאַרקען, טיפען ווייטאָג, אַז מיר וואָלטען, דאַכט זיך, גיכער געשטאָרבען אַלס אידען, איידער קויפען זיך דאָס לעבען דורך געצוואונגענער אויס־אידישקייט. יאָ, מיר מוזען זיך רעכענען מיט די רעזולטאַטען פון אידען־פאַרפאָלגונגען, מיר מוזען זיך רע־כענען מיט די ערשיינונגען, וועלכע זיי רופען אַרויס אין לעבען פון דעם אידישען פאָלק.

* * *

דאַרפען מיר דען איצט נאָך, גאָר אויף דאָס ניי, איבער׳חזר׳ען דאָס אַלטע קאַפּיטעל פון דער נאַטור־וויסענשאַפט, וועלכע באַווייזט, אַז דאָס שטאַרקסטע געפיל פון יעדע לעבעדיגע באַשעפעניש און פון דעם מענשען איבערהויפּט איז צו דערהאַלטען דאָס אייגענע לעבען מיט אַלע קראַפטען און מיטלען? דאַכט זיך, אַז ניט. אין דעם זיינען היינט אַלע מער אָדער ווייניגער איבערצייגט. פּונקט אָבער אַזאַ געפיל איז פאַראַן אין יעדער איינ־צעלנער געזעלשאַפטלאַכער גרופּע חיות. אין דעם געוויינלאַכען, פרידלאַכען לעבען פון אַ געזעלשאַפטלאַכער גרופּע דריקט זיך אויס דאָס געפיל פון גע־זעלשאַפטלאַכער דערהאַלטונג פּשוט אין דעם, וואָס זי דערנערט זיך, פּרוב־פּערט זיך און אַנטוויקעלט ביסלאַכווייס נייע געזעלשאַפטלאַכע פאַרהעלטע־

ניסען. זאָל אָבער אַ שונא באַפאַלען די געזעלשאַפטלאַכע גרופּע, וועלען זיך מאָמענטאַן פאַרשטאַרקען די אינערלאַכע פאַרהעלטעניסען, דער אינערלאַכער פאַרבאַנד פון איין באַשעפעניש צום צווייטען און דערדאָזיגער פאַרשטאַרקטער גייסט פון איינהייט וועט זיך אויסדריקען נאָר אין איין מאַכטיגער שטרעבונג—בייצוקומען דעם שונא און פאַרניכטען זיין קראַפט צו ברייננגען דער גרופּע שאָדען. דאָס איז אַ נאַטור־געזעץ, וועלכען דער מענש האָט אויסגעדריקט אין די ווערטער „איינהייט איז מאַכט“. האָט איר אפשר געזען, ווי די דאָזיגע וואונדערבאַרע קראַפט דריקט זיך אויס אין דעם בילד פון אַ גרויסען קינסטלער, וואָס האָט אויסגעמאָלט אַ טשערעדע שעפּלאַך אין פעלד אין דער צייט פון אַ שטאַרקען שטורעם־ווינט? דער הימעל איז פאַרכמאַרעט, גרויסע שוואַרצע וואָלקענס הייגנען איבער אים, דער אומגעהויערער ווינט וואָיעט און פּייפט און רייסט די ערד אונטער זיך, אַקוראַט ווי ער וואָלט געוואָלט מיט אַלע זיינע קראַפטען מאַכען תוהו ובוהו פון איר. די שעפּלאַך, פון קיינעם ניט באַשיצט, פילען די אומגעהויערע מאַכט פון דעם גרויזאַמען צעשטערער, זייער לאַנגע וואָל איז צושויבערט, זייער הויט איז צונויפגעקאָרטשעט, דאָס לייב איז איינגעשרומפּען פון ווייטאָג און שרעק, און זיי שטופען זיך און שפּאַרען זיך און דריקען זיך אַלץ נענטער און נענטער צוזאַמען, אַלץ איינגער און איינגער גיסען זיי זיך צונויף אין איין גרויסער מאַסע פון קערפּערס און קעפּלאַך, אַקוראַט ווי אין זייערע מוח'לאַך וואָלט קלאָר געוואָרען דער געדאַנק, אַז איינהייט איז מאַכט! האָט איר ניט געזען דאָס וואונדערבאַרע בילד?

באַטראַכט די געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק פאַר די לעצטע דרייסיג יאָר.

איך געדיינק, אין אָנהויב פון די אַכציגער, איידער דער אומגעהויערער שטורעם פון די ערשטע רוסישע פּאָגראָמען האָט זיך אָנגעהויבען, ווען די רוסיש־אידישע יוגענט האָט זיך צעשפּרייט איבער די שולעס צו שעפּען ליכט און וויסען פון דעם קוואַל פון קענטעניסע, איז זי — די אידישע יוגענט — געווען דערווייטערט פון דעם אידישען פאָלק. זי האָט מיט דעם ליכט און מיט דעם וויסען געשעפּט הומאַניטאַרע אידייען, באַפרייאונגס־אידייען, אינטערנאַציאָנאַלע שטרעבונגען און האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט דער גרויסער האָפענונג פון אַסימילאַציע, פאַרוואַרפענדיג אַלעס אידישעס. איך געדיינק אָבער טאַקע באַלד נאָך די פּאָגראָמען, האָט די דאָזיגע אידישע יוגענט זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער גרויסער צוזאַמענגעדריקטער מאַסע פון דעם אידישען פאָלק און שוין דאַמאָלט, אין מיין צייט, האָט זיך באַוויזען דער גרויסער שטרעבען צו פאַראייניגען זיך מיט דעם פאָלק, וואָס האָט דורכגעלעבט אַזעלכע שוידערלאַכע גרוילטאַטען דורך די הענט פון די, פאַר

וועלכע מען האָט געהאַפּט צו קעמפען און צו שטאַרבען, דורך די הענט פון די, מיט וועמען מען האָט געשטרעבט זיך צו אַסימילירען. זייט דאַמאָלט, שוין באַלד 25 יאָר, זיינען אידען־פאַרפאָלגונגען, אַנטיסעמיטישע העצערייען און אוממענשלאַכע גרוילטאַטען געוואָרען אַ כראָנישע געשיכטלאַכע ערשיי־נונג כמעט אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט. און זייט ביי זייט מיט דעם אומגעהויערען שטראָם פון פאַרפאָלגונגען דריקט זיך אַלץ מער און מער צוזאַמען דאָס אידישע פאָלק אין איין גרויסער נאַציאָנאַלער מאַסע, אַקוראַט ווי זי וואָלט פילען, אַז ניט מער ווי אין איר נאַציאָנאַלער גאַנצקייט ליגט איר איינציגע קראַפט.

בלינד דאַרף מען זיין, אַז מען זאָל דאָס ניט זען. בלינד דאַף מען זיין ניט צו זען, אַז דער מאַכטיגער שטראָם פון נאַציאָנאַליזם, ניט פון רעליגיע־זען נאַציאָנאַליזם, נאָר פון דעם קולטורנע־פּאָליטישען נאַציאָנאַליזם, צע־גיסט זיך איבער אַלע לענדער און דאָ אין אַמעריקע סטראַשעט ער צו פאַר־גיסען — זייט די לעצטע אוממענשלאַכע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד — די צוואַנציג־יאָריגע אַרבעט פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם און אַנאַר־כיזם.

אָבער די אומשטאַנדען, וועלכע רופען אַרויס דאָס נאַציאָנאַלע געפיל ביי יעדען אידען זיינען צו מאַכטיג,—דאָס זיינען די נאַטירלאַכע אומשטאַנדען פון זעלבסט־דערהאַלטונג און פון דער דערהאַלטונג פון יענער געזעלשאַפט־לאַכער גרופּע מענשען, צו וועלכער דער איך געהערט, דאָס אידישע פאָלק, אין דער צייט פון אומענדלאַכער פאַרפאָלגונג — אַז מען זאָל קענען האָפען, אַז זיי וועלען איינגיבען אויפהערען צו ווירקען, אָדער אַז זיי וועלען ניט וויר־קען אויף אונז אַליין יעדען מאָמענט פון אונזער טעטיגען לעבען. דערפאַר שטייען פאַר אונז איצט אַזעלכע ערנסטע און גרויסע פּראָבלעמען, איצט מער ווי אימער, ווייל איצט, מער ווי אימער, מוזען מיר זיך ענטפערען אין וועלכער פאַרהעלטעניסען מיר שטייען צו דעם אַנטוויקעלטען גייסט פון דעם פאָלק, צו דעם זיך אַנטוויקלענדען נאַציאָנאַליזם !

נאַציאָנאַליזם ! אַ מאַכטיגע פאָלקס־שטרעבונג צום נאַציאָנאַליזם אין דעם צוואַנציגסטען יאָרהונדערט, נאָך הונדערטער יאָרען פון פּאָרטשריט פון דעם אַלוועלטלאַכען געדאַנק צו דער אַל־מענשלאַכער איינקייט, איז באמת אַ טרויעריגע ערשיינונג.

אָבער וואָס קען מען טאָן, אַז דאָס זיינען די טאַטזאַכען פון אונזער לע־בען, אַז דאָס איז דאָס שטרעבען פון אונזער פאָלק, אַז דאָס איז דער טרויערי־גער אורטייל פון אונזער בלוטיגער געשיכטע ? !

וואָס קען מען טאָן, אַז דאָס איז דער איינדרוק פון יענעם אינערלאַכען גייסט, וואָס זוכט צו דערהאַלטען די איינצעלנע פּערזאָנען ביים לעבען און די

איינצעלנע פערזאָנען פון אַ גאַנצער גרופּע ביי זייערע אינערלאַכע גייסטיגע שייכותען און זייער באַזונדערער געזעלשאַפטלאַכער טעטיקייט ? וואָס זאָל מען טאָן, אַז דאָס איז דער מאַכטיגער גייסט פון לעבען, וועלכען מען קען ניט אומדרייען אין איין מאָמענט, פּונקט ווי מען קען ניט אומדרייען איצט אין איין מינוט די גרויסע ווייזערס אויף דעם ציפערבלאַט פון דער צייט, אַז זיי זאָלען אָנווייזען די שטונדע פון טאָג, ווען עס איז נאָך אין דער גאַנצער וועלט אַזאַ פינסטערע, פינסטערע נאַכט ! און ניט נאָר איז דאָס דער אומבאַוואוסטער גייסט פון דער מאַסע צו דערהאַלטען איר אייגענעם לעבען, נאָר עס איז אויך דער באַוואוסטער ווידערקול אין אונזער אייגענער נשמה פון יענעם וויי־געשריי פון די אידישע מאַרטירער, וואָס כאַפּט אונז אַרום ווי אַ פלאַם־פייער און פאַרצערט אונזער זעלע אין דעם ברענענדען באַגער צו טאָן עפּעס פאַר אונזער פאָלק, צו ראַטעווען עס פון די הענט פון זיינע פיינינער, פון די באַרבאַרען, וואָס באָדען זיך אין זיין וואַרים בלוט און אָפּפערען אויף זיינע קליינע עופה׳לאַך אויף דעם מזבח פון ווילדער שיכרות און זיינע טעכטער און יונגפרויען אויף דעם שאַנד־בעט פון טירישער און אומבאַגרעניצטער לוסט. יאָ, מעגען מיר זיין, ווער מיר ווילען, אויב מיר זיינען נאָר טריי צו זיך אַליין, און מיר געהערען נאָך ניט צו יענע מלאכים מיט דעם וויסענשאַפטלאַך־פילאָזאָפישען געשמאַק און די קליינע זעלעלאַך, וואָס זיינען העכסט צופרידען מיט דעם ביסעל מינץ וואָס זיי מאַכען אין דעם געבענשטען לאַנד אַמעריקע, און מיר געהערען שוין אויך ניט צו יענע וואַרימע און ענטוזיאַסטישע זעלען, וועלכע האָבען פאַר אַלע מכות איין רפואה — ד׳ צוקונפט — און פאַר דער גאַנצער מענשהייט איין משיח — די צוקונפטיגע געזעלשאַפט — דאָן, זאָג איך, זיינען מיר ווילענדיג־ניט־ווילענדיג נאַציאָנאַליסטען.

אָבער דאָן טאַקע שטעלט זיך ביי יעדען ערנסט דיינקענדען און פרייען מענשען די אומפאַרמיידלאַכע פראַגע : ווי אַזוי שטימען די גרויסע אידעאַלען פון פרייהייט, פון אַ גליקלאַך־געמיינשאַפטלאַך לעבען, אין וועלכען מיר גלויבען מיט דער גאַנצער קראַפט פון אונזער זעלע, מיט דעם אינערלאַכען געפיל, וואָס פאַדערט אונז אויף אַריינצוּוואַרפען זיך אין דעם שטראָם פון אונזער פאָלקס־גייסט און מיט אים שטרעבען צו יענער נאַציאָנאַלער גאַנצקייט, וועלכע קען נאָר אַליין ראַטעווען אַ צען־מיליאָניגע מענשען־מאַסע פון פולשטענדיגער פאַרניכטונג ?

לאָמיר זיך ניט נאַרען ! ווי שטאַרק מיר זאָלען ניט גלויבען אין אונזערע אידעאַלען, ווי אומפאַרמיידלאַך מיר זאָלען ניט באַטראַכטען זייער פאַרווירקלאַכונג אין דער קומענדיגער אַנטוויקלונג פון דער מענהייט מוזען מיר אָבער צוגעבען, אַז איצט, אין דעם איצטיגען מאָמענט, זיינען זיי פשוט

אוממאכטיג צו פארהינדערען אי דאס אויסערליכע שטרעבען פון דער מאַ־סע, אי דאס אינערליכע שטרעבען פון אונזער זעלע; ווארים, וואס טויגען קונצען? מען שלאגט אונז, מען מערדערט אונז, מען טוט אונז אן גע־ברענטע און געבראטענע לייד, מען וויל אונז איינגאנצען אומברייננגען! זוכען מיר אינסטינקטיוו אלע מיטלען צו ווידערשטיין די קראפט וואס וויל אונז פארצערען און צווישען אנדערע ערשיינונגען דריקט זיך אויך אויס די מאכטיגע פאראייניגונג פון אלע די געשלאגענע, געברענטע און געבראטע־נע — די נאציאנאליזירונג פון אונזער פאלק אלס די מאכטיגסטע ערשיי־נונג.

אבער מוזען מיר דען דערפאר פארווארפען אונזערע אידעאלען? אדער בייטען זיך דען דערפאר אום אלע אומשטאנדען פון דעם געזעלשאפטליכען לעבען וואס מאכען א פריי און געמיינשאפטליך לעבען אומפארמיידליך אין דער צוקונפט?

געוויס ניט! אונזערע אידעאלען פארבלייבען אימער און אייביג די ווארע אידעאלען, צו וועלכע די אנטוויקלונג פון דער מענשהייט פירט. נאכ־מער, זיי אליין פארלירען אפילו ניט יענעם אינטערנאציאנאלען כאראקטער, וועלכער מאכט זיי פאר אלמענשליכע אידעאלען; פשוט דערפאר, ווייל די אומשטאנדען, וועלכע פירען צו זייער פארווירקליכונג, זיינען אינטערנאציא־נאלע אומשטאנדען. אבער מען קען ניט געפינען, אפילו נאך דער טיפסטער און ערנסטער איבערלייגונג, סאי אין דער א י דע א ל ע ר פארשטעלונג פון פולשטענדיגער פרייהייט, סאי אין דער א י ד ע א ל ע ר שטרעבונג צו געזעלשאפטליכער סאלידאריטעט, קיין איין איינציגען שטריכעלע וואס זאל קענען אויסמעקען דאס ר ע א ל ע געפיל פון זיין, — פון עקזיס־טענץ.

די מאכטיגע ערשיינונג פון דעם אידישען נאציאנאליזם איז דער אויס־דרוק פון דאס ר ע א ל ע געפיל פון אונזער עקזיסטענץ.

ווער אבער ווייס דען בעסער, ווי מיר ווייסען, צו וועלכען פאנאטישען גלויבען און פינסטערען אבערגלויבען, צו וועלכען טיפען אונטערשייד צווי־שען מענשען און מענשען, צו וועלכער נידריגער פארשקלאפונג און שרעקלא־כער אונטערדריקונג (פון הייליגע, פון הערשער און טיראנען) האט דער נא־ציאנאליזם שוין געפירט די פעלקער אין דער וועלט-געשיכטע! ווער ווייס דען בעסער ווי מיר ווייסען, צו וועלכע שוידערליכע געזעלשאפטליכע ערשיי־נונגען, צו וועלכע טייכען מענשליך בלוט און ימים מענשליכע טרערען דורך האס און פאראכטונג, מארד און ראבע פירט דער נאציאנאליזם היינט טאג איין טאג אויס. ווער ווייס דאס בעסער, ווי מיר ווייסען דאס, אלס אידען און פרייהייט מענשען?!

אָבער דאָ טאָקע ליגען אונזערע גרעסטע און שטאַרקסטע מענשען־פּליכטען.

מיר זיינען מיט דעם פאָלקס־גייסט, ווייל מיר ליידען און פילען מיט דעם פאָלק אין זיין אומענדלאַכען מאַרטירערטום, ווייל מיר זוכען צו באַשי־צען זיך און דאָס פאָלק פון זיינע אויסערלאַכע פיינד און פייניגער, וואָס ווי־לען אים פאַרניכטען; מיר זיינען אָבער אויך מיט דעם פאָלקס־גייסט און לייד־דען און פילען מיט אים אין זיין אומענדלאַכען מאַרטירערטום, ווייל מיר זו־כען צו באַשיצען דאָס פאָלק און זיך פון זיינע אינערלאַכע פיינד און פייניגער, וועלכע ווילען אים פאַרשקלאַפען און באַהערשען. מיר שליסען זיך אָן אין די ליידענדע פאָלקס־רייען צו דערציען אין אים דעם גרויסען גייסט פון ווידערשטאַנד קעגען זיינע אויסערלאַכע שונאים און רוצחים און מיר מוזען טראָגען צו אים אין זיין אייגענעם גייסט דאָס ליכט פון וויסען און פרייהייט און לערנען אים ניט צו לאָזען זיך פאַרפינסטערען און פאַרשקלאַפען פון זיינע אינערלאַכע פאַרפירער און הערשער. איך זאָג „צו אים" צום אידישען פאָלק „אין זיין אייגענעם גייסט", ווייל יענעם גרויסען אינטערנאַציאָנאַלען גייסט פון אַלמענשלאַכער ברודערשאַפט וואָלט כדאי געווען, אז מיר זאָלען פריידיגען און לערנען, ווען מיר וואָלטען קענען, יענע פעלקער פון דער וועלט, וועלכע שלאָגען אים און האסען אים; וועלכע פאַרפאָלגען אים און מאַ־טערען אים, וועלכע באָדען זיך טאָג־טעגלאַך אין זיין בלוט. צו אים, צום אידישען פאָלק פריידיגען דעם אינטערנאַציאָנאַלען גייסט הייסט פריידיגען זיין אייגענע פאַרניכטונג.

אונזערע פאַרהעלטניסען צום גרויסען שטראָם פון נאַציאָנאַליזם זיינען דאַרום קלאָר; מיר מוזען ניט נאָר העלפען צו ראַטעווען דאָס אידישע פאָלק פון דער אויסערלאַכער קראַפט פון פאַרפאָלגונג און פאַרניכטונג, נאָר אויך זוכען העלפען גרופּירען די מאַסען אין צענטרען, וואו אַ נאַציאָנאַלע גאַנצ־קייט זאָל פאַרהינדערען אַן אינערלאַכע פאַרניכטונג פון דעם פאָלק, מיר מוזען זיין די אוואַנגאַרדען פון פרייהייט און ליכט און העלפען די אַנטוויקלונג פון אַ קולטור, וועלכע זאָל פירען צו אַ פרייער און בעסער געזעלשאַפטלאַך לעבען פון אונזער פאָלק.

# איבער נאַציאָנאַליזם *)

## א.

עס איז, דאכט זיך, קיינמאָל ניט געווען אזא פּאַסיגע צייט צו ריידען וועגען נאַציאָנאַליזם בכלל און דעם אידישען נאַציאָנאַליזם בפרט ווי איצט. די פראגע איז אן ערנסטע, א וויכטיגע און אין די קרייזען פון אידיש־ריידענדע סאָציאַליסטען און אַנאַרכיסטען אין אַמעריקע זייער אן אינטערעסאַנטע.

יא, אן ערנסטע, א וויכטיגע, אן אינטערעסאַנטע שיינט זי מיר צו זיין פאַר אונז סאָציאַליסטען אָדער אַנאַרכיסטען, שוין דערפאַר אַליין, ווייל אונזערע פּני ווילען אונז איינריידען, אז אין אונזער שולחן ערוך שטייט בפירוש געשריבען, אז דער נאַציאָנאַליזם איז דער קוואַל פון אַלע צרות אין דער וועלט, פון דעם גאַנצען האַס וואָס עקזיסטירט צווישען מענשען און מענשען, צווישען פאָלק און פאָלק. דאָס, טענה'ן זיי, קען מען באַווייזען שוואַרץ אויף ווייס פון דער גאַנצער געשיכטע פון דער מענשהייט. על כן טאָר קיין אַנאַרכיסט אָדער סאָציאַליסט ניט זיין קיין נאַציאָנאַליסט, ווייל דאַן איז ער עובר אויף א לא תעשה פון זיין תורה, ער איז א „גע'שמד'טער“, א משומד, א . . . וואָס איר ווילט. סאָציאַליסטען, און אַנאַרכיסטען דאַרפען זיין אינטערנאַציאָנאַליסטען. און דאַ הויבט זיך אָן אין די מוחות פון אונזערע פּני אזא מין מישמאַש פון געדאַנקען, אז מען קען זיך פון אים קוים אַרויספּלאָנטערען. אינטערנאַציאָנאַליזם אין אונזער שולחן ערוך הייסט ניט — אַזוי זאָגען אייניגע פון זיי — דאָס וואָס דאָס וואָרט באַטייט באמת, אָדער וואָס עס וואָלט געדאַרפט באַטייטען באמת, די פאַרברידערונג פון נאַציאָנען. ניין, עס הייסט גאָר דאָס, וואָס מיר זיינען געוואוינט געוואָרען צו פאַרשטיין אונטער דעם וואָרט קאָסמאָפּאָליטיזם — די פאַרניכטונג פון אַלע נאַציאָנאַלע, גייסטיגע און קולטורעלע אייגענשאַפטען פון באַזונדערע פעלקער — די צו־

---

*) די פאָרליגענדיגע אָפּהאַנדלונג איז געווען געדרוקט אין דעם סאָצ. טעריטאָריאַליסטישען וואָכען־בלאַט „דאָס פאָלק“ (אין פילאַדעלפיע), 26טען יאַנ., 2טען פעב. און 30טען פעב., 1906. צווישען 2טען און דריטען איז געווען נאָך א קאַפּיטעל. זייענדיג צום קליינעם טייל אַן איבער'חזרונג, צום גרויסען טייל אַן אומוועג (איבער אינדיווידואַליזם אין דער געמיינדע) האָב איך דעמדאָזיגען קאַפּיטעל אויסגעלאָזט. — י. ע.

נויפגיסונג פון אַלע מענשען און אַלע פאַרשיידענע פעלקער אין איין גרוי־סער . . . וואָס? ווארט . . . אין איין גרויסער מענשהייט!

אזוי — זאָגען פיל פון אונזערע חכמים — שטייט אין אונזער שולחן ערוך. און דאָס שענסטע דערביי איז, וואָס איצט, אין דעם גרויסאַרטיגען מאָמענט פון רעוואָלוציאָנער־נאַציאָנאַלער דערוואַכונג פון אונטערדריקטע פעלקערשאַפטען אין מזרח־איראָפּע און ספּעציעל אין רוסלאַנד, אין וועלכער אונזער פאָלק, דאָס אידישע, נעמט כמעט צום ערשטען מאָל אין זיין געשיכ־טע אַזאַ וואָונדערבארען איינטייל, מוזען אונזערע פריינד און גענאָסען דאָ אין אַמעריקע, וואָס ווערען מיטגעשלעפּט מיט דעם שטראָם פון נאַציאָנאַלער דערוואַכונג, געפינען עפּעס אַ היתר׳ל פאַר זייערע נאַציאָנאַלע איבערציי־גונגען. „אַט, וואָס קענען מיר טאָן — טענה׳ן אייניגע פון אונז — אַז מיר פי־לען אזוי . . . מיר פילען, אַז מיר זיינען נאַציאָנאַליסטען.“ אזוי בעטען זיי זיך, ווי שולדיגע אַנטקעגען דער סאָציאַליסטישער אָדער אַנאַרכיסטישער תורה. „נו, יאָ, אַזוי לאַנג ווי בעבעל איז אַ דייטש, מעגען מיר זיין אידען“ — טענה׳ן אַנדערע מיינע פריינד די נאַציאָנאַליסטען — פונקט ווי זיי וואָל־טען וועלען רעכטפערטיגען זייערע פעלערען דורך די פעלערען פון אַ בעבעל, אָדער אַנאַנדער גרויסען תנא פון דער סאָציאַליסטישע לערע. און גאַר אַנ־דערע פון אונזערע פריינד טענה׳ן: „וואָס טויג זיך איבערהויפּט אריינ־לאָזען אין הויכע דרכים פון געזעלשאַפטלאַכער גרופּירונג“ . . . מיר זיינען נאַציאָנאַליסטען דערפאַר, הפּנים, ווייל קיין אַנדער זאַך האָט ניט געלייזט די אידישע פראַגע.

אזוי טענה׳ן זיי אַלע אונזערע פריינד, די נאַציאָנאַליסטען, און קיינעם פאַלט ניט איין אַ טראַכט צו טאָן: אפשר איז אין שולחן ערוך אַליין די מעשה מיט דעם קאָסמאָפּאָליטישען אינטערנאַציאָנאַליזם גאַר אַ ווילדער טעות, אפשר, הא!

איך ווייס, אַז אַזאַ פראַגע שמעקט מיט אפּיקורסות; איך וויים אויך, אַז דער חרם איז אודאי אַ קנאַפּער קנס פאַר אַזאַ אפּיקורסות. אָבער ווי לאָזט מען פאַרט דורך די גרויסע באַוועגונגען פאַר נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, פאַר נאַציאָנאַלער גאַנצקייט פון אונטערדריקטע פעלקער אין מזרח־איראָפּע אין דער לעצטער העלפט פונ׳ם נייַנצענטען יאָרהונדערט; און ווי לאָזט מען איצט דורך די מאַכטיגע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פאַר נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט אין דעם קאַמף פון דער רוסישער פרייהייט פון די פעל־קערשאַפטען, וועלכע באַוואוינען רוסלאַנד און וועלכע דער רוסישער צאַריזם און דער רוסישער מיליטאַריזם האָבען זייט הונדערטער יאָרען געהאַלטען צוזאַמענגעגאָסען אין דער רוסישער אימפּעריע? ווי לאָזט מען דאָס אַלץ דורך און מען זוכט ניט קיין דערקלערונג פאַר דיזאָזיגע געזעלשאַפטלאַכע

פאַקטען, ניט בלויז אין די געפילען פון די מענשען, נאָר אויך אין דער נאַטירלאַכער אַנטוויקלונג פון אידייען און אידעאַלען, אין דער געשיכטלאַכער אַנטוויקלונג פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען? עפּעס איז מען דאָך, מישטיינס געזאָגט, אַן אַנאַרכיסט אָדער אַ סאָציאַליסט, ניט גלאַט אין דער וועלט אַריין און מען גלויבט דאָך ניט אין די גרויסען אידעאַלען פון אַ צוקונפטיגער פרייער געזעלשאַפט בלינד, אַן אַ פאַרוואָס?

עס איז ניט גענוג צו ענטפערען אויף דידאָזיגע פראַגעס דעם אַלטען, סקאַרבאָווען סאָציאַליסטישען תירוץ — דעם תירוץ אויף אַלע קשיות — אַז דאָס זוכט די בורזשואַזי צו באַפעסטיגען איר גדולה אין נאַציאָנאַלער אומאָפּהיינגיקייט, כדי זי זאָל זיך קענען בעסער צעפירען די הענט און וואַקסען אין איר מאַכט. ווייל — וויניגסטענס פאַר רוסלאַנד — איז דער תירוץ, במחילה, אַ געקינצעלטער. ער איז פּשוט ניט אמת. אין רוסלאַנד ווערט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג געפירט פון די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־מאַסען און פון דער פאַרטגעשריטענסטער און רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ. און די העכסטע אידעאַלען פון דער רוסישער רעוואָלוציע שיינען צו זיין, ניט נאָר די באַפרייאונג פון פאָלק פון דער רוסישער זעלבסטהערשאַפט, נאָר אויך דיזעלבסטשטענדיקייט, די אויטאָנאָמיע פון די פאַרשיידענע פעלקערשאַפטען. צו דעם שטרעבט די רעוואָלוציע — אירע העלדען און אירע קעמפער — ניט די בורזשואַזי.

ווי זשע קומט דאָס? ווי אַזוי זשע דערקלערט מען זיך פאַרט די שטרעבונג פון פעלקער צו אַ פרייער, אומאָפּהיינגיגער גאַנצקייט — צו נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע — אפילו אין דער פרייסטער רעוואָלוציאָנערער און סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד?

אַ, מען דאַרף פריער מאַכען אַ שטיקעלע רעוויזיע אין די אַלטע דינים פון אונזער גרויסען שולחן ערוך. איך וויים, אַז עס איז ניט גרינג, אָבער ווי האָט אַמאָל דער אַלטער פעטער לאַווראָוו געזאָגט: „מיר וואָלטען זיך גערארפט שעמען, ווען מיר וואָלטען אין אַזוי פיל יאָרען פון טראַכטען, באַאָבאַכטען און פאַרשען זיך גאָר ניט געקענט אויסלערנען“!

אָט האָבען אונז דאָך אַמאָל אונזערע סאַמע פּני געלערנט, אַז אַלץ אין אונזער געזעלשאַפטלאַכען לעבען הייננט אָפּ פון די עקאָנאָמישע אומשטאַנדען פון אונזער לעבען; אַז אפילו אונזער שכל, אונזערע געדאַנקען, דאָס גאַנצע גייסטיגע לעבען אונזערס הייננט אָפּ פון דעם עקאָנאָמישען און מיר האָבען דאָס אַ צייט לאַנג געגלויבט, געגלויבט באמונה שלימה. עס איז אָבער געקומען אַ צייט און אונזער אמונה האָט זיך שוין מער ניט צוגעפּאַסט צו אונזער נשמה, צו אונזער געדאַנק און מיר האָבען געמאַכט אַ שטיקעלע רעוויזיע אין אונזער גלויבען און... חלילה ניט אַלע, אָבער אַ

סך פון אונז גלויבען שוין ניט אזוי. מאָלע וואָס עס קומט אוים אמאָל צו מאכען א רעוויזיע, צו זען צי איז עפּעס ניט אַלט געוואָרען, ניט צוגעלעגען געוואָרען אָדער גאָר פּסול געוואָרען אין אונזער גלויבען אין פאַרלויף פון דער צייט.

און אַלט, צוגעלעגערט און פּסול געוואָרען אין אונזער גלויבען זיינען, דאכט זיך, צוויי געדאַנקען, וועלכע זיינען איינג פאַרבונדען איינער מיט'ן צווייטען. איך מיין, ערשטענס, דער געדאַנק, אַז די צעטיילונג פון מענשען אין פעלקערשאפטען, אין באשטימטע נאַציאָנאַליטעטען איז אַן אומנאַטירלאַכע, א שעדלאַכע, ווי אונזער אַלטער שולחן ערוך לערנט אונז. און, צווייטענס, אַז טאַקע דערפאַר מוז די שטרעבונג פון פרייהייטלאַכע מענשען אין דער צוקונפט זיין אַן אינטערנאַציאָנאַליזם, וועלכער באַטייט ניט דאָס וואָס דאָס וואָרט דאַרף אייגענטלאַך באַטייטען, נאָר גאָר דאָס, וואָס מיר זיינען ביז איצט געוואוינט געוואָרען צו פאַרשטיין אונטער דעם וואָרט קאָסמאָפּאָליטיזם, ד. ה. די באַשטרעבונג צו א „צוזאַמענשמעלצונג“ פון מענשען אין איין „מענשהייט“, אָן אונטערשייד פון ראַסען, נאַציאָנען און פעלקערשאַפטען.

דידאָזיגע צוויי געדאַנקען, שיינט מיר, נויטיגען זיך אין אַן ערנסטער, קלאָרער רעוויזיע, אין א רעוויזיע ניט פון „בעלי תשובות“ — ווי סע גע־פעלט אייניגע פון אונז אַנצורופען אַזעלכע רעוויזיאָניסטען — נאָר, ווען אַפילו מיט וויינינער חן ביים רבונו של עולם, דאָך פּשוט ווי פּראָסטע צדיקים, וואָס לערנען תורה מיט דעם ריינעם ערנסט צו דערגיין דעם אמת.

אַט דאָס איז דערווייליג אונזער קלאָרע אויפגאַבע. מיר וועלען זי פּרוא־ווען דערפילען.

ב.

מיר, וואָס האָבען זיך געלערנט אין חדר פון דעם אַלוועלטלאַכען סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם, זיינען געוואוינט געוואָרען צו גלויבען פונקט אַזוי ווי קאַוטסקי לערנט נאָך היינט, אַז „די נאַציאָנאַלע קעגענזאַצען זיינען ניט געגעבען געוואָרען פון דער נאַטור; זיי קומען אַרויס פון די קעגענזאַצען צווישען פאַרשיידענע קלאַסען פון דער נאַטור; זיי קומען אַרויס דערפון וואָס יעדע נאַציע איז געשפּאָלטען אין עקספּלואַטאַטאָרס און אין עקספּלואַטירטע און די נאַציאָנאַלע קעגענזאַצען רופען שטענדיג אַרויס די הערשענדע קלאַסען". מיר זיינען געוואוינט געוואָרען אַזוי צו גלויבען!

און עס האָט זיך געדאַכט אַז די געשיכטע פון אַלע פעלקער האָט כמעט אויף יעדען בלעטעל פון איר בלוטיגער דערציילונג באַוויזען, אַז די קנאה־שנאה צווישען פעלקער, די מחלוקות און מלחמות, וואָס די פעלקער האָבען אָנגעפירט און פירען אָן צווישען זיך ביז היינטיגען טאָג, די באַהערשונג פון די שטאַרקערע און די אונטעריאָכונג פון די שוואַכערע פעלקער, דאָס אַלץ קומט אַרויס פון די נאַציאָנאַלע געפילען, פון דעם רעליגיעזען האַס, פון דעם אתה בחרתנו געפיל און דעם בלוטיגען פּאַטריאָטיזם, וואָס הערשט צווישען אַלע פעלקער, וועלכע לעבען אויף אונזער וועלט . . . און ווער קען זיך עס אונטערשטעלען אַפּצולייקענען די פאַקטען פון דער געשיכטע? זיינען זיי דען ניט פאַרשריבען מיט רויטע, בלוטיגע אותיות? זיינען זיי דען ניט פאַרשריבען מיט דער פייל פון'ם בויגען, מיט'ן שווערד און מיט קאַנאָנען? זיינען זיי דען ניט פאַרשריבען מיט די מאָרד־אינסטרומענטען פון רעליגיעזען האַס און זיינען דען ניט די רויטע, בלוטיגע אותיות געטריקענט אין די בלויע, רויכיגע פלאַמען און וואַרימען אש פון דער אויטאָ־דע־פע?

יאָ, אַזוי הייסט עס. די „נאַציאָנאַלע קעגענזאַצען" זיינען אַרויסגערופען געוואָרען פון קלאַסען־אונטערשיידען. אָבער ווען די קלאַסען־אונטערשיידען וועלען אויפהערען, דעמאָלט, פאַרשטייט זיך, וועלען אַלע פעלקער קומען צו די הויכע אידעאַלען, וועלכע, שוין אין סוף פון אַכצענטען יאָרהונדערט, האָט די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע אַרויפגעשטעלט אויף איר פאָן — די אידעאַלען פון פרייקייט, גלייכקייט און ברידערליכקייט — און די נאַציאָנאַלע קעגענזאַצען וועלען שוין ממילא בטל ווערען! דאַן וועלען מענשען לעבען גליקלאַך און פריי! . . .

יאָ, דענסטמאָל, אין סוף אַכצענטען יאָרהונדערט, ווען די נאַטור־ווי־

סענשאפט האט, פון איין זייט, קלאָר געמאכט, אז ניט נאָר זיינען אלע מענ־שען מער־אדער־ווייניגער גלייך אין זייער געבוי, נאָר אז די גאנצע וועלט, דער קאסמאס, בלשון וויסענשאפט, איז איין גרויסע גאנצע זאך און דער מענש — אלס לעבעדיגע חיה — נאָר א קליינטשיק טיילכעל פון איר; דענסטמאָל, ווען די גרויסע פראנצויזישע רעוואָלוציע, פון דער אנדער זייט, האט, דאכט זיך, באוויזען, וויניגסטענס אין אירע באשטרעבונגען, אין אירע אידעאלען, אז אלע מענשען איבער דער גאנצער וועלט דארפען זיין פריי און ליבען זיך ווי ברידער פון איין משפחה; דענסטמאָל איז מעגלאך געווען פאר די אידעאליסטישע בעלי מחשבות צו חלומ׳ען וועגען א קאסמאפאלי־טישען אידעאל, ד. ה. אן אלוועלטלאכער און אלמענשלאכער שייכות צווישען מענשען, וואס זאל בכח זיין אפצואווישען אלע אונטערשיידען צווישען פעל־קער און עס זאל מקוים ווערען, האלב ווי טהאמאס פיין האט געוואלט: „די וועלט איז מיין פאטערלאנד״ און די אנדער האלב ווי אגיוסט קאמט האט געלערנט: „די מענשהייט איז מיין רעליגיע״.

אבער די אידעאלען פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלוציע זיינען נאך ניט פארווירקלאכט געוואָרען אין אונזער לעבען. זי האט נאָר ארויס־געפירט אין לעבען די היינטיגע בורזשואזי. זי האט נאָר פריי געמאכט דעם וועג פאר דער אנטוויקלונג פון קאפיטאל און האט געשטעלט די גרויסע ארבעטער־מאסען פון דער וועלט אין א באשטימטער שייכות צו דער בור־זשואזי און צום קאפיטאל. שוין אויפ׳ן ערשטען בליק דאכט זיך אויס, אז אי דער כאראקטער פון קאפיטאל, אי זיין טעטיקייט אין פארלויף פון זיין אנטוויקלונג, אי אפילו די שייכות וואס ער באשאפט צווישען זיך און די גרויסע ארבעטער־מאסען זיינען כמעט אלוועלטלאך, זיינען, אזוי צו זאגען, קאסמאפאליטיש. און באמת האט דער קאפיטאליזם, אין זיין ראשיגער אנטוויקלונג, טאקע זייער פיל אויפגעטאן צו ברייננגען די פעלקער נענטער איינע צו די אנדערע. ניט, חלילה, פון זייער טובה וועגען, נאָר צוליב זיינע אייגענע נוצען האט ער דורך דאמף, דראט און עלעקטריציטעט פאר־בונדען כמעט אלע פעלקער פון דער וועלט; ער האט זיך געוואלט צעפירען די הענט, באפעסטיגען זיין מאכט און שינדען די הויט באמת אלמענשלאך, אויפ׳ן אמת קאסמאפאליטישען שטייגער. פאר אים און זיינע צילען זיינען אלע לענדער געוואָרען איין לאנד און אלע פעלקער איין גרויסע מענשען־מאסע צו בארויבען און באראבעווען זי. און עס פארשטייט זיך, אז אומע־טום, וואו דער קאפיטאליזם האט אויסגעשפרייט זיין הערשענדע מאכט, מעג דידאזיגע מאכט זיין ווי פארשיידען אין די פרטים פון איר אנטוויקלונג, איז זי אבער דיזעלביגע בכלל אין אלע וועלט־טיילען און האט דאריבער טאקע איבעראל באשאפען כמעט דיזעלביגע אומשטאנדען אין דעם געזעל־

שאַפטלאַכען לעבען. געבוירען, הייסט עס, אויף דעם גרויסען אָבער דענסט־מאָל נאָך ניט קלאָרען געדאַנק פון אַ אַלוועלט, האָט דער קאָסמאָפּאָליטיזם זיך דערנערט און דערצויגען אויף דעם נאָך וויניגער קלאָרען געדאַנק פון גלייכקייט פון אַלע מענשען און אויף דעם ליגנערישען קריסטלאַכען אידעאַל פון אַן אַלמענשלאַכער ברודערליבע. *) רעאַליזירט אָבער האָט ער זיך נאָר אין דעם כאַראַקטער און טעטיקייט פון דעם קאַפּיטאַליזם אַלס אַ געזעל־שאַפטלאַכע סיסטעמע פון מענשלאַכען צוזאַמענלעבען, ווי אויך אין די אומ־שטאַנדען פון קאַמף וואָס ער האָט אַרויסגערופען קעגען זיך פון די גרויסע מאַסען אונטערדריקטע, ליידענדע און אומצופרידענע מיט דער קאַפּיטאַ־ליסטישער אָרדענונג. דער סאָציאַליזם, און מיט אים דער אַנאַרכיזם, האָט פאַרשטאַנען די היינטיגע קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג; זיי האָבען שטאַרק און ריכטיג קריטיקירט יעדעס פּיצעלע פון אונזער היינטיגען געזעלשאַפט־לאַכען לעבען און האָבען אויפגעהויבען אַ שרעקלאַכע מלחמה קעגען דער־דאָזיגער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, קעגען דער עקאָנאָמישער קנעכטשאַפט פון אונזער צייט, קעגען אַלץ וואָס איז שלעכט און אומגערעכט אין אונזער לעבען.

אָבער דאָ האָט געטראָפען אַ שטיקעל סבה. דער וויסענשאַפטלאַכער סאָציאַליזם, וואָס האָט געשפּיגען קלעק אויף דעם אַלטען סאָציאַליזם פאַר קאַרל מאַרקס'ן און האָט אים אויסגעלאַכט מיט'ן נאָמען „אויטאָפּיסטישער סאָציאַליזם" — אָט דערזעלבער וויסענשאַפטלאַכער סאָציאַליזם, און מיט אים טאַקע אויך דער אַנאַרכיזם, זיינען פּשוט נאָר אַן אַ פאַרוואָס אריבערגע־טראָגען און איינגעפלאָכטען אין זייערע אידעאַלען פון אַ צוקונפטיגער געזעלשאַפט, אי דעם אומקלאָרען געדאַנק פון גלייכקייט און פרייקייט פון אַלע מענשען, אי דעם קריסטלאַכען ליגען פון ברידערליבע, אי דעם פאַנטאַסטישען אידעאַל פון די וועמען זיי האָבען גערופען אויטאָפּיסטען — דעם אידעאַל פון אַן אַלוועלט און אַלמענשהייט. און די סבה האָט זיך גע־טראָפען נאָר דערפאַר, ווייל די גרויסע לערע פון דעם סאָציאַליזם און אפילו פון דעם אַנאַרכיזם האָבען אין אָנהויב נאָר געזען און פאַרשטאַנען די געזעל־שאַפטלאַכע אומשטאַנדען פון אונזער לעבען, די געזעלשאַפטלאַכע שייכות צווישען מענשען און מענשען, וועלכע זיינען כמעט דיזעלביגע ביי אַלע פעל־

---

*) ביי אידען, ביים אתה בחרתנו פאָלק, האָט עס געהייסען אַז נאָר אידען זיינען ברידער אָדער חברים; ביים קריסטענטום האָט עס געהייסען: „די פאַטערשאַפט פון גאָט אין הימעל און די ברודערשאַפט פון מענשען אויף דער ערד". און אין אָנ־פאַנג פון ניינצעהנטען יאָרהונדערט האָט דער גרויסער דיינקער סט. סימאָן גע־גלויבט אין אַלוועלטלאַכען קריסטענטום.

קער פון אייראָפּע און אַמעריקע. זיי האָבען אָבער דענסטמאָל ניט געזען און אפשר גאָר ניט געוואָלט פאַרשטיין דעם גייסט, דאָס לעבען, די נשמה פון דעם מענשען אַליין, דעם גייסט און דאָס לעבען פון דעם פאָלק צו וועלכען דער מענש געהערט.

אמת, איז די זיבעציגער יאָהרען פון לעצטען יאָרהונדערט האָבען שוין די גרויסע לערער פון פרייהייטלאָכע אידעאַלען אָנגעהויבען צו פאַרשטיין, אַז עפּעס איז ניט אינגאַנצען גלאַט מיט דעם קאָסמאָפּאָליטיזם — מיט דער אַלוועלטלאָכקייט און דער אַלמענשלאָכקייט. זיי האָבען געזען, אַז פאַר־שיידענע פעלקערשאַפטען, פאַרשיידענע נאַציעס זיינען דאָך דאָ און אַז זייע־רע פאַרשיידענקייטען זיינען, דאַכט זיך, טיף איינגעוואָרצעלט אין זייער לעבען. זיי האָבען אָבער נאָך אַלץ גערעכענט, אַז דיזאָזיגע פאַרשיידענ־קייטען קומען אַרויס פון די פאַרשיידענע קלאַסען־אינטערעסען, וואָס עקזיס־טירען ביי די פעלקער גופא און ווען יענע וועלען אויפהערען, וועלען אויך די נאַציאָנאַלע פאַרשיידענקייטען פאַרשווינדען.

אָבער פון יענער צייט אַן זיינען די געזעלשאַפטלאָכע וויסענשאַפטען ניט געבליבען שטיין אויף איין אָרט. מיר האָבען ביסלאָכוויים אָנגעהויבען צו פאַרשטיין דעם מענשען און דעם מענשען אין דער געזעלשאַפט. מיר האָבען ביסלאָכוויים אָנגעהויבען צו פאַרשטיין די געזעלשאַפט, ד. ה. די שייכות צווישען מענשען. מיר האָבען אויפגעהערט זיך צופרידענצושטעלען מיט די בלויזע ווערטער און ניט קלאָרע געדאַנקען פון גלייכקייט און פריי־קייט; מיר האָבען פשוט פאַרוואָרפען דעם נאַרישען און ליגנערישען געדאַנק פון ברודערליבע, דיר־נישט מיר־נישט. מיר האָבען עפּעס געלערענט! פריי־קייט און גלייכקייט פאַרשטייען מיר בנוגע צו דער געזעלשאַפטלאָכער שייכות צווישען מענשען — די מענשען צווישען וועלכע דער מענש לעבט. ליבע צו מענשען פאַרשטיין מיר אַלס ליבע צו די אָדער צו יענע מענשען, אין פאַרשיידענע שטופען פון שטאַרקייט, וועלכע היינגען אָפּ פון די פאַרשיידענע סאָרטען פאַרוואַנדשאַפט, פריינדשאַפט אָדער געזעלשאַפטלאָכער שייכות אין וועלכער דער מענש לעבט. ליבע צו מענשען אַלס מין מענש איז פשוט ניט קיין ליבע און ניט קיין האַס — עס איז דאָס נאַטירלאָכע געפיל פון יעדער חיה צו דערקענען איר מין, אָדער ווי די וויסענשאַפט מענער רופען עס, „דאָס באַוואוסטזיין פון דעם מין“ און כאָטש לויט דער מיינונג פון איי־ניגע געלערנטע איז עס דער גרונט פון געזעלשאַפטלאָכער פאַראייניגונג ביי חיות — איז עס אָבער ניט קיין ספּעציעל מענשלאָך געפיל.

מיר האָבען געלערנט, אַז די וועלט, די גרויסע אומענדלאָכע וועלט, דער קאָסמאָס, וועלכען מיר פאַרשטייען מיט אונזער שכל ווי איין גרויסע

גרעניצלאזע זאך, באשטייט פון מיליאנען און מיליארדען טיילען, וועלכע גייען זיך אין זייערע אייגענע וועגען, פירען זיך אויף לויט זייער אייגענעם שטייגער, לויפען פאר זיך אין דער וואונדערבארער הארמאניע פון דעם גאנצען אוניווערזום.

מיר האבען געלערענט, אז די גאנץ גרויסע „מענשהייט“, וועלכע מיר ווילען זיך פארשטעלען מיט אונזער שכל ווי איין גרויסע גאנצקייט, באשטייט פון א סך, א סך פעלקער, קליינע און גרויסע, וועלכע בילדען פארשיידענע געזעלשאפטען, וואס לעבען יעדע איר אייגען לעבען, פירען זיך אויף לויט זייער אייגענעם שטייגער, לויפען און זארגען פאר זיך און העלפען דער מענשהייט אין איר אייביגען פארטשריט, פארויס, פארויס.

מיר האבען געלערנט, אז די געזעלשאפט וואס מיר לערנען זיך ערשט איצט צו פארשטיין ווי איין גרויסע גאנצקייט, באשטייט פון פיל, פיל איינצעלנע מענשען, וועלכע לעבען זיך זייער אייגען לעבען, פירען זיך אויף לויט זייער אייגענעם שטייגער, לויפען און זארגען פאר זיך און שטייען פונדעסטוועגען מיט אלע אינאיינעם אין לעבען און קאמף צו מאכען דאס לעבען פון יעדען און פון אלעמען גליקלאכער און בעסער.

ג.

ווען עס וואָלט מעגלאַך געווען אַז די געזעלשאַפטלאַכע גרופּע — די געמיינדע, די שטאַטישע אָדער די דאָרפישע—זאָל אין זיך קענען איינשליסען אַלע מענשען פון דער וועלט און זאָל אין איר לעבען אויסדריקען אַלע נאַטירלאַכע ענלאַכקייטען און אַלע נאַטירלאַכע פאַרשיידענקייטען צווישען מענשען, וואָלט די געזעלשאַפטלאַכע גרופּע געווען דער איינציגער סאָרט חברותא צווישען מענשען — ווען ניט אויף דער גאַנצער וועלט, איז ווייניגסטענס אויף אונזער אייגען שטיקעל וועלטעל, אויף אונזער ערד-קוגעל. פאַסירט אָבער הפּנים, אַלע קאָסמאָפּאָליטען און אַלע אַנדערע סאָציאָלאָגישע מכשפים אויף צו להכעיס, אַז עס איז ניט דער פאַל און עס קען באמת ניט זיין. די סבה פאַרוואָס עס איז ניט אַזוי און פאַרוואָס עס קען ניט זיין אַזוי, ליגט פּשוט אין דעם וואָס אי די מענשען אין דער געמיינדע, אי די געזעלשאַפטלאַכע געמיינדעס אַליין זיינען נאָר טיילוויים ענלאַך איינע צו די אַנדערע, טיילוויים אָבער זיינען זיי פאַרשיידען איינע פון די אַנדערע.

דיזאַזיגע ענלאַכקייט און פאַרשיידענקייט ווי פון איינצעלנע מענשען, אַזוי אויך פון איינצעלנע געמיינדעס, שפּראָצט אַרויס פון צווייערליי אורזאַכען. ערשטענס, פון דעם וואָס מענשען זיינען אי ענלאַך, אי פאַרשיידען אין זייער קערפּערלאַכען און גייסטיגען געבוי, און צווייטענס, פון דעם וואָס די אַרומרינגלענדע נאַטור, אין וועלכער מענשען לעבען, איז אי ענלאַך אי פאַרשיידען אין פאַרשיידענע געגענטען.

אָט אין די צוויי יסודות פון דעם מענשלאַכען לעבען און נאַטירלאַכע אומשטאַנדען ליגט טאַקע דער סוד פון אַלע נאַטירלאַכע מענשלאַכע גרופּירונגען. און פּונקט ווי דורך דער ענלאַכקייט און דורך דער פאַרשיידענקייט פון איינצעלנע מענשען, אונטער דער ווירקונג פון די אויסערלאַכע אומשטאַנדען פון דער נאַטור אונטער וועלכער זיי לעבען, ווערען באַשאַפען צווישען מענשען געזעלשאַפטלאַכע שייכות'ען, וואָס מאַכען פון זיי איין געמיינדע, וועלכע לעבט אויף איין אָרט און אין די הויפּט פּרטים פון לעבען לעבט זי אַ געזעלשאַפטלאַך לעבען; פּונקט ווי אין דעמדאַזיגען געזעלשאַפטלאַכען לעבען פון דער געמיינדע ווערט דער איינציגער, דער אינדיווידום, ניט בטל, ווייל ער, מיט אַלע איבעריגע איינצעלנע פון דער געזעלשאַפט, זיינען, אונטער די אומשטאַנדען פון דעם אַלגעמיינעם לעבען, די טוער, די באַשאַפער פון געזעלשאַפטלאַכער שייכות און פאַלגלאַך אויך פון דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען אַליין; פּונקט אַזוי ווערט דורך ענלאַכקייט און פאַרשיי-

דענקייט פון איינצעלנע געמיינדעס, פון איינצעלנע שטעט און דערפער, וואָס לעבען אויף איין שטיק־לאַנד, אונטער מער־אָדער־ווייניגער ענלאַכע אָדער פאַרשיידענע נאַטירלאַכע אומשטאַנדען, ווי למשל, קלימאַט און נאַ־רונגס־מיטעל, אַ ברייטערע, אַ ווייטערע נאַטירלאַכע מענשלאַכע פאַרזאַמ־לונג — אַ נאַטירלאַכע גאַנצקייט, וועלכע ווערט בלשון וויסענשאַפט באַ־צייכענט אַלס ד ע מ אָ ט י ש ע גאַנצקייט — אַ פאָלקס גאַנצקייט — אַ נאַציאָנאַליטעט.

פעלקערשאַפטען, אָדער אין איינגערען זין נאַציעס, זיינען ניט מער און ניט ווייניגער ווי אַ ווייטערע נאַטירלאַכע גרופּירונג פון מענשען, וועלכע ווערט באַשאַפען און היינגט אָפּ פון די מער־אָדער־ווייניגער ענלאַכע ג ײ ס ־ ט י ג ע אומשטאַנדען און קראַפטען פון עטלאַכע געמיינדעס, וואָס לעבען אונטער מער־אָדער־ווייניגער ענלאַכע נאַטירלאַכע אומשטאַנדען. אַט די־דאָזיגע גייסטיגע קראַפטען פון אַ פאָלק, אינאיינעם מיט די באַזונדערע נאַ־טירלאַכע אומשטאַנדען, זיינען עס די באַשאַפער פון די ספּעציעלע פאָרמעס, אין וועלכע די הויפּט־פּרטים פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען גיסען זיך אויס אין דעם פאָלק גופא. זיי זיינען די באַשאַפער פון די ספּעציעלע פאָר־מעס פון דער פאַמיליע און די ספּעציעלע פאָרמעס פון די עקאָנאָמישע אומ־שטאַנדען אין פאָלק. זיי ווירקען ווייניג אויף דעם אינהאַלט פון די עקאָנאָ־מישע פאָרמעס, אָבער די פאָרמעס אַליין באַשאַפען זיי און טיילווייס באַשאַ־פען זיי אויך דעם אינהאַלט פון רעליגיעזע באַגריפען. זיי זיינען בכלל די שאַפער פון דעם געדאַנק און פון דעם וויסען פון׳ם פאָלק; באַשאַפען די אינערלאַכע סאָלידאַריטעט פון דער געמיינדע, און אין אַלגעמיין די פאָרמעס פון פּאָליטישע פאַרהעלטעניסען צווישען אַלע געמיינדעס; זיי באַשאַפען די שפּראַך, די פאָרמעס פון דער ליטעראַטור און קונסט און גיבען אַלע געמיינ־דעס אינאיינעם, אַלע שטעט און דערפלאַך, איין אַלגעמיינעם גייסט, איין געשיכטלאַכע גאַנצקייט אין דער פאַרגאַנגענהייט, איין שטרעבונג צו באַ־שטימטע אידעאַלען אין דער געגענוואַרט, איין לעבענסלוסט פאַר דער צו־קונפט.

אָבער פּונקט ווי דער איינצעלנער מענש, דער אינדיווידום, ווערט ניט בטל אין דער געזעלשאַפטלאַכער גרופּע, ווייל זיין טאָן און ווירקען אינ־איינעם מיט׳ן טאָן און ווירקען פון אַלע איבעריגע מענשען מאַכט דאָס געזעל־שאַפטלאַכע לעבען; פּונקט אַזוי ווערט די געמיינדע ניט בטל אין פאָלק, ווייל אויך דאָס מאַכט דאָס טאָן און ווירקען פון דער איינצעלנער געמיינדע, אינ־איינעם מיט׳ן טאָן און ווירקען פון אַלע איבעריגע געמיינדעס, דאָס לעבען פון דאָס גאַנצע פאָלק. און פּונקט ווי דער איינצעלנער, דער יחיד, קעמפט צו דערהאַלטען זיין פּערזענלאַכקייט אין דער געמיינדע, אַזוי אויך קעמפט

די געמיינדע צו דערהאַלטען איר קהל׳שע פּערזענלאַכקייט אין דעם פאָלק.

און, באמת, ביז דער מיליטאַריזם איז געוואָרען די מאַכט פון דעם היינטיגען פּאָליטישען שטאַט, ביז דער היינטיגער פּאָליטישער שטאַט האָט ניט געקראָגען די אויבערהאַנט איבער דער מאַכט פון דער קירכע, זיינען נאָך אפילו אין אייראָפּע די שטעט און דערפער פון א פאָלק געווען פרייע געמיינדעס, אויף אַזויפיל וויפיל די דאַמאַלטיגע פעאָדאַלע פאַרהעלטעניסען פון דעם אַלגעמיינעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען האָבען דאָס דערלאָזט. ווען אָבער דער היינטיגער פּאָליטישער שטאַט איז זיין שאַרפסטען אויסדרוק פון זעלבסטהערשער און מאַכטיגע מיליטער־מאַכט האָט געקראָגען די אויבערהאַנט איבער דער הערשאַפט פון גאָט׳ס סטראַפּטשעס אויף אונזער ערד, האָט ער זיך ניט באַנוגענט מיט קיין קלענערער זאַך ווי די באַהערשונג פון גאַנצען פאָלק, פון אַלע געזעלשאַפטלאַכע געמיינדעס איבער וועלכע ער האָט געהאַט א חזקה. אין דעם האָט אים פיל געהאָלפען די ענדערונג פון די עקאָנאָמישע פאַרהעלטעניסען אין דער געזעלשאַפט. די אַלטע פעאָדאַלע אָרדענונג מיט איר לייב־אייגענטום — פּאַנשצינע — איז ביסלאַכוויים פאַרשוואונדען אין אייראָפּע און די נייע פאַרהעלטעניסען צווישען דעם אַרבעטער און דעם אַרבעט־געבער, דעם אָרימאַן און דעם רייכען, דעם באַשאַפער פון סחורות, פון האָב־און־גוטס און דעם אויסבריינגער פון זיי זיינען אריינגעקומען אין געזעלשאַפטלאַכען לעבען. די מאַכט פון קאַפּיטאַל איז געוואַקסען און האָט געהאָלפען דעם פּאָליטישען טאַט, אין זיין גרויסען אַפּעטיט צו באַהערשען, ניט נאָר די שטעט און דערפער פון א לאַנד, פון א פאָלק און צונויפצוגיסען זיי אונטער דער איינער הערשאַפט, נאָר אויך צו באַהערשען אַנדערע פעלקער, קלענערע, שוואַכערע.

דעם אַפּעטיט צו באַהערשען מענשען און פעלקער האָט דער פּאָליטישער שטאַט תמיד געהאַט. עס ליגט אין דער טבע פון הערשאַפט צו וועלען זיין שטאַרקער, צו באַהערשען אַלץ מער מענשען, מער לענדער, מער פעלקער, איבערהויפּט נאָך ווען די מאַכט, דורך וועלכער די הערשאַפט קומט, איז אַזא גוואַלדיגע מאַכט ווי דער מיליטאַריזם. און דער פּאָליטישער שטאַט האָט טאַקע באַהערשט און אונטערדריקט די נענטערע, די אָרומיגע שוואַכערע פעלקער, צונויפגעגאָסען זיי אין איינציגע, גרויסע מאַכטיגע שטאַטען, צוליב די ציגזען וואָס זיי קענען אריינברייגגען. דער קאַפּיטאַליזם האָט איבעראַל געהאָלפען אונטערדריקען און באַהערשען ניט נאָר די נאָענטע נאָר אפילו אויך די ווייטערע פעלקער, צוליב זיינע אייגענע צילען, אַזוי אַז איצט ווערט אונזער גאַנצע ציוויליזירטע וועלט, און א גרויסער טייל פון דער ניט־ציוויליזירטער וועלט, פאַרוואַלטעט פון א קליין הייפעלע זייער רייכע מענשען, וואָס די וועלט איז זייער אייגענטום — פון עטלאַכע גרויסע, מאַכטיגע,

קינסטלאַך צענויפגעגאָסענע און דורך דער מאַכט פון גאָלד און פייער שפּייענ־דיגע געווער אויפגעהאַלטענע פּאָליטישע שטאַטן.

אָבער טאַקע דערדאָזיגער צושטאַנד פון קנעכטשאַפט פון מיליאָנען און מיליאַרדען מענשען ביי אַ הייפעלע אַנדערע מענשען האָט אַרויסגערופען אין לעבען די פרייהייטלאַכע אידעאַלען פון אונזער צייט און וואָס מער די מענשען ווערן באַוואוסט אַלץ מער שטרעבען זיי צו רעאַליזירען דידאָזיגע פרייהייט־אידעאַלען. די פרייהייט־אידעאַלען און דער אומפאַרמיידלאַכער פאָרטשריט פון דעם גאַנצען לעבען האָט אָבער אויך אויסגעלערנט דעם באַ־וואוסטען מענשען צו פאַרשטיין, אַז אין לעבען גופא גייט אימער אַן אַ קאַמף פאַר דער דערהאַלטונג און זעלבסטשטענדיגער אַנטוויקלונג פון יעדען טיפּ פון פערזענלאַכקייט אין דעם מענשלאַכען מין און מענשלאַכער גרופּירונג און אַז דער דאָזיגער קאַמף, אויב ניט דער גאַנצער איז ער וויינינגסטענס אַ גרויסער טייל פון דעם אַלגעמיינעם קאַמף פון מענשען פאַר אַ בעסערען לעבען. און אַזוי ווי דער לעבעדיגער מענש (די ביאָלאָגישע גאַנצקייט) זוכט אויפצוהאַלטען און אַנטוויקלען אַלע זיינע קראַפטען און פייאיקייטען, באַ־פרידיגען אַלע זיינע באַדערפעניסען און באַשטרעבונגען — דאָס הייסט פריי ווערן און קענען אויפהאַלטען זיין פערזענלאַכקייט אין דער געזעלשאַפטלאַכער גרופּע, סאָלידאַריש מיט די איבעריגע מיטמענשען אין איר; אַזוי ווי די געזעלשאַפטלאַכע גרופּע, די געמיינדע (די סאָציאַלע גאַנצקייט) זוכט דורך דער טעטיקייט פון די וואָס לעבען אין איר אָפּצושאַפען די באַהערשענדע קראַפטען און קלאַסען אין זיך, כדי עס זאָל זיך אַנטוויקלען די מענגלאַכסט גרעסטע סאָלידאַריטעט צווישען אַלע וואָס לעבען אין דער געמיינדע און צווישען דער געמיינדע גופא; פונקט אַזוי זוכט אַ פאָלק (די דעמאָטישע גאַנצקייט) פריי צו ווערען פון אינערלאַכער און אויסערלאַכער שטערונג און באַהערשונג פון אַנדערע פעלקער אום צו קענען זיך זעלבסט באַשטימען און אַנטוויקלען, אום צו קענען באַשאַפען זיינע אייגענע פאָרמעס און אינהאַלט פון לעבען.

אָט דאָס איז די שטרעבונג צו פעלקער־אויטאָנאָמיע, צו נאַציאָנאַלער גאַנצקייט און דאָס האָבען די פאָרטגעשריטענסטע פרייהייט־קעמפער פון אונזער צייט קלאָר פאַרשטאַנען. זייערע שטרעבונגען איבער דער גאַנצער וועלט, און אין רוסלאַנד מער ווי אומעטום, באַווייזען דאָס.

# די אידישע איינוואַנדערונג אין אַמעריקע

## און אין פּאַלעסטינע *)

עס וואָלט געווען גרונטפאַלש צו באַטראַכטען די אידישע מאַסענוואַנדערונג פון די לעצטע 20—30 יאָר ווי אַ ריין־עקאָנאָמישע ערשיינונג. דערפאַר וואָלט עס פאַלש געווען, ווייל די אורזאַכען צוליב וועלכע דער היינטיגער עמיגראַנט פון אַנדערע פעלקער וואַנדערט אויס פון זיין היים — די אוממעגלאַכקייט צו פאַרקויפען זיין אַרבעט־קראַפט דעם קאַפּיטאַליסטישען אַרבעטסגעבער — האָבען גאָר אַ קנאַפּע באַטייטונג אין לעבען פון דער אידישער באַפעלקערונג אין יענע לענדער פונוואַנען אידען עמיגרירען.

רוסלאַנד, רומעניע און גאַליציע — די הויפּט־קוואַלען פון די שטראָמען פון אידישער עמיגראַציע — זיינען לענדער אין וועלכע דאָס אינדוסטריעלע געזעלשאַפטלאַכע לעבען איז נאָך ווייט ניט גענוג אַנטוויקעלט ארויסצוואַרפען פון זיך מאַסען פון דעם אינדוסטריעלען פּראָלעטאַריאַט און צווינגען זיי, איבער עקאָנאָמישע טעמים, צו זוכען זיך אַ נייע היים. דערפאַר טאַקע וואַנדערען פון יענע לענדער ניט אויס די איינגעבוירענע רוסישע, רומענישע און גאַליצישע אַרבעטער אין באַטייטענד גרויסע מאַסען. עס עמיגרירען פון דאָרטען אידען. אָבער די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אידען אין יענע לענדער איז אַן אויסשליסלאַכע; זיי לעבען דאָרט דאָס אָרימסטע לעבען פון בעל מלאכות, קליינע הענדלער און גלאַט לופט־מענשען, וואָס האָבען קוים מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען. אין די עקאָנאָמישע פאַרהעלטעניסען פון דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט (אין דער פאַנשטשינע) האָבען זיי קיין

*) דידאָזיגע אַרבעט, אַרויסגענומען פון דער „צוקונפט“, אָקטאָבער, 1907, — וואו זי האָט געטראָגען דעם נאָמען „די אידישע איינוואַנדערונג פאַר די לעצטע 20—30 יאָר“ — איז אין דער מאַנאַטשריפט געווען אָנגעשלאָסען אָן דר. זאָלאָטאַראָוו'ס אַן אַרטיקעל וועגען דער איינוואַנדערונג בכלל מיט אַ מאָנאַט פריער. יענער אַרטיקעל האָט, איבער דער אין די פאַרגאַנגענע פופצען יאָר אַזוי שטאַרק געענדערטע אימיגראַציאָנס לאַגע, פאַרלאָרען פיל פון זיין ווערט, אויך דער ווערט פון דער איצטיגער אַרבעט איז מער פון אַלץ אַ היסטאָרישער, ווייזענדיג ווי אַזוי שוין אין 1907 האָט די איינגעוואַנדערטע אידיש־אַמעריקאַנישע אינטעליגענץ אָנגעהויבען איינזען, אַז זי האָט קיין יורשים ניט צווישען אירע קינדער און צו פאַרטראַכטען זיך וועגען אַ קולטורעלער און עקאָנאָמישער אידישער צוקונפט. י. ע.

אַנטייל ניט גענומען; קיין אייגענעם אַקערבויער־קלאַס האָבען זיי אין די גלות־לענדער קיין מאָל ניט געהאַט — דערפאַר האַט דאַס צעפאַלען פון דער פעאָדאַלער געזעלשאַפטלאַכער אָרדענונג און דער איבערגאַנג פון דער געזעלשאַפט צו דער קאַפּיטאַליסטישער פאָרמע פון פּראָדוקציע, אין דעם לעצטען יאָהרהונדערט אין אייראָפּע, ניט געקענט „באַפרייען" קיין אידישען ערד־אַרבעטער פון דער ערד און דורך דעם באַשאַפען די באַדינגונגען פון אַ פּויערישער עמיגראַציע ווי ביי אַנדערע פעלקער. פון אַזאַ סאָרט עמי־גראַציע איז נאַטירלאַך ביי אידען אָפּגערעדט — און ווי מיר וועלען נאָך זען שפּעטער — ליגט אין דעם עקאָנאָמיש־אויסשליסלאַכען כאַראַקטער פון דעם אידישען לעבען אין דער גלות־צייט דער הויפּט־גרונט פון דער גרויסער שוועריקייט צו קאָלאָניזירען אידען אויפ'ן לאַנד און מאַכען פון זיי אַקער־בויער אפילו אונטער די בעסטע אומשטאַנדען. אָבער אויך די אַנטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליסטישען געזעלשאַפטלאַכען לעבען — די אַנטוויקלונג פון אינדוסטריעס, פאַבריקען, מאַנופאַקטור פון וואַרען דורך קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמער און געדונגענער אַרבעט — האָט, אין די עקאָנאָמיש־אָפּגע־שטאַנענע גלות־לענדער, אויף דעם אידישען לעבען בכלל נאָך גאָר ווינציג געווירקט צו שאַפען דעם אינדוסטריעלען טיפּ פון אידישע אויסוואַנדערער. אידען אין פרייע דעמאָקראַטישע לענדער הויבען ערשט אָן ווערען פאַבריק־אַרבעטער, אָדער אמת'ער פּראָלעטאַריער, דאָס הייסט אַזעלכע מענשען וועלכע האָבען קיין אַנדער ברירה ניט ווי צו פאַרקויפען דאָס איינציגע וואָס איז זייער אייגענס — זייער אַרבעט־קראַפט, צום קאַפּיטאַליסטישען אונ־טערנעמער.

דאָך, האָבען אידען געצוואונגענערהייט צו עמיגרירען פון יענע לענדער. געמישטע אורזאַכען, אויב עס איז דערלויבט אַזוי זיך אויסצודריקען. אורזאַכען וועלכע שטאַמען פון איין־און־איינצי־גען וואָרט „פרעמדע", אומשטאַנדען וואָס ווערען באַצייכענט מיט'ן וואָרט וואָס דריקט אויס אַזוי אמת ריכטיג די אידישע לאַגע אין יענע לענדער. אידען זיינען כמעט אין אַלע לענדער גרים — פרעמדע. פאַרשטייט זיך, ניט די אידען וועלכע האָבען זיך אַסימילירט און האָבען אויפגעהערט צו זיין אידען ניט נאָר אין דעם אַלטען רעליגיעזען זין, נאָר אויך אין דעם נייערען קולטורעל־נאַציאָנאַלען; אויך ניט די וועלכע האַלטען אין מיטען פון דעם אַסימילאַציאָנס־פּראָצעס. פון אַזעלכע איז ניטאָ וואָס צו ריידען. זיי האָבען זיך צוגעפּאַסט צו די אומשטאַנדען פון דעם לעבען — זיי פאַרבען זיך מיט די קאָלירען פון דער סביבה . . . אָבער די וועלכע זיינען אין דעם אָדער יענעם זין געבליבען אידען, — די זיינען אין די מייסטע אייראָפּייאישע לענדער פרעמדע — דאָס הייסט, זיי זיינען ניט קיין אָרגאַנישער טייל

אין דעם פּאָליטישען, עקאָנאָמישען און סאָציאַלען לעבען פון די פעלקער און לענדער וואו זיי וואוינען. מעגען זיי, אָדער מעגען זיי ניט, אין דער קאָנסטיטוציע פון יענע לענדער, אויפ׳ן פּאַפּיר, אָנדערקענט ווערען פאַר גלייכבארעכטיגטע מיט דעם הערשענדען פאָלק פון לאַנד, פאַקטיש אָבער זיינען זיי אַן אָפּגעזונדערט, אָפּגעטיילט גלות־פאָלק, וואָס לעבט זיך זיין אייגענאַרטיג, עקאָנאָמיש אויסשליסלאַך, משונה׳דיג לעבען, פּאָליטיש אונ־טערגעוואָרפען, רעליגיעז פאַרהאַסט און פאַרפאָלגט, און געזעלשאַפטלאַך — אַ כלי־זיין אין די הענט פון ראַדיקאַלע און רעאַקציאָנערע פּאַרטייען, וועלכע פעכטען אויס, אין אַ בלוטיגען קאַמף, דעם שיקזאַל פון זייער אייגען לאַנד און לעבען.

אַט די אומשטאַנדען פון דעם אידישען לעבען אין יענע לענדער — די רעליגיעזע און ראַסען־פאַרפאָלגונגען, די עקאָנאָמישע אויסשליסלאַבקייט און די גרויסע אידישע נויט, די פּאָליטישע אונטערטעניקייט און די ראָלע פון אַ שעיר־לעזאזל אין יעדען מאָמענט פון פּאָליטישען און סאָציאַלען קאַמף — זיינען די ג ע מ י ש ט ע אורזאַכען וועלכע צווינגען גרויסע מאַסען אידען צו עמיגרירען פון רוסלאַנד, רומעניע און גאַליציע. אַז די עמיגראַציע פון דידאָזיגע לענדער היינגט ניט אָפּ פון די עקאָנאָמישע אומשטאַנדען אליין, קען מען שליסען, ערשטענס, דערפון, וואָס די עקאָנאָמישע אומשטאַנדען פון די אידען אין יענע לענדער זיינען געווים אין דער עפּאָכע פאַר די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד און רומעניע ניט געווען בעסער איידער איצט און דאָך האָבען אידען דאַמאָלס כמעט ניט עמיגרירט פון דאָרט און צווייטענס דערפון, וואָס נאָך יעדער פון די גרויסע כוואַליעס פון פאַרפאָלגונג אין רוסלאַנד, רומעניע און גאַליציע, ווייזט די סטאַטיסטיק, קומען אַן גרעסערע שטראָמען פון אידישע איינוואַנדערער אין די לענדער וואוהין זיי אימיג־רירען. אָבער אַז די אידישע אויסוואַנדערונג פון די אייראָפּייאישע לענדער היינגט אויך ניט אָפּ אויסשליסלאַך פון רעליגיעזע און ראַסען־פאַרפאָל־גונגען באַווייזט דער פאַקט, וואָס די עמיגראַציע הערט ניט אויף אויך אין דער צווישענצייט ווען דער האַס און די פאַרפאָלגונגען האָבען זיך מאָמענ־טאַן געשטילט. די אידישע אָרימקייט און דער פּאָליטישער דרוק האַלטען אויף די עמיגראַציע פון יענע לענדער און מאַכען פון איר אַ רעגעלמעסיגען פּראָצעס פון וואַנדערונג. און נאָר די וועלכע קענען ניט קלאָר אָפּשאַצען קיין געזעלשאַפטלאַכע ערשיינונגען קענען ניט זען, אַז די אומשטאַנדען וואָס באַ־שאַפען די אידישע עמיגראַציע זיינען אין דעם פלייש און בלוט פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען אין יענע לענדער, און וועלען נאָך לאַנג, לאַנג טרייבען גרויסע מאַסען אידען צו זוכען אַ נייע היים. דאָס זיינען אומ־שטאַנדען וואָס מענשען קענען זיי ניט אָפּשאַפען ניט מיט קיין עדיקטען

פון קיניגען און ניט מיט קיין שטימען פון פארלאמענטען; אפשאפען קען זיי — ווען דאס פארהעלטניסמעסיג קליינע אידישע פאלק זאל עס נאר אויסשטיין — נאר דער לאנגער און לאנגזאמער פראצעס פון מענשלאכען און געזעלשאפטלאכען פארטשריט.

דערווייל אבער וואנדערען אידען אויס אין מאסען פון רוסלאנד, רו־מעניע און גאליציע!

* * *

די וואנדערונג פון גרויסע מאסען מענשען, — לערנען אונז איניגע פארשער — איז א סטיכישער, א בלינדער פראצעס. די לענדער, וואוהין אידען וואנדערען איין, ואלטען, אויפ׳ן ערשטען בליק, טאקע באשטעטיגט דידאזיגע מיינונג. אידען וואנדערען איין ניט נאר אין די פאראייניגטע שטא־טען פון אמעריקע — דאס לאנד וואוהין די גרעסטע צאל עמיגרירט, — נאר זיי לויפען אויך קיין ענגלאנד און קאנאדע, ארגענטינע און זיד־אפריקע, פאלעסטינע און אירע נאכבארע לענדער, ווי עגיפטען און סיריע. אידען זוכען זייער מזל איבער דער גאנצער וועלט, דאכט זיך. אבער אז מען קוקט זיך גוט צו צו די שטראמען פון דער אידישער אימיגראציע, זעט מען אז ניט נאר לויפען אידען פארהעלטניסמעסיג מער אין די לענדער פון העכע־רער עקאנאמישער און אינדוסטריעלער אנטוויקלונג, וואו זיי קענען גלייך אנהויבען מאכען א לעבען פאר זיך און זייערע פאמיליעס, כאטש זיי זיינען שוין פון אנהויב אן פאר׳משפט פון די עקאנאמישע אומשטאנדען אין די נייע לענדער מאסענוויים אריינצופאלען אין די רייען פון די ארימסטע אר־בעטער; נאר גלייך ווי די שטראמען פון דער אימיגראציע וואלטען געמאכט א באוואוסטען אויסוואל לויפען אידען אין פארהעלטניסמעסיג גרעסערע מאסען אין יענע לענדער וואו די פאליטישע פרייהייט און די גלייכבארעכ־טיגונג פון בירגער איז זיי גאראנטירט פון דער קאנסטיטוציע פון לאנד אדער פון א פראטעקטאראט פון א פרייער און ליבעראלער מלוכה. שוין ניט ריידענדיג פון דער אידישער איינוואנדערונג אין די פאראייניגטע שטא־טען, קאנאדע און ארגענטינע, נאר אפילו די אידישע איינוואנדערונג אין זיד־אפריקע און עגיפטען — לענדער אונטער דער השגחה פון דאס פרייע ענג־לאנד — איז אויך גרעסער ווי די איינוואנדערונג קיין פאלעסטינע און סיריע, וועלכע זיינען אונטער דער הערשאפט פון אן אלטער דעספאטישער מלוכה ווי טערקיי, וואו ניט קיין פרייהייט און ניט קיין רעכט קענען דעם אידען פאליטיש גאראנטירט ווערען. קיין פאלעסטינע אימיגרירען מערסטען טייל אידעאליסטען, ארבעטער און מיטעלמעסיגע קאפיטאליסטען, וועלכע זעען אין דעם איצטיגען אויפלעבען פון לאנד אויך אן עקאנאמיש־אינדוסטריעלען באדען פאר דער ווידערגעבורט פון א אידיש נאציאנאלער בעל־הבית׳ישקייט

אָדער „נאַציאָנאַלער ווירטשאַפט“, ווי דער טייטש וואָלט געזאָגט—אייגענט־
לאַך דאָס וואָס אידען האָבען זעלבסטשטענדיג ניט געהאַט אין דער צייט
פון זייער גאַנצען גלות־לעבען און וואָס האָט ביז איצט אַזוי פאַרקריפּעלט
און אויסשליסלאַך געמאַכט זייער עקאָנאָמישע לאַגע אין אַלע לענדער.

א פאַרגלייך צווישען דער אידישער איינוואַנדערונג אין אַמעריקע און
אין פּאַלעסטינע ברייננט אַרויס נאָך אַנדערע אינטערעסאַנטע פּונקטען. די
איינוואַנדערונג פון אידען אין די פאַראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע איז
די גרעסטע און די שטאַרקסטע. די איינוואַנדערונג קיין פּאַלעסטינע איז
די קלענסטע, אפשר אויך די שוואַכסטע, זי איז אָבער געווים די אידעאַלסטע.

אין די פאַראייניגטע שטאַטען קומען העכער הונדערט טויזענד אידישע
אימיגראַנטען א יאָר; קיין פּאַלעסטינע זיינען בלויז אין דעם יאָר נאָך די
פינסטערע אָקטאָבער־טעג, אין 1905, געקומען קנאַפּע 4000 אידישע אימי־
גראַנטען, אי דאָס, זאָגט מען, זיינען זיך האַלב פון זיי צעלאָפען. אָבער
דערפאַר איז דער פּראָצענט אידישע אימיגראַנטען וואָס קומען קיין פּאַלעס־
טינע מיט געלט, דאָס הייסט, מיט גוטע מיטלען צו אַנטוויקלען די אַגריקול־
טורנע און אינדוסטריעלע כחות פון לאַנד פיל גרעסער ווי דער פּראָצענט
רייכע אידישע אימיגראַנטען וואָס קומען קיין אַמעריקע. פאַרשטייט זיך,
דאָ אין אַמעריקע דאַרף מען זיי ניט — די אידען אימיגראַנטען מיט געלט.
מישטיינס געזאָגט, וואָס פאַר א באַטייטונג זיי קענען דאָ האָבען צווישען די
לייבען פון אַמעריקאַנער קאַפּיטאַל. דאָ איז אַן זיי אויך דאָ ווער עס זאָל
זיך זאָרגען פאַר דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון לאַנד און אין בעסטען
פאַל, קענען זיי דאָ פאַרנעמען א פּלאַץ אין דעם מיטעל־קלאַס פון קליינע
סוחרים, ריעל־עסטייטניקעס, שניידער־באַסעס אָדער גאָר אַגענטען און פאַק־
טוירים; דאָרט אָבער, אין דעם איצטיגען איבערגאַנג פון דעם פעאָדאַלען
לעבען אין דעם קאַפּיטאַליסטישען, קענען די אידען מיט געלט — די קליין־
בורזשואַזיע, ווי מען רופט זיי אויף׳ן עקאָנאָמישען לשון — מיט דער צייט,
פאַרשטייט זיך, ווערען די מייסטערם פון דער עקאָנאָמישער לאַגע פון לאַנד.

אַנאַנדער פּונקט איז נאָך פיל וויכטיגער. אַמאָליגע צייטען, ווען וואַנ־
דערענדע באַרבאַרישע שטאַמען פלעגען באַפאַלען אַן איינגעזעסען פאָלק פון
א העכערער קולטור, גובר זיין זיי און באַזעצען זיך צווישען זיי, ווי צ. ב. ש.,
אין פינפטען יאָרהונדערט פון דער קריסטלאַכער צייטרעכענונג, זיינען די
נאָרמאַנען באַפאַלען און גובר געווען די דאַמאָלדיגע פעלקערשאַפטען פון די
בריטישע אינזלען, פלעגט דאָס באַזיגטע פאָלק אונטער דעם דרוק פון די
הערשער, די זיגער, ביסלאַכוויים פאַרלירען זיין שפּראַך, זיינע מנהגים און
געזעצען, אפילו זיין רעליגיאָן און זיין געזעלשאַפטלאַכע אָרגאַניזאַציע. ביס־

לאכוויים פארמישענדיג זיך מיט די זיגער, פלעגען די באזיגטע איבערנעמען די שפראך, די ניט־געשריבענע געזעצען אדער מנהגים, די רעליגיאן — מיט איין ווארט די גאנצע געזעלשאפטלאכע ארדענונג פון די זיגער. ווייל די זיגער זיינען געווען די שטארקערע און אפטמאל די מערערע אין צאל, פלעגען זיי קענען ארויפצווינגען אויף די באזיגטע זייער ארט לעבען. פארשטייט זיך, אז די באזיגטע האבען אויך איינגעפלאכטען אין דעם נייעם לעבען שטריכען פון זייער אייגען לעבען, אבער דאס זיינען געווען נאר שטריכען. אויף אזא אופן האבען די אלטע נארמאנען אסימילירט אין זיך די אלטע פעלקער פון די בריטאנישע אינזלען אזוי, אז עס איז פון זיי קיין זכר ניט געבליבען און אויף דעם זעלבען אופן, אונטער דעם זיג און דרוק פון דאס היינטיגע ענגלאנד, האבען אויך די הויך־לאנדישע שאטלאנדער, די וועלשען און אירלענדער — אין פארלויף פון יארהונדערטער — פארלארען זייער שפראך, זייערע זאגעס און ליטעראטור, זייערע מנהגים און געזעצען און טיילוויים אפילו זייער רעליגיאן און האבען זיך אסימילירט מיט זייערע זיגער, די ענגלענדער. דער כלל איז: דאס שטארקע פאלק נעמט אריין אין זיך דאס שוואכערע, דאס שוואכערע אסימילירט זיך מיט דעם שטארקערען.

און אויך היינט איז דער כלל פונקט אזוי ריכטיג ווי אמאל, מיט דעם אונטערשייד וואס די היינטיגע וואנדערער זיינען ניט קיין מאכטיגע שבטים, וועלכע ווערען זיגער דארט וואו זיי באזעצען זיך, נאר ארימע, פארוואגעלטע, הונגעריגע מענשען, ארויסגעשטויסענע פון דעם פאלק און פון דעם גע־זעלשאפטלאכען לעבען צו וועלכען זיי געהערען און וואס די מאכט, וועלכע באהערשט היינטיגע צייטען מענשען געזעלשאפטלאך, איז שוין ניט דער אפענער קאמף אין שלאכטפעלד פון מלחמה, נאר די שטופע פון פאליטישען, עקאנאמישען און געזעלשאפטלאכען פארטשריט, דאס הייסט, די שטופע פון אלגעמיינער קולטורעלער אנטוויקלונג. איז דער כלל היינט, אז די שטרא־מען פון די איינוואנדערער ווערען ביסלאכוויים אסימילירט, אז אין עטלאכע דורות ארום פארגעסען זיי זייער שפראך, זייער ליטעראטור, פארלירען זייערע געוואוינהייטען און ארט לעבען און ווערען א טייל פון לאנד און פאלק וואוהין זיי האבען אימיגרירט — אויב דאס אלגעמיינע קולטורעלע לעבען פון דעם נייעם לאנד און פון נייעם פאלק איז א העכערעס ווי דאס קולטור־רעלע לעבען פון דעם לאנד פון וועלכען זיי זיינען געקומען. פארקערט, אויב דאס אלגעמיינע קולטורעלע לעבען אין א נייעם לאנד איז א נידריגערעס ווי דאס וואס זיי האבען פריער אליין געלעבט, דאן פארשטארקען זיי זייער אייגען לעבען, אנטוויקלען עס אויף זייער אייגענעם שטייגער און שלעפען מיט זיך מיט אין דעם פארטשריט פון אנטוויקלונג אויך דאס לאנד וואו זיי הא־בען זיך באזעצט, אויך דאס פאלק צווישען וועלכע זיי לעבען.

דאָס איז דער כלל און נאָר איין בליק אויף דער אידישער איינוואַנדערונג אין די צוויי לענדער — די פאַראייניגטע שטאַטען און פאַלעסטינע — וועלכע קענען גערעכענט ווערען פאַר די טיפּישע פאָרשטייער פון דיביידע סאָרטען קולטורען, די העכערע און די נידעריגערע, קען באַשטעטיגען דעם גרויסען אמת פון דעם כלל און פירען צו זייער וויכטיגע שלוסען איבער דער אידישער איינוואַנדערונג.

מען דאַרף ניט זיין קיין גרויסער באָאָבאַכטער צו באַמערקען, אז דער אידישער איינוואַנדערער אין די פאַראייניגטע שטאַטען איז פאַר'משפט צו אַ שטילער און אומפאַרמיידלאַכער אַסימילאַציע מיט דעם אַמעריקאַנער פאָלק און אַמעריקאַנער קולטור; אַז דאָס אַמעריקאַנער אַרט לעבען, באַגריפען, באַשטרעבונגען — די גאַנצע עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און סאָציאַלע סביבה שלינגט ביסלאַכווייז איין דעם אידישען איינוואַנדערער און מאַכט אים פאַר אַ קליין טיילכעל אין דעם גרויסען קאָכיגען לעבען פון זייער לאַנד און זייער פאָלק. פאַרשטייט זיך, אַזוי לאַנג ווי די טויערען פון די פאַראייניגטע שטאַטען זיינען אָפען — און קיין גרויסע סכנה חלילה אַז זיי וועלען זיך אינגאַנצען צומאַכען איז ניטאָ, וואָרום אויב זיי זאָלען זיך צומאַכען אין דער איסט, וועלען זיי זיך ברייט עפענען אין דער סויט און וועסט — אַזוי לאַנג, הייסט עס, ווי נייע שטראָמען אימיגראַנטען קומען אין די פאַראייניגטע שטאַטען און ברייינגען מיט זיך דאָס אַלטע לעבען, זידט און קאָכט די אידישע געטאָ מיט איר אייגענאַרטיג לעבען. אָבער אפילו אונטער דידאָזיגע אומשטאַנדען טוט די אַסימילאַציע איר אַרבעט. עס איז גענוג אַז די עלטערע אימיגראַנטען זאָלען זיך צוקוקען צום לעבען פון זייערע אינגערע חברים, מיט וועלכע זיי זיינען אין איין צייט געקומען, אָדער אַז אַלע גאָר זאָלען זיך צוקוקען צום לעבען פון זייערע אייגענע קינדער — יונג אַהער געקומענע אָדער דאָ געבוירענע — אַז זיי זאָלען אַלע אין איין קול דערציילען וועגען די וואונדען פון דער אַסימילאַציע; אַז זיי זאָלען דערציילען, אַז ניט דער יונגער דור און ניט די דאָ געבוירענע קינדער געהערען זיי, אָדער זייער פאָלק.

און דידאָזיגע ביטערע ערפאַרונג האָבען ניט נאָר גלאַט אידען, נאָר אויך די פאַרמעגעשריטענע עלעמענטען צווישען די אידישע איינוואַנדערער, די סאָציאַליסטען, אַנאַרכיסטען און סתם פרייגעזאָנענע. מיט זעלטענע אויסנאַמעס נאָר, געהערען אויך ז י י ע ר ע קינדער ניט זיי און ניט זייערע אידייען און אידעאַלען.

און וואָס אונטער אַזעלכע אומשטאַנדען וואָלט געוואָרען פון די איינגעוואַנדערטע אידען אין די פאַראייניגטע שטאַטען ווען די טויערען פון לאַנד זאָלען געשלאָסען ווערען? פשוט, זיי וואָלטען זיך אַלץ מער און מער אַסימילירט און אין עטלאַכע דורות אַרום וואָלטען זיי פאַרגעסען זייער שפּראַך,

פאַרלאָזט זייער ליטעראַטור, אויפגעגעבען זייער אַרט לעבען און וואָלטען געוואָרען — וואָס? אַמעריקאַנער? ! נו, דאָס וואָלט אפשר געווען אַ האַלבע צרה, וויינינגסטענס אין דער מיינונג פון די, וואָס גלויבען אַז אידען דאַרפען שוין אַראָפּ פון דער וועלט־בינע אַלס אידען און ווערען די הייזועז פאַר דעם אַל־מענש. אַבער ניין — ניט דאָס וואָלטען זיי געוואָרען — זיי וואָלטען געוואָרען יענע מאָדנע אַנדרוגינוס, וואָס ווערט פון אַז אַסימילירטע אידען אומעטום אין די אייראָפּייאישע לענדער, וואו די וועלטלאַכע בילדונג דערלאָזט שוין מער ניט אומצוקערען זיך צום אַלטען רעליגיעזען גלויבען און אַבערגלויבען און די פּאָליטישע גלייכבארעכטיגונג באַרויבט אים, דעם אַסימילירטען, פון יעדער מענשלאַכער ווירדע — עס וואָלט פון זיי געוואָרען גייסטיגע אימפּאָטענטען, ווי עס איז געוואָרען פון דעם רוסישען, דייטשען, פראַנצויזישען, ענגלישען און אַמעריקאַנער אַסימילירטען אידען, אימפּאָטענטען, וועלכע זיינען פון דער נאַטור אַליין באַשטימט נאָר אויסצושטאַרבען.

אַבער פונקט דער היפּך זיינען די אומשטאַנדען אין דער איינוואַנדערונג אין פּאַלעסטינע. ניט נאָר אַסימילירען זיך ניט די אידישע איינוואַנדערער מיט דעם אַראַבער פעלאַך, נאָר זיי קענען זיך באמת מיט אים ניט אַסימילירען, ווייל ער לעבט אַ פיל נידעריגער לעבען אין קולטורעלען זין. פאַרקערט, זיי בויען דאָרט אויס זייער אייגען נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיש און געזעלשאַפטלאַך־קולטורעלען לעבען אויף די ליניעס פון מאָדערנעם פאָרטשריט. ניט נאָר האָט דאָס קליינע הייפעלע אידישע איינוואַנדערער אין פּאַלעסטינע — אויב מען זאָל גלויבען די ראַפּאָרטען פון די קאָנסולאַטען — אויפגעהויבען דאָס אינדוסטריעלע, פינאַנציעלע און האַנדעלס־לעבען פון גאַנצען לאַנד, נאָר זיי האָבען אויך אַנטוויקעלט זייער אייגען לעבען אויף זייער אייגענער אַרט דורך העברייאישע קינדער־גאָרטענס, עלעמענטאַר־שולעס און אַ גימנאַזיע, אַ קונסט אַנשטאַלט און אַ אידישען מוזייאום, אַנשטאַלטען, וועלכע אפילו מיר דאָ, מיט אונזערע באַטייטענדע מאַטעריעלע כחות, האָבען ניט באַשאַפען, פשוט דערפאַר, ווייל מיר האָבען אין זיי קיין באַדערפעניש ניט. זיי אין פּאַלעסטינע האָבען איינגעפירט זייער אייגענע נאַציאָנאַלע שפּראַך אין זייערע שולעס, הויבען אָן מיט זייערע שוואַכע כחות צו אַנטוויקלען דאָס טעאַטער און די ליטעראַטור אין זייער נאַציאָנאַלער שפּראַך. דאָ איז ניט וויכטיג, צי זיינען מיר פאַר אָדער קעגען דער העברייאישער שפּראַך אַלס די נאַציאָנאַל־שפּראַך, וויכטיג איז דער פאַקט, אַז אין זייערע שולעס, טעאַטער און ליטעראַטור לערנען זיי די שפּראַך וועלכע זיי נעמען אָן פאַר זייער נאַציאָנאַל־שפּראַך. וויכטיגער פון אַלץ איז, אַז אין פּאַלעסטינע, אין דעם האַלב־ווילדען ניט־קולטיווירטען לאַנד, אַסימילירט זיך ניט דאָס ביסעלע אידישע איינוואַנדערער, עס ווערט ניט אויפגעפרעסען פון דער אַרומיגער

סביבה, נאָר עס בויט זיך לאַנגזאַם אַ זעלבסטשטענדיג נאַציאָנאַל לעבען.

אידען זיינען שטאָטישע מענשען, אין דער צייט פון זייער גלות־לעבען האָבען זיי זיך מיט קיין לאַנד־אַרבעט ניט באַשעפטיגט. נאַטירלאַך ציט זיי צום שטאָטישען לעבען. דאַריבער איז קיין וואונדער ניט, וואָס אין לענדער מיט אַ הויכער קולטור, מיט אַ שטאַרק אַנטוויקעלטער אינדוסטריע און גרויסע שטעט האָט דער אידישער איינוואַנדערער זיך ניט געקענט צופריי־דענשטעלען מיט אַן אַגריקולטור־לעבען אַפילו אונטער די בעסטע אומשטאַנ־דען. אַזוי האָט די אידישע איינוואַנדערונג אין די פאַראייניגטע שטאַטען ניט צו פאַרצייכענען קיין איינציגען פאַל, וואו אידען זיינען פאַרבליבען ערד־אַרבעטער אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער צאָל. אַפילו וואודביין, די אידישע אַגריקולטורנע קאָלאָניע פון פופצען יאָר צוריק מיט אַן אייגענער אַגריקולטור־שולע, איז היינט אַ קליינע אידישע פאַבריק־שטאָט מיט עכט אידישע צווייגען פון אַמת אידישע אינדוסטריעס.

אידישע איינוואַנדערער אין אַמעריקע האָבען פאַרלאָזט די ערד־אַרבעט, ווייל די שטאָט מיט'ן לעבען פון איר אידישער גאַס האָט צו שטאַרק גע־וואונקען צו זיי און ווייל זיי האָבען אין שטאָט אויך געקענט „מאַכען אַ לעבען", אָפטמאָל אַ בעסער און אַ גרינגער לעבען. דאָס וואָלט דאכט זיך געדאַרפט אָנלערנען די חכמים — די יהודים'שע ווי אונזערע אייגענע — וואָס האָפען נאָך היינט צו טאָג צו צואווענדען די אידישע אימיגראַציע אין די פאַראייניגטע שטאַטען צו דער סויט און וועסט און דאָרטען באַזעצען זיי אויף לאַנד־אַרבעט, אַז זייערע האָפענונגען זיינען פוסטע חלומות. דער פועל יוצא פון די פאַקטען איז, אַז אידישע איינוואַנדערער אין די לענדער פון אַ הויכער קולטור, אַנטוויקעלטע שטעט און אינדוסטריעס באַזעצען זיך ניט אין אַגריקולטור־קאָלאָניעס, נאָר זיי וועלען זיך תמיד קאָנצענטרירען אַרום דער אידישער גאַס אין די גרויסע אינדוסטריעלע שטעט. מעגען אַפילו די פאַר־אייניגטע שטאַטען צווינגען די אידישע איינוואַנדערער דורך דער געזעצ־געבונג צו קומען אין דער סויט אָדער וועסט, וועלען זיי זיך אויך דאָרט קאָנ־צענטרירען אין די גרויסע שטעט אַרום דער אידישער גאַס, ביז דער צוויי־טער, דריטער, פערטער דור זייערער וועט ערגעץ פאַרלאָרען ווערען אַן אַסי־מילירטער אין דער אַרומיגער סביבה.

גאַנץ אַנדערש איז די מעשה אין פאַלעסטינע. דאָרט איז דאָס שטאָ־טישע לעבען ניט אַנטוויקעלט, דאָס אינדוסטריעלע לעבען קליין און אָרעם. דאָרט איז ניטאָ קיין מעגלאַכקייט צו דערנערען זיך גרינגער ווי דורך ערד־אַרבעט, דאַריבער ווען דער איינוואַנדערער באַזעצט זיך דאָרט אויפ'ן לאַנד בלייבט אים קיין אַנדער ברירה ניט אָדער ווי צו פאַרבלייבען אויף דער ערד אָדער אינגאַנצען עמיגרירען. דערפאַר טאַקע קען פאַלעסטינע, אין אַ משך

פון 25 יאָר, אמת מיט גרויסער מי און נויט דערוואָרבענע, אָבער ניט מיט מער געלט־פאַרשווענדונג ווי אויף דער אַמעריקאַנער און אַרגענטינער קאָלאָ־ניזאַציע, איצט אַנווייזען 30 אידישע אַגריקולטור קאָלאָניעס, מיט אַ באַ־פעלקערונג פון 8 ביז 10 טויזענט נפשות, — אַ קליינע צאָל, פאַרשטייט זיך, אָבער אין אַ צוואַוואוקס פון נאָר 40—50 טויזענט אידישע איינוואוינער אין דעם משך, איז עס באמת אַ גרויסער פּראָצענט.

דער פּועל יוצא דערפון איז, אַז איבערויבען דאָס עקאָנאָמישע לעבען אויף זעלבסטשטענדיגע יסודות און באשאַפען אַ אידישען אַגריקולטור־קלאַס איז נאָר מעגלאַך פאַר אידען אין יענע לענדער וואו דאָס אינדוסטריעלע און שטאָטישע לעבען איז נאָך ניט אַנטוויקעלט; וואו זיי אַליין ווען קענען באשאַפען דידאַזיגע אַנטוויקלונג.

מיר רעזומירען: די איינוואַנדערונג פון אידען אין די לענדער פון אַ הויכער קולטור— און גרויסער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג פאַר'משפט זיי,

ערשטענס: צו שטענדיגער און אומפאַרמיידלאַכער אסימילאַציע מיט'ן פאָלק און סביבה פון לאַנד. פאַרקערט די איינוואַנדערונג אין די לענדער וואו זיי ברייגגען אריין אַ העכערע קולטור, פירט זיי צו דער אַנטוויקלונג פון זייער אייגענאַרטיג נאַציאָנאַל לעבען און זיי שלעפּען מיט זיך אין דער אַל־געמיינער אַנטוויקלונג אויך דאָס לאַנד און דאָס פאָלק וואו זיי באַזעצען זיך.

צווייטענס: אין די לענדער פון הויכער קולטור און גרויסע שטאָטישע צענטערס פון אינדוסטריע קענען די אידישע איינוואַנדערער ניט איבער־בויען זייער עקאָנאָמיש לעבען אויף זעלבסטשטענדיגע יסודות; זיי קענען ניט באשאַפען קיין ערד־אַרבעטער־קלאַס, ווייל זיי קאָנצענטרירען זיך אין די אינדוסטריעלע צענטערס; פאַרקערט, אין לענדער פון אַ נידעריגער קולטור, אינדוסטריע און שטאָטיש לעבען, שאַפען די אידישע איינוואַנדערער אַן אייגענעם ערד־אַרבעטער־קלאַס, אַנטוויקלען די אינדוסטריעס זעלבסטשטענדיג און הויבען אַן עקאָנאָמיש נאָרמאַל צו לעבען.

דריטענס: אין די לענדער פון אַ הויכער קולטור און אַן אַנטוויקעלט עקאָנאָמיש לעבען פאַלען די גרויסע מאַסען אידישע איינוואַנדערער אריין אין די רייען פון די אָרימסטע אַרבעטער אָדער פון דעם ניט־אָנגעזעענעם מיטעל־קלאַס פון לאַנד און מוזען, ווילענדיג ניט ווילענדיג, אָננעמען דעם גורל, וואָס דאָס אַנטוויקעלטע עקאָנאָמישע לעבען טיילט זיי צו. אין די לענדער פון אַ נידריגער קולטור און ניט־אַנטוויקעלט עקאָנאָמיש לעבען קענען די אידישע איינוואַנדערער ווערען די הארען פון דער עקאָנאָמישער סיטואַציע און באשאַפען דעם גורל פון זייער אייגען לעבען.

און דאַך עמיגרירען אידען אין די לענדער פון אַ העכערער קולטור און

אז אנטוויקעלט לעבען. זיי אימיגרירען מערסטענטיילס אין די פּאַראייניג־טע שטאַטען. פאַרוואָס? פּשוט דערפאַר, ווייל אין די פּאַראייניגטע שטאַ־טען קענען זיי ניט נאָר באַלד טאַקע אריינטרעטען אין די רייען פון די אר־בעטער און שוין טאַקע „מאַכען אַ לעבען", נאָר אויך ווייל די דיפּלאָמאַטישע רעכט און די פרייהייטען פון דעם לאַנד גאַראַנטירען זיי רו און לעבען. דאַ קענען זיי באַלד ווערען ארבעטער און מיט דער צייט אויך אַ טייל פון מיטעל־קלאַס פון לאַנד. די צוויי גרויסע אורזאַכען פאַר וועלכע די וואָס זיינען קענען איינוואַנדערונג אין אמעריקע — די אָרגאַניזירטע ארבעטער און דער מיטעל־קלאַס — באַטראַכטען אידען פאַר „ניט־גע־ווינשטע" אימיגראַנטען. מיט דעם אָרגאַניזירטען ארבעטער קאָנקורירט דער אידישער איינוואַנדערער ווי יעדער איינוואַנדערער און דעם מיטעל־קלאַס מענשען שטופּט ער ביסלאַכווייז ארויס, דורך זיינע געשעפטס־פייר־איקייטען, פון זיין עקאָנאָמישער פּאָזיציע. נו, איז עפּעס אַ חידוש פאַרוואָס די בעסטע סאָרטען אמעריקאַנער זיינען קעגען דער אידישער איינוואַנדערונג.

אָבער זיי קען ניט געלינגען די אימיגראַציע צו פאַרבאָטען. דער הער־שענדער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס אין אמעריקע, אין וועמעס הענט עס ליגט דער שיקזאַל פון גאַנצען לאַנד, ווייסט צו גוט אז דער הונגעריגער איינוואַנ־דערער מוז גיין פאַרויס אין דער עקספּלואַטירונג פון די נאַטירלאַכע רייכ־טימער און די נאָך ניט עקספּלואַטירטע טיילען פון לאַנד. ער, דער איינ־וואַנדערער, מוז די רייכטימער ארויסקריגען און דערלאַנגען זיי אים — דעם הערשער! און אידען ווערען שוין אויף דער שוועל פון די פּאַראייניגטע שטאַטען אינדוסטריעלע פּראָלעטאַריער, וועלכע קענען זיך, צוליב דעם לאַנגען גלות־לעבען בעסער ווי אַנדערע, צופּאַסען צום נייעם לעבען. און זאָל אפילו געלינגען די פיינט פון דער איינוואַנדערונג — דעם היגען ארבעטער און מי־טעלקלאַס־מענשען — צוצומאַכען איין טיר פאַר דער איינוואַנדערונג, וועט די מאַכטיגע האַנט פון קאַפּיטאַל באַלד גלייך עפענען אַן אַנדערע — ווייל מען דאַרף די הונגעריגע אָרימע, צו זעטיגען דעם גאָלד־דאָרשט פון די רייכע, די זאַטע.

# קאַרל מאַרקסעס צוויי קאָלאָסאַלע טעות׳ן *)

אין דער יובילעאום־ליטעראַטור צו דעם ערשט־געוואָרענעם הונדערט־יאָריגען געבורטסטאָג פון קאַרל מאַרקס האָבען די מערסטע ראַדיקאַלע שרייבער און קאָמענטאַטאָרס פון אונזער גאָס ניט פאַרפעלט ווי געהעריג איז אָפּצושאַצען דעם גרויסען דיינקער, פאָרשער און קעמפּער און האָבען אמאָל נאָך, אין זייער פלייס צו פאַרגרעסערען דאָס גרויסע, ניט אָפּגעהאַלטען זיך אפילו פון איבערצוכאַפּען די מאָס. אָבער דאָס איז אין מאַרקס׳ פאַל זיכער ניט נויטיג געווען; פאַרקערט, עס האָט אמאָל גאָר באַליידיגט . . . מאַרקס׳ גרויסקייט דאַרף מען ניט פאַרגרעסערען.

אז ער איז געווען אַ גרויסער, טיפער דיינקער; אפשר דער טיפסטער אנאַליטיישער פאָרשער פון דעם מאַטעריאַלען לעבען פון דעם כלל, פון דער געזעלשאַפט; אז ער איז געווען דער אומדערמידלאַכער קעמפּער פאַר אַ נייער פאָרמע פון לעבען, אין וועלכער דער אַרבעטער און פּראָדוצירער זאָל קריגען דעם פולען לוין פאַר זיין אַרבעט און אַז ער איז דאָס גאַנצע לעבען זיינס געווען די גרויסע קראַפט וואָס האָט געוועקט די אַרבעטער־מאַסען צום באַוואוסטזיניגען קאַמף פאַר אַ בעסערער געזעלשאַפט, — וועט קיינער זיך ניט אונטערשטעלען אָפּצולייקענען, קיינער ניט. וואָס איז וויפיל ניט איז באַקאַנט מיט זיין גרויסער טעטיקייט סאַי אויף דעם טעאָרעטיש־וויסענשאַפטלאַכען פעלד פון סאָציאַל־עקאָנאָמישער פאָרשונג, סאַי אויף דעם פעלד פון פּראַקטישער אַרבעט צו אָרגאַניזירען די ברייטע אַרבעטער־מאַסען פון דער וועלט פאַר׳ן סאָציאַליסטישען קאַמף.

און מעגען זיינע טעאָרעטישע פאָרשונגען מיט דער צייט אפילו פאַר־עלטערט ווערען און טיילוויים פאַרלירען דעם אָריגינעלען ווערט, וואָס זיי האָבען אין אָנהויב געהאַט; און מעגען אויפשטיין נייע פאָרשער און נאָך טיפער אַריינדרינגען אין די באַגריפען פון דעם מענשלאַכען לעבען און די יסודות אויף וועלכע זיי באַגרינדען זיך — קיינמאָל אָבער וועט דער גרויסער ווערט פון סכום ענערגיע וואָס האָט געשטראָמט פון זיין טעטיקייט און שטראָמט פון זיינע לערעס און וועקט די גאַנצע וועלט צום סאָציאַלען קאַמף ניט קענען פאַרטונקעלט אָדער געמינדערט ווערען ביז צום ענדלאַכען זיג פון אַ בעסער סאָציאַל לעבען.

---

*) געדרוקט אין דער „וואָרהייט“, אין מיטען מאַי, 1918, בשעת מאַרקסעס הונדערט־יאָריגען יובילעאום.

אָט אין דעם ליגט די גרעסטע גרויסקייט פון קאַרל מאַרקס. פאַרגרע־סערען זי דאַרף מען ניט; פאַרקלענערען זי קען מען ניט.

מיט מאַרקסען איז אָבער ווי מיט יעדען גרויסען דיכטער, דיינקער אָדער כלל־טוער, וואָס מען לייענט, מען לערנט און מען קאָמענטירט.

יעדער מענש, ווי קליין ער זאָל ניט זיין, וואָס לייענט און לערנט און קאָמענטירט, איז אַליין אויך אַ שטיקעל דיכטער, אַ שטיקעל דיינקער, אַ שטיקעל טוער . . . און נאָך דורות פון קאָמענטאַטאָרס, אָפּשעצער און פאַרערער, שטייט שוין פאַר דעם נייעם לעזער, לערנער אָדער אָפּשאַצער, ניט דער דיכטער, דער דיינקער אָדער דער כלל־טוער אַליין, נאָר מיט זיי אויך דאָס ביסעל צוגעגעבענע — דאָס צו־געדיכטעטע צום דיכטער, דאָס צו־גע־דיינקטע צום דיינקער, און דאָס ניי־פאַרשטאַנענע צום כלל־טוער — איינ־געפלאָכטען און איינגעוועבט אין זיי.

איבער מאַרקס' אידייען און מאַרקס' טעטיקייט זיינען אין דעם לעצ־טען האַלבען הונדערט יאָר אומצייליגע פאַרשונגען, קאָמענטאַרען און פּאָ־פּולאַריזאַציעס געשריבען געוואָרען — פון פריינט און פון שונאים; פון נאָונים און קליינע מענשעלאַך . . . איינציגע האָבען זיינע טיפסטע אי־דייען באַקעמפט — אַנדערע פאַרטיידיגט: איינציגע אָפּגעלייקענט — אָדער באַשטעטיגט; איינציגע האָבען זיין דיאַלעקטישע מעטאָדע פון פאָרשונג צו נישט געמאַכט. זיינע טעאָריעס פון מער־ווערט, קאָנצענטראַציע פון קאַ־פּיטאַל, עקאָנאָמישע קריזיסען און די אינעווייניגסטע רעוואָלוציאָנערע אומוועלצונג פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט אויסגעלאַכט און דעם קאָ־מוניסטישען מאַניפעסט פאַר אַ געזעלשאַפטלאַכען פאַרברעכען דערקלערט; אַנדערע, פאַרקערט, האָבען זיינע לערעס ווי אַ נייע תורה פאַר דער מענש־הייט פּראָקלאַמירט און דעם קאָמוניסטישען מאַניפעסט ווי די טיפסטע און ברייטסטע זעאונג פון אַ גרויסען נביא אָנגענומען.

אין דעם אַלעמען האָבען זיך דאָ און דאָרט מסתמא אויך פרעמדע זעמ־דעלאַך אָנגעקלעפּט, וואָס האָבען דאָס גאַנצע גלאַטער געמאַכט.

אָבער אין קיין איינציגער פון די שריפטען, וואָס זיינען אונז באַקאַנט, זעט זיך ניט אַזא פליים, ווי ביי אונזערע ראַדיקאַלע און סאָציאַליסטישע יובילעאום־שרייבער, צו פאַרקלענערען און פאַרגלעטען צוויי קאָלאָסאַלע טעות'ען, וואָס מאַרקס האָט געמאַכט, פון וועלכע איינער איז פשוט אַ היס־טאָריש פאַרברעכען קעגען אַ גאַנץ פאָלק. טעות'ען ניט אין זיינע עקאָנאָ־מישע פאַרשונגען אָדער עקאָנאָמישע לערעס, וואָס וואָלטען אונז איצט און דאָ ניט אָנגעגאַנגען, נאָר טעות'ען אין זיינע סאָציאַלע אַנזיכטען און סאָציאַלע באַגריפען פון מענשען און פעלקער, וואָס זיינען אונז ביז'ן בלוט נוגע . . .

די צוויי טעות'ען זיינען — זיינע אַנזיכטען איבער אידען און נאַציאָנען.

* * *

מארקס איז געבוירען געוואָרען אַ איד, אַבער שוין אין זיין קינדהייט האָבען זיך זיינע עלטערען גע'שמד'ט און ער האָט פון אידישען פאָלק און פון אידענטום כמעט גאַרניט געוואוסט. וואָלט דאָך אַזאַ גייסטיגער ריז, אַזאַ גאון'ישער פאָרשער פון דעם מענשלאַכען לעבען, ווען ער איז אַרויסגע־טראָטען אין דער עפענטלאַכער וועלט, געמעגט פאַרשווייגען זאַכען און ענינים, פון וועלכע ער האָט גאַרניט געוואוסט. האָט ער אָבער שוין פאַר פרי געקוקט אויף די אומגערעכטיקייטען פון דעם היינטיגען קאַפּיטאַליס־טישען לעבען מיט די אויגען פון יענעם גרויסען סאָציאַליסט און רעוואָלו־ציאָנער, צו וועלכען די טיפערע פאַרשונגען פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען האָבען אים שפּעטער אַנטוויקעלט און אַן דער מינדעסטער קענטע־ניש פון דער אידישער געשיכטע, אַן דעם מינדעסטען באַגריף וועגען דעם לעבען פון דעם אידישען פאָלק, אַפילו אַן דעם עלעמענטאַרסטען וויסען וועגען דער אידישער רעליגיע און די גרויסע אידעאַלען פון די נביאים, אי־בערנעמענדיג די רעאַקציאָנערסטע באַגריפען וועגען אידען און אידישקייט פון דער דאַמאָלסטיגער דייטשער געזעלשאַפט, מישט ער צונויף מענש און פאָלק און צייט און גלויבען אין איין טיפען אויסדרוק פון האַס צו דעם אי־דען, צום פאָלק און זיין גלויבען, און פּראָקלאַמירט דאָס אידישע פאָלק און דעם אידישען גלויבען ווי די פאַרקערפּערונג פון די עגאָאיסטישע שטרע־בונגען צו געלט, האַנדעל און מסחור . . . פון דער נידעריגסטער און גע־מיינסטער נאַרעריי און פּראָצענט־שינדעריי — פון האַנדעל — אין וועלכען אַפילו די באַציאונגען צווישען מאַן און פרוי „ווערען אַ געגענשטאַנד פון קויף און פאַרקויף . . . "

אַזוי דאָס פאָלק — אַזוי זיין גלויבען . . .

קען זיין עטוואָס שוידערלאַכער און שענדלאַכער פון אַט דער באַשולדי־גונג פון דעם אידישען פאָלק, וואָס איז קיינמאָל פון אים ניט אָפּגענומען געוואָרען, ניט פון דעם גרויסען לערער פון דעם סאָציאַליזם אַליין און אַפילו ניט פון אַ מוטיגען פּראָטעסט, אין זייערע שריפטען, פון די אידישע סאָציאַליסטען און תלמידים זיינע.

אַז אידען זיינען ניט קיין נאַציאָנאַליטעט דאַרף מאַרקס אַפילו ניט באַ־ווייזען, ווייל זייער „אומרעאַלע נאַציאָנאַליטעט איז די נאַציאָנאַליטעט פון דעם סוחר, פון דעם געלט". דאָס שטימט. עס איז אין הסכם מיט דעם שפּעטערדיגען באַגריף פון דעם גרויסען לערער, אַז די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסען פון אַלע פעלקער האָבען ניט קיין נאַציאָנאַליטעט: זייער נאַציאָנאַ־ליטעט איז ווי די די אידישע, נאָר „מסחר און געלט" . . .

דערפאר אויך קען קיין רייד ניט זיין וועגען דער „געזעלשאפטלאכער עמאנציפאציע פון אידען“. פארקערט, „די געזעלשאפטלאכע עמאנציפאציע פון אידען — איז די עמאנציפאציע פון דער געזעלשאפט פון דעם אידענטום“. אויך דאס שטימט. אין דעם ליגט דער שליסעל פון מארקס׳ באגריף וועגען אידען און אידענטום: ביידע זיינען אל־דאס־בייז פון דער הייגטיגער געלט־און מסחר־געזעלשאפט און די געזעלשאפט מוז זיך פון זיי „עמאנציפירען“, כדי צו קענען דערגרייכען יענעם סאציאלען צושטאנד, אין וועלכען מענשען וועלען קענען לעבען אן מסחור און געלט...

דערווייל אבער איז נאר קלאר פון דעם גאנצען געמיש, אז מארקס קען ניט דאס אידישע פאלק — ער זעט ניט דעם אידישען ארימאן, אפילו ניט דעם אידישען בעל מלאכה, — ער נעמט אן די רייכע און מאכטיגע — די בורזשואזי — וואס ער פארהאסט ביי אלע פעלקער, ווי דאס גאנצע אידישע פאלק און אין דעם גוואלטיגען היסטארישען טעות און פשוט׳ער אומוויסענהייט, מאכט ער די שרעקלאכע באשולדיגונגען.

און אומזיסט ווילען זיך סאציאליסטישע יובילעאום־פייערער טרייסטען, אז דאס האט דער י ו נ ג ע ר מארקס דעם שוידערלאכען טעות געמאכט... דער עלטערער און רייפערער מארקס האט מיט איין ווארט אין ערגעץ זיין גרויסען טעות און נאך גרעסערען אומרעכט קעגען דעם אידישען פאלק ניט פארריכט..., איז צייט, אז דער מוטיגער אידישער סאציאליסט, וואס האט אזא גרויסען חלק אין דער פארשפרייטונג פון די אידייען און אידעאלען פון דעם גרויסען לערער און קעמפער, זאל אפילו אינ׳ם יובעל־טאג אויסדריקען א פייערלאכען פראטעסט קעגען דעם שענדלאכען בלבול אויף דעם אידישען פאלק... ווייל פארפלאסטערען און פארשטעלען די וואונדען וועט דא ניט העלפען.

## ב.

קארל מארקס האט זיין היסטארישען אומרעכט קעגען אידישען פאלק קיינמאל ניט פאררירכט — קיינמאל ניט גוט־געמאכט — טראץ דעם, וואס ער האט צווישען זיינע פריינט גערעכענט אזא נאציאנאלען סאציאליסט ווי משה העס, פון וועמען ער וואלט, וועניגסטענס בנוגע צו אידען און אידענטום, עטוואס לערנען געקענט; טראץ זיין פריינטשאפט צום גרויסען היינריך היינע — דעם אידען — וואס איז דאך ניט אינגאנצען די פארקערפערונג פון עגאאיסטישע שטרעבונגען צו גאלד, מסחור און שאכער־מאכער געווען; און אפילו טראץ דעם וואס ער וואלט זיך מיט נוצען געקענט פארטראכטען איבער זיך אליין — דעם אפשטאמלינג פון דעם אידישען פאלק . . .

אבער ער האט עס ניט געטאן . . . ער האט ניט געזוכט צו פארריכטען און גוט צו מאכען דאס אומרעכט אפילו דאמאלט, ווען עס איז שוין פשוט געלעגען אין דער פליכט פון דעם רייפערען מארקס — דעם סאציאל־עקאנאמישען פארשער פון דעם מענשלאכען לעבען — בעסער צו קענען און ריכטיגער אפצושאצען די ראלע פון דעם פאלק, וואס ער האט פאקטיש פאראורטיילט צום אונטערגאנג מיט דעם אונטערגאנג פון דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט.

ער האט עס ניט געטאן, ניט פריער און ניט שפעטער, דערפאר, ווי עס שיינט, ווייל דער איד און דאס אידישע פאלק זיינען תמיד פארבליבען אין זיין דמיון די שענדלאכע און פארהאסטע פערזאניפיצירונג פון אל־דאס־בייז אין דעם מאדערנעם קאפיטאליזם און ער האט אין דעם פאלשען באגריף, דעם גרויסען אומרעכט ניט געזען.

מיט יארען און יארען שפעטער — אט דא ערשט אין אונזער צייט — האט אנאנדער געלערנטער מיט גרויסע פרעטענציעס אויף פריינטשאפט צו אידען — פראפ. זאמבארט — מיט אותות און מופתים באוויזען, אז אידען זיינען די טרעגער פון דעם קאפיטאליזם אין דער וועלט; אז זיי האבען אים קיין אייראפע געבראכט און האבען אים אין אייראפע אנטוויקעלט. ער האט עס זיי פאררעכענט פאר א גרויסער היסטארישרע מעלה און גרויסען היסטארישען פארדינסט, אבער... זיין פארשונג האט אפילו ניט געשמעקט מיט יענעם האס און פאראורטייל, מיט יענער גרינלאכער היסטארישער אומוויסענהייט און גלאט בלבול־מאכעריי, מיט וועלכער דער מארקסישער אורטייל איז דורכגעזאפט, דאך האבען געלערנטע סאציאליסטען, ביי וועלכע דער כבוד פון זייער פאלק איז טייער, למען האמת אויך זאמבארט'ען די פריינטשאפט און דעם כבוד מוחל געווען . . .

ביי מאַרקס׳ען איז אָבער זיין משפּט איבער דעם אידישען פאָלק ניט געווען קיין רעזולטאַט פון אַ היסטאָריש־סאָציאָלאָגישער פאָרשונג ווי ביי זאָמבאַרט׳ען, נאָר אַ טייל פון זיין באַגריף איבער דער געזעלשאַפט און אפשר מער נאָך אַ טייל פון זיין זייער אָריגינעלען אָבער לחלוטין אויף גאָרניט־באַגרינדעטען קוק אויף נאַציאָנען און פעלקער.

וואָלט מאַרקס אַזוי טיף געזען דאָס סאָציאַלע לעבען פון איינציגע פעלקער ווי ער האָט דאָס גאַנצע עקאָנאָמישע לעבען פון דער געזעלשאַפט געזען, דאַן וואָלט ער נאַציאָנען און פעלקער פאַרשטאַנען ווי סאָציאַלע גרופּען — סאָציאַלע גאַנצקייטען — וואָס האָבען זייער אייגען לעבען און זייער אייגענע פיזיאָנאָמיע, דאַן וואָלט ער אויך לאַנג נאָך פאַר דעם יאָר 1883 — דאָס יאָר פון זיין טויט — געקענט אַנטפּלעקען די סמנים פון דעם קאַמף פון די נאַציאָנאַליטעטען, וואָס האָט זיך שוין איז דער צווייטער העלפט פון דעם לעצטען יאָרהונדערט אָנגעצונדען און היבש צעפלאַקערט צווישען די קלענערע און אונטערדריקטע פעלקער פון איירָאָפּע. אָט דער קאַמף, וואָס האָט אין אונזער צייט אַרויסגעבראַכט די אידעאַלען און די פאָדערונגען — און אין דער איצטיגער גרויסער וועלט־מלחמה — די קאָנקרעטע שטרעבונגען פון די דעמאָקראַטישע לענדער, די אידעאַלען און פאָדערונגען פון דער פאַרזיכערונג פון דער זעלבסטשטענדיקייט פון די פעלקערשאַפטען.

איז אָבער מאַרקס, מיט זיין גאַנצער גאונות צו פאַרטייטשען און דערקלערען מאַטעריעלע און עקאָנאָמישע דערשיינונגען פון דעם לעבען, דאָך ניט געווען דער גרויסער, טיפער סאָציאָלאָג און האָט דאָס גייסטיגע לעבען און גייסטיגע שטרעבען פון מענשען און פעלקער ניט מיט דער זעלביגער ברייטקייט און טיפקייט אַרומגעפאַסט. ער האָט פאָרט די מענשהייט געזען נאָר אין קלאַסען צעטיילט; ער האָט פאָרט נאָר דעם קאַמף געזען אין דעם קלאַסען־קאַמף און די באַפרייאונג פון פעלקער — אין דעם ענדגילטיגען זיג פון די אַרבעטער־מאַסען און דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. און פאַר דעם קאַמף אין דער געגענוואַרט און דעם סאָציאַליזם אין דער צוקונפט האָט ער פאָרט מיט דער געזעלשאַפט — מיט דעם כלל — אָפּערירט און ניט מיט באַזונדערע פעלקער. די באַזונדערע פעלקער, די נאַציאָנען, זיינען פאַר אים פאַקטיש אויפגעלייזט געוואָרען אין דער צוקונפטיגער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. אפילו זיין באַגריף וועגען דעם אינטערנאַציאָנאַל איז אַ קאָסמאָפּאָליטישער געווען. זם האָט געהייסען, אז די אַרבעטער פון אַלע פעלקער און אַלע נאַציאָנען פאַראייניגען זיך, ניט ווי טיילען פון פעלקער און נאַציאָנען מיט באַזונדערע נויטען און באַדערפעניסען, נאָר ווי אַרבעטער פון אַלע פעלקער

וואָס האָבען נאָר די זעלבע נויטען: דעם באַוואוסטזיניגען קלאַסענקאַמף, דעם זיג פון דעם פּראָלעטאַריאַט און דאָס איינפירען פון דער סאָציאַליס־טישער געזעלשאַפט.

דערפאַר איז אויך מאַרקס', אויפ'ן ערשטען קוק זאַנדערבאַרער באַגריף וועגען נאַציאָנען און פעלקער, טיפער באַטראַכט גאָר ניט זאַנדערבאַר. עס איז פשוט דער קאָנסעקווענטער באַגריף וועגען פעלקער און נאַציאָנען, אין דעם ליכט פון דעם קלאַסען־קאַמף און דעם טריומף פון דעם סאָציאַליזם, צוגעפּאַסט צו דעם גאַנצען וואָס מאַרקס האָט געלערנט וועגען דער געזעל־שאַפט.

מאַרקס באַטראַכט ניט די פעלקער אין דעם ליכט פון עטנישע אָדער סאָציאַלע גרופּעס — ער באַטראַכט זיי איבערהויפּט ניט ווי דער סאָציאָלאָג וואָס לערנט דאָס לעבען און אַנטוויקלונג פון פעלקער; ער באַטראַכט זיי ווי דער גרויסער סאָציאַליסט און גרויסער רעוואָלוציאָנער, וואָס מעסט אין זיי די מעגלאַכקייט פון דעם קאַמף — דעם קלאַסען־קאַמף — קעגען דער היינטיגער געזעלשאַפטלאַכער פאָרמע — קעגען דעם קאַפּיטאַליזם — וואָס מעסט אין זיי דעם ווילען דעם קאַפּיטאַליזם וואָס גיכער צו טויטען און דעם סאָציאַליזם וואָס גיכער איינצופירען.

אין דעם ליכט זעט מאַרקס פּראָגרעסיווע נאַציאָנען און פעלקער. די גרויסע דעמאָקראַטיען, וואו דער קאַפּיטאַליזם איז שטאַרק אַנטוויקעלט און דער קלאַסען־קאַמף איז גרויס און שאַרף און ווערט פון טאָג צו טאָג גרעסער און שאַרפער — דאָס זיינען די פאָרטגעשריטענסטע נאַציאָנען — ענגלאַנד, אַמעריקע און פראַנקרייך, וואָס אַנטוויקלען זיך מיט גרויסע שריט צום ענדגילטיגען ציל. ווידער זעט ער פעלקער און נאַציאָנען — ווי זיין איינגענע דייטשלאַנד — וואָס האָט אַליין ניט דעם כח און דעם ווילען צו רעוואָלטירען קעגען אירע הערשער און אונטערדריקער און קען אַליין ניט באַנייען דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבען; דאָס זיינען פעלקער קאָנסערוואַ־טיווע — ניט קיין באַוועגלאַכע, אָבער זיי וועלען מיטגעשלעפּט ווערען אין דעם שטראָם פון געזעלשאַפטלאַכער באַנייאונג; ערגער אָבער פון אַלע זיינען די אויף הונדערטער יאָרען צוריקגעשטאַנענע פעלקער און נאַציאָנען, וואָס האָבען ניט מיטגעמאַכט דעם פאָרטשריט פון אייראָפּע און זיינען נאָר אַ טויטע וואָג אויף זיין וועג — די סלאַווישע פעלקער — וואָס זיינען אַ קללה פאַר דער מענשהייט. זיי וואָלט מען בדרך נס געדאַרפט ווי ניט איז פאַרטיליגען . . .

און די איין־און־איינציגע אויסנאַם — דאָס אידישע פאָלק — וואָס וועט סאַי ווי סאַי פאַרטיליגט ווערען: „די געזעלשאַפטלאַכע עמאַנציפּאַציע פון אידען — איז די עמאַנציפּאַציע פון דער געזעלשאַפט פון דעם אידענטום".

אַט אין דער אונטערטאַסונג פון דעם גייסטיגען און נאַציאָנאַלען פּאָרט־שריט פון פעלקער און נאַציאָנען צו דער אַלטער מאַרקסישער מאָס פון די פּראָדוקציאָנס־קראַפטען, אָדער, אין אונזער געזעלשאַפט, צו דער קאַפּי־טאַליסטישער אַנטוויקלונג — די מאָס מיט וועלכער מאַרקס אַליין און זיינע תּלמידים נאָך אים האָבען די טבע צו מעסטען אַלצדינג — איז מאַרקס באַגאַנגען די צווייטע גרויסע היסטאָרישע אומגערעכטיקייט — די אומגערעכ־טיקייט אַנטקעגען די סלאַווישע פעלקער. אַט די זעלבע סלאַווישע פעלקער וואָס האָבען, אפשר מיט דער אויסנאַם פון די אירלענדער, די ערשטע אויפ־געהויבען דעם גרויסען קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייאונג און נאַציאָנא־לער זעלבסטשטענדיקייט; אַט די זעלבע סלאַווישע פעלקער, וואָס האָבען, טראָץ זייער עקאָנאָמישער הינטערשטעליקייט, מער אפשר ווי אַ סך אַנדערע פעלקער, איבערגענומען די סאָציאַלע אידעאַלען וואָס מאַרקס האָט געלערנט און דעם גרויסען רעוואָלוציאָנערען גייסט, וואָס איז ביי זיי ניט אין אַן ערך שטאַרקער און אַנטוויקעלטער ווי ביי מאַרקס׳ נאָכפאָלגער פון אַנדערע לענדער.

און וואָס פאַר אַ קאָלאָסאַלען אומרעכט מאַרקס האָט זיי געטאָן . . .

ניט גענוג וואָס ער האָט ניט געזען די ערשטע שפּראָצונגען פון זייער גרויסען קאַמף שוין ביי זיין לעבען האָט ער זיי אָפּגעזאָגט אפילו די מעג־לאַכקייט פון גייסטיגער באַוועגונג און פּאָרטשריט . . .

אָבער וואָס פאַר אַ איראָניע די היסטאָריע פלעגט איבער מאַרקס׳ען און זיין צוגעפּאַסטען נאַציאָנאַליטעטען־באַגריף. קוים פינף און דרייסיג יאָר נאָך זיין טויט, און ווען עס טרייסעלט זיך דער עסטרייכישער טראָן . . . און טרייסעלט זיך אָקאָרשט צום פאַלען, זיינען עס די כחות פון די סלאַ־ווישע פעלקער — זייער רעוואָלוציאָנערער גייסט — וואָס טרייסעלט אים און וועט אים פריער אָדער שפּעטער אומוואַרפען . . .

וואָס פאַר אַן אומברחמנות׳דיגע איראָניע . . .

עס איז נאָך קיין פינף און דרייסיג יאָר ניט — און רוסלאַנד, די סלאַ־ווישע רוסלאַנד — האָט ניט נאָר דעם זשאַנדאַרם פון אייראָפּע — דעם טראָן פון די ראָמאַנאָוו׳ס אַרונטערגעוואָרפען און די רוסישע אויטאָקראַטיע דערשטיקט, נאָר . . . זי וויל שוין אַ ביסעל צו מאַרקסיסטיש זיין . . . וויל פון אַ פּאָליטישער רעוואָלוציע אַ סאָציאַל־עקאָנאָמישע מאַכען און אין אַ הונדערט־און־זיבעציג־מיליאָניג צוריקגעשטאַנען פאָלק דעם סאָציאַליזם איבערגוואַלט איינפירען . . .

וואָס פאַר אַ איראָניע די היסטאָריע פלעגט איבער אים . . .

און די אידען ?! די פּאַרקערפּערונג פון דעם קאַפּיטאַליזם . . . האָבען, צום באַדויערען, אַ טראָצקי אין מאָסקווע און אַ יאָפע אין בערלין . . .

# דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל און דער פּראַקטישער ציוניזם *)

## א.

דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל אין מאָסקווע—לענינ׳ס באָלשעוויסטישער אינטערנאַציאָנאַל — האָט פאַראורטיילט דעם ציוניזם צום טויט . . . ער האָט אויך זיין לעצטען צוזאַמענפאָר ארויסגעטראָגען דעם פּסק־דין, אַז דער ציוניזם איז ניט מער ווי אַ מאַנטעל, אַ שילד צו עקספּלואַטירען דעם אַראַבער און באַרויבען אים פון זיין לאַנד און דינען דעם אימפּעריאַליזם פון ענגלאַנד . . . און . . אַ היבשע צאָל פון אונזערע ליבע פריינט נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטען, וואָס האָבען שטילערהייט „געכאַוועט" אין זייער ברוסט אַ ליבע און אַ פאַרערונג פאַר דעם רוסישען באָלשעוויזם, גייען נעבאַך ארום מיט אַ וואונד אין הארצען און מיט טרערען אין די אויגען.

און מיר פילען, אַז עס איז צייט — כ׳לעבען עס איז צייט — אַז גאָר אַ אַנדער שטים, ניט קיין ווייניגער ערנסטע, זאָל געהערט ווערען, אי איבער דעם גרויסען טומעל וועגען די אינטערנאַציאָנאַלען, אי וועגען דעם ציוניזם; מעג אפילו די שטים בלייבען אַ שטים אין דער וויסטעניש . . .

וואָס איז דער אינטערנאַציאָנאַל — דער ערשטער, דער צווייטער און איצט דער דריטער? וואָס איז ער? — ניט וואָס האָט ער געדאַרפט זיין . . . געדאַרפט האָט ער זיין דאָס, וואָס ס׳איז געפּלאַנט געוואָרען אין די לעצטע זיבעציגער יאָרען פונ׳ם לעצטען יאָרהונדערט עס זאָל זיין דער אינטערנאַציאָנאַל — אַז אַלוועלטלאַכע טריבונע פאַר דעם אַלוועלטלאַכען אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם. דעמאָלט האָבען נאָך די גרויסע גייסטער פון סאָציאַליזם פאַרשטאַנען, אַז די סאָציאַלע אידעאַלען מוזען זיך ניט אין אַלע לענדער אויסגיסען אין דערזעלבער פאָרמע און ניט אין אַלע לענדער וועט זיך דער סאָציאַליזם אַנטוויקלען אויף דעמזעלבען וועג; אומעטום אָבער, אין אַלע לענדער, וועט ער רעאַליזירט ווערען דורך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וואָס וועט גרינטלאַך אומבייטען די פּאָליטישע יסודות פון דעם גאַנצען לעבען. דער אינטערנאַציאָנאַל האָט געדאַרפט זיין יענע גרויסע סאָציאַליסטישע אַלוועלטלאַכע אינסטיטוציע, פון וועלכער די סאָלידאַרישע

*) געדרוקט אין „טאָג", סוף סעפּטעמבער און אָנהויב אָקטאָבער, 1920.

אנטוויקלונג פון סאָציאַליזם, אין אַלע זיינע פאָרמעס און ביי אַלע פעלקער, האָט געדאַרפט אַרויסקומען. דער אינטערנאַציאָנאַל האָט ניט געדאַרפט זיין קיין געזעצגעבערישער פּאַרלאַמענט פאַר דער סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונג ביי פאַרשיידענע פעלקער — אַזאַ פונקציע וואָלט געווען אַן אומזין — — אפילו ווען די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם האָט אין אַלע לענדער גלייך געטריבען דאָס לעבען צו דעם ענדגילטיגען טריומף פון סאָציאַליזם. ער האָט אָבער יאָ געדאַרפט זיין די פאַראייניגטע מאַכט פון אַלע סאָציאַליסטישע עלעמענטען פון אַלע פעלקער און לענדער, וואָס שטייט ניט נאָר אין אַפענעם קאַמף מיט דער גאַנצער אַלטער וועלט, נאָר וואָס גרייט נאָך צו דאָס באַוואוסטזיין פון די גרויסע אַרבעטער־מאַסען צו יענע גרויסע סאָציאַלע אידעאַלען און צו דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמף פאַר זיי.

און דאָס איז אפשר דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַל געווען אויף זיין ערשטען צוזאַמענפאָר . . . אָבער שוין ביים צווייטען צוזאַמענפאָר פון דעם ערשטען אינטערנאַציאָנאַל האָט ער זיך פאַרוואַנדעלט אין אַן אסיפה פון אַ פערזאָנען־קולט און אין דער דאָמינירונג פון אַ פּאַרלאַמענטאַרישער פּאַרטיי . . . שוין אויף דעם צווייטען צוזאַמענפאָר פון דעם ערשטען אינטערנאַציאָנאַל האָט דער גרויסער לערער פון דעם סאָציאַליזם — קאַרל מאַרקס — טריומפירט איבער באַקונינ'ען מיט זיין פליגעל; די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע מיט איר פּאַרלאַמענטאַריזם האָט באַהערשט דעם אינטערנאַציאָנאַל און די באַקוניסטען — די פּראַקציע אַנאַרכיסטען — וואָס זיינען דעמאָלט זיכער ניט געווען קיין ערגערע קאָמוניסטען ווי די שאַפער פון דעם קאָמוניסטישען מאַניפעסט, האָט דער אינטערנאַציאָנאַל פּשוט אַרויסגעוואָרפען . . .

אַרויסגעוואָרפען — און שוין . . . צו ראַדיקאַל געווען, אין פּאַרלאַמענטאַריזם ניט געגלויבט און די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט ניט אָנדערקענט . . . אָבער דער העראָען־קולט, די דאָמינירונג פון אַ פּאַרטיי און פון דעם פּאַרלאַמענטאַריזם, און אפילו דאָס אַרויסוואַרפען פון „בונדעס־גענאָסען", ווען זיי שטימען ניט איין אין די מיטלען און וועגען פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, האָבען זיי פּרוכט געטראָגען . . .

דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל — פאַר דער מלחמה — איז געווען אַ סאָציאַליסטישער גן־עדן . . . קיין פּראָטעסטאַנטען, רו־שטערער און אַנאַרכיסטען זיינען שוין ניט געווען . . . די גרויסע פיגורען פון פאַרערונג און פירער זיינען געווען: פריער מאַרקס און ענגעלס, דערנאָך ליבקנעכט און בעבעל, שפּעטער זשאָרעס און וואַנדערוועלדע — גרויסע פיגורען, גרויסע קעמפער פאַר'ן סאָציאַליזם — אָבער די העלדען וואָס האָבען די הערשאַפט איבער דעם סאָציאַליזם איבערגעגעבען דער דייטשער סאָציאַל־דע־

מאָקראַטיע און דעם פּאַרלאַמענטאַריזם. און דער פּאַרלאַמענטאַרישער סאָ־ציאַליזם האָט זיך צעוואַקסען איבער דער וועלט . . . און אָט, אָט . . . האָט ער, דאַכט זיך, די וועלט איינגענומען פאַר דעם סאָציאַליזם . . . ביז . . . ביז די מלחמה איז געקומען . . . און מיר זיצען אָפּט און מיר וואונדערען זיך: רבונו של עולם, טראַכטען מיר, דער צווייטער אינטערנאַ־ציאָנאַל, פאַר דער מלחמה, איז דאָך געווען אינגאַנצען באַהערשט פון דעם פּאַרלאַמענטאַריזם; די מערב לענדער — ענגלאַנד און אַמעריקע — זיינען דאָך אין אים גאָר ווייניג רעפּרעזענטירט געווען; אַפילו פראַנקרייך האָט ערשט אין די לעצטע יאָרען פאַר דער מלחמה, אונטער זשאָרעס׳ לידערשאַפט, אַ שטאַרקערע פּאַרלאַמענטאַרישע סאָציאַליסטישע פירערשאַפט אין דעם אינ־טערנאַציאָנאַל געהאַט; טייל סלאַווישע און טייל ראָמאַנישע לענדער האָ־בען אָדער אַ קליינע, אָדער גאָר קיין רעפּרעזענטאַציע אין דעם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל ניט געהאַט; דערפאַר איז דאָך דער צווייטער אינטער־נאַציאָנאַל די אַלע יאָרען געווען אַזוי דורכגעזאַפּט מיט דעם פּאַרלאַמענ־טאַריזם . . . די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז דאָך געווען אין גלות ביים צווייטען אינטערנאַציאָנאַל; אַפילו דער אַלגעמיינער סטרייק איז פאַרשפּאַט געוואָרען און אַ שעה פאַר דער וועלט־מלחמה וואָלטען דאָך אַפילו אונזערע „פּראַקטישע” סאָציאַליסטען אַן אמת׳ן רעוואָלוציאָנער אין אַ לעפעל וואַ־סער דערטרונקען, שוין אָפּגערעדט פון יענע מיליאָנען סאָציאַליסטען אין דייטשלאַנד און טויזענטער סאָציאַליסטען אין אַנדערע לענדער, וואָס האָ־בען דעם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל פאַר דעם הייליגען טעמפּעל פון דעם סאָציאַליזם גערעכענט און האָבען געגלויבט, אַז אַ זיץ אין דעם טעמפּעל ברענגט נענטער צו דעם זון־גאָט פון דער צוקונפט . . . ווי קומט עס, זיצען מיר און וואונדערען זיך, וואָס ווי נאָר די וועלט־מלחמה האָט אָט די נעטלאַכקייט פון דעם צווייטען אינטערנאַציאָנאַל אין די טמא הענט פון מאַרס אַריינגעוואָרפען, איז דער הערצען־קולט פון דעם צווייטען אינטער־נאַציאָנאַל כמעט פאַרגעסען געוואָרען, די דאָמינירונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז ניט נאָר פאַרשוואונדען, נאָר סאָציאַליסטען קאָנען סאָ־ציאַליסטען נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט פאַרגעבען זייער נאַציאָנאַל־פּאַ־טריאָטיזם און באַשולדיגען איינע די אַנדערע; דער פּאַרלאַמענטאַריזם איז טריפה און ערשט די נעכטיגע שונאים פון רעוואָלוציע איבער דער גאַנצער וועלט, האָבען זיך פּלוצלונג איבערגעקוליעט צום סאַמע לינקסטען עקסטרע־מיזם און זיינען אויסגעשפּראַכענע אָדער שטילע אַנהייגער פון דעם רו־סישען באָלשעוויזם. ווי קומט עס, פרעגען מיר זיך, ווי אַזוי איז דאָס געשען? . . .

און, ממה נפשך, זיינען זיי עס, טאָ וואָס קרימען זיי זיך וועגען דעם דרי־טען אינטערנאַציאָנאַל? . . . דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל איז דאָך, —

אויב זיי װילען זיין קאָנסעקװענט — ד ע ר א י ד ע אַ ל פון אַן אינטער־נאַציאָנאַל. ער טוט דאָך דאָס אייגענע װאָס די רבּיים פון דעם סאָציאַ־ליזם האָבען אין זייער צייט געטאָן. ער פירט איין דעם העראָען־קולט — לענין און לענין און נאָך אַמאָל לענין — ער שליסט אויס פון סאָציאַליזם יעדער פראַקציע, אָדער פּאַרטיי װאָס מעג אפילו שטרעבען צו דיזעלביגע סאָציאַלע אידעאַלען, נאָר זאָגט זיך אָפּ פון י ע נ ע מיטלען און װעגען צו דערגרייכען זיי, װעלכע ער דיקטירט; אפילו װען זיי פּאַסען זיך בשום אופן ניט צום לעבען פון די פעלקער און קענען פאַר אָרדער גיט אויסגע־פירט װערען . . . ער שליסט אויס אַלע סאָציאַליסטישע גרופּעס װאָס האַל־טען ניט פון דער דיקטאַטור פון אַ פּאָליטישער באָלשעװיסטיער רעגירונג, ניט נאָר איבער די פּאָליטישע פאַרהעלטעניסען פון מענשען צו מענשען און גרופּעס צו גרופּעס אין דעם סאָציאַלען לעבען, נאָר װאָס שאַלטעט און װאַלטעט און דיקטאַטורעװעט נאָך אויך איבער דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישען און אינדוסטריעלען לעבען פון די אַרבעטער־מאַסען.

און דאָס איז דאָך אַן אינטערנאַציאָנאַל, אין דעם גייסט און האַנדלונג פון דעם צװייטען צוזאַמענפּאַר פון ערשטען אינטערנאַציאָנאַל. מען מוז דאָך צוגעבען, איצט װייניגסטענס, אַז דער צװייטער אינטערנאַציאָנאַל איז געװען, פון צייט צו צייט, נאָר אַ פרידלאַכע עקסקורסיע פון דעם פּאַר־לאַמענטאַריזם, װאָס האָט כמעט דעם סאָציאַליזם פאַרגעסען אין דער איי־לעניש צו עראָבערען די װעלט פאַר אים . . . און איז ניט נאָר ניט געװען קיין מאַכט צו באַשיצען די גרויסע סאָציאַלע אידעאַלען אַנטקעגען דער אַלטער װעלט, אָדער העלפען דעם פּראָלעטאַריאַט אין זיינע קאַמפּען, נאָר האָט אפילו ניט פאַרמאָגט צו שאַפען צװישען די סאָציאַליסטען פון דער װעלט יענע פאַרשטענדעניש און אייניקייט װאָס װאָלט אַזױפיל געקענט העלפען די פעלקער אין זייער גרעסטער נויט . . .

דער צװייטער אינטערנאַציאָנאַל פאַר דער מלחמה איז געװען אַ דורכ־פּאַל און װעט אַװעקגיין אין דער געשיכטע ניט מיט קיין גרויסער גלאָריע. אַנדערש איז אפילו מיט דעם באַנייטען צװייטען אינטערנאַציאָנאַל. זיינע מיטלען צו דערגרייכען די סאָציאַלע אידעאַלען זיינען טיילװיים רעװאָלו־ציאָנערע — דירעקטע אַקציאָן, אַלגעמיינער סטרייק, און אפשר אויך די איטאַליענישע עקספּראָפּריאַציע פון די פאַבריקען — אָבער זי איז אויך טיילװיים פּאַרלאַמענטאַריש און װעט אין ענגלאַנד און אין איטאַליע, לאָ־מיר האָפען, אָננעמען אַנאַנדער פּאָרמע װי צו קאָנצענטרירען די הערשאַפט איבער דעם גאַנצען סאָציאַלען לעבען אין די הענט פון אַ פּאָליטישער דיק־טאַטור; אָבער דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל אונטער דעם העראָען־קולט פון לענין קען מיט קיין אַנדער זאַך ניט זיין צופרידען װי מיט אַ ז אַ דיק־

טאַטור ווי די באָלשעוויסטישע אין רוסלאַנד און די וואָס ווילען מיט אים ניט איינשטימען ווילען ניט קאָנען אריין אין דעם דריטען אינטערנאַ־ציאָנאַל.

און פאַרוואָס טאַקע ניט? פאַר אים זיינען זיי נאָך אַלץ האַלבע בור־זשועז . . . אויב ניט גאַנצע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערען . . . און ביי די, ביי וועמען די אינטערנאַציאָנאַלען זיינען די הייליגע מפרשים פון דעם סאָציאַליזם, מעג טאַקע זיין א וואונד אין הארצען און טרערען אין די אויגען ווען מען שליסט זיי אויס פונ'ם אינטערנאַציאָנאַל אָדער מען פאַראור־טיילט צום טויט אַ פאָלקס־באַוועגונג אָדער אפשר גאָר א גרויסען אידעאַל, וואָס איז זיי ליב און טייער . . . ניט ביי אונז . . .

ב.

דער „אינטערנאציאנאל" איז קיינמאל ניט געווען קיין הייליגטום, קיינמאל ניט געווען דער טעמפעל, פון וועמעס סאנקטום די סאציאליסטישע טעטיקייט — דער סאציאליסטישער גאטעסדינסט — האט זיך פארשפרייט אויף דער וועלט. און אוואַי ניט — די סאציאליסטישע איינינקייט און ברידערלאכע סאלידאריטעט . . . ער איז אפילו קיינמאל ניט געווען יענע גרויסע אלוועלטלאכע טריבונע, פון וועלכער דאס גרויסע סאציאליסטישע ווארט האט זיך פארשפרייט צווישען די פעלקער. ווי יעדע צוזאמענגעשטעלטע פארשיידענארטיגע פאליטישע קערפערשאפט, האט זיך אין יעדען פון די געוועזענע אינטערנאציאנאלען באשאפען א פערזאנען־קולט און א דאמינירענדע הערשאפט פון א פארטיי. דער דריטער „אינטערנאציאנאל" איז ניט בעסער פון די פריערדיגע, ער האט נאך אבער אחוץ דעם — אזוי ווי אין אן אנפאל פון גרויס־משוגעת — געשאפען א דיקטאטארישען ווילען ארויפצוצווינגען אויף דער גאנצער וועלט ניט נאר זיינע אידעאלען, נאר אויך זיינע מיטלען און וועגען פון סאציאלער באנייאונג פון דער מענשהייט.

וואס־זשע איז דער חידוש, אז די ענגלישע לייבאר־פארטיי, און אפילו די איטאליענישע ארבעטער, וועמעס האנדלונגען שטימען ניט מיט דעם דריטען אינטערנאציאנאל, זיינען פאראורטיילט פון אים, ווען ניט ווי קאנטררעוואלוציאנער, ווייניגסטענס ווי ניט־סאציאליסטיש, ווייל ניט אין דעם גייסט פון דער רוסישער רעוואלוציע מיט איר „דיקטאטור פון פראלעטאריאט"? און וואס איז דער חידוש, אז דער ציוניזם — אי אין זיין גרויסען אידעאל פון א סאציאלער ווידערגעבורט פון א פאלק, אי אין זיין פאקטישען אויסדרוק פון א פארטיי־שטרעבונג — האט געהאט דעמזעלבען מזל ?

און איז אמת'ן : וואס איז דער ציוניזם ? אין זיין אידעאל — די גרויסע שטרעבונג פון אן אלטען פאלק צו זיין ווידער־אויפלעבונג און זעלבסט־באשטימונג אויף זיין אייגען לאנד; אין זיין פאקטישען אדער אקטועלען אויסדרוק — די שטרעבונג פון א פארטיי צו דער רעאליזירונג פון דעם אידעאל. אבער די פארטיי איז ניט קיין איינהייטלאכע. זי באשטייט פון איין טייל (די מזרחי) וואס שטרעבט צו דער אויפלעבונג פון דעם אלטען ריטועלען אידענטום אין ארץ־ישראל; פון אנאנדער טייל (א קליינבירגערטום), פאר וועמען די אויפלעבונג פון ארץ־ישראל איז דערזעלבער פראצעס פון קאפיטאליזירונג פון די רייכטימער פון לאנד און דער פראלעטאריזירונג פון די ארבעטער־מאסען, ווי דער פראצעס פון דער היינטיגער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט קעגען וועלכען די סאציאלע רעוואלוציע שטרעבט מיט אלע אירע מיטלען און כחות; און נאך פון א דריטען טייל — פון דעם סא־

ציאַליסטישען ציוניזם, וועלכער שטרעבט אַפּילו צו די גרויסע אידעאַלען פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און דער סאָציאַלער באַנייאונג פון דער מענשהייט, איז אָבער גרייט צו העלפען יעדען מיטעל אין דער אויפלעבונג און זעלבסטבאַשטימונג פון דעם פאָלק אין פּאַלעסטינע. און כאָטש קיינער וועט אונז געוויס ניט באַשולדיגען אין צופיל חסידות און ליבע פאַר דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל, מוזען מיר אָבער צוגעבען, אַז ניט איינע פון די רעאַלע שטרעבונגען פּאַסען זיך צו צו יענע קוואַזי־עקסטרעמע רעוואָלוציאָנערע ברכות, מיט וועלכע דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל איז מזכה די וועלט. עס איז אמת, אַז די פאָרשטייער פון גרויסע סאָציאַלע אידעאַלען, די פּרעטענדענטען אין דעם קאַמף פאַר דער זעלבסט־באַשטימונג פון פעל־קערשאַפטען, וואָלטען געמעגט קענען אונטערשיידען צווישען דעם גרויסען אידעאַל פון ציוניזם און זיין פּראַקטישער פאַרווירקליכונג. אָבער וואו שטייט עס געשריבען, אַז זיי האָבען עס געקענט וויסען, זייענדיג אונטער דער פאַלשער לייטונג פון די סאָציאַליסטען־אַסימילאַטאָרען, פון איין זייט, און פון דער רויטער גוואַרדיע פון פּועלי־ציוניזם, אויף דער אַנדער זייט?

אמת, די לעבינס און די בוכאַרינס, וואָס ווילען רודערען מיט'ן מענש־לאַכען געדאַנק, מיט דער נשמה און האַנדלונגען פון די פעלקער פון דער וועלט, וואָלטען געמעגט זיין ניט אַפּהיינגיג אין זייער טעאָרעטישען וויסען און פּראַקטישער ערפאַרונג פון די קליינע מענשעלאַך — פון די גאָלדפאַרב־פּעטראָווסקים און די רוסישע רויטע קאָמוניסטען־פּועלי־ציון, וואָס האָבען מיט דער אויפלעבונג פון זייער פאָלק אין ציון, דאַכט זיך, גאָר קיין שייכות ניט . . . זיי וואָלטען געמעגט זיין בעסער אינפאָרמירט, איבערהויפּט אין סאָציאַלע פּראָגעס; אָבער צו דעם זיינען זיי אַליין ניט גרויס גענוג . . . לאָמיר זיך ניט נאַרען: מיט דער אויסנאָם אפשר פון אַזעלכע געגנער פון דער אַליאירטער דיפּלאָמאַטיע, ווי געאָרג בראַנדעס איז, וואָס רעכענט לעניג'ען פאַר אַ ציווילען זשעניע און טראָצקי'ן פאַר אַ מיליטערישען גאון, האָט קיינער קיין איבעריג גרויסע געניאַליטעט פון די פירער פון דעם רו־סישען באָלשעוויזם און דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל ניט געהאַט די זכיה צו זען. פאַרקערט, זייער ביסעל געניאַליטעט אין דער פירערשאַפט פון דעם באָלשעוויסטישען רעזשים אין רוסלאַנד און אין דעם קאַמף קעגען אינערלאַכע און אויסערלאַכע שונאים, באַווייזט נאָר, ווי ווייניג מען דאַרף האָבען צו קענען פירען אַ פאָלק, וואָס ווייזט ניט קיין ווידערשטאַנד צו די פאָרמעס פון דער פירערשאַפט. האָט דאָך אונזער פּרעזידענט גענומען אַ קליוולאַנדער לאָיער, וואָס האָט פריער ניט געוויזען קיין גרויסע העלדישקייטען, קיין קענטעניישען אָדער טיפע און ברייטע געדאַנקען, און האָט אים געמאַכט פאַר אונזער קריגס־מיניסטער. וועלכער האָט פּשוט וואונדער באַוויזען אין דער

אָרגאַניזירונג פון מיליאָנען אַרמייען און דער טראַנספּאָרטירונג פון די אַר־מייען אונטער דער געפאַר פון דייטשע סובמאַרינס. אורטיילענדיג, ווי דער אַלטער דעניִשער קריטיקער בראַנדעס אורטיילט, איז אונזער קריגס־מיניס־טער בייקער — אַ געניאַלער נאַפּאָלעאָן. אָבער דער אמת איז פאַרט פיל פּשוט׳ער — ער איז, גאַטעניו, ווי ווייניג מען דאַרף עס האָבען צו זיין דיפּלאָמאַטען און פּאָליטיקער, פירער און הערשער, ווען גרויסע פעלקער מיט אומגעהויער גרויסע רעסורסען טוען וויליג, וואָס די רעגירער פאַרלאַנגען פון זיי.

מיר זיינען זיך מודה: מיר האָבען ניט איין מאָל מיט ערנסטען פאַר־לאַנג געזוכט און געווינשטערט צו געפינען יענע געניאַליטעט אין די פירער פון דעם רוסישען באָלשעוויזם, וואָס זאָל דערקלערען זייער גרויסקייט און מאַכט. אין די מייסטע רעדעס, געהאַלטען פון לענין, טראָצקי, זינאָוויעוו און אַנדערע, אין אַלע שריפטען וואָס מיר האָבען געזען, געפינען זיך ניט מער ווי די אַלטע סאָציאַליסטישע טעאָריעס, די אַלטע סאָציאַליסטישע פראַ־זען און יענער גרויסער אָבער בלינדער גלויבען, אַז די וועלט איז שוין פאַרטיג היינט־מאָרגען צו מאַכען די גרינטלאַכע ענדערונגען אין די סאָציאַל עקאָ־נאָמישע יסודות פון דעם לעבען, וועלכע דער באָלשעוויזם פּרעטענדירט צו פאַרווירקלאַכען אין דעם פּראַקטישען לעבען.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז אַן אומזין: די האַפענונגען אויף דייטש־לאַנד האָבען זיך אויסגעלאָזט מיט אַ ברודער־קאַמף; די האָפענונגען אויף פוילען — אין אַ בלוטיגער מלחמה פון „היינט וועל איך דיך באַזיגען און מאָרגען וועסטו מיך באַזיגען, און דערווייל וועלען מיר זיך ביידע באָדען אין טייכען מענשלאַך בלוט"; די האָפענונגען אַפילו אויף איטאַליע — האָבען זיך אויסגעלאָזט מיט אַ דערווייליגען קאָמפּראָמיס צווישען דער רעגירונג, אַר־בעט און קאַפּיטאַל, אמת, מיט אַ גרעסערער מאַכט און פאַרוואַלטונג פון דער אַרבעטערשאַפט אין דער פּראָדוקציע פון לאַנד. אָבער וואָס איז ווייט מיילען נאָך פון יענער גרויסער סאָציאַלער ענדערונג וואָס וועט זיכער קו־מען . . . אָבער נאָך ניט מאָרגען; און ענדלאַך, די האָפענונגען אויף דעם נאָענטען מזרח — קענען זיך נאָך אויסלאָזען אין דיפּלאָמאַטישע דריידלאַך, וואָס וועלען נאָך אפשר פירען צו אַ הייליגען מאַכמעדאַנישען קריג און ווידער טאָקע ימים בלוט.

און ווי אַנדערש האָבען דען געקענט האַנדלען אין באַצוג צו אונז אַזעלכע בלינדע פירער, אַפילו ווען זיי פּרעטענדירען צו באַשיצען די זעלבסט־באַשטימונג פון פעלקער, ווי אַנדערש דען ווי אין זייער אומוויסענהייט פאַר־אורטיילען דעם גרויסען אידעאַל פון דער זעלבסט־באַשטימונג פון דעם אי־דישען פאָלק צום טוט? און צו וואָס אַט די שרעק, אַט די באַדויערונג —

כמעט טרערען — ווען זיי האָבען עס געטאָן ? ניט אין זייערע הענט איז דער גורל פון דעם אידישען פאָלק, ניט אין זייערע הענט איז דער גורל פון די פעלקער. זיי אַליין האָבען נאָך די מזוזה ניט געקושט אין דעם היסטאָרישען עקזיט פון די וועלטלאַכע געשעענישען, וועלכע מיר לעבען איבער. אַזוי ווי עס שיינט, וועלען זיי אָדער אַליין זיך ענדערען אין דעם פּראָצעס פון סאָציאַלער אַנטוויקלונג, אַז עס וועט פשוט ניט זיין זיי צו דערקענען, אָדער זיי וועלען, אין זייער עקשנות'דיגען קאַמף, צו באַהערשען דאָס רוסישע פאָלק אין אַלע צווייגען פון לעבען און צו דיקטירען דער וועלט די וועגען און מיטלען פון איר באַנייאונג, פאַלען קיינמאָל ניט אויפצושטיין . . .

טאַ מה רעש, אַז זיי האָבען אונזער נאַציאָנאַלע ווידעראויפלעבונג און נאַציאָנאַלע זעלבסטבאַשטימונג פאַר'משפט צום טויט ? . . .

פאַר דידאָזיגע מענשען, ביי וועמען דער אינטערנאַציאָנאַל איז דער קדש־קדשים פון דעם סאָציאַליזם, קען זיין איז די פאַראורטיילונג פון ציוניזם, אַפילו אין זיינע העכערע און אידעאַלערע שטרעבונגען, אַ גרויסער קלאַפּ — אַ שווערע וואונד . . . פאַר זיי איז די באַשטימונג, אַז דער ציוניזם איז אַן אונטערשטופּער פון דעם ענגלישען אימפּעריאַליזם, אודאי אַ באַליידיגונג, און אַז דער ציוניזם, ווער רעדט נאָך דער סאָציאַליסטישער ציוניזם איז אַ שילד צו פאַרדעקען די עקספּלואַטאַציע פון דעם אַראַבישען אַרבעטער ניט נאָר אַ בלבול, אַ פאַרלוימדונג, נאָר פשוט אַ שענדלאַכער ליגען ! . . . זיי מוזען זיך אפשר ליינען אין דער ליינג און אין דער ברייט אָט די פעלערען, וואונדען און פאַרלוימדונגען גוט־צו־מאַכען, כאָטש אונז גלויבט זיך ניט, אַז עס זאָל זיי געלינגען. שטייען זיי דאָך מערסטענס מיט זייערע האָפענונגען אויף דער ענגלישער לייבאָר פּאַרטיי, — צו געווינען אַ גרויסען טייל פון דעם סאָציאַלען קאַמף אין ארץ ישראל; און זיצען — ווי איר ווילט אייך — אויף צוויי ביינקלאַך איז גאָר ניט באַקוועם. אַהין אָדער אַהער; מיט דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל אָדער מיט דער מאָסיגער אַרבעט פון די בריטיש־סאָציאַליסטשע באַשטרעבונגען.

דאָס איז פאַר זיי, פאַר די גלויביגע, ניט פאַר אונז. פאַר אונז, אפּיקורסים, וואָס גלויבען ניט אין דער הייליקייט פון די ביזאַהעריגע אינטערנאַציאָנאַלען, האָט ניט דאָס בענשען און ניט דאָס שילטען פון דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל אַ גרויסע ממשות... מיר האָבען אונזער אַרבעט, אַ שווערע, אַ גרויסע אַרבעט, אַ קאַמף מיט די עלעמענטען — אפילו ציוניסטישע — וואָס שטייען אין וועג פון אַ מאַסען־אויפלעבונג פון אונזער פאָלק און לאַנד; אַ קאַמף מיט די עלעמענטען, וואָס גרייטען זיך צו די עקסטרימסטע אידעאַלען פון סאָציאַלער באַנייאונג, פאַר וועלכע ניט דאָס לאַנד און ניט דאָס פאָלק זיינען נאָך פאַרטיג דערוייל; און אַ קאַמף דאָך צו געווינען אויף'ן סאָציאַל־עקאָ־

נאָמישען באָדען יעדען ברעקעל סאָציאַלען פאַרטשריט, וואָס קען פירען צו אַ בעסער זעלבסטשטענדיג לעבען פון אונזערע פאַרמאַטערטע מאַסען. ניט בלויז אַ מאַטעריעלען, נאָר אויך אַ גייסטיגען, וואָס זאָל ניט דערלאָזען אָוועקרויבען ביים מענשען זיין פרייהייט און גלויבען, אין דיינקען און שאַפען; אַ קאַמף קעגען יעדער דיקטאַטור—בורזשואַזער ווי סאָציאַליסטישער . . .

אָט דאָס איז אונזער אַרבעט, אָט דאָס איז אונזער קאַמף — און זיי היינגען בשום אופן ניט אָפּ פון די פאַראָרדענונגען און דעקרעטען פון דעם אָדער יענעם „אינטערנאַציאָנאַל“, נאָר פון די אַלע אינעווייניגסטע אָרגאַניזירטע כחות פון אונזער פאָלק.

# דער צוקונפטיגער אידישער שטאַט אין ארץ ישראל

דאָס פאָלגענדע איז אַ צוזאַמענשטעלונג פון פינף אַרטיקלען, וואָס זיינען ערשינען אין דער „וואַרהייט“ פון סוף מאַי, ביז סוף יולי, 1918. די פאַרבינדונג צווישען די אַרטיקלען איז אַן אָרגאַנישער, די איינציגע ענדערונגען וואָס האָבען מיך דאָ געפאָדערט זיינען געוועזן כדי צו מאַכען די איצטיגע אָפּהאַנדלונג מער צוזאַמענגעפּרעסט, אויסצומיידען די איבערחזרונגען און אַרומריידען, וואָס אָן זיי איז אָפטמאָל זיך שווער צו באַגיין אין אַ רייע צעוואָרפענע צייטונגס־אַרטיקלען.

דער אַרבעטער־קאָנגרעס פאַר ארץ ישראל, וועגען וועלכען עס ווערט דערמאָנט אין צווייטען קאַפּיטעל, איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין נויאָרק אינ׳ם זומער פון 1918 און איז אין זיין צייט געוועזן אַ גרויסע פּאַסירונג, לכל הפּחות בנוגע די האָפענונגען וואָס מען האָט אויף איהם געלייגט.

י. ע.

א.

# דער בעל הביתישער און פראלעטארישער קוק אויף דער צוקונפטיגער ארץ ישראל רעגירונג

זאגט אייך וואס איר ווילט, אבער עס איז מערקווירדיג: פאר דער גאנ־צער צייט וואס כמעט די גאנצע וועלט אידען טומעלט זיך מיט דער פארוים־געזעענער דערלייזונג פונ'ם אידישען פאלק אין פאלעסטינע; פאר דער גאנ־צער צייט וואס מאכטיגע שטאטען און פעלקער אין איירארפא האבען פראק־לאמירט זייער צושטימונג צו דער ענגלישער דעקלאראציע און דער דערליי־זונג פון דעם אידישען פאלק, האט זיך דער אפיציעלער ציוניזם — דערוויל דער פאקטישער בעל הבית פון דער ארץ ישראל'ער סיטואציע — מיט קייןווארט ניט ארויסגעזאגט וועגען דעם וואס איז דער פאליטישער אידעאל, דער פאליטישער פארלאנג פון די לייטענדע גייסטער פון דעם ציוניזם — וואס איז די פאליטישע פארמע וואס דארף געשאפען ווערען אין דעם היימ־לאנד פון אידען אין ארץ ישראל. זיינען זיי דאך ניט אזוי טעמפ, יענע לייטענדע גייסטער, ניט צו פארשטיין, אז די אלטע באזעלער פארמולירונג פון „א רעכטלאך געזיכערטער היים אין פאלעסטינע", וואס איז אזוי אל־געמיין ברייט, קען באטייטען זייער א סך, ווען עס לאזט זיך — קען אבער אויך גאר ניט באטייטען, ווען מען וויל . . . און איז לכל הפחות איצט שוין אלט און אפגעלעבט; אז אין דער איצטיגער פאזע פון דער אידישער דערלייזונג, מיט דעם צוזאג פון די וועלט־דעמאקראטיען אויף דעם ריקקער צו דער אי־דישער היים, דארף מען זיך קלאר פארמולירען, וויינינגסטענס די פאליטישע פארמע — אויב ניט דעם גאנצען סאציאלען ארט לעבען — צו וועלכער מען שטרעבט און וואס וועט דעם צוריקגעקערטען פאלק גאראנטירען פאליטישע רעכט און פאליטישע פרייהייטען.

און דאך, אויב מען זאל גלויבען די נייס וואס דערטראגען זיך צו אונז, האט אפילו דר. וויצמאן — דער פירער פון דער ציווילער „אידישער רע־גירונג", ווי די ציוניסטען רופען די קאמיסיע וואס די ענגלישע רעגירונג האט דערלויבט צו שיקען קיין פאלעסטינע — אין אן אפיציעלער רעדע אין ירושלים, גערעדט וועגען עפעס אן אומבאשטימטער אויטאנאמער פאליטישער פארוואלטונג, אין וועלכער אידען וועלען דארפען לעבען אין ארץ ישראל נאך א לאנגע צייט א ו נ ט ע ר ד ע ר פ ר א ט ע ק ט א ר א ט פ ו ן א ג ר ו י ס מ א כ ט.

אזא אומבאשטימטע „אויטאנאמע פארוואלטונג אונטער דער פראטעק־

טאַראַט פון אַ גרויסמאַכט״ מעג זיך זיין דער נוסח פון די אַלטע פאָרמעס פון פאַרשטעלטער דיפּלאָמטיע אין אָפיציעלע רעדעס, און מעג זיך אין אונזער צייט, פון כמעט אָפיציעלער דיפּלאָמאַטיע פון רעגירונגען, זיין פּאָלי־טיש קלוג אָדער ניט — ער זאָגט סאַי ווי סאַי גאָרניט . . . דער אָפיציעלער ציוניזם האָט, אַפילו ניט אָפיציעל, זיינע אידעאַלען און פאַרלאַנגען בנוגע צו דער פּאָליטישער איינאָרדענונג פון אידישען פאָלק, בנוגע צו דער קאָנ־קרעטער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פון אידען אין פּאַלעסטינע, קיינמאָל ניט קלאָר געמאַכט.

קענען מיר זיך נאָך וועגען די סאָציאַל־עקאָנאָמישע צילען און שטרעבונגען פון דעם אָפיציעלען בעל הביתישען ציוניזם ווי עס איז משער זיין. ווייסען מיר דאָך, אַז דער בעל־הביתישער ציוניזם געהערט סאָציאַל־עקאָנאָמיש צו אַ געוויסער געזעלשאַפטלאַכער שיטה און מעג ער אַז אַ סוף זינגען שירים צו די גרויסע אידעאַלען פון די נביאים—די אידעאַלען פון געזעלשאַפטלאַכען יושר און גערעכטיקייט — און מעגען זיינע בעסטע און פאָרטגעשריטענסטע פאַרשטייער ב ר י ד ע ר ל א ך סטראַשען אונז — אונז, וואָס קעמפען פאַר אַ בעסער סאָציאַלען לעבען פון די פעלקער און פון אונזער פאָלק — אַז מיר וועלען פאַר אונזער קאַמף דאָרט אין דעם אַלט־נייעם לאַנד קיין נויט און קיין באַדערפעניש ניט געפינען, ווייל אונטער זיין השפעה וועט שוין דאָס בעסערע סאָציאַלע לעבען ממילא קומען . . . ווייסען מיר אָבער, אַז דער בעל הביתישער ציוניזם וועט בשום אופן ניט קענען פועל'ן ביי זיך ניט אריינצולאָזען דאָס פּריוואַטע קאַפּיטאַל אין דעם אויפבוי פון דעם ווידער־באַלעבטען לאַנד, ווייל דאָס פּריוואַטע־קאַפּיטאַל איז זיין לע־בענס־נערוו און דורך זיינע ברילען איז עס אויך דער לעבענס־נערוו פון דעם גאַנצען מאָדערנעם לעבען . . .

און וואָס דאָס באַטייט — ווייסען מיר אויך . . . עס באַטייט דער קאַ־פּיטאַליסטישער אַרט פון פּראָדוקציע מיט אַלע קליפּערלאַך פון דעם היינטיגען קאַפּיטאַליסטישען לעבען.

דאָך, די נאַציאָנאַלע אידישע אַרבעטער מאַסען, וואָס ווילען גיין קיין ארץ ישראל, טראָגען אין זייער נשמה גרויסע אוצרות — גרויסע אידעאַלען -- גרויסע כחות פון אַרבעט און קרבנות: דאָס אויפלעבען פון זייער פאָלק און זייער לאַנד איז דאָס נאָענסטע ציל פון זייער שטרעבען און קאַמף און זיי וועלען דורך זייער מי און אַרבעט און אָפּפער פּרואווען איינפלעכטען אין זייער לעבען דאָס בעסטע וואָס וועט זיך לאָזען אין דעם נייעם לעבען איינפלעכטען. זיי ווייסען אָבער, אַז די ברייטערע סאָציאַלע אידעאַלען — דער גאַנצער איבערבוי

פון דעם געזעלשאפטלאכען לעבען — ז י י נ ע ן  ד י  א י ד ע א ל ע ן  פ ו ן  ד ע ר  צ ו ק ו נ פ ט וואס טארען ניט און דארפען ניט איצט שוין שטערען דער ווידערגעבורט פון פאלק און לאנד און אויך דא וועט זייער גרויסע ליבע צום לאנד און פאלק זיך ניט אפשטעלען פאר קרבנות — זיי וועלען געדולדיג טראגען דעם קאמף מיט'ן קאפיטאליזם.

אבער פאליטיש ? !

וואס פארט איז דער פאליטישער קרעדא פון דעם אפיציעלען ציוניזם ? איז עס אן „אויטאנאמע" מאנארכיע מיט א פרינץ פון דער בערזע, אדער א פרעטענדענט פון בית דוד אויפ'ן טראן ? אדער איז עס אפשר דער קרעדא פון יענעם פראמינענטען ציוניסטישען פירער וואס פארזיכערט, אז אליין איז ער א שטיק סאציאליסט, נאר פאר דעם זעלבסטשטענדיגען נאציאנאלען לעבען פון דעם אידישען פאלק אין פאלעסטינע, וואלט פאר די ערשטע עטלאכע צענדליג יאר פארט געווען דאס בעסטע א פאליטישער דיקטאטאר... אדער איז עס גאר די ציוניסישע „ביוראקראטיע" וואס שמ'ט אזוי פון ירושלים ביז ניו יארק און פארוואנדעלט זיך דא אין אן אויטאקראטישער אליגארכיע ? . . .

וואס פארט איז די פאליטישע ארגאניזאציע וואס דער אפיציעלער ציוניזם שטרעבט צו באשאפען אין פאלעסטינע, אויב ארץ ישראל זאל בלייבען דאס היימלאנד פון דעם אידישען פאלק נאך דער מלחמה, ווען פרידען וועט ווידער הערשען אויף דער וועלט ? מוז זיך דאך אט דאסדאזיגע שטרעבען אויסדריקען באצייטענס אין א קאנקרעטער פארמע, כדי, וויינעגסטענס, אין דעם באגריף פאליטיש צו ערציען די גרויסע אידישע מאסען, וואס וועלען גיין קיין ארץ ישראל, צו א זעלבסטשטענדיג איינגעארדענט פאליטיש לעבען.

קען דאך ניט זיין אז דער אפיציעלער ציוניזם זאל האפען צו מאכען דעם ציוניסטישען קאנגרעס, וואס איז אפילו מער אדער ווייניגער א דעמאקראטישע אינסטיטוציע, פאר דער קאנסטיטואירענדער רעגירונגס־פארמע אין פאלעסטינע. עס וואלט דאך געהייסען ארויפצווינגען אויף א פאלק דעם ווילען און די הערשאפט פון א פארטיי און קעגען דעם וואלט דאס פאלק אי אין ארץ ישראל, אי אויסער ארץ ישראל פשוט רעוואלטירט. עס וואלט געהייסען שוין אין פארויס באשאפען באדינגונגען וואס מוזען פירען, ווער ווייסט, אפשר צו בלוטיגע מרידות און בלוטיגען קאמף. און עס שיינט טאקע אז די מער שכל'דיגע פירער פון דעם אלוועלטלאכען ציוניזם ווילען דעם קאמף, וואס קען שעדיגען דאס אויפבויען און אנטוויקלונג פון ארץ ישראל, איינגאנצען אויסמיידען. זיכער ווילען זיי דאך ניט און זיכער מיינען זיי דאך ניט, אז עס קען אזוי זיין, אז נאר דאס פאלק זאל פארבויגען זיינע

העלסטע אידעאַלען און שטרעבונגען, כדי דעם צעשטערענדען קאַמף אויס־צומיידען.

און די גרויסע אידישע פאָלקס־מאַסען, וואָס האָבען זיך כמעט אין א משך פון צוויי טויזענט יאָר אָפּגעוויינט פון אַן אָרגאַניזירט באַהערשענ־דיג פּאָליטיש לעבען און די פאָרטגעשריטענע אידישע אַרבעטער־מאַסען, וואָס שטייען כמעט אין אַלע לענדער אין דעם אַוואַנגאַרד פון פּאָרטגעשרי־טענע אידעאַלען, וועלען קיין אַנדער פּאָליטישע פאָרמע פשוט ניט פאַרטראָ־גען.

דאָס וואָלט זיך דער אָפיציעלער ציוניזם געמעגט נאָטירען און וויסען, אָבער אפילו די פרייע דעמאָקראַטישע רעגירונגס־פאָרמע, וואָס דאַרף מיט דער צייט געשאַפען ווערען אין פּאַלעסטינע, דאַרף שוין איצט קאָנקרעטיזירט ווערען כדי די מאַסען זאָלען זיך אין איר מער און מער אָריענטירען; בעסער און בעסער זי פאַרשטיין; מער און מער זיך גייסטיג דערציען אין איר.

אודאי איז דער אָפיציעלער בעל הבתישער ציוניזם אין זיין עצם ניט אַגרעסיוו, ניט רעוואָלוציאָנער. ער וועט ניט וואַגען צו שטעלען דער פּאָ־ליטישער וועלט — אפילו די דעמאָקראַטישע פעלקער און רעגירונגען, וואָס האָבען צוגעשטימט אויף א אידישער היים אין פּאַלעסטינע און אויף דער זעלבסטבאַשטימונג פון דעם אידישען פאָלק אין זיין היים — די קאָנקרעטע פאָדערונגען פון א פרייער דעמאָקראַטישער רעגירונג. דעם אָפיציעלען ציוניזם וואָלט אפשר גאָר ניט געאַרט, אַז די אידישע היים אין פּאַלעסטינע זאָל פאַרבלייבען נאָך דער מלחמה א קאָלאָניאַלער טייל פון דער בריטישער אימפּעריע, טראָץ דעם וואָס די פאַרנעמסטע שטאַטסמענער אין ענגלאַנד און די פּראָגרעסיווע בריטישע אַרבעטערשאַפט זיינען קעגען דעם און פאַר א פרייען אידישען שטאַט; ווער קען וויסען וואָס אויף דעם פאַרשטעלטען דיפּלאָמאַטישען לשון קען מיינען „אונטער דער פּראָטעקטאָראַט פון א גרויסמאַכט . . .״

דערפאַר איז אַזוי וויכטיג און נויטיג אין דעם איצטיגען מאָמענט די קאָרעגירענדע און מוטיגע מאַכט פון דער נאַציאָנאַלער אידישער אַרבעטער־שאַפט, וואָס האָט מיט א גאַנץ מויל און ניט מיט קיין צווייטייטיגע ווער־טער פּראָקלאַמירט פאַר דער גאַנצער וועלט די פאָדערונג פון א פרייער רע־פּובליק מיט אינטערנאַציאָנאַלע גאַראַנטיעס פאַר דעם אידישען פאָלק אין ארץ ישראל. ווען די צייט וועט קומען וועט די פאָדערונג דורך דער פּראָג־רעסיווער אַרבעטערשאַפט פון דער וועלט דערהערט ווערען און וועט אויך האָבען איר ווירקונג.

אָבער נאָך גרעסער איז די באַטייטונג פון א קאָנקרעטען אויסדרוק פון

דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע אין פּאַלעסטינע פאַר דער פּאָליטיש־ערציע־רישער נויט פאַר דעם פאָלק אַליין. דאָס פּאָלק — די גרויסע אידישע מאַסען, זיינען אין עצם דעמאָקראַטיש פריי — אומגעצוימט... טיילוויים צוליב דעם לאַנגען גלות לעבען אין דער געטאָ אויסער דער פּאָליטישער רעגירונג פון דעם לאַנד; טיילוויים אָבער צוליב די אינעווייניגסטע אייגענשאַפטען פון דער געוויסער התלהבות'דיגער און אומרואיגער נשמה פון דעם פאָלק און טיילוויים אויך, שוין אין דער לעצטער צייט, צוליב דער ווירקונג פון דער פרייהייט פון מערב אייראָפּע. פאַר די אידישע מאַסען וועלען אינסטינקטיוו אַפילו די פרייע דעמאָקראַטישע רעגירונגען — די רעפּובליקען צו רעפּובליקען — ניט גלייך זיין. ניט גרינג וועט זיך צוימען דאָס אינסטינקטיוו פרייע פאָלק... און די פרייע אידישע רעפּובליק וועט אויך מוזען די פרייסטע זיין. ניט קיין קאָנצענטרירטע פּאָליטישע מאַכט אַפילו פון א צענטראַליזירטער רעפּובליק וועט דעם פריי־ען און רעוואָלטירענדען גייסט באַהערשען נאָר פאַרקערט, די פרייעסטע אויטאָנאָמע פון טע־ריטאָריעלע איינהייטען און פעדעראַטיווער פּאָליטישער גאַנצקייט וועט א פריי און האַרמאָניש פּאָליטיש לעבען באַשאַפען... אָבער דערצו דאַרף מען דאָס פאָלק ערציען... פּאָליטיש ערציען...

ב.

## די פרייסטע פאָליטישע דעמאָקראַטיע אין פּאַלעסטינע.

טיפער באַטראַכט איז די פראַגע פון דער פּאָליטישער אָדער שטאַטלאַכער אָרגאַניזאַציע פון דעם אידישען לעבען אין פּאַלעסטינע, צוליב פילע טעמים, שוין איצט איינע פון די וויכטיגסטע פּראָבלעמען אין דעם סדר פון דער פּאָר־בערייטונגס אַרבעט צום בויען פון דעם לעבען אין ארץ ישראל. מיט דער מעגלאַכער פאַרווירקלאַכונג פון דער באַפרייאונג פון ארץ ישראל פאַר אַ אידישען שטאַט ווערט אַלץ מער און מער באַשאַפען דאָס באַדערפעניש פאַר די נאַציאָנאַל־אָרגאַניזירטע און באַוואוסטיניגע שיכטען פון דעם אידישען פּאָלק אָנצונעמען אַ דעפיניטיווע, אויסגעשפּראָכענע שטעלונג בנוגע יענער קאָנקרעטער פּאָליטישער פאָרמע אָדער רעגירונג, וועלכע זיי גלויבען, איז צו געפּאַסט, אי צו דער צייט, אי צו די פּסיכישע אייגענשאַפטען און נויטען פון די פּראָגרעסיווע עלעמענטען און פון דעם פּאָלק.

אַט וועט פאַר אונזערע אויגען פּאַרקומען די וויכטיגסטע פּאַסירונג אין דעם לעבען פון די אידישע אַרבעטער אין אַמעריקע. באַלד וועלען פון אַלע עקען פון דער גרויסער פרייער מדינה זיך צונויפקומען די נאַציאָנאַל־געזינטע אידישע אַרבעטערשאַפט אויפ'ן קאָנגרעס פאַר ארץ ישראל. דער קאָנגרעס איז, און וועט דורך דער מאַכט פון זיינע פאַרהאַנדלונגען נאָך מער ווערען דער קאָנסטיטואירענדער סאָציאַל־פּאָליטישער־אויסדרוק פון דער נאַציאָנאַל־אידישער אַרבעטערשאַפט פון אַמעריקע און זיין שטעלונג צו דער פּאָליטי־שער אָרגאַניזאַציע, צו דער פאָרמע פון דעם שטאַט אין פּאַלעסטינע מ ו ז אומצווייטייטיג אויסגעדריקט ווערען ניט נאָר צוליב דער פּראָקלאַמירונג פון זיינע פּאָליטישע אידעאַלען, נאָר מער אפשר צוליב די קלאָרע צילען פון זיין אַרבעט אין דעם אויפבויען פון דעם צוקונפטיגען לעבען אין פּאַלעס־טינע.

אזא חוב פון אַן אָפענער באַשטימטער שטעלונג צו די פאָרמען פון דעם נייעם לעבען אין פּאַלעסטינע און פאָלגלאַך אויך צו דער פּאָליטישער רע־גירונג פון דעם צוקונפטיגען אידישען שטאַט אין ארץ ישראל וואָלט, דאַכט זיך, געדאַרפט ליגען אויף אַלע אָרגאַניזירטע נאַציאָנאַלע עלעמענטען פון דעם אידישען פּאָלק — פּראָגרעסיוו סאָציאַליסטישע ווי בירגערלאַך ציוניס־טישע—אומאָפּהייגניג פון דעם צי ארץ ישראל וועט ווערען אַן אויטאָנאָמע אידישע רעגירונג אונטער דער „פּראָטעקטאָראַט פון אַ גרויס מאַכט" אָדער פון אַן „אינטערנאַציאָנאַלער קאָמיסיע". ווייל אי אין דעם, אי אין יענעם

פאל איז די רעגירונגס־פארמע דאך אן אויטאנאמע. און טאקע ווייל זי איז צייטווייליג — ביז די אידען וועלען ווערען א מאיאריטעט אין לאנד — ניט קיין זעלבסטשטענדיג סאווערענע, וואלט דער פאליטישער אידעאל פון דעם נאציאנאלען אידענטום כסדר געדארפט אפשפיגלען די פאליטישע פאדערונג צו דער העכסטער פאליטישער סאווערעניטעט, כדי דידאזיגע פאדערונג זאל כאטש מיט דער צייט ווערען דער פאקטישער אויסדרוק פון דעם אידישען פאליטישען לעבען.

אפילו ווען דער היסטארישער שיקזאל פון ארץ ישראל זאל זיין צו ווערען א טייל פון דער גרויסער בריטישער אימפעריע — וואס גלויבט זיך ניט — וואלטען ערשט דעמאלט די אויסגעשפראכענע פאליטישע צילען און פאדערונגען פון א פאליטיש אויטאנאמער עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאלק געדארפט זיין די שטארקסטע און די דרינגענדסטע; ווייל מען דארף ניט פארגעסען, אז אונטער דער גרויסער בריטישער אימפעריע לעבען ניט נאר די פאליטיש און עטניש פארשלונגענע וועלשער, האלענדער און שאטלענדער, נאר אויך די פאליטיש פרייע און אויטאנאמע קאנאדער און אויסטראליער . . . און פארוואס דער היסטארישער שיקזאל פון די אידען אין ארץ ישראל אונטער דער בריטישער אימפעריע זאל ניט זיין דער שיקזאל פון די לעצטע פעלקער און ניט פון די ערשטע זיינען קיין לאגישע אורזאכען ניטא.

די באשטימטע שטעלונג פון די באוואוסטזייניגע עלעמענטען צו א זעלבסטשטענדיג נאציאנאל לעבען און זעלבסטשטענדיגער רעגירונג אין ארץ ישראל מוז שוין איצט פראקלאמירט ווערען צוליב דעם אליין, אז זי זאל קענען ווערען די קאנקרעטע פאדערונג פון דעם אידישען פאלק אויף נאציאנאלער עקזיסטענץ און נאציאנאלער זעלבסטבאשטימונג פאר דעם טריבונאל פון פרידען, וואו דער ענטגילטיגער שיקזאל פון פעלקער וועט באשטימט ווערען. דאס רעכט אויף אונזער נאציאנאלער עקזיסטענץ און נאציאנאלער זעלבסט־באשטימונג אין פאלעסטינע מוז אנערקענט ווערען און מוז אונז גאראנטירט ווערען פון א ל ע פעלקער, וואס ווילען ווידער ברייננען שלום אויף דער וועלט.

און וואס פאר אנאנדער פארמע פון פאליטישער זעלבסטבאשטימונג; וואס פאר אנאנדער פארמע פון א פאליטישער רעגירונג קענען די באוואוסטזייניגע עלעמענטען פון דעם אידישען פאלק פראקלאמירען אין אנגעזיכט פון דעם גיגאנטישען קאמף פאר דעמאקראטיע, ווי א פרייע דעמאקראטישע רעגירונג — א פרייע רעפובליק. צו וואסער אן אנדער רעגירונג וועלען זיך די פרייע אידישע מאסען בויגען, ווי צו דער רעגירונג וואס וועט אמווייניגסטען צוימען זייער פרייהייט ?

מיר האָבען שוין אָנגעוויזען אויף די פאַקטען מיט וועלכע מען מוז זיך רעכענען: —

„די גרויסע אידישע מאסען, האָבען מיר געזאָגט, זיינען אין עצם דעמאָקראַטיש פריי — אומגעצוימט. פאַר די אידישע מאסען וועלען אינ־סטינקטיוו אפילו די פרייע דעמאָקראַטישע רעגירונגען ניט אַלע גלייך זיין ... ניט קיין קאָנצענטרירטע פּאָליטישע מאכט פון אַ צענטראַ־ליזירטער רעפּובליק וועט דעם פרייען און רעוואָלטירענדען גייסט באַהערשען, נאָר פּאַר־קערט די פרייעסטע אויטאָנאָמיע פון טעריטאָ־ריאַלע איינהייטען און אַ פעדעראַטיווער פּאָ־ליטישער גאַנצקייט, וועט אַ פרייען און האַרמאָנישען פּאָלי־טישען לעבען באַשאַפען".

און צו דעם פירט אויך די אַלגעמיינע פּאָליטישע אַנטוויקלונג פון דער וועלט־דעמאָקראַטיע. דער מאָדערנער פּאָליטישער שטאַט אין אייראָפּע, וואָס איז פאַרהעלטניסמאַסיג גאַר ניט אַזוי אַלט, איז ביי אַ געוויסער צייט אין זיין אַנטוויקלונג געוואָרען גרויס און מאַכטיג, „מיט גאָט'ס גנאַד", ווייל אַ דינאַסטיע פון טיראַנען און סאַטראַפּען פון אַ הערשענדער נאַציע דאָ און דאָרט האָבען פאַרשלונגען די אַרומיגע פעלקער און פעלקערלאַך, פעאָ־דאַלע קיניגרייכס און פירסטענטומס און האָבען אַלץ מער און מער צענט־ראַליזירט די הערשאַפט איבער מענשען, פעלקער און לענדער, אין דעם ווי־לען און אין די מאַכט פון אַן אַליין הערשער — אַ טיראַן, וואָס האָט געקענט, ווי לודוויג דער פערצענטער, צום ביישפיל, מיט שטאָלץ זאָגען: „דער שטאַט דאָס בין איך".

אָבער שוין דער אויפשטאַנד פון קראָמוועלען און די רעוואָלוציע אין ענגלאַנד און שפּעטער די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע און דער אומ־אָפּהייננגיקייט־קאַמף פון אַמעריקע האָבען אין בלוט און אין קאַמף צעטריי־סעלט די גרונט־שטיינער פון דעם בנין פון דער צענטראַליזירונג פון מאַכט און רעכט אין דעם אויטאָקראַטישען שטאַט. זיי האָבען וויט און ברייט געעפענט די טויערען פאַר דער פּאָליטישער פרייהייט פון מענשען און פעל־קער און האָבען געשאַפען די דעמאָקראַטישע רעפּרעזענטאַטיווע רעגירונג. אויך דיזאַזיגע פאָרמע פון רעגירונג צענטראַליזירט און קאָנצענטרירט אַ היבש ביסעל פּאָליטישע הערשאַפט אין דעם שטאַט; אָבער אין די פרייע רעפּובליקען, ווי אין אונזער רעפּובליק, למשל, קען די פעדעראַלע רעגירונג ניט אַריינמישען זיך אין די אינערלאַכע אַנגעלעגענהייטען פון שטאַט און די צענטראַלע רעגירונג פון שטאַט קען זיך ניט אַריינמישען — אחוץ אפשר

אין זעלטענע אויסנאַמספּאַלען — אין דער אינעווייניגסטער רעגירונג פון שטאַט, דאָרף אָדער מוניציפּאַליטעט.

אין דער קליינער רעפּובליק אין שווייצאַריע לעבען די פּאָליטיש־טע־ריטאָריאַלע איינהייטען — די קאַנטאַנס — נאָך אין גרעסערער פעדעראַ־טיווער פרייהייט.

דער גרויסער גייסט פון דעמאָקראַטיע און זיין פּאָרטשריט דעצענטראַ־ליזירט די הערשאַפט פון דעם שטאַט — אפילו פון דעם רעפּרעזענטאַטיווען שטאַט — איבער דעם פּאָלק און שטעלט אַלץ מער און מער די טעריטאָריע־לע איינהייטען פון שטאַט, שטאַט און מוניציפּאַליטעט און די נאַציאָנאַלע איינהייט — וואו באַזונדערע נאַציאָנען לעבען צוזאַמען — אין פעדעראַ־טיווע פאַרהעלטעניסען.

אַט דער פּאָרטשריט פון דער דעמאָקראַטיע צייכענט אויך פאַר אונז אָן די פאָרמע פון דער פּאָליטי־שער רעגירונג, וואָס וועט זיך אַמבעסטען צופּאַסען צו דעם פּסיכיש־אומרואיגען און דעמאָקראַטיש פרייען גייסט פון אונזערע פּאָלקס־מאַסען. זי איז: די פּאָליטישע פעדעראַציע פון דעמאָקראַטיש־פרייע טעריטאָריעלע אָדער נאַציאָנאַלע איינהייטען — די פעדעראַטיווע רעפּוב־ליק פון שטאַט און פעלקער.

ג.

# פעדעראַציע און צענטראַליזאַציע.

... גייען מיר דאָך בויען אַ סאָציאַלע רעפּובליק אין ארץ ישראל. האָבען דאָך די נאַציאָנאַלע קאָמפּאַקטע מאַסען — דער אָפּיציעלער אָרגאַ־ניזירטער ציוניזם און די נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטען פון אַלע שאַטירונגען מיט די פּועלי־ציון בראש, — אָפּען זיך דערקלערט פאַר אַ „כמעט סאָציאַליס־טישער רעפּובליק" אין דעם נייעם לעבען אין פּאַלעסטינע; מעגען מיר דאָך צוליב דעם אַליין, צוליב דער דערציערישער פאַרבאַרייטונג פון פאָלק אין הלכות פּאָליטישען לעבען, אָבער נאָך מער אפשר צוליב אַ בעסערער פאַר־שטענדעניס פון זיינע אייגענע גייסטיגע שטרעבונגען, נענטער צוקוקען זיך צו יענע פּאָליטיש־דעמאָקראַטישע פאָרמעס פון לעבען און דער ערפאַרונג פון די אייראָפּייאישע פעלקער וואָס האָבען געגעבען און וועלען נאָך געבען דער מענשהייט דאָס פרייסטע און דאָס סאָלידאַרישסטע צוזאַמענ־לעבען פון מענשען, כדי ניט צו בויען בלינד אונזער צוקונפט און ניט פּרוּאַ־ווען אַרויפצוציען אויף אונזער פאָלק יענע פּאָליטישע פאָרמעס פון לעבען וואָס קענען אים זיין דערווידער.

דערפאַר איז אונז איינגעפאַלען זיך אָפּצושטעלען אויף די רעגירונגס־פאָרמעס וואָס ווערען באַצייכענט מיט די ווערטער און באַגריפען „פעדע־ראַציע" און „צענטראַליזאַציע".

וואָס־זשע איז אַ צענטראַליזאַציע — וואָס איז אַ פעדעראַציע? וואָס זיינען די גרונט־פּרינציפּען פון אָט די צוויי גרויסע פּאָליטישע באַגריפען און פּאָליטישע טאַטזאַכען פון אונזער לעבען?

די צוויי גרויסע פּאָליטישע באַגריפען באַציען זיך געוויינטלאָך אויף דער רעגירונגס־פאָרמע פון אַ פאָלק; מען באַצייכענט מיט זיי די פאָרמע פון דעם פּאָליטישען לעבען — פון דעם שטאַט פון אַ פאָלק. זיי קענען זיך אָבער אויך באַציען אויף דער רעגירונגס־פאָרמע אָדער פאַרוואַלטונג פון קלענערע פאַראייניגטע גרופּעס פון מענשען, ווי די פאַראייניגונג פון אינ־דוסטריעלע און פאַך־געזעלשאַפטען; סאָציאַלע־פאַרבאַנדען צוליב וואָס פאַר אַ ציל עס זאָל ניט זיין; פּאָליטישע־פּאַרטייען אָדער קהל'שע אַנשטאַלטען. די גרונט־פּרינציפּען אויף וועלכע די צוויי פּאָליטישע פאָרמעס פון רעגי־רונג — די פעדעראַטיווע אָדער צענטראַליסטישע באַזירען — פאַר־בלייבען אין אַלע פאַלען דיזעלבע. און ניט גרינג איז געווען דער קאַמף פון די מענשען און פעלקער אָט די פּאָליטישע פאָרמעס פון רעגירונג און

פארוואלטונג צו באשאפען — ארויסברייננגען אין רעעלען לעבען. זיי זיינען געבארען געווארען אין בלוט און אין קאמף און אנטוויקלען זיך נאך עד־היום אין די רעוואלוציאנערע קאמפען פון די מאסען פאר דעם רעכט פון מענשען און פעלקער.

עס איז דא ניט נויטיג אריינצולאזען זיך אין דער פארשונג פון די גאר אלטע פעלקער, ווען זיי האבען נאך געלעבט אין די אמאליגע פעדעראטיווע פארבאנדען פון די ברידערלאכע שבטים, ווי אונזער אייגען פאלק האט געלעבט, איידער שמואל הנביא האט געקרוינט שאול׳ן פאר׳ן מלכות פון יהודה. עס איז גענוג צו געדיינקען, אז נאך ערשט איז אכצענטען יארהונדערט האט זיך די סאווערעניטעט — די מאכט און דאס רעכט צו רעגירען — איבער דעם פאלק אויסגעדריקט אין דער באקאנטער פראזע פון דעם אבסאלוטען הערשער לואיס דעם פערצענטען: — „דער שטאט דאס בין איך“. אין דער פאליטישער רעגירונג פון אט דעם שטאט, קאנצענטרירט אין דעם ווילען פון אן אבסאלוטען מאנארך — פון דעם סאווערען — האט די פאליטישע פארמע פון רעגירען און באהערשען דאס פאלק דערגרייכט איר העכסטע שטופע פון צענטראליזירונג. ווייטער האט די צענטראליזאציע פון מאכט און הערשאפט ניט געקענט גיין. און אזוי לאנג ווי מענשען און פעלקער האבען געגלויבט, אז די מאכט און הערשאפט קומט פון גאט׳ס גנאד און דער קיניג איז דער געזאלבטער פון גאט, איז דאס רעכט פון דעם קיניג צו הערשען איבער די פעלקער און מענשען געוועזן דאס הייליגסטע, דאס אומבארירבארסטע . . .

מיר דארפען זיך אויך ניט אריינלאזען אין דער אויספארשונג פון יענע פאליטישע און סאציאלע אומשטאנדען וואס האבען סוף כל סוף געבראכען און געשטירצט דעם אבסאלוטיזם אין אייראפע. פאר אונזער ציל איז גענוג, ווען מיר געדיינקען דעם פאקט, אז מענשען האבען פארשטאנען אז עס איז דאס איינגעבוירענע רעכט פון מענשען און פעלקער צו לעבען און צו רעגירען און פארוואלטען זייער לעבען.

דאס איז דער גרויסער פרינציפ, אויף וועלכען די פרייהייט פון מענשען און פעלקער באזירט: עס איז דער גרויסער פרינציפ פון וועלכען דער קאמף פאר דעמאקראטיע — פאר דעם רעכט פון פאלק צו רעגירען זיך — איז געבוירען געווארען און די גרויסע רעוואלוציאנערע

באַוועגונגען אין סוף אַכצענטען און ערשטער העלפט פון דעם נײַנצענטען יאָרהונדערט; עס איז דער קאַמף, וואָס האָט אין יענער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע אַלץ מער און מער אַרויסגענומען דאָס סאָווערענע רעכט און די סאָווערענע מאַכט פון אַבסאָלוטע הערשער אין צענטראַליזירטע שטאַטען און האָט זיי איבערגעגעבען דעם סאָווערענעם פאָלק. ניט דעם פאָלק ווי אַ געזעלשאַפטלאַכע אַבסטראַקציע, אַפילו ניט דעם פאָלק ווי אַ פּאָליטישער קאָמפּאַקטער־מאַסע, נאָר דעם פאָלק ווי אַ קאָלעקטיוו פון אײַנצעלנע מענשען און בירגער, וואָס קענען אַליין מיט זייער ווילען באַשטימען דעם אַרט פון זייער לעבען און קענען זיך רעגירונגען און שטאַטען באַשאַפען אויף די יסודות פון זייער ווילען — דעמאָקראַטישע רעגירונגען — וואָס זאָלען די פרייהייט פון דעם מענשען און בירגער און די זעלבסט־באַשטימונג פון פעלקער באַשיצען. און דער מאָדערנער שטאַט, די רעפּרעזענטאַטיווע רעגירונג, איז געקליבען געוואָרען.

אָבער שוין אין אָנהויב פון זײַן עקזיסטענץ, אין אָנהויב פון זײַן פונקציאָנירען האָט זיך אַרויסגעשטעלט דער גרויסער קאָנפליקט צווישען דער פרייהייט פון דעם מענען און בירגער און דעם סאָווערענעם רעכט פון דעם פאָלק מיט דער פאַקטישער הערשאַפט און מאַכט פון דער רעפּרעזענטאַטיווער אויסערוויילטער רעגירונג און אַט דעם קאָנפליקט האָט געפירט צו דער אַנטוויקלונג פון די צוויי פאָרמעס — צו דער צענטראַליסטישער און פעדעראַטיווער פאָרמע — פון דעמאָקראַטישער רעגירונג.

אין דער צייט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אין סוף אַכצענטען יאָרהונדערט, ווען לואיס דער זעכצענטער איז אַראָפּגעזעצט געוואָרען פון זײַן הערשאַפט איבער'ן פאָלק און די צענטראַליזירטע מאָנאַרכישע רעגירונג איז אויפגעלייזט געוואָרען, האָבען די גרויסע פּאָליטישע פירער און פרייהייט קעמפער פון דער רעוואָלוציע אײַנגעזען, אַז אַפילו די גרינדונג־פאַרזאַמלונג — די פאַרזאַמלונג פון די פאַרשטייער, אויסדערווילט פון דעם פאָלק אַליין, וואָס האָט געדאַרפט לייגען די גרונט־שטיינער פון דער דעמאָקראַטישער רעגירונג פון דעם פאָלק — האָט ניט פאַרטראַטען ניט דעם ווילען פון פאָלק, נאָר דעם ווילען פון אירע אײַנצעלנע מיטגלידער, ניט די נויטען פון פאָלק, נאָר די אינטערעסען פון אַ דאָמינירענדען קלאַס, ניט דאָס שטרעבען פון פאָלק,

נאָר דאָס שטרעבען פון אירע אייגענע פּאָליטישע אַמביציעס.

שוין אין יענער צייט האָבען די באַוואוסטזיניגע מאַסען און די אמת פרייהייטלאַכע גייסטער פון דער רעוואָלוציע געפילט, אַז דאָס פאָלק — דער קאָלעקטיוו פון די בירגער פון לאַנד — האָט אין דער רעוואָלוציע געוואונען נאָר דאָס רעכט אויסצואווילען פון דעם גאַנצען פאָלק נאָר אַ קליינע צאָל מענשען, זיינע פאָרשטייער אָדער רעפּרעזענטאַנטען, אין וועמעס הענט און ווילען עס ווערען ווידער איבערגעגעבען און קאָנצענטרירט אויף אַן אָרגאַניזירטען אופן אַלע פונקציעס און טעטיקייטען פון דער רעגירונג: די געזעצגעבערישע, די עקזעקוטיווע און יורידישע, די ציווילע און מיליטערישע מאַכט — אַלץ וואָס איז פריער געווען קאָנצענטרירט אין דעם מאָנאַרכישען שטאַט.

געוויס איז די קאָלאָסאַלע אומענדערונג פון אַ צענטראַליזירטען מאָנאַרכישען שטאַט אין אַ דעמאָקראַטיש־רעפּרעזענטאַטיווער רעגירונג, אויף דעם גרונט פון דעם דערוואָרבענעם אַלגעמיינעם וואַל־רעכט, געווען אַ געוואַלטיגער געווינס פאַר׳ן פאָלק. אין דעם גרויסען היסטאָרישען פּראָצעס פון איבערטראָגען דאָס סאָווערענע רעכט פון אַ צענטראַליזירטען מאָנאַרכישען שטאַט צו דעם קאָלעקטיוו פון בירגער, אפילו פון אַ צענטראַליזירטען רעפּרעזענטאַנטען־שטאַט, איז עס געוויס געווען דער ערשטער פונדאמענטאַלסטער דעמאָקראַטישער שריט. אָבער עס האָט זיך באַלד אַרויסגעשטעלט, אַז אין דעם רעעלען לעבען פירט דאָס אַלגעמיינע שטים־רעכט אין דעם דעמאָקראַטישען רעפּרעזענטאַנטען שטאַט ווייט ניט צו יענער פאָלקס־רעגירונג, אין וועלכער דאָס פאָלק אַליין באַטייליגט זיך און צו וועלכער די באַוואוסטזיניגע רעוואָלוציאָנערע מאַסען האָבען געשטרעבט. עס האָט זיך שוין דעמאָלט געפילט, אַז אין דערדאָזיגער פאָרמע פון רעגירונג. ווען דאָס פאָלק האָט אָפּגעטאָן זיין רעכט און האָט דערווילט זיינע רעגירער, שטייט עס שוין ווידער אַחוץ דער רעגירונג און פאַרוואַלטונג פון זיין לעבען.

און שוין איז יענער רעוואָלוציאָנערער צייט האָבען די פרייע גייסטער פון דער רעוואָלוציע געזוכט אַזאַ דעמאָקראַטישע פאָרמע פון רעגירונג איז וועלכער די פרייהייט און די סאָווע־

רעגירט פון פאָלק זאָל ניט פאַרגוואַלטיגט ווערען. זיי האָבען געזוכט אַ סינטעז — אַ מעגלאַכע פאַראייניגונג פון פרייהייט און רעגירונג — און האָבען עס געגלויבט צו קענען דערגרייכען אין דער רעאַליזירונג פון אַ „דירעקטער רעגירונג פון פאָלק“. דעמאָלט האָט זיך אין דער רעוואָלוציע אויסגעדריקט יענע פאָדערונג פון פאָלק, אַז יעדעס געזעץ, יעדער קהל'שער אַקט זאָל ניט אָנגענומען ווערען אָן דער אַבסאָלוטער צושטימונג פון דעם גאַנצען פאָלק, אָן דער צושטימונג פון אַלע זעקס און דרייסיג טויזענט קאָמונאַלע אָדער קהל'שע דיסטריקטען, אין וועלכע פראַנקרייך איז געווען צעטיילט — די פאָדערונג, איבער וועלכער ראָבעספיער האָט זיך אַזוי לוסטיג געמאַכט מיט דעם שפּאַס, אַז דאָס פאָלק האָט קיין צייט ניט צו באַשעפטיגען זיך מיט זיינע אייגענע אַנגעלעגענהייטען, דערפאַר גיט עס זיי איבער דער דיקטאַטור פון זיינע פאַרטרעטער.

דאָך האָט די קאָנווענציע אין יוני, 1793, אַרויסגעלאָזט אַ דעקרעט, אַז דאָס פאָלק זאָל זיך דירעקט באַטייליגען אין דער רעגירונג. דער דעקרעט האָט זיך געשטיצט אויפ'ן „רעכט פון יעדען בירגער פּערזענלאַך אָדער דורך אַ פאַרשטייער צו נעמען אַנטייל אין דער פאָרמירונג פון דעם געזעץ“ און אויף דעם רעכט „צו פאָדערען דין וחשבון פון יעדען פאַרוואַלטער און אַדמיניסטראַטאָר“ פאַר זיין פאַרוואַלטונג פון דעם געזעץ — די רעכטען וואָס זיינען פּראָקלאַמירט געוואָרען פאַר דער גאַנצער וועלט נאָך אין דער „דעקלאַראַציע פון די רעכט פון מענשען“ אין 1791.

אָבער די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט אירע וויטגרייכענדע צילען ניט דערגרייכט: דערפאַר האָט זי שוין דעמאָלט אָנגעצייכענט די קאַרדינאַלע פעלערען פון אַ דעמאָקראַטיש רעפּרעזענטאַטיווער רעגירונג, אין וועלכער דאָס סאָווערענע רעכט פון דעם פאָלק, אויף וועלכען זי אַליין שטיצט זיך, בלייבט אינגאַנצען אויסען פון יעדען אַנטייל אין דער רעגירונג, אַזוי גיך ווי עס האָט דערוויילט זיינע רעפּרעזענטאַנטען און רעגירער. זי האָט אָנגעוויזען, אַז די פרייהייט פון דעם פאָלק — פון דעם קאָלעקטיוו פון בירגער — קען אָפט פאַרגוואַלטיגט ווערען פון דער צענטראַליזירטער מאַכט פון דער רעגירונג; פון אַ דאָמינירענדער פּאַרטיי אָדער קלאַס, אָדער פון דאָמינירענדע פּאָליטישע אַמביציעס, אפילו ווען פּאָליטישע קאָרופּציע איז אויסגעשלאָסען — און ווען איז פּאָליטישע קאָרופּציע אויסגעשלאָסען אין דעם מאָדערנעם דעמאָקראַטישען שטאַט?

די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט שוין אָבער אויך אָנגעוויזען

דעם וועג און די מיטלען ווי אַזוי די קאָלאָסאַלע פעלערען פון אַ דעמאָקראַטישער רעפּרעזענטאַטיווער רעגירונג קענען, אויסגעבעסערט ווערען; זי האָט אָנגעוויזען אויף דער מעגלאַכקייט פון אַ דירעקטער רעגירונג פון פאָלק. און אין קאַמף פאַר פרייהייט און דעמאָקראַטיע אין אייראָפּע בכלל און פראַנקרייך בפרט, אין דער ערשטער העלפט פון נײַנצענטען יאָרהונדערט, איז דאָס שטרעבען פון אַ דעמאָקראַטישער רעגירונג דירעקט פון פאָלק ווידער אין לעבען געקומען. עס האָט געמוזט קומען, ווייל די *פאָרמע* פון פאָלקס־רעגירונג ליגט אין דעם פאָרטשריט־וועג פון דער דעמאָקראַטיע; אין דעם שטופּענווייזען איבערגאַנג פון דעם סאָווערענעם רעכט צו רעגירען פון דעם שטאַט צום פאָלק.

נאָך דער רעוואָלוציע, אין 1839 און ווידעראַמאָל אין 1848, אין פראַנקרייך און טיילווייס אויך אין אייראָפּע, איז די שטרעבונג צו אַ *דירעקטער* פאָלקס־רעגירונג נאָך שטאַרקער געוואָרען. איצט, ווי דעמאָלט, איז די *פונדאַמענטאַלסטע באַדינגונג פון רעגירונג*, וואו דאָס פאָלק זאָל קענען זיך מער אָדער ווייניגער דירעקט באַטייליגען אין דער געזעצגעבערישער, עקזעקוטיווער און יורידישער טעטיקייט — די פונדאַמענטאַלסטע באַדינגונג איז געווען *די נויטיקייט צו צעטיילען דאָס לאַנד און די באַפעלקערונג אין קלענערע געאָגראַפישע און סאָציאַל־פּאָליטישע מענשען־גרופּעס, וואָס זאָלען זיך אין זייער אייגען לעבען אויטאָנאָם רעגירען* און זאָלען צווישען זיך זיין *פעדעראַטיוו פאַרבונדען* דורך דער פאַרטרעטערשאַפט אין איין *אַדמיניסטראַטיוו נאַציאָנאַלער קערפּערשאַפט*.

קעגען אַט דער פאָרמע פון אַ דעמאָקראַטיש פּאָליטיש לעבען — קעגען אַ פעדעראַטיווער רעפּובליק, ווי זי ווערט באַצייכענט — האָבען די פּאָליטיקער פון יענער צייט, נאָך איידער זיי האָבען געוואוסט ווי זי וועט זיך אין לעבען רעאַליזירען, אויפגעהויבען אַ קאַמף.

פאַר די רעפּובליקאַנישע פּאָליטיקער פון דער בורזשואַזיע אין פראַנקרייך איז נויטיג געווען צו קענען פּאָליטיש און עקאָנאָמיש באַהערשען *דאָס גאַנצע פאָלק*. האָבען זיי אויפגעהויבען דעם פאַלשען געשריי, אַז די פעדעראַטיווע פאָרמע פון דער רעגירונג — די פעדעראַטיווע רעפּובליק — צעברעכט די נאַציאָנאַלע גאַנצקייט פון דעם פאָלק און, שטיצענדיג זיך אויף דעם טומעלדיגען רוף „לאַ רעפּובליק אין עט־אינדיוויזבלע“, האָבען די פּאָליטיקער פון יענער צייט ניט דערלאָזט די פרייסטע רעגירונג אין פראַנקרייך — אַ פעדעראַטיווע דעמאָקראַטיע.

אָבער דאָס וואָס די פראַנצויזישע פּאָליטיקער האָבען ניט דערלאָזט אין פראַנקרייך אַ פּ י ל ו אין 1848 האָט שוין דאָס קליינע שווייצאַרי־שע פאָלק אַנטוויקעלט אין זיין לעבען אין אַ נ ה ו י ב ניינצענטען יאָר־הונדערט און מיט זייער אויסגעבעסערטער און פאַרפולקאָמטער קאָנסטיטו־ציע פון 1848 איז די שווייצאַרישע רעפּובליק געוואָרען, צווישען די דעמאָ־קראַטישע רעגירונגען פון דער וועלט, די „אידעאַלסטע רעאַליזירונג״ פון אַ פעדעראַטיווער רעפּובליק. אירע טיילען — אירע קאָנטאָנס — זיינען פרייע אויטאָנאָמע שטאַטען, וואָס רעגירען זייער אייגען לעבען אויף דעם באַזיס פון דער פרייסטער אַלגעמיינער קאָנסטיטוציע דירעקט דורך דעם פאָלק אליין און פאַרבינדען זיך דורך גלייכער פאַרטרעטערשאַפט אין דער נאַציאָ־נאַלער פאַרזאַמלונג — די העכסטע אינסטאַנץ פון דער פאָלקס־רעגירונג און אין דעם נאַציאָנאַלען און פעדעראַלען ראַט אָדער קאָנסול. אָבער ניט דער נאַציאָנאַלער קאָנסול און ניט דער פעדעראַלער קאָנסול, אַפילו ניט די נאַ־ציאָנאַלע פאַרזאַמלונג קען דיקטירען געזעצען אָדער פאַראָרדענונגען די פרייע קאַנטאָנס אָדער שטאַטען, סאַידען דאָס געזעץ אָדער די פאַראָרדע־נונג איז דורכגעגאַנגען די צושטימונג פון דעם גאַנצען פאָלק און איז געוואָרען אַ טייל פון דער אַלגעמיינער קאָנסטיטוציע. דער פעדעראַלער קאָנסול טראָגט מער דעם כאַראַקטער פון אַן אַדמיניסטראַטיווער ווי אַ רעגירענדער „געזאַנדשאַפט״.

און אָט די איידעלע פאָרמע פון דעמאָקראַטישער רעגירונג — די פע־דעראַטיווע רעפּובליק — צ ע ר י ס ט ניט די גאַנצקייט פון פאָלק. זי גיט נאָר דורך אירע קלענערע, סאָציאַל־פּאָליטיש אָפּגעטיילטע בירגער־גרופּעס אַ ברייטערע מעגלאַכקייט דעם גאַנצען פאָלק צו באַטייליגען זיך אין זיין רעגירונג. פּונקט ווי דער קאָנצענטרירטער דעמאָקראַטישער רעפּ־רעזענטאַנטען־שטאַט ה א ל ט ניט א ו י ף די גאַנצקייט פון פאָלק, ער קאָנצענטרירט נאָר די רעגירונגס־מאַכט איבער דעם פאָלק אין די אויס־דערוויילטע רעגירער און שפּאַט פון דער סאָווערעניטעט פון פאָלק אויף וועלכען ער שטיצט זיך.

געוויס איז די פעדעראַטיווע רעפּובליק אַפילו פון דעם שווייצאַרישען טיפּ ניט די לעצטע שטופע פון דער אַנטוויקלונג פון דער דעמאָקראַטיע. אָבער זי איז דערוויל ד י נ ע נ ט ס ט ע פ א ר מ ע צ ו ד ע ם סינטעז פון דער פרייהייט פון מענשען און רעגירונג פון פעלקער.

ד.

# די אידישע מאסען און אַ פּעדעראַטיווע דעמאָקראַטיע אין ארץ ישראל

מיר האָבען פריער זיך אָפּגעשטעלט אויף די יסודות פון צענטראַליס־טישע און פּעדעראַטיווע רעגירונגען און האָבען אָנגעוויזען אויף דעם גי־גאַנטישען קאַמף פון פּאָלק, אָדער פון דעם קאָלעקטיוו פון בירגער — קעגען דעם צענטראַליזירטען רעפּרעזענטאַנטען שטאַט, פאַר אַ ברייטערען און דירעקטערען אַנטייל פון דעם גאַנצען פּאָלק אין זיין רעגירונג.

מיר זיינען נאַטירלאַך באַקאַנט מיט דער שטאָלצער באַהויפּטונג פון איינינגע פון אונזערע פּאָלקס-פירער, אַז מיר אידען דאַרפען ניט די ערפאַ־רונג פון די פעלקער אין דעם פּרט פון באַגרינדונג און איינאָרדענונג פון אונזער צוקונפטיג לעבען. מיר דאַרפען נאָר באַגרינדען אונזער פּאָליטיש, עקאָנאָמיש און געזעלשאַפטלאַך לעבען אויף די גרויסע אידעאַלען פון פרי־דען, יושר און גערעכטיקייט — די אידעאַלען, וואָס אונזערע נביאים האָבען נאָך מיט טויזענטער יאָרען פריער פּראָקלאַמירט פאַר אַלע מענשען און אַלע צייטען — און אונזער לעבען וועט זיך איינאָרדענען דאָס שענסטע, דאָס פרייסטע און גליקלאַכסטע, וואָס דער מענשלאַכער געניע האָט באַשאַפען.

עס קאָן זיין — מיר באַשטרייטען עס ניט . . . אָבער יענע גרויסע אי־דעאַלען פון פרידען, יושר און גערעכטיקייט זיינען דאָך נאָר גרויסע זעאונגען, גרויסע שטרעבונגען פון גרויסע גייסטער געווען, אָדער ווי מיר וואָלטען זיי אין אונזער מאָדערנער שפּראַך באַצייכענט — גרויסע דעקלאַראַציעס פון מענשען־רעכט, ווי עס זיינען געווען אין זייער צייט די ענגלישע „מאַג־נאַ טשאַרטאַ", די אַמעריקאַנער „דעקלאַראַציע פון אומאָפּהענגיגקייט" און די פראַנצויזישע „דעקלאַראַציע פון דאָס רעכט פון מענשען". זיי טראָגען אָבער ניט אין זיך די קאָנקרעטע פאָרמעס פון דעם פּאָליטישען, עקאָנאָמישען און געזעלשאַפטלאַכען לעבען און אין דעם געבוי פון די ר ע ע ל ע פאָר־מעס פון אַ פּאָליטישער רעגירונג, פון עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אינסטי־טוציאָנען אין דעם נייעם לעבען אין פּאַלעסטינע וועלען מיר פאָרט מוזען אָנקומען צו דער ערפאַרונג פון די פעלקער.

און דאָ ליגט די געפאַר — די געפאַר פון ארויפצווינגען אויף דעם פּאָלק ד י אָדער י ע נ ע רעגירונגס-פאָרמע, מיט וועלכער די אינטע־ליגענץ און די פּאָליטישע פירער פון דעם פּאָלק האָבען זיך איינגעלעבט,

האָבען פאַר זייער אידעאַל געמאַכט און באַטראַכטען זי, אָדער פאַר דער בעסטער, אָדער, אונטער די אומשטאַנדען, פאַר דער פּאַסיגסטער פאָרמע פון רעגירונג, ניט רעכענענדיג זיך מיט׳ן פאָלק אַליין, מיט זיינע פסיכישע און סאָציאַל־פּאָליטישע אייגעשאַפטען, מיט זיינע היסטאָריש־געוואָרענע געזעלשאַפטלאַכע נייגונגען און געוואוינהייטען, אַקוראַט ווי דאָס פאָלק וואָלט געשאַפען געווען פאַר דער רעגירונג און ניט פאַרקערט — די רעגירונג פאַר׳ן פאָלק.

אויסמיידען די געפאַר וואָלט מען געקענט נאָר דעמאָלט, ווען די רע־גירונג פון דעם נייגעבוירענעם לעבען אין פאַלעסטינע וואָלט זיך בּיס־לאַכווייס און שטופענווייס אַנטוויקעלט פון דעם ווילען, די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלאַכע נייגונגען און געוואוינהייטען פון דעם פאָלק אַליין, וואָס וועט אין ארץ ישראל שאַפען דאָס לעבען — און ביז אַ געוויסען גראַד וועט עס אויך אַזוי זיין. אָבער נאָר ביז אַ געוויסען גראַד . . . אין גרוי־סען גאַנצען גענומען, וועלען די פּאָליטישע פירער פון פאָלק ניט וואַרטען אויף דעם לאַנגזאַמען פּראָצעס פון אַ שטופענווייזער אַנטוויקלונג. זיי וועלען שאַפען אַ רעגירונג נאָך דעם מוסטער פון די דעמאָקראַטישע שטאַטען, וואָס וועט זיך צופּאַסען צו זייער וואונש און ווילען און אפשר אויך צו זייערע פּאָליטישע אַמביציעס . . .

דערפאַר איז אַזוי נויטיג, אַז די אינטעליגענטערע ברייטערע מאַסען פון דעם פאָלק זאָלען גוט פאַרשטייז די פאַרשיידענע פאָרמעס פון די דע־מאָקראַטישע רעגירונגען, וואָס די אַנטוויקלונג פון דער דעמאָקראַטיע האָט שוין געשאַפען — זיי זאָלען וויסען, אַז דעמאָקראַטיע צו דעמאָקראַטיע איז ניט גלייך און נאָר אין יענער דעמאָקראַטישער רעגירונג, וואו דאָס פ א ל ק ר ע ג י ר ט ז י ך אַליין דורך דעם דירעקטען אַנטייל אין דער פאַרוואַל־טונג פון דעם לעבען, סאַי א י ן ד י ק ל ע נ ע ר ע ט י י ל ע ן א ו ן ש ט א ט ע ן פון לאַנד, ס א י א י ן ד ע ם פ ע ד ע ר א ט י ו ו ע ן פ א ר ב א נ ד פון די טיילען און שטאַטען, איז די דעמאָקראַטיע אַ רעעלער פאַקט און ניט קיין פוסטע פאַרבלענדעניש.

און וויסען זאָלען זיי עס, כדי ניט צו לאָזען זיך פירען בלינד אפילו פון די בעסטע פּאָליטישע פירער. אָבער ניט ווייניגער נויטיג איז אויך אַז די ערנסטערע אינטעליגענץ און די ערלאַכערע פּאָליטישע פירער זאָלען זיך פאַרטיפען אין דעם גייסטיגען און געזעלאַפטלאַכען כאַראַקטער פון דעם פאָלקס־לעבען. כדי צו געפינען יענעם סיסטעם פון אַ פּאָליטישער רעגירונג, וואָס זאָל אַט דעם גייסט ניט דערווידער זיין, וואָס זאָל זיך אַמבעסטען צופּאַסען צו די נייגונגען, געוואוינהייטען און נויטען פון דעם פאָלק, ווייל

נאָר אַזאַ רעגירונג וועט פאַרזיכערען די פרייהייט און דעם פרידען פון פאָלק אפילו ווען זי זאָל ניט זיין בכח צו ברייגען דעם פאָלק די פולע מאָס יושר און גערעכטיקייט.

וואָס־זשע איז אָט דער גייסטיגער און געזעלשאַפטלאַכער כאַראַקטער פון אונזער פאָלק'ס לעבען? אפילו נאָר אַן אויבערפלאַכלאַכע אויספאָר־שונג פון דעם גייסטיגען און געזעלשאַפטלאַכען לעבען פון אונזערע מאַסען, אי אין דער אַלטער היים, אי דאָ ביי אונז — דאָ אפשר נאָך מער ווי אין דער אַלטער היים. צוליב דער פרייהייט פון דעם לאַנד — מוז פירען צו דער איבערציינונג, אַז אונזערע מאַסען אָרגאַניזירען זיך און גרופירען זיך אין אַ גרויסער צאָל גרעסערע און קלענערע פאַראיינען, חברות און געזעלשאַפ־טען אַרום אַ גאַנץ קליינער צאָל צילען פון אַ רעליגיעזען, פילאַנטראָפישען, אָדער קולטורעלען כאַראַקטער. און די אַלע אָרגאַניזאַציאָנען, שול־חברות, לאַנדסלייט־פאַראיינען, בילדונג־אָרגאַניזאַציאָנען און ליטעראַטור־ און דראַ־מאַטישע־געזעלשאַפטען, טוען זייער אַרבעט אויף זייער אייגענער איני־ציאַטיווע און פאַרוואַלטען זייער טעטיקייט זעלבסטשטענדיג און זיי פאַלט ניט איין צו קאָנצענטרירען און צענטראַליזירען זייער טעטיקייט אין גרוי־סע פאַרבאַנדען און געזעלשאַפטען פון דעמזעלבען מין און איבערגעבען זייער טעטיקייט דער פאַרוואַלטונג און השגחה אפילו פון אויסדערוויילטע פאַרוואַלטער און רעגירער.

און ווען אונזערע עכטע, הונדערט־פּראָצענטיגע אפּוטרופּסים פאַרגלוסט זיך צו פאַרגוואַלטיגען אָט דאָס רעכט פון אונזערע מאַסען אויף דער גע־מיינדע איניציאַטיווע, געמיינדע טעטיקייט און געמיינדע זעלבסטשטענדי־קייט און צוזאַמענשמעלצען אָרגאַניזאַציאָנען פון איין מין אין „פילאַנטראָ־פּישע פעדעראַציעס“ אָדער „דיסטריקט ציוניסטען“, באַגעגענען זיי אַ מאַכטיגען ווידערשטאַנד פון די פאַראיינען, געזעלשאַפטען און געמיינדעס און זיי מוזען אָדער נאָכגעבען די פרייהייט און פאַרוואַלטונג פון די געמיינ־דעס אָדער מיט מאַכט זיי אונטערדריקען און באַהערשען. אפילו אין די גרויסע צענטראַליזירטע אַרבעטער אָרגאַניזאַציאָנען — אין די פאַך־פאַר־איינען, וואָס זיינען געבויט אויף דעם אַלטען מוסטער פון די ענגלישע און אַמעריקאַנישע טרייד־יוניאָנס — האָבען די אידישע אַרבעטער צוגעטיילט אַ גרויסע מאָס פרייהייט און אויטאָנאָמיע די באַזונדערע אָרגאַניזאַציאָנען און טיילען פון דעם פאַך, כדי אויסצומיידען אָפטע קאָנפליקטען מיט דער צענטראַלער פאַרוואַלטונג און אפילו אונטער דיזע אומשטאַנדען זיינען מרידות און קאַמף און אונסובאָרדינאַציאָן ניט קיין זעלטענהייט.

די אידישע מאַסען דערלאָזען ניט אַזוי גרינג צו פאַרטיליגען אין זיי

דעם גייסט פון געמיינדע־פרייהייט און געמיינדע־אויטאָנאָמיע. און עס דאַרף קיין וואונדער ניט זיין. קוקט מען זיך טיפער צו, זעט מען, אַז דער גייסט פון געמיינדע־פרייהייט און געמיינדע־אויטאָנאָמיע ביי אידען איז ניט נעכטען געבוירען געוואָרען און איז ניט דער פּראָדוקט פון צופעליגע אומשטאַנדען אין דעם אָדער יענעם לאַנד. הונדערטער יאָרען נאָך פאַר דעם, אפילו איידער די אָפיציעלע געטאָ אין זעכצענטען יאָרהונדערט איז באַשאַפען געוואָרען, האָבען אידען געלעבט אין אייראָפּע און האָבען באַהאַלטען די פרייהייט און אויטאָנאָמיע פון זייערע געמיינדעס אין יעדער שטאָט אפילו דעמאָלט, ווען דער גרונט פון דער אידישער געמיינדע איז געווען די שול און דער רב. אפילו אין יענער פינסטערער צייט אין דעם אייראָפּייאישען לעבען — פון דעם זיבעטען ביז דעם עלפטען יאָרהונדערט, ווען די פערזישע גאונים האָבען געהאַט אַזאַ גוואַלטיגע מאַכט איבער דעם אידישען לעבען פון אייראָפּע, איז די פרייהייט און אויטאָנאָמיע פון דעם אידישען געמיינדע־לעבען גע־בליבען אומבאַרירט. די גאונים האָבען זיך אין דעם לאָקאַלען לעבען פון דער געמיינדע, מיט אירע רעגעלען און מנהגים, ניט אריינגעמישט און די געמיינדען וואָלטען עס אויך ניט דערלאָזט. שפּעטער, אין די יאָרהונדער־טער, ווען גרויסע פּראָבלעמעס פון רעליגיעזען און וועלטלאַכען לעבען זיינען פון צוזאַמענקומענדע סינאָדען באַשלאָסען געוואָרען, אָדער ווען אין פופ־צענטען יאָרהונדערט אין איטאַליע און אין זעכצענטען אין פוילען, זיינען ועדים אָרגאַניזירט געוואָרען צו באַשטימען איבער די וויכטיגסטע ענינים — און דער „ועד פון פיר דיסטריקטען“ האָט איבער דעם פוילישען אי־דענטום אַ גרויסע ווירקונג געהאַט — האָבען ניט די ועדים און ניט די סינאָדען געטראָגען אַ צענטראַליזירטען כאַראַקטער און האָבען איבער די באַזונדערע געמיינדעס פון דעם לאַנד קיין מאַכט ניט געהאַט. פאַרקערט, אפילו יענע ועדים, וואָס האָבען אין אַלגעמיין יורידישע מאַכט געהאַט, האָ־בען אַזאַ מאַכט ניט געהאַט איבער דער געמיינדע — איר יורידישע מאַכט איז פאַרבליבען ביי איר אַליין — ביי איר רב און איר בית־דין.

דורך יאָרהונדערטער און יאָרהונדערטער האָט דאָס אידישע לעבען זיך געצויגען אין אַלע לענדער פון אייראָפּע דורך דער פרייער, אויטאָנאָמער געמיינדע, *ניט באַצוואונגען און ניט באַהערשט* אפילו ניט פון קיין *אייגענער אויסערער מאַכט*. און עס וואָלט אפשר ניט שווער געווען צו ווייזען, אַ די פרייהייט פון אינערער צוואַנג און פון זעלבסטשטענדיקייט פון דער געמיינדע, ציט זיך ניט נאָר פון די הונדערטער יאָרען פון גלות.

אָבער הונדערטער יאָרען אַליין זיינען גענוג צו צווינגען אונז צו זוכען

צו באַהאַלטען אין אונזערע פאָלקס־מאַסען אַט דעם גרויסען גייסטיגען און געזעלשאַפטלאַכען שטריך פון פרייהייט און אומאָפּהיינגיקייט און געפינען צווישען די פרייסטע פאָרמעס פון דעמאָקראַטיע — אפשר נאָך אין פאָרמעס פרייער פון די וואָס די פעדעראַטיווע דעמאָקראַטיע האָט שוין אנטוויקעלט — יענע פאָרמע פון אַ דעמאָקראַטישער פעדעראַטיווער רעגירונג, וואו די געמיינדע־פרייהייט, געמיינדע־איניציאַטיווע און געמיינדע־אויטאָנאָמיע, זאָלען פאַרבלייבען די גרונט־שטיינער פון דעם אידישען פאָליטישען לעבען.

דאָס פאָלגענדע איז אַ צוזאַמענגלידערונג פון פינף באַזונדערע צייטונג־אַרטיקלען געדרוקט אין „טאָג“, דעם 23טען און 30טען מערץ, 1919, און דעם 11טען יאַנואַר און סוף סעפּטעמבער און אָנהויב אָקטאָבער, 1920. די ערשטע דריי ריידען אין אַלגעמיין וועגען די אירונגען פון די אַרבעטער־מאַסען, די לעצטע צוויי באַהאַנדלען ספּעציפיש די, אין יענער צייט, פיל צוזאָגענדע געשעענישען — די פאַבריק־פאַרכאַפּונגען אין איטאַליען. אָבער דורך די אַלע פינף אַרטיקלען ציט זיך, ווי אַ רויטע שנור, די האָפענונג אויף אַ נייעם וועלט־איבערבוי נאָך דער מלחמה אויף די יסודות פון אַ גרעסערער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער גערעכטיקייט.

— י. ע.

א.

# אַ שלום וואָס איז נאָך ניט קיין שלום

פיל קלוגע, שכל'דיגע מענשען שטייען פארוואונדערט און פארגאפט פאר דעם שנעלען גאנג פון דעם פארטשריט פון אונזער צייט. עפעס דאכט זיך: וועלטען קערען זיך איבער, און דאס וואס וואלט אין געוויינלאכע צייטען געדויערט יארען און אפשר דורות צו דערגרייכען, ווערט אפגעטאן אין שעה'ען. אפגעטאן — אבער מיט אזא מסירת נפש, מיט אזוי פיל קרבנות און בלוט... און דער אימפעט פון די געשעענישען פון אונזער צייט איז טאקע א גוואלטיגער: דער פארטשריט פון דעם לעבען, האכט זיך, טרעט איבער אומצייליגע קערפערס, אקוראט ווי דאס לעבען פון מיליאנען מענשען וואלט אים גארנישט אנגעגאנגען. געפינען זיך טאקע דערפאר א סך פארביטערטע חכמים, גרויסע נשמות, וואס שטייען צו צום „פארטשריט" פון אונזער צייט, אזוי ווי ער וואלט א לעבעדיגע און פארשטענדיגע זאך געווען, און מוסר'ן אים און טענה'ן צו אים: ווער בעט דיך ווארפען מענשען און וועלטען פון איין עק לעבען צום צווייטען; ווער בעט דיך יארען לאנג זיך טאפטשען אויף איין ארט, ווי די האלב־גע'פגר'טע שקאפע אין דעם ראד פון אן אלטער טרעט־מיל, און פלוצלונג, מיט אמאל צעלאזען זיך הענדום־פענדום ווי א צערייצטער העלפאנט און אויסרייסען אלטגעזעסענע ביימער מיט די ווארצלען פון דער ערד און טרעטען און צעטרעטען יעדעם ווען אויף דער ערד, צו זעטיגען דיין אימפעט און דיין כעס — ווער בעט דיך, ווער?

אבער דער אמת איז, אז דער פארטשריט פון לעבען יאגט זיך גאר ניט מיט אזא אימפעט, ווי עס דאכט זיך, אפילו אין אונזערע צייטען פון וועלט־איבערקערענישען. דאס יאגען זיך גאר די געשעענישען, די היסטארישע פאסירונגען, וואס הייבען אפ פון א טויזענט אורזאכען און קענען אויך אפהייבען פון מאמענטאנע כחות און אומשטאנדען, און ניט אלע פאסירונגען, אפילו אין רעוואלוציאנערע צייטען, זיינען אנווייזונגען און קווינטאעסענציעס אויף פארטשריט . . . ווער קען, צום ביישפיל, מיט זיכערקייט זאגען, אז די אימפעריאליסטישע שטרעבונגען און רעוואנשגעפילען פון די פארשטייער פון דער פראנצויזישער רעגירונג ביים פרידענסטיש — ווי קונציג מען זאל זיי ניט וועלען אויסטייטשען און רעכטפארטיגען — פירען צום פארטשריט און צום פרידען פון די פעלקער? ווער קען זיך אונטערשטעלען צו זאגען, אז די נייע בלוטיגע „גרויסמאכט" פון צענטראל־איירָאפע — דאס רעאקציאנערע

פוילען פון דער נאראדאווע דעמאקראטיע — וועט אדער קען זיין א צייכען פון פארטשריט אין דעם אינטער־נאציאנאלען בונד פון פרייע פעלקער? ווער קען שווערען, אז די צוואנג־ און שרעקען־רעגירונג פון דעם באיאנעטען־באל־שעוויזם אין רוסלאנד און דער שלום פון דער עבערט־שיידעמאן רעגירונג מיט דעם מיליטאריזם און די אונטערדריקונג פון דעם אויפשטאנד פון די ספארטאקיסטען אין דייטשלאנד זיינען סימנים פון פארט־שריט און די גרויסע רעוואלוציאנערע געשעענישען פון אונזער צייט, און ניט פארקערט, גוואלטיגע שריט אויף דעם וועג פון רעאקציע און דיקטאטור פון יענער שוואר־צער הערשאפט, וואס האט פריער געוועלטיגט איבער רוסלאנד און דייטשלאנד?

דער פארטשריט פון אונזער צייט גייט אפשר מיט א שנעלערען טעמפא ווי אין געוויינלאכע רואיגע צייטען, אבער אין דעם מענשלאכען און געזעל־שאפטלאכען לעבען איז ער סוף כל סוף — נאכדעם ווי דער רויך פון קאמף איז צעזייט און צעשפרייט און די לופט איז געלייטערט — סאי ווי סאי קיינמאל ניט מער ווי דאס דורכשניטלאכע, דאס אלגע־מיינע פון אלע פארלאנגען און פאדערונגען און האנדלונגען פון מענשען, גרופעס, קלאסען און פעלקער.

און אט איז די פארלאנגען און פאדערונגען און האנדלונגען פון דער מערהייט פון די מענשען און פעלקער פון אונזער צייט ליגט דער גרויסער איבערבוי פון אונזער לעבען.

עס איז ניטא קיין ווינקעלע אויף אונזער ערד, וואו באוואוסטזיניגע מענשען לעבען, אז זיי זאלען ניט וויסען אז דאס לעבען ווערט פונדאמענטאל איבערגעבויט. מעגען זיי דיינקען אז דאס איז צוליב דער גרויסער וועלט־מלחמה, וואס האט אזויפיל לעבענס פארצערט און פעלקער רואינירט און האט א שרעק אויף מענשען ארויפגעווארפען פאר אנדערע און נייע מלחמות; מעגען זיך אנדערע ווידער דיינקען, אז אפילו די שוידערלאכע וועלט־מלחמה איז נאר געווען א טייוועלשע שפיל, ארויסגערופען פון מאכטיגערע כחות ווי די אימפעריאליסטישע שטרעבונגען פון רעגירער צו פארכאפען די וועלט — כחות און אומשטאנדען — עקאנאמישע און סאציאלע — וואס האבען געשפאלטען דאס געזעלשאפטלאכע לעבען און האבען געגעבען א קליינעם טייל מענשען אי מאכט, אי הערשאפט, אי משוגע'נעם וואוילטאג און האבען פאראורטיילט די גרעסטע העלפט, די מאסען פון די פעלקער צו קנעכטשאפט און נויט. מעג מען זיך דיינקען ווי מען וויל, די וועלט־מלחמה איז דאד

געווען דער גרויסער אַקט פֿון דער איצטיגער וועלט־דראַמע, וואָס האָט אַרויס־נערופֿען דעם קלימאַקס — דאָס שפּיל פֿון די כּחות פֿון די פֿעלקער פֿון דער וועלט — די האַנדלונגען, וואָס בויען איבער דאָס לעבען, און האָט געלייגט אין גרונט פֿון דער איבערבויאונג די צוויי גרויסע פֿאָדערונגען: פ ר י ד ע ן צווישען פֿעלקער און אַ מ ע נ ש ל אַ ך ל ע ב ע ן אַ ן נ ו י ט — דאָס ו ו אָ י ל ז י י ן פֿון די מאַסען אין דעם אינערלאַכען לעבען פֿון די פֿעלקער.

פֿון אויבענאויף וואָלט מען געקענט מיינען, אַז דער איבערבוי פֿון דעם לעבען איז די אויסשליסלאַכע אַרבעט פֿון דער פּרידענס־קאָנפֿערענץ ביים פּרידענס־טיש. אַזוי האָט מען זיך איינגעוואוינט צו דיינקען, ווייל ביי יע־נעם טיש זיצען דאָך די זיגרייכע רעגירונגען—די פּאַקטישע מאַכטהאָבער פֿון דער וועלט. קוקט מען זיך אָבער בעסער צו צו די גרויסע געשעענישען פֿון אונזער צייט, זעט מען, אַז דאָס איז גאָר ניט אַזוי. צ ו ו י י גאַנץ פֿאַר־שיידענע קאַטעגאָריעס קראַפֿטען ווירקען אין דעם גרויסען איבערבוי פֿון לעבען: ד י ר ע ג י ר ו נ ג ע ן פֿון די פֿעלקער ביים פּרידענס־טיש און די פ ע ל ק ע ר אַ ל י י ן אין זייער אינערלאַכען לעבען.

די רעגירונגען ביים פּרידענס־טיש גיבען זיך כמעט אויסשליסלאַך אָפּ מיט די אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען און אינטערנאַציאָנאַלע רעכט פֿון די רעגירונגען און די דאָמינירענדע קלאַסען פֿון די פֿעלקער; זיי גיבען זיך אָפּ מיט באַשטימען די גרעניצען פֿון אַלטע און נייע לענדער; מיט אָנדערקענונג און שטיצע פֿון עטלאַכע פּריינטלאַכע פֿעלקערשאַפֿטען; מיט די באַדינגונגען פֿון פּרידען מיט׳ן שונא און מיט הונדערטער אַנדערע גרעסערע און קלענע־רע פּראָבלעמעס, אין וועלכע עס זיינען פּאַראינטערעסירט ניט די גרויסע פֿעל־קער־מאַסען — ניט די אַרבעטער און פּראָדוצירער פֿון דער וועלט — נאָר די פּאָקטישע הערשער פֿון דעם עקאָנאָמישען און סאָציאַלען לעבען. זיי גיבען זיך אָפּילו אויך אָפּ מערסטענטייל מיט דעם פּאַרזוך צו באַשאַפֿען אַ ליגע פֿון נאַציאָנען, וואָס דאַרף ברייננען, אויב ניט קיין פּערמאַנענטען, איז ווייניגסטענס אַ דויערענדען פּרידען אויף דער וועלט. און דאָס איז דאָך דאָס איינציגע גרויסע פֿון אַלע פּרידענס־פּראָבלעמעס, אין וועלכע די פֿעלקער־מאַסען זיינען בלוטיג פּאַראינטערעסירט; שאַפֿט זיך אָבער אָט די ליגע ניט פֿון די פֿעלקער אַליין, נאָר פֿון די רעגירונגען פֿון די פֿעלקער, און דער פֿונדאַמענטאַלסטער פּרינציפּ, אויף וועלכען דער דויערענדער פּרידען וואָלט זיך געקענט שטיצען — די אַנטוואָפֿנונג — ווערט פּאַרזונקען אין דעם שטרע־בען פֿון אַזעלכע רעגירונגען אָפּילו ווי אונזערע און די ענגלישע רעגירונג — שוין אָפּגערעדט פֿון די אַנדערע רעגירונגען ביים פּרידענס־טיש — צו אַ

פאַרגרעסערטער פלאַטע און אַ פּערמאַנענטער אַרמיי, וואָס איז אַנטשידען קעגען דער היסטאָרישער טראַדיציע פון דיביידע דעמאָקראַטישע פעלקער.

און מיט פאַרדרוס זעען צו אַפילו די רואיגערע אָבער פרייערע גייסטער פון דער וועלט. ווי די רעגירונגען פון די פעלקער ביים פרידענס־טיש האָבען זיך אַפילו ניט פאַרמאָסטען צו לייזען די גרויסע פּראָבלעמען פון דעם אינערלאַכען לעבען פון די פעלקער און זייערע פילען, אַז אַפילו די אידעאַלסטע פון דער נייערער דיפּלאָמאַטיע און שטאַטסמאַנשאַפט האָבען ניט פאַרמאָגט צו באַפרוכטען די רעגירונגס־פאַרשטייער פון די אַלטע דעמאָקראַטיען מיט די נייע אידעאַלען פון סאָציאַלען יושר און סאָציאַלער גערעכטיקייט, סאַי אין די פרידענס־באַציאונגען פון פעלקער צו פעלקער, סאַי אין די געזעל־שאַפטלאַכע באַציאונגען פון מענש צו מענש און קלאַס צו קלאַס.

אָבער די שוידערלאַכע ערפאַרונג פון די מיליאָנען און מיליאָנען פון די פעלקער־מאַסען, אין די לאַנגע בלוטיגע יאָרען פון דער וועלט־מלחמה, האָבען טיפער און טיפער איינגעקריצט אין דעם באַוואוסטזיין פון די פעלקער די גרויסע פאָדערונג פון פרידען — פון אַ פרידען אַן אַלוועלטלאַכען, פון אַ דויערענדען פרידען, און אַלץ מער און מער ווערט אָט דער פאַרלאַנג די פ אָ ד ע ר ו נ ג פון די פעלקער אין דעם איבערבוי פון דעם לעבען און לייגט זיך ווי איינער פון די הויפּט־שטריכען אין דעם פאָרטשריט פון דער וועלט. מעג נאָך דאָ און דאָרט אויסברעכען דער קאַמף; מעגען נאָך דאָ און דאָרט די שוואַרצע כחות פאַרבלענדען די אויגען פון די מאַסען און פירען זיי אין קריג, אָבער אויסמעקען אָט די פאָדערונג פון פרידען, וואָס וואַקסט פון שעה צו שעה אין דער נשמה פון די מאַסען, קען מען ניט מער און דער וועלט־פרידען וועט קומען ניט דורך די אָפּמאַכען פון די רעגירונ־גען, נאָר דורך דעם גרויסען געפיל פון די פעלקער, אַז זיי האָבען זיך ניט פ אַ ר וו אָ ס צו מאָרדען און אויסשלאַכטען.

אַ גרעסערע, אַ טיפערע ערפאַרונג, ווי די פון די יאָרען פון דער מלחמה, וואָס טרייבט די פעלקער־מאַסען צו דער פאָדערונג פון אַן אַלוועטלאַכען פעלקער־פרידען, טראָגען די מאַסען אין דער זעל פון דורות שוין. עס איז די ערפאַרונג פון מי און נויט־קאַמף פאַר אַ בעסערען און מענשלאַכערען לע־בען. און אין דעם קלימאַקס פון די געשעענישען פון אונזער צייט האָבען די אַרבעטער־מאַסען פון דער וועלט — דער קוילענגרעבער אין דער מינע און דער ערד־אַרבעטער אויף זיין פעלד — דערוואַכט צו דער גרויסער פּ אָ ד ע ר ו נ ג און קאַמף אין דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען, אָפּצושאַפען די סאָציאַלע נויט און לייגען אין דעם גרונט פון דעם איבערבוי פון דעם לעבען די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע גערעכטיקייט.

און פון איין עק פון דער גרויסער ציוויליזירטער וועלט ביז דעם צווייטען שטייען די גרויסע אַרבעטער־מאַסען אין דעם גרויסען קאַמף. ניט גלייך איז דער קאַמף אין אַלע לענדער און פעלקער, אָבער גלייך זיינען די פאָדרונגען — די צילען — די אָפּשאַפונג פון דער נויט. און אַט די אָפּשאַפונג פון דער פעלקער־נויט ליגט אין דעם פ אָ ר ט ש ר י ט פון די געשעענישען פון אונזער צייט. די פעלקער ווילען דאָס ציל אין דעם איבערבוי פון לעבען דערגרייכען, אָבער די מיטלען פון די פעלקער, אין דעם קאַמף פאַר׳ן ציל, זיינען פאַרשיידען.

ב.

# צו וואָס די פעלקער שטרעבן איצט

אין דעם קאַמף פאַר א נייער און בעסערער וועלט שטייען די גרויסע אַרבעטער־מאַסן ניט נאָר אַנטקעגן די איינגעוואָרצעלטע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע בנינים פון אונזער היינטיגער געזעלשאַפט, נאָר אָפּט אויך אַנט־קעגן די רעגירונגען פון די פעלקער, וועלכע זיינען כמעט תמיד די דירעקטע שטיצער און אויפהאַלטער פון דער היינטיגער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. פונדעסטוועגן זיינען ניט אַלע רעגירונגען אין דערזעלבער מאָס קעגן דעם קאַמף פון די גרויסע אַרבעטער־מאַסן פאַר א בעסער לעבן — פאַר א לע־בען אָן איבערמענשלאַכער מי און טרחה און איבערמענשלאַכער נויט. און אין די היינטיגע היסטאָרישע געשעענישן פאַר דעם איבערבוי פון דעם לעבן האָבן זיך שאַרף אויסגעטיילט צוויי גרויסע וועגן פון קאַמף, וואָס היינגען ניט אינגאַנצן אָפּ פון דעם כאַראַקטער, טעמפּעראַמענט און קאָמפּלוסטי־קייט פון די פעלקער אַליין, נאָר אויך פון די באַזונדערע היסטאָרישע אומ־שטאַנדן און דער האַלטונג פון די רעגירונגען צו קאַמף פון די מאַסן.

נאָך לאַנג פאַר דער וועלט־מלחמה האָט זיך דער קאַמף פון די גרויסע באַוואוסטזיניגע אַרבעטער־מאַסן פאַר א בעסער לעבן און א בעסערער גע־זעלשאַפטלאַכער אָרדענונג צעבערענט צווישן די פעלקער אין צוויי פאַרשיי־דענע פאָרמעס מיט גאַנץ פאַרשיידענע מיטלען. אין לענדער ווי רוסלאַנד, דייטשלאַנד און עסטרייך, וואו די אַריסטאָקראַטישע הערשאַפט פון צאַרען און קיניגען און די רעשטלאַך פון דעם אַלטן פעאָדאַליזם און דער אַלטער פאַנשטשינע האָבן געהאַלטן די פעלקער אין פּאָליטישער און עקאָנאָמישער הינטערשטעליקייט, האָט זיך מיט גרויס אימפּעט צעפלאַקערט דער רעוואָלו־ציאָנערער סאָציאַליזם מיט זיינע צילן פון דער פונדאַמענטאַלער אומענדע־רונג פון דעם גאַנצן סאָציאַלן לעבן דורך דער אָפּשאַפונג פון די עיקרים פון דער היינטיגער געזעלשאַפטלאַכער אָרדענונג — די עיקרים פון פּריוואַט־אייגענטום אין דער פּראָדוקציע פון וואַרען פאַר די מערק, וואָס האָבן רייך געמאַכט א קלאַס פון קאַפּיטאַליסטן און האָבן זיי דערפאַר געמאַכט פאַר די פאַקטישע הערשער פון דער וועלט.

אָט די צילן פון דער פונדאַמענטאַלער געזעלשאַפטלאַכער אומענדערונג האָבן זיך איז יענע לענדער ביסלאַכוויים איינגעוועבט און זיינען צוזאַמענ־געוואַקסן מיט דעם אַקטיוון רעוואָלוציאָנערען קאַמף פאַר פּאָליטישער פרייהייט און א בעסערן געזעלשאַפטלאַכן לעבן.

פאַרקערט אָבער, אין דעמאָקראַטישע לענדער, ווי ענגלאַנד און אַמעריקע, האָט זיך דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם כמעט קיינמאָל ערנסט ניט אָנגענומען און דער קאַמף פון די אַרבעטער־מאַסן פאַר אַ בעסער לעבן האָט זיך געפירט אויף ריין טרייד־יוניאָניסטישע וועגן מיט טרייד־יוניאָניסטישע מיטלען: דורך סטרייקס און באָיקאָטס און געמאַטערטער, אָפט אומבאַטייטענדער אַרבעטער־געזעצגעבונג האָבן די אַרבעטער־מאַסן געזוכט צו געווינען קירצערע אַרבעטס־שטונדען און העכערען לוין — געווינסען וואָס רירען לחלוטין ניט אָן די עיקרים פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפטס־אָרדענונג און קערען זיך סוף כל סוף אום צום לענדלאָרד — אין העכערען רענט; צום פאַבריקאַנט — אין יקרות־פּראָפיטען און צום פינאַנסיסט — אין העכערע פּראָצענטען אויף די קאַפּיטאַלען.

אפילו אין דער רעוואָלוציאָנערער אָבער דעמאָקראַטישער פראַנקרייך האָט זיך דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם ניט אַזוי גרינג אָנגענומען — ווייניגסטענס ניט אַזוי גרינג ווי אין די ניט־דעמאָקראַטישע לענדער — און אויך דאָרט איז דער קאַמף פון די אַרבעטער־מאַסן פאַר אַ בעסער מאַטעריעל און געזעלשאַפטלאַך לעבן געפירט געוואָרען אויף די טרייד־יוניאָניסטישע און סינדיקאַליסטישע וועגען, וואָס האָבן דאָך געצילט צו פּאַליאַטיווע פאַרבעסערונגען און ניט צו פונדאַמענטאַלע ענדערונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג.

עס קען זיין, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל אין די דעמאָקראַטישע לענדער גלויבען די אַרבעטער־מאַסען אין זייער פּאָליטישער מאַכט און זיינען זיכער צו קענען דורכפירען אפילו פונדאַמענטאַלע ענדערונגען אין דעם איבערבוי פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען מיט אַט דער מאַכט אויף אַ פרידלאַכען וועג. ווי עס זאָל ניט זיין, אָבער אין אונזער צייט מערקען זיך אין דעם איבערבוי פון דעם לעבען אַט די צוויי באַזונדערע וועגען, טראָץ דעם וואָס די פאַרענדערונגען אין דעם איבערבוי זיינען נאָר פאַרשיידענע גראַדען פון דעמזעלבען כאַראַקטער.

אין אונזער צייט, ווען די גרויסע געשעענישען פון דער וועלט־מלחמה האָבען אַרויסגערופען די גוואַלטיגע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען אין רוסלאַנד, עסטרייך און דייטשלאַנד קעגען די אָפּגעלעבטע אויטאָקראַטישע רעגירער און רעגירונגען, און געקרוינטע קעפּ זיינען געפאַלען ווי שפּענער ביים אויסהאַקען בוימער אין אַ וואַלד, זיינען די טיפערע צילען פון אַט די רעוואָלוציעס געווען ניט בלויז די פּאָליטישע אומענדערונגען נאָר אויך די גרינטלאַכע אומענדערונג פון די סאָציאַלע יסודות פון דער היינטיגער געזעלשאַפט — דאָס אָפּשאַפען פון פּריוואַט־אייגענטום און לוין־אַרבעט און

דאָס איינפירען פון אַ סאָציאַליסטיש־קאָאָפּעראַטיווער, אָדער גאָר קאָמוניסטישער געזעלשאַפט. און די רעוואָלוציאָנערע אויפשטאַנדען פון יענע פעלקער האָבען טאַקע דערגרייכט כמעט די גאַנצע גאַמע פון סאָציאַליסטישע פאָדערונגען: פון די באָלשעוויסטישע צילען אין רוסלאַנד, סך הכל אויסצומאָרען פון הונגער אָדער גאָר אויס׳הרג׳ענען די גאַנצע בורזשואַזיע און יעדען סאָציאַליסט, אויף וועמען אַ באָלשעוויסטישער קאָמיסאַר לייגט ארויף דעם שטעמפּעל פון אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנער, אויפצוהאַלטען די סאָוועטען־רעגירונג אום יעדען פּרייז און איינפירען מיט דער צוואַנג פון באַיאָנעטען דעם עקסטרעמסטען סאָציאַליזם־קאָמוניזם, ביז דער באַשלוס פון דער עסטרייכישער קאָנסטיטואירענדער פאַרזאַמלונג שוין צוטרעטען צו דער איינפירונג פון דער נאַציאָנאַליזאַציע פון דער ערד און אירע רייכטימער און דער סאָציאַליזאַציע פון די אינדוסטריעס און אַפילו ווייטער נאָך — ביז דער דייטשער סאָציאַליסטישער עבערט־שיידעמאַן־רעגירונג מיט דער ווייםאַרקאָנסטיטוציע. וואָס איז, אין תוך גענומען, טאַקע אַלץ די אַלטע יענטע, די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע, נאָר לפּנים אַ ביסעל סאָציאַליסטיש געשלייערט; זיינען דאָס אַלץ פאַרזוכען פון די פונדאַמענטאַלסטע ענדערונגען אין אונזער געזעלשאַפטלאַך לעבען. אמת, אין דייטשלאַנד האָט זיך דערווייל דאָס סאָציאַלע און עקאָנאָמישע לעבען ניט פיל געענדערט, אָבער אין דייטשלאַנד איז די עבערט־שיידעמאַן רעגירונג און די סאָציאַל־בורזשואַזיע דעמאָקראַטיע נאָך ניט דאָס לעצטע וואָרט פון דער רעוואָלוציע; קעגען זיי קעמפען נאָך די אומאָפּהייניגע און די ספּאַרטאַקער פאַר אַ טיפערער און פונדאַמענטאַלערער ענדערונג אין דעם איבערבוי פון דעם סאָציאַלען לעבען. אָבער אויב אַזוי, איז דער רוסישער באָלשעוויזם אויך נאָך ניט דאָס לעצטע וואָרט פון דער רעוואָלוציע; קעגען זיין גוזמא׳דיגער גרוימזאַמקייט — אַפילו ווען זי איז נאָר האַלב־אמת — קעגען זיין דיקטאַטאָרישער הערשאַפט און זיין צוואַנג פון דעם עקסטרעמסטען סאָציאַליזם אויף דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען, קעמפען אויך ניט ווייניג ערנסטע סאָציאַליסטען. דער אמת איז, אַז ניט דער רוסישער עקסטרעם־לינקער און ניט דער דייטשער עקסטרעם־רעכטער איבערבוי פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען ליגען אין די באַוואוסטזיניגע פאָדערונגען און באַוואוסטזיניגען קאַמף פון די גרויסע אַרבעטער־מאַסען און שטעלען ניט פאָר מיט זיך די שטרעבונגען פון אונזער צייט. אין בעסטען פאַל, ווען זיי זאָלען אַזוי פאַרבלייבען אויף אַ לאַנגערער צייט, זיינען זיי נאָר איינענאַרטיגע אַפּווייזונגען אין דעם גרויסען, ברייטען סאָציאַלען לעבען פון דער מענשהייט.

אויך אין די גרויסע אינדוסטריעלע און דעמאָקראַטישע לענדער — ווי ענגלאַנד און אַמעריקע — האָט די וועלט־מלחמה אויפגעוועקט יענע פּאַסיווע

רעוואָלוציאָנערע כחות פאַר דעם איבערבוי פון דעם לעבען, וואָס האָבען זיך ביסלאַכוויים אַנטוויקעלט אין די יאָרען פאַר דער מלחמה אין דעם באַוואוסטזיין פון די גרויסע ארבעטער־מאַסען. אין אַמעריקע ווייניגער ווי אין ענגלאַנד און אויף א גאַנץ אַנדער פעלד פון ארבעט און נויט — אָבער אין אַמעריקע אויך.

אין די לענדער — איבערהויפּט אין ענגלאַנד — זיינען די פאָדערונגען פון די אַרבעטער־מאַסען אין דעם איבערבוי פון דעם לעבען ניט ווייניגער רעוואָלוציאָנער און גרינטלאַך. זיי בייטען ניט פונדאַמענטאַל אום דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלאַכע לעבען, אָבער זיי ענדערען ביז א געוויסער מאָס די עיקרים פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט און מאַכען פריי דעם וועג פאַר אַן ענדגילטיגען טריומף פון א נייַ געזעלשאַפטלאַך לעבען. די ענגלישע ארבעטער, פאַראייניגט אין א געוואַלטיגער מאַכט, וואָס קאָנטראָלירט די הויפּט־אינדוסטריעס פון דעם גאַנצען געזעלשאַפטלאַכען לעבען, פאָדערען ניט נאָר א העכערען לוין און קירצערע ארבעט־שטונדען, נאָר אויך די נאַציאָנאַליזאַציע פון די אייזענבאַנען און מיטלען פון טראַנספּאָרטאַציע, און, וויכטיגער פון אַלץ, די דעמאָקראַטיזאַציע פון אינדוסטריעס—זיי פאָדערען א טייל און א דעה אין דער פאַרוואַלטונג פון דער ארבעט און אין דעם אַפּזאַץ פון די פּראָדוקטען פון דער ארבייט. וואו זיי זאָלען ניט זיין די אינדוסטריעס, צי אין די הענט פון דער רעגירונג, צי אין די הענט פון פּריוואַטע אונטערנעמער, מוזען די אַרבעטער פון דער אינדוסטריע האָבען א חלק אין דער פאַרוואַלטונג, כדי ניט צו דערלאָזען קיין איבערפליסיגע פּראָפיטען און איבערפליסיגע באַרייכערונג אויפ'ן חשבון פון די אַרבעטער פון דעם פאַך. דאָס איז א שטיק עקאָנאָמישע סאָוועטען־רעגירונג — די דעמאָקראַטיזאַציע פון דער ארבעט. און די ענגלישע רעגירונג מוז ביסלאַכוויים נאָכגעבען אָט די פונדאַמענטאַלע ענדערונגען סאַי אין דעם פּרינציפּ פון פּריוואַט אייגענטום, סאַי אין דעם פּרינציפּ פון הערשאַפט פון קאַפּיטאַל אין דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען. זי מוז עס נאָכגעבען צוליב דער געוואַלטיגער מאַכט פון די פאַראייניגטע ענגלישע ארבעטער, וואָס קען צו יעדער צייט אָפּשטעלען יעדע ראָד און יעדע טעטיקייט פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען.

ניט אזוי באַוואוסטזיניג און ניט אזוי מאַכטיג איז דער אַמעריקאַנער אַרבעטער. איס פאַרשטעלט נאָך דעם גלייכען וועג צו א גרינטלאַכער איבערבויאונג פון דעם געזעלאַפטלאַכען לעבען די אַלטע מומיע פון א סעמועל גאָמפּערס. אָבער אַפילו דער אַמעריקאַנער אַרבעטער פאָדערט שוין מיט א שוואַכער שטים די נאַציאָנאַליזאַציע פון די אייזענבאַנען און די קוילען־מינעס און וויל אַליין אויך נעמען אַן אַקטיווען אַנטייל אין דער פאַרוואַלטונג

און קאָנטראָל פון אַט די אינדוסטריעס. אָבער אין אַמעריקע בויט זיך איבער דאָס לעבען נאָך דער מלחמה אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב מיט דער אַקטיווער פּאָליטישער טעטיקייט פון דער אַגראַרער באַפעלקערונג — פון די פאַרמערס. און אַט די טעטיקייט וואַקסט זיך אַלץ מער און מער צונויף, ניט נאָר מיט דעם אינדוסטריעלען איבערבוי פון דעם לעבען, נאָר מיט דעם גאַנצען סאָ־ציאַלען איבערבוי, אין דער אַקטיווער פּאָליטישער טעטיקייט שוין ניט פון דער שטאַט־סאָציאַליסטישער נאָן־פּאַרטיזען ליג פון נאָרד־דאַקאָטאַ, נאָר פון דעם גאַנצען פאַרמערס' נאַציאָנאַלען קאָנסול, פון וועלכען די נאָן־פּאַר־טיזען ליג איז אויך אַ טייל. די טעטיקייט איז ניט רעוואָלוציאָנער אין דעם זין פון די אייראָפּייאישע רעוואָלוציעס. יענע רעוואָלוציעס האָבען סאַי ווי סאַי, מיט זייערע בלוט־בעדער און ברודער־קאַמף, אַרויפגעוואָרפען אַ מורא אויף די רואיגערע אַרבעטער־מאַסען אין די דעמאָקראַטישע לענדער. זיי זוכען ניט קיין אַקטיווען רעוואָלוציאָנערען אויפשטאַנד, סאַידען די בלינדקייט פון די רעגירונגען און הערשער פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען וועט זיי טרייבען דערצו. אָבער זיי זיינען דאָ ניט ווייניגער רעוואָלוציאָנער. זיי פאָדערען פונדאַמענטאַלע ענדערונגען אין דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען: ווידער טאַקע די נאַציאָנאַליזאַציע פון די נאַטירלאַכע רייכטימער, ווידער טאַקע די נאַציאָנאַליזאַציע פון די אייזענבאַנען, קויל־מינעס און שיף־טראַנס־פּאָרטאַציע; רעגירונגס־מאַרקעטס און קאָנטראָל פון פּרייזען פון פּראָדוקטען, פרויען־רעכט, פרייהייט פאַר אַלע און פרידען צווישען די פעלקער.

אין די שטרעבונגען פון דער מערהייט פון די פעלקער אין אונזער צייט ליגען די פאָדערונגען פון פרידען באַגרינדעט ניט אויף מאַכט, נאָר אויף אינטערנאַציאָנאַלער גערעכטיקייט און די פונדאַמענטאַלע ענדערונג פון דעם היינטיגען געזעלשאַפטלאַכען לעבען אויף די יסודות פון נאַציאָנאַליזאַציע פון דער ערד און די נאַטירלאַכע רייכטימער, די נאַציאָנאַליזאַציע פון די גרויסע געזעלשאַפטלאַכע אינדוסטריעס און פון דעם אַנטייל פון די אַר־בעטער אין דער פאַרוואַלטונג פון דער פּראָדוקציע און אַפּזאַץ פון די פּראָ־דוקטען — די דעמאָקראַטיזאַציע פון דער אַרבעט און אינדוסטריעס.

ג.

# די ראָד פון דער געשיכטע וואָס קען ניט צוריקגעטריבן ווערן

אחוץ דעם פּאָליטישן סך־הכל, צו וועלכן די גרויסע וועלט־מלחמה, די האַנדלונגען פון דער פרידענס־קאָנפערענץ און דער אייזערנער ווילן פון דעם טיגערשן ביסמארק פון דעם צוואַנציגסטן יאָרהונדערט — פון פּרעמיער קלעמאַנסאָ—האָבן געבראַכט; אחוץ דעם סך־הכל, איז דאָ נאָך איינער אויף וועלכן ניט די האַנדלונגען פון די צוויי־דריי ציטווייליגע רעגירער פון דער וועלט ביים פרידענס־טיש און ניט דער אייזערנער ווילן פון טיגערשן קלעמאַנסאָ האָבן געווירקט, איבערגעאַנדערשט אָדער אַפילו נאָר געצאַמט.

דאָס איז דער סך־הכל פון די באַוועגונגען אין דעם אינעווייניגסטן לעבן פון די פעלקער אַליין, פאַר וועלכן מיר שטייען אַצינד. עס איז דער סך־הכל פון יענעם סאָציאַלן פאָרטשריט, וואָס איז אַליין אַ גרויסער, מאַכטיגער, און אָפטמאָל בלוטיגער קאַמף, אָבער וואָס איז דאָך דער א י י נ ־ צ י ג ע ר כח, מער ווי אַלע ליגעס פון נאַציאָנען, צו פאַרהיטן די פעלקער פון אַ נייער וועלט־מלחמה — אַ גרעסערער אפשר, אַ בלוטיגערער און שוידערלאַכערער ווי די וואָס מיר האָבן ערשט איבערגעלעבט.

וואָלטען די רעגירונגען געווען בכח; וואָלט אייראָפּע ניט געשטאַנען ביים אָפּגרונט פון הונגער און פינאַנציעלן באַנקראָט און וואָלטען די פעלקער ניט מיד געווען צוזושטעלן „קאַנאָנען־פלייש" וואָלטען מיר שוין איצט, טראָץ אַלע שלום? אָפּמאַכען און ליגעס־קאָווענאַנטען, געשטאַנען ביים שוועל פון אַ נייער וועלט־מלחמה . . . זיינען אָבער די אייראָפּייאישע פעלקער פאַרהונגערט, עקאָנאָמיש און פינאַנציעל רואינירט, און די מאַסען זיינען מיד פון מלחמה. צו קיין וועלט־מלחמה וועט עס אַזוי גיך ניט קומען . . . און ביז אַ דור אָדער צוויי וועלען אַוועקגיין, אָדער ביז אַ האַלבער יאָרהונדערט וועט פאַריבער, וועט, לאָמיר האָפען, דאָס וואָס טיילט זיך שוין איצט אַזוי שאַרף אויס, ווי דער סך־הכל פון די סאָציאַלע באַוועגונגען אין דער וועלט, זיך צו אַזאַ שטופע אַנטוויקלען, ווען די פעלקער אַליין וועלען זיך אָפּזאָגען פון מאַסען־מאָרד פון מענשען קעגען מענשען און מלחמות, וויינינגסטענס צווישען די פאָרטגעשריטענסטע פעלקער, וועלען זיין נאָר ערינערונגען פון דער פאַרגאַנגענהייט . . . עס ווילט זיך אַזוי האָפען.

* * *

וואָס־זשע איז אָט דער סך־הכל פון די סאָציאַלע באַוועגונגען אין דעם אינעווייניגסטען לעבען פון די פעלקער וואָס קען פירען דערצו?

ווען די רעגירונגען, דער אָרגאַניזירטער קאַפּיטאַל און די רעאַקציאָנערע עלעמענטען פון דעם היינטיגען לעבען, וואָס פאַרפאַלגען מיט אַזא וויל־דער היסטערישער אכזריות יעדע סאָציאַלע באַוועגונג וואָס זיי שטעמפּלען מיט דעם שרעקענדיגען נאָמען באָלשעוויזם, וואָלטען געוואוסט, אַז ניט אין דעם באָלשעוויזם, אפילו ניט אין דעם עכט־רוסישען באָלשעוויזם און זיין פּראָפּאַגאַנדע, ליגט די געפאַר פון פעלקערלאַכע אויפשטאַנדען און מאַסען־רעוואָלטען, נאָר אַז די געפאַר ליגט אין די היינטיגע אומשטאַנדען פון דעם לעבען, אין די אינדוסטריעלע, עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אומשטאַנדען פון אַרבעט און קאַפּיטאַל, וואָלטען זיי אויך דעמאָלט אפשר ניט געהאַנדעלט אַנדערש ווי זיי האַנדלען . . . זיי וואָלטען אָבער ווייניגסטענס פאַרשטאַנען, אַז לאַנג נאָך פאַר דער מלחמה — יאָ, צענדליגער און צענדליגער יאָרען פאַר דער נויט און הונגער פון נאָך דער מלחמה — האָבען זיך אויס־געפורעמט די אידעאַלען און עס האָט זיך אָנגעהויבען דער קאַמף פאַר אַ נ ד ע ר ע סאָציאַלע אומשטאַנדען; פאַר אַ נ י י סאָציאַל לעבען, וואָס האָט זיך אין פאַרשיידענע לענדער פאַרשיידען אויסגעדריקט: אין די סלאַ־ווישע לענדער — אין רוסלאַנד, פּוילען און אוקראַינע — אין דעם קאַמף פון די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציאָנערע גרופּעס קעגען דער צארישער דעספּאָטיע; אין די טוטאָנישע לענדער, אין דייטשלאַנד און עסטרייך — פאַר סאָציאַלע רעפאָרמעס און סאָציאַל־דעמאָקראַטישער מאַכט; אין די ראָמאַנישע לענדער, אין פראַנקרייך, איטאַליען און שפּאַניען — אין דעם קאַמף פון די ראַדיקאַלערע אַנאַרכיסטישע גרופּעס קעגען די רעגירונגען און קאַפּיטאַל; אין די אַנגלאָ־סאַקסישע לענדער, אין ענגלאַנד און אין אַמע־ריקע — אין דעם קאַמף פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט קעגען דעם אָרגאַניזירטען קאַפּיטאַל. אָבער אין אַלע לענדער איז עס געווען דער גיכערער אָדער פּאַמעלאַכערער וואוקס פון דעם זעלבען אידעאַל פון אַ נייע געזעלשאַפטלאַך לעבען און דערזעלבער קאַמף וואָלט אָנגעגאַנגען יאָרען און יאָרען — יאָ מלחמה, ניט מלחמה — ביז ער וואָלט פּאָזיציע נאָך פּאָזיציע געוואונען דאָס נייע געזעלשאַפטלאַכע לעבען, ווייל אין דעם איצטיגען לעבען אַליין ליגען די עלעמענטען וואָס פירען צו דעם קאַמף.

איז אָבער די גרויסע וועלט־מלחמה געקומען. פעלקער און מענשען האָבען דורכגעלעבט אין שעה'ן דאָס, וואָס זיי וואָלטען געוויינלאַך אין יאָרען ניט דורכגעלעבט. און די רעגירונגען אַליין פון די פעלקער אין דער מלחמה — צו געווינען דעם זיג איבער דעם שונא — האָבען געפּריידיגט

אַ טייל פון די אידעאַלען און זיינע אָנגעקומען צו אַ טייל פון יענע מיטלען און פאָרמעס פון לעבען וואָס זיינע טיילוויים געווען די נייע סאָציאַלע אי־דעאַלען, טיילוויים דאָס נייע סאָציאַלע לעבען . . . זיי האָבען געפריידיגט די פרייהייט און זעלבסט־באַשטימונג פון פעלקער; געפריידיגט די דעמאָ־קראַטיע — דעם אויסדרוק פון דעם ווילען פון פאָלק; זיי האָבען סאָציאַ־ליזירט די נויטיגע אינדוסטריעס און די נויטיגע ארבעט פאַר די מלחמה־צוועקען; זיי האָבען די רייכטימער פון די לענדער און די פּראָדוקציאָנס־קראַפטען פון די פעלקער אין דינסט פון דעם גאָט פון מלחמה געבראַכט...

די פעלקער האָבען עס געפילט. דערצו איז אַ גרויסע ליכט אויפגע־גאַנגען אין רוסלאַנד. די רוסישע רעוואָלוציע האָט אומגעוואָרפען דעם אַלטען צאַרישען טראָן און שוין אין אירע ערשטע טריט האָט זי איינגע־וועבט אין דעם נייעם לעבען טיילען פון דעם אַלוועלטלאַכען און אַלפעלקער־לאַכען סאָציאַלען אידעאַל. די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע איז נאָך ווייי־טער געגאַנגען. זי האָט זיך מיט טיילען פון דעם גרויסען אידעאַל ניט באַ־נוגענט. זי האָט זיך פאַרמאָסטען מיט דער מאַכט פון באַיאָנעטען דעם העכסטען סאָציאַלען אידעאַל אין לעבען דורכצופירען. זי האָט אפשר שפּעטער געמוזט מיט דעם לעבען און די אומשטאַנדען קאָמפּראָמיסען מאַכען. אָבער, צי וועט די היינטיגע באָלשעוויסטישע רוסלאַנד פאַרבלייבען דאָס לאַנד פון דער נייער דעמאָקראַטיע און פון דער העכסטער רעאַליזירונג פון סאָציאַלע אידעאַלען, צי ניט, דאָס ליכט פון דער רוסישער רעאַליזירונג האָט אויף דער גאַנצער וועלט אָפּגעשיינט. איבער אייראָפּע האָט זיך אַ רעוואָ־לוציאָנערער שטראָם אויסגעשפּרייט, וואָס האָט ניט נאָר טראָנען אומגע־וואָרפען און נייע פּאָליטישע פאָרמעס געשאַפען, נאָר האָט אויך אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס, דאָ און דאָרט, די סאָציאַלע אידעאַלען אין דעם פאָדערגרונט פון דעם פעלקערלאַכען קאַמף געשטעלט. און דער גרויסער סאָציאַלער סך הכל היינט פאַר אונזערע אויגען טיילט זיך, פון איין עק וועלט ביז דעם אַנדערען, פון די גרויסע מ א ק ס י מ א ל ע פאָדע־רונגען פון דעם רוסישען באָלשעוויזם, דעם דייטשען אומאָפּהייענגיגען סאָ־ציאַליזם און דעם איטאַליענישען רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליזם, וואָס זוכען צו רעאַליזירען דעם העכסטען סאָציאַלען אידעאַל: די פרייהייט, די זעלבסט־באַשטימונג און פעדערירונג פון פעלקער און פעלקערשאַפטען, די רעאַליזי־רונג פון דער נייער סאָוועטען־דעמאָקראַטיע און די אָפּשאַפונג פון קאַפּי־טאַל, פּריוואַט־אייגענטום און קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע. ביז די מ י נ י־מ א ל ע פאָדערונגען פון די רואיגירטע וועסטלאַכע לענדער ווי בעלגיע, פראַנקרייך, האָלאַנד, ענגלאַנד און אַמעריקע, וואָס שטעלען אין פאָדערגרונד פון דעם נייעם פעלקערלאַכען לעבען די אַלטע דעמאָקראַטישע פרייהייטען

פון רעדע, פּרעסע און פאַרזאַמלונג, די נאַציאָנאַליזאַציע פון באָדען און פון די רייכטימער פון לאַנד, די נאַציאָנאַליזאַציע פון די מיטלען פון טראַנספּאָרט, די דעמאָקראַטיזאַציע פון די אינדוסטריעס — די דעה פון דעם אַרבעטער און פאָלק אין דעם פּרייז פון דער אַרבעט, קאָסט פון לעבענס־מיטעל און גרויס פון די פּראָפיטען — פּראָפּאָרציאָנעלע טאַקסירונג פון גרויסע פאַרמעגענס און ירושות, און אַפילו די דעמאָקראַטיזאַציע פון די פינאַנציעלע אינסטי־טוטען.

אַט דאָס איז דער מאַקסימאַלער און מינימאַלער סך־הכל פון די שטרעבונגען אין דעם אינעווייניגסטען לעבען פון די פעלקער. אַט צוליב דעם פירען די פעלקער דעם גוואַלטיגען קאַמף. און מעגען די מאַקסימאַלע אידעאַלען פון אַ ניי סאָציאַל לעבען נאָך ווי זיין ווייט צו דער־גרייכען, די מינימאַלע פאָדערונגען מוזען רעאַליזירט ווערען אין דעם קומענדען דור אויב רו און פרידען זאָל קומען אויף דער וועלט. און וועלען זיי רעאַליזירט ווערען, וועט דאָס סאָציאַלע לעבען אַננעמען אַנדערע פאָרמעס — דער אָרגאַניזירטער קאַפּיטאַל וועט מוזען מעסיגען זיינע אַפּעטיטען — און אין דעם ליגט די גאַראַנטיע, אַז עס וועלען פאַרשווינדען פון לעבען יענע אימפּעריאַליסטישע שטרעבונגען פון אַלוועלטלאַכען קאַפּיטאַל, וואָס זוכט צו באַהערשען די וועלט און רייצט די רעגירונגען און פעלקער צו מלחמה . . .

די רעגירונג און דער פאַראייניגטער קאַפּיטאַל פון דער וועלט זיינען ערשט איצט — נאָך דער גרויסער וועלט־מלחמה, נאָך דער באָלשעוויסטישער הער־שאַפט אין רוסלאַנד, נאָך דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע וואָס האָט פאַר־פלייצט מיטעל־אייראָפּע און האָט אַזוי שאַרף אָפּגעשפּיגעלט די אויסגעשפּראָ־כענע פאָדערונגען פון די פעלקער־מאַסען — געקומען צו דער פאַרשטענדעניש פון דעם גרויסען קאַמף פון די פעלקער . . . דערפאַר די ווילדע רעאַקציע פון דעם פאַראייניגטען קאַפּיטאַל איבער דער גאַנצער וועלט קעגען יעדער באַנייאונג אין דעם סאָציאַלען לעבען; דערפאַר די גוואַלטיגע אַנשטרייננגונג פון אַלע רעגירונגען אומצוקערען דאָס לעבען נאָך דער מלחמה צו דעם געוועזענעם אַלטען און אויף דאָס ניי עס אַזוי באַפעסטיגען מיט געזעץ אויף געזעץ — עס איז דער סך־הכל פון קאַמף אויף לעבען און טויט מיט קאַפּיטאַל.

אָבער שווער איז צו דרייען די ראָד פון פאָרטשריט צוריק . . . שווער! . . .

## י"ד.

# די פאַרכאַפּטע פאַבריקען אין איטאַליע

אפילו איצט, נאך איינינע וואכען פון קאמף, קען מען נאך אלץ ניט פארויסזאגען מיט וואס דער אויפשטאנד פון די איטאליענישע ארבעטער, — זייער פארכאפען די פאבריקען, ניט נאר פון מעטאל־ארבעט, נאר אויך פון אנדערע צווייגען פון דעם אינדוסטריעלען פעלד פון פראדוקציע, — וועט זיך סוף כל סוף אויסלאזען. אבער מיט וואס אט דער אנהויב פון דער סאציאל־עקאנאמישער ענדערונג אין לעבען פון איטאליענישען פאלק זאל זיך ניט אויסלאזען דערווייל, פארבלייבט דער עקספערימענט פון דעם איטאליענישען ארבעטער היסטאריש די וויכטיגסטע ערשיינונג אין אונזערע אומרואיגע צייטען, וואס אינטערעסירט אלע פעלקער, וועלכע שטרעבען צו דער באנייאונג פון דעם סאציאלען לעבען.

ניט דערפאר אליין, וואס דער עקספערימענט פון די איטאליענישע ארבעטער, אין דעם גרינטלאכען איבערבוי פון סאציאלע באגריפען און אינדוסטריעלע אינסטיטוציעס פון אונזער היינטיגען לעבען, קומט פאר כמעט בלוטלאז אין פארגלייך מיט די רעוואלוציאנערע עקספערימענטען פון רוסלאנד, דייטשלאנד און אנדערע צענטראל־אייראפייאישע לענדער; ניט דערפאר אליין, אבער צוליב ד ע ם אויך; ווייל נאך דער שוידערלאכער בלוטפארגיסונג פון דער בליענדסטער יוגענט פון די פעלקער אין דער וועלט־מלחמה, וואס האט נאך ביז איצט ניט אויפגעהערט; נאך דער שוידערלאכסטער בלוט־פארגיסונג אין דעם ברודער־קאמף אין רוסלאנד, אין דייטשלאנד, און וואו ניט, וואו פארטייען האבען געזוכט צו באהערשען די פעלקער אין די רעוואלוציאנערע געשעענישען, א י ז יעדער טראפען בלוט פון די פעלקער־מאסען א קרן, וואס זאל פארהיט ווערען.

דאך, ניט דערפאר אליין.

מער נאך, פיל מער, דערפאר, ווייל, ווי עס שיינט, קומען פאר אין איטאליע צוזאמען מיט דער עקאנאמישער און אינדוסטריעלער ענדערונג פון די גרונט־יסודות פון לעבען אויך אנדערע ענדערונגען, — גייסטיגע, — וואס זיינען שוין פון פריער געלעגען אין דעם הינטערגרונט פון דעם לעבען, וואס רייסען זיך אבער איצט צום פארשיין און וועלען ווערען בישלאכוויים איינגעפלאכטען אינ'ם נייעם לעבען.

געוויינלאך זיינען מיר דא, אויסער די לענדער, וואו עס קומען פאר די גרויסע סאציאלע, פאליטישע און אינדוסטריעלע ענדערונגען, אנגעוויזען מיט

די ידיעות וועגען די אַלע געשעענישען אוף דער טעגלאַכער פּרעסע, אויף די פּאַרטיי־אָרגאַנען, אָדער גאָר אויף די מיינונגען און איינדרוקען פון איינצעל־נע פּערזאָנען, וואָס קומען פון יענע לענדער. אין בעסטען פאַל דאַרף מען זיך קענען אָריענטירען אין דעם מאַטעריאַל, אום צו קענען ערלאַך, שכל׳־דיג און ניט בלינד אורטיילען וועגען דעם, וואָס עס קומט פאָר אין יענע לענדער. דער בעסטער מאַטעריאַל איז די באָאָבאַכטונג פון פאַרטרויענס־ווערטע פּערזאָנען, וואָס לעבען אין די לענדער און זעען דעם גאַנג און די אַנטוויקלונג פון די געשעענישען; אָבער אַפילו דעמאָלט איז שווער פון דעם מאַטעריאַל אויסצוטיילען אי יענעמ׳ס, אי אונזערע אייגענע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס. דאָך אויב ניט אין די דעטאַלען, קען מען אָבער אין די גרויסע שטריכען פון די געשעענישען דעם אמת דורכזען; מען קען פאַרשטיין די טרייב־קראַפטען, וואָס פירען צו די געשעענישען, און פאַרגלייכען די מיט־לען און די מעגלאַכע רעזולטאַטען אין דעם גרויסען אינעווייניגסטען קאַמף פון די פעלקער.

שוין פון דעם סאַמע אָנהויב פון דעם איטאַליענישען אויפשטאַנד האָט זיך די וועלט געוואונדערט איבער דעם, וואָס דער איטאַליענישער אַרבעטער האָט אין זיין רעוואָלוציאָנערער האַנדלונג פריער ניט פאַרכאַפּט די שטאַטס־מאַכט, — די פּאָליטישע מאַכט, — און האָט ניט דורך דעם שטאַט פאַר־כאַפּט די פאַבריקען, איבערגעבענדיג זייער פאַרוואַלטונג דער נייער רעוואָ־לוציאָנערער רעגירונג און האָט ניט געוואַרט, ביז די נייע שטאַטס־רעגי־רונג וועט, אין נאָמען פון דער דיקטאַטור „פון דעם פּראָלעטאַריאַט״, דורך דעקרעטען באַשטימען, וואָס און ווי אַזוי די אַרבעטערשאַפט דאַרף אין די פאַבריקען טאָן, — ווי גאַט און גוטע לייט האָבען געבאָטען און די באָלשעוויס־טישע רוסלאַנד האָט טאַקע אין יעדען פּרט געטאָן... אַנשטאָט דעם האָבען גאָר די איטאַליענישע אַרבעטער אינגאַנצען איגנאָרירט דעם שטאַט — די איצטיגע קאַפּיטאַליסטישע רעגירונג — האָבען אַפילו איגנאָרירט די גרויסע פראַקציע סאָציאַליסטען אין פּאַרלאַמענט; האָבען זיך פּאַקטיש ביי קיינעם ניט אָנגעפרעגט און האָבען אַליין איבערגענומען די פאַבריקען, פאַרוואַלטעט זיי און געאַרבעט אין זיי, — און אויב זיי וועלען אין דער לייזונג פון די גרונט־פּראָבלעמען צווישען אַרבעט און קאַפּיטאַל איצט פאַרלירען, וואָס זיי האָבען שוין געוואונען, וועט עס זיין אַ דאַנק דעם, וואָס עס האָט זיך אַריינ־געמישט דער פּרעמיער, — דער פאַרשטייער פון דער רעגירונג, — פון איין זייט, און די פירער פון דער קאָנפעדעראַציע, — פון די טרייד־יוניאָנס, וואָס זיינען זעלטען וועז צו ראַדיקאַלע — פון דער אַנדער זייט.

טאָ ווי פּאַרט קען די ערשיינונג דערקלערט ווערען? זי איז דאָך פּאַרט אַן אַנדער וועג, ווי דער, וואָס שטייט ביי מאַרקס׳ן שוואַרץ אויף ווייס

פאַרשריבען . . . האָבען זיך געפונען חכמים אויף אונזער גאַס, וואָס האָבען דעם נייעם וועג פון סאָציאַלער ענדערונג דערקלערט מיט דעם, וואָס די איטאַליענישע קאָמיסיע קיין רוסלאַנד האָט מורא געהאַט פאַר די וועגען פון דער באָלשעוויסטישער דיקטאַטור. אַז עס איז דאָ פאַר אַ פאָלק, וואָס האָט זיך שוין דערוואָרבען פּאָליטישע פרייהייט און באַשטימטע עקאָנאָמישע רעכט, אַ היבש ביסעל צו שרעקען זיך פאַר דער באָלשעוויסטישער דיקטאַטור און דער אינדוסטריעלער קאַזאַרמעדיגער שקלאַפעריי, — קען גאָר קיין רייד ניט זיין; אָבער אַז אַ מאַסען־האַנדלונג פון מער אָדער ווייניגער באַוואוסטזיניגע אַרבעטער זאָל זיין דער רעזולטאַט פון שרעק פאַר אַ רע־פאָרט, ווי אומגינסטיג ער זאָל ניט זיין, ליגט זיך שווער אויפ'ן שכל . . . אַנדערע האָבען געפּרואווט צעציען די מאַרקסישע פאָרמולע ווי אַ גומע, כדי צו קענען אַריינפּאַסען אין איר אויך דעם איטאַליענישען עקספּערימענט; און נאָך אַנדערע האָבען גלאַט נביאות געזאָגט, אַז די איטאַליענישע אַרבע־טער וועלען נאָך איבערנעמען די פּאָליטישע מאַכט און וועלען נאָך איבער־געבען די פאַבריקען און די אינדוסטריעס צו דער רעגירונג און וואַרטען אויף אירע דעקרעטען . . . דאָס זיינען די מענשען, ביי וועמען עס ליגט זיך ניט אויפ'ן שכל קיין אַנדער סאָציאַלע געזעלשאַפט, ווי נאָר אַ מאַכ־טיגער שטאַט, — אַ מאַכטיגע רעגירונג, — וואָס זאָל שאַלטען און וואַלטען ניט נאָר איבער די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע, נאָר אויך איבער די גייסטיגע **כחות פון מענשען און פעלקער.**

אָבער דער אמת ליגט גאָרניט דאָ. צי די איטאַליענישע אַרבעטער וועלען נאָך איבערנעמען די פּאָליטישע רעגירונג און איבערגעבען איר די פאַר־וואַלטונג פון דעם פּאָליטישען, עקאָנאָמישען און אפילו גייסטיגען לעבען פון פאָלק, אויף דעם שניט פון דעם רוסישען באָלשעוויזם, איז אַ צו ווייטע און אומזיכערע נבואה; זיכערער איז, ווי עס זעט איצט אויס, אַז די אַר־בעטער וועלען אומקערען צו די בעלי־בתים די פאַבריקען און וועלען זיך באַנוגענען מיט גאַראַנטיעס פאַר די צוזאָגען פון דער רעגירונג און די פּי־רער . . . דאָ און דאָרט וועלען אפשר זיין סטרייקס; דאָ און דאָרט — פאַרכאַפּונגען פון פאַבריקען; דאָ און דאָרט — אַ סאָוויעט־רעוואָלוציע · אָבער דער עקספּערימענט, אין אַ גרויסען מאַסשטאַב. וועט זיך נאָך איטי־הערען אין זיין רייז־עקאָנאָמישער און אינדוסטריעלער פּאַרטיי אפילו ווייז דער סאָציאַליזם זאָל פאַרכאַפּען די רעגירונגס־מאַכט; ווייל איז דאָך היינטיגע־גרינגט פון די איטאַליענישע פּאַסירונגען ליגען אַנדערע טרייד־האַנדלונגען ווי די. וואָס האָבען געגעבען דעם באָלשעוויזם זיין מאַכט.

דאָס איטאַליענישע פאָלק האָט צופיל געבלוטעט פאַר זיין פּאָליטישער

פרייהייט און אומאָפּהייננגיקייט; דער אינדיווידועלער גייסט פון דער פּער־זענלאַכקייט איז דאָ צו שטאַרק אַנטוויקעלט; די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין איטאַליען איז לערך נאָך גאָר אַ יונגע ערשיינונג און איר שטאַרקע אַנט־וויקלונג האָט זיך ערשט אַרויסגעוויזען אין די לעצטע פּאָר יאָר נאָך דער מלחמה. יאָרען און יאָרען פריער, — צענדליגער יאָרען, — איז די אי־טאַליענישע אַרבעטערשאַפט געווען אונטער דער ווירקונג פון די ראַדי־קאַלסטע און פאַרטגעשריטענסטע אידייען; יאָרען און יאָרען האָבען די אי־טאַליענישע אַרבעטער געלערנט, אַז ניט דער שטאַט, ניט די רעגירונג, דאַרף איבערנעמען דאָס עקאָנאָמישע און אינדוסטריעלע לעבען פון פאָלק, נאָר די וואָס אַרבעטען, — די אַרבעטער אַליין; יאָרען און יאָרען האָבען זיי זיך געלערנט צו באַשיצען זייערע אינדיווידועלע און קלאַסען־רעכט, און ניט אַזוי גרינג וועט זיך דער איטאַליענישער אַרבעטער אָפּזאָגען פון אַט די רעכט און איבערגעבען זיי אין די הענט פון איין הערשענדער פּאַרטיי.

אַפילו נאָר פון דעם, וואָס מיר קריגען צו וויסען פון איטאַליע פון דער גרויסער פּרעסע, ווי פאַרפירעריש זי זאָל ניט זיין, טיילען זיך אויס כאַראַקטעריסטישע שטריכען פון דעם איטאַליענישען אויפשטאַנד, וואָס קענען אים ניט פירען אויף די וועגען פון דעם רוסישען באָלשעוויזם . . . ניט נאָר איז דער איטאַליענישער אויפשטאַנד אַ ריין עקאָנאָמיש־אינ־דוסטריעלע באַוועגונג, וואָס גייט עקאָנאָמיש אויף אַן אַנדער וועג, ווי די סאָציאַלע באַוועגונגען אין רוסלאַנד און אין דייטשלאַנד זיינען גע־גאַנגען. נאָר עס איז אויך דער ערשטער עקספּערימענט אין דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער באַנייאונג פון די פעלקער, אָפּצוטיילען דעם שטאַט, — די פּאָליטישע מאַכט, — פון דעם עקאָנאָמישען און אינדוסטריעלען אי־בערבוי פון דעם כלל־לעבען.

עס איז היסטאָריש אויסגעפאַלען אויף דעם גורל פון דער בורזשואַזיע אָ פּ צ ו ט י י ל ע ן דעם שטאַט פון דער רעליגיע; און עס איז דער גורל פון דעם פּראָלעטאַריאַט אָ פּ צ ו ט י י ל ע ן דעם שטאַט, — די פּאָליטישע רעגירונג, אָדער אויב איר ווילט, די פּאָליטישע פאַרוואַל־טונג — פון די באַציאונגען פון מענשען צו מענשען, גרופּעס צו גרופּעס און פעלקער צו פעלקער, פון די עקאָנאָמישע און אינדוסטריעלע אומ־שטאַנדען פון דעם לעבען פון אַ פאָלק. די רוסישע רעוואָלוציע, גייענ־דיג אין די פוס־טריט פון דער אַלטער געשריבענער פּראָזע, כאָטש אַז דעם ווידערשטאַנד פון אַן אומאַנטוויקעלט פאָלק, מיט דער שוואַכסטער בורזשואַזיע אין דער וועלט, האָט ניט פאַרמאָגט צו שאַפען ניט דעם פרייען עקאָנאָמישען איבערגאַנג, וואָס פילט זיך אין דעם איטאַליענישען

עקספּערימענט און ניט די פאַנאַנדערטיילונג פון דער פּאָליטישער הער־שאַפט פון דעם עקאָנאָמישען איבערבוי, די הערשאַפט וואָס רויבט אוועק פון אינדיווידום זיין פּאָליטישע פרייהייט און מאַכט אים פאַר א גע־צוואונגענעם עקאָנאָמישען שקלאַף. אין איטאַליע לעבט דאָס פאָלק אי־בער אויך גייסטיגע ענדערונגען מיט די עקאָנאָמישע און אינדוסטריעלע ענדערונגען פון לעבען.

## ה.

# גייסטיגע עלעמענטען אין דער סאָציאַלער באַנייאונג

די דערווייליגע רעזולטאַטען פון דער עקאָנאָמישער באַוועגונג אין איטאַליע האָבען זיך ניט זייער צופרידענשטעלענדיג אויסגעלאָזט : א רעפערענדום פון דער קאָנפעדעראַציע פון אַרבעטער האָט באַשטימט, אַז די פאַרכאַפּטע פאַבריקען זאָלען אומגעקערט ווערען צו זייערע אייגענטימער און דער פלאַן פון דער רעגירונג אויף אַ פאַרגרעסערטען לוין, אויף אַ גאַראַנטיע, אַז די אַרבעטער וואָס האָבען פאַרכאַפּט די פאַבריקען זאָלען ניט באַשטראָפט ווערען און אויף אַ גרעסערער דעה אין דער פאַרוואַלטונג פון די פאַבריקען, זאָל אָנגענומען ווערען. וואָס אָט די דעה אין דער פאַרוואַלטונג וועט באַטייטען, קען מען נאָך דערווייל ניט זאָגען. אין פאַרגלייך מיט די רעוואָלוציאָנערע רעזולטאַטען פון דער באָלשעוויסטישער רוסלאַנד, צום ביישפּיל, זאָל עס הייסען, אַז די באַוועגונג איז אַ דורכפאַל. און עס וועלען זיך זיכער געפינען מענשען, וועלכע וועלען די ריין־עקאָנאָמישע מיטלען פאַר דעם סאָציאַלען איבערבוי, אָנגענומען פון די איטאַליענישע אַרבעטער, באַטראַכטען פאַר אַ פעלער.

אין רוסלאַנד, וועט דאָס הייסען, האָט די סאָציאַלע רעוואָלוציע, דורך דער פּאָליטישער מאַכט פון שטאַט, עוקר מן השורש געווען דעם אַלטען מלוכה־רעזשים און די גאַנצע בורזשואַזיע, און די אַרבעטער האָבען איבערגענומען דעם גאַנצען סאָציאַלען לעבען: דעם פּאָליטישען, עקאָנאָמישען און אפילו דעם גייסטיגען לעבען פון פאָלק אין זייערע אייגענע הענט. אין פאַרגלייך אָבער מיט דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, קען דאָס קוים געזאָגט ווערען: אין דייטשלאַנד, וואו די בורזשואַזיע איז געווען אַזוי מאַכטיג אַנטוויקעלט ווי כמעט אין די וועסט־אייראָפּייאישע שטאַטען, האָט די רעוואָלוציאָנערע פּאָליטישע מאַכט קענגען איר ניט פיל אויפגעטאָן; פאַרקערט, זי האָט זיך טיילווייס געשטעלט אין איר דינסט און האָט בלויז אַרויסגערופען אַ בלוטיגען קאַמף צווישען דער נייער רעגירונג און די סאָציאַלע פאַרטייען — דאָס וואָס איז אין איטאַליען אינגאַנצען אויסגעמיטען געוואָרען.

אָבער דער ריין־עקאָנאָמישער עקספּערימענט אין איטאַליע וועט דאָך ניט בלייבען אָן רעזולטאַטען: ווידער און ווידער וועט זיך דער איטאַליענישער אַרבעטער אומקערען צו אים און צי מיט דער פּאָליטישער מאַכט פון דער רעגירונג, צי אָן איר, וועט ער סוף כל סוף דערגרייכען די סאָ־

ציאַלע איבערבויאונג פון דעם לעבען אויף ניט וויניגער גרינטלאַכע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און סאָציאַלע יסודות, און ווידער טאַקע דורך ריין־עקאָנאָמישע מיטלען. שוין אין דעם כמעט בלוטלאָזען עקספּערימענט פון די איטאַליענישע אַרבעטער איצט, קען מען אויסטיילען מאָמענטען וואָס האָבען געשפּילט אַ וויכטיגע ראָלע אין דער גאַנצער באַוועגונג; מאָמענטען ניט קיין פּאָליטישע און אַפילו ניט קיין עקאָנאָמישע, נאָר מאָמענטען גייסטיגע. ווי אין די וועסט־אייראָפּייאישע לענדער, וואו די פּאָליטישע פרייהייט איז געוואָרען אַ טייל פון דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען, אַזוי אויך אין איטאַליען, וואו די מאַסען האָבען לאַנג געקעמפּט פאַר דער פערזענלאַכער פרייהייט פון דעם בירגער, האָבען די אַרבעטער בשום אופן ניט געקענט גיין אויף די וועגען און מעטאָדעס פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, וואָס האָבען דאָרט געפירט צו דער פאַרניינונג פון דער פרייהייט פון דער פערזאָן און פון דער פּאָליטישער פרייהייט פון לאַנד. און דאָס וואָס האָט זיך אויסגעדאַכט צו זיין אַ וואונדער אין דער האַלטונג פון דער רעגירונג צו דער עקספּראָפּריאירענדער באַוועגונג פון די אַרבעטער, איז געווען ניט מער ווי אַ רעזולטאַט פון יענע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און גייסטיגע עלעמענטען וואָס האָבען שוין פריער געוועלטיגט אין די פאַרשיידענע ספערען פון דעם איטאַליענישען געזעלשאַפטלאַכען לעבען און זיינען פאַרבליבען אין הינטערגרונט ביז נאָך דער וועלט־מלחמה: דאָס פּאָליטישע געזעלשאַפטלאַכע לעבען פון די איטאַליענישע מאַסען, ווי אויך אַפילו פון דעם איבערגעבליבענעם ליבעראַליזם פון דעם אַמאָליגען אַדעל, האָט זיך דערצויגען אויף דעם פּאָליטישען אַנאַרכיזם פון די מאַדזינים און אויף דעם פרייען קאָמוניסטישען עקאָנאָמיזם פון די באַקונינס און קראָפּאָטקינס; און ניט נאָר איז ביי זיי די פרייהייט דאָס הייליגסטע, נאָר אויך די פערזענלאַכקייט — דער מענש — און די פרייע קאָאָפּעראַטיווע פּראָדוקציע זיינען די צילען אויף וועלכע דאָס אַלגעמיינע לעבען דאַרף באַזירען. און אין איטאַליען — אפשר מער ווי אין אַלע אַנדערע לענדער — האָט אַפילו דער ליבעראַלער אַדעל, שוין אָפּגערעדט פון די סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע עלעמענטען, אַנדערקענט דעם פאַקט, אַז דער מאַטעריעלער פאָרטשריט פון דער קאַפּיטאַליסטישער ציוויליזאַציע איז ניט ווערט באַשיצט צו ווערען אָדער אויפגעהאַלטען ווערען דערמאָלט, ווען עס דאַרף קאָסטען דאָס בלוט פון אַן אינערלאַכען קאַמף, צווישען די פעלקער־שיכטען. און ניט צוליב דעם אַליין, וואָס די רעגירונג האָט מורא געהאַט צו געטרויען איר אָרגאַניזירטער מיליטערישער מאַכט דעם קאַמף צווישען איר און די אַרבעטער־מאַסען, איז זי געשטאַנען אַזוי נייטראַל אין דער באַשיצונג פון דעם איטאַליענישען קאַ־

פּיטאַליזם און פון דער איטאַליעניער בורזשואַזיע, נאָר אויך דערפאַר ווייל זי האָט זי ניט באַטראַכט פאַר ווערט און פייאיג ווידער אויפצובויען דאָס לאַנד נאָך דעם שרעקלאַכען חורבן פון נאָך דער מלחמה.

אין איטאַליע — מער אפשר ווי איבעראַל — האָבען די ליבעראַלע עלעמענטען געפילט די פאַראַכטונג צו דער בורזשואַזיע און קאַפּיטאַליזם, וואָס ווערט אַזוי טרעפלאַך אויסגעדריקט אין אַקטאַוו מירבאָ'ס „לע'ם אַפּייר סאַנט לע'ם אפּייר". דאָרט באַרימט זיך דער אויפגעקומענער קאַפּיטאַליסט מיט דער גרויסקייט פון זיין קלאַס, פאַר דעם געפאַלענעם גראַף, וועמעס זינדעל ער וויל פאַר זיין טאַכטער, כדי איינצוקויפען זיך אין דעם יחוס פון דעם אַדעל דורך זיינע מיליאָנען. „זעט איר — ווייזט ער אים אויף דער אויפגעבויטער קאַפּיטאַליסטישער ציוויליזאַציע — אָט די באַנען, אָט די האַפענס, אָט די שיפען, אָט די בריקען און אָט די פאַבריקען? דאָס האָבען מ י ר אַלץ געבויט; מ י ר, די מאַטעריעלע באַשעפער פון דער וועלט".

און דער געפאַלענער אַדעלמאַן קוקט אָן דעם זאַטען בורזשואַ מיט יענעם האַס פון אַ מענשען, ביי וועמען די אַריסטאַקראַטישע נשמה בלוטעט איבער דער גראָבער גשמיות פון אַ זעלבסטצופרידענעם אייזעל. ער פילט — דער אַריסטאַקראַטישער גייסט פון דעם אַדעלמאַן — אַז אין דעם מאַטעריעלען ערפאָלג פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט איז דער מ ע נ ש פאַרלאָרען געגאַנגען, איז דער מענש געוואָרען ניט מער ווי אַ שרייפעלע אין דעם גוואַלטיגען מעכאַניזם פון דעם עקאָנאָמישען און אינדוסטריעלען פאָרטשריט וואָס דריקט אויף דער נשמה — צו דערשטיקען זי.

און ווי עס שיינט, פילען די פאַרשיידענע עלעמענטען אין איטאַליע — די ליבעראַלע ווי די פרייערע סאָציאַליסטישע און אַרבעטער־עלעמענטען — מער ווי אין אַנדערע לענדער, די נויטיקייט זיך אָפּצוקערען פון יענער קאַפּיטאַליסטיש־מאַטעריעלער ציוויליזאַציע, וואָס האָט פון דעם מענשען אַזאַ תל געמאַכט.

אויב די בורזשואַזיע האָט די מענשלאַכע ציוויליזאַציע אויף דעם ביי־טעל געשטעלט און די רוסישע רעוואָלוציע, מיט דער צוואַנג אויף אַרבעט — ווער עס אַרבעט ניט זאָל ניט עסען — האָט זי אויף דעם בויך געלייגט, דאָן פילט זיך אין דעם יורען פון די נייע אידייען און אידעאַלען איבער דער גאַנצער וועלט — און אין איטאַליע אין דעם לאַנד פון דער גרויסער רענעסאַנס, מער ווי אומעטום — דאָס גרויסע שטרעבען אויף דאָס ניי צו שטעלען דאָס לעבען און דעם פאָרטשריט א ו י ף ד ע ם ש אַ־ פ ע ר י ש ע ן ג ע פ י ל א ו ן ש אַ פ ע ר י ש ע ן ג ע ד אַ נ ק

פ ו ן  ד ע ם  מ ע נ ש ע ן. ניט נאָר ווערט אין איטאַליע געמאַכט דער פּרווו — אפשר צום ערשטען מאָל אין אונזער אומרואיגער צייט — אפּצוטיילען דאָס פּאָליטישע לעבען און די פּאָליטישע הערשאַפט פון די עקאָנאָמישע און פּראָדוקטיווע פּראָצעסען פון דער געזעלשאַפט און האַל־טען די פּערזענלאַכקייט פריי איןביידען, נאָר ווייל די איטאַליענישע בּוהזשואַזיע האָט ווייט ניט אַזוי באַהערשט די פּאָליטישע רעגירונג פון דעם לאַנד, ווי אין די מערב־לענדער — ווי אין פראַנקרייך, ענגלאַנד און אמעריקע — איז זי, די רעגירונג, אויך ניט געצוואונגען צו באַשיצען זי אין דעם קאַמף צווישען אַרבעט און קאַפּיטאַל און איז גרייט, ווי ווייט מעגלאַך, צו גיין מיט די נייערע שטרעבונגען פון דער געזעלשאַפט און פון לעבען, אַבי צו רעטען פאַר זיך אַליין איר עקזיסטענץ, ווי ווייט עס וועט זיך לאָזען.

אבער דאָס גיט די אַרבעטער־מאַסען און די ראַדיקאַלערע עלעמענטען פון לאַנד די מעגלאַכקייט צו אַנטוויקלען די נייע שטרעבונגען פון דעם לע־בען אויף ברייטערע יסודות פון פּערזענלאַכער פרייהייט, פון עקאָנאָמי־שען סעפּאַראַטיזם פון פּאָליטישער הערשאַפט און פון קאָאָפּעראַטיווען אינדוסטריאַליזם. און דאָס איז נאָך ניט אינגאַנצען. אין דער זוכעניש פון נייע פאָרמען פון געזעלשאַפטלאַכען לעבען, ווייזען־אָן די פאָרשער, וואָס האָבען דאָס לעבען געלערענט, אויף יענע מיסטיש־רעליגיעזע טענדענצען, וואָס ווייזען זיך געוויינטלאַך צווישען טיף־רעליגיעזע פעלקער אין צייטען פון געזעלשאַפטלאַכער אומרו. און אויב מיר זאָלען גלויבען די פאָרשער, טראָגט זיך אין איטאַליע — ניט נאָר איבער די העכערע פאָרטגעשריטענע עלעמענטען, נאָר אויך איבער די פעלקער־מאַסען — יענעם מיסטיש־רעליג־יעז שטרעבען צו נייערע פאָרמען פון קריסטענטום, ווי די וואָס האָבען זיך אַזוי שטאַרק אויסגעדריקט אין די קריסטלאַך־מיסטישע לערעס פון דעם אַלטען טאָלסטאָי. א נייע רעליגיע, א נייעם גאָט, א נייעם קריסטענטום זוכען די מענשען, וועלכע האָבען אַמאָל, ווי היינט די גרויסע אויפלעבונג פון דער מענשהייט אויף נייע וועגען געפירט. און איצט, מסתמא ווי דעמאָלט, וועט די פאָרטיפונג אין רעליגיעזע פאָרמען פירען ניט צו נייע הימעלשע קיניגרייכען, נאָר צו די קיניגרייכען פון גאָט אויף דער ערד פאַר די מענשען . . .

עס איז זיכער, אַז ניט אין איטאַליע אַליין קומען פאָר טיפע גייסטי־גע ענדערונגען אין לעבען, אין אונזערע אומרואיגע צייטען פון סאָציאַלען איבערבוי; זיי ווערען אָבער אין אַנדערע לענדער פאַרשטעלט פון די געוואַלדיגע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע ענדערונגען וואָס קומען פאָר, סאַי דורך געוואַלדזאַמע בלוטיגע רעוואָלוציעס און סאָציאַליסטישען ברודער־

קאַמף, סאַי דורך טומעלדיגע פּאַרלאַמענטאַרישע אַוואַנטיורעס פון די קעמפּענדיגע צדדים, און מיר קענען זיי ניט זען, מיר קענען זיי ניט אָנטאַפּען ... אין איטאַליע, וואו די אַנטוויקלונג פון דעם סאָציאַלען קאַמף איז ניט געגאַנגען אין די וועגען פון מאַרקס און ענגעלס, נאָר אין די וועגען פון מאַדזיני און באַקונין, און דער איינציגער ערנסטער פּאַרזוך פון סאָציאַלען איבערבוי איז ניט פאַרפלעקט געוואָרען מיט בלוט, האָט מען אויך בעסער געקענט זען די וועגען אויף וועלכע ער גייט און די כחות וואָס טרייבען אים אויף דידאָזיגע וועגען . . . אָבער אויך אין רוסלאַנד האָבען יאָרען און יאָרען פאַר דער רעוואָלוציע גייסטיגע כחות געווירט; אויך דאָרט איז געווען אַ געטער־זוכעניש, אַ לעכצען נאָך אַ נשמה־יתירה . . . גלויבט זיך אונז ניט, אַז אפילו דער באָלשעוויסטישער כעס אויף אַלץ פון דעם אַלטען לעבען איז בכח געווען אָט דאָס לעכצען פון דער נשמה־יתירה אויסצוראָטען. עס איז נאָך איצט דערווייל מיט בלוט־פלעקען פאַרשטעלט, אָבער עס וועט נאָך צום פאַרשיין קומען.

מיר זיינען ניט אַנטמוטיגט מיט דעם דורכפאַל פון דעם ערשטען פּאַרזוך. עס וועט נאָך דורות נעמען ביז די ליכטיגע זון וועט שיינען איבער דער צוקונפט פון די פעלקער.

ו.

# „רעכטע“ און „לינקע“ אין קאמף פון סאציאליזם *)

## א.

א מינאריטעט אפילו, דאך א היבשע מינאריטעט „לינקע“ — עקסטרעמע און מער רעוואלוציאנערע סאציאליסטען — טוען אן א ביסעל צרות דער היגער סאציאליסטישער באוועגונג און סטראשען איר מיט אזא שפאלטונג ווי די וואס איז געווארען די וויכטיגסטע ערשיינונג אין די סאציאליסטישע רייען פון איראפע.

און עס איז ניט נאר אינטערעסאנט, נאר אויך זייער באלערענט אפילו פאר די, וואס האבען אמאל אליין „געקעמפט“ פאר א טייל פון דעם ביסעלע לינקס פון די איצטיגע „לינקע“, זיך אפצושטעלען אויף דער ערשיינונג און זען, ווי ווייט גייען עס די „לינקע“ לינקס און טאקע אין איינוועגם באמערקען, ווי ווייט עס גייען די „לינקע“ מיט די „רעכטע“ גאר אינגאנצען קרום . . .

אייגענטלאך וואלט דאך די לינקייט פון דעם סאציאליסטישער באוועגונג גארניט געדארפט זיין אזא נאווינע. פארקערט, דער סאציאליזם פון תורת מארקס — דער מארקסיסטישער, אדער „וויסענשאפטלאכער“ סאציאליזם — און די סאציאליסטישע באוועגונג, וואס באגרינדעט זיך אויף אים, איז נאטירלאכערהייט דורך־און־דורך־לינקס, אדער רעוואלוציאנער — און איז ערשט מיט דער אנטוויקלונג פון דער דייטשער סאציאל־דעמאקראטיע געווארען „רעכטס“; רעכט און רעכטער, ביז די רעכטיקייט פון דעם עבערט־שיידעמאן־נאסקע סאציאליזם, וואס איז אזוי „רעכט“, אז ער הרג'עט אוים סאציאליסטען, וואס זיינען ניט אזוי „רעכט“ ווי ער, פונקט ווי מיט דעם טריומף פון דעם לענין־טראצקי סאציאליזם אין דער רוסישער רעוואלוציע איז דער סאציאליזם געווארען נאך לינקער ווי „לינק“ — אזוי „לינק“, אז ער הרג'עט אוים סאציאליסטען, וואס זיינען ניט אזוי „לינק“, ווי ער . . .

אבער דאס איז דער סאציאליזם געווארען . . . אין זיין מקור — אין דער מארקסיסטישער לערע איז ער פשוט „לינק“ — דורך־און־דורך רעוואלוציאנער.

אין דער צעגלידערונג און אין דער קריטיק פון דעם היינטיגען קהל־

*) דער „טאג“, 15טען יוני, 1919.

שען לעבען שטימען אַלע סאָציאַליזמען איין, אי דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיזם, אי דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם, אי דער אַנאַרכיזם — אַלע זיינען מסכים, אַז די גרונט־יסודות פון דעם היינטיגען געזעלשאַפטלאַכען לעבען זיינען: דאָס הייליגע רעכט פון פּריוואַט אייגענטום און די צעטיילונג פון דער געזעלשאַפט אין צוויי קלאַסען — אין אַ קליינער, אומבאַטייטענ־דער צאָל קאַפּיטאַליסטען, וואָס זיינען די באַזיצער און בעלי־בתים פון אַלע רייכטימער פון דער וועלט און לעבען אין איבערפלוס און ווערען ממש משוגע פון וואוילטאָג, און אין די גרויסע אַרבעטער־מאַסען פון אַלע פעל־קער, וואָס האָבען קיין זאַך ניט אַחוץ זייערע מוסקולען צו דער אַרבעט און מוזען זיי אויך פאַרקויפען צום קאַפּיטאַליסט פאַר אַ טעגלאַכען לוין, אויב זיי ווילען אַליין לעבען און מפרנס זיין זייערע פאַמיליעס.

אָט דאָס זיינען די א״ב אמת׳ען פון אונזער קהל׳שען לעבען, אויף וועלכע עס שטיצט זיך די לערע פון דעם סאָציאַליזם. נו, לערנט אָבער דער סאָציאַליזם, אַז ניט תמיד קענען און וועלען פאַרבלייבען אָט די אומ־שטאַנדען אין דעם געזעלשאַפטלאַכען לעבען; אַז מיט דעם וואוקס פון דעם באַוואוסטזיין פון זייערע אייגענע אינטערעסען, טרעטען אַלץ מער און מער אַרויס די גרויסע אַרבעטער־מאַסען אין אַלע לענדער אין אַ רעוואָלוציאָ־נערען קאַמף קעגען דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס; און אויב זיי וועלען נאָר מיט דער צייט קומען צום באַוואוסטזיין פון זייער אייגענער מאַכט, וועלען זיי זיך אויפהויבען אין דעם ענדגילטיגען סאָציאַלען קאַמף — אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע — און וועלען עוקר מן השורש זיין דאָס רעכט פון פּריוואַט אייגענטום אויף די רייכטימער פון דער וועלט און אויף די מיטלען פון דער אַרבעט; וועלען איבערנעמען די געזעלשאַפטלאַכע מאַכט; אָפּווישען פון געזעלשאַפטלאַכען לעבען די קלאַסען אונטערשיידען און וועלען איינפירען אַ נייע געזעלשאַפטלאַכע אָרדענונג, אַ נייע וועלט, אין וועלכער עס וועלען ניט זיין קיין משונה׳דיגע רייכטימער, אָבער אין וועל־כער עס וועלען אויך ניט זיין קיין אָרימקייט און קיין ליידען, און אין וועל־כער אַלע מענשען. וואָס וועלען טאָן ניצלאַכע אַרבעט, וועלכע לעבען גליק־לאַך און צופרידען.

און אויך צו אָט דער דורך־און־דורך לינקער און רעוואָלוציאָנערער לערע זיינען מחכים אַלע שאַטירונגען פון דעם סאָציאַליזם. מעגען זיי זיך ווי אונ־טערשיידען אין דעם באַגריף פון יענעם צוקונפטיגען קהל׳שען לעבען, אין וועלכען אַלע מענשען דאַרפען קענען לעבען גליקלאַך.

יענע פאַרשיידענהייטען, אין די באַגריפען פון דעם צוקונפטיגען קהל׳־שען לעבען, אינטערעסירען אונז איצט ניט. אונז אינטערעסירען איצט די

וויכטיגסטע אורזאכען, וואס האבען באשאפען די צעבראכענע רייען אין דער סאציאליסטישער באוועגונג און האבען געפירט די דורך־און־דורך רעוואלוציאנערע לערעס פון דעם סאציאליזם סאי רעכטער פון „רעכטס“ און סאי לינקער פון „לינקס“ און האבען זיי דיסקרעדיטירט אין די אויגען פון די גרויסע ארבעטער־מאסען.

אבער אט די וויכטיגסטע אורזאכען ליגען גארניט אין דעם סאציאליזם אליין. זיי ליגען אין די מיטלען, מיט וועלכע די קעמפער פאר'ן סאציאליזם — פאר א בעסער געזעלשאפטלאך לעבען — האבען זיך באנוצט, צו מאכען די גרויסע ארבעטער־מאסען פארשטיין די גרונט־יסודות פון דעם היינטיגען געזעלשאפטלאכען לעבען און ארויסרופען אין זיי דאס באוואוסטזיין פון זייער מאכט, אום צו בייטען דאס לעבען.

די מיטלען זיינען געווען פראפאגאנדע: פראפאגאנדע פון די גרויסע אמת'ען פון דעם היינטיגען לעבען, אויף וועלכע דאס שטרעבען צו א בעסערער וועלט און א בעסער לעבען שטיצען זיך; פראפאגאנדע, אויפצוגעמען דעם באוואוסטזיניגען רעוואלוציאנערען קאמף, וואס איז אויסגעפאלען אויף דעם גורל פון די גרויסע ארבעטער־מאסען צו פירען פאר אט דעם בעסערען לעבען: פראפאגאנדע צווישען פאלק, צווישען די גרויסע ארבעטער מאסען. איז אבער דאס גערעדטע און געשריבענע ווארט פאר די אומגעדולדיגע און שוין באוואוסטזיניגע קעמפער פאר א בעסער לעבען ניט גענוג געווען. שוין מארקס האט געלערנט, אז די ארבעטער־מאסען — דער פראלעטאריאט — מוז פארכאפען די פאליטישע מאכט אין דער היינטיגער געזעלשאפט. איז דאס פאליטישע פעלד, דער פארלאמענטאריזם פון דער היינטיגער געזעלשאפט אין אלע זיינע פארמען, סאי דער פאליטישער קאמף פאר מוניציפאלער רעגירונג און סאי דער פאליטישער קאמף פאר דער עקזעקוטיווער און געזעצגעבערישער מאכט פון שטאט, וואס איז אין בעסטען פאל נאר אין דינסט פון דעם קאפיטאליזם, געווארען דער קאמפספלאץ פון דער סאציאל־דעמאקראטיע, אויף איין זייט, און די „פראפאגאנדע דער טאט“ — די קאנספיראטיווע, טעראריסטישע האנדלונג — דאס פעלד פון טעטיקייט פון דעם אנארכיזם אויף דער אנדער זייט. און אויב די „פראפאגאנדע דער טאט“ האט ניט פארפעלט אין די גרויסע ארבעטער־מאסען צו דיסקרעדיטירען די לערעס פון דעם אנארכיזם, האט דער פארלאמענטארישער קאמף אינגאנצען פארטונקעלט און פארטומעלט דעם רעוואלוציאנערען גייסט און רעוואלוציאנערען זין פון דעם סאציאליזם און האט אים דערנידעריגט צו יענעם מיאוס'ען און עקעלדיגען שפיל, אין וועלכען פאליטישע געגנער „מאכען פיפקע“ איינער פון דעם אנדערען און

קאָפּען „שטימען" זיך צו רפואה, — דאָס שפּיל, וואָס שפּילט זיך אָפּ אין די דעמאָקראַטישע לענדער און ביי אונז אין לאַנד וויניגסטענס איינמאָל א יאָר.

און עס איז גאָר קיין חידוש ניט, אַז נאָך דעם ווי די וועלט־מלחמה האָט צעבראָכען און צעבראָקעלט די סאָציאַליסטישע רייען כמעט אין אַלע לענדער אויף סאָציאַליסטען פּ א ר און ק ע ג ע ן דער מלחמה, זאָל דאָס פיינדלאָכע פאַרהאַלטען זיך פון סאָציאַליסטען צו דער איצטיגער סאָ־וועטען־רעגירונג אין רוסלאַנד און די רעאַקציאָנערע האַנדלונגען פון דער סאָציאַליסטישער עבערט־שיידעמאַן־און נאָסקע רעגירונג קעגען אירע מער רעוואָלוציאָנערע חברים אין דעם קלאַסישען לאַנד פון פּאַרלאַמענטאַריזם און פּאָליטישער אַקציע אין דייטשלאַנד, אויפוועקען די פרייערע און איינ־גערע גייסטער אין דעם סאָציאַליזם אין אַלע לענדער, און באַזונדערס אין אונזער לאַנד, צו דעם באַוואוסטזיין, אַז שוין צופיל האָט זיך דער פּאַרלאַמענטאַרישער סאָציאַליזם אריינגעלאָזט אין זיינע קליינלאָכע פּאָליטי־שע צילען און „שטימען־כאַפּעריי" און שוין צופיל האָט ער אין שאָטען גע־שטעלט דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט פון די גרויסע לערעס פון דעם סאָ־ציאַליזם. ער האָט אפשר צוליב דעם געפונען חן ביים פרידענס־טיש, אָבער אין די אויגען פון די גרויסע, פאַרטגעשריטענע מאַסען פון דער וועלט, אין די אויגען פון די אַרבעטער־מאַסען האָט ער דעם סאָציאַליזם דיסקרעדיטירט. פון לאַנגע יאָרען פּאַרלאַמענטאַרישער און פּאָליטישער טעטיקייט אין דעם היינטיגען לעבען פאַרלירט דער סאָציאַליזם זיין עכט־רעוואָלוציאָנערען גייסט און עס בלייבען אים איבער, אין בעסטען פאַל, נאָר קליינע צילען פון קאָמפּראָמיסלאָכע רעפאָרמעס אויב ניט נאָך קלענערע צילען פון פערזענלאָכע אַמביציעס.

דער סאָציאַליזם אָבער, אין זיינע גרונט־יסודות, קען אויף קיין קאָמ־פּראָמיסען מיט דעם היינטיגען געזעלשאַפטלאָכען לעבען ניט גיין. און דערפון קומט די ג ע ר ע כ ט ע שטימע פון פּראָטעסט פון די נייע „לינ־קע" קעגען דעם שוין צופיל „רעכט"־געוואָרענעם פּאַרלאַמענטאַרישען סאָציאַליזם.

ב *)

מען דארף זיין בלינד, גייסטיג פארשימעלט אדער מומיפיצירט, אדער גאר מיט א כיוון פארדרייען די פאסירונגען אין דער רעוואלוציאנערער אייראפע, כדי ניט צו זען און ניט צו פארשטיין, אז דער ריין־פאליטישער קאמפראמיסלאכער, פארלאמענטארישער קאמף פאר'ן סאציאליזם האט ביסלאכוויים ניט נאר פארלארען און פארלייקענט דעם אמת רעוואלוציאנערען גייסט פון דער סאציאליסטישער לערע, נאר ער האט נאך געשאפען, מיט זיינע אנהייגנער און אדעפטען, א געוואלדיג גרויסע רעאקציאנערע מאכט קעגען דעם רעוואלוציאנערען קאמף פאר א סאציאליסטישער געזעלשאפט.

דייטשלאנד איז תמיד געווען דאס קלאסישע לאנד פון דעם פאליטישען און פארלאמענטארישען קאמף פאר'ן סאציאליזם. אבער דאס וואס עס האט זיך אפגעשפילט אין דייטשלאנד, זינט די רעוואלוציע האט דארט געשטירצט די טראנען פון די גרעסערע און קלענערע געקרוינטע הערשער און האט איבערגעגעבען די מאכט פון דער רעגירונג אין די הענט פון די מאיאריטעט־סאציאליסטען — אין די הענט פון די שיידעמאנס און נאסקעס — איז זיכער געוואג, אויב ניט פאר דער היסטארישער פאר'משפט'ונג פון דעם פארלאמענטארישען קאמף ווי א רעאקציאנערען מיטעל אין קאמף פאר'ן סאציאליזם, איז וויינגסטענס פאר דעם גערעכטען און שארפען פראטעסט פון די „לינקע“ אין דער סאציאליסטישער באוועגונג קעגען דער פאר־פירערישער מאכט פון דעם פאליטישען און פארלאמענטארישען קאמף, ווען ער ווערט אנגעווענדעט פאר'ן סאציאליזם.

אין דייטשלאנד, וואו די שיידעמאנס, די עבערטס און די נאסקעס האבען נאך פאר דער רעוואלוציע געשלאסען מיט ווילהעלמ'ס רעגירונג א „בורג־פרידען“ מיט דער דייטשער בורזשואזיע און דעם דייטשען קאפיטאל, — אפילו מיט דעם דייטשען מיליטאריזם, — כדי מיט פאראייניגטע כחות בלוטיג צו באקעמפען יעדע רעוואלוציאנערע ווענדונג אין דעם סאציאליזם, שטייען די „לינקע“ ניט אין קיין ווערטערלאכען סכסוך מיט אט די פאליטישע אפארטוניסטען, נאר אין אן אפענעם, בלוטיגען קאמף. אבער אפילו אין אנדערע לענדער, וואו די אומשטאנדען זיינען

*) דער „טאג“ 23טען יוני, 1919.

גאַנץ אַנדערע, ווי צום ביישפּיל ביי אונז אין לאַנד, איז דער פּראָטעסט פון די „לינקע", „ניט צו מאַכען קיין נוצען פון רייןַ־בורזשואַזע רעפאָרמעס . . . וואָס זיינען געוואונען געוואָרען אַ דאַנק דער פּאָליטישער אַרבעט . . . צו שטערען דעם וואַקסענדען קלאַסען־באַוואוסטזיין פון די אַרבעטער און אויף אַזאַ אופן אַוועקציען זיי פון דעם רעוואָלוציאָנערען צוועק", אויך באַגרינדעט אויף די טרויעריגע ערפאַרונגען פון דעם פּאָליטישען אָפּאָרטוניזם און דעם פּאַרלאַמענטאַרישען קאַמף פון דעם סאָציאַליזם אין אייראָפּע און איז די גערעכטע וואָרנונג קעגען דער דראָענדער געפאַר.

די מיטלען, וואָס קענען פירען די סאָציאַליסטישע באַוועגונג צום ציל, זיינען, אין דעם באַגריף פון די „לינקע", פאַר אַלעמען, די אָרגאַניזירונג פון דער סאָציאַליסטישער טעטיקייט אויף די גרונט־סודות פון דעם קלאַסען־קאַמף און „דערמיט וואָס זי וועט די אַרבעטער אויסלערנען צו באַגרייפען דעם אמת וועגען דער איצטיגער לאַגע" . . . „פריידיגען דעם אינדוסטריעלען יוניאָניזם . . . די איינציגע פאָרם פון דער אַרבעטער אָרגאַניזאַציע, וואָס קען זיך ספּראַווען מיט דער מאַכט פון דעם היינטיגען קאַפּיטאַל" . . . און רעזומירענדיג, „כסדר דערציען און אויפקלערען די אַרבעטער, אַז זיי זאָלען זיין קלאַסען־באַוואוסט און אָפּגעבען זיך מיט עקאָנאָמישער און פּאָליטישער טעטיקייט, באַגייסטערענדיג אַלעמאָל דעם ברענענדיגען אידעאַל אין די הערצער פון דעם פאָלק".

אויסער אפשר דער רעוואָלוציאָנערער פראַזע, וואָס איז שוין אַ ביסעל צו פריקרע פאַר די וואָס האָבען זי שוין לאַנג איבערגעלעבט, וואָס בלייבט אָבער דאָך אַ באַגייסטערענדע מאַכט פאַר די אינגערע, וואָלטען דאָך אַלע „רעכטע", אפילו די וואָס גלויבען אַז רוסלאַנד דאַרף ערשט דורכמאַכען אַלע שבעה מדורי גיהנום פון דעם קאַפּיטאַליזם און דעם דעמאָקראַטיש־בורזשואַזען שטאַט איידער זי קען קומען צום סאָציאַליזם — אַלס ערנסטע „רעכטע" סאָציאַליסטען, וואָס גלויבען נאָך עד־היום אין די פּאָליטיש־קאָמפּראָמיס־לאַכע וועגען צום סאָציאַליזם, — געמעגט רעווידירען די אַלטע וועגען און מיטלען וואָס האָבען אין אייראָפּע געפירט צו אַזעלכע בלוטיגע רעזולטאַטען פון קאַמף צווישען סאָציאַליסטען און סאָציאַליסטען און זיך צוהערען צו די נייע מיטלען און וועגען וועלכע זיינען אפילו ווייט ניט ניי אין דער טעאָריע, אָבער וועלכע זיינען אין דער פּראַקטיקע קיינמאָל ערנסט ניט אויסגעפּרובירט געוואָרען.

אָבער אין אייראָפּע, ווי אין אַמעריקע, שיינען די „רעכטע" ניט צו וועלען לערנען קיין זאַך פון די ערפאַרונגען פון דעם לעבען, אָדער פון די ערפאַרונגען פון דער רעוואָלוציע. זיי האָבען אַז אויסגעטראָטענעם וועג, מיט סמיכות פון זייערע רביים אויף אים, און מעג ער ווי קרום זיין, זיי

וועלען אים ניט פאַרלאָזען. בעסער אַמאָל קרומער גיין, האָט אין האַנט אַפילו מיט די רעאַקציאָנערע עלעמענטען פון דער געזעלשאַפט און דעם שטאַט, כדי דעם שונא צו באַזיגען — דעם אינעווייניגסטען שונא פון דעם אייזערנעם שטאַט — די לינקע אין דעם סאָציאַליזם און דער רעוואָלוציע...

אָבער די „לינקע" זיינען ניט בעסער...

— די „לינקע", אין די רעוואָלוציאָנערע לענדער פון אייראָפּע, זיינען, דורך די גוואַלדיגע געשעענישען פון דעם רעוואָלוציאָנערען שטורעם אין יעדען לאַנד, גיך פאַרטיג געוואָרען מיט דער פראַגע, צי קען מען דורך חבר'שאַפט און קאָמפּראָמיסען מיט דעם בורזשואַזען שטאַט און דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט קומען צום סאָציאַליזם. און זיי האָבען אויף דער פראַגע קאַטעגאָריש געענטפערט: ניין. זיי האָבען אָפּגעבראָכען אַפילו מיט דעם געמישטען האַלב־סאָציאַליסטישען קאָאַליציאָנס־שטאַט און מיט דער קאַ־פּיטאַליסטישער געזעלשאַפט אינגאַנצען און האָבען זיך געשטעלט אין אָפּע־נעם רעוואָלוציאָנערען קאַמף מיט די גרונט־יסודות פון דעם קאַפּיטאַליזם און דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע. און ווידער טאַקע מיט דער סמיכת פון זייערע רביים האָבען זיי געזוכט צו פאַרכאַפּען די פּאָליטישע מאַכט, עטאַבלירען אַ סאָוועטען־רעגירונג אַנשטאַט דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע; גרינטלאַך אומבייטען די יסודות פון דעם קאַפּיטאַליזם אויף דער סאָציאַלי־זירונג פון אייגענטום און אינדוסטריעס און פּראָקלאַמירען די „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט". — דאָס וואָס מען זאָגט, אַז עס האָט זיך דעם באָלשעוויזם איינגעגעבען איינצופירען אין רוסלאַנד. („וואָס מען זאָגט", ווייל שונאים זאָגען, אַז עס האָט זיך אים איינגעגעבען איינצופירען נאָר אַ פולשטענדיגע רואינע אין רוסלאַנד.)

נאָר ווי די זאַך זאָל ניט זיין — און מיר וועלען דעם אמת וויסען ערשט דעמאָלט, ווען די וועלט וועט פון די צוואַנגען פון דער וועלט־מלחמה אביסעל פרייער און אמת'ער ווערען — שיינען די „לינקע" פון די רע־וואָלוציאָנערע לענדער אָדער גאַרניט צו וויסען פון די נייע פּאָליטיש־עקאָנאָמישע עקספּערימענטען פון די ענגלישע אַרבעטער, וועלכע צווינגען אי דעם בורזשואַזען שטאַט, אי דעם ענגלישען קאַפּיטאַ־ליזם, דורך דער פאַראייניגטער עקאָנאָמישער מאַכט פון די אינדוסטריעל־אָרגאַניזירטע און רעוואָלוציאָנער־געשטימטע אַרבעטער־מאַסען, צו דער שטו־פּענווייזער סאָציאַליזירונג פון די אינדוסטריעס און די נאַטירלאַכע רייכ־טימער און דער שטופּענווייזער דעמאָקראַטיזירונג פון דער פאַרוואַלטונג פון דער פּראָדוקציע, אָן אַ בלוטיגען קאַמף; אָדער זיי האַלטען פון די עקס־פּערימענטען ניט און גלויבען, אַז סוף כל סוף וועט אַפילו דער קאַמף

פירען צו אן ענדגילטיגען ברוך צווישען די קעגענגעזעצטע אינטערעסען פון די קלאסען און וועט ארויפצווינגען אויף די ארבעטער־מאסען א רעוואלוציא־נערען אויפשטאנד.

פון דעם ווייסען דאך די אמעריקאנער „לינקע"; און װאלטען זיי זיך געשטעלט אט די צילען צו פאראייניגען די עקאנאמישע מאכט פון די אינדוסטריעל ארגאניזירטע ארבעטער־מאסען פון אמעריקע, כדי דורך איר צו צווינגען די שטופענוויזע סאציאליזירונג פון די אינדוסטריעס און די רייכטימער פון לאנד און דעם מעגלאך ברייטערען קאנטראל אין דער פראדוקציע, וואלטען זיי דאך וויניגסטענס געווען ביים וועג פון מיטלען און צילען, וואס קענען זיין מער אדער וויניגער צוגעפאסט צו דעם כאראק־טער און די אומשטאנדען פון דעם לאנד און דעם פאלק.

מיר זאגען „שטופענוויז", ווייל דאס אמעריקאנער פאלק און די אר־גאניזירטע ארבעטער־מאסען אין אמעריקע זיינען פארט הימעל־ווייט פון יעדער „רעוואלוציאנערער מאסען־אקציאן".

זיינען אבער די היגע „לינקע" אונטער דער גוואלדיגער ווירקונג פון די רעוואלוציאנערע „לינקע" פון די אייראפייאישע לענדער, וואו די רעוואלוציע האט שוין אויסגעבראכען און וואו יענע פירען אן אדער א פארצווייפעלטען קאמף פאר דער עראבערונג פון דער מאכט, אדער רוען שוין, ווי אין רוסלאנד, ווי זיגער אויף די טראפייען פון זייערע באיאנעטען. און אונטער דערדאזיגער ווירקונג זיינען זיי ניט נאר שטאקבלינד ניט צו זען, אז די אומשטאנדען זיינען אין אמעריקע גאנץ אנדערע, נאר אפילו ניט צו זען די קרומע וועגען אויף וועלכע עס גייען די „לינקע" אין אייראפא, וואס רעגירען איבער לענדער און פעלקער. זיי זעען ניט, אז די סאוועטען־רעגירונג, ווי אן אויסדרוק פון א דירעקטער פאלקס־רעגירונג, און די „דיקטאטור פון פראלעטאריאט", ווי אן אויסדרוק פון דער הערשאפט פון די ארבעטער־מאסען איז פשוט א שענדלאכער סאציאַ־לערליגען, מיט וועלכען מען קען נאר די בלינדע און די גלויביגע פארדרייען די קעפ.

די סאוועטען־רעגירונג און די „דיקטאטור פון פראלעטאריאט" איז, אין בעסטען פאל, די דיקטאטור פון א הייפעלע פארטיי־אינטעליגענטען, וואס דיינקען סאציאליסטיש און גלויבען אז די אידעאלען פון דעם קאמוניסטישען מאניפעסט זיינען די איינציגע פא־סיגסטע פארמע פון דעם געזעלשאפטלאכען לעבען פאר די ארבעטער־מא־סען — פאר דעם פראלעטאריאט פון דער גאנצער וועלט, און אין ערגסטען פאל, איז עס די אויטאקראטישע הערשאפט פון ווילדע

קאָמיסאַרען, וואָס *דיינקען* גאָרניט און זיינען נאָר בלינדע געצייג אין די הענט פון די העכערע און מאַכטיגערע הערשער.

וואָס פאַר אַ שייכות האָבען די מאַכטיגע אין דער „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט“ — די לענינס, די טראָצקיס, די לונאַטשאַרקיס, די יאָפּעס און קרילענקאָס — מיט די מאַסען פון דעם אַרבעטער־פאָלק — מיט דעם פּראָלעטאַריאַט? וואָס פאַר אַנאַנדער שייכות, ווי די פון דעם גלויבען אין די סאָציאַליסטישע אידעאַלען? וואָלטען זיי אָפען געזאָגט פאַר דער גאַנצער וועלט. אַז די „דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט“ איז די דיקטאַטור פון אונז, פאַרטיי־הערשער, לענין און טראָצקי, אייזנער און ליבקנעכט, בעלאַ קוהן און ווי נאָך זיי הייסען דאָרט, וואָלט די וועלט געוואוסט פאַר־וואָס אַלע אַנדערע פּאַרטייען אין דעם סאָציאַליזם דאַרפען אויסשטאַרבען, כדי די „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט“ זאָל קענען געדייען . . . עס וואָלט אַבער קיינעם די אויגען ניט געבלענדט מיט דעם גרויסען אידעאַל פון אַ סאָציאַליסטיש לעבען, ווי עס בלענדט שוין איצט ניט די אַלע, וואָס קענען נאָך זען. די אַלע וואָס האָבען פון דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד גע־לערנט אַז די אַלטע וועגען צום סאָציאַליזם—*סאַי דער פּאָליטישער קאַמף און סאַי די דיקטאַטור פון פּראָלע־טאַריאַט—דאַרפען רעווידירט ווערען*, ווייל זיי פירען אַלץ מער און מער אויף קרומע וועגען, אויף בלוטיגע וועגען פון ברודער־קאַמף . . . און נייע וועגען מוזען געפונען ווערען.

די פאָלגענדע דריי אַרטיקלען, געדרוקט דער ערשטער אין דער „װאַרהייט“, דעם 18טען אויגוסט, 1918, דער צווייטער אין „טאָג“, דעם 11טען אויגוסט, 1920, נאָך בערטראַנד ראָססעל׳ס באַרימטע באַריכטען פון סאָוועט־רוסלאַנד, דער דריטער, אין מיטען נאָוועמבער, 1920, ווערען דאָ איבערגעדרוקט, מיט אייניגע גאַנץ קליינע אויסלאָזונגען. ניט־קוקענדיג וואָס אַזויפיל צייט איז שוין זייט דאַמאָלס אַוועק און די לאַגע האָט זיך, אין אַזויפיל הינזיכטען, אַזוי געוואַלדיג געביטען, האָבען די אַרטיקלען דאָך זייער ווערט אַלס דאָס רעאַגירען פון אַ פיין־פילענדען, דיינקענדען, לעבענס־לאַנגלאַכען פריוואַט־קעמפער און סאָציאַליסט (זאָל זיין אַפילו פון אַנ־אַנדער לאַגער) אויף די גרויסע לויפיגע סאָציאַלע פאַסירונגען. די עטלאַכע אויסגעלאָזענע פּאַראַגראַפען וואָלטען אָבער איצט אויסגעקוקט גאַנץ אַרכאַאיש.—י. ע.

א.

# לעני׳נ׳ס טריומף

וויכטיג איז לענינ׳ס אויסטייטשונג פון די „וויכטיגסטע צילען און אויפגאבען" פון אונזער צייט. וואס ער האט דא ניט לאנג געגעבען, זיין אויסטייטשונג פון דער רעוואלוציאנערער סיטואציע אין רוסלאנד און זיין פארטיידיגונג פון דעם שענדלאכען פרידען וואס די באלשעוויקעס האבען געשלאסען מיט דייטשלאנד. וויכטיג איז אפשר אויך דאס וואס לענין האט פארשוויגען אין דער רעוואלוציאנערער סיטואציע אין רוסלאנד, וואס ער האט גאר ניט געזאגט וועגען די האנדלונגען פון דעם באלשעוויסטישען רעזשים, ניט בנוגע צו דער בורזשואזיע, וועלכע, — ווי ברוטאל זיי זאלען ניט זיין — זיינען דאך מער אדער ווייניגער פארשטענדלאך, נאר אויך בנוגע צו די אנדערע סאציאליסטישע און רעוואלוציאנערע פארטייען, וואס האבען א גרויסען חלק אין דער רעוואלוציע; די האנדלונגען וואס האבען געבראכט די באלשעוויסטישע הערשאפט אויף די שפיצען פון די באיאנעטען און האבען זי די גאנצע צייט אויף זיי געהאלטען.

נאך וויכטיגער איז אט דאס — און לענין האט גערעדט.

ער האט זיך אפגעשטעלט אויף דער גרויסער עפאכע פון דער וועלט־געשיכטע, וואס מיר לעבען איצט איבער: די עפאכע וואס האט „אן דער מינדסטער איבערטרייבונג... די באטייטונג פון דער וועלטלאכער באפרייאונג פון דעם קאפיטאליזם — פון דעם אפגרונט פון ליידען, הונגער און שקלאפעריי — צו דער ליכטיגער צוקונפט פון א קאמוניסטישער געזעלשאפט — צו דעם אלגעמיינעם וואוילזיין און שטאנדהאפטען פרידען" פון מענשען.

ניט מער און ניט ווייניגער... יענע גרויסע סאציאלע אידעאלען וואס די פארטגעשריטענסטע עלעמענטען פון דער וועלט האבען זיך אנגעצייכענט צו דערגרייכען — דער באלשעוויזם, אויב איר ווילט — און צו וועלכע זיי גלויבען אז די אנטוויקלונג פון דער מענשלאכער געזעלשאפט מוז אומבאדינגט פירען. אבער דער באלשעוויזם — יענע ענדגילטיגע באפרייאונג פון דער מענשהייט פון דעם קאפיטאליזם און די איינארדענונג פון לעבען אין א קאמוניסטישער געזעלשאפט — איז איין זאך און די הערשאפט פון די באלשעוויקעס אין רוסלאנד — פון לענין־טראצקי און זינאוויעוו׳ס טריומווירעט

— איז א גאַנץ אַנדערע זאַך. זיי רעכענען זיך ניט מיט קיין אַנדערע פאַקטאָרען און כחות אין דעם היינטיגען מענשלאַכען לעבען; פאַר זיי האָט שוין אָט דער רעוואָלוציאָנערער איבערגאַנג אַרייננעטראָטען אין דעם לעבען פון אַלע פעלקער; און לעניו גייט איבער צו דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע, וואָס האָט „אומגעביטען דעם אימפעריאַליזם אויף דעם קאָמוניזם", ווי צו דער גרויסער וועגווייזערין אין דעם רעוואָלוציאָנערען פּראָצעס.

„מיר האָבען אין איינע עטלאַכע טעג — דערציילט ער — פאַרניכטעט איינע פון די עלטסטע און מאַכטיגסטע באַרבאַרישע און ווילדע מאָנאַרכיעס; מיר זיינען אין עטלאַכע חדשים דורכגעגאַנגען אַ גאַנצע רייע שטופען, וואָס האָבען אונז אָפּגעטיילט פון דער בורזשואַזיע און האָבען אויסגעוואָרצעלט אירע אילוזיעס... מיר האָבען אין עטלאַכע וואָכען אַרום, נאָכדעם ווי מיר האָבען אַראָפּגעוואָרפען די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע, באַגעגענט איר אָרויסטריט איז אַ בירגער־קריג; מיר האָבען זיגרייך מאַרשירט פון איין עק לאַנד ביז דעם אַנדערען מיט דעם באָלשעוויזם און האָבען דערהויבען צו פרייהייט און אַ זעלבסטשטענדיג לעבען די נידעריגסטע שיכטען פון די אַרבעטער־מאַסען... מיר האָבען איינגעפירט און באַפעסטיגט די סאָוועטען־רעפּובליק — אַ נייער טיפּ רעגירונג — וואָס איז אָן ספק פיל העכער און דעמאָקראַטישער פון דער בעסטער בורזשואַזנע־פּאַרלאַמענטאַרישער רעפּובליק. מיר האָבען איינגעפירט די דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס ווערט אונטערשטיצט פון די אָרימע פויערים, און האָבען זיך גענומען צו דער לאַנג געפּלאַנטער איבערבויאונג פון דער געזעלשאַפט אויף סאָציאַליסטישע יסודות. מיר האָבען אויפגעוועקט גלויבען אין אונזערע אייגענע קראַפטען און האָבען אָנגעצונדען אַ פייער פון ענטוזיאַזם אין מיליאָנען און מיליאָנען אַרבעטער פון אַלע לענדער".

אַ גאַנץ שיינער סך הכל וואָס „ מ י ר " האָבען אַזוי געמיטלאַך, גוטברודעריש מיט אַלע רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען פון לאַנד דערגרייכט, גאַר אָן אַ טראָפּען אייגען בלוט; אָן אַ קאַמף פון ברידער קעגען ברידער אין דער רעוואָלוציע; אָן דער צעשפּליטערונג און צעברעקלונג און בלוטיגען שטרייט פון פעלקער און נאַציאָנאַליטעטען, וואָס האָבען אויסער אַ סאָוועטען־רעפּובליק פון „העכסטען גראַד דעמאָקראַטיע", אין דער היסטאָריע פון דער מענשהייט, צום ערשטען מאָל אויך געקענט ווערען — ווען ניט די האַנדלונג פון די באָלשעוויקעס — אַ פעדעראַטיווע רעפּובליק פון זעלבסט־באַשטימענדע פעלקער און נאַציאָנאַליטעטען און ניט פון טעריטאָריעלע שטאַטען.

וואָלט איצט געווען אַ פערטעל יאָרהונדערט נאָך דער רוסישער רע־

וואָלוציע און לענין וואָלט זיך געקענט באַרימען מיט דעם אַלעמען דער־גרייכטען, וואָלט נאָך אפשר געוועזן אַן אורזאַך צו פרייען זיך מיט דער באַלשעוויסטישער הערשאַפט אין רוסלאַנד... אָבער איצט — ווען רוס־לאַנד, אַן דער מינדסטער גוזמא, ליגט פאַרהונגערט אין דער עקסטרעמסטער נויט; פאַרבלוטעט פון אינעווייניגסטען קאַמף ניט פון רעאַקציאָנערע עלע־מענטען, נאָר פון די רעוואָלוציאָנערסטע עלעמענטען פון לאַנד, וואָס האָבען די גרעסטע אָפּפער פאַר איר פרייהייט געבראַכט; ווען זי ליגט געפּעגטעט אין דעם אייזערנעם יאָך פון דער שענדלאַכסטער קנעכטשאַפט פון אַ גרוי־זאַמען אויסערען שונא, וואָס האָט קיין אַנדער ציל ניט ווי אויסצוזויגען אי־רע לעצטע זאַפטען און אויסנוצען זי אין זיין אייגענעם קאַמף מיט די אַליאירטע דעמאָקראַטיען — איצט קלינגען די ווערטער פּשוט ווי שפּאָט, ווי פּוסטע אַלטע פראַזען פון דער פּלאַטפאָרמע, אין מויל פון אַן אַלטען, אַן דער מינדעסער בושה רעוואָלוציאָנערען דעמאַגאָג...

„מען דאַרף האָבען מוט צו קוקען דעם ניט געפאַרבטען, ביטערען אמת גלייך אין די אויגען אריין” . . . אזוי זאָגט לענין. אודאי דאַרף מען האָבען מוט! . . . אָבער דערפאַר טאַקע קלינגען די פראַזען פון אַ „סאָוועַ־טען־רעפּובליק” פון דער העכסטער שטופע פון דעמאָקראַטיע געצווילינגט מיט דער „דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט”, די דערהויבונג צו פרייהייט און אַ זעלבסטשטענדיג לעבען פון די נידעריגסטע שיכטען פון די אַרבע־טער־מאַסען, געפּאָרט מיט דער שרעקלאַכסטער נויט און הונגער און דאָס אויפוועקען פון גלויבען אין אונזערע אייגענע כחות און דאָס אָנצינדען פון אַ פייער פון ענטוזיאַזם ביי מיליאָנען און מיליאָנען אַרבעטער פון אַלע לענדער, אַזוי אומוואַרהאַפטיג, אַזוי ניט אמת׳דיג...

אפילו די איצט שוין, מער אָדער ווייניגער, זיכערע געוויסען פון דער רוסישער רעוואָלוציע, געהערען ניט דעם „מיר” פון די באַלשעוויקעס אין רוסלאַנד. ניט „מיר” האָבען אין „איינע עטלאַכע טעג פאַרניכטעט... די מאַכטיגסטע און... באַרבאַרישע מאָנאַרכיע”, נאָר צענדליגער יאָרען פון גוואַלדיגען רעוואָלוציאָנערען קאַמף און אָפּפער און דער לעצטער זיג פון אַט דעם קאַמף פון אַלע שיכטען פון פאָלק, אין וועלכען אפילו די בורזשואַזע עלעמענטען, די ראַדזיאַנקאָס, די מיליוקאָווס און לוואָווס, האָבען ניט קיין קליינעם חלק געהאַט. האָבען דעם רוסישען אַבסאָלוטיזם געשטירצט, און ניט „מיר” זיינען דורכגעגאַנגען די גאַנצע רייע שטופען, וואָס האָבען אונז „אָפּגעטיילט פון דער בורזשואַזיע” און האָבען „אויסגעוואָרצעלט אירע אילוזיעס” . . .

גאָר אַ קלייניקייט . . . „אויסגעוואָרצעלט אירע אילוזיעס” . . . עס איז אַביסעל צו פרי צו באַרימען זיך.

אָפּגעטיילט די שטרעבונגען פון דער רוסישער רעוואָלוציע פון די אימפּעריאַליסטישע און בורזשואַזנע שטרעבונגען האָבען ניט די באָלשעוויקעס אין רוסלאַנד, נאָר שוין יענע סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען. וואָס האָבען געפירט די רעוואָלוציע אין די ערשטע חדשים פון איר גלענצענדען ערפאָלג — די עלעמענטען וועמען די באָלשעוויקעס באַקעמפען אויף טויט און אויף לעבען... און אויך ניט „מיר" האָבען „אָנגעצונדען אַ פייער פון ענטוזיאַזם אין מיליאָנען און מיליאָנען אַרבעטער פון אַלע לענדער און האָבען אויפגעוועקט גלויבען אין אונזערע אייגענע כחות"...

ב.

# סאָוועטען-רעגירונג

וואָס עפּעס פּלוצלינג? ! ווידער רוסלאַנד — ווידער לענין און טראָצקי? ...

ניין ... רוסלאַנד, נאָר ווי דער באַדען פון אַ פּאַקטישער סאָוועטען־רעגירונג און לענין און טראָצקי אינטערעסירען אונז איצט נאָר צופעליגער־הייט. אונז אינטערעסירט אָבער די סאָוועטען־רעגירונג ווי אַ נייע סאָציאַל־פּאָליטישע פאָרם — ווי אַ נייער שטאַט — ווי ער זאָל איינגעפירט ווערען. אָפט שטעלט מען זיך די פראַגע, ווי אַזוי פאַרגלייכט זיך פאָרט די סאָוועטען־רעגירונג פון דעם נייעם ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ע ן רוסלאַנד מיט דער אַלטער רעפּרעזענטאַטיווער קאַפּיטאַליסטישער דעמאָקראַטיע פון אונזער היינטיגען לעבען; וועלכע רעגירונג־פאָרם איז פאָרט די בעסערע? און בעסער האָט מען פאַרשטאַנען זאָל הייסען די רעגירונג, וואָס רעגירט צום ו ו י י נ י ג ס ט ע ן און איין וועלכער דער איינציגער בירגער האָט גרעסערע פּערזענלאַכע רעכט און פּערזענלאַכע פרייהייטען און די מאַסען האָבען אַ גרעסערע דעה און אַ שטאַרקערען אויסדרוק פון זייער ווילען אין דעם לעבען פון דעם גאַנצען כלל — אין דעם מלוכה־לעבען.

ערנסטע פאָרשער האָבען זיך ניט געלאָזט פאַרפירען ... זיי האָבען גוט פאַרשטאַנען, אַז די היינטיגע דעמאָקראַטיע, אָדער וואָס באַטייט אין פּראַקטער פאַרטייטשונג — ד י ר ע ג י ר ו נ ג פ ו ן פ אָ ל ק, דורך רעפּרעזענטאַטיווע פאַרשטייער אין די געזעצגעבערישע און עקזעקוטיווע טיילען פון דער מלוכה, איז פּשוט אַ סאָציאַל־פּאָליטישער ליגען ... אין בעסטען פאַל האָט דאָס פאָלק ניט מער ווי דאָס וואַל־רעכט — דאָס רעכט, וואָס איז מיט בלוט און קאַמף ערוואָרבען געוואָרען און וועלכען די הערשענדע קאַפּיטאַליסטישע קלאַסען פאַרשטייען צו־גוט ווי אויסצונוצען, דורך אָרגאַניזירטע פּאָליטישע פּאַרטייען, פאַר זייער אייגענע צילען און הערשאַפט. דערפאַר האָט זיך אויסגעוויזען, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס אַ וועלט מיט שונאים האָבען דאָס באַלשעוויסטישע רוסלאַנד אַזוי שוידערלאַך און שוואַרץ געמאָלען, אַז די סאָוועטען־רעגירונג איז פאָרט — פון די ביידע סאָרטען רעגירונגען — די ברייטערע, פרייערע און דעמאָקראַטישערע פאָרם פון דעם שטאַט.

עס האָט זיך אויסגעוויזען אַזוי, און דאַך האָט זיך געשראָקען דאָס

האַרץ... ווייל אין דעם יסוד — אין דעם גרונט פון דער סאָוועטען־רעגי־רונג, פונקט ווי אין גרונט פון דער היינטיגער דעמאָקראַטיע — ליגט ניט די פרייהייט און רעכט פון די מענשען און די מאַסען, נאָר די דיקטאַטור פון אַ קלאַס: אין דער סאָוועטען־רעגירונג — די „דיקטאַטור פון דעם פּראָלע־טאַריאַט", אין דער היינטיגער דעמאָקראַטיע—די „דיקטאַטור פון דעם קאַפּי־טאַליזם"... פונדעסטוועגען האָט דער ערנסטער פאַרשער זיך אַלץ ניט דער־וועגט צו פאַרדאַמען די סאָוועטען־רעגירונג, ביז מען וועט זי ניט אויספאָר־שען בעסער; בעסער פאַרשטיין און זען ווי זי דריקט אויס און פונק־ציאָנירט אין דעם רעעלען לעבען.

עס האָבען ניט געפעלט קיין ערנסטע פאַרשונגען... שונאים האָבען ביז אין בלוט פאַרדאַמט און פריינד ביז אין הימעל געלויבט, אָבער דאָס ערנסטע וואָרט, וואָס זאָל זיין פריי פון איבעריגער שנאה און איבעריגער פריינטשאַפט, איז זעלטען ווען געקומען.

איצט איז געקומען די קורצע אָבער דורכדרינגענדע פאַרשונג איבער דער סאָוועטען־רוסלאַנד, און די איינדרוקען וואָס זי האָט אויף אים געמאַכט, פון דעם באַקאַנטען ענגלישען געלערטען און דיינקער — בערטראַנד ראַסעל — און זיי האָבען אפילו אויף דער ראַדיקאַלער וועלט געהאַט אַ רושמ׳דיגע ווירקונג... און אויב מיר ווילען זיך ניט אָפּשטעלען אויף די דעטאַלען פון דער פאַרשונג און די איינדרוקען; אויף דעם געפערלאַכען מיליטאַריזם און פאַלקלאַכען אימפּעריאַליזם, וואָס אַנטוויקעלט זיך איצטער איבער דעם נצחון פון די מיליטערישע אָפּעראַציעס אויף אַלע פראָנטען, אין דעם באָלשעוויס־טישען סאָוועטען־רוסלאַנד; אויב מיר ווילען זיך ניט אָפּשטעלען אויף דער אומגעהערטער געצוואונגענער מאָביליזאַציע פון דעם אינדוסטריעלען פּראָ־לעטאַריאַט, וואָס איז פּראַקטיש אינדוסטריעלע שקלאַפעריי; אויב ניט אויף דער מאַמזאַד, וואָס דער באָלשעוויזם אין רוסלאַנד האָט געשאַפען אַ נייעם קלאַס פון קליינע לאַנדאייגענטימער — דאָס איצטיגע רוסישע פויערטום — וואָס איז קעגען יעדען פּרינציפּ פון דער סאָציאַליזאַציע פון דער ערד און אירע אייגענטימער און איז אודאי קעגען יעדען פונדאַמענטאַלען פּרינציפּ פון דעם קאָמוניזם, וואָס דער באָלשעוויזם זוכט אַרויפצוצווינגען אויף דער גאַנצער וועלט... אויב מיר שטעלען זיך ניט אָפּ אויף די שוידערלאַכע גרוילטאַטען — וואָס האָבען נאָך ביז היינט ניט אויפגעהערט — פון יענעם ספּעציעלען קאָמיסאַריאַט, וואָס באַוואַכט די באָלשעוויסטישע סאָוועטען־רעגירונג וואָס איר איז ליב צו רופען קאָנטער־רעוואָלוציע, און אויב מיר שטעלען זיך אין אַלגעמיין ניט אָפּ אויף דער סאָציאַלער, עקאָנאָמישער און פּאָליטישער רואינע פון רוסלאַנד, וואו זי קוקט־אַרויס מיט מויזענט שוואַר־צע, צוקנייטשטע פּנימ׳ער און גרובינע, איינגעפאַלענע אויגען פון דער קורצער

פאַרשונג און טיפען איינדרוק פון בערטראַנד ראַסעל, איז דערפאַר, ווייל זיי רופען ניט אַרויס ביי אונז קיין גרויסען אינטערעס — ווייט ניט.

אונז איז אַבער וואויל באַקאַנט דער גרויסער תירוץ פון די פריינט פון דער באָלשעוויסטישער רוסלאַנד אויף די אַלע גרויל־ערשיינונגען — דער תירוץ וואָס איז דאָך אין אַ גרויסער מאָס דער אמת פון דעם לעבען: אונטער וועלכע שווערע, בלוטיגע אומשטאַנדען עס קומט־אויס דער נייער רוסלאַנד צו אַנטוויקלען איר ניי סאָציאַל און עקאָנאָמיש לעבען. שונאים פון אינעווייניג, שונאים פון דרויסען. רואינע פון דעם אַלטען צאַרישען רעזשים, רואינע פון אַ פאַרלוירענער מלחמה, רואינע, איזאָלירונג און בלאָקאַדען, רואינע פון מיליטערישע אַנפאַלען פון אינעווייניג און פון דרויסען, רואינע אין דעם קאַמף מיט דעם היימישען און אַלוועלטלאַכען קאַפּיטאַל, רואינע עקאָנאָמישע, סאָציאַלע, אפילו גייסטיגע. ווי אַנדערש וואָלט עס אַבער געווען, ווען רוסלאַנד — די נייע רוסלאַנד — וואָלט אַנטוויקעלט איר ניי סאָציאַל לעבען אין פרידען און אפשר אויך אין דער שטימונג פון אירע זין און טעכטער, וואָס האָבען געקעמפט פאַר איר באַפרייאונג!

אַבער אַט דער גרויסער תירוץ גילט פאַרט ניט פאַר די פּאָליטישע יסודות פון דער סאָוועטען־רעגירונג; זיכער ניט פאַר דעם פּאַקטישען אויסדרוק פון דער באָלשעוויסטישער סאָוועטען־רעגירונג. די אויטאָקראַטישע צאַרישע אַליין־הערשאַפט אין רוסלאַנד איז היסטאָריש געווען פאַראורטיילט צום אונטערגאַנג צוליב דעם הונדערט־יאָריגען אומערמידלאַכען קאַמף פון דעם רוסישען פאָלק און זיינע העכערע קולטיווירטע ספערען — די אינטעליגענץ און די ערשט־געבוירענע בורזשואזי — פאַר אַ ברייטערער פערזענלאַכער פרייהייט און אַ שטאַרקערען, טיפערען אַנטייל אין דעם אַלגעמיין געזעלשאַפטלאַכען לעבען. די רוסישע רעוואָלוציע האָט די אויטאָקראַטישע צאַרישע מאַכט אַפּגעווישט און וואָלט אין די גרענעצען פון ריין פּאָליטישער איבערקערעניש אויך די ברייטע פרייהייט און דעם גרעסערען אַנטייל אין דעם סאָציאַלען לעבען פון רוסלאַנד, אויף דעם שניט פון דער וועסט־אייראָפּייאישער פרייהייט, געוואונען.

איז אַבער אויף דעם היסטאָרישען גורל פון דער רוסישער רעוואָלוציע אויסגעפאַלען זיך ניט אַפּצושטעלען אויף דער פּאָליטישער איבערקערעניש אַליין. און די רוסישע רעוואָלוציע האָט אָנגענומען די פאָרם פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע וואָס דאַרף איבערמאַכען ניט נאָר די פּאָליטישע פאָרמען. נאָר אויך — און וואָס איז פיל וויכטיגער אין איר עצם — די פונדאַמענטאַלע יסודות פון דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישען לעבען. מיט דעם נצחון פון דער באָלשעוויסטישער ריכטונג אין דער רוסישער רעוואָלוציע זיינען די צילען פון דער רעוואָלוציע געוואָרען דאָס אַפּשאַפען פון דעם קאַפּיטאַליזם, פון

פּריוואַט אייגענטום און די פאַרזיכערונג פאַר די אַרבעטער־מאַסען — פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט — אויב ניט דעם פולען ווערט פון זיין אַרבעט, איז ווייניגסטענס אַ זאַטע עקאָנאָמישע עקזיסטענץ.

אַ זאַטע מאַטעריעלע עקזיסטענץ פון דעם אַרבעטער און די הערשאַפט פון דעם פּראָלעטאַריאַט איבער דעם פּאָליטישען, עקאָנאָמישען און סאָציאַלען לעבען האָבען זיך געלייגט אין דעם יסוד פון דער באָלשעוויסטישער רעגירונג, וואָס האָט זיך געזאָלט אויסדריקען אין דעם סאָוועטען פון פויערים און אַרבעטער (די סאָלדאַטען־סאָוועטען זיינען בלויז אַ צופאַליגע צייט־מעסיגע דערשיינונג). אָבער בעת אַט דער פּרינציפּ פון מאַטעריעלער פאַרזיכערונג און דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט האָט זיך געלייגט אין דעם עיקר פון דער באָלשעוויסטישער סאָוועטען־רעגירונג, איז פון איר אינגאַנצען אַרויסגעפאַלען דער פּרינציפּ פון פרייהייט און רעכט, וואָס זיינען פון מענשען ערוואָרבען געוואָרען דורך די יאָרהונדערטער פון קאַמף פון אַלע פעלקער פון דער וועלט. דערפאַר איז רעכט פאַר איר די אונטערדריקונג פון יעדער פרייהייט — פון רעדע, פּרעסע און פּערזענלאַכע פרייהייט; דערפאַר איז רעכט פאַר איר די שקלאַפּישע אינדוסטריעלע מאָביליזירונג פון די אַרבעטער; דערפאַר איז רעכט פאַר איר די דיקטאַטור ניט פון דעם פּראָלעטאַריאַט, נאָר די דיקטאַטור פון עטלאַכע אינטעליגענט־און האַלב־אינטעליגענט־קאָמיסאַרען — די אויסדערוויילטע רעגירונג פון דעם אַלערהעכסטען סאָוועט איז נאָמען פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

ג.

# די ווירקונג פון דריי יאָר באָלשעוויזם

עס זיינען פאראנען פאסירונגען אין לעבען פון איינציגע פעלקער, ווי אין די אינטערנאציאנאלע באציאונגען פון פעלקער, וועלכע מען קען ניט פארבייגיין און ניט אפשטעלען זיך אויף זיי און קאמענטירען זיי און פארטייטשען זיי אפילו ווען אנדערע מענשען האבען זיי שוין קאמענטירט און פארטייטשט. זיי זיינען אזוי גרויס, אזוי באטייטענט פאר דעם לעבען פון דעם פאלק אדער פעלקער, אז צו יעדער צייט קען מען אין זייער באלייבטונג געפינען נאך און נאך, וואס בלייבט היסטאריש וויכטיג. אזא ערשיינונג אין דעם לעבען פון דעם רוסישען פאלק און די אינטערנאציאנאלע באציאונגען פון פעלקער איז די דריי יאריגע עקזיסטענץ פון דעם באלשעוויזם אין דער סאוועטען־רוסלאנד.

אחוץ דעם וואס די באלשעוויסטישע איבערקערעניש אין רוסלאנד האט באצייכענט דעם אנהויב פון דער סאציאלער רעוואלוציע אפשר פון דער גאנצער וועלט; אחוץ דעם וואס מיט איר — גוט צו שלעכט — ענדערט זיך דאס געזעלשאפטלאכע לעבען פון מענשען פונדאמענטאל און צילט זיך צו שטעלען אויף נייע סאציאלע יסודות; אחוץ דעם, האט די באלשעוויסטישע רעוואלוציע שוין פון איר אנהויב אן איבערגעביטען דעם גרינטלאכען באגריף פון דעם, וואס עס האט געזאלט זיין — דעם וועג און די מיטלען, דורך וועלכע דאס נייע סאציאלע לעבען האט געדארפט איינגעפירט ווערען נאך די באגריפען פון דעם סאציאליזם.

יארען און יארען האט דער סאציאליזם געלערנט, אז די סאציאלע רעוואלוציע איז דער קאמף צווישען דעם הערשענדען קאפיטאליזם און דעם אונטערגעדריקטען ארבעטער־קלאס; יארען און יארען האט ער געלערנט, אז ווען נאר דער ארבעטער־קלאס וועט גובר זיין אין דעם רעוואלוציאנערען קאמף, וועט פריוואט איינענטום אפגעשאפט ווערען און א נייע, פרייע געזעלשאפט וועט אירע פארמעס אנטוויקלען אויף נייע יסודות פון קאלעקטיווער פראדוקציאן און קאלעקטיווען געברויך, ווייל דער איינציגער שונא פון אזא נייער פרייער געזעלשאפט איז די בורזשואזיע און דער קאפיטאליזם. מיט דער באלשעוויסטישער רעווא־

לוציע, אָבער, איז אין דעם קאַמף פאַר א נייער סאָציאַלער אָרדענונג אריינ־געטראָטען דער פּ ר אַ ק ט י ש ע ר אויסדרוק פון דער הערשאַפט פון א סאָציאַלער פּאַרטיי קעגען א שונא, וואָס כאָטש אפילו אַן אַנדערע סאָציאַלע פּאַרטיי, צילט, אָבער דאָך ניט ווייניגער ווי די הערשענדע פּאַרטיי צו א פונדאַמענטאַלען איבערבוי פון דער געזעלשאַפט. די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז געוואָרען דאָס שפּיל צו פּאָרכאַפּען די פּאָליטישע מאַכט און דורך דער פּאָליטישער און מיליטערישער מאַכט ארויפצווינגען אויפ'ן פאָלק און אויפ'ן לעבען די אידייען און אידעאַלען פון אַט דער הערשענדער סאָציאַלער פּאַרטיי. און עס פאַרשטייט זיך, אַז אין דעם און נאָר אין דעם אַליין ליגען די קערנער פון יענעם אינעווייניגסטען קאַמף צווישען די סאָציאַלע פּאַרטייען פון רוסלאַנד, פון וועלכען עס זעט זיך ניט דער סוף אפילו איצט, נאָך דריי יאָר פון באָלשעוויסטישער הערשאַפט.

אָבער ניט איבערצוחזר'ן ווידער־אַמאָל און נאָך אַמאָל די אינעווייניגסטע פעלערען און סתירות פון דעם באָלשעוויסטישען רעזשים איז אונזער ציל איצט. מיר קענען די פעלערען און מיר וויסען די תירוצים, מיט וועלכע מען פאַרענטפערט זיי, און עס ווילט זיך אויך האָפען, אַז די תירוצים זיינען אמת'דיג געמיינט, און אַז ווען עס וועלען אוועקפאַלען די געפאַרען און די שוועריקייטען פון אויסערע מלחמות, בלאָקאַדעס און בלוטיגער אליאירטער אינטערווענציע, וועט דער באָלשעוויזם אַליין אויך אַנדערש ווערען.

ניט דאָס זיינען מיר דאָ אויסען. דאָ ווילט זיך אונז אויפווייזען די ווירקונג פון די דריי יאָר באָלשעוויזם אין רוסלאַנד, סיי אויף דער אנטוויקלונג פון דעם סאָציאַלען געדאַנקען־גאַנג, סיי אויף דער אנטוויקלונג פון סאָציאַליסטישער האַנדלונג ביי אַנדערע אייראָפּייאישע פעלקער. אויף דער אַנטוויקלונג פון דעם סאָציאַליזם און סאָציאַליסטישער האַנדלונג האָט דער באָלשעוויזם א געוואַלדיגע דעמאָראַליזירענדע ווירקונג געהאַט. אפילו די עקסטרעמערע סאָציאַליסטישע ווענדונגען אין אייראָפּע האָט דער באָלשעוויזם געשפּאָלטען. ניט צו געפינען יענע פאָרמולע פון פאַראייניגונג פון די סאָציאַלע קראַפטען, וואָס זאָלען מיט א געאייניגטען פראָנט באַקעמפען די היינטיגע אָרדענונג, האָט דער באָלשעוויזם געשטרעבט און געזוכט, נאָר פאַרקערט — שפּליטערען און שפּאַלטען די קראַפטען צוליב א קוצו־של־יוד, אומעטום דורכפירענדיג די פּראַקטישע אַנווענדונג פון דער הערשאַפט און דיקטאַטור פון א פּאַרטיי.

אפילו די ווירקונג אויף די ראַדיקאַלע עלעמענטען פון די פעלקער שיינט צו זיין אַקוראַט די פאַרקערטע פון דער וואָס די פירער און פאַר־

שטייער פון דעם רוסישען באָלשעוויזם וואָלטען זיך געדאַרפט ווינשען, אַז זי זאָל זיין. ווייסען זיי דאָך צו גוט, אַז איזאָלירט פון דער גאַנצער וועלט פעלקער, קען דער באָלשעוויזם אין רוסלאַנד אַליין לאַנג ניט גע־דויערען; האָבען דאָך די פירער און פאַרשטייער, סאַי אין זייער גלויבען און סאַי אין זייער בלינדקייט, געהאָפט, אַז באַלד נאָך רוסלאַנד וועט פאָלק נאָך פאָלק אין אייראָפּע זיך אויפהויבען אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און איינפירען דעם סאָוועטען־באָלשעוויזם אין זייער לעבען און דורך אינטער־נאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט פאַרזיכערען די פרוכט פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. האָפען זיי נאָך אפשר שטילערהייט אפילו איצט אויף דעם. אָבער ווען מען קוקט זיך גוט צו צו די שטרעבונגען און האַנדלונגען פון אַנדערע פעלקער זעט מען, ניט נאָר ווי ווייט זיי זיינען פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, נאָר אויך אויף וויפיל גרויס איז די מ ו ר א אין זייער לעבען אַנצונעמען די באָלשעוויסטישע פאָרמעס פון סאָציאַלער אָרדענונג.

דערפאַר אָבער האָבען די דריי יאָר פון באָלשעוויסטישער הערשאַפט אין רוסלאַנד געהאַט גאָר אַנאַנדער ווירקונג אויף דער הערשענדער בור־זשואַזיע און הערשענדען קאַפּיטאַל. אויב די בורזשואַזיע און דער אָרגאַ־ניזירטער קאַפּיטאַל פון דער וועלט האָבען פ א ר דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד געוואוסט גענוג וועגען דעם סאָציאַליזם, ווי אַ סאָציאַלע טעאָריע, האָבען זיי אים אָבער קיין פ ר א ק ט י ש ע באַ־טייטונג ניט צוגעגעבען און זיינען אפשר גאָר ניט געווען אימשטאַנד צו מאַלען זיין רעאַלען אויסזען; אפשר האָבען זיי גאָר אין זייער זאָרגלאָזי־קייט באַטראַכט דעם סאָציאַליזם פאַר אַ טרוימערישען שפּאַס. ניט אַזוי איצט. די ווירקונג פון דער גרויסער מלחמה און די געוואַלדיגע ווירקונג פון דעם באָלשעוויזם אויף דעם אומרו פון די פעלקער האָבען דער בורזשו־אַזיע און דעם אָרגאַניזירטען קאַפּיטאַל ברייט געעפענט די אויגען. זיי פאַרשטייען צו גוט, אַז עס איז ניט קיין שפּאַס און אַז דער חלום וועט אין דער אָדער יענער פאָרמע פריער אָדער שפּעטער דאָך רעאַליזירט גע־רען. זיי הויבען אָן צו פאַרשטיין, אַז דער יסוד פון דער היינטיגער גע־זעלשאַפט — פּריוואַט אייגענטום — וועט פריער אָדער שפּעטער אין געזעל־שאַפטלאַך אייגענטום אומגעביטען ווערען, און אַז דער קאַמף אויף זייער זייט איז, ווי דער קאַמף אויף דער זייט פון די פעלקער, אויף טויט און אויף לעבען.

אַזוי גרויס איז די ווירקונג פון דער מורא פאַר דעם באָלשעוויזם אויף די הערשענדע קלאַסען, אַז אפילו זייער אייגענער קוק אויף אונזער לעבען ווערט ביסלאַכווייס געענדערט, אפשר אומבאַמערקט פון זיי אַליין. וועמען

פון די הערשענדע קאַפּיטאַליסטישע קלאַסען וואָלט עס איינגעפאַלען, פאַר דער גרויסער וועלט־מלחמה, פאַר דער ווירקונג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, אפילו אַ פּיפּס צו טאָן קעגן יענער אַלטער מע־טערניכישער רויב־צעטיילונג פון מלחמה־באַזיגטע, ווי די וואָס ענגלאַנד, פראַנקרייך און איטאַליע האָבען זיך ערשט דערלויבט מיט דער טערקיי? אַמאָל וואָלט דאָס געהייסען „טו די וויקטאָרס בעלאָנג די ספּאָילס" . . . ניט היינט. היינט מורמעלט אונטער אַ טייל אפילו פון די פאַרשטייער פון דער היינטיגער בורזשואַזיע קעגן דעם, ווי קעגן אַן אַקט פון גרויסער אומגערעכטיקייט. וועמען וואָלט עס איינגעפאַלען, פאַר דער ווירקונג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, פאַר דער ווירקונג פון דעם באָלשעוויזם אויף דער אומרו פון דער וועלט, אַז דער בעסטער וועג צו באַשטראָפען פּראָפיטירער און הויט־שינדער איז צוצונעמען ביי זיי זייער אייגענטום און איבערגעבען דאָס צו דער קאָנטראָל פון דער רעגירונג, ווי עס סטראַשען אייך אפילו לשם פּאָליטישען פּאַטאָס, צוויי פון אונזערע קאָנסערוואַטיווע סענאַטאָרען, די קוילען־מינען אייגענטימער פון אונזער לאַנד? און דאָס זיינען דאָך נאָר אַרויסגעכאַפּטע איינצעלנע ביישפּילען דאָ און דאָרט אין אונזער לעבען.

די ווירקונג פון דריי יאָר באָלשעוויזם, סיי אויף דעם היסטאָרישען גאַנג פון דעם לעבען אין רוסלאַנד, סיי אויף דעם גאַנג פון די וועסט־אייראָפּיי־אישע און אַמעריקאַנער פעלקער, סיי צום גוטען און סיי צום שלעכטען, קען נאָך איצט אין איר גאַנצער גרויס ניט אָפּגעשאַצט ווערען. אָבער אַז די עקסטרעמע באָלשעוויסטישע איבערקערעניש אין רוסלאַנד האָט איר קאָלאָ־סאַלע ווירקונג געהאַט אויף דעם גאַנצען לעבען פון דער מענשהייט, קען בשום אופן ניט געלייקענט ווערען; און דאָס פאַרקערטע איז אויך אמת. וויפיל די פריינד און די אַפּאָלאָגעטען פון דעם באָלשעוויסטישען רעזשים אין רוסלאַנד זאָלען עס ניט וועלען, קענען זיי אָבער ניט פאַרלייקענען, ווייל עס איז אויגענשיינלאָך, אַז ניט נאָר האָט דאָס איינע־וויניגסטע לעבען פון דעם רוסישען פאָלק געצוואונגען די באָלשעוויס־טישע הערשער צו מאַכען שלום מיט סאָציאַלע עקאָנאָמישע און אפילו פּאָליטי־שע אומשטאַנדען, וועלכע זיי האָבען פריער באַקעמפּט, כדי צו פאַרבעסערען, היילען די שאַרפע וואונדען, וואָס די עקסטרעמע איבערקערעניש האָט אין לעבען איינגעפירט, נאָר אויך די אויסערע באַציאונגען פון פרעמדע פעלקער און רעגירונגען האָבען געצוואונגען דעם באָלשעוויזם זיך אונטערצוגעבען צו יענע וועגען און מעטאָדעס פון אינדוסטריעלע קאָמבינאַציעס, האַנדעל און אפילו דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען מיט אַנדערע פעלקער, וואָס וועלען שטומפּיגער מאַכען די שאַרפע ווינקלען פון דעם באָלשעוויזם און זיין עקס־

טרעמען אַרויסטרעטען קעגען דער אַלטער וועלט, — כדי צו ברייננען דאָס לעבען פון רוסלאַנד אויף נאָרמאַלערע וועגען און באַהאַלטען די פרוכט פון דער פּאָליטישער און סאָציאַלער רעוואָלוציע, וואָס דאָס רוסישע פאָלק האָט שוין געוואונען.

אויף וויפיל דאָס וועט איינצאַמען די הערשאַפט, די צוואַנג, די אומ־פרייהייט און דעם ביוראָקראַטיזם פון אַלערליי קליינלאַכע קאָמיסאַרען און וועט זיך פּאַראייניגען מיט די שטרעבונגען און טענדענצען פון אַנדערע סאָציאַליסטישע ווענדונגען אין רוסלאַנד אין דער אויפבויאונג פון דעם נייעם לעבען, קען מען נאָך איצט ניט זאָגען; אָבער אַז דאָס מ ו ז גע־שען, קען גאָר קיין רייד ניט זיין. דען ניט אַנדערש וועט רוסלאַנד גע־נעזען ווערען.